יהודה עלבערג

# קלמן קאַליקעס
# אימפּעריע

ראָמאַן




פאַרלאַג „ישׂראל-בוך"
הילפספאָנד פאַר יידיש-שאַפונג
תל-אביב, תשמ"ג — 1983

"...גורל האָט מיך באַוואָלהט,
נישט געגעבן וואָס מיר קומט.
געבוירן פאַר דער צײַט בין איך
אַזוי צעבראָכן און צעקרומט,
אַז הינט צעבילן זיך ווען כ׳שטעל זיך אָפּ בײַ זיי.
וואָס טוט דער טאָג פאַר מיר ווען ער גייט פאַרבײַ
חוץ צייכענען מיט שפּאָטן
מײַן קריפּלדיקן שאָטן ?
אַז צו ווערן ליבהאָבער בין איך נישט געראָטן
און חוץ למחנה סײַ ווי סײַ,
וועל איך אויסוווּרף ווערן, אַ הולטײַ
און פײַנט האָבן אַלע יוסטע לײַט
און פאַרגעניגנס פּוסטע פון דער צײַט..."

פון וויליאַם שעקספּירס
די טראַגעדיע פון קעניג ריטשאַרד III

# I

די ערד דאָ איז געווען פעט, די זאַנגען אויף די פעלדער פול און שווער, דיביימער אין די גערטנער פרוכפּערדיק, און אין די וואַסערן האָבן נישט געפעלט קיין פיש. צו מיזרח און צו דרום האָט דער טײַך בזורא אַרומגענומען די געגנט ווי מיט אַ בויגן; אין צפון־זײַט האָט דאָס לאַנד זיך געהויקערט און גענידערט צו דער ווײַסל. צווישן בלוי פון די טײַכן האָבן זיך געמיניעט בונטע קאָלירן. דער גרין פון די פעטע לאָנקעס איז געווען באַשפּרענקלט מיט די לילאַקעפּלעך פון קאָנטשינע. פון די בלאָנדע תבואה־פעלדער האָבן אַרויסגעוווּנקען בלויע קאָרנבלימלעך, און גאָלדענע ווייצזאַנגען האָבן זיך געבוקט צו מאָנבלומען פון חוצפּהדיקן רויט. די סעדער אין דער ווײַסל־נידערונג האָבן געשפּע׳ט מיט זאַפטיקע פּירות. דאָ זענען די צוקערפלוימען טאַקע געווען צוקער־זיס און די ווײַנבאַרנעס — לאָגלעך זאַפט. הײַנט די גראַכאָטן־עפּל: צוואַקסן ווי צוויי פויסטן גרויס, מיט געלבלעך גרינע אָוואַלע פּנימלעך וואָס האָבן זיך אויסגעטאָקט צום קעפּל ווי פינגערקנאָכן, אָדער ווי קאַרווירונגען צו אַ קרוין. אַז מע האָט די פּרי אַ שאָקל געטאָן האָבן די קערעלעך געקלימפּערט ווי אין אַ קלאַפּערל, ווי זיי וואָלטן זיך באַרימט מיטן זײַן גראַכאָטן. אין גאַנצן לאַנד איז טאַקע נישט געווען נאָך אַן עפּל וואָס זאָל האָבן אַזאַ דעליקאַטן טעם, אַזאַ איידעלן ריח.

גערופן האָט מען די געגנט „קשענזשאָסטוואָ לאָוויצקע”, דאָס לויוויטשער פירשטנטום. דאָס פּויערים־פאָלק האָט מען גערופן „קשענזשאַקעס” מחמת זיי זענען אַלע מאָל געווען לײַבאייגנס פון דעם פירשט.

אין זייערע וואָכעדיקע קראַטענע מלבושים האָבן די קשענזשאַקעס זיך נישט אונטערגעשיידט פון אַנדערע פּויערים. אָבער ווען עס איז געקומען אַ זונטיק, אַ חגא, אָדער אַן אָדפּוסט, אַזאַ מין יאַריד פאַרבונדן מיט אַ קירכלעכער חגא, און די קשענזשאַקעס האָבן זיך אויסגעפּוצט אין זייער טראַכט, זענען די גאַסן פול געווען מיט די זעלביקע בונטע פאַרבן וואָס

די פעלדער. די מענערישע הויזן און די ווייַבערישע ספּודניצעס זענען געווען גענייט פון אַ ספּעציעלן געוועב אין ליכטיקע פּאַסן, יעדער פּאַס אַן אַנדערער קאָליר. די ווייַבערישע בלוזעס און די מענערישע העמדער זענען געווען האַנטגעוועבטע לייַנען פון אייגענעם פּאַרזיי. אַראָפּגענומען דעם פלאַקס פון פעלד, האָט מען אים אייַנגעקאַוועט אין טייַך צו ווייקן. שפּעטער אַליין אויסגעקלאַפּט דעם רויען פלאַקס, אַליין געשפּונען די לייַנען און געוועבט, אַליין גענעצט די לייַוונט און אויסגעשפּרייט פאַרן הויז צום בלייכן און טריקענען אין דער זון.

די אויסגעהאַפּטענע שירצלעך פון וווייַסער אָרגאַנדע, די שפּיצלעך צו די בלוזעס, דאָס שטייַפע געוועב פאַר די געפאַלדעוועטע האַלקעס און די בונטע סטענגעס און פאַטשערקעס וואָס האָבן באַצירט יעדער מלבוש — דאָס האָט שוין צוגעשטעלט דער ייִדישער שניט־אָדער גאַלאַנטעריע־סוחר. די פאַרבן האָט געמישט דער ייִדישער פאַרבער, און אויך די פּיל־קאָליריקע געוואַנטן האָט מען געוועבט אין דער האַנט־וועבערייַ פון ר׳ שיִעלע בערגער.

דאָס איז געווען נאָך איידער העצערס זענען געשיקט געוואָרן פון וואַרשע פאַרשפּרייטן שׂינאה. ייִד און גוי האָבן דאָ נישט געקאָנט אויסקומען איינער אָן דעם אַנדערן. דער פּויער האָט באַאַרבעט דעם פּריצס פעלדער און אויך זייַן אייגן שטיקל פעלד. אַפילו אין די פּריצישע הויפן זענען נאָך געווען ווייניק מאַשינען און די האַרעוואַניע איז געווען שווער. מענטש און בהמה האָבן מיטן כּוח פון זייערע מוסקלען קוים אַרויסגעצויגן דאָס שטיקל ברויט פון דער ערד; קיין צייַט צו עפּעס אַנדערש איז נישט געבליבן. איז דער שנייַדער, דער שוסטער, דער היטל־מאַכער געווען אַ ייִד. אין דאָמבראָווקע איז אַפילו דער קאָוואַל געווען אַ ייִד.

אַ מאָל אין אַ חגא־טאָג ווען מ׳איז אַרויס פון קאָשטשאָל, נאָך דעם ווי מע האָט זיך אָנגעהערט ווי די שאַלקהאַפטיקע ייִדן האָבן געבעך פאַרפייַניקט גאָטס זון, האָט געקאָנט טרעפן, מע זאָל זיך אָננעמען גאָטס קריוודע און מאַכן אַ ייִד זאָל טייַער באַצאָלן פאַר די טרערן פון דער הייליקער מאַמע. אָבער צו מאָרגנס האָט מען ווידער אָנגעטראָגן צום ייִד אַן אָסלקע פּוטער און אַ מאַנדל אייער אויפן חשבון פון דער קאָסע וואָס מע האָט בייַ אים געקויפט. וואָס צו גאָט איז צו גאָט, און וואָס צו לייַט איז צו לייַט...

דאָמבראָווקע איז שווער צו געפינען אויף דער מאַפּע. עס ליגט נישט נעבן אַ באַן־ליניע און אויך נישט נעבן אַ הויפּטוועג. אַ מאָל איז דאָמ־בראָווקע געווען אַ דאָרף ווי אַלע אַנדערע דערפער אין לוויוויטשער פירשטנ־טום, אָבער עס האָט פריִער געהערט צו אַ ייִדישן פּריץ און אפשר טאַקע האָט דאָס גורם געווען, אַז פון דאָרף זאָל ווערן אַ שטאָט. ייִדן זענען געקומען זוכן אַ שטיקל פּרנסה נעבן „הויף", געבראַכט מיסחר, געבויט וואַרשטאַטן. דער אַמאָליקער פּריץ, דער ייִד, האָט אויסגעבויט אַ צוקער־פאַבריק. זענען כּסדר צוגעקומען נײַע תּושבֿים.

די ערשטע ייִדישע משפּחות האָבן זיך באַזעצט אין דאָמבראָווקע נאָך דעם, ווי מע האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן פון לוויוויטש, אין אָנהייב זעכצעטן יאָרהונדערט. די פאַרטריבענע האָבן זיך געחכמעט: פאַר וואָס זאָגט מען לא אַלמן ישראל? ווײַל דער ייִד איז נישט קיין אַלמן, ער איז אַ גרוש... מע האָט געלאַכט פון דעם וואָרטשפּיל צווישן אַלמן, אַ פאַרלאָזענער, און אַלמן, אַ מאַן וואָס דאָס ווײַב איז אים געשטאָרבן, און צווישן גרוש, אַ געגטער, און גרוש, אַ פאַרטריבענער, געלאַכט און פאַרגעסן אין די צרות.

אַ ייִד האָט דעמאָלט געמעגט אַדורכגיין לוויוויטש נאָר צו פוס און מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ. די גזירה איז אָפּגעהיטן געוואָרן נאָך שטרענגער זינט אַ בילבול פון דער קירך, און מע האָט נישט אַרײַנגעלאָזט ייִדן קיין לוויוויטש, חוץ צו די גרויסע יאַרידים.

די פירשטן פון דער קירך האָבן אויסגעטראַכט בילבולים און פאַרשפּרייט שׂינאה קעגן די אומגלייביקע, אָבער ייִדן האָבן געדאַרפט מפרנס זײַן זייערע משפּחות, און דווקא די קירכלעכע אַדפּוסטן זענען געווען אַ מקור־פּרנסה. האָט מען געוווינט אין די שכנותדיקע קערנעזשע, אילעווע, אָסמאָלין און דאָמבראָווקע, און געפאָרן קיין לוויוויטש צום יאַריד פון הייליקן יאַן, פון הייליקן מאַטעוש, פון הייליקן אַנדזשעי. אַ פרומער ייִד וועט אָבער נישט זאָגן „הייליקער יאַן", האָט מען עס גערופן דער יאָהאַנע־יאַריד, דער מאַטויז־יאַריד און צוגעגרייט די געהעריקע סחורה.

איידער דער דאָמבראָווקער פּריץ דאַווידזאָן האָט אויפגעבויט די צו־קער־פאַבריק, האָט דאָמבראָווקע געהאַט נאָר דרײַ גאַסן, וואָס האָבן נאָך אַפילו קיין נעמען נישט געהאַט. די ערשטע הײַזער זענען אויסגעוואַקסן פון ביידע זײַטן לוויוויטשער וועג וואָס מע האָט שפּעטער גערופן לוויווי־

שער גאַס. הינטער דעם לוויוויטשער וועג און נישט ווײַט פון אַ זײַטיקן פלוס צו דער בזורא זענען געווען די בלאָטעס. אָרעמע פּויערים האָבן מיט זייערע פּיס דאָ אויסגעטרעטן אַ שטיקל וועג און אויפגעבויט אַ פּאָר כאַטעס אין פאָרנט פון זייערע שטיקלעך פעלדער; דאָס האָט מען שפּעטער גערופן די בלאָטנע גאַס. פון לוויוויטשער וועג האָט זיך פאַרנומען אַ וועג צום דאָרף ווילקי; דאָ זענען געווען די מײנסטע ייִדישע הײַזער. טאַקע אויף דעם ווילקער וועג, נעבן לוויוויטשער וועג, איז געשטאַנען די שיל, דער בית־המדרש און דער מרחץ.

בעת דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה האָט מען אין דאָמבראָווקע גענייט מונדירן, געבאַקן ברויט און גערייכערט פלײשן פאַר דער רוסישער אַרמיי. זענען צוגעקומען מער בעלי־מלאָכה און אַרום די נײַע תּושבים נײַע געוועלבלעך פון שפּײַז, צעלניק, בלויגעשיר, אײַזן און שניט־סחורה. די לוויוויטשער גאַס איז געוואָרן דער האַנדלס־צענטער און אַרום די אַלטע גאַסן האָבן זיך אויסגעשניטן נײַע. פון דערפל איז געוואָרן אַ דאָרף און פון דאָרף אַ שטעטל און דער וויט איז געוואָרן בירגער־מײַסטער.

די מלחמות האָבן זיך געענדיקט, אָבער די נײַע תּושבים זענען געבליבן. די מאַשינען בײַ די טאַנדעטניקעס האָבן ווײַטער געקלאַפּט און געניית מלבושים פאַר די האַלעס אין לאָדזש, פאַר די באַזאַרן אין וואַרשע. קיין פאַרמעגנס האָט מען נישט געמאַכט, אַבי עס איז געווען אַ שטיקל ברויט אויפן טיש, דירה־געלט און רבי־געלט צו באַצאָלן.

די סחורות האָט מען געבראַכט מיט אַ וואָגן צו דער באַן אין לוויוויטש, אָדער צו דער ווײַסל פון וואַנען מ׳איז געפאָרן מיט אַ טײַכשיף קיין וואַרשע.

## II

אויף דער לוויוויטשער גאַס זענען די הײַזער געווען נײַע, טייל שוין מיט צוויי גאָרנס. נאָר איין הויז אין סאַמע צענטער איז געווען אַן אַלטס.

אײַנגעבויגן און אײַנגעזונקען אין דער ערד ביז צו די פענצטער איז געווען דאָס הויז, עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז אָט־אָט וועט עס אײַנפאַלן, אָבער אַזוי האָט מען עס געדענקט פון אַלע יאָרן. דער באַלע־

באָס פון הויז, חנא, האָט שוין אויסגעזען אַ זקן, אָבער זײַן גרויקייט איז נישט געווען פון ליכטיקן זילבער וואָס דערציילט פון זאַטקייט אין יאָרן, נאָר עפּעס טונקל און חושכדיק, ווי אינעווייניק אין זײַן הויז. אַ זונשטראַל איז זעלטן געפאַלן אַזוי נידעריק, ער זאָל קאָנען אַרײַנקריכן דורך די קליינע פענצטערלעך בײַ דער ערד. עטלעכע קרומע טרעפּלעך האָבן געפירט פון גאַס אַראָפּ אין חנאס געוועלבל. פון געוועלבל איז געווען אַ טיר צו אַ לאַנגער טונקעלער שטוב, און פון דער שטוב אין נאָך אַנדערע טונקעלע שטובן, ווו עס האָבן געוווינט דער אַלטער חנא און זײַן אייניקל קלמן קאַליקע. דאָס גאַנצע געבײַ איז אינעווייניק אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון צוויי שורות הילצערנע סלופּעס, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט הילצערנע בעלקעס לענג־אויס דעם באַלטן. קיינער האָט נישט געוווסט צי דאָס איז לכתחילה אַזוי געבויט געוואָרן אָדער דאָס אונטערשפּאַר־געבײַ איז אויפֿ־געשטעלט געוואָרן ווען דאָס הויז האָט געהאַלטן בײַם אײַנפאַלן פון אַלטקייט.

חנא פלעגט פאַרלאָזן זײַן הויז נאָר צו גיין דאַווענען אָדער, גאָט זאָל אָפּהיטן, צו אַ לוויה. ער איז נישט געגאַנגען צו קיינעם און קיינער איז נישט געקומען צו אים. ער האָט ווייניק גערעדט, אָבער אַלע מאָל עפּעס געמורמלט. ער האָט זיך באַוועגט שטיל, גרוי און פאַמעלעך ווי אַ שאָטן אַפילו אין זײַן געוועלב, אַפילו ווען עס איז פול געווען מיט קונים. זײַן אייניקל קלמן האָט זיך דווקא באַוועגט שנעל און געשיקט, זײַנע הענט זענען געפלויגן מיט אַ גיכקייט, אַז עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. זײַנע הענט האָבן נעבעך געמוזט פאַרגיטיקן פאַר זײַנע פיס, וואָס האָבן זיך אין גאַנצן נישט באַוועגט. ער האָט זיך, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, געריטשט אויפן „זײַט מיר מוחל". געזעסן אויף דער ערד, אָפּגעשטופּט זיך מיט די הענט און געוואָרפן די פיס פאָרויס אין אַ האַלבן קרײַז. אָבער ער איז אָנגעקומען פריִער פון די, וואָס זענען געגאַנגען אויף זייערע פיס.

אין דאָמברווועקע האָט מען געזאָגט, אַז אין דעם הויז פון אַלטן חנא איז קיין מאָל נישט געווען קיין שימחה און אַז אונטער זײַן דאַך האָט מען קיין מאָל נישט געהערט קיין געלעכטער. ס'איז אַלע מאָל דאָרט געווען אַ חולה־מסוכן, ביז קינדערקרענק האָבן פאַרשניטן כמעט זײַן גאַנץ הויזגעזינד. נאָך איידער זײַן זון, ברוך, איז געוואָרן אַכצן יאָר איז ער שוין געהאַט נאָכגעגאַנגען זעקס לוויות, פינף פון זײַנע ברידערלעך און

שוועסטערלעך, די זעקסטע איז געווען דער מאַמעס לוויה. זי איז אַוועק נאָך אירע קינדער. ברוך האָט יונגערהייט פאַרלאָזט די היים, חתונה געהאַט אין דער פרעמד. אין דער פרעמד איז אויך געבוירן געוואָרן זײַן קלמן. ווען דאָס קינד איז נאָך אַ קינדערקרענק געבליבן אַ קאַליקע, איז ברוך נעלם געוואָרן — ווי אין וואַסער אַרײַן. עטלעכע יאָר שפּעטער איז דער אַלטער חנא געפאָרן צו דער לוויה פון זײַן שנור און אַהיימגעבראַכט מיט זיך דאָס זעקס־יאָריקע יתומל, קלמן.

דער אַלטער חנא איז געווען אַ מרוק, אַ שווײַגער און אַ וויסטע מרה־שחורה האָט אַרויסגעקוקט פון זײַנע אויגן. זײַן אייניקל קלמן איז דווקא געווען באַרעדעוודיק, און גערעדט האָט ער איידל און שיין און גרויסהאַלטעריש, מיט אַ סך אינטעליגענטישע פרעמדווערטער וואָס נישט אַלע האָבן פאַרשטאַנען. ער האָט אַלע מאָל אויסגעזען ייִנגער ווי ער איז געווען, ווײַל ער האָט זיך נישט געקאָנט אויפשטעלן, ער האָט געמוזט אַרויפקוקן אַפילו צו ייִנגלעך אין זײַן עלטער, אָבער גערעדט האָט ער צו אַלעמען פון אויבן אַראָפּ, אַפילו ווען ער איז נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל.

מע האָט אַ סך מענטשן גערופן מיט צונעמען. „דער לאַנגער משה", ווײַל ער איז געווען אַ דאַרער און אַ הויכער; „מתות ברעטל", ווײַל ער האָט ליב געהאַט זיך צוצוכאַפּן צום ברעטל, וואָס מיינט אין דאַמב־רוווקע: דאַוונען פאַרן עמוד; „גליקע די הימל־קוקערין", ווײַל זי האָט שטענדיק געפּרעפּלט אַ תּחינה און געגלאָצט צום הימל. מע וואָלט אַוודאי אויסגעמיטן מבייש צו זײַן אַ בעל־מום, אָבער קלמנען האָט מען גערופן „קאַליקע", ווײַל ער אַליין האָט זיך אַזוי גערופן. „פּרעגט בײַ קלמן קאַליקע", „לאָזט עס צו קלמן קאַליקע", ווי ער וואָלט זיך געגרייסט מיט זײַנע געליימטע פיס. ווינטערצײַט האָט ער זיך באַוועגט אין גאַס אויף אַזאַ מין שליטעלע וואָס ער האָט אַליין פאַר זיך אויסגעמײַסטרעוועט. אַז מע האָט געדאַרפט צובויען אַ פּאָליצע אין געוועלב, האָט ער עס אַליין געטאָן. ער האָט געקאָנט פאַרריכטן זײַן מלבוש און צו רעכט מאַכן זײַן זייגער. נישט געווען קיין זאַך, וואָס זײַנע געשיקטע הענט זאָלן נישט קאָנען טאָן, און אַזוי פלינק ווי זײַנע הענט איז אויך געווען זײַן קאָפּ. אין אַן אויגנבליק האָט ער געקאָנט אויסרעכענען דעם קאָמפּליצירטסטן חשבון. דער ערשטער גראַמאַפאָן אין דאַמברוווקע איז געווען דער, וואָס קלמן האָט אַליין צוזאַמענגעשטעלט, און צוזאַמענגעשטעלט האָט ער עס פון

טיילן פון אַלטע צעבראָכענע גראַמאָפאָנען וואָס ער האָט איַינגעקויפט אין וואַרשע. ער האָט אַפילו צענומען דעם זיידנס אַן אַלטן וואַנטזייגער, ווייַל ער האָט געדאַרפט די שפּרינגעפעדער פאַר זייַן גראַמאָפאָן, אָבער דאָס איז געשען ווען דער אַלטער חנא איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. קיין קדיש נאָכן זיידן האָט קלמן נישט געזאָגט, און די שלושים זענען נאָך נישט געווען אַריבער ווען פון דעם אַלטן פאַרחושכטן הויז האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון מוזיק.

## III

ווען חנא איז געשטאָרבן האָט מען געזאָגט, אַז דער אַלטער האָט איבערגעלאָזט אַ סך געלט, אָבער ער האָט עס אַזוי באַהאַלטן, אַז קלמן וועט עס אפשר קיין מאָל נישט געפינען. עפּעס האָט ער מסתמא יאָ געפונען. אין דעם געוועלב זענען אויסגעוואַקסן נייַע פּאָליצעס מיט נייַע מינים סחורה. אין דאָמבראָווקע איז מען געווינט געווען אַ קאָלאָניאַל־געוועלב זאָל פאַרקויפן נאָר שפּייַז, אַ שניטקראָם זאָל פאַרקויפן נאָר וויַיסוואַרג און סחורות צו נייען מלבושים, אַ לעדער־געוועלב נאָר לעדער און שוכצודאַטן. אָבער קלמן האָט זיך אַלע מאָל באַוויזן מיט זאַכן צו וועלכע מ׳איז נישט געווינט געווען. דעם אַלטן חנאס שפּייַזגעוועלב איז געוואָרן אַ מין כל־בו. מע האָט נאָך אַלץ דאָרט געקאָנט קויפן אַ קילאָ מעל, אַ פאָר דעקאָ הייוון, אַ ליטער אייל. אָבער מע האָט דאָרט אויך גע־פונען אַ טאָפּ צו קאָכן, אַ פאַן צו באַקן, האַנטעכלער מיט אַ רויטן שטרייַף אָפּצווּווישן דאָס פליישיקע געפעס און מיט אַ בלויען שטרייַף פאַר דעם מילכיקן געפעס. מע האָט געקאָנט בייַ קלמנען באַשטעלן אַ גאַנצן אויס־שטייַער, אַפילו אַ שייטל פאַר דער כלה און אַ שטרייַמל פאַרן חתן. אַ גאָלדן קידושין־רינגל האָט מען אַוודאי געדאַרפט באַשטעלן בייַ קלמנען, אין דאָמבראָווקע איז נישט געווען קיין גאָלדשמיד. ווען אַ פויער האָט געדאַרפט אַ נייַע קאָסע, אַן אַקער־אייַזן, אַ הייגאָפּל אָדער אַ שטרוי־שנייַדער צו מאַכן שעטשקע, האָט ער אַלץ געקאָנט באַקומען בייַ קלמנען אויף באָרג, און באַצאָלן עס ערשט נאָכן שניט. קלמן האָט איצט פאַר־

קויפט פאַרשיידענע כּלים צו אַלע מלאָכות, און אַז מע האָט געדאַרפט האָט ער אַליין געקענט די כּלים צו רעכט מאַכן. מע האָט גאָר נישט געוווּסט, אַז דאָס געוועלבל קאָן אַרײַננעמען אַזוי פיל. עס איז איצט פּסדר געווען אַ געקלאַפּ און אַ גערויש אַרום דעם הויז; אַז מע האָט מער נישט געקאָנט צובויען קיין נײַע פּאַליצעס אין געוועלב, איז מען אַריבער אין דער לאַנגער שטוב נאָכן געוועלב. אין גיכן איז אין הויף הינטערן הויז אויסגעוואַקסן אַ שײַער מיט פּאַליצעס אויף די ווענט.

אפילו קלמן האָט נישט געקאָנט אַרויסהייבן דאָס אײַנגעזונקענע הויז, אָבער עס האָט מער נישט אויסגעזען אַזוי חשוכדיק. פון די פענצטער בײַ דער ערד האָט מען נישט געקאָנט מאַכן קיין אויסשטעל־פענצטער, אָבער אַ גרויסע שילד איבער דער גאַנצער ברייט פון הויז האָט גערופן: „קופּוי ווישיסטקאָ או קאַלעקי״, קויפט אַלץ בײַ דער קאַליקע. איין מאָל האָט ער געגעבן צוקערלעך צו אַ כאַפּטע חדר־יִינגלעך, זיי זאָלן אַרומגיין איבער די גאַסן און רופן: „קויף אַלץ בײַ קלמן קאַליקע״; אַ צווייט מאָל האָבן זיי גערופן: „בײַ קלמן קאַליקע איז וועלוועלער״. ווער קאָן וויסן צי דאָס האָט געבראַכט נײַע קונים? אין דאָמבראָווקע איז מען נישט געוווינט געווען צו אַזעלכע משוגענע שטיק, אָבער קלמן קאַליקע האָט ליב געהאַט אָפּצוטאָן דווקא דאָס, וואָס האָט אויפגעריסן די אויגן אָדער געמאַכט, מע זאָל דרייען מיט די קעפּ.

דאָמבראָווקע איז טאַקע געוואַקסן נאָך דעם ווי דער אַלטער פּריץ האָט אויפגעבויט די צוקער־פאַבריק, אָבער עס איז געבליבן אַ שטעטל אויף אַ זײַטיקן שליאַך. די פאַבריק האָט אײַנגעשלונגען בערג מיט ווײַסע צוקער־בורעקעס, לאַנגע שורות וואָגנס האָבן געבראַכט די בורעקעס און אַוועק־געפירט דעם פאַרטיקן צוקער און דעם אָפּפאַל. די רעדער פון די שווער באַלאָדענע וואָגנס האָבן צעקאַטעוועט די וועגן, זענען טאַקע די בלאָטעס געוואָרן טיפער, אָבער עס איז קיינעם נישט אײַנגעפאַלן צו פלאַסטערן די גאַסן. אַ טעלעפאָן איז געווען נאָר אין דער אַפּטייק און אויף דער פּאָסט, אפשר אויך אין דעם פּריצעס הויף. אין דער צוקער־פאַבריק איז געווען אַ דינאַמאָ, אָבער זינט דער נײַער פּריץ האָט פאַרקויפט די פאַבריק צו פרעמדע איז עס געוואָרן ווי אַן אויסטערליש געוויקס אויף פרעמדער ערד. מע האָט אַ מאָל זיך געהאַט געוואָנדן צו די באַלעבאַטים פון דער פאַב־ריק, זיי זאָלן פּראָדוצירן עלעקטרע אויך פאַר דער שטאָט, האָבן זיי גע־

ענטפערט, אַז זיי זענען געקומען קיין דאַברוווקע מאַכן צוקער, און אויך אויף דעם האָבן זיי חרטה.

אין איין שיינעם פרימאָרגן איז קלמן קאַליקע געקומען צום בירגער־מײַסטער מיט אַ טענה: „ערגעץ אַנדערש האָבן אַפילו דערפער שוין עלעקטרע און דאָ קאָפּטשען נאָך אַלץ נאַפט־ אָדער קאַרביט־לאָמפּן".

דער בירגער־מײַסטער האָט זיך פאַרענטפערט: „די פאַבריק וויל אַפילו דעם הויף נישט פאַרקויפן קיין עלעקטרע".

„דאַרף מען געפינען עמעצן אַנדערש", האָט קלמן געטענהט.

„ווו געפינט מען אַזאַ עמעץ אַנדערש?"

„אַפילו דאָ אין דאָמבראָווקע".

„עט, דער פאַן רעדט נאַרישקייטן. ווער אין דאָמבראָווקע...?"

„איך".

דער בירגערמײַסטער האָט געמיינט, אַז דאָס איז איינס פון קלמנס חכמהלעך, אָבער קלמן האָט גענומען אויסלייגן אַ גאַנצן פּלאַן. ער וואָלט זיך אונטערגענומען אויפצובויען אַן עלעקטרײַ. „אָבער אײַנמאָנען דעם אָפּצאָל יעדן חודש, דאָס איז אַן ענין פאַר אַ מאַגיסטראַט, נישט פאַר אַ ייִד און אַ קאַליקע דערצו. אויב דער מאַגיסטראַט וועט זיך אונטער־נעמען..."

„אײַנמאָנען געלט פאַר אַ ייִד? ווי קאָן אַ מאַגיסטראַט דאָס טאָן?"

„גערעכט", האָט קלמן מודה געווען, „דער פאַן בירגער־מײַסטער קאָן זיך נישט בלאָמירן מיט אַזאַ זאַך. ווי וועט אָבער זײַן ווען די עלעקט־ראָווניע וועט געהערן נישט צום ייִד קלמן, נאָר צום מאַגיסטראַט? אַזאַ אינסטיטוציע ווי אַן עלעקטראָווניע דאַרף טאַקע געהערן צו אַ מאַגיס־טראַט".

קלמן האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן דעם מאַגיסטראַט אַ חשבון וויפל, בערך, די חודשלעכע צאָלונגען פאַר עלעקטרע וועלן אַרײַנברענגען און וויפל עס וועלן זײַן די הוצאות. ער האָט אויך צוגעזאָגט צו קומען מיט אַ פאָרלייג, ווו דער מאַגיסטראַט וועט אים צאָלן כּך־וכך אַ חודש במשך צוואַנציק יאָר און נאָך דעם וועט די עלעקטרײַ געהערן צו דער שטאָט, און די שטאָט וועט מער גאָרנישט דאַרפן צאָלן.

מע האָט עס געדאַרפט באַשטעטיקן אין דער ראַיאָן־פאַרוואַלטונג פון „פאָוויאַט", אין דער קרײַז־אַדמיניסטראַציע פון דער „וואָיעוואָדסטווע";

אויף דער אינערן־מיניסטער האָט געדאַרפֿט געבן זײַן הסכמה. די שטאָט־טאַטעס האָבן זיך געשראָקן פֿאַר די אַלע גרויסע אַמטן. קלמן האָט אַראָפּ־געבראַכט אַ קרוב צו היטן די קראָם און אַליין געפֿאָרן אין די גרויסע שטעט פֿאַרהאַנדלען. עס האָט גענומען נאָענט צו צוויי יאָר, אָבער קלמן האָט זײַנס אויסגעפֿירט און געשלאָסן אַן אָפֿיציעלן אָפּמאַך מיט דער שטאָט, באַשטעטיקט דורך די העכערע אַמטן.

עס זענען אַוועק נאָך עטלעכע חדשים, מע האָט נישט געזען קיין סימן פֿון קיין עלעקטרי. ער האָט גאָר אַרײַנגעלייגט זײַן גאַנצן כּוח אין זײַן קראָם. אַלע באַלעגאָלעס פֿון שטאָט האָבן געאַרבעט פֿאַר קלמן קאַליקע. מע האָט געבראַכט סחורה פֿון דער באַן, געפֿירט לאַסטוואַגנס איבערגע־לאָדענע מיט מאַנופֿאַקטור פֿון לאָדזש, לעדער פֿון סטריקעוו, אײַזנוואַרג פֿון גזשיבאָווער פּלאַץ אין וואַרשע. מע זאָגט, אַז עס זענען געקומען סחורות אַזש פֿון בערלין. ווּ קלמן האָט דאָס אַלץ אַהינגעטאָן איז גאָר נישט צו פֿאַרשטיין. ווי דאָס נידעריקע קרומע הויז וואָלט געווען אַ תּהום, זענען אַלע סחורות אײַנגעשלונגען געוואָרן און נעלם געוואָרן. מע האָט געמיינט, אַז די פֿאַליצעס בײַ קלמנען ברעכן זיך פֿון צו פֿיל סחורה, אָבער דאָס געוועלבל איז גאָר געוואָרן האַלב ליידיק.

## IV

חדשים זענען ווידער פֿאַרבײַ און קיין סימן פֿון דער עלעקטרי. קלמן איז ווידער געזעסן הינטער דער צאַלבאַנק אין זײַן געוועלב. דער קרוב, אָדער ווי קלמן האָט אים גערופֿן, דער שותּף יאָסל, האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זײַנע צו גרויסע אומגעלומפּערטע הענט. דער ריזיקער יונג האָט אויסגעזען אַ תּם און טאַקע געווען אַ שטיק בהמה. קיין וואַזשנער צעלייגער אין מסחר איז ער נישט געווען, אָבער ער האָט געהאַט איין מעלה — ער האָט דערשנאַפּט „קלע־פּיקע הענט” ווי ער וואָלט געהאַט אויגן אין רוקן. אַכטונג צו געבן ס'גאַיעס זאָל נישט לאַטכענען — צו דעם איז ער געווען אַ בריה. ער האָט גע־קאָנט אַ כאַפּ טאָן אַ ריזיקן פֿויער און אים אַרויסטראָגן פֿון געוועלב ווי אַ שפּענדל.

פּלוצלינג האָט מען געזען, אַז צו קלמנען קומען אַ סך געסט פֿון דער פֿרעמד. נישט געווען דער טאָג עס זאָל נישט קומען עפּעס אַן אויס־געפּוצטער סוחר. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די סוחרים זענען געקומען מיט פֿולע פּאָרטפֿעלן פּראָטעסטירטע וועקסעלעך. קלמן האָט געקויפֿט אויף קרעדיט און נישט באַצאָלט. קלמן האָט זיי געוויזן זײַנע געליימטע פֿיס: „וואָס האָט עץ זיך אָנגעטשעפּעט אין אַ וויסטער קאַליקע? רעדט צו מײַן שותּף". ווי ער האָט דאָס געזאָגט האָט אין דער טיר זיך באַוויזן זײַן שותּף יאָסל.

„יאָסל", האָט קלמן זיך געוואָנדן צו אים, „דער פּאַן איז געקומען מאָנען בײַ דיר געלט. יאָסל, ס'דאַכט זיך מיר, אַז דער ערל דאָרטן האָט עפּעס אַרײַנגערוקט אין קעשענע".

ס'איז געווען אַ פֿויער ווי אַן אָקס, יאָסל האָט אים אַ כאַפּ געטאָן בײַם קאַרק, אַרויסגעשטעלט אויף יענער זײַט טיר און אים נאָך דער־לייגט אַ קאָפּע אין הינטן.

„יאָסל", האָט קלמן אים צוריקגערופֿן פֿון דער טיר, „יאָסל, דער פּאַן איז געקומען פֿון וואַרשע, מ'איז אים שולדיק געלט. דו האָסט געלט?"

„כ'אָ ניש קאַ געלט", האָט יאָסל זיך אָפּגעבייזערט און דראָענדיק באַוועגט מיט זײַנע שווערע ידיים.

אויב קלמן קאַליקע וואָלט געקומען אין שיל אַרײַן, וואָלט מען אים אַרויסגעוואָרפֿן מיט חרפּות. ווען עמעץ האַנדלט מיט אַ פֿירמע אַ סך יאָרן, גיט אַ סך צו פֿאַרדינען און דערנאָך גייט ער, לא־עליכם, פּליטה, קאָן מען נאָך מוחל זײַן. אָבער דער קאַליקע איז געגאַנגען צו מענטשן מיט וועמען ער האָט פֿריִער נישט געהאַנדלט, אײַנגעקויפֿט זאַכן וואָס ער האָט גאָר נישט געדאַרפֿט. ער האָט טאַקע באַצאָלט מיט „קונדישע" וועקסעלעך, אָבער באמת זענען דאָס געווען וועקסעלעך נישט פֿון אַ קונה, נאָר פֿון זײַן שותּף יאָסל. דאָס איז דאָך ווי פּשוטע גניבֿה!

די בעלי־חובֿות האָבן זיך געוואָלט וואַרפֿן אויף דער עלעקטרײַ, נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז אַלץ וואָס קלמן האָט איז אַ קאָנטראַקט, אָבער נישט קיין עלעקטרײַ. אַ וואַרשעווער סוחר האָט געזאָגט אַ סבֿרא, אַז עס וועט קיין מאָל נישט זײַן קיין עלעקטרײַ, קלמן האָט נאָר אָנגעבלאָפֿט מחמת דער קאָנטראַקט האָט אים געהאָלפֿן קריגן גרעסערע קרעדיטן.

די סוחרים האָבן אויפגעהערט שרײַען, זיי האָבן זיך גענומען בעטן. זיי זענען גרייט צו רעגולירן פאַר פופציק פּראָצענט.

קלמן האָט מסכּים געווען אויסצוקויפן זײַנע נישט־באַצאָלטע וועקסעלעך פאַר אַ העלפט פון דעם חוב, אָבער קיין געלט האָט ער נישט, ער וועט עס אויסצאָלן מיט נײַע וועקסעלעך. מיינסטע פון די בעלי־חובות האָבן בעסער גענומען פינף און צוואַנציק פּראָצענט פון חוב אין מזומן ווי נײַע וועקסלען, וואָס קיינער ווייסט נישט, צי זיי זענען ווערט דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זענען געשריבן.

## V

אַ פרעמדער וואָלט אַ קוק געטאָן און געמיינט, אַז אַ זאַק תּבֿואה גייט אויף אייגענע פיס. דאָמברוווקער האָבן געוווסט, אַז די משׂא פאַרשטעלט דעם טרעגער בערעלע, וואָס טראָגט אויף זײַנע פּלייצעס אַ לאָדונג גרעסער ווי ער אין גאַנצן. אַ לץ האָט אַ מאָל אים פאַרטשעפּעט:

„מע דאַרף דיר קוקן אויף די הענט, אַנישט קאָנסטו נאָך אַ כאַפּ טאָן דעם גאַנצן ערדקײַלעך און אים אָוועקטראָגן אויף דײַנע קליינע פּלייצעס".

בערעלע האָט אויך ליב געהאַט אַ הלצה, האָט ער געענטפערט:

„כ'שטאַם פון מוראַשקעס, אַ מוראַשקע קאָן שלעפּן אַ משׂא אַ סך מאָל שווערער און גרעסער ווי זי איז".

„אַ מוראַשקע האָט דרײַ רוקנס; אַז איין רוקן וועט זיך ברעכן אונטער דער משׂא, וועט זי נאָך בלײַבן בײַ צוויי... אַ מוראַשקע האָט אויך זעקס פיס..."

„איך בין נאָר אַ דריטל פון אַ מוראַשקע", האָט בערעלע געענטפערט, „צוויי פיס און איין רוקן".

בערעלע האָט ליב געהאַט אָפּצולאַכן פון זיך אַליין, אָבער מיט פּרנסה איז נישט געווען אַזוי פריילעך. ס'איז שוין לאַנג ווי דאָמברווקע איז געוואָרן אַ שטאָט, אָבער די תּושבֿים זענען נאָך אַלץ דאַרפמענטשן מיט ברייטע פּלייצעס און קרעפטיקע פיס. אַז ער וועט זיך הייסן געבן אַ ביסל מער, וועלן זיי אַליין שלעפּן זייערע פּעק. זײַן חכמהן זיך וועגן אַ מוראַש־

קע וואָס האָט זעקס פּיס האָט אים אַרויפגעפירט אויף אַ געדאַנק: אויב ער וואָלט געהאַט געלט צו קויפן אַ שלעפּוועגעלע... דאָס וועגעלע וועט האָבן פיר רעדער, צוזאַמען מיט זײַנע צוויי פּיס וועט עס זײַן זעקס, ווי בײַ אַ מוראַשקע, און ער וועט קאָנען שלעפּן אַ משׂא אַ סך מאָל זײַן וואָג.

קיין געלט האָט ער נישט געהאַט, ער האָט אָבער געהאַט געדולד. ער האָט גענומען צונויפקלײַבן שברי־טיילן פון צעבראָכענע וואָגנס. אין אַ געפּלאַצטער רייף פון אַ גרויסן ראָד איז נאָך געבליבן גענוג אײַזן פאַר אַ קליין רעדעלע. דאָס זעלביקע מיט אַ שפּאַכט, שפּריך, אָרטשיק און אַפילו אַ דישעל. אַקסן האָט ער געוואָלט האָבן נײַע און געזאַמלט אַ גראָשן צו אַ גראָשן. בײַם סטעלמאַך האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט, בײַ וואָוועע דעם קאָוואַל געפּאָמפּעט דעם בלאָזזאַק. עס האָט גענומען צײַט, אָבער עס איז געוואָרן אַ וועגעלע. ווען בערעלע איז צום ערשטן מאָל אַרײַן צווישן די צוויי דישלען און זיך אײַנגעשפּאַנט אין זײַן אייגן שלעפּוועגעלע, האָט ער עס געפירט איבער די גאַסן פון דאָמבראָווקע ווי אויף אַ פּאַראַד.

איין פרימאָרגן, ווען בערלס קליינע פּיסלעך האָבן געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס פון די דאָמבראָווקער גאַסן און געשלעפּט נאָך זיך אַ שווערע משׂא, האָט קלמנען זיך פאַרגלוסט אים צו פאַרטשעפּען. פון די שטײַפע האָר פון בערעלעס ברודיק־בלאָנד בערדל האָט זיך געגאָסן שוויס ווי פון רינוועס. קלמן האָט אים פאַרהאַלטן: „בערעלע, אײַער פערדל איז קראַנק געוואָרן?"

„כ'בין נישט קראַנק אַליין צו זײַן דאָס פערד", האָט בערל געענטפערט.

„די פירפיסיקע פערד דאַרפן אויך פרנסה", האָט קלמן זיך ווײַטער געחכמהט".

„בײַ מיר וועלן זיי דאָס נישט געפינען. ס'איז נישט אַלע מאָל דאָ גענוג זאַט צו מאַכן דאָס איינע פערד", האָט בערל געטײַטלט אויף זיך און גוטמוטיק געלאַכט.

„מיט אַ פירפיסיק פערד וועט איר קאָנען מאַכן צען יאַזדעס אין דער צײַט וואָס עס נעמט אײַך צו מאַכן איינע", איז קלמן שוין געוואָרן ערנסט, און געוווּסט דערבײַ, אַז ער איז אַ „לועג לרש", נישט גענוג וואָס ער העלפט נישט דעם אָרעמאַן, שפּעט ער נאָך אָפּ פון אים. ער האָט

פשוט נישט געקאָנט סובל זײַן, וואָס די מענטשן אַרום אים קוקן נישט ווײַטער פון זייערע נעזער. מע גייט אין דעם שפּאַן, מע טראָגט דעם שווערן יאָך און מע דערוועגט זיך נישט אַ טראַכט צו טאָן ווי אַזוי דאָס צו בײַטן. מע האָרעוועט מיט די הענט און דער קאָפּ שלאָפט.

בערל האָט געזען, אַז קלמן חכמהט זיך, האָט ער אויך געענטפערט אין שפּאַס: „קויפן אַ פערד איז גאָרנישט שבגאָרנישט, אָבער ווו וועל איך נעמען אויף אַ בײַטש? אַ בעל־עגלה אָן אַ בײַטש איז ווי אַ דאַך אָן אַ קוימען. צוריקגעשמועסט: ווער וויל האָבן צו טאָן מיט פערד? אַז כ׳ברענג נישט קיין פּרנסה און דאָס ווײַב האָט טענות, האָב איך קעגן־טענות, אָבער גיי טענה מיט אַ פערד...״

דאָס קליינע בערעלע איז גאָר נישט קיין נאַר, איז קלמן געקומען צו דער מסקנה. „כ׳מיין עס ערנסט. וויפל דאַרף דען קאָסטן אַ פּגירה צו שלעפּן אַזאַ פּיצעלע וועגעלע? איר קאָנט באָרגן די פּאָר זלאָטעס און עס אויסצאָלן פון די עקסטראַ פאַרדינסטן״.

„ווער וועט מיר באָרגן?״ איז בערל אויך געוואָרן ערנסט, „און אויף וואָס געקוקט וועט מען מיר באָרגן?״

„איר קאָנט אײַנלייגן אַ משכּון״.

„מײַן צילקע איז געווען אַ יתומה ווען איך האָב זיך געשדכנט צו איר, איז נישט געווען ווער עס זאָל געבן דעם חתן אַ גאָלדענעם זייגער, האָב איך זיך נוקם געווען און איר נישט געקויפט קיין שנירל פּערל, און אַפילו נישט קיין זילבערנע לײַכטערס. דעם דלות קאָן איך פאַרזעצן, אָבער קיינער האָט אויף דעם נאָך קיין מאָל נישט געליגן אַ גראָשן״.

„איר האָט דען פּראָבירט? מע דאַרף פּראָבירן״.

„פּראָביר איך שוין. פּאַניע קלמן, כ׳ווייס, מענטשן באָרגן בײַ אײַך געלט. איר׳ט געבן אַ הלוואה צו אַזאַ גביר ווי איך?״

„זעט איר שוין, אַז מע דאַרף פּראָבירן? כ׳על אײַך באָרגן אַ הונדער־טער, איר וועט עס אויסצאָלן אין צוואַנציק וואָכן צו פינעף זלאָטעס אַ וואָך״.

בערל האָט זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ גרויסער פינאַנץ־טראַנסאַקציע. „און אַז כ׳על אַ וואָך אין גאַנצן נישט פאַרדינען? ס׳אַ קריזיס. כ׳קאָן קראַנק ווערן אויך, מ׳איז נאָר אַ שוואַכער מענטש״.

„אַז איר וועט אַ מאָל מוזן איבערהיפּן אַ צאָלונג, וועט דערפון נישט ווערן אַ לאָך אין הימל".

„און עסן פאַרן פערד? און פּראָצענט?"

זײַט נישט קיין פּחדן, בערל, מיט אַ פערד וועט איר קאָנען פאַר־דינען אַ סך מער ווי הײַנט. און האָט נישט קיין מורא וועגן פּראָצענט, איך האָב דען געזאָגט אַז כ׳פאָדער פּראָצענט?"

„וואָס דען?"

„אַ גמילות־חסד, אָן פּראָצענט".

„איר מאַכט נישט חוזק פון מיר? פאַר וואָס קומט מיר אַ גמילות־חסד?"

„זײַט נישט קיין בטלן. קוקט זיך אַרום וועגן אַ ביליק פערדל און קומט צו מיר נאָכן געלט".

דאָס איז געשען ווען קלמן האָט זיך געגרייט צו גיין פּליטה. קלמן אַליין האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין: ער האָט געקוקט מיט שפּאָט אויף די פּראַיערס וואָס האָבן אים געגעבן אַזוי פיל סחורה אויף קרעדיט. ער האָט נישט איבערגעקלערט און זיך געשראָקן, אַז אַ באַנקראָט קאָן אַ מאָל זײַן די לעצטע שטרוי וואָס וועט צעברעכן דעם סוחרס רוקן, עס הערשט דאָך אַ קריזיס אויף דער וועלט און דער גורל פון אַ סך סוחרים הענגט אויף אַ האָר. ער האָט געדאַרפט געלט צו פינאַנסירן זײַן עלעקטריי און גענומען ווו עס האָט זיך געלאָזט. און פּלוצלינג וואַרפט ער זיך מיט הונדערטערס...

דער גאַנצער פּראָיעקט מיט דער עלעקטריי איז געווען אַ בזשיק, אַ שיגעון, די הלוואה צו בערלען אַ פאַרקערטע משוגעת. דאָס פערדל קאָן פּגרן נאָך איידער בערל וועט באַווײַזן אָפּצאָלן די ערשטע פינף זלאָ־טעס. וואָס איז ער פּלוצלינג געוואָרן אַזאַ צדיק? האָט קלמן געהאַט טענות צו זיך אַליין. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אָפּלאָכן פון דעם טרעגער, און... אַ שיינע העצע וועט עס זײַן אויב בערל וועט טאַקע אויסדינגען אַ פערד און ביז ער וועט קומען נאָכן געלט, וועט בײַ קלמן קאַליקע זיך שוין האָבן אָפּגעקילט די משוגעת.

אַ משוגעת בײַ קלמן קאַליקע קילט זיך נישט אָפּ אַזוי שנעל, האָט ער זיך געענטפערט. פון אַ להכעיסל, אַ שפּיצל, קומט אים צו אַ שטיק געזונט. די קאַליקע איז אויך נישט ווייניק יאָלדעוואַטע, האָט ער זיך

שפּעטער געזידלט. ער שעפּט נחת פון זײַנע גוטע שפּיצלעך, פּונקט ווי פון די בייזע.

ער געדענקט, אַז ער איז עפּעס אַ מאָל שטאַרק קראַנק געווען, אָבער ער ווייסט נישט צי טאַקע דעמאָלט איז ער געליימט געוואָרן. די גוטע יאָרן, ווען ער איז געווען ווי אַלע קינדער, זענען אים אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ; ער געדענקט זיך נאָר ווי אַ קאַליקע. האָט ער ליב געהאַט דעם טאַטן? האָט ער ליב געהאַט זײַן מאַמע? ער געדענקט נישט ווען דער טאַטע איז פאַרשוווּנדן, ער געדענקט נישט ווען די מאַמע איז געשטאָרבן, אפשר טאַקע דערפאַר האָט ער אויסגעלאָזט זײַן גאַנצע ביטערניש צום זיידן. יענע נסיעה, ווען דער זיידע האָט אים גענומען קיין דאָמבראָווקע געדענקט ער גוט. ער האָט נישט געלאָזט מע זאָל אים אַרויספירן פון הויז. מע האָט אים געוואָלט אײַנרעדן גאַנצע גליקן, און ער האָט זיך געראַנגלט מיטן זיידן און געקלאַמערט זיך אין דער טיר; דער זיידע האָט אַ שלעפּ געטאָן זײַן הענטל, האָט ער זיך אײַנגעגעסן מיט די ציין אין זיידנס האַנט. שוין דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער ברוגז צווישן אים און דעם זיידן.

אויב ער וואָלט דעמאָלט באַגריפן, אַז דער טאַטע איז מער נישטאָ, אַז די מאַמע איז טויט, אַז די היים איז מער קיין היים נישט, וואָלט ער נישט געווען אַזוי פאַרביסן קעגן זיידן וואָס האָט אים בגוואַלד אַרויסגעשלעפּט פון דער היים. אַ גאַנצן וועג האָט ער זיך געראַנגלט מיטן זיידן און שיִער נישט אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער פון צוג. אַזוי האָט ער געוואָלט לויפן צוריק. לויפן? אויב ער וואָלט נאָך געקאָנט לויפן, וואָלט ער טאַקע אַרויסגעשפּרונגען. דעמאָלט איז ער נאָך נישט געווען אַזוי געשיקט מיט זײַן ריטשן זיך אויפן הינטן, און אויך איבער דעם האָט ער אויסגעלאָזט דעם כּעס צום זיידן. „דאָרט", „אַ מאָל" איז אים געווען גוט. „דאָ" — דאָמבראָווקע, דעם זיידנס הויז איז ביטער, איז חושך, איז — ווי האָט ער עס דעמאָלט געזאָגט, ווען ער האָט געוואָלט דערצערענען דעם זיידן מיט געמיינע רייד: „פּישן, קאַקן, בעעע", און האָט אַרויסגעשטעקט די צונג. שוין דעמאָלט איז ער געווען אַ להכעיסניק.

ערשט, ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער גענומען צוקלערן פאַרטלען ווי אַזוי זיך אָפּצורעכענען מיט זײַנע שׂונאים. אוי, וואָס פאַר אַ ביטערע שפּיצלעך מע האָט אים אָפּגעטאָן. בײַ נאַכט פלעגט ער פאַר־

שטאָפּן זײַן מויל מיטן קישן, דער זיידע זאָל נישט הערן, אַז ער וויינט. ער פלעגט צעבײַסן זײַנע קישנס ביז... ביז ער האָט געגומען ניצן זײַן קאָפּ. צו ערשט האָט ער געזוכט נקמה נאָר אין די, וואָס האָבן אים שלעכטס געטאָן; ער איז שנעל געקומען צו דעם אויספיר, אַז אויב אַנדערע מעגן אים אָפּטאָן שפּיצלעך פאַר גאָרנישט, מעג ער דאָס טאָן צו אַנדערע. אַז קלמן קאַליקע טוט עפּעס, טוט ער עס בעסער ווי אַנדערע. ביז דעמאָלט האָט ער געקאָנט לאַכן נאָר מיט אַ געמאַכט געלעכטער; נאָך אַ געלונגען שפּיצל האָט ער געלאַכט פרײַ, עכט און מיטן גאַנצן מויל. קלמן קאַליקע האָט אויך אַ רעכט צו לאַכן.

זײַנע שפּיצלעך האָבן זיך אײַגנטלעך אָנגעהויבן נאָך אין חדר. דער מלמד פלעגט חזרן מיט די קינדער די זעלביקע פּרשה חומש פון זונטיק ביז פרײַטיק, און שבת איז מען געגאַנגען זיך „פאַרהערן" צו אַ חשוב אין שטעטל. איין מאָל, ס'האָט געמוזט זײַן אין אַ מאָנטיק, ס'איז געווען נאָר דאָס צווייטע מאָל וואָס מע האָט אײַנגעחזרט די פּרשה, דער מלמד האָט געזען, אַז ער קוקט אַפילו נישט אין חומש, האָט ער געגעבן אַ צייכן צו די קינדער, זיי זאָלן שווײַגן און קלמנען געהייסן זאָגן ווײַטער. קלמן האָט נישט געוווּסט ווו מע האַלט, און אַלע קינדער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

דער רבי האָט אַ ריס געטאָן קלמנען בײַם אויער: „אַ ייִנגל דאַרף אַרײַנקוקן אין חומש, אַ ייִנגל דאַרף לערנען אַפילו אויב ער גייט זיך נישט פאַרהערן".

קלמנס אויער האָט געפלאַמט, זײַן פּנים האָט אויך געפלאַמט פון צאָרן, וואָס אַלע לאַכן פון אים. „דער רבי וויל מיך פאַרהערן", האָט ער אַרויסגערופן דעם מלמד, „זאָל דער רבי מיך פאַרהערן!" ער האָט נישט געוואַרט אויפן מלמדס ענטפער, צוריקגעמישט צום אָנהייב פּרשה, גע־לייענט פליסיק ווי אַ וואַסער און פאַרטײַטשט אויף ייִדיש.

דער מלמד האָט נישט געגלייבט זײַנע אויערן: „דער זיידע לערנט מיט דיר?"

„פאַר מיר איז גענוג איין מאָל". האָט ער געענטפערט טראָציק.

די קינדער זענען זיכער געווען, אַז דאָס איז נישט מעגלעך און אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

„אַז איך וויל, קאָן איך אַליין לערנען, ס'איז אַלץ דאָ אין טײַטש".

איצט איז דער מלמד שוין געווען אין כעס. ער האָט גוט געוווּסט, אַז די קינדער פאַרשטייען חומש נאָר ווען עס איז אַ מעשה, ווי וועגן יוסף און זײַנע ברידער, אָבער די רעשט לערנען זיי זיך אויס נאָר נאָכזאָגן וואָרט פאַר וואָרט. אַז זיי וועלן עלטער ווערן, וועלן זיי עס אויך פאַרשטיין. „טאַקע?" האָט ער געפרעגט קלמנען מיט חוזק, „אפשר קענסטו אויך די סדרה פון דער אַנדערער וואָך? אפשר אויך די הפטורה?"

קלמן האָט גענומען מישן די בלעטער, ער האָט געפונען די הפטורה און גענומען לייענען פון עברי־טײַטש: „ואשה אחת מבני הנביאים, און איין אישה פון די תלמידים פון די נביאים, דאָס איז געווען דאָס ווײַב פון עובדיה, צעקה אל אלישע לאמר, האָט געשריגן צו אלישען אַזוי צו זאָגן. עבדך אישי..."

דער מלמד איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, די קינדער האָבן געגאַפט און קלמן האָט געקוקט אויף זיי מיט טריִומף. דאָס איז געווען אַ גרויסער נצחון, אָבער קיין גוטס איז פון דעם נישט אַרויסגעקומען. צו מאָרגנס, אין בית־המדרש בײַם דאַווענען, האָט דער מלמד געזאָגט דעם אַלטן חנא, אַז קלמן דאַרף מער נישט זײַן חדר. דער זיידע האָט אים אַרויסגענומען פון דעם חדר און אַרײַנגעגעבן אין אַ חדר פון גמרא־ייִנגלעך — אַלע עטלעכע יאָר עלטער פון אים. יענע איז נישט אָנגע־שטאַנען צו לערנען מיט אַ פינף־יאָריקן ראַצער. בײַם לערנען חומש מיט רש"י איז ער נישט אָפּגעשטאַנען פון די אַנדערע ייִנגלעך, אָבער מישנה איז פאַר אים געווען אין גאַנצן נײַ און פרעמד. ער האָט געוווּסט, אַז אַלע קוקן אַרויס ער זאָל אַדורכפאַלן, האָט ער געלערנט אַפילו ווען דער רבי האָט נישט געקוקט אין זײַן זײַט און האָט נישט מיטגעמאַכט די שפּילערײַען אונטערן טיש און הינטער דעם רבינס פּלײצעס. אַז ער האָט עפּעס נישט פאַרשטאַנען, האָט ער איבערגעפרעגט, געהאַלטן אין איין איבערפרעגן, אַז אַפילו דער רבי האָט פאַרלוירן דאָס געדולד. ווען ער האָט שוין געכאַפּט דעם שניט און מער נישט געדאַרפט אַזוי פיל פרעגן, ווען די ייִנגלעך האָבן אײַנגעזען, אַז דאָס ראַצערל קען שוין אַזוי גוט ווי זיי, און אפשר נאָך בעסער, איז עס געוואָרן נאָך ערגער. פאַרן לערנען אָדער בעת דער פּויזע, האָבן די ייִנגלעך אָפּט זיך געבערעוועט, גע־ראַנגלט זיך, לרוב נאָר אין שפּאַס, טייל מאָל מיט ביטערניש. עס האָט נישט געקאָנט זײַן קיין רייד, די גרויסע יונגען אויף געזונטע פיס זאָלן

זיך ראַנגלען מיט קלמנען וואָס האָט נאָר געקאָנט זיצן, אָבער אַלע מאָל האָט אַן אַנדער יונג, מכלומרשט נישט גערן זיך פאַרטשעפּעט אין אים, אונטערגעשטעלט אים אַ פוס. ער וואָלט דאָס אַלץ פאַרנומען מיט געדול־דיקייט אויב נאָר עמעץ פון זיי וואָלט זיך אויך געחברט מיט אים, גע־שמועסט מיט אים און אַ מאָל אַריינגעוואָרפן אַ גוט וואָרט. דער מלמד האָט דאָס אַלץ געזען און געמוסרט די יונגען: „עץ זענט שקצים, לאָבוסעס, עץ האָט נישט גאָט אין האַרצן. ווי האָט מען נישט קיין רחמנות אויף אַ יתום און אַ בעל־מום?"

דעם מלמדס ווערטער האָבן קלמנען מער וויי געטאָן ווי דאָס, וואָס איין יונג האָט אים געוויזן אַ פייג און אַן אַנדערער האָט צו אים אַרויס־געשטעקט די צונג, נאָך איידער דער רבי האָט פאַרענדיקט זיינע שטראָף־רייד.

ער האָט זיך קוים צוגעוווינט לערנען משניות און מע האָט אָנגע־הויבן לערנען גמרא. אַ סך ווערטער זענען געווען ענלעך צום לשון פון דער מישנה; אַנדערע זענען אים געווען אַזוי פרעמד ווי טערקיש. ער האָט נישט אַלע מאָל דערהערט דעם רבינס פאַרטייטש און נישט אַלע מאָל עס געדענקט, אַפילו ווען ער האָט עס יאָ געהערט. עס איז געווען שווער אויך פאַר די אַנדערע יינגלעך, אָבער די אַנדערע האָבן געמעגט איבערפרעגן און געקאָנט זיך דערלויבן נישט צו וויסן. ער האָט געמוזט וויסן.

ער האָט פּראָבירט פרעגן דעם זיידן, אָבער טייל מאָל זענען די אַראַמעיִשע ווערטער געווען שווער אויך פאַר דעם זיידן. איין מאָל ביים לערנען, ווי נאָר דער רבי האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „קאקא", איז אויסגעבראָכן אַזאַ געלעכטער, אַז ער האָט נישט געהערט דעם טייטש. ער האָט געפרעגט אַ בחור אין בית־המדרש און יענער האָט נישט גע־ווּוּסט. קלמן האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט דעם רב. אויך דער שמש, וואָס איז גראָד געשטאַנען נעבן רב, האָט געלאַכט. אָבער דער רב האָט זיך אָװעקגעזעצט, זיין פּנים זאָל זיין נעענטער צו קלמנס און געענטפערט מיט געדולד: „עס ווענדט זיך ווי עס איז געשריבן. 'קק' אָדער 'קקי' קאָן מיינען אַ ווייסע גאַנדז; אויב עס לייגט זיך אויס קוף־קוף־אַלף, מיינט עס האַלדז. אויב, אָבער, עס שרייבט זיך קעקע,

מיינט עס טאָטו, אַזאַ מין שריפט אַרייַנגעבערענט אין דער הויט, וואָס אַ ייִד טאָר נישט טאָן. ווי הייסטו, ייִנגעלע?

„קלמן".

„קלמן וועמענס?"

„ווי הייסטו, וועמעס ביסטו". דער רב האָט נישט קיין אויגן? אַ סך אַזעלכע קאַליקעס זענען דאָ אין דאָמברוּווקע? אַכיבע דער רב מאַכט נאָר אַזאַ אָנשטעל: כ'ווייס נישט ווער דו ביסט, ווייַל ביסט נישט אַנדערש פון אַלע אַנדערע.

„דעם אַלטן חנאס", האָט קלמן סוף־כל־סוף געענטפערט.

„אָ, ר' חנאס אייניקל. אַז וועסט ווייַטער באַגערן צו לערנען, וועסטו זייַן אַ רב און העלפן אַנדערע פאַרשטיין די תּורה".

דער רב האָט זיך אויפגעשטעלט און קלמן האָט זיך אָפּגערוקט צו מאַכן אַ וועג פאַר דעם רב. „קום, קלמן, קום, וועל איך דיר עפּעס ווייַזן".

דער רב האָט צוגעפירט קלמנען צו דער ספרים־שאַנק, אַרויסגענומען אַ ספר און עס געוויזן קלמנען. „דו זעסט, קלמן? דאָס איז דער ספר ה ע ר ו ך, דאָ זענען אַלע ווערטער פון דער גמרא אויסגשטעלט לויטן אַלף־בית און פאַרטייַטשט". דער רב האָט אויפגעמאַכט דאָס ספר און געהאָלפן קלמנען געפינען דאָס וואָרט „קק". „נאָר טאָמער וועסטו דאַרפן עפּעס פרעגן, שעם זיך נישט. אויב דו ווילסט, קאָנסטו אַ מאָל קומען צו מיר זיך פאַרהערן".

איין מאָל איז ער טאַקע אַוועק צום רב זיך פאַרהערן. דער רב האָט געהייסן די רביצין אים געבן אַ קיכל און אַן עפּל שבת־אויפּס. ער האָט דערנאָך זיך באַרימט וועגן דעם אין חדר. די ייִנגלעך האָבן אים נישט געגלייבט און נאָך אָפּגעלאַכט פון אים: „אפשר האָט דער רב זיך פאַרהערט בייַ דיר, קלמן?"

צו מאָרגנס, האָבן ייִנגלעך פון זייַן חדר געשפּילט פוטבאָל. אַ ייִנגל האָט געוואָרפן דעם באַלעם אין זייַן זייַט, אפשר אים אַ קלאַפּ צו טאָן. ער איז אונטערגעשפרונגען און געכאַפּט דעם באַלעם. קיין פּיס אַ קאַפּע צו טאָן אויף צוריק האָט ער נישט געהאַט; דער יונג איז צוגעקומען נעמען פון אים דעם באַלעם. קלמן האָט געהאַפּט אויף אַ לויב פאַר זייַן געשיקטן כאַפּן, אָבער דאָס ייִנגל האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן קלמנס נעכטיקע באַרימערייַ, האָט ער אַ פרעג געטאָן: „אויב דו וואָלטסט נישט

געווען קיין קאַליקע, וואָלטסטו געווען אַ רבֿ אָדער אַ פֿוטבאָל־שפּילער?"

ער האָט שוין דעמאָלט איַינגעזען, אַז זיַין גרעסטע נאַרישקייט איז דאָס באַוויַיזן זיך מיט זיַין חכמה. אוי, וויפֿל מאָל ער האָט זיך צוגע־שווירן צו האַלטן דאָס מויל און מאַכן דעם אָנשטעל פֿון אַ תּם, אָבער ער האָט דאָס קיין מאָל נישט געקאָנט אויספֿירן.

דערנאָך איז געשען די מעשׂה מיט די שטעכערלעך. דעמאָלט האָט ער זיך טאַקע פֿאַרהיימישט בײַם רבֿ אין שטוב. אין יענער צײַט איז דער רבֿ געווען דער איינציקער, וועמען ער האָט ליב געהאַט. אוי, אויב דער רבֿ וואָלט געווען זיַין זיידע, וואָלט אים נישט געווען אַזוי ביטער.

ער האָט שוין דעמאָלט געלערנט בײַ מענדל דעם גמרא־מלמד. אים האָבן די אַנדערע ייַנגלעך אין חדר אָנגעטאָן צרות, מחמת ער איז געווען ייַנגער ווי דער ייַנגסטער פֿון זיי; צו שלמהלען האָבן זיי זיך געטשע־פּעט, וויַיל ער האָט געהאַט געלב־רויטלעכע האָר און אַ פּנים באַדעקט מיט זומער־שפּרענקעלעך. „רויטער האָן", „רויטער חזיר", האָבן די אַנדערע ייִנגלעך אים גערופֿן. ער האָט בכּיוון זיך געזעצט נעבן שלמהלען און פֿראַבירט ווערן זיַין חבֿר. פֿון דער אַנדערער זײַט איז נעבן שלמהלען געזעסן בערל בראָכעס. יענער האָט מיטן קאָפּ אַ שטויס געטאָן שלמהלען און נאָך דערלייגט אַ זידלוואָרט: „באָקאָקט פּנים".

שלמהלע האָט אויפֿגעריסן זיַינע פֿאַרטרערטע אויגן ווען קלמן האָט אַ זאָג געטאָן, הויך, אַלע זאָלן הערן: „וואָס טאָקע אָפּ ס'פּנים..." מע האָט דערהערט דעם רבינס טריט, האָט קלמן שנעל צוגעגעבן: „דיַין פּנים האָט אָנגערירט דער בערל בראָכעס מיט זיַין קאָפּ ווי אַ תּחת, וואָס עס טאָקע אָפּ".

חבֿרה האָט פֿאַרשטיקט אַ געלעכטער וויַיל דער מלמד איז אַריַין, אָבער דער צונאָמען איז געבליבן„ בערל בראָכעס מיטן קאָפּ ווי אַ..."

דער אמת איז, אַז דער שלמהלע האָט אויך נישט געהאַט קיין קאָפּ ווי אַ מיניסטער. ווען נאָר די ייִנגלעך האָבן זיך געטשעפּעט צו אים, האָט ער געקוקט צו קלמנען, און קלמן האָט אים אונטערגעזאָגט וואָס צו ענטפֿערן.

איז געקומען תּישעה־באָבֿ פֿאַר נאַכט, אַלע זענען געגאַנגען אין שיל אַריַין. אינווייניק, אין שיל, זענען די טאַטעס געזעסן אויף דער ערד און געקלאָגט אויפֿן חורבן־בית־המיקדש; דרויסן האָבן די קונדסים געוואָיע־

וועט. קלמן האָט געשיקט אויסגעמיטן די דאָרן־שטעכערלעך, וואָס ייִנגלעך האָבן געוואָרפן אין זײַן זײַט. פֿאַר שלמהלען האָט ער זיך נישט געהיטן, שלמהלע איז דאָך זײַן פֿרײַנד. ווײַזט אויס, אַז שלמהלע האָט געוואָלט אויסנעמען בײַ די יונגען, האָט ער געגעבן אַ שטופּ אַרײַן זײַן האַנט אונטער קלמנס העמד און דאָרט איבערגעלאָזט אַ הויפן שטעכערלעך. וואָס מער קלמן האָט געקראַצט, אַלץ מער האָבן די שטעכערלעך זיך צעשפּרייט איבער זײַן לײַב.

„קראַץ, קלמן, קראַץ. דײַנע לײַז קאָנען דיך נאָך אויפפרעסן לעבע־דיקערהייט״, האָבן זיי זיך געררייצט מיט אים.

אַהיימגעקומען, געוואַשן דאָס לײַב און אָנגעטאָן אַ פֿריש העמד, האָט די בײַסעניש נאָכגעלאָזט. שלמהלעס פֿאַראַט האָט אָבער איבערגעלאָזט אַ בײַסעניש אין זײַן קאָפּ, נישט אויסצוּוואַשן און נישט אויסצוקראַצן. די פֿאַנטאַזיעס וועגן אַן עלטערן ברודער וואָס וועט קומען נעמען נקמה, האָבן מער נישט געהאָלפֿן, ער האָט געמוזט געפֿינען אַ וועג אַליין עפּעס צו טאָן.

אַרום דאָמבראָוועק זענען געוואַקסן אַ סך פֿלוימען און אין שטעטל איז געווען אַ צוקער־פֿאַבריק. אַז פֿלוימען און צוקער זענען געווען בחצי־חינם, האָט יעדע באַלעבאָסטע געקאָכט פֿאָווידלע, און אַזוי אויך דוואָשע, די ייִדענע וואָס איז יעדן טאָג אַרײַנגעקומען צו חנאן רוימען און קאָכן. שלמהלע איז געווען אַ נאַשער; ווען נאָר קלמן האָט געבראַכט אין חדר אַרײַן ברויט מיט פֿאָווידלע, פֿלעגט ער עס טיילן מיט זײַן חבר. נאָך דער מעשׂה מיט די שטעכערלעך, האָט קלמן געטראַכט אַרײַנצומישן סם אין דער פֿאָווידלע איידער ער גיט עס שלמהן, זאָל ער פּגרן, דער רויטער חזיר. אין דעם זיידנס געוועלב פֿאַרקויפֿט מען אויך סם פֿאַר מײַז.

ווי גרויס עס איז געווען קלמנס כּעס האָט ער געוווּסט, אַז דאָס וועט ער נישט טאָן; ער מוז צוטראַכטן עפּעס, ער זאָל עס טאַקע קאָנען אויספֿירן, און ער האָט טאַקע עפּעס צוגעטראַכט. דער זיידע האָט געליטן פֿון עצירות און פֿלעגט יעדן אינדערפֿרי נעמען עפּעס אַ פּודער געמישט מיט וואַסער צום אָפּפֿירן. דאָס מאָל האָט קלמן מיטגענומען אין חדר אַרײַן אַ גרויסע זעמל, אַ קײַזערקע. ער האָט עס איבערגעשניטן, אַרויס־געדלובעט דאָס ווייכע און אָנגעפּילט עס מיט זיסער פֿאָווידלע, וואָס ער האָט פֿריִער אויסגעמישט מיטן זיידנס אָפּפֿיר־פּודער. אין חדר האָט ער

זיך ווידער געזעצט נעבן שלמהן און בײַ דער ערשטער פּויזע האָט שלמהלע אײַנגעשלונגען אַלץ וואָס קלמן האָט אים געגעבן.

אין שלמהס גרימאַסעס האָט קלמן דערקענט ווען ס׳האָט אים אָנגע־הויבן ווײ טאָן דער בויך. ווען שלמהלע האָט זיך אויפגעשטעלט צו בעטן דעם רבינס דערלויבעניש אַרויסצוגיין, האָט קלמן שנעל זיך געגעבן אַ רוק אַראָפּ פון דער באַנק און נאָך איידער שלמה האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, איז קלמן שוין געווען בײַ דער טיר: „כ׳מוז געניייטיק אַרויסגיין", האָט ער געזאָגט און באַלד געווען אויף יענער זײַט טיר.

אין הויף פון חדר איז געווען נאָר איין אָפּטריט און דער רבי האָט נישט אַרויסגעלאָזט קיין צוויי ייִנגלעך מיט אַ מאָל; לרוב האָבן די קינדער נאָר געזאָגט אַ תּירוץ, אַז זיי דאַרפן אין בית־הכּסא, און זיי זענען אַרויס זיך שפּילן. אין חדר האָט שלמהלע נישט אויפגעהערט בעטן אַרויסצוגיין, אָבער דער רבי האָט געזאָגט מיט אַ טאָן נישט אָפּצופרעגן: „ווען קלמן וועט צוריקקומען".

ווען קלמן איז סוף־כּל־סוף צוריקגעקומען, האָט עס שוין אַזוי גע־שניטן אין שלמהלעס בויך, אַז נאָך איידער ער האָט דערגרייכט די טיר האָט עס אַרויסגעשאָסן פון אים. „אַ באַקאַקט פּנים און אַ באַקאַקטער תּחת", האָט חברה געלאַכט און קלמן האָט אָנגעשטעלט אַן אומשולדיק פּנים.

ער האָט דאָס שפּיצל גוט אויסגעפּלאַנירט און גוט אַדורכגעפירט, אָבער עס איז אים אויסגעגאַנגען „באָקעם". מחמת קלמן איז געווען שלמהלעס בעסטער חבר, האָט דער רבי געשיקט קלמנען, ער זאָל אָפּפירן שלמהלען אַהיים. ווען ער האָט געפירט שלמהלען איבער דער גאַנצער ווילקער גאַס און עס האָט זיך געגאָסן פון זײַנע הויזן, איז אים געוואָרן אַ רחמנות. ער איז אַרײַן אין יאַנטשעס געוועלב פון פערדפּאַשע און דאָרט גענומען אַ וויעכעטש שטרוי אָפּצווישן די צואה פון זײַן חברס שיך.

שלמהלע איז נישט צוריקגעקומען אין חדר נישט דעם טאָג און נישט צו מאָרגנס. עטלעכע טעג שפּעטער איז די רויטע ייִטע, שלמהלעס שוועסטער, געקומען אין חדר בעטן, די קינדער זאָלן זאָגן תּהילים, שלמהלע איז קראַנק. צו מאָרגנס איז דער גאַנצער חדר געגאַנגען אין שיל אַרײַן, ווו מע האָט געזאָגט תּהילים מיט מנין בײַ אָנגעצונדענע ליכט. די חדר־ייִנגלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט אַרום דעם בעל־תּפילה, און דער

רב, וואָס זעט, דאַכט זיך, אַלץ, האָט געזען, אַז קלמן גיסט מיט ביטערע טרערן. דער רב האָט אים שפּעטער צוגערופן און אים געטרייסט: „דער אייבערשטער וועט זיכער זיך צוהערן צו די תּחנונים פון קינדער וואָס זענען ריין, אָן זינד. ער וועט זיכער שיקן אַ רפואה".

אָבער דער אייבערשטער האָט, ווײַזט אויס, זיך נישט צוגעהערט צו די תּפילות. עטלעכע טעג שפּעטער איז קלמן, צוזאַמען מיט דעם גאַנצן חדר, שוין געווען בײַ זײַן חברס לוויה. שלמהלעס שוועסטער און ברידער האָבן אַ סך געוויינט. אויף זייערע פּנימער, באַדעקט מיט רויטע זומער־שפּרענקעלעך, האָבן די טרערן אויסגעזען ווי טראָפּנס בלוט.

נאָך דעם ווי שלמהלעס טאַטע האָט געזאָגט קדיש, האָט דער רבי זיך געווענדט צו זײַנע תּלמידים: „בחורים, צווישן חברים קומט פאַר פאַר־שידנס. אויב עמעץ פון ענק האָט זיך אַ מאָל געקריגט מיט דעם מת, אויב עמעץ האָט אים אַ מאָל געזאָגט אַ שלעכט וואָרט, זאָל ער צוגיין און מחילה בעטן בײַם אָפענעם קבר.

יעדע גרודע ערד איז געפאַלן אויף דעם אָרון ווי אַ דונער. מע האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם, קיינער פון די ייִנגלעך האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

„גיי צו בעטן מחילה", האָט קלמן זיך אַליין געטריבן. „דו האָסט אים נישט געזאָגט אַ שלעכט וואָרט, דו האָסט אים דערהרגעט!"

ער האָט זיך שוין געהאַט אַ רוק געטאָן נענטער צום קבר, ווען ייִטע האָט אַרויסגעבראָכן מיט אַ נײַער יללה: „זע'ץ, מענטשן, קיינער האָט מיט אים נישט געהאַט קיין קריגערײַ, קיינער האָט אים נישט קיין שלעכטס געטאָן. שלמהלע איז געווען די גוטסקייט אַליין, אַ מלאך פון גאָט, פאַר וואָס איז געקומען אויף אונדז אַזאַ שטראָף!" אַלע שוועסטער און ברידער האָבן גענומען שרײַען: „אַ מלאך פון גאָט, מיט קיינעם זיך נישט געקריגט".

„גיי צו, בעט מחילה איידער עס ווערט צו שפּעט", האָט קלמן זיך געטריבן. אָבער אַלץ אין אים איז פאַרשטײַפט געוואָרן. נישט ער האָט געקאָנט אַ ריר טאָן מיט אַן אבר, נישט ער האָט געקאָנט אַרויסברענגען אַ קול. זײַנע אָרעמס זענען געוואָרן שלאַבעריק און ער האָט זיי קוים געקאָנט באַוועגן צו קאָנען ריטשן זיך אויפן וועג אַהיים.

די נאַכט האָט ער לאַנג נישט געקאָנט אײַנשלאָפן, און ווען די אויגן

האָבן זיך שוין געשלאָסן, האָבן בייזע חלומות אים אַרייַנגעכאַפּט ווי אין אַ קלעם. ער גייט אין חדר אַרייַן, אָט איז ער שוין בייַ יאַנטשעס געוועלב פון פערדפּאַשע, ער מוז אַרייַנגיין נעמען אַ וויעכעטש שטרוי. נאָך וואָס שטרוי? ער מוז האָבן, ער מוז האָבן אַ וויעכעטש שטרוי.

ער גייט אַרייַן אין געוועלב; האָבער — אַזוי פיל זעקלעך האָבער, אַזוי פיל בינטלעך היי, ער דאַרף שטרוי... די גרויסע ברוינע מאַקוכן שמעקן ווי... ווי פריש צעגראָבענע ערד; ווו איז דאָס שטרוי? הינטער אים פאַרמאַכן זיך די לאָדנס פון געוועלב, עס פאַרהאַקן זיך די שווערע טירן. ער גייט ווייַטער, טיפער אין דער טונקלקייט, ער מוז געפינען שטרוי. ער פאַרטשעפּעט זיך אין שטויסן מאַקוך און זיי פאַלן אַראָפּ. די מאַקוכן קלאַפּן אין דער פּאָדלאָגע ווי גרודעס ערד אויף אַן אָרון אין אַ קבר. שטויסן שטרוי קומען אים אַקעגן און פון צווישן די שטרויבינטן שטרעקט זיך אַרויס אַ האַנט מיט זומער־שפּרענקעלעך. ער נעמט זיך רוקן אויף צוריק, די האַנט שטרעקט זיך לענגער און לענגער, די האַנט כאַפּט אים בייַם גאָרגל און שלעפּט אים. געוואַלד, געוואַלד, ראַטעוועט! וויל ער שרייַען, אָבער די ביינערדיקע פינגער קלעמען זייַן האַלדז און קיין קול קומט נישט אַרויס. פון אַלע בינטן שטרוי, פון אַלע זעק האָבער, פון אַלע שטויסן מאַקוך שטרעקן זיך צו אים הענט מיט לאַנגע, ביינערדיקע פינגער. דאָס שטרוי ווערט ברוין, דער האָבער ווערט ברוין ווי די מאַקוכן, דער האָבער, דאָס היי, און דאָס שטרוי ווערן מאַקוכן און די מאַקוכן פאַלן אויף אים מיט טעמפּן געפּויק ווי גרודעס ערד אויף אַן אָרון אין קבר. ג ע וו אַ ל ד, ג ע וו....

ער האָט זיך איבערגעוועקט אין אַ קאַלטן שווייס. ער האָט מורא געהאַט צו עפענען די אויגן און מורא געהאַט זיי צו האַלטן געשלאָסן, טאָמער וועט ער צוריק אייַנשלאָפן. ער איז דעמאָלט שוין געווען אַ יאָר נייַן אָדער צען און איז, צום ערשטן מאָל זינט ער איז געקומען קיין דאָמברווקע, אַרייַנגעקראָכן אין זיידנס בעט. ער האָט זיך געדרייט פון זייַט צו זייַט; דאָס מאָל איז דעם זיידנס שנאָרכן אים געווען ניחא, אָבי נישט דאָס געפּויק פון מאַקוכן אויף ברעטער.

ווען ער איז שוין אייַנגעשלאָפן, איז דער חלום צוריקגעקומען. נאַכט נאָך נאַכט איז ער צוריקגעקומען אין פאַרשידענע וואַריאַציעס. אַלץ איז אים שוין געווען אַזוי באַקאַנט, אַז ער האָט מער נישט געוווּסט צי עס איז

די וואָר אָדער נאָר אַ חלום. נאַכט און טאָג האָבן זיך אויסגעמישט אין איין וויסטן קאָשמאַר.

דער זיידע האָט געזען, אַז עפּעס איז נישט כשורה מיטן קינד, אפשר האָט דוואָשע געזען, אַז דאָס עסן בלײַבט אויפֿן טעלער, דאָס קינד מוז זײַן קראַנק. מע האָט גערופן לייבוש פעלטשער און יענער האָט געגוצט זײַן רפואה צו אַלע מחלות — געשטעלט באַנקעס. מע האָט גערופן דעם דאָקטאָר, יענער האָט פאַרשריבן טראָן. אַז דער זיידע האָט אים גע־צווונגען עס אַראָפּצושלינגען, האָט ער עס באַלד צוריק אַרויסגעבראָכן. מע האָט אים געהייסן ליגן אין בעט, אָבער דווקא איצט האָט ער נישט געוואָלט אַדורכלאָזן אַ טאָג אין חדר און נישט פאַרפעלט צו גיין אין שיל אַרײַן צו אַלע תּפילות. ער האָט נישט געוואָלט בלײַבן אַליין, ער האָט מורא געהאַט אַנטשלאָפן צו ווערן.

קלמן איז שוין געווען נאָר הויט און ביינער. ער האָט כמעט נישט געגעסן, זעלטן אויסגערעדט אַ וואָרט און אין די אויגן — אַזאַ פינצטערער טרויער. דער טרויער אין די אויגן האָט חנאן עפּעס דערמאָנט. „כ׳האָב באַלד געוווּסט, אַז אַזוי וועט עס זײַן", איז אויפגעגאַנגען אין אים אַן עכאָ פון זײַן ליבעלעס קלאָגרייד, ווען זי האָט אָנגעהויבן אַרײַנפאַלן אין מרה־שחורה. דאָס קינד איז נעבעך באַפאַלן געוואָרן פון זײַן באָבעס מחלה, האָט חנא זיך דערשראָקן און שבת נאָכן דאַווענען זיך שואל־עצה געווען מיטן רב.

„ער עסט נישט, זאָגט איר?" האָט דער רב געענטפערט חנאן, „אפשר שמעקן אים נישט דוואָשעס מאכלים. מײַן רביצין האָט געמאַכט אַ קוגל, קלמן האָט ליב מײַן רביצינס געריכטן".

דער רב איז צוגעגאַנגען צום ייִנגל. „קלמן, ביסט שוין טאָקע אַ גרויסער בחור, מעגסט פונדעסטוועגן אַרײַנקומען זיך פאַרהערן. אויב קענסט נישט אַזוי גוט, מעגסטו אויך קומען. מ׳זעמיר דאָך שטיקלעך קרובים, דו ווייסט עס?"

קלמן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„מײַן רביצין האָט געמאַכט אַ מייערן־צימעס — טעם־גן־עדן. קום, וועסט הײַנט עסן בײַ אונדז. דער זיידע וועט נישט פאַראיבל האָבן".

קלמן האָט געשוויגן.

„קוגל וועט אויך זײַן, אַ לאָקשן־קוגל. כ׳געדענק, אַז האָסט עס ליב".

דער רב האָט גענומען גיין, קלמן האָט זיך נישט גערירט.

„נו, קלמן".

„כ'בין נישט הונגעריק", האָט ער אַ שעפּטש געטאָן, אַז דער רב האָט עס קוים געהערט.

„צון אונדזער קוגל דאַרף מען זײַן הונגעריק? קום, זײַ נישט קיין עקשן".

דער רב האָט נישט אויפגעהערט וואַרטן און קלמן האָט געמוזט גיין מיט אים. בײַם טיש האָט ער קוים אָנגערירט די מאכלים, בײַ די זמירות באַוועגט מיט די ליפּן, אָבער קיין קול האָט מען נישט געהערט. נאָך דער סעודה, ווען אַלע זענען אַוועק פון טיש און קלמן האָט זיך געגרייט אַוועקגיין, האָט דער רב אים אַרײַנגעפירט אין בית־דין־שטוב און פאַר־מאַכט די טיר הינטער זיך.

„דאגה בלב איש ישיחנה, זאָגט דער חכם־מכל־אדם. אַז עמעצן דריקט עפּעס אַ דאגה, זאָל ער זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ. דיך דריקט עפּעס, קלמן. קאָנסט מיר זאָגן וואָס עס איז?

ווי האָט ער געקאָנט זאָגן דעם רב וואָס ער האָט אָפּגעטאָן.

דער רב האָט געזאָגט, אַז עס האָט עפּעס צו טאָן מיט זײַן חברס טויט. דער טאַטע איז נעלם געוואָרן, די מאַמע געשטאָרבן. קוים זיך געשאַפן אַ גוטן חבר, איז ער אויך אַוועקגעשטאָרבן. „כ'ווייס וואָס ס'איז געשען מיט דײַן חבר", האָט דער רב אים אָנגעהויבן טרייסטן. קלמן האָט אַזש אַ שפּרונג געטאָן: „דער רב ווייסט? וואָס ווייסט דער רב?"

„ס'איז אַ גרויסע מדרגה זיך צוצובינדן צו אַ חבר און אים ליב האָבן כאַהבת דוד ויונתן. אָבער דער אייבערשטער ווייסט בעסער פון אונדז וואָס ס'איז גוט. אפשר איז שלמהלען געווען אויפגעלייגט אַ לעבן פול מיט יסורים און דער אַב־הרחמים האָט אים אַרויפגענומען צו זיך כּדי אים אויסצולייזן דערפון..."

„פאַר וואָס האָט ער מיך נישט אויסגעלייזט דערפון?" האָט קלמן אַזש אַ קוויטש געטאָן.

דער רב האָט צוגעצויגן קלמנען צו זיך: „כ'ווייס, קלמן, ווי ביטער עס איז צו פאַרלירן אַ נאָענטן".

דעם רבס וואַרעמע האַנט אויף זײַנער האָט עפּעס צעבונדן אין קלמנען.

ער האָט גענומען ציטערן אויפֿן גאַנצן גוף. „דער רבי ווייסט נאָך נישט אַלץ", האָט ער אַרויסגעכליפּעט.

דער רב האָט אים צוגעצויגן צו זײַן ברוסט, קלמנס שלאַבעריקע פּיס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט און ער איז געבליבן הענגען אין דעם רבס אָרעמס. דאָס פּנים פֿאַרגראָבן אין דעם רבס זײַדענער יובעצע, האָט ער אַרויסגעכליפּעט וואָס עס איז געשען.

„קלמן, קלמן! דו ביסט דאָך אַ קלוג בחורל; ווי קומט, דו זאָלסט זיך אײַנרעדן אַזאַ שטות? שלמהלע איז געשטאָרבן, נישט דאָ געדאַכט, אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. אַן אָפּפיר־מיטל האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די לונגען, ס'האָט גיכער געקאָנט העלפֿן ווי קאַליע מאַכן. ער איז אַוודאי עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען מיט דער קרענק, יענעם טאָג אין חדר איז ער שוין געווען קראַנק, אויב ער איז צו מאָרגנס שוין געלעגן אין בעט".

קלמנען איז אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרץ, אָבער ער האָט נישט אויפֿגעהערט העשען.

„אפשר האָסטו יאָ באַדאַרפֿט מחילה בעטן", האָט דער רב צוגעגעבן, „אָבער דו האָסט גאָרנישט פֿאַרשפּעטיקט. די וואָס זענען שוין אויפֿן עולם־האמת הערן אויך פֿון ווײַטנס. טו עס איצט, קלמן. איך וועל זאָגן די ווערטער און דו זאָג מיר נאָך, גוט?"

קלמן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„מת טהור שלמה בן יעקב..."

קלמן האָט זיך ווידער צעכליפּעט.

„אויב עס איז דיר שווער עס אַרויסצוברענגען מיט די ליפּן, זאָג עס אין דײַן האַרץ. אויף דעם עולם־האמת הערט מען אויך דאָס קול פֿון האַרץ. כ'הייב אָן נאָך אַ מאָל פֿון אָנהייב: מת טהור, הבחור שלמה בן יעקב, איך, דײַן חבר קלמן בן־ברוך, בעט בײַ דיר מחילה פֿאַר אַלע עוולות קעגן דיר, וואָס כ'האָב געטאָן סײַ בשוגג, סײַ במזיד. און פֿאַר אַל דאָס גוטס, וואָס כ'האָב דיר געטאָן בעט איך דיך מיר גומל־חסד זײַן און זײַן פֿאַר מיר אַ מליץ־יושר".

די נאַכט איז קלמן שוין געשלאָפֿן אָן בייזע חלומות. ער איז אַדורכגעשלאָפֿן די נאַכט און ווײַטער געשלאָפֿן, דער זיידע האָט אים נישט געוועקט צו גיין אין חדר. ווען ער האָט געעפֿנט די אויגן, איז דוואָשע געשטאַנען בעבן זײַן בעט: „לייבל דעם רבס איז דאָ, דער רב רופֿט דיך".

ווי שוואַך ער איז געווען, האָט ער געצאַפּלט צום רב. „קלמן, כ׳דאַרף גיין אויפן בית־עולם. כ׳נעם אַלע מאָל עמעצן מיט. ווילסט מיך באַגלייטן?״

„כ׳האָב נאָך נישט געדאַוונט, כ׳בין ערשט אויפגעשטאַנען״.

„קריאת־שמע האָסטו שוין געזאָגט?״

„כ׳בין געשלאָפן. אַז דוואָשע האָט מיך אויפגעוועקט, האָב איך זיך אָנגעטאָן און באַלד געקומען אַהער״.

„זאָג קריאת־שמע, די רביצין וועט דיר געבן אַ גלאָז מילך. וועסט דאַווענען נאָכן צוריקקומען. גוט?״

אויפן בית־עולם האָט דער רב געזאָגט קלמנען: „דאַרפן דאַרפסטו נישט. נאָר אַז ביסט שוין דאָ, קאָנסטו, אויב דו ווילסט, צוגיין צו דײַן חברס קבר״.

קלמן האָט נאָך אַ מאָל געבעטן מחילה, דאָס מאָל בײַ שלמהלעס קבר, האָט ער שוין געקאָנט אַרויסברענגען די ווערטער, ער האָט אַפילו נישט געוויינט.

אויפן וועג צוריק איז אויסגעקומען פאַרבײַצוגיין יאַנטשעס געוועלב; דער רב האָט אָנגענומען קלמנען בײַ דער האַנט און זיי זענען צוזאַמען אַרײַן אינעווייניק. דער רב האָט זיך אויסגעפרעגט אויף יעדן פּעקל און יעדן זעקל, וואָס עס איז און פון וואָס מע מאַכט עס. דעם רב האָט זיך געגומען דאַכטן, אַז פון דעם שטרוי טראָגט זיך אַ שלעכטער ריח און געהייסן איבעררוקן, איבערשטעלן און איבערלייגן אַלץ, וואָס איז דאָרט געווען. יאַנטשע האָט געהויבן מיט די אַקסלען; „דאָס היי שמעקט דווקא פון קאָנטשינע און אַפילו דער ריח פון מאַקוך איז נישט טוכלע״. אָבער דער רב האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנס, און יאַנטשע האָט אַלץ איבער־געשטעלט.

קלמן האָט געקוקט פון רב צו יאַנטשען, פון יאַנטשען צום רב און געוואָלט פאַרשטיין וואָס דאָ טוט זיך. ווען דער רב האָט געהייסן אַלץ איבערשטעלן, האָט ער געמיינט, אַז דער רב וועט דערבײַ זאָגן עפּעס אַ שפּרוך, אַן אָפּשפּרעכעניש. אָבער דער רב האָט אַפילו נישט באַוועגט מיט די ליפּן. ערשט שפּעטער האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער רב איז אויסן געווען ער זאָל זען, אַז דאָס זענען בינטן שטרוי, ווי אַלע בינטן שטרוי, נישט קיין בייַנערדיקע הענט, נישטאָ איבער וואָס זיך צו שרעקן.

ס׳איז צום לאַכן, אָבער אַ ביסל איז דער רב שולדיק געווען, וואָס

ער, קלמן האָט אָנגעהויבן גנבֿענען געלט בײַם זיידן. ער האָט דערציילט דעם זיידן ווי ער האָט זיך פֿאַרהערט בײַם רבֿ, ווי דער רבֿ האָט אים אויס־געלערנט צו געפֿינען טײַטשווערטער אין ספֿר־הערוך; דער אַלטער האָט נאָר אַ מרוקע געטאָן. ער האָט געבעטן, דער זיידע זאָל אים קויפֿן דעם ספֿר, אָבער ווען נאָר ער האָט געבעטן בײַם זיידן געלט, האָט ער אים געגעבן אַן עצה, ער זאָל ניצן דעם ספֿר אין בית־המדרש. ס'איז דאָכט זיך, דאָ אַזאַ וויץ: אַן אָרעמאַן בעט בײַ אַ גבֿיר אַ נדבֿה און דער גבֿיר הייסט אים גיין אַרבעטן. ענטפֿערט דער אָרעמאַן: איך האָב אײַך געבעטן אַ נדבֿה, נישט אַן עצה.

ווען אַ וואַנדערנדיקער מוכר־ספֿרים איז געקומען קיין דאָמבראָווקע, האָט קלמן בײַ אים באַשטעלט דעם ע ר ו ך. ווען ער האָט צו מאָרגנס אַרויסגעהאָלפֿן אין געוועלב, האָט ער דאָס לייזעכץ אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין קעשענע, אַנשטאָט אַרײַנלייגן עס אין שופֿלאָדל.

אין אָנהייב האָט ער גענומען נאָר ווען ער האָט געדאַרפֿט; שפּעטער האָט ער גענומען ווײַל דער אַלטער האָט נישט גערעדט, נאָר געמרוקעט. ער האָט געמרוקעט איבער זײַנע חשבונות, איבער זײַן תּהילימל, אַפֿילו פֿון שלאָף האָט ער עפּעס געמרוקעט. ווען ער, קלמן, איז אויפֿגעוואַקסן און לייענען איז געוואָרן זײַן גאַנץ לעבן, האָט ער געדאַרפֿט אַ סך געלט, ביכער קאָסטן אַ סך געלט. ווער ווייסט, אפֿשר האָט ער פֿון דעם גנבֿענען בײַם זיידן געהאַט נישט ווייניקער הנאה ווי פֿון זײַנע ביכער. ווען דער זיידע האָט אָנגעהויבן פֿאַרשליסן זײַנע שופֿלאָדלעך, האָט קלמן נאָך מער הנאה געהאַט. נאָכמאָכן אַ שליסל איז בײַ אים געווען אַ קליי־ניקייט. טייל מאָל האָט ער בכּיוון נישט צוריק פֿאַרשלאָסן, זאָל דער אַלטער תּרח וויסן, אַז פֿאַר קלמן קאַליקע איז נישט פֿאַראַן קיין שלאָס.

## VI

פֿאַר אַ שיבוש איז קלמן פּטור געוואָרן פֿון אַלע חובֿות, חוץ איינעם, דווקא אַ גרויסן חובֿ. די אַנדערע בעלי־חובֿות זענען געזעסן טעג אין דאָמבראָווקע, געבעטן זיך, געדראָט אײַנצוזעצן קלמנען אין קרימינאַל,

געקלאָגט, אַז קלמן מאַכט זיי פּאַר אָרעמע־לײַט. אָבער דער הער פּײַנ־זילבער איז געווען אַ שטאָלצער מענטש. ער איז געקומען צו פֿאָרן אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ האַרטן מעלאָניק אויפֿן קאָפּ און אַ שטעקן מיט אַ זילבערן קעפּל אין האַנט. זײַנע מלבושים האָבן געבלאַנקט פֿון ריינקייט, אַזוי אויך זײַנע אַרויפֿגעדרייטע וואָנצעס און זײַן בערדל, צעטיילט בײַ דער גאָמבע און פֿאַרבאַרשט אַרויף פֿון בײדע זײַטן — אַלאַ פֿראַנץ־יאָזעף. ער איז אַרײַנגעקומען אין געוועלב און אַ זאָג געטאָן אויף דײַטשמעריש: „זי זינדן אײַן דיעב, זי זינדן אײַן שווינדלער”, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן אין דער פּאָדלאָגע ווי דאָס וואָלט פֿאַרחתמעט זײַן אורטייל, אויסגעדרייט זיך און אַרויס. ער האָט אָפּילו נישט באַוויליקט אַן איבעריק וואָרט צו קיין מענטש אין דאָמבראָווקע און צוריק אָוועקגעפֿאָרן קיין לאָדזש.

ווען דאָס איז געשען האָט קלמן זיך אויסגעלאַכט, אָבער אַז ער האָט געוואָלט ווידער זיך אַרײַנלאָזן אין מיסחר האָט ער עס נישט געקאָנט טאָן ווי לאַנג זײַנע פּראָטעסטירטע וועקסלען זענען געבליבן בײַ דעם פּײַנזילבער. ער האָט געשריבן צו פּײַנזילבערן, אַז ער איז גרייט צו טאָן דאָס נישט־מעגלעכע, זיך אָנשטרענגען און רעגולירן פּאַר פֿינעף און צוואַנציק פּראָצענט. דער פֿאַרעקשנטער יעקע האָט אים אָפּילו נישט געענטפֿערט.

באַצאָלן דעם גאַנצן חוב האָט אים דאָס האַרץ נישט געלאָזט, האָט קלמן באַשלאָסן אַליין פֿאָרן צו דעם פּײַנזילבער און אָפּשפּילן פּאַר אים אַ קאָמעדיע. קלמן איז שוין געווען בײַ דער באַן און צוריקגעפֿאָרן אַהיים נעמען געלט. דאָ מוז ער שפּילן „וואַ באַנק” און אָוועקלייגן אַ סומע געלט אויפֿן טיש, מיט ווערטער אַליין וועט ער גאָרנישט אויפֿטאָן. שוין געווען אויף יענער זײַט טיר, איז קלמן ווידער צוריקגעקומען, אַרויס־גענומען אַ פּעקל צירונג, וואָס מענטשן האָבן געגעבן צו זײַן זיידן ווי משכּנות און עס געלאָזט פֿאַרפֿאַלן ווערן. ער האָט אויסגעקליבן אַ פּאָר הענגל־אויערינגען מיט בלויע שטיינדלעך און אַ שנירל פּערל. דאָס, צוזאַמען מיט דעם געלט וואָס ער האָט מיטגענומען, האָט נישט באַ־טראָפֿן מער ווי אַרום פֿערציק פּראָצענט פֿון חוב, אַזוי פֿיל איז ער גרייט צו געבן.

דער הער פּײַנזילבער איז געזעסן הינטער אַ גרויסן מאַהאָגענעם שרײַבטיש און גערייכערט אַ דיקן ציגאַר. קלמן האָט אים דערציילט

אַ האַרץ־רײַסנדיקע געשיכטע ווי ער איז געבליבן אַ קלײנלעכדיקער יתום, זיך דערשלאָגן צו עפּעס, אָבער די אַמביציע האָט אים געטריבן צו ווײַט און ער האָט ווידער אַלץ פֿאַרלוירן. קלמן האָט געזען, אַז זײַן פּערפֿעקטער דײַטש מאַכט אַן אײַנדרוק אויף דעם אָנגעבלאָזענעם סוחר, וואָס איז אפשר גאָר אַ ליטוואַק, נאָר מישט אַרײַן דײַטשע ווערטער זיך צו באַווײַזן מיט אַ העכערקייט איבער די אַנדערע לאָדזשער פֿאַבריקאַנטלעך. קלמן האָט אַרויסגעלייגט זײַן געלט אויפֿן טיש, ער האָט אויסגעקראַצט ביזן לעצטן גראָשן, ער ווייסט אַפֿילו נישט צי ער האָט גענוג אויף הוצאָות אַהיים. ער האָט אַרויסגעלייגט דאָס צירונג מיט אַ דראַמאַטישן זשעסט, „אונד דיזעס שמוק". דאָס איז אַלץ וואָס איז אים געבליבן פֿון זײַן „זעעליגער" מוטער, אָבער ער איז גרייט אויך דאָס אוועקצוגעבן, אויב דער הער פֿײַנזילבער וועט צוריקציען זײַנע ווערטער „דיעב אונד שווײַן", ער קאָן פּשוט נישט לעבן מיט אַזאַ באַליידיקונג.

דער הער פֿײַנזילבער איז געווען אַ שטאָלצער און אויך אַ האַרטער מענטש. ער וואַרפֿט זיך נישט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן מיט קיין באַליידיקונגען. אויב אַ קונה קומט צו אים דאָס ערשטע מאָל און באַצאָלט נישט אַ גראָשן, איז ער...

„ביטטע, הער פֿײַנזילבער, איך ביטטע זי העפֿליך..." זאָל דער הער אים מער נישט באַליידיקן, ער איז שוין סײַ ווי אַ געשלאָגענער הונט.

דער הער פֿײַנזילבער האָט לסוף מסכּים געווען צו נעמען וואָס קלמן האָט אים פֿאָרגעלייגט, אָבער ער וועט גאָרנישט צוריקציען. ער האָט באַדײַ צוריקגעגעבן קלמנען די אויערינגלעך און די פּערל, אָבער בײַ קיין פֿאַל וועט ער נישט צוריקציען זײַנע זידלווערטער.

קלמן האָט אַרײַנגעשטופּט דאָס צירונג אין טאַש און באַלד אויפֿן אָרט צעריסן זײַנע פּראָטעסטירטע וועקסעלעך אויף פּיץ־פּיצלעך. אַ חוזק־שמייכעלע האָט זיך אויסגעלייגט אַרום זײַנע ליפּן: „אַ שיינעם דאַנק, הער פֿײַנזילבער", איז ער אַריבער אויף ייִדיש, „איך ווייס גאָר נישט ווי אײַך צו דאַנקען וואָס איר האָט געזאָגט ׳דיעב׳ און ׳שווײַן׳ אויף דײַטש; אויב איר וואָלט מיר געזאָגט ׳גנב׳ און ׳חזיר׳, וואָלט איך עס נישט אויסגעהאַלטן. פֿונדעסטוועגן, הער פֿײַנזילבער, איך דאַרף געלט פֿאַר מײַן עלעקטראָווניע, פֿאַר יעדן טויזנטער וואָס איר וועט מיר צוריקגעבן קאָנט

איר מיר זאָגן נאָך אַ מאָל 'דיעב', 'שווינ'ן און אַפילו צולייגן דאָס וואָרט 'גנב'".

דער הער פייַנזילבער איז געבליבן זיצן געפּלעפּט.

„און אויב איר וועט מיר צוריקגעבן דאָס גאַנצע געלט, קאָנט איר מיר אויך אָנשפּייַען אַ פול פּנים".

פייַנזילבער איז געקומען צו זיך. „סטעפּאַן, סטעפּאַן!" האָט ער גערופן זייַנס אַן אָנגעשטעלטן, ער זאָל אַרויסוואַרפן די „שפּיצבובע", דאָס מיאוסע באַשעפעניש.

„הער פייַנזילבער, זי' זינד די' שפּיצבובע, איין וואָרער יעקע פ־ץ", האָט קלמן אַ זאָג געטאָן און זיך אָפּגעטראָגן.

פּטור געוואָרן פון דעם לעצטן חוב, איז דאָס געוועלב ווידער פול געוואָרן מיט סחורה. ייִדן אין דאָמברוווקע האָבן זיך געשעמט ווי זיי וואָלטן געווען מיטשולדיק. אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז עס איז אַלע מאָל געווען דער זעלביקער פּויער, וואָס האָט פּראָבירט גנבענען גראָד דעמאָלט ווען עס איז אַרייַנגעקומען אַ בעל־חוב און יאָסל האָט געוואָלט ווייַזן זייַן גבורה.

## VII

קלמן איז געזעסן הינטער דער צאָלבאַנק און מיט צופרידנקייט גע־קוקט אויף די פּאָליצעס פול מיט סחורות. איצט האָט ער שוין סייַ דעם קאָנטראַקט פאַר דער עלעקטריע, סייַ דאָס געלט עס צו בויען. די אַלע אָנגעבלאָזענע סוחרים אין לאָדזש און אין וואַרשע זענען נאָר אַ באַנדע פּראַיערס. ווען ער האָט אָנגעהויבן פּלאַנעווען דעם באַנקראָט איז אים אַליין נישט איינגעפאַלן, אַז עס וועט אים אָנקומען אַזוי לייַכט און אַז עס וועט גיין ווי' געשמירט. ער איז שוין דער רייַכסטער ייִד אין דאָמב־רווקע און ווען די' עלעקטראָווניע וועט זייַן פאַרטיק... איי, ווי' ער האָט זיך געגריזשעט וועגן זייַנע געליימטע פיס. וואָס דאַרף ער פיס אַז מ'עט אים טראָגן אויף די הענט. דער עיקר איז צו האָבן אַ קאָפּ. דאָס לעבן איז טאָקע אַ וועטגעיעג, אָבער נישט ווער עס וועט וועמען אַריבערלויפן, נאָר ווער עס וועט וועמען איבערקליגלען. טייל פון די דורכגעטריבענע

גרויסשטעטישע סוחרימלעך האָבן געמיינט, אַז זיי נאַרן אים אָפּ ווען זיי שלייערן אים איין אַ שטיק ראַמש אָדער אַלטמאָדישע סחורה. ווי גייט יענער אַנטיסעמיטישער וויץ וועגן אַ ייִד און אַ ציגײַנער? אַ ייִד וויל פאַרקויפן אַ פערד צו אַ ציגײַנער און דער פּאָליאַק וויל זען ווער וועמען עס וועט אָפּנאַרן. דער ייִד בעט אַ שפּאָט־ביליקן פּרײַז. רופט דער גוי אים אַוועק אין אַ זײַט און זאָגט: „אַזאַ פערד איז ווערט אַ סך מער". ענטפערט דער ייִד: „כ'פאַרקויף ביליק ווײַל ס'הינקט". לויפט דער גוי צום ציגײַנער: „ס'פערד הינקט". לאָזט דער ציגײַנער אים אָפּ אַ סוד: „עס הינקט ווײַל עס האָט אַ נאָגל אין פוס". לויפט ער צוריק צום ייִד: „דאָס פערד הינקט ווײַל ס'האָט אַ נאָגל אין פוס". ענטפערט אים דער ייִד: „כ'האָב בכיוון אַרײַנגעקלאַפּט אַ נאָגל אין פוס, מע זאָל מיינען אַז איבער דעם הינקט עס". לויפט דער גוי און זאָגט עס דעם ציגײַנער. יענער קויפט סײַ ווי דאָס פערד, און לאָזט אָפּ זײַן סוד צום גוי: „דאָס געלט וואָס כ'האָב באַצאָלט פאַרן פערד איז נישט ווערט אַ פּרוטה, ס'איז פאַלש געלט".

דאָס זעלביקע בײַ אים. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן ווען מע האָט אים אײַנגעשלייערט אַ שטיק סחורה מיט פעלערן. ער האָט באַצאָלט מיט וועקסעלעך אָן דעקונג.

דער טירגלאָק האָט אַרויסגעריסן קלמנען פון זײַנע געדאַנקען. אַ פּרעמדער ייִד איז אַרײַנגעקומען, דאַכט זיך אַ באַקאַנט פּנים.

„פאַניע שווערדל, אַ גוט מאָרגן אײַך. איר דערקענט מיך נישט? בלײַ־ווײַס, שמעון בלײַוויַיס פון בלײַוויַיס מאַנופאַקטור".

„כ'דערקען אײַך, פאַר וואָס זאָל איך אײַך נישט דערקענען? וואָס טוט איר אין דאָמבראָווקע, איר האָט דאָ נאָך קונדן?"

„כ'בין געווען אין סאָכאַטשאָוו, האָב איך זיך שוין אַראָפּגעכאַפּט צו אײַך".

„צו מיר? בײַ מיר קומט אײַך גאָרנישט, מיר האָבן אַלץ רעגולירט".

„כ'בין דען געקומען מאָנען?"

„סתם צו גאַסט?"

„מע זאָגט אויף געגנשאַ, אַז איר קויפט ווידער סחורה. איר האָט געקויפט בײַ מיר נאָר איין מאָל און געגאַנגען באַנקראָט, גיט כאָטש איצט עפּעס צו לייזן".

„איר ווילט טאַקע מיט מיר האַנדלען ?"

„כ'האָב געהערט, אַז איר קויפט איצט פאַר מזומן, איך חלש פאַר אַ באַרער זלאָטע".

„זאָגט נישט אויס, מ'עט שנײַדן די פּרײַזן ביז צום ביין".

בלײַוויײַס האָט אַ ווײַז געטאָן אויף אַ שטיק סחורה אויף דער פּאָליצע: „דאָס שטיק קאַריאַקאַ האָט איר געקויפט בײַ מיר. אַרויס פון דער מאָדע".

קלמן האָט געמיינט דער סוחר רייצט זיך מיט אים, האָט ער געענטפערט: „דאָ ווייסט מען נישט פון די לעצטע מאָדעס, כ'על עס נאָך פאַרצוקערן".

„טאַקע צוליב דעם בין איך געקומען. כ'האָב סחורות וואָס איר קאָנט פאַרצוקערן. פאַר באַר געלט בין איך גרייט עס צו געבן בחצי־חינם — האַלב פּרײַז".

„מע קאָן הײַנט קריגן פאַר ווייניקער ווי האַלב, די זלאָטע איז הײַנט די טײַערסטע סחורה".

„אַ משוגענע צײַט און אַ משוגענער קריזיס. די גאַנצע מאָדע צו בײַטן די מאָדעס איז אַ מיטל צו פאַרקויפן נײַע סחורות. די סחורות פאַרקויפן זיך נישט און די מאָדעס בײַטן זיך. איידער מע באַוויײַזט אויספּאַקן די סחורה, דאַרף מען זי שוין פאַרקויפן ווי ראַמש פאַר אַ האַלבן פּרײַז. פאַרקויפט מען שוין אַ ביסל סחורה קומט אַ באַנקראָט, און גראַבסקי האַלט אין איין אַרויפלייגן נײַע שטײַערן. איז וואָס זאָגט איר, פּאַניע שווערדל ? מיטן פּרײַז ועלן מיר אַדורכקומען".

„איר האָט גאַרבאַדין ? אַלע פאַרבן ?"

„כ'האָב, אַוודאי האָב איך. שוואַרץ, ברוין, גראַנאַט... די בעסטע פאַרבן".

„כ'רעכן צו זײַן אין וואַרשע אין אַ צוויי וואָכן אַרום".

„זאָגט נאָר דאָס גוטע וואָרט און כ'על אײַך ברענגען די סחורה. דער חלף ליגט אויפן האַלדז, דער סעקוועסטראַטאָר האָט מיר געגעבן אַכט טעג צו באַצאָלן די שטײַערן. שטײַערן ? פון וואָס שטײַערן, אַז עס זענען געווען נאָר פאַרלוסטן ? ס'איז מלוכהשע רויבערײַ!"

קלמן האָט זיך עפּעס געפּאַרעט מיט די הענט אין אַ שופלאָד און

אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש אַ פּעקל געלט. „צוויי הונדערט זלאָטעס, דאָס איז האַנטגעלט פֿאַר דעם גאַרבאַדין״.

דער ייִד האָט זיך נישט צוגערירט צום געלט; איצט האָט ער געמיינט, אַז קלמן רייצט זיך מיט אים. קלמן האָט צוגעשאַרט צו אים דאָס געלט און צוגעגעבן מיט אַ שמייכל: „ניין, כ׳האָב נישט מורא איר וועט עס צוכאַפּן. הײַנטיקע צײַטן פֿאַרטרײַבט מען נישט אַ מזומן-קונה צוליב נישטיקע צוויי הונדערט גילדן. מעסט אויס וואָס איר האָט, גרייט צו אַן אינוווענטאַר. אויב עס וועט זיך מיר לוינען, כ׳מיין: אויב דער פּרײַז וועט זײַן גוט, וועט מען מאַכן אַ געשעפֿט״.

לויטן קויפֿפּרײַז פֿון דעם סוחר, האָט דאָס פּעקל סחורה באַטראָפֿן אַריבער פֿינעף טויזנט זלאָטעס, אָבער טייל פֿון די געוועבן און אַ סך פֿון די קאָלירן זענען שוין נישט געווען אין דער מאָדע. קלמן האָט פֿיר־געלייגט צוויי טויזנט און דערבײַ געוווּסט, אַז ער קאָן עס קריגן פֿאַר ווייניקער. כ׳על בײַ דעם מאַכן אַ פֿאַרמעגן, האָט קלמן זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר זיך אַליין און נישט געוווּסט, פֿאַר וואָס ער איז פּלוצלינג אַליין געוואָרן אַ פֿראַיער...

## VIII

לויט די נעמען האָט מען געקאָנט מיינען, אַז עס זענען פֿאַראַן אין שטעטל אַ סך מתותעס; געווען איז נאָר איינער מיט אַ סך צונעמען. „מתות האָפּסל״, ווײַל ער האָט אונטערגעהאָפּסלט אויף דעם רעכטן פֿוס; „מתות ברעטל״, ווײַל, ווי געזאָגט, ער האָט ליב געהאַט צוצוהאָפּסלען צום „ברעטל״ און זיך אַוועקשטעלן דאַוונען פֿאַרן עמוד; „מתות מיט דער קאָזע״, ווײַל ער האָט געהאָדעוועט אַ ציג און „מתות גלעזער״, מחמת ער איז טאַקע געווען אַ גלעזער. אין זײַן מעטריקע איז געווען פֿאַרשריבן „מתות ליפשיץ״, אָבער דעם נאָמען האָט זעלטן ווער געקענט.

מתות האָט געוווינט בײַם ראַנד פֿון שטאָט, ווו פֿון בײדע זײַטן שאָסיי זענען געווען ברייטע ראָוועס באַוואָקסן מיט גראָז. געווען אַזוי פֿיל גראָז אין די ראָוועס, אַז עס וואָלט געווען אַן עבירה נישט צו כאָווען

אַ ציג, בפרט אַז די פּרנסה איז געווען אַ נעבעכדיקע און אָן דער ציג וואָלט טאַקע נישט געווען קיין גלאָז מילך, קיין שטיקל קעז פאַר די זעקס מײַלער אין זײַן הויזגעזינד. אַ גאַנץ יאָר נאָר מילכיקס, אַרום פּסח־צײַט ווערט געבוירן אַ ציגעלע און טייל מאָל צוויי און דאָס פלייש פון אַ יונג ציגעלע האָט דעם טעם־גן־עדן. גלעזעריי און אַ ציג האָט שוין געדאַרפט זײַן פּרנסה. אפשר וואָלט עס געווען גענוג, אויב מתותעס ווײַב, ציפּע, וואָלט נישט געווען אַזאַ שלימיזאַלניצע און אויב אַלע זײַנע טעכטער וואָלטן נישט, ווי דער טאַטע, געהאַט איין פוס אַ קירצערן. אַז אַ דערוואַקסן מיידל האָפּסלט אונטער אויף אַ פוס, דאַרף זי כאָטש האָבן אַ לײַטיש קליידל. אַז דרײַ טעכטער האָפּסלען, דאַרף מען זאָרגן פאַר אַלע דרײַ. נו, אַז די ייִנגסטע האָפּסלט נישט און איז שיין ווי אַ שטיק גאָלד, קאָן מען זי דען לאָזן אַרומגיין קרועה־בלועה? איז טאַקע נישט געווען פריילעך, בפרט אַז בײַ דער ציפּען האָט זיך אַלע מאָל עפּעס געטראָפן. אָנגעמאָלקן אַ שעפל מילך און עס געוואָלט אַרײַנטראָגן אין שטוב, האָט אַ פוס זיך פאַרטשעפּעט אין דער שוועל און די שאָף האָט זיך איבערגעקערט. אַז זי האָט שוין יאָ צוגעשטעלט אָפּצווועלן אַ ביסל מילך, איז די מילך אויסגעלאָפן אָדער האָט אַזוי אָנגעברענט, אַז מע האָט עס נישט געקאָנט נעמען אין מויל אַרײַן. אַז זי האָט אויפגעהאָנגען אַ טאָרבעלע קעז צו טריקענען, האָט דאָס שטריקל זיך איבערגעריסן און די קאַץ האָט געהאַט אַ סעודה.

די עלטסטע טאָכטער קיילע האָט חוץ אַ קירצערן פוס אויך נישט געקאָנט אַרויסזאָגן אַ קוף; פון קיילע איז בײַ איר געוואָרן „טיילע". אָבער זי איז געווען רירעוודיק ווי דער טאַטע און געהאַט גאָלדענע הענט. אויב זי וואָלט נאָר געפונען עפּעס אַן אַרבעט. געווען אָרעמע מיידלעך, וואָס זענען אַוועק קיין וואַרשע דינען אין אַ רײַך הויז, אָבער מתות האָט נישט געוואָלט זײַן קיילע זאָל ווערן אַ דינסט. אַ דינסט און אַ הינקעדיקע, עס וועט שוין גאָר נישט מעגלעך זײַן צו טאָן אַ שידוך.

אויב מע וואָלט נישט אַזוי פיל אויסגערעדט אויף קלמן קאַליקע, וואָלט מתות אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס קאָן זײַן אַ באַשערטע זאַך, אָבער ... צוריקגעשמועסט: מענטשן האָבן גרויסע מײַלער, רעדן זיי. פאַר וואָס זאָל קלמן באַראַבעווען אַ וועלט, אַז ער האָט פּרנסה אָן דעם? אויב עמעץ איז אַ שיכּור אָדער סתּם אַ הולטײַ, איז אַלץ מעגלעך, אָבער קלמנען האָט

נאָך קיינער נישט געזען בגילופֿין און ער ליגט נעבעך איינגעלייגט אין זײַן הויז און קאָן נישט הולטײַען אפֿילו אויב ער וויל. אלא וואָס דען? די אַלע ווילדע מעשׂיות זענען אַוודאי אויסגעזויגן פֿון די פֿינגער. קלמן איז, קיין עין־הרע, רײַך געוואָרן און אומעטום זענען פֿאַראַן נישט־פֿאַרגינערס.

מתות האָט פֿאַרגעלייגט קלמנען, אַז קיילע זאָל אַרויסהעלפֿן אין געוועלב. די קראָם וואַקסט, נאָך אַ האַנט וועט אַרײַנברענגען נאָך אַ ברכה. קלמן האָט געזאָגט, אַז אין געוועלב דאַרף ער נישט קיין הילף; ער וואָלט יאָ געדאַרפֿט עמעצן, וואָס זאָל פֿירן דאָס הויז.

„וואָס מיינסטו 'פֿירן דאָס הויז'? זי וועט נישט זײַן בײַ דיר קיין דינסט".

„פֿירן דאָס הויז, מיינט פֿירן דאָס הויז. אײַנקויפֿן, פֿירן אַ באַלע־באַטעשאַפֿט, טאַקע ווי אַ באַלעבאָסטע".

„אויך קאָכן און רוימען און וואַשן?"

„און אַ באַלעבאָסטע בײַ זיך אין הויז קאָכט נישט און רוימט נישט און וואַשט נישט?"

מתותן איז געפֿעלן געוואָרן קלמנס זאָגן 'ווי אַ באַלעבאָסטע בײַ זיך אין הויז', ער האָט אַפֿילו געהערט אין דעם אַ שטיקל אָנצוהערעניש. „אָבער זי וועט נישט שלאָפֿן בײַ דיר אין קיך, זי וועט אַהיימקומען שלאָפֿן", האָט מתות געוואָלט אויסנעמען.

„פֿאַר וואָס זאָל זי שלאָפֿן אין קיך? ס'איז אַ גרויס הויז, זי קאָן האָבן איר אייגענע שטוב".

מתות צוזאַמען מיט זײַן גאַנץ הויזגעזינד האָבן אַלע געהאַט נאָר איין שטוב; אַז קיילע וועט איינע אַליין האָבן אַ גאַנצע שטוב פֿאַר זיך אַליין, איז עס דאָך שווילטאָג.

זינט קיילע האָט זיך אַרײַנגעצויגן צו קלמנען האָט דאָס גאַנצע הויז באַקומען אַן אַנדער אויסזען. איבערגעמאָלן די ווענט, פֿראָטערירט די פּאָדלאָגעס און געפּוצט זיי מיט אַ רויטלעך ברוינעם וואַקס, אַז זיי האָבן געשײַנט ווי שפּיגלען. קיילע האָט אויסגעמאָסטן די פֿענצטער, קלמן האָט איר געגעבן טיול און זי האָט אַליין אויפֿגענייט גאַרדינען. יאָסל האָט איר געוואָלט העלפֿן זיי אויפֿהענגען, אָבער ער איז געווען אַזוי אומגעלומפּערט, אַז ער האָט צעריסן אַ פֿאַרהאַנג. קיילע האָט גע־

לאַכט דערפֿון, האָט קלמן אָוועקגעשטופּט יאַסלען אין אַ זײַט און אַליין געהאָלפֿן. ער איז געשפּרונגען ווי אַ זשאַבע און דערגרייכט מיט זײַנע הענט ווו ער האָט געדאַרפֿט. קיילע האָט זיך צעשאָטן מיט איר דריבנע געלעכטערל און גענומען קוקן אויף אים מיט וואַרעמע בליקן.

ס׳איז געווען אַ וואָך שפּעטער ווען עמעץ האָט געפֿרעגט קיילען צי זי דינט בײַ קלמן קאַליקע. זי האָט געענטפֿערט: „ניין, כ׳בין נישט אַ דינסט, כ׳בין טאַלמען טאַליטעס טאַלע״.

## IX

ווען נאָך מתּות איז אַהיימגעקומען פֿון גאַס, האָט ער געדאַרפֿט גיין פֿון שכן צו שכן זוכן זײַן ווײַב. ציפּע האָט נישט געקאָנט אײַנזיצן אין שטוב; זי האָט אַלע מאָל געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן און וואָס פֿאַר אַ טעם האָט דאָס באַקלאָגן זיך, אויב מע האָט נישט ווער עס זאָל עס אויסהערן. איצט האָט זי אויסגעמיטן די שכנטעס, אָבער איר מויל האָט זיך נישט פֿאַרמאַכט, זי האָט געמורמלט די טענות צו זיך אַליין, און צו דעם וואָס מע טאָר נישט אַרויסזאָגן זײַן הייליקן נאָמען איידער מע וואַשט זיך די הענט. עס איז געווען אַ וואַרעמער פֿרילינג, די טירן פֿון די היימען זענען געשטאַנען אָפֿן, די באַלעבאָסטעס האָבן געטאָן אַ סך פֿון זייער אַרבעט אין הויף. אויך ציפּע איז געווען אין הויף מיט איר פּוטערפֿעסל; זי האָט פּראָבירט אויסשלאָגן אַ ביסל פּוטער אָבער זי האָט אָוועקגעשלעפּט איר פֿעסל אין אַ זײַט. אוי, האָט זי נעבעך אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן! אָבער שאַ, ס׳איז אַ סוד, אַ וויסטער פֿינצטערער סוד. זי האָט געשלאָגן מיט דעם פּוטער־שטויסל און שטיל צו זיך אַליין געקלאָגט מיט אַ תּחינה־ניגון: „אוי צו מײַנע פֿאַרבאָרגענע סודות, ס׳טאָר דאָך זיי קיינער נישט וויסן״.

ווי׳ געזאָגט, איז שוין געווען וואַרעם, אָבער ציפּע האָט געטראָגן איר גרויסע פֿאַטשיילע אויף די אַקסלען, ווי דאָס וואָלט זי פֿאַרהיט און פֿאַר־הוילן פֿון בייזע אויגן, וואָס קריכן אַרײַן אין דײַנע געדערעם און דעקן אויף וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. ווי זי האָט געשלאָגן די פּוטער, אַזוי האָט די פֿאַטשיילע זיך געהאַלטן אין איין אַראָפּרוקן און ציפּע האָט זי געהאַלטן

אין איין שלעפן אַרויף, ביז איבער דער קופּקע אויף איר קאָפּ. אין דעם פּעסל האָבן זיך שוין געפּורעמט שטיקלעך פּוטער; ציפּע האָט שוין אויס־גערעכנט וויפל פּוטער זי וועט פאַרקויפן און וויפל לאָזן פאַר זיך, און וואָס פאַר אַ באַרשט זי וועט אָנשלאָגן מיט דער פּוטערמילך ווען די פּאַטשיילע האָט זיך ווידער גענומען אַראָפּגליטשן. זי האָט אַ שלעפּ געטאָן אַרויף, די פּאַטשיילע האָט אַראָפּגעשטופּט די קופּקע פון איר קאָפּ. ציפּע האָט נישט געוווּסט אויף וואָס פריִער צו קלאָגן, צי אויף דעם וואָס די פאַרפּעצטע קופּקע איז אַריַינגעפאַלן אין פּוטערפּעסל, צי אויף דעם וואָס זי איז נעבעך אין מיטן הויף, אין מיטן העלן טאָג, געבליבן שטיין מיט אירע נאַקעטע האָר. ווי' זי איז אַזוי געשטאַנען און געבראָכן די הענט, איז פאַרבײַגעלאָפן די קאַץ. „אוי, אַ בראָך איז צו מיר, זי שלעפּט דאָך אַוועק מײַן שטיקל פלייש. כאַפּט זי, די גנבטע, די אַכבראַשקע", האָט זי געשריגן און געלאָפן נאָך דער קאַץ. אַ הונט האָט זיך גענומען יאָגן נאָך דער קאַץ און ביידע זענען פאַרשוווּנדן פון אויג. ציפּע איז אַוועק אין שטוב זען, צי עס איז נאָך עפּעס געבליבן אין דער ווייקשאַף ווו זי האָט כּשר געמאַכט אַ ביסל פלייש.

דאָס יונגע ציגעלע האָט מען געזאָלט האַלטן אויף יום־טוב, אָבער מע האָט איצט געדאַרפט אַ פאַר זלאָטעס, האָט מתות געבראַכט דעם שוחט און געגרייט זיך פאַרקויפן דאָס פלייש. נאָר דעם קאָפּ און די לונגען האָט ציפּע אײַנגעווייקט צו נוצן פאַר זיך. אין דער ווייקשאַף האָט גאָרנישט געפעלט. וויפל מאָל איז די קאַץ דאָ געווען, אַז דאָס גאַנצע פלייש צו פאַרקויפן איז נעלם געוואָרן? אוי, וועט מתות שרײַען, און עס איז דאָך טאַקע געוואַלד און געשריגן. אַ צרה, אַן אומגליק איז געפאַלן אויף איר קאָפּ, מע קאָן אַפילו נישט רעדן וועגן דעם. „אוי' צו מײַנע פאַרבאָרגענע סודות", האָט ציפּע ווידער גענומען קלאָגן, „ס'טאָר זיי דאָך קיינער נישט וויסן".

אַז ציפּע האָט נישט אויפגעהערט קלאָגן וועגן אירע פאַרבאָרגענע סודות און קיילע איז נעלם געוואָרן פון קלמנס הויז און פון דאָמבראָווקע, האָט מען זיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס עס זענען די פאַרבאָרגענע סודות. ווען מתות איז געקומען צו קלמנען, ער זאָל שטעלן אַ חופּה, האָט קלמן זיך אָנגעבייזערט: „וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס האָט איר זיך אָנגע־טשעפּעט אין אַ וויסטער קאַליקע?"

„ס'איז דען געשען פון זיך אַליין ?" האָט מתות זיך געבעטן.

„אוודאי איז עס נישט געשען פון זיך אַליין. אָבער פאַר וואָס טשעפּעט איר זיך צו מיר ? כ'האָב אַ שותּף, יאָסל..."

„אויב עס איז די נעוואָרעט", האָט מתות שפּעטער איינגעטענהט מיט ציפּען, „אויב דאָס איז, חלילה, אמת, איז עס אַ מכּה אויף אַ בלאָטער. אויב דער קאַליקע האָט עס אויסגעטראַכט, אויב ער האָט אַ יאַנדעס אויסצוטראַכטן אַזאַ וויסטן בילבול, איז דאָך נישטאָ מיט וועמען צו רעדן".

„אַ וויסטע צרה, אַן אומגליק, וויי און ווינד איז מיר", האָט ציפּע נאָך מער געקלאָגט.

„שאַ", האָט מתות זיך געבעטן ביי איר, „אַ קניפּ אין דער באַק, די פאַרב זאָל שטיין".

„אַז ס'האַרץ איז פול, גיסן זיך די אויגן איבער. ווינד איז מיר, כ'טאָר אַפילו נישט וויינען. אוי, וואָס אויף מיר איז געקומען עלעד שוין קיין חיבוט־הקבר נישט האָבן. דער קאַליקע זאָל זיין אין מיין הייט, שיטער און ביטער זאָל אים זיין, אַז זיינע שליפּיעס זאָלן איבערגיין !"

„ניטע ציפּע, מע טאָר נישט שעלטן. זאָל דער אייבערשטער אונדז העלפן, כ'ווייס אַליין נישט ווי אַזוי. אפשר... אויב מע וואָלט נאָר גע־שטעלט אַ חופּה אָפּצוּווישן די חרפּה".



מתות איז ווידער אַוועק צו קלמנען. זאָל ער שטעלן אַ חופּה און צו מאַרגנס זיך גטן. ס'עט געבוירן ווערן אַ קינד, ס'וועט דאָך זיין אויך זיין קינד, זאָל עס נישט געבוירן ווערן אַ וויסטער ממזר. „קלמן, האָסט דאָך אַ האַרץ, ס'איז אַ רחמנות אויף גאָטס אומשולדיק באַשעפעניש".

אַ בייזער שמייכל האָט אויסגעקרומט קלמנס ליפּן : „גאָט מאַכט מענטשנס אומשולדיקע באַשעפענישן פאַר וויסטע קאַליקעס און מענטשן מאַכן גאָטס אומשולדיקע באַשעפענישן פאַר ממזרים. אַ מענטש דאַרף נישט זיין מער צדיק ווי גאָט".

„ניטע, קלמן, רעד נישט אַזוי, עסט, חלילה, ברענגען אויף זיך אַ שטראָף", האָט מתות זיך געבעטן און אַרויס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

„וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז דער מתות ? האָט קלמן נישט געקאָנט

פֿאַרשטיין פֿאַר וואָס מתות וואָרנט אים ער זאָל נישט ברענגען אויף זיך אַ שטראָף. נאָך דעם וואָס ער האָט אָפּגעטאָן קיילען דאַרף דאָך מתות וועלן, עס זאָל קומען אויף אים די ערגסטע שטראָף. עס מוז זײַן, אַז דער גלעזער האָפּט נאָך אַלץ אים צו שלעפּן צו דער חופּה. „ס׳עלן מיר אָנוואַקסן נײַע פּיס איידער מ׳עט דאָס בײַ מיר אויספּירן!"

אין דאָמבראָוויקע האָט מען שוין געהאַט פֿאַרגעסן וועגן קלמנס באַרי־מערײַ, אַז ער וועט בויען אַ פֿאַבריק פֿון עלעקטרע פֿאַר דער גאַנצער שטאָט. אַ קעמל באַרימט זיך מיט זײַן הויקער און דער קלמן וויל נאָר באַווײַזן וואָס דער קאַליקע קאָן אַלץ אויפֿטאָן. אָנפֿלויִשן ליגנס איז לײַכט, אָבער אָנגעהייצטער שניי און אָנגעבלאָזענע באַרימערײַ — פֿון ביידע לאָזט זיך אויס אַ טײַך, ווי מענטשן זאָגן: אַז מע בויט זיך אַן אויוון פֿון פּוטער, צעגייט ער, אַז מע מאַכט זיך אַ קרוין פֿון באַרימערײַ, צערינט זי...

אָבער אין אַ שיינעם העלן טאָג האָט מען גענומען גראָבן אַ פֿונ־דאַמענט פֿאַר אַ געמויערטן בנין. קלמן האָט זיך דאָרט געפּאָרעט מיט פּאַפּירן און פּלענער, און אַז מע האָט אים געפֿרעגט וואָס און ווען, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס וועט זײַן דער בנין פֿאַר זײַן עלעקטרײַ.

קלמן איז איצט אָפּט געפֿאָרן קיין וואַרשע און געהאַט צו טאָן מיט אַדוואָקאַטן וואָס האָבן אויסגעאַרבעט זײַן קאָנטראַקט מיטן מאַגיסטראַט. „דער פּאַן האָט אַן אײַזערנעם קאָפּ", האָט אַן אַדוואָקאַט אים געלויבט.

„און ליימענע פֿיס", האָט קלמן געענטפֿערט.

„דער פּאַן האָט אַ מאָל שטודירט יורי? דער פּאַן האָט אַרויסגע־ברענגט עטלעכע אינטערעסאַנטע פּונקטן".

„אַז מע לייענט... מע קאָן אַלץ געפֿינען אין ביכער. פּאַניע מעצענאַשע, אַז מע רעדט שוין וועגן אינטערעסאַנטע פּונקטן: איך וועל אַרײַנשטעלן אַ באַדינג, אַז די עלעקטראָווניע זאָל מען רופֿן 'קלמן קאַליקעס עלעק־טראָווניע'. אפֿשר די גאַס פֿון דער עלעקטראָווניע אויך רופֿן 'קלמן קאַלי־קעס גאַס'? ווי מיינט דער פּאַן?"

דאָס אײַנגעבויגענע הויז פֿון קלמן קאַליקע איז ווידער אַ מאָל געוואָרן אין אַלעמענס מײַלער, דאָס מאָל נישט צוליב קלמנען אָדער זײַנע געשעפֿטן, נאָר צוליב זײַן שותּף יאָסעלע גולם, ווי מע האָט אים

איצט גערופן. דער יאָסל איז געהאַט אַוועקגעפאָרן; אַז עס איז פאַרבײַ א וואָך און נאָך א וואָך און יאָסל איז נישט צוריקגעקומען, האָט מען געמיינט, אַז קלמן האָט אים שוין משלח געווען. ער האָט זיך צוריקגענומען צו סאָלידע געשעפטן, דאַרף ער מער נישט דעם פאַרשוין. מע האָט שוין אָנגעהויבן פאַרגעסן אין יאָסלען, ווען ער איז צוריקגעקומען, און נישט אַליין. ער האָט ערגעץ ווו חתונה געהאַט און געבראַכט מיט זיך זײַן ווײַב.

ווי יאָסל איז געווען הויך און ברייט, אַזוי איז זײַן ברײַנדל (אַזוי האָט געהייסן זײַן ווײַבל) געווען אַ קליינס און אַ שמאָלס, אָבער זי האָט געהאַט אַ באַחנט פּיסקעלע און אַ געטאָקט גופקעלע. „אַ גרויסער לאָקש מיט אַ קליינער פערפל" האָט מען געזאָגט ווען מע האָט זיי געזען צוזאַמען. אָבער דאָס האָט מען אַזוי געזאָגט פון קינאה. אַלמאַי מע האָט געזאָגט, אַז זי האָט אויך אַ קליין קעפּעלע און איז נישט קליגער פון איר גולם? אָבער מענטשן וואָס האָבן גערעדט מיט איר האָבן געוווּסט, אַז זי איז ווײַט נישט קיין נאַר. אײַ, ווי קומט אַ קלוג ווײַבל צו אַ גולם? אַז אַ מענטש האָט מזל, איז אַלץ געמאָלט. דאָס וואָס קלמן האָט אים צוגענומען פאַר אַ שותּף איז דען נישט אַ שטיק מזל? ווי זאָגן מענטשן, „מע דאַרף נישט זײַן ווערט אויב ס'איז באַשערט"; „קמץ אלף מאַכט אָ, אָבער אַז גאָט וויל, לייענט עס זיך יאָ".

וועגן דעם שותּפות האָט מען אויך געהויבן מיט די אַקסלען: „ווייסיך וואָס, קלמן איז נישט באַוווּסט צו זײַן אַזאַ גרויסער געבער און דאָ זאָגט אַפילו ברײַנדל, אַז קלמן זאָל האָבן צוגעזאָגט אָפּצושרײַבן יאָסלען אַ העלפט פון זײַן פאַרמעגן, אַפילו פון דער עלעקטראָווניע. צוריקגעשמועסט, אַז אַ מענטש איז אַ צעדרייט שלעסל און פול מיט בזשיקעס ווי דער קלמן, איז אַלץ מעגלעך".

# X

מע האָט נאָך נישט געהאַט געדעקט דעם דאַך אויף דעם עלעקטרײַבנין, ווען מע האָט שוין אָפּגעלייגט שטויסן הילצערנע סלופּעס אויף דער לוּיוויטשער גאַס. עס זענען פאַריבער עטלעכע טעג, ציגן זענען

געשפּרונגען איבער די סלופּעס, חדר־יינגלעך האָבן זיי אויסגעמאָסטן מיט די פיס און פּראָבירט טרעפן, צי די שפּיצן וועלן גרייכן העכער ווי די אָקאַציע און די קאַשטאַנביימער וואָס האָבן באַזוימט די גאַס. עמעץ האָט געזאָגט אַ סברה, אַז די סלופּעס וועלן אַזוי בלייַבן ליגן לעולם־ועד, די גאַנצע מעשׂה מיט אַן עלעקטראָווניע איז נאָר אַ שפּיצל אויסצונאַרן נייַעם קרעדיט, דער קאַליקע זאָל דערנאָך קאָנען אָנפּייַפן מיט אַ נייַעם באַנקראָט. אָבער אין איין פרימאָרגן ווען מ׳איז אַרויס פון ערשטן מנין, האָט אַ בייַסנדיקער רויך געביסן די נאָז. אויף שייַטערן האָבן זיך געקאָכט אייַזערנע קעסלען מיט סמאָלע, אַרבעטערס האָבן געטונקען בעזעמלעך אין דער הייסער פליסיקייט און מיט דעם באַשמירט די דיקערע עקן פון די סלופּעס, דאָרט וווּ זיי וועלן שטעקן אין דער ערד.

ווער האָט דען נישט געוואָלט פּטור ווערן פון די קאָפּטשענדיקע נאַפטלאָמפּן? אָבער דער שיל־גבאי, דער לאַנגער משה, האָט גראָד געהאַט באַשלאָסן בעטן קלמנען, ער זאָל פאַרגרעסערן די הלוואה און אים צוגעבן נאָך אַ צוויי הונדערטערס. אַז דער יונג לייגט אַרייַן אַזוי פיל געלט אין דער עלעקטרע־פאַבריק, ווער ווייסט... ער האָט זיך אָנגעגורט מיט מוט, ער מוז גיין צו דעם קלמן. מע ווייסט, אַז זייַן פּרנסה איז געשלאָגן; אויב נישט קלמן, ווער וועט אים געבן אַ גראָשן אָן אַ משכּון, און וואָס צו פאַרמשכּונען האָט ער שוין נישט. ער האָט אין גערדאַנק אויסגעלייגט די רייד ווייך צו מאַכן קלמנס האַרץ: „דייַן זיידע, עליו־השלום, האָט מיר אַרויסגעהאָלפן מיט אַ הלוואה ווי נאָר איך האָב געעפנט מייַן געוועלבל, דאָס איז געווען נאָך איידער דו ביסט געבוירן געוואָרן, און זעסט דאָך, ס׳איז קיינעם בייַ מיר, חלילה, נישט פאַרפאַלן געוואָרן קיין פּרוטה״.

הייסט עס, אַז עס וועט יאָ זייַן אַן עלעקטראָווניע. סלופּעס איבער אַלע גאַסן, טויזנטער סלופּעס, מייַלן עלעקטרישע דראָט און מאַשינען, און... קורחס אוצרות דאַרף אָפּקאָסטן אַזאַ געשעפט און דער קלמן... ניין, ער קאָן אים מער נישט דוצן, קיין ספק אַז ער איז אַ ייִד אַ גביר און מע דאַרף אים רופן „רעב קלמן״.

„רעב קלמן״? סך־הכּל איז ער אַ קל און אַ שטיק הולטייַ אויך, ער האָט הינטער זיך אַ באַנקראָט און האָט נעבעך אומגליקלעך געמאַכט אַ ייִדישע טאָכטער. אָבער „פּאַניע קלמן״ מעג מען אים רופן לכל־הדעות.

# XI

עס איז געווען אין אַ פֿאַרטאָג פֿון פֿריִען ווינטער, טאַקע באַלד נאָך חנוכּה. עס איז נאָך געווען צו טונקל צו דאַוונען שחרית, אָבער מ׳איז געגאַנגען אין שיל אַריין, מ׳עט אַרײַנכאַפּן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תּהילים ביז עס וועט נעמען טאָגן. עמעץ האָט דערשנאַפּט רויך. נאָך איידער מע האָט באַוויזן צו זען ווו עס ברענט, האָט זיך דערהערט אַ קראַך: קלמן קאַליקעס הויז איז זיך צעפֿאַלן, ווי אַ באָמבע וואָלט עס אויפֿגעריסן.

יאָסלען האָט מען געפֿונען צעקוועטשט אונטער אַ שווערער בעלקע; אין ברײַנדלען און אין קלמנען האָט מען נאָך געפֿונען סימנים פֿון לעבן. דער אָרטיקער דאָקטאָר האָט געטאָן וואָס ער האָט געקאָנט און זיי אַוועקגעשיקט קיין לוּוּוויטש אין שפּיטאָל אַרײַן.



די שמאַטעדיקע פּיס זענען געבליבן גאַנץ, חוץ אַ פֿײַערבראַנד דאָרט ווו די הויזן האָבן זיך געהאַט אַנגעצונדן. אָבער דער געזונטער טייל גוף איז געווען צעלאָמעט. דער ביין אין רעכטן אָרעם איבערגעבראָכן אויף עטלעכע ערטער, געשפּאָלטענע ריפּן און וועגן דער רעכטער לונג דאַרף מען נאָך זען.

איז עפּעס חוץ די פּיס געבליבן גאַנץ? האָט קלמן זיך געוווּנדערט ווען דער דאָקטער האָט גענומען אויסרעכנען וואָס עס איז אַלץ באַשעדיקט. ער האָט זיך אַליין געגעבן דעם ענטפֿער: דער קאָפּ איז געבליבן גאַנץ כּדי ער זאָל פֿאַרשטיין אַז איצט איז ער דער אמתער קאַליקע. מע וועט אים דאַרפֿן טראָגן אויף די הענט אָדער פֿירן אין אַ רעדערשטול. אויב דער גולם יאָסל וואָלט נישט געווען אַזאַ פּאָקראַקע... ביין וועגן דעם וויל ער איצט נישט טראַכטן. ס׳איז נישט געווען קיין יאָסל און קיין האַק, ס׳איז געווען „אַן אומגליק פֿון הימל”...

די צעבראָכענע ביינער האָבן זיך גענומען היילן, אַפֿילו די לונג האָט זיך געהיילט, נאָר די בראַנדוווּנד האָט גענומען אייטערן.

מיט ברײַנדלען איז עס נישט געגאַנגען אַזוי גוט. וואָס די פּיס זענען געווען צעבראָכן אויף אַ סך ערטער, האָבן די דאָקטוירים געזאָגט, איז נישט דאָס ערגסטע. ערגער איז וואָס דער רוקנביין איז באַשעדיקט,

און מע ווייסט נאָך נישט וואָס עס איז מיט איר קאָפּ. זי זעט, זי הערט, דאָס קען מען דערקענען — זי טוט אַלץ וואָס מע זאָגט איר. אָבער פון איר מויל קומט נישט אַרויס אַפילו קיין קרעכץ, האָט זי פאַרלוירן ס׳לשון?

עפּעס אַ קוזין איז געקומען אַזש פון וואַרשע מבקר חולה זײַן קלמנען. פון וואַנען האָט זיך געיאַוועט אַ קוזין וואָס ער האָט קיין מאָל פריִער אַפילו זײַן נאָמען נישט געהערט? דער קוזין איז נישט געקומען מבקר חולה זײַן, האָט קלמן פאַרשטאַנען, נאָר זען ווי ווייט עס איז נאָך צו דער ירושה. דער קוזין האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אומגליק פון די צײַטונגען. די צײַטונגען האָבן בײַ דער געלעגנהײַט אויך געשריבן וועגן זײַנע אויפטועו און וועגן זײַן עלעקטרײַ.

ווען זײַן מאַמע איז געבליבן אַליין מיט אַ קראַנק קינד זענען נישט געקומען קיין קוזינען. ווען דאָס קראַנקע קינד איז געבליבן אַ קײַלעכ־דיקער יתום האָט זיך נישט געיאַוועט קיין קרוב וואָס זאָל אים נעמען צו זיך, ער זאָל קאָנען אויפוואַקסן צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער. אַ קאַליקע האָט נישט קיין קרובים, אַן עלעקטראָוניע האָט יאָ, אַפילו אויב זי איז פאַרבונדן מיט אַ קאַליקע...

זײַנע חלומות הייבן דאָך אָן מקוים ווערן... יעדער פּלאַן שנעל רײַף צו ווערן, די אידעע וועגן אַן עלעקטראָוניע — אַלץ האָט מיט זיך געטראָגן דאָס האָפן, אַז מע וועט וועגן אים שרײַבן אין די צײַטונגען, און אַז איינע אַזאַ צײַטונג וועט דערגיין צו זײַן טאַטן, אַז דאָס גוטע טאַטעלע זיינס וועט לייענען אין אַ צײַטונג וועגן די אויפטועו פון זײַן קאַליקע, אַז ער וועט זיך דערוויסן אַז דער זון פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן, איז שטיין רײַך און פאַרמאָגט אַן אייגענע עלעקטראָוניע, וועט ער זיך דערמאָנען אַז ער האָט אַ חלק אין דעם זון און וועט קומען צו לויפן פון ווו נאָר דער טײַוול האָט אים פאַרטראָגן.

ער האָט אַזוי אָפט געטראַכט וועגן טאַטן. האָט ער געבענקט נאָך אים?

נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן! אויב דער טאַטע האָט שׂכל און ווייסט וואָס עס איז גוט פאַר אים, וועט ער נישט דערוועגן זיך ווײַזן אין זײַן זונס דלד־אַמות.

## XII

ווען ער איז נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל האָט ער שוין געזען, אַז דאָס לעבן גייט אים פאַרביי און לאָזט אים פון הינטן. ייִנגלעך זענען געלאָפן זיך שפּילן אויף די לאָנקעס, שווימען אין טייַך, גליטשן זיך אויפן אייַז, און ער? ער האָט אויך געהאַט זייַנע גרויסע מאָמענטן. ער האָט באַוויזן אַליין פאַר זיך אויפצובויען אַ הילצערן געזעסל ווי אַ שליטעלע און ער האָט זיך שוין געקאָנט באַוועגן אין גאַס, אַפילו ווען עס איז געלעגן אַ שניי. „אַ קאַליקע און האָט גאָלדענע הענט", האָט מען אים געלויבט, דאָס איז געווען זייַן ערשטער טריומף.

ער איז אונטערגעוואַקסן, ייִנגלעך אין זייַן עלטער האָבן גענומען רעדן וועגן מיידלעך, מיידלעך האָבן זיך גענומען וויגן אויף זייערע היפּטן ווען זיי האָבן דערזען די ייִנגלעך קומען. אויב עס וואָלט זיך געפונען איין מויד וואָס וואָלט קאָקעטירט צוליב אים, וואָלט ער גרייט געווען זיך אָפּצושניידן אַן אָרעם פאַר איר. די ייִנגלעך האָבן זיך גענומען באַרימען מיט זייערע דערפאָלגן; אים האָט קיין מיידל נישט „געוויזן" און זיכער נישט דערמוטיקט אַרויפצולייגן אַ האַנט אויף אַ ווייך אָרט. אויב עס איז אים געלונגען צו באַוועגן אַ מיידל, זי זאָל קוקן אויף אים, האָט זי עס געטאָן מיט ווידערווילן, אין בעסטן פאַל מיט רחמנות. די שפּיצלעך וואָס ער האָט אָפּגעטאָן האָבן אים געבערענגט נצחונות. ער האָט זיך געריטשט אויף דער גאַס. דערזען אַ מיידל, האָט ער, מכּלומרשט נישט־ווילנדיק, זיך אָנגעשטויסן אין איר און זייַן קאָפּ איז געבליבן אונטער איר קלייד. ער האָט באַוויזן זיך אַרויפצודראַפּען אויף אַ בוים, זיך באַהאַלטן אין געצווייַג און דאָרט געלעגן שעהען ביז די מיידלעך זענען געקומען זיך באָדן אין טייַך. ער האָט פון אַ באַהאַלטעניש געקוקט דורך אַן אָפן פענצטער ווי אַ מיידל טוט זיך אויס, ער האָט שטיל זיך צוגעשאַרט צום פענצטער און אַרייַנגעוואָרפן אַ לעבעדיק מייַזל, דאָס מיידל האָט אַ קוויטש געטאָן און אַרויסגעלאָפן האַלב נאַקעט.

נצחונות? עס איז נאָך דעם געבליבן אין אים אַ ליידיקייט און אַ לאָך אין גריבעלע. ער וועט נאָך אַלעמען ווייַזן, אַלע וועלן נאָך זען ווער קלמן איז, האָט ער זיך געטרייסט. וואָס וועט ער ווייַזן? וואָס וועלן אַלע

זען, אַז קלמן איז? דאָס לאָך אונטערן לעפעלע איז געבליבן אַ לאָך און גענאָגט ביז טיף אין די קישקעס אַריַין.

דער חלום וועגן טאַטנס קומען צו לויפן איז געווען דער בעסטער פון זייַנע טאָג־חלומות, ס׳האָט אים צעוואָרעמט און צעשווידערט, ס׳האָט געבראַכט אַ „שותּף" יאָסל, באַנקראָטן, אַן עלעקטראָוויניע און... צעלאָ־מעטע ביינער.

אויב די באַרימטקייט אין די צייַטונגען וועט טאַקע ברענגען דעם טאַטן וואָלט גוט געווען ער זאָל קומען ווען די ביינער וועלן שוין זייַן פאַרהיילט הייַנט וואָלט ער אים נישט אַרייַנגעלאָזט. אויב ער איז אַנט־לאָפן פון אַ האַלבער קאַליקע...

עט, גאָלד מאַכט אַ ממזר פאַר אַ יחסן און אַ קאַליקע פאַר אַ קנאַ־קער. ער האָט נאָך אַלץ נישט געפונען קיין פאָרטל אויפצוקלויבן דאָס וואָס איז געבליבן ליגן אונטער דער פאַרשנייטער חורבה פון זייַן הויז. אוצרות ליגן דאָרט. גוט, אַז קיינער ווייסט נישט וויפל גאָלד עס ליגט אונטער דעם בראָכוואַרג. אפשר אַרומצוימען עס מיט אַ פּלויט? אפשר אַוועקשטעלן אַ בייזן הונט? ניין, דאָס וועט וויַיזן, אַז עס איז פאַראַן וואָס צו היטן. ער וועט מוזן עפּעס צוטראַכטן. אַפילו אויב מ׳עט צוגנ־בענען אַלץ וואָס אונטערן הויז האָט ער גענוג אין די בענק צו פאַרענדיקן די עלעקטראָוויניע.

ווי האַלט ער טאַקע מיט דער עלעקטראָוויניע?

קלמן האָט זיך דערוווּסט, אַז מע זעגט אונטער סלופּעס וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן צו ציִען אויף זיי די עלעקטרישע דראָטן, און די פּאָליצײַ שווײַגט. די שטאָט האָט זיך שוין מיאש געווען פון דער עלעקטראָוויניע? זיי קענען נישט קלמן קאַליקע!

*

אין שפּיטאָל האָט מען אים געפּרוּווט אײַנרעדן, ער זאָל נאָך בלײַבן, אָבער קלמן האָט זיך אײַנגעשפּאַרט. מע האָט געדונגען פאַר אים אַ דירה אין דאָמברוווקע און אַ קראַנקן־שוועסטער וואָס זאָל אויף אים אַכטיק געבן. לויט ווי ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט האָט אויסגע־וויזן, אַז די קאַליקע וועט זיך אַרויסדראַפּען פון אַלע צרות. כאָטש ס׳איז שווער צו קלעטערן אויף אײַזבאַדעקטע סלופּעס און אַרבעטן מיט פרירנ־

דיקע פינגערס, האָט מען צוויי וואָכן נאָך זײַן צוריקקערן פון שפּיטאָל גענומען ציִען עלעקטרישע דראָטן איבער די סלופּעס אויף דער לוזוויי־טשער גאַס. זאָל זײַן דערוויײַל אויף איין גאַס ביז עס וועט ווערן וואָרעמער. מע האָט צוגערוקט קלמנס בעט צום פענצטער, ער זאָל קאָנען אַרויס־קוקן און זען זײַן נחת.

## XIII

די שטרענגע קראַנקן־שוועסטער מאַריאַ האָט נישט צוגעלאָזט צו קלמנען. איין מאָל, ווען מאַריאַ איז אַרויס אײַנקויפן, האָט מתות גלעזער זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטוב. „ר׳ מתות ?" האָט קלמן זיך געוווּנדערט, „אוי, ס׳קומט דאָך אײַך טאַקע פאַרן אַרײַנשטעלן שויבן אין עלעקטראָוויניע־בנין. איר׳ט געמיינט, ס׳איז שוין פאַרפאַלן, האַ? קלמן קאַליקע וואָלט אַפילו פון יענער וועלט צוריקגעקומען פאַרענדיקן זײַן עלעקטראָוויניע".

מתות האָט גענומען דאָס געלט, אונטערגעשריבן אַ קבלה און נאָך אַלץ געבליבן שטיין נעבן קלמנס בעט. קלמן האָט פּראָבירט טרעפן, אַז מתות וויל אַ פּאָר זלאָטעס עקסטראַ ווײַל ער האָט געמוזט וואַרטן אויפן געלט. ער האָט געהאַט אַ גוט געפיל צו מתותן, וואָס ער האָט זיך אַזוי שנעל אָפּגעטשעפּעט דעמאָלט, נאָך דער מעשה מיט קיילען. נאָך איידער מתות האָט אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט האָט ער צוגעלייגט נאָך צען זלאָטעס, „דאָס, ווײַל איר האָט געמוזט וואַרטן אויפן געלט".

מתות איז געבליבן שטיין מיט די צען זלאָטעס אין האַנט און קלמן האָט געזען, אַז ער איז נישט דרייסט צו זאָגן וואָס ער וויל.

„צען זלאָטעס איז אַ שיינע מטבע", האָט קלמן געזאָגט מיט אַן אָנצוהערעניש, אַז מער וועט ער נישט געבן.

„אַ שיינעם שקויעך, קלמן, צען זלאָטעס איז גענוג און ס׳עט גוט צו נוץ קומען, ס׳איז טאַקע שווער מיט פּרנסה".

„איך האָב געמיינט, אַז איר ווילט נאָך עפּעס", האָט קלמן געזאָגט מיט אַן אָנצוהערעניש, ווי איינער זאָגט: אויב דו האָסט שוין דאָס דײַניקע, וואָס שטייסטו נאָך?

„איך וויל נאָך עפּעס..."

קלמן האָט געקוקט אויף אים מיט חידוש, דער מתות גייט נישט אָנהייבן אויף ס'ניי מיט יענער געשיכטע.

„קלמן, האָסט געהאַט אַ גרויסן נס. האָסט געזען, מע זאָל באַהיט ווערן, דעם טויט פאַר די אויגן און ביסט געראַטעוועט געוואָרן, האָסט אוודאי זכותים בײַם אייבערשטן. זאָג מיר איצט די נעוואָרעט. מײַן קיילע שווערט מיט אַלע שבועות אַז דער יאָסל, זאָל זײַן אָפּגעשיידט, האָט זי נישט אָנגערירט. כ'פאַרלאַנג פון דיר גאָרנישט, כ'וויל נאָר וויסן איין זאַך: האָסט אויסגעטראַכט די גאַנצע מעשה וועגן יאָסלען ווײַל האָסט נישט געוואָלט חתונה האָבן; אפשר האָסטו בחינם חושד געווען, אָבער ס'איז נישט אמת? מיר זאָלן ביידע אַזוי לעבן ווי ד'עסט מיר זאָגן די נעוואָרעט".

„וואָס איז שוין היינט פאַר אַ חילוק?"

„ס'איז אַ גרויסער חילוק, קלמן, דו אַליין איז עפּעס אַנדערש, זי האָט געמיינט 'עסט צו מאָרגנס שטעלן אַ חופּה, אַזוי שווערט זי זיך".

„כ'האָב דאָס קיין מאָל נישט צוגעזאָגט".

„דאָס איז זי מודה, אָבער זי האָט זיך אַזוי אײַנגערעדט".

„און אַז עמעץ וועט זיך אײַנרעדן אַ לונג-און-לעבער אויף דער נאָז?"

„קיינער פאַרלאַנגט יעצט נישט דו זאָלסט חתונה האָבן, אָבער מ'זעמיר אַלע צו שאַנד און צו שפּאָט. דער לאַנגער משה לאָזט מיך נישט דאַווענען אַ מינחה פאַרן עמוד, אַפילו ווען כ'האָב יאָרצײַט, 'דײַן מויד איז אַ זונה', האָט ער צו מיר אַ געשריי געטאָן אין שיל".

„דער לאַנגער משה איז נאָך אַלץ דער גרויסער קנאַקער אין שיל? ער מיינט אַוודאי, אַז די וועקסלען פאַר דעם חוב זענען געבליבן אונטער דער חורבה. די וועקסלען זענען אין באַנק אין וואַרשע. זאָגט דעם לאַנגן משה, אַז איך קאָן אים מאַכן אויס קאַפּעליוש-מאַכער".

„ס'איז דען נאָר וואָס מענטשן זאָגן? ס'איז מיר אַ שאַנד און אַ שמאַך פאַר מיר אַליין. אין אָנהייב האָב איך נישט געקאָנט עסן און נישט שלאָפן, אָבער איך גלייב קיילען".

די קראַנקן-שוועסטער איז צוריקגעקומען און מתות האָט זיך געאײַלט צו זאָגן דעם עיקר: „קלמן, מיר זאָלן אַזוי געזונט זײַן איך, ציפּע און אַלע אונדזערע קינדער זאָלן אַזוי לעבן, ווי מיר וועלן גאָרנישט פאָדערן

פון דיר, נאָר איין זאַך — זײַ מודה אַז ד׳אָסט קיילען בחינם חושד געווען״.

מתות האָט געוואָרט אויף קלמנס אַ וואָרט. קלמן האָט נישט געזאָגט ניין, אָבער אויך נישט געזאָגט יאָ. מאַריאַ האָט זיך אָוועקגע־שטעלט אַקעגן מתותן און אַן ווערטער געוואָרט ער זאָל שוין גיין.

„קיילע האָט אין וואַרשע אַ גוטן פּאָסטן און זעליקל איז אַ לאַכ־טיק קינד״, האָט מתות נאָך באַוויזן צו זאָגן איידער די גויע האָט אים אָנגענומען בײַם אָרעם און אָוועקגעפירט צו דער טיר.

„אַ לאַכטיק קינד״, האָט קלמן זיך צעלאַכט נאָך דעם ווי מתות איז אַרויס, צוויי קאַליקעס און אַ לאַכטיק קינד... פּלוצלינג האָט ער זיך צעשריגן: „ווו איז ער? וואָס הייסט ווער? דער מתות. וואָס האָט די פּאַני אים אַרויסגעשטופּט? וואָס שטייט די פּאַני ווי אַ ליימענער גולם? זאָל די פּאַני אים רופן, זאָל די פּאַני אים נאָכלויפן און ברענגען צוריק״.

עס האָט נישט לאַנג גענומען און די מאַריאַ האָט צוריקגעבראַכט מתותן. „זעצט אײַך, ר׳ מתות״, איז קלמן געוואָרן פרײַנדלעך. „ס׳קומט אַ מענטש, טרײַבט זי אים אַרויס, איך בין בײַ איר ווי אַן אַרעסטאַנט״.

מתות האָט זיך געזעצט אויף אַ בענקל נעבן בעט און געוואָרט, קלמן זאָל אים זאָגן צו וואָס ער האָט אים צוריקגערופן, אָבער קלמן האָט געשוויגן. עס איז אים עפּעס אײַנגעפאַלן, אָבער אַזעלכע זאַכן באַשליסט מען נישט אין אײַלעניש. ער האָט געוואָרט אַזוי לאַנג, וועט ער וואַרטן נאָך אַ ביסל.

„האָסט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן?״ האָט מתות געפרעגט נאָך אַ לאַנגן וואַרטן.

„צי כ׳האָב אײַך געוואָלט עפּעס זאָגן? ניין, ס׳קומט אַרײַן אַ מענטש... כ׳האָב אײַך נאָר געוואָלט זאָגן, אַז אויב איר גלייבט איר, קיילען, מיין איך, איר קענט זי דאָך בעסער ווי איך. אויב איר גלייבט איר, גלייב איך אויך״.

מתות איז אויפגעשפּרונגען און אָנגעכאַפּט קלמנס האַנט: „קלמן, האָסט אין מיר אַרײַנגעזעצט אַ נײַע נשמה. אַזוי זאָל דיר שוין טאַקע דער איי־בערשטער שיקן אַ רפואה״.

ער האָט נאָך געוואָלט אָפּשוואַכן מתותעס תּרעומות קעגן אים, אָבער

ער האָט אפשר געזאָגט צו פיל. ער האָט אַרויסגעריסן זײַן האַנט פון מתותעס הענט מיט אומגעדולד. מתות איז געבליבן שטיין געפּלעפט. קלמן האָט געוואָלט צוריקברענגען מתותעס וואַרעמקייט, האָט ער ווידער אָנגעשטעלט אַ פּנים פול שמייכל: „ס׳איז שווער מיט פּרנסה, האָט איר געזאָגט? קומט אַרײַן אין עטלעכע טעג אַרום, כ׳על אַ טראַכט טאָן, אפשר עלעך האָבן פאַר אײַך אַרבעט״.

מתות האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון קלמנס צוגע־לאָזנקייט.

## XIV

ווען קלמן האָט פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל און אַהיים געפאָרן קיין דאָמב־רוווקע איז דער דאָקטאָר געווען קעגן דעם. די ביינער האָבן טאַקע אָנגע־הויבן זיך צוזאַמענוואַקסן, אָבער עס איז נאָך ווײַט פון זײַן גוט. די בראַנדוווּנד אויפן פוס אייטערט נאָך, דער רוקן איז נאָך שוואַך. ער וועט זיך אַרויסדראַפּן, אָבער אַז מ׳איז נישט אָפּגעהיט...

קלמן האָט געטענהט, אַז ער קאָן נישט לאָזן זײַנע געשעפטן אויף הפקר.

וואָס פאַר אַ געשעפטן? האָט דער דאָקטאָר זיך געחידושט. דאָס געוועלב איז חרוב, די עלעקטריי קאָן מען סײַ ווי נישט פאַרענדיקן כּל־זמן די שטאָט ליגט אַזוי טיף אונטערן שניי, טאָ וואָס איז די אײַלעניש?

דער אמת איז געווען, אַז קלמן האָט דאָס זעלביקע געטענהט צו זיך אַליין. זײַן זיידנס גאָלדשטיקלעך, וואָס ליגן איצט אונטער די חורבות פון זײַן הויז, האָבן אים נישט געלאָזט רוען. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז היות קיינער ווייסט נישט וועגן דעם, וועט קיינער נישט גיין גראָבן אין שניי און זוכן. די איינציקע וואָס ווייסט יאָ וועגן די גאָלדשטיקלעך, ברײַנדל, ליגט נאָך חרוב קראַנק מיט אַ צעבראָכענעם רוקנביין און איז סײַ ווי געווירט אויפן קאָפּ.

פונדעסטוועגן האָט ער געוואָלט זײַן צוריק אין דאָמברוווקע. ער האָט גוט געוווּסט, אַז דער שניי וועט זיך נישט צעשמעלצן אין מיטן ווינטער

און אַפילו ווען ער וועט זײַן אין דאַמבראָווקע וועט ער גאָרנישט קאָנען טאָן וועגן דעם. אָבער עס איז אַרײַן אין אים אַ נײַע משוגעת: גאָלדשטיקלעך. אַלע קלוגע לאָגישע טענות האָבן נישט געהאָלפן. די שרעק פון יענער אומגליקלעכער נאַכט האָט, ווײַזט אויס, אויסגעוועפּט. יאָסל — אַ ריז, ער — אַ קאַליקע, אָבער ווער איז אַרויס אַ לעבעדיקער? ער, און נישט יאָסל. ער האָט נישט געדענקט ווי אַזוי עס איז געשען, אָבער עס ווײַזט אויס, אַז אַפילו אין יענער פּחדימדיקער רגע האָט ער געהאַט שׂכל נישט צו זײַן אונטער אַ בעלקע. אַז מע האָט דעם קאָפּ אויפן ריכטיקן אָרט, קאָן מען זיך אַרויסדראַפּען פון אַלע צרות, אַפילו פון דעם, וואָס דער דאָקטאָר סטראַשעט אים אַז עס קאָן געשען.

עס איז אים אײַנגעפאַלן, אַז אין גאַנץ דאַמבראָווקע איז נאָר איין מתוּת געווען ערלעך און געווען נאָריש מע זאָל אים קאָנען אָנטרויען דאָס אויפקלויבן די גאָלדשטיקלעך. צוריקגעשמועסט: ווער ווייסט? אין אַזאַ פאַל געפינט שוין יעדער פאַר זיך אַ פּרוּם תּירוצל צו לאַטכענען. ווער קאָן דען געפינען אַ בעסערן תּירוץ ווי דער מתוּת? ער וועט, חלילה, נישט נעמען פאַר זיך, ער וועט נעמען פאַר זײַן אייניקל, וואָס איז קלמנס זון און חנאס אייניקל, אַ כשרער טאָפּ און אַ כשרער לעפל...

מתוּת איז געקומען צו קלמנען איין מאָל און נאָך אַ מאָל; די שוועסטער מאַריאַ האָט שוין געוווּסט, אַז אים דאַרף זי אַרײַנלאָזן, אָבער קלמן איז נאָך אַלץ נישט גרייט געווען אים אָנצוטרויען דעם סוד. קלמן האָט דערווײַל געזוכט זיך אײַנצוקויפן בײַ מתוּתן אין פרײַנדשאַפט. ער האָט אים געשיקט אין שליחותן און אים באַצאָלט אַ פּאָר זלאָטעס.

מתוּת האָט אַלע מאָל געפונען אַ געלעגנהייט אָנצוהייבן אַ שמועס וועגן קיילען. גוטע רייד קאָסטן נישט קיין געלט און קלמן האָט זיי געגעבן בשפע. ער פּילט זיך זייער געטראָפן, וואָס מתוּתן האָט אַפילו געקאָנט אײַנפאַלן דער מינדסטער חשד אַז ער, קלמן, האָט אויסגעטראַכט אַ בילבול וועגן קיילען מיט יאָסלען. ער איז אַליין אַ געשטראָפטער מענטש, מען האָט אים געווען מבזה געוועזן אַלע זײַנע יאָרן, וועט ער פאַרשעמען אַ ייִדישע טאָכטער פאַר גאָרנישט? ער איז נעכטן נישט געשלאָפן און געווען אַרײַנגעטראַכט אין דעם. ער ווייסט שוין איצט, אַז ער האָט קיילען בחינם חושד געווען, און וואָס איז דער חידוש? עס דרייט זיך אַרום אין הויז אַ גרויסער, שיינער, געזונטער יונג, און ער, ער איז

נישט מער ווי אַ גאָט־געשטראָפּטער קאַליקע. „בין איך נישט גערעכט, ר׳ מתות, אַז יאָסל האָט געקאָנט בעסער געפעלן ווי איך?״

„איך בין אויך לאָם״, האָט מתות געוויזן אויף זײַן קירצערן פוס, „פונדעסטוועגן, האָסט געדאַרפט זען מײַן ציפּע ווען זי איז געווען אַ מיידל. ׳עסט מיר נישט גלייבן, אָבער מ׳האָט איר, קיין עין־הרע, נאָכגעקוקט אין די גאַסן. ציפּע, זאָל געזונט זײַן, און מײַן רייזעלע...

מתות איז פאַרקראָכן אין שבחים פאַר זײַן ווײַב און טעכטער און פאַרגעסן וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען. קלמן האָט אים אַרויס־געהאָלפן: „אפשר זענט איר גערעכט, ר׳ מתות. כ׳ווייס נישט וואָס קיילע האָט געזען אין מיר. זי האָט קינעהאָרע אַ פּנימל ווי אַ ליאַלקע...״

מתותן זענען אַזש די אויגן פײַכט געוואָרן פון גערירטקייט. „קלמן, מע קאָן נאָך אַלץ צו רעכט מאַכן. כ׳על נישט לייקענען, נאָך דעם בילבול, כ׳מיין נאָך דעם ווי דו האָסט חושד געווען יאָסלען, איז מײַן קיילע געבעך געווען אַזוי פאַרצאַרנט, אַז מען האָט נישט געטאָרט דערמאָנען דײַן נאָמען. אָבער קיילע איז אַ גוטע נשמה...״

קלמן האָט געזען, אַז ער איז פאַרקראָכן צו ווײַט, האָט ער פּראָבירט צוריקדרייען: „איר דאַרפט מיר זאָגן וועגן קיילעס מעלות? נאָר וואָס דען, צוויי קאַליקעס וועלן גיין טאַנצן? די גאַנצע שטאָט וועט לאַכן און ס׳עט שאַדן צו מיסחר אויך...״

מתותעס פּנים איז געוואָרן גרוי ווי אַש, קלמן האָט עס דערזען און ווידער גענומען דרייען אויף צוריק: „אָבער מענטשלעכקייט איז וויכ־טיקער ווי אַלץ״.

„אַן אייגן קינד איז... קיילעס יינגעלע איז דײַן בלוט און פלייש״.

וואָס איז היינט געשען צו אים? האָט קלמן זיך געוווּנדערט. ער האָט נישט געטאָרט דערלאָזן דער שמועס זאָל פאַרקריכן אַזוי ווײַט, אָבער אַז שוין פאַרקראָכן, האָט ער נישט געטאָרט זיך פאַררעדן אַז ער האָט נישט בדעה צו נעמען די נאַרישע מויד, און געזאָגט עס נאָך איידער מע האָט אויפגעקליבן די גאָלדשטיקלעך. צוזאָגן קאָסט נישט קיין געלט, זאָל דער שוטה מתות מיינען, אַז קלמן קאַליקע פגרט פאַר דער לאָמער טיילען. דערנאָך, ווען ער וועט שוין קאָנען פײַפן אויף דעם נאַרישן געזינדל, זאָלן זיי אים רופן ׳קנאַקניסל׳. „און כ׳בעט אײַך, ר׳ מתות, אַז איר׳ט זען קיילען, זאָגט איר, אַז דער טײַוול קלמן איז נישט אַזוי שוואַרץ

ווי זי מאַלט זיך אים. פון יענער צײַט איז מיר אויך געבליבן אַ לאָך אין האַרץ. ס'איז מיר שווער צו רעדן וועגן דעם, אָבער אויב קיילע וואָלט געקאָנט לייענען מײַנע געדאַנקען, וואָלט זי זיכער נישט געווען בייז אויף מיר, דאָס קאָן איך אײַך שווערן.

דאָס וואָרט שווערן, וואָס ער האָט געזאָגט צו מתותן, האָט קלמנען אַרויפגעפירט אויף אַ געדאַנק. „קומט אַרײַן צו מיר מאָרגן, ר' מתות", האָט ער אַוועקגעשיקט מתותן, ער זאָל קאָנען אַרײַנטראַכטן אין דעם ענין, „קומט באַלד אין דער פרי, כ'האָב אײַך צו זאָגן עפּעס זייער וויכטיקס".

צו מאָרגנס האָט קלמן געוואָרט אויף מתותן מיט גרויס אומגעדולד. מתות איז געקומען גלײַך פון דאַוונען, ער האָט נאָך געהאַט זײַן טלית־זאַק אונטערן אָרעם. אויב מתות האָט ערשט אָפּגעדאַוונט, האָט ער נאָך הײַנט גאָרנישט געהאַט אין מויל, האָט קלמן געטראַכט. עס איז אים אײַנגעפאַלן אַרויסצושיקן מאַריאַן קויפן אַ פלאַש בראָנפן און צובײַס, אָבער דאָס וואָלט צוגענומען צו פיל צײַט. ער איז גלײַך צוגעטרעטן צום ענין.

„ר' מתות, כ'בין אַ קראַנקער מענטש, אַ סך קראַנקער ווי איר ווייסט. כ'האָב נישט קיין קרוב און קיין גואל. ווּהין זאָל איך זיך קערן און צו וועמען זאָל איך זיך ווענדן, אַז איך בין אַליין און צוגעבונדן צום בעט? צו וועמען טאָקע ווענד איך זיך? איר זעט דאָך שוין, אַז איר זענט מיר דער נאָענטסטער מענטש אין גאַנץ דאָמברוווקע. איר וועט האָבן אַ גרויסע מיצווה און כ'על אײַך באַצאָלן פאַר אײַער טרחה".

„העלפן אַ קראַנקן איז אַ מיצווה און פאַר דעם דאַרפסטו נישט באַצאָלן. אויב וועסט האָבן אַרבעט פאַר מיר — דאָס איז עפּעס אַנדערש".

„איר דאַרפט פּרנסה און איך דאַרף נאָך, חלילה, נישט מע זאָל אַרבעטן פאַר מיר בחינם. ס'געוועלב איז חרוב געוואָרן, אָבער דער אייבערשטער פאַרלאָזט נישט אַ בעל־מום. ער שטראָפט מיט איין האַנט און גיט צוריק מיט דער צווייטער".

מתותס אויגן זענען ווידער פײַכט געוואָרן. אַ ייִדישע נשמה איז גאָר נישט אָפּצושאַצן. דער קלמן, נאָך דעם ווי ער האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן, איז ער געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. „אויב איך קאָן עפּעס טאָן פאַר דיר, קלמן, זאָג נאָר וואָס".

„אויב עמעץ גלייבט נישט אַז דער אייבערשטער שיקט די רפואה פאַר דער מכּה, זאָל ער קומען מיך פרעגן. אָבער ס׳איז אַ סוד און ס׳מוז דערוויַיל בלייַבן אַ סוד".

„האָב נישט קיין מורא, קלמן, איך קאָן האַלטן אַ סוד".

„טייל מאָל טאָר מען זיך אַליין נישט געטרויען. בין איך געזעסן, ר׳ מתות? אַלץ וואָס כ׳האָב געלערנט אין חדר האָב איך שוין פאַרגעסן, אָבער דאָס געדענק איך: כאָטשיק אַלץ איז דאָ אין דער תּורה און ייִדן דאַרפֿן עס אָפּהיטן, האָבן די חכמים געמאַכט אַ ,סיג׳, אַ צוים אַרום דער תּורה, מחמת אַ מענטש קאָן זיך אַליין נישט געטרויען. קעגן וואָס זאָג איך דאָס? כ׳וויל... ניין, פריִער גייט אַהיים עסן אָנבייַסן. נאָכן עסן קומט צוריק צו מיר און ברענגט מיט אַ חומש".

„אַ חומש?"

„איר אַ חומש און אייַער וויַיב זאָל מיטברענגען איר טייַטש־חומש. פון וואַנען כ׳ווייס אַז אייַער ציפּע האָט אַ טייטש חומש? פון וואַנען דען קען קיילע די אַלע מעשׂיות פון טייַטש־חומש, וואָס זי האָט מיר דערציילט? כ׳ווינטש מיר נאָר איין זאַך, דער ייִד אין וואַרשע ביַי וועמען קיילע אַרבעט זאָל וויסן אַז ער האָט אין זייַן הויז אַן איידל מיידל פון אַ ייִדישער שטוב. יאָ, ברענגט מיט אַלע אייַערע קינדער. כ׳על נישט פאַרלאַנגען, חלילה, איר זאָלט האַלטן סודות פאַר אייַער אייגן הויזגעזינד".

מתות איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן.

„האָט נישט קיין מורא, ר׳ מתות, כ׳בין ביַים קלאָרן שׂכל. איך קאָן יעצט נישט זאָגן מער ווי כ׳האָב אייַך שוין געזאָגט. אָבער איר׳ט אַליין זען, מיך וועט איר ראַטעווען און איר... איר וועט שוין זען".

## XV

ווי נאָר מתות איז אַהיימגעקומען, נאָך איידער ער האָט געוואַשן די הענט צום עסן האָט ער אַרויסגעשיקט ציפּען אויפזוכן די טעכטער. ער האָט זי געיאָגט און געערדט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ציפּע האָט זיך דערשראָקן: „מתות־קרוין, וואָס איז געשען? אַנישט זאָלעך נישט דערלעבן איבערטרעטן די שוועל ווי ד׳עסט מיר זאָגן".

„חלילה, גאָר נישט קיין שלעכטס, פּאַרקערט. גיי שוין, רוף די קינדער״.

„מתות, דו ביסט ווײַס ווי די וואַנט. כ׳זאָל אַזוי געזונט זײַן ווי ס׳ט מיר זאָגן״.

„אפשר עסדע שוין אויפהערן מיט דײַן שווערן?״

„כאָ שוין געשווירן, סי׳ שוין פאַרפאַלן״.

„אַוודאי עלעך דער זאָגן, כאָ דען סודות פאַר דיר? אָבער ד׳שטייסט דאָ און שווערסט און גייסט נישט רופן די קינדער, ווי קאָן איך זאָגן?״

„אוי, אַ בראָך איז, חלילה, צו מײַנע יאָר. ס׳איז שוין, זע איך... טפו, טפו, נישט דאָ געדאַכט כ׳על נישט דאָ געדאַכט אַוועקפאַלן אויפן וועג. ווי קאָן איך גיין מיט אַזאַ שרעק?״

„מ׳זאָל ביידע אַזוי געזונט זײַן ווי ס׳איז דווקא גוט. ׳אָסט געדאַרפט הערן ווי ער׳ט גערעדט וועגן קיילען״.

„ווער׳ט גערעדט? וואָס ט׳ער געזאָגט? צי נישט אַרויס די נשמה״.

„וואָס הייסט ווער? כ׳האָב דיר געזאָגט צו וועמען איך גיי. און ווי קאָן איך דיר זאָגן, אַז איך אַליין ווייס נישט. כ׳ווייס נאָר, אַז ס׳איז אַ סוד, און ד׳אָסט געדאַרפט הערן וואָס ר׳אָט געזאָגט וועגן קיילען״.

„וואָס דער לאַטעק האָט געזאָגט וועגן קיילען? אַז זאָגן זאָל מען שוין נאָך אים... טפו, מײַן ביטער האַרץ זאָל אויסגיין צו אַלע שונאים. אַז ר׳אָט נישט געוואָלט זײַן קיין מענטש מיט גוטן, האָט דער אין הימל אַנדערע וועגן... טאָ צו וואָס דאַרפסטו די קינדער?״

„ער פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אַלע קומען, ׳עט ער אונדז זאָגן״.

„וואָס?״

„אַז ד׳עסט דאָ שטיין ווי אַן אײַנגעשפּאַרטער אייזל און זיך נישט רירן פון אָרט, עמער קיין מאָל נישט וויסן״.

ציפּע איז אַרויסגעלאָפן אין הויף מיט אַ רוף: „פריידל, חיה, רייזל, קומץ שוין, קלמן וויל אונדז זאָגן אַ סוד״.

שווערן, שווערן, שווערן... בײַ דעם נאַיִוון מתות און בײַ זײַן נאַרישער ציפּע איז אַ שבועה אַ הייליקע זאַך, האָט קלמן געוווּסט. עובר זײַן אויף אַ שבועה מיינט אײַנשטעלן דאָס לעבן. נאָך ערגער: עובר זײַן אויף אַ שבועה איז ווי פאַרקויפן די נשמה צום שטן. אויב מתות און זײַן ציפּע וועלן טאַקע שווערן, וועלן זיי נישט ברעכן די שבועה צוליב

אַ גאָלדשטיקל. ער וועט זיי הייסן שווערן אויף, אַז זיי וועלן נישט קיין פּיפּס טאָן וועגן דעם. די ציפּע האָט טאַקע אַ לויזע צונג, אָבער אַ שבועה וועט פאַרשליסן איר מויל ווי מיט אַ שלאָס. אַ געניאַלער געדאַנק! פאַר וואָס איז עס אים נישט איינגעפאַלן ביז הייַנט? עס וואָלט אוודאי גוט געווען, זיי זאָלן שווערן ביי אַ ספר־תּורה, אָדער ווו וועט ער נעמען אַ ספר־תּורה? שווערן אין דער שיל וועט באַלד גאַנץ קהל וויסן, אַז עפּעס טוט זיך דאָ. זאָל מתּות שווערן ביי אַ חומש און ציפּע ביי איר טייַטש־חומש. יאָ, קלמנס קאָפּ האָט נאָך נישט אין גאַנצן אויסגעטריקנט, ער האָט געפונען דאָס בעסטע פאַרטל, דער איינציקער וועג אויפצוקלייבן זייַן גאָלד אָן שאָדן.

דער קלמן האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין אָנגעכאַפּט גאָט ביי די פּיס, אָבער ווען מתּות מיט זייַן הויזגעזינד, אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע מלבושים, זענען געקומען צו זייַן דירה, האָבן זיי געטראָפן אַ פאַרשלאָסענע טיר. פון שכנים האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז פּאָליציי האָט אָוועקגעפירט קלמנען און זייַן קראַנקן־שוועסטער, און דאָמבראָווקע גייט אויף רעדלעך.

## XVI

עס איז שוין געווען אַריבער צוויי חדשים זינט דעם אומגליק. ברייַנדל איז נאָך אַלץ געווען אין שפּיטאָל, נאָך אַלץ געלעגן אין גיפּס, אָבער עס איז איר שוין געווען אַ סך בעסער און דער דאָקטער האָט געפילט, אַז ער קאָן איר שוין זאָגן דעם אמת וועגן איר מאַן: נאָר זי און קלמן זענען אַרויס מיטן לעבן.

„קלמן לעבט?"

„זי רעדט, זי רעדט. ז'יט אָנגעהויבן רעדן!" איז געוואָרן אַ טומל אַרום איר.

דער דאָקטער האָט פּראָבירט אַרויסקריגן פון איר אַ וואָרט, אָבער אירע אויגן זענען געווען בלאַנק און אירע ליפּן געשלאָסן. ערשט שפּעט ביי נאַכט, ווען אַ שוועסטער איז געקומען אַ קוק טאָן וואָס זי מאַכט, האָט ברייַנדל אַ פרעג געטאָן: „ער איז דאָ אין דעם שפּיטאָל?"

„אַ דאַנק גאָט, ער האָט נישט געליטן. אַ בעלקע האָט אים געשפּאָלטן דעם קאָפּ און אויס".

„אויס? ווען?"

„ווען מע האָט אים געפונען האָט ער שוין נישט געהאַט קיין סימן פון לעבן".

„דער דאָקטער האָט געזאָגט..."

„צום באַדויערן, קיין סימן פון לעבן. נאָר די פּאַני און דער פּאַן... וואָס איז זײַן נאָמען?"

„איך פרעג וועגן קלמנען".

„אָ, די פּאַני פרעגט וועגן אים? יאָ, ער איז געווען דאָ. ער איז שוין אין דער היים".

„אין דער היים?" האָט ברײַנדל אויסגעשריגן. „דער באַנדיט, דער מערדער, אין דער היים? יאָסל ליגט אין דר'ערד און זײַן רוצח איז שוין אין דער היים!"

ברײַנדל האָט זיך אַזוי געוואָרפן, אַז צוויי שוועסטער האָבן זי גע־מוזט צוהאַלטן. מע האָט איר געמוזט מאַכן אַן אײַנשפּריץ זי אײַנצו־שלעפערן.

ערשט צו מאָרגנס אָוונט האָט זי ווידער גענומען רעדן, זי האָט געבעטן מע זאָל רופן די פּאָליציי. דאָס הויז איז נישט אײַנגעפאַלן פון זיך אַליין; קלמן איז יאָסלס און איר מערדער.

*

ס'קאָן זײַן, אַז די פּאָליציי האָט נישט געוווּסט ווי זיך אַן עצה צו טאָן מיט אַ קראַנקן אין תּפיסה; עס קאָן אויך זײַן, אַז קלמן איז געווען „פּאַניע בראַט" מיט דער פּאָליציי; ס'איז אויך אַ סברא, אַז מלכות האָט אים גענדאַרפט צו פאַרענדיקן די עלעקטרײַ. סײַ ווי סײַ, קלמן האָט אײַנגעלייגט אַ פּאָר זלאָטעס קויציע און צוריקגעקומען אַהיים. ווי נאָר מע האָט אים אַרײַנגעלייגט אין זײַן בעט, האָט ער געשיקט מאַריאַן רופן מתּותן. אויב ברײַנדל רעדט, טאָר ער נישט וואַרטן קיין איין טאָג.

מתּות, ציפּע און אַלע דרײַ טעכטער האָבן געשוווירן נישט אַ פּיפּס צו טאָן און גלײַך זיך גענומען צו דער אַרבעט. געגראָבן אין שנײ, אַריבערגעטראָגן שטיקער בראָכוואַרג אין אַ זײַט. היות מתּות איז שוין

פריִער געווען אַן איַינגייער בייַם קראַנקן קלמן און געגאַנגען פאַר אים אין פאַרשידענע שליחותן, האָט מען זיך נישט געוווּנדערט וואָס מתות און זייַן הויזגעזינד אַרבעטן איצט פאַר קלמנען אָפּצוּרייניקן און צוצו־גרייטן דעם פּלאַץ פאַר אַ נייַעם בנין. מתות האָט אויסגעמיטן מענטשן, אַפילו אין שיל נישט געגאַנגען. ציפּע האָט מורא געהאַט צו ענטפערן אויף אַ גוט־מאָרגן, קלמן האָט זי געמאַכט שווערן מיט אַזעלכע האַרבע שבועות, זי זאָל זיך נאָר נישט פאַרזינדיקן בייַ גאָט.

נאָכן שווערן האָט ציפּע דערוואַרט אַן אַנדער מין סוד, עפּעס וועגן דעם וואָס קלמן טראַכט וועגן קיילען, אָבער אַ בלינדער קאָן זען, אַז דאָס וועט אויך קומען. ער האָט דאָך אַלץ איבערגעגעבן אין מתותעס הענט. אַזוי פיל געטרויט מען נאָר אַן אייגענעם...

## XVII

ווען קלמן האָט איבערגעציילט וואָס מתות האָט אים געבראַכט דעם ערשטן אָוונט האָט ער געטראַכט, אַז קיין סך מער האָט שוין דאָרט נישט געקאָנט בלייַבן, אָבער אפשר איז פאַראַן עפּעס ווערטפולס אין די אַנדערע זאַכן ? ער האָט געהייסן מתותן אויפקלייבן אַלץ וואָס לאָזט זיך נאָר אויפהייבן און אַרייַנלייגן אין אַ זאַק. מתות האָט געבראַכט גאָלדשטיקלעך אויך צו מאַרגנס און נישט ווייניק גאָלדענע רובלס אויף דעם דריטן אָוונט. ווו האָט דער זיידע גענומען אַזוי פיל גאָלד ? האָט קלמן זיך געחידושט. אין דעם קאָלאָניאַל געוועלבל האָט ער נישט געקאָנט אַזוי פיל פאַרדינען. האָט ער געהאַט אַנדערע געשעפטן ? האָט ער געירשנט אַ גרויס פאַרמעגן פון זיין טאַטן ? האָט ער באַגנבעט אַ באַנק ?

אין די ווייַטערדיקע טעג האָט מתות געפונען נאָר געציילטע גאָלד־שטיקלעך. צוזאַמען מיט פּאַפּירענע צאַרישע רובלס אָן ווערט, האָט ער איצט געבראַכט פאַרשידענע פּאַפּירן פאַרוויקלט אין שמאַטעס אָדער איַינגעקנייטשט און אַרייַנגעשטופּט אין בלעכענע שאַכטעלעך פון ציגאַרן אָדער וויסאָצקיס טיי. ווער ווייסט וויפל פון די ווערטפּאַפּירן האָבן אויך שוין פאַרלוירן דעם ווערט ? אויב קלמן האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן

גלייבן, אַז דער זיידע איז געווען אַ געניאַלער סוחר, האָט ער איצט געטראַכט, אַז ער איז גאָר געווען אַ שטיק משוגענער. פֿאַרדינט אוצרות, אָבער דערנאָך געלאָזט עס זאָל פֿון די אוצרות ווערן בלאָטע.

מתוך האָט אים געבראַכט שאַכטעלעך מיט אַ סך אַלטע פֿאַרגעלטע פּאַפּירן. ווי אַזוי האָט דער אַלטער געקאָנט דאָס אַלץ אַרײַנשטופּן צווישן די בעלקעס אין זײַן הויז? איז עס געלעגן אין שופֿלאָדן וואָס ער, קלמן, האָט קיין מאָל נישט געעפֿנט? גיי ווייס, אַז דער אַלטער איז ווי אַ מויז וואָס פֿאַרשטעקט אַלץ אין לעכער. די פּאַפּירן מיט ייִדישער שריפֿט זענען, ווײַזט אויס, נישט געווען אַזוי גוט פֿאַרפּאַקט, אויף אַ סך פֿון זיי איז די שריפֿט געווען אָראָפּגעשווענקט פֿון פֿײַכטקייט. ער וועט זיך נישט אַרויסנעמען די אויגן איבערצולייענען אַ בריוו פֿון אַן עלטער־באָבע...

איינס פֿון די בלעכענע שאַכטלעך איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט וועקסלען און פּאַפּירלעך, אַלע מיט דער זעלביקער אונטערשריפֿט. קלמן האָט פֿאַרבראַכט שעהן איבער די פּאַפּירן און פּראָבירט דערגיין וועד דאָס איז. ערשט צו מאָרגנס בײַ טאָגליכט איז אים געלונגען איבערצו־לייענען דעם נאָמען סטעפֿאַן פּשיבולסקי. דער פּריץ פֿון דעם דאָמבראָווקער הויף הייסט סטעפֿאַן פּשיבולסקי; ווען האָט דער אַלטער חנא געהאָט עסקים מיט דעם שׂונא־ישׂראל אין הויף? לויט אַ דאַטע וואָס קלמן האָט געפֿונען אויף איין פּאַפּירל, איז עס געווען לאַנג פֿאַר דער וועלט־מלחמה; דעמאָלט האָט דאָך דער אַלטער פּריץ נאָך געלעבט און דער הײַנטיקער פּריץ איז נאָר געווען דער עקאָנאָם און פֿאַרוואַלטער פֿון די גיטער פֿון ייִדישן פּריץ דאַווידזאָן!

אויב דער פּריץ האָט אָפּגעצאָלט די חובות, פֿאַר וואָס זענען די וועקסלען געבליבן בײַם זיידן? קאָן עס זײַן, אַז דער פּריץ האָט אויפֿ־געהערט צאָלן פּראָצענט אויף זײַנע חובות ערשט נאָך דעם ווי דער זיידע איז געשטאָרבן?

אויב עס איז טאַקע דער פּריץ און אויב ער מיינט אַז די וועקסלען זענען פֿאַרלוירן געוואָרן, איז בעסער צו שווײַגן וועגן דעם ביז ער וועט פֿאַרטיק ווערן מיט דעם פּראָצעס און ברײַנדלס באַשולדיקונג קעגן אים. דער פּריץ איז אַוודאי אַ גאַנצער שמעלקע מיטן ריכטער. ביז נאָכן פּראָצעס וועט ער אפֿילו נישט אויספֿאָרשן וועגן דער אונטער־שריפֿט, צי עס איז טאַקע דעם פּריצעס. ניין, ער יאָגט זיך נישט צום

פראַצעס. ברײַנדל איז נאָך אַלץ גוט קראַנק, אפשר וועט זי צומאַכן אַן אויג. זאָל דער ברײַנדעלע אַרײַן אַ שלאַק אין יעדן ביינדעלע! און ער, דער קלוגער קלמן, איז אַ מאָל גרייט געווען אפילו אָפּצוסמען יאַסלען, אַבי דאָס שלענגעלע זאָל ווערן זײַן ווײַב. אויב ער האָט ביז דעמאָלט נאָך נישט געהאַט גענוג געלערנט פון לעבן, האָט ער אַ סך געלערנט זינט דעמאָלט. די וועלט איז אַ דזשונגל. די צווייפיסיקע חיות זענען נישט בעסער ווי די פירפיסיקע. אפשר זענען זיי געפערלעכער, אַ שאַרפער קאָפּ איז מער געפערלעך ווי שאַרפע נעגל. אין דר'ערד אַרײַן מיט אַלע זײַנע גלידער וואָס זענען באַשעדיקט געוואָרן אין דעם אומגליק, אַבי דער קאָפּ איז געבליבן גאַנץ און קלאָר און נישט פאַרסווענדזשעט מיט צעקראָכענע עמאָציעס. קלמן קאַליקע איז דער צענטער פון דער וועלט, אַלץ וואָס שטייט אין זײַן וועג...

## XVIII

דעם אָוונט האָט מתות זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער, געדרייט זיך אַהין און אַהער און צום סוף אַרויסגעקומען מיט רייד: „אַז כאַ' נישט קאַ צאַט צו זאַן אַ גלעזער אי נישטאַ פאַר וואָס צו קויפן ס'שטיקל ברויט. ד'מוזט מער געבן אַ פאָר זלאָטעס".

קלמן האָט קוים צוגעגלייבט זײַנע אויערן. דער מתות איז נישט קיין גרעסערער חכם פון זײַן קיילען. ער טרויט אַן דעם שוואַנץ אַזוי פיל נישט-געציילט גאָלד, און יענער נעמט נישט אפילו אויף אַ שטיקל ברויט. „איר ווייסט וויפל איר האָט מיר געברענגט?" האָט קלמן אים געפרעגט.

„פון וואַנען זאָל איך וויסן, כ'האָב זיך דען געקאָנט אָוועקשטעלן ציילן אין מיטן גאַס?"

„איר זענט געקומען פון דאָרט גלײַך אַהער? קיין מאָל זיך נישט אָפּגעשטעלט, נישט אָפּגעטרעטן אין דער היים?"

„וואָס עפּעס אין דעם היים?" איז מתות שוין גרייט געווען זיך צו באַליידיקן.

„כ׳ווייס? נעמען אַ טרונק וואַסער, אַרײַנכאַפּן אַ מינחה... אַ מינחה אין שיל״.

„כ׳גיי נישט אין שיל אַריין זינט כ׳האָב אָנגעהויבן די אַרבעט״.

„פאַר וואָס עפּעס?״

„מענטשן רעדן, פרעגן, און איך האָב אַ סוד און אַ שבועה. כ׳מײַד אויס מענטשן אַפילו אין גאַס״.

„וויפל ווילט איר? וויפל קאָנט איר פאַרדינען אַ טאָג בײַ גלעזערײַ?״

„בײַ גלעזערײַ אַרבעט איך אַליין, און גלעזערײַ איז עפּעס אַנדערש. שלעפּן בעלקעס, שטופּן אַ טוטשקע פול בראַכוואַרג... ס׳איז אין גאַנצן עפּעס אַנדערש״.

„וויפל ווילט איר?״ קלמן איז גרייט געווען זיך דינגען.

„מ׳אָמער געאַרבעט אַלע, ציפּע, פריידל, חיה, רייזל. צעריסן זיך די הענט בײַ...

„טאָ וויפל פאַרלאַנגט איר?״

„וויפל ׳עסט מיר געבן״.

„און אַז כ׳על אײַך געבן אַ זלאָטע?״

„כ׳פאַרלאָז זיך אויף דיר, כ׳ווייס, ׳עסט מיר נישט טאָן קיין עוולה״.

„פון וואַנען ווייסט איר דאָס? איר ווייסט גאָר נישט וואָס מענטשן זאָגן וועגן מיר?״

„איינער רעדט שלעכטס, אַן אַנדערער גוטס, למשל בערל טרעגער״.

„וואָס זאָגט בערל, גוטס אָדער שלעכטס?״

„בערל איז גרייט די אויגן אויסצוגראַטשן יעדן, וואָס וועט זאָגן וועגן דיר אַ שלעכט וואָרט. ׳קלמן האָט מיך אויס געמאַכט פאַר אַ פערד׳, זאָגט ער״.

„וואָס מיינט דאָס?״

„דאָס לאַכט מען אָפּ פון אים. ער האַלט אין איין דערציילן ווי דו האָסט אים געהאָלפן קויפן אַ פערד, ער זאָל נישט דאַרפן אַליין שלעפּן זײַן וועגעלע״.

„ער האָט צוריקגעצאָלט יעדן גראָשן״, האָט קלמן זיך דערמאָנט וועגן בערלען. קלמן האָט אַרויסגעשלעפּט זײַן טײַסטער און אַרויסגעצויגן באַנקנאָטן. מתות האָט נישט געגלייבט זײַנע אייגענע אויגן ווען

ער האָט דערזען אין קלמנס אויסגעשרעקטער האַנט צוויי קנאַקעדיקע הונדערטערס.

„קלמן, כ׳על איבערקערן יעדעס שטיינדל, כ׳על איבערזיפּן יעדעס זעמדל, ס׳עט גאָרנישט פאַרלוירן ווערן״.

קלמן, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע שעה פריִער געווען אַזוי צופרידן וואָס זייַן קאָפּ איז נישט פאַרסוועַנדזשעט מיט עמאָציעס, האָט זיך אַליין געחידושט פון די ווערטער וואָס זענען אַרויסגעקומען פון זייַן מויל. „דאָס איז נאָר האַנטגעלט, ר׳ מתות. הערט וואָס קלמן קאַליקע זאָגט אייַך: אויס מיט גלעזערייַ! פון הייַנט אָן האָט איר אַ פּאָסטן בייַ מיר און ס׳עט אייַך נישט פעלן קיין פּרנסה. און, זאָגט מיר נאָר, ר׳ מתות, מע לאָזט אייַך שוין צו צום עמוד אין דער שיל? מ׳עט זיך נאָך בעטן בייַ אייַך. הערט וואָס קלמן קאַליקע זאָגט אייַך. דער לאַנגער משה וועט זיך נאָך בייגן פאַר אייַך אין דרייַען און אייַך בעטן: ׳ר׳ מתות, אפשר וועט איר אַזוי גוט זייַן און אונדז מכבד זייַן מיט אַ מינחה פאַרן עמוד׳. מיט די ווערטער וועט ער אייַך בעטן״.

אין מתותעס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן און קלמן איז אַליין געווען איבערראַשט וואָס זייַנע אייגענע אויגן זענען אויך פייַכט געוואָרן. אמת, ער דאַרף איצט האָבן דעם מתותן, אָבער ער האָט גערעדט ווי דאָס וואָלט אים געגאַנגען אין גאַנצן לעבן. ער האָט געוואָלט ווייך מאַכן מתותעס האַרץ און זייַן אייגן האַרץ איז זיך צעגאַנגען ווי פּוטער אויף אַן אויוון.

קלמן האָט נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן צו זען, אַז עמאָציעס ברענגען נישט קיין גוטס. מתות איז צוגעפאַלן צו אים: „קלמן־קרוין, ווער אַ טאַטע צו דייַן קינד״.

פאַר אַ רגע איז קלמן געבליבן אָן לשון. ווען די צונג האָט אים שוין געביסן צו זאָגן אַ ביטער וואָרט, האָט ער זיך בייַ צייַטנס צוריק־געכאַפּט. ער דאַרף איצט דעם שוטה ווי דאָס לעבן. „הערט מיך אויס מיט קאָפּ, ר׳ מתות. כ׳שטיי שוין מיט איין פוס... כ׳מיין, כ׳ליג שוין מיט איין פוס אין קבר, ׳עלעך יעצט קלערן וועגן חתונות? איר קאָנט מיר פונקט אַזוי געבן אָן עצה, כ׳זאָל גיין טאַנצן. מע קאָן טאַנצן אָן פיס? ווען כ׳על האָבן פיס... כ׳מיין, כ׳האָב צייַט צו קלערן וועגן דעם ווען כ׳על געזונט ווערן״.

# XIX

צווישן די פּאַפּירן וואָס מתּות האָט אויפגעקליבן אונטער דער חורבה פון קלמנס הויז איז אויך געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ קליין קינד. קלמן האָט קיין מאָל פריִער נישט געהאַט געזען די פאָטאָגראַפיע. איז דאָס געווען צווישן דעם זיידנס באַהאַלטענע פּאַפּירן? איז דער אַלטער מרוק געווען אַזוי סענטימענטאַל צו באַהאַלטן אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ קינד צוזאַמען מיט זײַנע אוצרות?

אויף דער אַנדערער זײַט פון דער פאָטאָגראַפיע איז געווען אַן אויפשריפט: „דאָס איז מײַן קלמנדל, איין יאָר אַלט". עס איז געווען אונטערגעשריבן: „ברוך".

קלמן האָט זיך קוים געקאָנט צוגלייבן, אַז דאָס פּריילעכע קינד מיט די קישלדיקע געזונטע פּיסלעך פּאַרוואָרפן אַרויף, איז ער. דעם אָוונט האָט ער מער נישט געקאָנט טראַכטן וועגן זײַן גאָלד — ווו עס צו באַהאַלטן, וועגן די ווערטפּאַפּירן — אין וועלכער באַנק זיי צו דעפּאָ־נירן. „מײַן קלמנדל", געווען אַ מאָל אַזאַ ייִנגעלע וואָס דער טאַטע האָט מיט ליבשאַפט פאַרצויגן זײַן נאָמען און געלאָזט מאַכן אַ פאָטאָ־גראַפיע, ער זאָל זיך קאָנען באַוויַיזן און באַרימען מיט זײַן קינד. דאָס קינד האָט געהאַט אַרום זיך אַ טאַטע און אַ מאַמע, און אַפילו דער זיידע פון ווײַטן האָט געהאַלטן די פאָטאָגראַפיע צווישן זײַנע טײַערסטע אוצרות. אַ חידוש, אַז ס'איז געווען אַ פריילעך קינד?

קלמן האָט אָבער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל באַוווּנדערט די פאָטאָ־גראַפיע און זי איז געבליבן ליגן אויפן טיש, ווו מתּות האָט זי צו מאָרגנס געפונען. מתּות האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס בילדל און אַ לויף געטאָן צו קלמנען:

„פון וואַנען האָסטו דאָס?"

„וואָס הייסט פון וואַנען? איר האָט עס מיר געבראַכט".

„איך? ניין, נישט איך".

„ס'איז געווען צווישן די פּאַפּירן וואָס איר'ט נעכטן געבערענגט".

„ס'קאָן נישט זײַן, ווי קומט עס צווישן דײַנע פּאַפּירן?"

„איר ווייסט ווער ס'איז?"

„און דו ווייסט ווער ס'איז?"

„לייענט איבער אויף דער אַנדערער זײַט".

מתות האָט ערשט איצט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז אַן אַלטע פאָטאָגראַפיע, דער טינט פון דער צושריפט איז שוין געווען אָפּגעבליאַקעוועט. די האַנט האָט אים געציטערט ווען ער האָט קלמנען צוריקגעגעבן דאָס בילדל. קלמן האָט אים געוואָלט פרעגן וואָס עס איז געשען, אָבער מתות האָט פּלוצלינג אַ לויף געטאָן צו דער טיר און אַרויס.

קלמן האָט שוין געוואָלט שיקן מאַריאַן זוכן מתותן, ווען ער איז אַליין צוריקגעקומען. נאָך איידער קלמן האָט באַוויזן עפּעס צו פרעגן, האָט מתות אים דערלאַנגט אַ פאָטאָגראַפיע.

„ווי קומט דאָס צו אײַך?" האָט קלמן אויסגעשריגן.

„ס'איז מײַן אייניקל, זעליקל, מײַן קיילעס ייִנגעלע", האָט מתות געענטפערט מיט אַ קול פאַרשטיקט פון געריררטקייט.

קלמן האָט לאַנג פאַרגליכן די פאָטאָגראַפיעס. עס איז אים אײַנגעפאַלן, אַז עס וואָלט בעסער געווען דאָס קינד זאָל האָבן קיילעס אויסזען און זײַן שׂכל ווי פאַרקערט... מאַריאַ איז צוגעקומען זען, וואָס ער קוקט אַזוי לאַנג; ער האָט איר אַ ווײַז געטאָן די נײַע פאָטאָגראַפיע: „נישט שלעכט פאַר קלמן קאַליקע, האַ?"

# XX

לויט די הכנות וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָט עס אויסגעזען, אַז צו זײַן פּראָצעס גרייט מען די אמתע חתונה. אַלע פּאָר טעג האָט זיך געיאָוועט אַ נײַער אויספאָרשער. נישט נאָר אים, קלמנען, האָט מען באַוואָרפן מיט פראַגעס וועגן אַלעם אין דער וועלט, מע האָט אויך געפרעגט בײַ מענטשן וואָס האָבן מיט אים קיין שײַכות נישט געהאַט. אַפילו בײַ מתותן איז מען געווען און געפֿומען בײַ אים קיילעס אַדרעס. ווער איז אַזוי פאַראינטערעסירט אונטערצושטעלן קלמן קאַליקע אַ פיסל? זוכט דער מאַגיסטראַט זײַנער פּטור צו ווערן כּדי נישט דאַרפן מאַכן צאָלונגען פאַר דער עלעקטראָווניע? זיי האָבן נאָך נישט קיין עלעקטראָווניע און וועלן נישט האָבן ביז... ער וועט נישט טאָן די

האַנט אין קאַלטע וואַסער אַרײַן ביז דאָס געריכט וועט אים באַפרײַען פון יעדער שולד. אַבי ער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער וועט דאָס קאָנען אָפּפּטרן מיט אַ פּאָר תּירוצים; ער וועט, ווײַזט אויס, דאַרפן דינגען אַ גוטן אַדוואָקאַט.

דער אַדוואָקאַט האָט געפרעגט קלמנען ווער עס זענען זײַנע גוטע־פרײַנד וואָס וועלן דערציילן וועגן אים גוטס. ער דאַרף האָבן כאַראַקטער־עדות, מענטשן וואָס זאָלן דערציילן וואָס פאַר אַ גוטער, איידעלער מענטש ער איז.

ווער עס זענען זײַנע גוטע־פרײַנד? פון וואַנען זאָל אַ קאַליקע האָבן גוטע־פרײַנד? אפילו קיין קרובים האָט ער נישט. ער האָט געהאַט אַ ווײַטן קוזין, יאָסל, ער האָט יענעם אַרײַנגענומען צו זיך אין געשעפט, אָבער דער יאָסל איז נעבעך אומגעקומען. אַזוי האָט קלמן געזאָגט דעם אַדוואָקאַט. ווען דער אַדוואָקאַט איז שוין געהאַט אַוועק איז אים אײַנגעפאַלן, אַז דער מתות וועט זאָגן וועגן אים נאָר גוטס. אָבער מיט מתותן איז אַ צרה. דער ייִד האָט נישט קיין געלענק צו זאָגן אַ ליגן, אפילו ער זאָל עס וועלן, בפרט נאָך אַ שבועה, און אין געריכט שווערט מען. מ׳עט מתותן אוודאי פרעגן וועגן דער מעשׂה מיט קיילען און מתות וועט דאָ געפינען אַ מעגלעכקײט אָפּצולייקענען, אַז עס איז געווען „אַ שותּף יאָסל״... מתותן איז בעסער אַוועקצושיקן, ער זאָל נישט זײַן אין שטאָט, און חוץ מתותן האָט ער נישט... אַכיבע בערעלע טרעגער. דער בערל וועט נאָר דאַרפן איבערחזרן וואָס ער זאָגט יעדן איינעם וועגן די געוואַלדיקע זאַכן, וואָס קלמן קאַליקע האָט פאַר אים געטאָן. וואָס ער האָט געטאָן פאַר בערעלען האָט דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ שטות; ווײַזט אויס, אַז קלמן קאַליקע האָט שׂכל אפילו אין זײַנע נאַרישקייטן.

ער האָט נישט קיין פרײַנד? ער האָט געגוג געלד אײַנצוקויפן זיך פרײַנד. ניין, ער האָט נישט קיין צײַט און קיין געדולד אויסצולייגן זײַנע נעצן פאַר איינצלנע פרײַנד. ער וועט עפּעס טאָן פאַר קהל און מיט איין שאָס פאַנגען די הערצער פון אַלע דאָמבראָווקער ייִדן. דאָס איז אים אײַנגעפאַלן ווען מתות איז געווען אויסער שטאָט, אַוועקגעפירט דעם פּריצעס וועקסעלעך קיין וואַרשע און דאָרט זיי, אויף קלמנס נאָמען, אַרײַנגעלייגט אין אַן אײַזערנער קאַסע אין שערעשעווסקיס באַנק. קנאַפּע דרײַ שעה אין אַן אָפענער בריטשקע, איז מתות צוריקגעקומען אויס־

געפּרוּירן. פון דער באַן קיין דאָמבראָווקע איז אַ גאַנץ גוטע נסיעה זומערצײַט, ווינטער איז עס אַ מוטשעניגע. ער האָט געוואַרעמט זײַנע הענט בײַם קאַפּלענעם אויוון ווען קלמן האָט אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס דאַרף קהל?"

מתות האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס קלמן וויל וויסן. „וואָס קהל דאַרף? דאָס וואָס אַלע ייִדן דאַרפן — אַ ישועה. די גראַבסקי־עגלה מאַכט חרוב ס'גאַנצע מיסחר".

דער פינאַנץ־מיניסטער גראַבסקי האָט צוגעטראַכט אַ נײַ מיטל ווי אַזוי אַרויסצוטרײַבן די ייִדן פון מיסחר. מע האָט אַרויפגעלייגט ריזיקע שטײַערן אויף די ייִדישע סוחרים. אַז זיי האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן, איז געקומען דער סעקוועסטראַטאָר פון שטײַעראַמט מיט אַ וואָגן און צוגענומען די סחורה. די „עגלה" פון דער חברה־קדישא האָט אַוועק־געפירט ייִדישע מתים צום בית־עולם און „גראַבסקיס עגלה" האָט אַוועקגעהרגעט און באַגראָבן די ייִדישע געוועלבן.

„אַפילו אַן גראַבסקיס גזירות האָט שוין געמעגט קומען אַ סוף צום גלות און צו די צרות", האָט קלמן אַ פרומען קרעכץ געטאָן. „אָבער איך רעד וועגן עפּעס אַנדערש. אַזאַ אומגליק, און מיר איז געשען אַ נס און כ'בין אַרויס מיטן לעבן, כ'דאַרף נאָך אַלץ רחמים, סײַ וועגן געזונט, סײַ וועגן בילבולים וואָס די משוגענע ברײַנדל האָט אויסגעטראַכט. אַן אַרעמאַן גיט אַ ליכט אין שיל אַרײַן, איך קאָן מיר, דאַנקען גאָט, פאַזוואָליען מער ווי דאָס".

„געב אַ קילאָ ליכט".

„ניין, ר' מתות, כ'דאַרף אַ גרויסע ישועה און וויל טאָן עפּעס גרויס".

„וואָס קהל דאַרף? אַ שיל דאַרף מען, און אַ מיקווה. דער שונא־ישראל, דער פריץ וועט נישט אָפּשטיין, וועט נישט אויפהערן מיט זײַנע שטיק ביז ער וועט אויספירן ס'זײַניקע".

„אוי, ר' מתות, זענט איר אַ ייִד חכם!"

מתות האָט נישט געזען קיין גרויסע חכמה אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט. קלמן האָט מער גאָרנישט געפרעגט, ער האָט נאָר דערמוטיקט מתותן אויסצוטאָן די שטיוול, אָפּוויקלען די אָניצעס און צושטעלן די קאַלטע פיס צו די הייסע קאַפּלעס פון אויוון. מתות האָט זיך אָנגע־וואַרעמט און אַוועק אַהיים.

ערשט ווען מתות איז אַרויס, האָט קלמנס קאָפּ געגומען פיבערן. ער וועט שיסן צוויי האָזן מיט איין שאָס. ער מוז עס נאָך גוט אַרומ־טראַכטן. קלמן טוט גאָרנישט איבערגעאײַלט.

## XXI

ווען מע האָט געבויט די שיל און דאָס מרחץ, האָט נאָך גאַנץ דאַמבראָווקע געהערט צום „הויף" און אין הויף האָט געהערשט דער ייִדישער פּריץ דאַווידזאָן. עס זאָגט זיך אַזוי „אַ ייִד". קיין מזוזה האָט אויף דער טיר פון זײַן פּאַלאַץ נישט געהאָנגען. אין דאַמבראָווקע איז ער נישט געקומען דאַוונען און אַ סברה, אַז אַפילו אין וואַרשע, וווּ ס'איז פאַראַן אַזאַ מין סינאַגאָגע וואָס מע דאַוונט דאָרט אין שטײַפע צילינדערס, אַפילו דאָרט האָט ער נישט אַרײַנגעשמעקט. זענען אַוועק צום פּריץ אַ פּאָר חשובע ייִדן מיט חנא שווערדל בראָש. דער ייִד דאַוויד־זאָן, וואָס האָט געשטאַמט פון גרויסע רבנים, האָט גערעדט נאָר פּויליש און מע האָט געמוזט רעדן צו אים מיט דעם פּריצישן „מי שברך": „הויך־געבוירענער אַדעליקער פּאַן פּריץ".

דעם אמת מוז מען מודה זײַן, אַז ווען ייִדן זענען געקומען עפּעס בעטן, האָט ער נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט אַרײַנגערופן זײַן עקאָנאָם און מען האָט באַלד אויפן אָרט אָנגעצייכנט אַ פּלאַץ ווו מען זאָל בויען די שיל.

קיינעם איז נישט אײַנגעפאַלן צו פאַרלאַנגען, דער פּריץ זאָל אַפּי־ציעל אָפּשרײַבן דעם פּלאַץ. ראשית איז נאָך נישט געווען צו וועמען דאָס אָפּצושרײַבן, און אַ נאָמען פון קיין אַנדערן יחיד איז נישט אַזוי גוט ווי דעם פּריצעס. אַדרבא, האַלץ פאַר דער שיל האָט מען גענומען אין דעם פּריצעס וואַלד; ציגל, אין זײַן ציגל־פאַבריק.

ווען דעם פּריצעס בת־יחידהלע יאַדזשאַ איז אונטערגעוואַקסן האָט מען שוין געזען, אַז זי האָט פײַנט אַ ייִד ווי אַ שפּין, אָבער ווער האָט געדענקט, אַז דער פּלאַץ אויף וועלכן ס'שטייט די שיל, דער בית־המדרש, און די מיקווה, איז נאָך אַלץ פאַרשריבן אויפן פּריצעס נאָמען? דער פּלאַץ איז, צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרויסער ירושה, אַריבער צו דעם צאַצקעדיקן טעכטערל ווען דער פּריץ איז פּריצײַטיק אַוועק פון דער וועלט. מע זאָגט, אַז טאַקע איר שמד און איר כאַסלערע מיט דעם אַנטיסעמיט און הולטײַ פּשיבולסקי האָט געטריבן דעם טאַטן יונגערהייט אין דר'ערד אַרײַן.

ס'איז נאָך געווען בײַם לעבן פון דעם אַלטן פּריץ ווען מע האָט אויסברוקירט אַ גרויסן פּלאַץ פאַר אַ מאַרק און באַשטימט יעדן דינס־טיק און פרײַטיק טאָרגטעג און יעדן פערטן דינסטיק אַ מאַרקטאָג. מע קומט דאָ פון דעם גאַנצן אַרום קויפן און פאַרקויפן, די פּויערים זייער גערעטעניש, די ייִדן אַלץ וואָס מע דאַרף אין אַ הויז אָדער ווירטשאַפט. די ייִדישע שיל איז געהאַט געבויט געוואָרן אויף אַ זײַטיק געסל, איצט איז דאָס זײַטיקע געסל געוואָרן אַ טייל פון מאַרקפּלאַץ און די שיל איז געשטאַנען אויף אַ מער אָנגעזעענעם פּלאַץ ווי, להבדיל, די תּיפלה. די שונאי־ישׂראל האָבן דאָס נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען און דער גרעסטער שונא־ישׂראל אין דאָמברווקע איז געווען דאָס איידעמל פון דעם ייִדישן פּריץ, דער נײַער פּריץ סטעפאַן פּשיבולסקי.

עס מוז זײַן, אַז זײַנע אַדוואָקאַטן האָבן אים געעצהט נישט צו גיין אין געריכט. ייִדן וואָס ווייסן, האָבן געזאָגט אַ סברא, אַז אַזוי לאַנג ווי די שיל שטייט וועט ער גאָרנישט קאָנען טאָן; ערשט ווען דער בנין וועט אַלט ווערן און מע וועט דאַרפן איבערבויען, וועט ער אַרויפ־לייגן זײַן לאַפּע. דערווײַל וועט ער סתּם אָנטאָן צרות. זײַנע אַרבעטערס האָבן אַלע מאָל עפּעס געגראָבן נעבן דער שיל און איבערגעלאָזט טיפע גריבער. זיי האָבן אויך געגראָבן נעבן דער מיקווה און נישט געווען די וואָך זייערס אַ גראָבאײַזן זאָל נישט איבערלאָזן אַ לאָך אין אַ וואַסעררער, עס דערנענטערט זיך דער טאָג ווען זיי וועלן אונטער־גראָבן דעם פונדאַמענט און די גאַנצע שיל וועט אײַנפאַלן.

קלמן האָט שוין לאַנג געהאַט געהערט, אַז ייִדן האָבן מורא פאַר זייער שיל און די גאַנצע זאַך איז אים געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע. ער דאַרף דען אַ שיל? און אויב ער קומט יאָ אין שיל אַרײַן, יום־כּיפּור, דאַוונט ער דען? אָבער ווען ער האָט איצט געהערט פון מתותן וועגן די אַלע צרות וואָס דער פּריץ טוט אָן, האָט עס אים אַ ברי געטאָן. דאָס האָפּערדיקע פּריצל ליגט אין די הענט פון דעם ייִד קלמן קאַליקע. עס פּאַסט שוין גאָר נישט פאַר אַ ווויל־געבוירענעם צו לאָזן וועקסלען נישט באַצאָלט אַזוי פיל יאָרן. אויב דאָס צאַצקעדיקע פּריצל וועט נישט אָפּזיצן, וועט מען זיך דאַרפן אַ נעם טאָן צו אים און אַפילו נישט וואַרטן ביז נאָכן פּראָצעס.

*

קלמן איז געקומען צו דער מסקנא, אַז ווי אַ מענטש דאַרף לופט צום אָטעמען, אַזוי דאַרף ער האָבן עפּעס אַ משוגעת וואָס זאָל פאַרנעמען זײַן ווילדן קאָפּ טאָג און נאַכט. עפּעס אַרײַנצוטראַכטן, אַרומצוטראַכטן און אויסצוקליגלען הינטערגעגנגעלעך. געפינען פּאַרטלען ווי עמעצן אונטערצושטעלן אַ פּיסל און ווי אַן אַנדערן אַרײַנצונאַרן אין זאַק און אים אויסשטעלן פאַר אַ יאָלד. ער האָט מער הנאה פון די עצם קינצעלעך ווי פון די פאַרדינסטן וואָס זיי ברענגען. דער באַנקראָט איז שוין פון לאַנג רעגולירט און פאַרגעסן. מיט דער עלעקטרײַ גייט עס שוין ווי געשמירט. אַלץ גליטשט זיך אַזוי גלאַטיק ווי זײַן אייגענער הינטן. אַז עס האָבן זיך געענדיקט די ממזרישע שטיק אַרום ברײַנדלען איז געקומען אַ פּראָצעס. יאָ, די דאָזיקע צרה האָט אויך אירע מעלות, אָבער ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט דאַרפן וואַרטן אויף דעם פּראָצעס. דערווײַל פּיקט זיך אַ געראַנגל מיטן פּריץ; ס'קאָן ווערן אַ געפערלעכער שפּיל, אָבער זינט ווען דערשרעקט זיך קלמן קאַליקע פאַר אַ שטאַרקערן קעגנער? דער קאַליקע אויף זײַן קראַנקנבעט קעגן אַ געזונטן מאַכטיקן פּריץ. אײַ, וועט דאָס זײַן אַ זיסער נצחון!

## XXII

געוויינלעך איז דער פּריץ געקומען קיין דאָמבראָווקע נאָר אויף זומער; ווינטערצײַט איז ער געווען אין וואַרשע אָדער אין אויסלאַנד. עס האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז דער פּריץ איז איצט געקומען און געבראַכט אַ גאַנצע כאָפּטע געסט אויף געיעג אין זײַנע וועלדער. צענדליקער עלעגאַנטע שליטנס זענען אָנגעפּאַרן מיט אַ רעש און אַ געקלינג פון גלעקלעך. קלמן איז גראָד געשלאָפן, ווען דער רעש האָט אים אויפגעוועקט. אויב ער וואָלט געווען אַ פרומער וואָלט ער געזאָגט, אַז דאָס איז אַ צייכן פון הימל.

נאָך דעם זעלביקן טאָג איז מאַריאַ אָוועק אין הויף מיט אַ בריוו

פון קלמנען, אַז ער וויל זען דעם פּריץ. מאַריאַ איז צוריקגעקומען אָן אַן ענטפער.

„וואָס האָט מען דער פּאַני געזאָגט?" האָט קלמן געוואָלט וויסן.

„גאָרנישט".

„די פּאַני האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער? כ'האָב דאָך גע־זאָגט..."

„כ'האָב געוואַרט און געוואַרט און געוואַרט. געסט זענען פאַרבײַגע־גאַנגען, דינערס זענען פאַרבײַגעלאָפן, קיינער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף מיר. שפּעטער האָט מיך עמעץ געפרעגט וואָס איך טו דאָ, כ'האָב געזאָגט, אַז כ'וואַרט אויף אַן ענטפער פון יאַשני וויעל־מאָזשני".

„נו?"

„יענער איז אַוועק, באַלד צוריקגעקומען און מיך אַרויסגעפירט ביז צום טויער".

„וואָס האָט ער געזאָגט?"

„ער האָט גאָרנישט געזאָגט".

„די פּאַני וועט מוזן צוריקגיין מיט נאָך אַ בריוו".

„איך וועל מוזן? איך בין אַ קראַנקן־שוועסטער, נישט קיין בריוו־טרעגערין".

„דאָס מאָל דאַרף די פּאַני נישט וואַרטן אויף קיין ענטפער, און אָט איז אַ פינפערל. די פּאַני דאַרף טאַקע נישט גיין בחינם".

„צום הויך־וואויל־געבוירענעם, איידעלן און גענעדיקן פּאַן פּריץ פּשיבולסקי, איך בעט אונטערטעניק דער ליכטיקער וואויל־געבוירענער פּאַן פּריץ זאָל מיר אָנטאָן די ווערדיקייט און גענעדיק באַווייליקן מיך צו זען וועגן געוויסע וועקסלען און דאָקומענטן פון די יאָרן 1904—1905, וואָס זענען אַדרעסירט צו מײַן זיידן חנא שווערדל און זענען געחתמעט דורכן ליכטיקן פּאַן פּריץ.

היות די דאָקומענטן געפינען זיך אין רשות פון אַן אַדוואָקאַט און דער אַדוואָקאַט פּלאַנירט אונטערצונעמען געוויסע געריכטלעכע אַקציעס, איז עס פון העכסטער וויכטיקייט, דער וואויל־געבוירענער פּאַן פּריץ זאָל אין זײַן איידלקייט באַווייליקן מיך צו זען תיכּף, אָן שום אָפּלייגן.

כ׳פאַרבלײַב דעם ליכטיקן פּריצעס קלענסטער פון די קלענסטע איבערגעגעבענע דינער. מיט גרויס רעספּעקט,

קלמן שווערדל, לוויוויטשער וועג נומער 27״.

דער בריוו איז אים אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער וואָלט געוועזן גערייבן די הענט פון צופרידנקייט, אָבער די רעכטע האַנט איז נאָך געווען אין גיפּס. ער האָט אַזוי פיל מאָל איבערגעחזרט דעם טיטל ׳וויל־געבוירענער׳, טאָקע ווײַל דער פּריץ איז נישט קיין וויל־געבוירענער און די אַלע גיטער זענען אַרײַנגעפאַלן צו אים דורך זײַן ווײַב די ייִדישקע.

אַ טאָג שפּעטער איז געקומען אַ שליח פון פּריץ, אַז ער איז גרייט אויפצונעמען קלמנען. איצט האָט קלמן זיך נישט געאײַלט. ווען ער האָט געשיקט זײַן בריוו איז געווען אַ זוניקער טאָג; איצטער אין די ווינטן און שנייען קאָן ער נישט אַרויסגיין, ער איז אַ קראַנקער מענטש, זאָל דער פּריץ קומען צו אים.

אַלע בײַנער האָבן קלמנען ווי געטאָן פון לאַכן ווען ער האָט זיך אויסגעמאָלן דעם כּעס פון פּריץ, וואָס עפּעס אַ ייִדליקל האָט אַ חוצפּה אים צו הייסן קומען צו זיך. דאָס וועטער האָט זיך פאַרבעסערט, אָבער קלמן האָט געלאָזט וויסן, אַז ער פילט זיך נישט גוט און קאָן נאָך אַלץ נישט קומען. אַ וואָך צײַט האָט קלמן אָפּגעלייגט דאָס גיין צום פּריץ פון טאָג צו טאָג. עס איז ווידער געקומען אַ שליח זאָגן, אַז דער פּריץ האַלט שוין בײַם צוריקפאָרן קיין וואַרשע. קלמן האָט געענטפערט, אַז עס מאַכט נישט אויס. זײַנע לעגאַלע ענינים ווערן געפירט דורך אַן אַדוואָקאַט טאָקע אין וואַרשע. דער פּריץ האָט אַוודאי געחלשט וויסן וואָס פאַר אַ דאָקומענטן קלמן האָט; ער האָט געשיקט זײַן אייגענע קאַטש צו ברענגען קלמנען און קלמן האָט סוף־כּל־סוף זיך געלאָזט איבערצײַגן, אַז די פאַרמאַכטע קאַטש וועט אים בשלום ברענגען צום פּריץ און צוריק אַהיים.

עס איז געווען שטיל אין הויף. די געסט זענען שוין געווען אַוועק־געפאָרן. עס האָט אויסגעוויזן ווי אין דעם גאַנצן גרויסן בנין איז געבליבן נאָר דער פּריץ מיט עטלעכע דינערס.

ס׳איז געווען אַ פאַרמעסט פון צוויי כיטרע פוקסן. יעדער האָט געוואָלט אַרויסקריגן בײַם אַנדערן, וואָס יענער ווייסט. דער פּריץ האָט

געלייקנט ער זאָל אַ מאָל האָבן געבאָרגט געלט בײַ חנאן. יאָ, זיי האָבן בשותפות אָנגענומען צוצושטעלן דער רוסישער אַרמיי מעל און פלייש, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין מאַנדזשוריע, אויפן פראָנט מיט יאַפּאַן. אייגנטלעך איז עס געווען זײַן געשעפט. דער חנא האָט אים נאָר געדאַרפט אַרויסהעלפן.

„דער יאַשני וויעלמאָזשני פּאַן פריץ זאָל מיר טויזנט מאָל מוחל זײַן, אָבער דאָס איז דאָך געווען מיט קרוב צו דרײַסיק יאָר צוריק. דער פריץ זעט הײַנט נישט אויס קיין סך עלטער ווי דרײַסיק".

דאָס האָט געדאַרפט זײַן אַ קאָמפּלימענט, אָבער דער פריץ האָט זיך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע: „כ׳בין טאַקע געווען אין מײַנע פריִע צוואַנציקער, אָבער שוין געהאַט אַ רעפּוטאַציע און באַציִונגען. יאָ, דער קאָנטראַקט איז געווען אויף מײַן נאָמען".

„דאָס ווייס איך, אָבער מײַן אַדוואָקאַט זאָגט..."

„וואָס זאָגט דעם פּאַנס אַדוואָקאַט ?" האָט דער פריץ אַזש אויסגעשריגן פון גרויסן נײַגער.

„די זאַכן זענען סײַ ווי צו קאָמפּליצירט פאַר מיר צו פאַרשטיין. אויב דער ליכטיקער פריץ וויל וויסן דעם אמת בין איך מודה: כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס דער פּאַן מעצענאַס האָט געזאָגט. זיי רעדן מיט אַזוי פיל לעגאַלע טערמינען, די אַדוואָקאַטן, אַז ס׳איז אַ שרעק".

„ווי געזאָגט, איז עס געווען מײַן פּאַדריאַד — אַ ריזן־געשעפט, און חוץ דעם בין איך געווען דער פאַרוואַלטער פון אַלע געשעפטן פון אַלטן פריץ. ניין, איך האָב נישט געדאַרפט קיינעמס הלוואות".

„אָבער דער יאַשנער וויעלמאָזשנער פּאַן פריץ האָט אונטערגעשריבן. אוי, כ׳האָב פאַרגעסן, אַז דעמאָלט איז דער יאַשנער וויעלמאָזשנער פּאַן פריץ נאָך נישט געווען קיין יאַשנער וויעלמאָזשנער פריץ".

דעם פריצעס פּרצוף איז אַזוי רויט געוואָרן, אַז קלמן האָט געמיינט ער וועט אַרויספּלאַצן מיט געשריי. אָבער ער האָט נאָר אַרויסגעבורטשעט פון צווישן די וואָנצעס. „נישט געבאָרגט, קיין מאָל נישט געבאָרגט. אויב אונטערגעשריבן, אפשר ווי אַ פאַרזיכערונג, ווי אַ גאַראַנטיע פאַר דעם שותפות".

„האָט דאָך דער ליכטיקער פריץ אַוודאי דעם זיידנס גאַראַנטיע און וועקסלען ? מײַן אַדוואָקאַט האָט נאָך נישט איבערגעקוקט אַלע פּאַפּירן".

קלמן האָט אַ לאַך געטאָן און צוגעגעבן: „די פּאַפּירן וואָלטן אפשר פאַרשימלט געוואָרן אין דער וואַרשעווער באַנק און כ׳וואָלט פון גאָרנישט געוווּסט. אָבער אַז מ׳האָט זיך גענומען צו אונדזער שיל איז מיר איַינ־געפאַלן, אַז אפשר איז צווישן זיידנס פּאַפּירן עפּעס דאָ וועגן דעם פּלאַץ פאַר דער שיל. מע זאָגט מיר, אַז מײַן זיידע איז געווען אַן אָפּטער אײַנגייער בײַם אַלטן פריץ״.

„ס׳איז גאָרנישט פאַרשריבן אין די ביכער וועגן דער בוזשניצע״.

„מײַן זיידע איז געווען אַ באַרעכנטער מענטש. ער וואָלט נישט גענומען בויען אויב ער וואָלט נישט געהאַט אַ פּאַפּיר״.

„דער פּאַן האָט געפונען אַ פּאַפּיר?״

„ס׳איז אַלץ אין די הענט פון מײַן אַדוואָקאַט. ער האָט געמוזט עפּעס געפינען. ער האָט מיר געלאָזט וויסן, איך זאָל אים שרײַבן וועגן יעדן שיקאַן קעגן דער שיל״.

„פאַר וואָס האַלטן עס די ייִדן אַזוי שמוציק, אַז עס זאָל זײַן אַ חרפּה פאַר דער שטאָט?״

„דאָס נעם איך זיך אונטער צו טאָן צוליב דעם ליכטיקן פריץ. איך זאָל עס דאַרפן באַצאָלן פון מײַן טאַש, וועל איך לאָזן אַלץ פאַרריכטן און איבערמאָליעווען, עס זאָל טאַקע נישט זײַן אַ חרפּה פאַר דער שטאָט״.

דער פריץ האָט כאָטש געוואָלט וויסן ווער עס איז זײַן אַדוואָקאַט. קלמן האָט זיך געקלאַפּט אין שטערן אַרײַן, אָבער בשום־אופן זיך נישט געקאָנט דערמאָנען דעם נאָמען פון זײַן אַדוואָקאַט. ער געדענקט נאָר, אַז זײַן ביוראָ איז אויף לעשנאָ־גאַס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אויפן שנײַ נעבן דער שיל אָפּגע־לייגט ברעטער פאַר אַ נײַער פּאָדלאָגע און קלמן האָט געשיקט מתותן צום לאַנגן משה זאָגן, אַז ווי נאָר די פרעסט וועלן נאָכלאָזן וועט מען אויך לייגן אַ נײַעם דאַך.

„דער קלמן וועט אונדז אומגליקלעך מאַכן!״ האָט דער לאַנגער משה זיך דערשראָקן. „מע טאָר נישט אַרויסרופן דעם בער פון וואַלד״.

„אַלץ איז אָפּגערעדט מיטן פריץ״, האָט קלמן אַלעמען באַרויִקט.

מע וואָלט זיך נישט אַזוי לײַכט באַרויִקט, ווען נישט מענטשן וואָס זענען געקומען און דערציילט, אַז קלמן איז טאַקע געווען בײַם פריץ, און געפאָרן אַהין איז ער אין אַ קאַטש וואָס דער פריץ האָט נאָך אים געשיקט.

# XXIII

די חשובסטע מענטשן פון דאָמברוווקע זענען איצט געווען איינ־גייערס ביי קלמנען. סך־הכל מיט עטלעכע וואָכן צוריק, אויב קלמן וואָלט גערופן צו זיך ר׳ אַהרנען, וואָלט דער אַלטער חסיד זיכער זיך אָפּגעזאָגט צו קומען. קלמן האָט אין דאָמברוווקע געהאַט אַ שם פאַר אַן אַפּיקורס און אַ הולטיי. איצט, אַז דער יונגער־מאַן האָט ריזיקירט צו האָבן אַן איבער־רייד מיטן פּריץ פון וועגן דער שיל און איז דערצו נאָך מנדב אוצרות פון זיין אייגענער קעשענע פאַר אַ מקום־קדוש, מוז דאָך עפּעס זיין דערביי. אַל דאָס בייז וואָס מע האָט געזאָגט אויף אים קאָן זיין נישט מער ווי אַ בילבול, וואָס אַ שונא האָט אויף אים אויסגעטראַכט. ס׳קאָן אויך זיין, אַז ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה ערשט נאָך דעם ווי דער אייבער־שטער האָט אים געהאָלפן און ער איז ניצול געוואָרן פון אונטער די חורבות פון זיין הויז. נו, און אַ בעל־תשובה איז שלעכט? ווי שטייט עס געשריבן: „במקום שבעלי תשובה עומדים״, אַן אמתער בעל־תשובה קאָן אַ מאָל זוכה זיין צו אַ גרעסערן חלק אויף יענער וועלט ווי איינער, וואָס איז געווען אַ צדיק זיין גאַנץ לעבן. אַזוי האָט טאַקע געטראַכט ר׳ אַהרן און געגאַנגען צו קלמנען ווי נאָר מתות האָט אים געזאָגט, אַז יענער וויל אים זען.

ר׳ אַהרן איז כּמעט ווי זיכער געווען, אַז קלמן וויל רעדן מיט אים וועגן נעמען אויף זיך תעניתים און סיגופים אָפּצוקומען פאַר זיינע פריִער־דיקע זינד. וואָס דען וויל אַ יונגער־מאַן ווי קלמן רעדן מיט אַ ייִד, וואָס פאַר די לעצטע צוואָנציק יאָר זיצט ער אין בית־המדרש, לערנט און זאָגט תהילים פון פאַר טאָג ביז נאָך חצות, פאַסט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק און יעדן ערב־ראָש־חודש, און עסט אַ שטיקל פלייש נאָר לכבוד שבת.

קלמן האָט אָנגעהויבן דעם שמועס טאַקע מיט אַ פרומער שאלה וואָס ער וואָלט אפשר געדאַרפט פרעגן דעם רב. דער זיידע, עליו־השלום, איז געווען אַ ייִד אַן עניו. ער האָט נאָך ביים לעבן געלאָזט מאַכן פאַר זיך אַ מצבה און אַפילו באַצאָלט דעם מצבה־קריצער פאַרן אויסקריצן שפּעטער דעם טאָג פון דער פּטירה און די אותיות פּ״נ. ווי געזאָגט, איז דער זיידע געווען אַ באַשיידענער מענטש און באַשטעלט פאַר זיך

אַ ביליקע מצבה פון אַ קליינעם זאַמדשטיין. ווינט און רעגן וועלן שנעל אָראָפּשווענקען יעדעס אות. ער, קלמן, וויל וויסן צי ער מעג שטעלן אַ גרויסע, שיינע מצבה אויפן אָרט פון דער, וואָס דער זיידע האָט אַליין אויסגעקליבן.

געהערט, אַז ער מעג שטעלן אַ גרעסערע און שענערע מצבה, האָט קלמן געוואָלט וויסן צי ער זאָל לאָזן אויסקריצן אויף דער מצבה די ווערטער „עושׂה ועוסק באמונה", אַז דער ניפטר האָט אַלץ געטאָן און געהאַנדלט מיט ערלעכקייט. ער פרעגט דאָס, מחמת עמעץ וואָס ער וויל נישט פורש־בשמו זײַן — ער איז נישט קיין רכילותניק אָנצורופן נעמען, אָבער יענער האָט אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט וואָס לאָזט אים, קלמנען, נישט רוען. יענער האָט געזאָגט, אַז אין אַ שפּײַזגעוועלבל אין אַ פּיצעלע שטע־טעלע, ווי דאָמבראָווקע איז דעמאָלט געווען, האָט מען נישט געקאָנט אָנזאַמלען קיין עשירות. אמת, דער זיידע האָט אויך אָוועקגעבאָרגט געלט אויף פּראָצענט, איז דאָך די קשיא, פון וואַנען האָט ער גענומען דאָס געלט אָוועקצובאָרגן?

דער אַלטער ר׳ אַהרן, וואָס האָט געקענט חנאן ווען זיי זענען נאָך ביידע געווען בחורים, האָט געטרייסט קלמנען. ער קאָן רויִק שלאָפן, זײַן זיידע האָט, חלילה, נישט געטאָן גאָרנישט וואָס איז אָסור על־פּי דין. אַז ער האָט אָוועקגעבאָרגט געלט אויף פּראָצענט, האָט ער פריִער געמאַכט אַ היתר־עיסקא, ער זאָל זײַן אַ שותף צום רווח פאַר נישט מער ווי כּך־וכך פּראָצענט אויף דעם געבאָרגטן געלט. אַנדערע זענען זיך מתיר צו נעמען פּראָצענט אַפילו ווען עס איז נישטאָ קיין רווח, אָבער חנא, עליו־השלום, האָט דאָס קיין מאָל נישט געטאָן. לויט וויפל ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער געמעגט געבן אַ ביסל מער צדקה, אָבער דאָס קאָן קלמן מתקן זײַן. ער קאָן געבן צדקה פון זיידנס ירושה פאַר דעם זיידנס עלית־נשמה.

„אָבער עס בלײַבט דאָך די קשיא, פון וואַנען האָט ער געהאַט אַזוי פיל געלט?" האָט קלמן נאָך אַלץ געוואָלט וויסן.

„וואָס הייסט פון וואַנען? אַ קלייניקייט אַ פּאָדריאַד פאַרן מיליטער אין מלחמה־צײַט? ער וואָלט געווען אַ ראָטשילד ווען נישט דער ימח־שמוניק באַגנבעט אים און אַנטלויפט קיין פּאַריז".

ר׳ אַהרן האָט אַלע מאָל איבערגעריסן זײַן דערציילן און געוואָלט צוריקגיין אין בית־המדרש אַרײַן לערנען. קלמן האָט אים צוגעזאָגט

אויסצוהאַלטן דאָס בית־המדרש מיט קוילן פֿאַר אַ גאַנצן ווינטער, כּדי עס זאָל זײַן וואַרעם און בחורים זאָלן זיצן און לערנען.

„דער זכות וועט בײַשטיין דײַן זיידן אויף יענער וועלט", האָט ר' אַהרן צוגעזאָגט און ווײַטער דערציילט. דער אַלטער האָט, ווײַזט אויס, נאָך אַלץ געהאַט אַ וואַרעמקייט פֿאַרן זיידן, כאָטש זיי האָבן זיך געהאַלטן פֿון ווײַטן במשך די יאָרן וואָס קלמן געדענקט.

נאָך עטלעכע שמועסן מיט ר' אַהרנען און מיט אַנדערע ייִדן, וואָס האָבן נאָך געקענט דעם זיידן אין די יונגע יאָרן, האָט קלמן אויף אַן אמת אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דער זיידע האָט פֿאַרדינט אַ שענערע מצבה אויפֿן בית־עולם און אויך בײַם אייניקל אין האַרץ. ער האָט גענומען שטודירן מיט התמדה יעדעס פּאַפּירל, וואָס איז געבליבן נאָכן זיידן, און אויך טייל פֿון די ספרים, וואָס ער האָט געהאַט אַוועקגעשענקט דעם בית־המדרש נאָכן זיידנס טויט.

ר' אַהרן איז זיכער געווען, אַז די משפּחה שווערדל האָט עפּעס ספּעציעלע זכותים אין הימל: קלמנס עלטער־עלטער־זיידע האָט געבויט די ערשטע שיל אין בילגאָרײַ; קלמנס זיידע, חנא, האָט געהאָלפֿן בויען די ערשטע שיל אין דאָמבראָווקע, און איצט האָט זײַן אייניקל, קלמן, זוכה געווען צו ראַטעווען די שיל און איז נאָך מנדב אויף בדק־הבית, צו לייגן אַ נײַע פּאָדלאָגע — ווער קאָן זיך צו אים גלײַכן? דער זכות פֿון זײַנע אָבות איז אים בײַגעשטאַנען. נײַן, עס רעדט זיך דאָ נישט וועגן דעם, וואָס ער איז ניצול געוואָרן ווען דאָס הויז איז אײַנגעפֿאַלן; וואָס פֿאַר אַ באַטײַט האָט דען, מישטיינס געזאָגט, דאָס לעבן אויף דער זינדיקער ניבזהדיקער ערד? דאָ איז נאָר אַ פּרוזדור, אַ פֿאָדערהויז צו דער אמתער וועלט און צום אייביקן לעבן. ער, אַהרן, איז גרייט יעדע מינוט זײַן נשמה זאָל צוריקגיין צו איר שורש. ער וואָלט געדאַנקט און געלויבט השם־יתברך אויב ער וואָלט געקאָנט שוין, די רגע, קומען צו זײַן חבר חנא און אים אָנזאָגן די בשׂורה, אַז זײַן אייניקל האָט זיך פֿאַרנומען אויפֿן וועג פֿון זײַנע אָבות.

קלמן האָט שוין כּמעט נישט געהערט ר' אַהרנס לעצטע ווערטער, אַ נײַ געשטאַלט פֿון זײַן זיידן איז אויסגעוואַקסן פֿאַר זײַנע אויגן: אַ הויכער, שלאַנקער מאַן מיט ליכטיקע אויגן און וואַרעם האַרץ. האָבן

צרות פאַרוואַנדלט דעם שיינעם, רירעווודיקן יונגן־מאַן חנא אין דעם פאַרפינצטערטן גרויען מרוק, וואָס האָט געמורמלט צו זיך אַליין און געשטופּט זײַנע גאָלדשטיקלעך אין די שפּאַלטן פון די הילצערנע בעל־קעס? דער זיידע האָט כאָטש געהאַט זײַן גלויבן; וואָס וועט אים בלײַבן ווען ביטערניש וועט צעקרימען זײַן געשטאַלט און צעפרעסן זײַן מוח?

# I

אין חדר האָט דער קליינער קלמן צום מערסטן פּײַנט געהאַט דעם יונג וואָס האָט אויסגעגראַמט דעם צונאָמען „קלמן שווערדל איז אַ פערדל״, און געטריבן אים פון דער חברותא מיט אַן אַנדערן גראַם: „קלמן שווערדל, גיי אין דר׳ערדל״. אַזאַ מאָדנער און נאַרישער נאָמען ווי שווערדל בעט זיך אַן אָפּלאַכערישן גראַם. וואָס פאַר אַן אידיאָטישער זיידע האָט צוגעגרייט פאַר אים אַזאַ מאָדנעם נאָמען, און ווי קומט צו פרומע, בטלנישע ייִדן אַ נאָמען פון אַ כּלי־זיין? עס וואָלט שוין געווען מער שׂכלדיק זיך אַ נאָמען צו געבן „פלאָקן־שיסער״...

קלמן האָט געפונען דעם ענטפער אין אַ ספר, ווו זײַנס אַ קרוב האָט באַשריבן אַ מעשׂה מיט אַ שווערדל.

דער עלטער־עלטער־זיידע שמואל־ברוך איז געווען אַ מיליטערישער ליוועראַנט. ער האָט אָנגעהויבן זײַנע צושטעלונגען פאַר דער רוסישער אַרמיי אין דער צײַט פון ניקאָלײַ דעם ערשטן, בעת דער קרימער מלחמה. נאָכן אויפשטאַנד פון בולגאַריע קעגן דער טערקישער הערשאַפט, ווען סערביע און מאָנטענעגראָ האָבן אָנגעהויבן אַ מלחמה קעגן טערקײַ, האָט שמואל־ברוך אויך באַקומען גרעסערע קאָנטראַקטן פון דער רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. רוסלאַנד איז אָפיציעל אַרײַן אין דער מלחמה ערשט אַ יאָר שפּעטער, אָבער דאָס ברויט וואָס די סערבישע סאָלדאַטן האָבן געגעסן, אַ שטיקל פלייש, אויב זיי אָדער די רוסישע „וואָלונטירן״ האָבן עס באַקומען, און אַפילו אַ סך פון דעם געווער וואָס זיי האָבן געניצט, איז געקומען צום פראָנט דורך די באַמיִונגען פון דעם ייִד שמואל־ברוך בילגאָרײַער.

ר׳ שמואל־ברוך וואָלט געדאַנקט גאָט, אויב מע וואָלט אים אַרויסגעלאָזט פון דעם קאָנטראַקט. אין די צאַרישע אַמטן האָט איין האַנט נישט געוווּסט וואָס די אַנדערע טוט, אָבער יעדע האַנט האָט געוואַרט,

מע זאָל עפּעס אַרײַנלײגן... װער עס האָט באַדאַרפֿט עפּעס טאָן האָט געװאָרט אױף כאַבאַר. דער נס איז געװען, װאָס די טערקן זענען געװען נאָך מער קאָרומפּירט װי די רוסן, און עס האָט בײַ זײ געהערשט נאָך אַ גרעסערער כאַאָס.

אין מאַרץ 1878, דאָס איז געװען פֿאַר פּסח פֿון יאָר תּקל״ח, האָט „דער אַלטער ייִד״ (װי ביסמאַרק האָט גערופֿן דעם אױרל פֿון ביקאָנס־פֿילד, דער ערשטער מיניסטער פֿון דער בריטישער אימפּעריע), געשיקט דעם בריטישן פֿלאָט צו באַהערשן די װאַסערן פֿון דעם שװאַרצן ים, װוּ די רוסן האָבן געהאַט נאָר געצײלטע שיפֿן. אָן אַ װאַסערװעג איז דאָס רוסישע מיליטער אױפֿן פֿראָנט געװען אָפּגעשניטן פֿון דער הײם. מיט דער הילף פֿון רבנים און פּרנסים פֿון די ייִדישע קהילות אין רומעניע און בולגאַריע, האָט שמואל־ברוך בילגאַרײַער געפֿונען שותּפֿים אין די לענדער און האָט פֿאַרזיכערט דעם צושטעל פֿון שפּײַז צום פֿראָנט.

דער הױפּט פֿון דער רוסישער אַרמײ, דער גרױספֿירשט ניקאָלײַ, װאָס איז געװען דעם צאַרס ברודער, האָט אַרױסגערופֿן דעם ליװעראַנט קײן פּעטערבורג און אים אָנגעזאָגט די בשׂורה, אַז דער צאַר װעט אים אױסצײכענען מיט אַ גאָלדענעם קרײץ. שמואל־ברוך האָט זיך טיף פֿאַר־נײגט פֿאַרן גרױספֿירשט: „געבענטשטער הױך־װױלגעבױרענער פּרינץ, דער כּבֿוד איז מער װי איך פֿאַרדין. יעדער בירגער איז מחױבֿ צו דינען זײַן צאַר און זײַן פֿאָטערלאַנד, און איך האָב נאָר געטאָן מײַן חובֿ. דאָס אױסצײכענען מיך װעט ברענגען כּבֿוד אױך פֿאַר אַלע מײַנע ברידער פֿון משהס גלױבן. אָבער איך שרעק זיך צו נעמען אַ קרײץ װאָס איז אַזױ פֿאַרהײליקט בײַ קריסטן, טאָמער װעל איך נישט װיסן װי מע דאַרף זיך מיט דעם נוהג זײַן, טאָמער װעט עס װײ טאָן פֿרומע קריסטן, װאָס אַ ייִד האַלט בײַ זיך אַ קרײץ.

אַנשטאָט אַ קרײץ האָט אַלעקסאַנדער דער צװײטער געגעבן שמואל־ברוכן אַ גאָלדן שװערדל. ייִדן זענען שטאָלץ געװען מיט דער אױסצײכענונג און מע האָט אים גערופֿן „שמואל־ברוך מיטן שװערדל״; מיט דער צײַט איז עס געװאָרן שמואל־ברוך שװערדל.

פֿון די ריזיקע רװחים האָט ר׳ שמואל־ברוך געקױפֿט קאַמעניצעס אױף די שענסטע גאַסן אין װאַרשע. זײַנע געשעפֿטן האָבן אים אָפֿט געבראַכט קײן װאַרשע, אָבער ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר דער גרױסשטאָ־

טישער פאַרשײַטקייט. ער איז אַזוי פאַריאָגט מיט געשעפטן, נישטאָ געַנוג צײַט זיך אָפּצוגעבן מיט די קינדער; איז עס געזינטער פאַר די קינדער און פאַר זייער ייִדישקייט, זיי זאָלן בלײַבן אין בילגאָרײַ.

בילגאָרײַ איז שוין דעמאָלט געווען אַ שיינע קהילה און געהאַט אַ רב אַ גרויסן למדן און פון גרויסן ייִחוס, אָבער קיין שיל איז אין שטאָט נאָך אַלץ נישט געווען. וויפל מאָל מע האָט זיך געווענדט צום בירגער־מײַסטער וועגן אַ דערלויבעניש צו בויען אַ בית־כּנסת איז געקומען אַן אָפּזאָג. ר׳ שמואל־ברוך איז געפאָרן קיין לובלין און זיך דערשלאָגן צום סאָמע וואָיעוואָדע. דער וואָיעוואָדע האָט איבערגעשיקט די פּאַפּירן צום סטאַראָסטע, דער סטאַראָסטע האָט עס איבערגעשיקט צום מאַגיסטראַט אין בילגאָרײַ, און דאָרט איז עס באַגראָבן געוואָרן צווישן פאַרלעגענע דאָקומענטן.

יאָרן זענען פאַרבײַ, די קהילה איז געוואַקסן און קיין מקום־קדוש איז נאָך אַלץ נישט געווען. מע האָט ווײַטער אָפּגעריסן אַלע אָמטן, מע האָט פאַראַבירט דעם בעסטן גלות־רעצעפּט — צו געבן אַ באַאַמטן אין דער יד אַרײַן, און עס האָט אַלץ נישט געהאָלפן. ייִדן האָבן געזאָגט, אַז עפּעס אַ קירלעכער בישאָף האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, אַז אין בילגאָרײַ זאָלן זײַן נאָר קריסטלעכע געבעטהײַזער.

ווען ר׳ שמואל־ברוך האָט זיך דערוווּסט, אַז דער גרויספירשט ניקאָלײַ דאַרף אַדורכפאָרן בילגאָרײַ, איז ער אַוועקגעלאָפן צום רב און געבעטן, מע זאָל בשתיקה צוגרייטן דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פאַר דער שיל.

„אָן אַ דערלויבעניש?״

„ס׳עט, מיטן אייבערשטנס הילף, גוט זײַן אָן אַ דערלויבעניש״.

ס׳איז געווען אַ גרויסער פאַראַד לכּבוד דעם גרויסן גאַסט. נאַטשאַל־סטווע האָט אים מקבל־פּנים געווען מיט מוזיק און מיט פענער, די גלחים האָבן אים אַקעגנגעטראָגן איקאָנעס און צלמים. דער רב און די פּני פון דער קהילה זענען אים אַקעגנגעגאַנגען מיט אַ הייליקייט. צווישן די ייִדישע פּני איז אויך געווען ר׳ שמואל־ברוך. מע זאָגט, אַז דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל ווען ר׳ שמואל־ברוך האָט אָנגעגורט דאָס גאָלדענע שווערדל, און דער גרויספירשט האָט אים טאַקע צוגערופן צו זיך.

ר׳ שמואל־ברוך האָט דערלאַנגט דעם גרויספּירשט אַ גאָלדענע שיסל מיט אַ גאָלדענער קעלניע; אויףביידע איז געווען אויסגראַווירט דער ראַמאַנאָוו־הערב. „די ייִדן אין בילגאָרײַ האָבן אָפּגעלייגט דאָס בויען די ערשטע שיל אין שטאָט אויף דעם גרויסן טאָג פֿון דעם ליכטיקן גרויס־פּירשטס באַזוך, און ווען עס טאָן הײַנט אין אָנדענק פֿון דער גרויסער ווערדיקייט, וואָס דער ליכטיקער גרויספּירשט האָט אָנגעטאָן דער שטאָט בילגאָרײַ״, האָט ר׳ שמואל־ברוך געזאָגט. „מיר בעטן מיט גרויס אונטער־טעניקייט, דער ליכטיקער גרויספּירשט זאָל אין זײַן גענאָדיקייט נעמען די שיסל און די קעלניע פֿאַר אַן אָנדענק פֿון דעם גרויסן טאָג. דער פּאַראַד דאַרף פֿאַרבײַגיין נעבן פּלאַץ פֿאַר דער שיל. מיר דערוועגן זיך צו בעטן אַזאַ גרויסן כּבוד, דער העלד פֿון אונדזער לאַנדס גרויסע מלחמות זאָל, אין זײַן גרויס גענעדיקייט, באַוויליקן צו לייגן דעם גרונטשטיין, ווײַל ס׳איז אַ הויז פֿון גאָט, דער העלד פֿון אַלע מלחמות״.

די האַרן פֿון דער שטאָט און די פֿאַרשטייער פֿון מלכות האָבן ווייניק געהערט פֿון דעם, וואָס דער ייִד האָט געזאָגט. זיי זענען געווען אויפֿגע־בראַכט אויף דעם אומגלייביקן, וואָס האָט די חוצפּה צו פּלאַפּלען אַזוי לאַנג מיט דעם גרויסן גאַסט. אָבער אַז דער גרויספּירשט האָט אויס־געהערט, האָבן זיי גאַרנישט געקאָנט טאָן קעגן דעם. דער גאַסט האָט באַוויליקט צו לייגן דעם גרונטשטיין און מע האָט מער נישט באַדאַרפֿט קיין דערלויבענישן פֿון די אָרטיקע אַמטן.

ר׳ שמואל־ברוך האָט מנדב געווען אַ קופּערנעם דאַך פֿאַר דער שיל און געמאַכט אַ גרויסע סעודה פֿאַר גאַנץ קהל צום חנוכּת־הבית. ער האָט אַ סך געטאַנצט בײַ דער סעודה. צו פֿיל געטאַנצט פֿאַר אַ ייִד אין זײַנע יאָרן. אין מיטן טאַנצן איז ער נעבעך געפֿאַלן אין חלשות.

ווען ר׳ שמואל־ברוך האָט צו מאָרגנס זיך גענומען קלײַבן אוועק־צופֿאָרן, האָט דאָס גאַנצע בני־בית זיך געבעטן בײַ אים, ער זאָל עס אָפּלייגן ביז ער וועט קומען צו די כּוחות. אָבער ער האָט באַדאַרפֿט זײַן אין וואַרשע וועגן עפּעס אַ יידישער שתדלנות. אין וואַרשע איז ער ווידער געפֿאַלן, אָבער שוין מער נישט אויפֿגעשטאַנען. „עס זאָגט זיך טאַקע אין דער גמרא און אין זוהר־הקדוש, אַז ׳שלוחי מצווה אינן ניזוקין לא בהליכתן ולא בחזירתן׳, אַ שליח צו אַ דבר־מיצווה קאָן נישט געשען קיין שלעכטס נישט ווען ער גייט און נישט ווען ער קומט, אָבער קומען

אין דער אייביקער וועלט אין מיטן פון טאָן אַ גרויסע מיצווה איז אַ זכות, וואָס נאָר אַזאַ טײַערער ייִד ווי ר׳ שמואל־ברוך שווערדל האָט עס פאַרדינט״. מיט די ווערטער האָט דאָס ספרל פאַרענדיקט די לעבנס־געשיכטע פון קלמנס עלטער־עלטער־זיידן און פון זײַן משפּחה־נאָמען שווערדל.

## II

ר׳ שמואל־ברוך איז בטבע געווען אַן אַליינגייער און אַ שווײַגער. ווען ער איז געשטאָרבן, איז זײַן ייִנגסטער זון קלמן־מרדכי שוין געווען עטלעכע און דרײַסיק יאָר און האָט נאָך אַלץ ווייניק געוווּסט וועגן זײַן טאַטנס מיסחרים. בײַ זײַן שווער אויף קעסט האָט ער זיך יאָ אויסגע־לערנט די דרכים פון וואַלד־מיסחר. ווען מע האָט צעטיילט די ירושה האָט מען לויטן ווילן פון ניפטר אין זײַן צוואה פאַרקויפט אַלע הײַזער אין וואַרשע. קלמן־מרדכי האָט גענומען זײַן חלק אין מזומן געלט און מיט דעם געקויפט אַ ריזיקן וואַלד. קיין וואַלד ממש האָט מען נישט געקאָנט קויפן, מחמת דאָס געזעץ האָט נישט דערלויבט אַ ייִד צו קויפן ערד, האָט קלמן־מרדכי געדונגען די ערד און געקויפט נאָר די ביימער מיט דער רעכט זיי אויסצוהאַקן במשך פופציק יאָר.

ווען געגנעדעלע, קלמן־מרדכיס ווײַב, האָט זיך אַריבערגעצויגן אין דעם וואַלד נעבן בילגאָרײַ, האָט דאָרט שוין געאַרבעט אַ גרויסער טאַרטאַק וואָס האָט געשניטן ברעטער און צוגעשטעלט בוי־מאַטעריאַלן פאַר דער גאַנצער געגנט. נישט ווײַט פון טאַרטאַק האָט שוין פונקציאָנירט אַ ברײַערײַ, וווּ מע האָט געטריבן בראָנפן פון די תבואות פון די אַרומיקע פעלדער און אויפן אָרט עס דיסטילירט. זייער בן־יחיד חנא איז שוין געווען אַ בר־מיצווה־בחור, האָט ר׳ קלמן־מרדכי אַראָפּגעבראַכט אין דאָרף אַרײַן ר׳ שמשונען, אַ ייִד אַ למדן פון לובלין, וואָס זאָל לערנען חנאן תורה.

צו חנאס בר־מיצווה האָט מען געפּראַוועט אַזאַ גרויסע סעודה, אַז גאַנץ פּוילן האָט גערעדט וועגן דעם. קרובים זענען געקומען פון אַלע עקן לאַנד, און אויך אָרעמע־לײַט זענען געקומען פון ווי ווײַט, זיי האָבן

געוווּסט, אַז נאָכן אָנעסן זיך מיט כּל־טוב וועט יעדער פון זיי אויך באַקומען אַ שיינע נדבה.

ר׳ קלמן־מרדכי איז געגאַנגען אין פּאַטערס דרכים און געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. נישט געווען דער טאָג, עס זאָלן נישט אָנקומען געסט. אַ שד״ר פון אַ כּולל אין ארץ־ישראל, אַ משולח פון אַ ישיבה. און קיינער איז נישט אַוועק מיט ליידיקע הענט.

ר׳ קלמן־מרדכיס עשירות איז געוואַקסן און אין זײַן הויף זענען געוואַקסן נײַע בנינים. גענענדעלע איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּריצטע אָבער געפירט זיך ווי אַ צדקת. מחמת זי האָט גערעדט מיט אַ לומדישן לשון און אַרײַנגעפלאָכטן דברי־תּורה אין אירע רייד, האָט מען זי גענומען רופן: ר׳ גענענדעלע. אפשר איז עס געווען אויך צוליב אירע מעשׂים־טובים. ר׳ קלמן־מרדכי האָט אײַנגענומען אַ נײַעם מאַרק, ר׳ גענענדעלע האָט חתונה געמאַכט נאָך אַן אָרעמע כּלה. הײַנט אירע ווערטלעך, אַ מעשׂה פון מדרש, אַ זאָג פון דער גמרא — אַ קלייניקייט: ר׳ גענענדעלע! איין מאָל, ווען זי איז שוין געזעסן אין פאַיעטאָן קעגן איבער איר מאַן צו פאָרן אין שטאָט אַרײַן צו אַ שׂימחה, האָט עמעץ, וואָס איז געקומען פון בילגאָרײַ, דערציילט וועגן אַ קראַנקער אַלמנה וואָס איז אין גאַנצן אַליין. ר׳ גענענדעלע האָט געזאָגט ר׳ קלמן־מרדכין, ער זאָל פאָרן אָן איר, זי האָט אַ גרעסערע מיצווה צו טאָן. זי איז אַראָפּ פון וואָגן און געשיקט נאָכן שוחט. מע האָט געקוילעט אַ יונג הינדל, גענענדעלע האָט אַרויפגעצויגן אַ פּאַרטעך איבערן זײַדענעם קלייד און געהאָלפן דער־דינסט אָפּקאָכן אַ פריש יײַכל. ערשט נאָכן אַוועקפירן די יויך צו דער קראַנקער איז זי אַוועק צו דער שׂימחה.

## III

קיין שוועסטערס און ברידערס האָט חנא נישט געהאַט. דער טאַטע איז אָפט געווען אין וועג און ווען ער איז יאָ געווען אין דער היים, איז ער אויך נישט אײַנגעזעסן אויף איין אָרט, ער איז געלאָפן פון דער ברײַערײַ צום טאַרטאַק, פון טאַרטאַק צום וואַלד, דאָס האָט ער אַליין אָנגעצייכנט וועלכעביימער מע זאָל שנײַדן און וועלכע שוינען. ווען

ער איז געזעסן אין זײַן קאַנטור האָט די טיר נישט גערוט. דער בוכהאַל־טער איז געקומען ווײַזן אַ חשבון, דער עקאָנאָם איז געקומען זיך שואל־עצה זײַן וועגן נײַעם פּאַרזיי. נו, און וויפל קרעדיט מע זאָל געבן אַ נײַעם קונה, אָדער ווי שטאַרק מע זאָל מאָנען אַ פאַרשלעפּטן חוב, האָט מען אויך געדאַרפט פרעגן דעם באַלעבאָס.

די מאַמע, ווידער, איז געווען פאַרנומען מיט דער גרויסער ווירט־שאַפט, מיט צדקה־עניינים פון נאָענטן בילגאָרײַ און אויך פון ווײַטע מקומות. מע האָט געשריבן צו איר, געשיקט דעפּעשעס און טייל מאָל ספּעציעלע שליחים וועגן אַ שטעטל וואָס האָט אָפּגעברענט און דאַרף הילף, וועגן אַ ייִד וואָס זיצט אין תּפיסה איבער אַ בילבול און מע דאַרף אים אויסלייזן. אַז אַן אָרעמער תּלמיד־חכם דאַרף, לאַ־עלינו, אַן אָפּע־ראַציע, דאַרף מען אים העלפן און אַז אַ ייִד האָט אַ סך טעכטער און גאָר נישט קיין געלט, קאָן מען אויך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. חנא וואָלט גערן געהאָלפן דעם טאַטן און דער מאַמען, אָבער אַ בחור דאַרף זיצן און לערנען. מע האָט טאַקע געבראַכט פאַר חנאן גאָר אַ וואָזשנעם מלמד, אָבער קיין גרויסער מתמיד איז דער בחור קיין מאָל נישט געווען, בפרט זינט עס האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן הערעלעך אויף זײַן קין. בײַם בלאַט גמרא האָט ער נישט געהאַט קיין געדולד אײַנצוזיצן, אָבער ער איז אַלע מאָל געווען אַ בעלן זיך צוצוכאַפּן צום קעסטל כּלים אין דעם וואַרשטאַט נעבן טאַרטאַק. ער האָט דאָ געהאַט ברעטער און זעגן, נעגל און האַמערס. איין מאָל האָט ער געבויט אַ שטענדער, ווען מע דאַוונט מיט מנין זאָל דער בעל תּפילה האָבן אַן עמוד; אַן אַנדער מאָל האָט ער אויסגעמײַסטרעוועט אַ שולחן אויפצוּוויקלען דאַרויף די ספר־תּורה. דאָס זעבען אַלץ מיצוות און גענענדעלע איז געווען שטאָלץ וואָס איר חנאלע האָט, קיין עין־הרע, אַ געלענק צו אַלעם, אָבער צו לערנען תּורה קומט עס נישט. עשירות זאַמלט שוין דער טאַטע, זאָל דער זון אָנזאַמלען תּורה, וועט ער האָבן תּורה און גדולה צוזאַמען.

עס איז געווען שניטצײַט און חנא איז פאַרפאַלן געוואָרן אויף לאַנגע שעהען. עס דערנענטערן זיך די ימים־טובים און מע דאַרף אויסלערנען דרײַ מסכתות גמרא מיט תּוספות. מסכתּת־ראָש־השנה דאַרף מען ענדיקן פאַר ראָש־השנה, דערנאָך בלײַבט נאָר אַ וואָך אויסצולערנען יומא וועגן יום־כּיפּור, און ווען קאָן מען באַווײַזן אויסצולערנען די גאַנצע מסכתּה־

סוכּה, אַז נאָר פיר טעג טיילן אָפּ יום־כּיפּור פון דעם ערשטן טאָג סוכּות? אַלע דריי גמראס זענען געלעגן אויפן טיש, דער מלמד ר׳ שמשון האָט געוואָרט, געגענדעלע האָט געשיקט שליחים זוכן חנאן, אָבער קיינער האָט אים נישט געקאָנט געפינען.

ווּעמען האָט געקאָנט איינפאַלן צו זוכן דעם גמרא־בחור צווישן די פּויערים אויפן פעלד? עמעץ האָט דערציילט מיט אַ סך שבחים ווי חנא האָט אין פעלד געהאָלפן אויפשטעלן אַ סטויג. „ער האָט, קינעהאָרע, גע־כאַפּט די בינטן שטרוי אויפן הייגאָפּל און געטאָן אַ שליידער אַרויף צום שפּיץ סטויג געשיקטער ווי אַ פּויער״.

ווי וויל די מאַמע איז געווען צופרידן וואָס איר בן־יחיד וואַקסט אַ גבר, וואָלט איר געווען מער ניחא צו הערן, אַז ער קאָן לערנען בעסער ווי אַ רב, ווי אַז ער קאָן וואַרפן בינטן שטרוי בעסער ווי אַ פּויער.

אַלע האָבן געזען, אַז די מאַמע לאָזט נישט אַדורך אַ געלעגנהייט צו לערנען איר זון גוטע מידות. איז מען געקומען איר דערציילן אויך וועגן זיין גוטהאַרציקייט. דעם וואַלד־שומרס שיקסע האָט אָנגעקליבן אַ גרויסן בינט צווייגן, צו גרויס זי זאָל עס קאָנען אויפהייבן און אַריבער־וואַרפן אויף איר פּלייצע. חנא איז גראָד פאַרביי־געגאַנגען. ער האָט איר געהאָלפן פאַרבינדן די שטריק אַרום די צווייגן, ער האָט געטאָן אַ הייב אויף דעם בינט ווי אַ פעדער און אָנגעלאָדן די משא אויף איר פּלייצע. ווען ער האָט פאַרוואָרפן די שטריק איבער אירע אַקסל, זי זאָל עס קאָנען טראָגן, איז די ערלית געווען אַזוי גערירט וואָס דער סאַמער „פּאַניטש״ העלפט איר, אַז ווען נישט די שווערע משא, וואָלט זי אַוודאי צוגעפאַלן אים קושן די הענט.

פון דעם נחת איז גענענדעלע געווען נאָך ווייניקער צופרידן. אַ בחור אַ בן־תּורה האָט אַנדערע וועגן צו דינען דעם אייבערשטן. „חנאלע איז צו פיל אַליין און ס׳איז די צייט ווען ער ווערט אַ מאַן. אפשר אים שיקן אין אַ ישיבה?״

זי אַליין האָט זיך דערשראָקן פון דעם וואָס זי האָט געזאָגט. זי וואָלט, חלילה, אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט צו אים. „ר׳ שמשון האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ בחור אין אונדזער חנאלעס עלטער, אפשר ברענגען חנאן אַ חבר?״ האָט זי געפרעגט איר מאַן.

*

חנא און אַהרן ר׳ שמשונס זענען טאַקע געוואָרן גוטע חברים, אָבער דער מלמד איז נישט געווען צופרידן: קודם דאַרף מען לערנען ש״ס און פּוסקים, לערנען אַ בלאַט גמרא איז וויכטיקער ווי טובלען זיך אין מיקווה.

אַהרן האָט געבראַכט מיט זיך דעם ספר־הזוהר, דעם ספר־הכּוונות, לויטן אַר״י־הקדוש, דעם עץ־חיים פון ר׳ חיים וויטאַל און נאָך קבלה־ספרים. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט ער געפאַסט ביז נאָך מעריב. דאָנערשטיק נאָך חצות האָט ער זיך טובל געווען אין דער קאַלטער מיקווה און געלערנט קבלה אַ גאַנצע נאַכט.

זוי וויל טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט חנא זאָל לערנען אַ סך תּורה, האָבן ביידע פּראָבירט אים אָפּרעדן פון אויף זײַן גאַנצע נעכט. מע קאָן אויספּילן מיט תּורה יעדע שעה אין טאָג, די נאַכט איז געגעבן געוואָרן צו שלאָפן. אָבער חנא האָט שוין געהאַט אַ גרייטן ענטפער: אַהרן האָט אים געוויזן אַ מאמר אין זוהר וואָס לויבט דאָס לערנען בײַ נאַכט. די מלאכים אין הימל פרעגן: וואָס איז דאָס זיסע קול וואָס מיר הערן, און הקדוש־ברוך־הוא ענטפערט: דאָס איז דאָס קול פון מײַנע קינדער וואָס לערנען איצטער תּורה.

דאָס שמועסן חסידות האָט חנאן פאַרכאַפּט. אייגנטלעך האָט אַהרן געשמועסט און חנא האָט נאָר געהערט. אָבער אַזוי איז שוין געווען זײַן טבע, ער איז אַלע מאָל געווען אַ קנאַפּער ריידער און איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער שווײַגער זינט ער האָט זיך אָנגעשטעקט פון אַהרנען מיט חסידות.

געגענדעלע האָט אַ שמועס געטאָן מיט חנאן: „מיר זענען, גאָט צו דאַנקען, רײַך אין גאָלד, אָבער דו ביסט, קיין עין־הרע, אונדזער גרעסטע עשירות, און ס׳איז אַ באַזונדערע מתּנה פון אייבערשטן וואָס דו האָסט זיך, ברוך־השם, פאַרנומען אויף וועגן פון תּורה. אָבער צו ווערן אַ בן־תּורה דאַרף מען אַרבעטן. מע דערציילט וועגן פּויזנער רב, ר׳ עקיבא אייגער ז״ל, אַז ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור האָט אַ חבר אים צוגערעדט, ער זאָל פאָרן מיט אים צו אַ חסידישן רבין. ר׳ עקיבא אייגער איז אָבער געווען אַ גרויסער מתמיד און עס איז אים אַ שאָד געווען די צײַט. ער האָט געענטפערט זײַן חבר: אויב איך וועל איצט פּטרן מײַן צײַט צו ווערן אַ חסיד און דערנאָך וועלן ווערן אַ למדן, וועט זײַן צו

שפּעט. וועל איך דערוויַיל ווערן אַ למדן, און זאָל איך אַ מאָל ווערן אַ חסיד, אין איין מינוט בין איך מיר אַ חסיד".

חנא האָט אויך אויף דעם נישט געענטפערט און געגנענדעלע איז געקומען צו דער מסקנא: „אויף חסידות דאַרף מען נישט אַרבעטן, אָבער צו ווערן אַ למדן דאַרף מען האָרעווען טאָג און נאַכט".

„איך גיי דען ווערן אַ רב?"

„תּורה איז דען די נחלה נאָר פון רבנים? לערנען תּורה שאַרפט דעם מוח און פירט דעם מענטש צו מעשׂים־טובים, אַזוי שטייט טאַקע געשריבן: תּורה מביאה לידי מעשׂים טובים".

„מאַמעשי, ס'איז אַוודאי אַ ברכה פון אייבערשטן, אַז מ'איז זוכה צו לערנען תּורה אין רחבות און ווילטאָג, אָבער געלט און עשירות ברענגען מיט זיך גרויסע נסיונות. די גמרא זאָגט, אַז דאָס וואָס די ייִדן אין דער מידבר האָבן געהאַט אַ סך גאָלד האָט גורם געווען, זיי זאָלן מאַכן אַ גאָלדענעם אָפּגאָט. אַ מענטש דאַרף אַרבעטן איבער זײַנע מידות. אַהרן העלפט מיר אויסשמידן געווער אָפּצוווערן זיך קעגן יצר־הרע".

„איך דאַרף דען דיר זאָגן, חנאלע? איך שעפּ מײַן וויסן פון טײַטש־חומש און ווײַבערישע ספרים, דו לערנסט דאָך פון סאַמע קוואַל. כ'האָב געזען אין אַ ספר, כ'געדענק נישט ווו, אַז גדולה תּורה, גרויס איז די תּורה וואָס אין איר זכות איז השם־יתברך מציל די ייִדן פון יסורים און עס קאָן נישט שולט זײַן אויף זיי דער יצר־הרע. זעסטו שוין, תּורה איז דאָס בעסטע געווער קעגן יצר־הרע".

„דאָס ביסטו גערעכט, מאַמעשי, האָט חנא צוגעגעבן און געטראַכט, אַז איצט איז די צײַט צו פּועלן בײַ דער מאַמען, מע זאָל נישט דאַרפן זיצן אַזוי לאַנג בײַ די מאָלצײַטן. בײַ געגנענדלען האָט מען נישט געגעסן כאַפּ־לאַפּ, מע האָט יעדן טאָג געגרייט צום טיש, ווי צו אַ יום־טובדיקער סעודה, מיט אַ טישטעך, מיט שיינעם באַשטעק; מע האָט געקאָנט מיינען, אַז די באַלעבאָסטע איז אויסן זיך צו באַווײַזן מיט איר עשירות. אַהרן האָט טאַקע געהאַט תּרעומות: „אַ ייִד דאַרף לערנען תּורה און נישט פּטרן צײַט צו פירן שטאַט". און חנא האָט עס איבערגעחזרט פאַר דער מאַמען.

„דו האָסט ערשט אַנומלטן מיר געזאָגט, האָט געגנענדעלע געענטפערט „אַז מע טונקט די המוציא אין זאַלץ מחמת דער טיש איז ווי אַ

מזבח, דאָס עסן ווי אַ קרבן, און אין פסוק שטייט: 'אַלע דיינע קרבנות זאָלסטו מקריב זיין מיט זאַלץ'. עס איז זיכער אַזוי, ווען ביים טיש זיצן אורחים; צדקה איז דאָך אַוודאי חשוב ווי אַ קרבן".

„צו ערשט קומט תּורה, דערנאָך חופּה, און ערשט נאָך דעם, מעשׂים־טובים".

„ווער בין איך, אַן אישה, זיך צו שפּאַרן מיט דיר אין לערנען. אָבער די הייליקע ספרים זאָגן אַז תּורה איז נאָר אַ וועג צו מעשׂים־טובים, ווי דער נביא האָט געזאָגט: 'און וואָס פאַרלאַנגט דען גאָט דיין גאָט פון דיר'... כ'געדענק נישט די ווערטער גענוי, אַלץ וואָס דער אייבערשטער פאַר־לאַנגט איז, מיר זאָלן טאָן גערעכטיקייט און צדקה. תּורה איז ליכט, צדקה איז לעבן. ס'שטייט אין די הייליקע ספרים, אַז ווי דער מענטש גיט צדקה און דערהאַלט דעם אָרעמאַן ביים לעבן, אַזוי איז הקדוש־ברוך־הוא מקפּיד צו דערהאַלטן דעם בעל־צדקה ביים לעבן".

„ווי קומט דאָס צום פּאַטשען זיך אַזוי לאַנג ביים עסן?" איז חנא געוואָרן אומגעדולדיק, „מע מוז טאַקע באַפרידיקן דעם צורך פון גוף, אָבער אָנשטאָפּן דעם מאָגן איז גשמיות־שבגשמיות".

„לערנען תּורה איז נישט גענוג, חנא־לעבן, מע דאַרף זיך אויך לערנען זי מקיים זיין. אין פסוק שטייט 'פּרוס לרעב לחמך', האָט דער הייליקער תּנא ר' שמעון בן־יוחאי דערפון געלערנט, אַז עס איז נישט גענוג צו געבן דעם אָרעמאַן ברויט. 'פּרוס' מיינט 'אויסשפּרייטן', מע דאַרף טאַקע אויסשפּרייטן אַ טישטעך און גרייטן אַ שיינעם טיש ווי פאַרן חשובסטן גאַסט. און פּונקט אַזוי ווי ביים מזבח האָט מען דעם בעסטן חלק געגעבן פאַר דעם אייבערשטן, אַזוי אויך דאַרף מען ביים טיש־מזבח געבן דעם אָרעמאַן די שענסטע פּאָרציע".

„ווער זאָגט דען, אַז נישט?"

„שטעל דיר פאָר, חנאלע, מע פאַרבעט אַ חשובן גאַסט, מע דער־לאַנגט פון שענסטן און פון בעסטן, נאָר אַליין אַנטלויפט מען פון טיש און מע לאָזט דעם גאַסט אַליין. אַז דאָס געבן דעם אָרעמאַן איז ווי געבן דעם אייבערשטן, איז דער אייבערשטער צוזאַמען מיטן אָרעמאַן אַ גאַסט ביים טיש. דער טאַטעשי, זאָל געזונט זיין, מוז אַרומפאָרן און איז זעלטן אין דער היים. איך בין דאָך נאָר אַן אישה און קאָן נישט זיצן ביים טיש

מיט פרעמדע מענער. כּביכול אַליין קומט צו אונדזער טיש. ועסטו, חלילה, אַנטלויפֿן ווען ס׳קומט אַזאַ חשובער גאַסט ?"

„אָבער פאַר וואָס מוז עס זיך ציִען אַזוי לאַנג ?"

„כּדי דער מכניס־אורח זאָל האָבן צייַט אַרייַנצוברענגען אַ ביסל הרחבת־הדעת. דו, חנאלע, ווייסט דאָך בעסער, אַז עס איז נישט גענוג צו געבן, מע דאַרף אויך מפייס זייַן דעם, וואָס מוז נעבעך נעמען. אין דער הייַנטיקער סדרה לייענט מען : ׳על כּן אנכי מצווך לאמר פתח תפתח את ידך׳. וואָס מיינט דער ׳לאמר׳ ? האָב איך געלייענט דאָרויף אַ שיינעם טייַטש : לאמר, דו זאָלסט זאָגן צום אָרעמאַן פּתח תפתח את ידך, דו וועסט נאָך אויך עפֿענען דייַן האַנט צו געבן צדקה. הייַנט נעמסטו בייַ אַנדערע, מאָרגן וועט דער אייבערשטער דיר העלפֿן און דו וועסט געבן אַנדערע. מ׳איז מחויב צו טרייסטן דעם אָרעמאַן".

„דאָס זאָגט דאָך די גמרא, ווער עס גיט אַ פּרוטה צו אַן אָרעמאַן ווערט געבענטשט מיט זעקס ברכות און ווער עס בעט אים אויך איבער, ווערט געבענטשט מיט עלף ברכות".

„זעסטו שוין, מייַן קינד. דו ווייסט דאָך, עס האָבן נישט הייַנט געדאַכט, זיך נישט געהאַלטן בייַ אונדז קיין קינדער. דער אייבערשטער האָט זיך איבער אונדז דערבאַרעמט. ווי דייַן נאָמען אלחנן זאָגט עס, און דו ביסט אונדז, ברוך־השם, געבליבן, מיר דאַרפֿן אַ סך ברכות און אַ סך חן אין אייבערשטנס אויגן".

גענענדעלע האָט זיך געגריבלט אין אַזוי פיל ספרים, נישט מחמת זי האָט געזוכט איבערצושטייַגן עמעצן אין לומדות, נאָר זי האָט געזוכט צו פירן איר הויז אין די דרכים פון ייִדישקייט. אויב עמעץ איז, חלילה, געשטראָפט און קאָן נישט אויספירן אַלץ ווי עס איז געשריבן מחמת נויט, האָט ער נאָך אַ פאַרענטפערונג. זי, וואָס דער אייבערשטער האָט איר געשענקט אַלע כּלים און אַלע יכולתן, וואָס פאַר אַ תּירוץ וועט זי קאָנען האָבן, ווען זי וועט דאַרפֿן אָפּגעבן דין־וחשבון פון איר פירעכץ אויף דער ערד ? זי האָט דען געזוכט תּירוצים ? דער גרעסטער למדן האָט נישט געקאָנט אַראָפּדינגען פון איר התנהגות. זיכער נישט איר זון. חנאלע, זאָל לעבן וועט שוין בקרוב, מיטן אייבערשטנס הילף, אַליין ווערן אַ באַלע־בעסל, דאַרף ער זיך צוגעוווינען צו די דרכים פון צדקה. מעשים־טובים זענען נישט ווייניקער וויכטיק ווי לערנען תּורה.

## IV

איין מאָל, ווען ר׳ קלמן־מרדכי איז צוריקגעקומען פון אַ נסיעה קיין וואַרשע, האָט ער געוווּנטשן חנאן מזל־טוב, מע האָט שוין אין וואַרשע אונטערגעשריבן ראָשי־פּרקים, חנאלע איז מיט מזל אַ חתן געוואָרן.

גענענדעלע האָט דערציילט חנאן, אַז זײַן כּלה איז אַ יפת־תּואר, פון דער יִחוסדיקער משפּחה דאַווידזאָן. אמת, ר׳ הערץ, דער מחותּן, איז נישט אַזאַ עושר ווי די אַנדערע דאַווידזאָנס. ,,אָבער אַז השם־יתברך האָט אונדז געבענטשט מיט עשירות און דו ביסט בײַ אונדז איין־און־איינציק, דאַרפן מיר נישט זוכן קיין כּלה מיט אַ גרויסן נדן. דערפֿאַר האָט זי, ברוך־השם, אַנדערע מעלות. זי איז איידל און אַ קענערין, גאָר אַ גרויסע קענערין. דער מחותּן זאָגט, אַז זי שפּילט אויף אַ פּאָרטעפּיאַן. אַ יונגערמאַן אַ בן־תּורה דאַרף טאַקע נישט קיין פּאָרטעפּיאַנעס, אָבער, דו ווייסט דאָך, די פּריצים... אַ סך פון די דאַווידזאָנס האָבן גרויסע גיטער.

## V

חנא איז שוין געווען אַ זעכצן־יאָריקער בחור און אַ חתן. ער האָט לכּבוד יעדן יום־טוב געשריבן אַ בריוו צום מחותּן און צוגעשריבן אַ גרוס צו דער מחותּנתטע און צו דער כּלה. ווען נאָר איר מאַן איז געפֿאָרן קיין וואַרשע האָט גענענדעלע מיטגעשיקט עפּעס פֿאַר דער כּלה: אַ פּעכער, אַ שירעמל — דערווײַל נאָר קלייניקייטן. ליבעלע, די כּלה, האָט פֿאַר יעדער מתּנה געדאַנקט מיט אַ בריוו צו דער מחותּנתטע אין פּויליש אָדער רוסיש. אַ גרוס צום מחותּן און אויך צום חתן האָט זי צוגעשריבן אין יִדיש. אָבער איר כּתב איז געווען שענער און מער אויסגעשריבן אין די גוייִשקע לשונות ווי אין יִדיש, וואָס זי האָט אַוודאי זעלטן געניצט.

גענענדעלע האָט געהאַלטן, אַז עס איז שוין צײַט חתן־כּלה זאָלן זיך זען. ,,מע פּירט זיך נישט אַזוי בײַ יִדן", האָט ר׳ קלמן־מרדכי זיך אָקעגנגעשטעלט. ,,וואָס שייך זיך צו זען? אין הימל קלײַבט מען אויס פֿאַר יעדן זײַן זיווג און דאָרט ווייסט מען געווי ווי יעדער פון דעם פּאָרל זעט אויס".

ר׳ קלמן־מרדכי האָט געקענט לערנען, אָבער זײַן װײַב איז געװען פֿלינקער אין געפֿינען אַ פּסוק, אַ מאמר, צו באַשטעטיקן אירע רייד. „ס׳איז אָסור צו אַ מענטש מקדש צו זײַן אַן אישה ביז ער וועט זי זען", האָט זי געברענגט אַ ראָיה פֿון דער גמרא.

„ביז צו דער חתונה וועט נאָך אַ סך וואַסער אַפּלויפֿן", האָט איר מאַן דערווידערט.

„חנאלע גייט אַרום צו פֿיל פֿאַרטראַכט. דו זאָגסט דאָך, אַז ליבעלע איז אַ יפֿת־תּואר, זאָל ער עס זען און זאָל עס דערפֿרייען זײַן האַרץ".

„אַז כ׳על זײַן אין וואַרשע וועל איך אַ רעד טאָן מיטן מחותּן".

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ר׳ קלמן־מרדכי טאַקע געווען אין וואַרשע, ער האָט פֿון דאָרט מיטעברענגט עפּעס וואָס איז געווען אַ טאָפּלטער חידוש, אַזאַ פּאָסטקאַרטל וואָס מע האָט געזען דאַרויף אַ בילד ווי לעבעדיק, און עס איז נישט געווען סתּם אַ בילד פֿון אַ שיין מיידל, ס׳איז געווען אַ בילד פֿון חנאס כּלה.

*

„מיט דער הילף פֿון השם־יתברך. דעם דריטן טאָג צו דער סידרא ׳ויצא יעקב׳ אין דעם יאָר תּרמ״ג לפּ״ק, דאָ אין דער הייליקער קהילה וואַרשע.

צום כּבוד פֿון דעם חתן־בחור דעם געלויבטן און גאָטספֿאָרכ־טיקן אלחנן־חנא, זאָל לעבן, דער זון פֿון דעם באַוווּסטן נגיד און נדבן, ר׳ קלמן־מרדכי, זאָל לעבן, און זײַן זיווג, זאָל לעבן, די געלויבטע בעלת־צדקה גענענדעלע, זאָל אײַער אַלעמענס ליכט לויכטן ווי די זון אין מיטן טאָג, און ירושלים זאָל אין גיכן געבויט ווערן, אָמן.

נאָכן פֿרעגן וועגן אײַער אַלעמענס ווילזײַן וויל איך ראשית דיר מודיע זײַן אַז איך, זוגתי, זאָל לעבן, און אונדזער ליבעלע, זאָל געזונט זײַן, זענען אַלע, ברוך־השם, בײַם בעסטן געזונט, זאָל דער ליבער גאָט געבן דאָס זעלביקע צו הערן פֿון דיר און פֿון דײַנע טײַערע עלטערן, אָמן.

שנית, וויל איך דיר מודיע זײַן, אַז מיר אַלע דאָ וועלן זיך שאַצן גליקלעך, אויב דו וועסט אונדז אָנטאָן דעם כּבוד און זײַן דער גאַסט פֿון אונדזער באַשיידן הויז דעם שבת־חנוכּה וואָס קומט

אויף אונדז צום גוטן. זײַ אַזוי גוט און לאָז מיך וויסן ווען דו קומסט, וועל איך, מיטן אײבערשטנס הילף, דיך אָפּוואַרטן בײַ דער באַן.

מיר אַלע גריסן ליבלעך דײַנע עלטערן זאָלן געזונט זײַן,
איך חתמע מיט ליבשאַפט
דײַן מחותּן וואָס איז אָנגעגרייט צו ווערן דײַן שווער,
**הערץ בן ר׳ יעקב־הלוי דאַווידזאָן״.**

גענענדעלע האָט זיך געוווּנדערט וואָס דער מחותּן האָט אַזוי לאַנג געוואַרט צו פאַרבעטן חנאן. ר׳ קלמן־מרדכי האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט די סיבה. דער מחותּן איז נישט קיין וואַזשנער בעל־פּרנסה, ער איז אָבער זייער אַ שטאָלצער, ער האָט אַוודאי געוואַרט מיטן פאַרבעטן דעם חתן ביז ער וועט האָבן אָנגעזאַמלט גענוג געלט צו קויפן אַ שיינע מתּנה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רײַכן חתן.

גענענדעלע האָט געהאַט אָנגעגרייט אַ גרויסע קאַליע מיט ברילי־אַנטן, חנא זאָל עס ברענגען אַ מתּנה דער כּלה. זי האָט איצט זיך באַרעכנט, אַז די טײַערע מתּנה קאָן גורם זײַן דער מחותּן זאָל אויסגעבן אויף חתן־מתּנות מער וויפל ער קאָן, האָט זי באַהאַלטן די קאַליע אויף שפּעטער און דערווײַל געשיקט נאָר אַ גאָלדענע שפּילקע, אָן שטיינער.

חנא האָט זיך פאַרשעמט ווען נאָכן געבן דער כּלה די פּשוטע שפּילקע, האָט דער מחותּן אים געגעבן אַ טײַערן גאָלדענעם זייגער מיט אַ שווע־רער גאָלדענער קייט און אויך אַ לעדער־געבונדענעם, גאָלד־געליישטן ש״ס.

ליבעלע איז געווען נאָך שענער ווי זי האָט אויסגעזען אויף דער פאָטאָגראַפיע. אָבער עס האָט געהויערט אויף איר אַ טרויעריקייט. איז ער איר נישט געפעלן געוואָרן? האָט זי געציטערט פאַר דעם רײַכן חתן און מורא געהאַט אַ שמייכל צו טאָן? זינט דער מינוט ווען חנא איז געקומען, האָט דער מחותּן גערעדט וועגן גיין צו גאַסט צו אַ קרוב פון די רײַכע דאַווידזאָנס, אָבער שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רײַכער קרוב האָט געמוזט אײַליק אָװעקפאָרן קיין אויסלאַנד. פריִער האָט ר׳ הערץ נישט אויפגעהערט דערציילן וועגן דער עשירות פון דעם קרוב וואָס איז אַ פּריץ און האָט אַ סך פעלדער און וועלדער. איצט האָט ער

געזאָגט, אַז ער איז איבערגליקלעך וואָס מע וועט נישט דאַרפֿן גיין צו דעם פּאַן פּריץ, ס'איז דאָרט אַלץ טריף ווי ביַי אַ גוי. עסן ביַי זיי טאָר מען נישט, און זיי וואָלטן זיך אַוודאי באַליידיקט אויב מע וואָלט זיך אָפּגעזאָגט עפּעס טועם צו זיַין.

אויפֿן וועג צוריק אַהיים האָט חנא געטראַכט, אַז אויב עס איז שלעכט צו זיַין אַן אָרעמאַן איז אפשר נאָך ערגער ווען מ'איז אַן אָרעמאַן אין אַ ריַיכער משפּחה. ווערט אַ מענטש שפּל ביַי זיך ווען אַלע אַרום אים האָבן גרויס הצלחה און אים גייט עס מיט דער פּוטער אַראָפּ? ער איז שוין, ברוך־השם, אַ דערוואַקסענער בחור און שוין אַ חתן אויך און ווייסט נאָך אַזוי ווייניק וועגן לעבן.

*

אויף שבועות האָבן טאַטע־מאַמע פֿאַרבעטן די כּלה. ווען זי איז אָנגעקומען, האָט גענענדעלע זיך דערשראָקן פֿאַר איר בלאַסקייט. דאָ אין וואַלד, אויב עמעץ האָט געהאַט אַ וויַיסע הויט איז עס געווען בלוט־און־מילך. ליבעלעס וויַיסקייט האָט געפֿעלט בלוט. זי האָט געהאַט אַ שלאַנקע איידעלע פֿיגור און איידעלע שטריכן אויף איר פּנים, אַן איידל־קייט פֿון אַ דעליקאַט אויסגעמיַיסטערט שטיקל קרישטאָל: קוק עס אָן, אָבער ריר עס נישט אָן, עס קאָן זיך נאָך, חלילה, צעברעכן אין דיַינע הענט.

לעצטנס איז חנאס פּלייצע געוואָרן ישיבה־בחוריש געבויגן, ווי ביַי זיַין חבר אַהרן. די אַקסלען אַראָפּגעלאָזט, די אויגן אַראָפּגעלאָזט און דאָס מויל געשלאָסן. גענענדעלע האָט מיט צופֿרידנקייט געזען, אַז זינט ליבעלעס קומען איז חנא ווי אויסגעוואַקסן מיט אַ קאָפּ העכער, און אַז אויף זיַין פּנים באַוויַיזט זיך פֿון ציַיט צו ציַיט אַ שטראַל פֿון אַ שמייכל. כאָטש חנא האָט איצט גערעדט נאָך ווייניקער ווי פֿריִער, האָבן זיַינע אויגן גערעדט... זיַינע בליקן פֿון ליבשאַפֿט צו ליבעלען זענען נישט פֿאַרהוילן געוואָרן פֿון דער מאַמעס אויגן.

ליבעלע האָט שנעל דערפֿילט איר מחותּנתטעס גינציקייט און זיך געטוליעט צו איר. נאָך עטלעכע טעג אין דאָרף האָט ליבעלעס הויט אָנגענומען אַ ביסל קאָליר און אויך זי האָט זיך אויסגעלערנט שמייכלען. ס'איז געווען אַ ציטערדיקער שמייכל וואָס האָט קוים, קוים געהויערט אַרום אירע ליפּן. זי איז בכלל געווען אַ ציטערדיק קינד, די ליבעלע. אירע נאָזפֿליגל האָבן געציטערט, אַן אָדערל אויף איר שלייף האָט

געציטערט, אַפילו אירע הענט האָבן טייל מאָל געציטערט, אָבער זי איז געווען מלא־חן. זי האָט גערעדט מיט חן, באַוועגט זיך מיט חן און טאַקע אויך איר ציטערדיקייט האָט געהאַט חן. אַפילו ר׳ קלמן־מרדכי, וואָס איז ווייניק געווען מיט איר מחמת זײַן פֿאַרנומענקייט, איז געווען אַ מבֿין אויף איר גרויסשטאָטישן האַלטן זיך און הנאה געהאַט פֿון דעם, ווי ער האָט הנאה געהאַט פֿון איר חן און איידלקייט. „אַ דאַווידזאָן איז אַ דאַווידזאָן״, האָט ער געזאָגט, „אָרעם צי רײַך״...

## VI

וויפֿל נאָר חנא האָט זיך געטובֿלט אין דער מיקווה, האָט ער אַלץ נישט געקאָנט אַרויסשווענקען פֿון זײַן קאָפּ די רעיונות וואָס זענען אים באַפֿאַלן, רעיונות וואָס האָבן אים טאַקע אויפֿגעהויבן ווי אויף פֿליגל, אָבער אויך אָנגעוואָרפֿן אויף אים אַן אימה און אַ פּחד. אויך איצט, ווען זײַן כּלה איז געווען צו גאַסט, האָט ער צוזאַמען מיט אַהרנען געלערנט קבלה יעדן דאָנערשטיק בײַ נאַכט ביז שחרית. אַהרן האָט אויסגעזוכט די שורות פֿון ספֿר וועגן דער דערהייבונג פֿון ליבשאַפֿט, וועגן דעם סוד פֿון קוש און פֿון באַהעפֿטונג, „התעוררות רחימו״, „רזא דנשיקה״, „רזא דמהימנותא״, „זיווג״. ער האָט צוזאַמען מיט זײַן חבֿר — זיך געוויגט איבער דעם הייליקן זוהר, פּרשת תרומה (דף קמ״ו, עמודים א׳ און ב׳) און פֿאַרגאַנגען אין דבֿקות איבער די ווערטער: ...מחמת די באַהעפֿטונג פֿון אָטעם מיט אָטעם קומט נאָר דורך נשיקה, און נשיקה קומט דורכן מויל וואָס ברענגט אַרײַן די לופֿט און אָטעמט זי צוריק אַרויס... אין אַ קוש באַהעפֿטן זיך די אָטעמס פֿוןביידן און ווערן איינס — דעמאָלט איז עס אַהבֿה...״ ווען מע האָט געלערנט ווײַטער וועגן דעם, ווי פֿון דעם הייליקן קוש פֿון ליבשאַפֿט גייען אויף די פֿיר אותיות וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט גאָטס נאָמען, און וועגן דער דערהויבנקייט פֿון די פֿיר אותיות אין דעם וואָרט א ה ב ה, וואָס איז דער יסוד פֿון שלמות, איז אַהרן דערגאַנגען ממש צו התפּשטות הגשמיות, ווי ער וואָלט אַרויס פֿון אַלעם וואָס איז ערדיש און אויפֿגעהויבן זיך צו די אייבערשטע וועלטן. חנא האָט נישט געקאָנט זיך אויפֿהייבן אַזוי הויך. גערעדט האָט זיך אין ז ו ה ר וועגן אַ קוש צווישן דער אייבערשטער וועלט — די וועלט פֿון

תפארת, מיט דער אונטערשטער וועלט — די וועלט פון מלכות, אָבער, ווי געשריגן, פֿאַר זײַנע אויגן האָבן אויפגעשײַנט די ליפּן פון זײַן כּלה, און זײַנע ליפּן האָבן זיך באַוועגט צו ליבעלעס ליפּן אין זײַן דמיון.

מיט אַזעלכע רעיונות שטעלט דער שׂטן אונטער אַ פיסל אים צו שטרויכלען, האָט חנא זיך דערשראָקן. דער טאַטע זאָגט טאַקע, אַז מע טאָר נישט עוסק זײַן אין קבלה אין אַזאַ יונגן עלטער. דער זוהר שרײַבט וועגן אַ ליבשאַפט וואָס ברענגט צו אַ מצב, ווו אַלע אברים ווערן פרײַ פון עצבות און פול מיט חדווה, און אים איז גאָר באַפאַלן אַ פּחד־פּחדים און אַן עצבות וואָס ער קאָן זיך נישט דערהייבן צו דער נשמה און דער ריינקייט פון די הייליקע באַגריפן. עס באַפאַלט אים, רחמנא־לצלן, אַ געפיל פון קינאה. אַהרן איז שוין אויך, ברוך־השם, אַ חתן; פונ־דעסטוועגן זענען קיין ערדישע רעיונות נישט מבלבל זײַן לערנען.

חנא האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ פאַר זײַן חבר. אַהרן האָט נישט געלייקנט, אַז מחשבות־זרות קומען פון שׂטן און פון זײַנע חיילות. זיי פּראָבירן נישט דערלאָזן דעם בשׂר־ודם, ער זאָל זיך דערהייבן צו מדרגות. אהרן האָט אָבער געטרייסט חנאן: „נישט פאַראַן אַזאַ כּוח אין דער טומאה, וואָס מע זאָל נישט קאָנען אים גובר זײַן מיט קדושה. דער זוהר־הקדוש זאָגט, אַז ווען דער מענטש הייליקט זיך, העלפט אים הקדוש־ברוך־הוא צו ווערן הייליק. אַ גמרא אין יומא זאָגט: ווען אַ מענטש הייליקט זיך אַ ביסל, הייליקט מען אים פון אויבן אַ סך״.

אַהרן האָט טאַקע געפונען אין אַ קבלה־ספר אַ גוט געווער קעגן אָט די תּחבולות פון שׂטן. ווען נאָר פרעמדע מחשבות האָבן זיך אַרײַנ־געריסן אין זײַן לערנען, האָט חנא דרײַ מאָל איבערגעווישט זײַן שטערן פון שלייף צו שלייף און יעדער מאָל געזאָגט דעם פּסוק אין תּהילים „אַ ריין האַרץ באַשאַף מיר, גאָט, און אַ פעסט געמיט באַנײַ אין מיר״.

„חנאלעס עצבות איז, חלילה, נישט קיין מאַלער״, האָט געגענ־דעלע געטענהט צו איר מאַן. „אַ בלינדער קאָן זען, אַז די קינדער האָבן קיין עין־הרע, נושׂא־חן געווען בײַ איינס ס׳אַנדערע. דאָס איז נישט קיין טרויער, חלילה, נײַערט בענקשאַפט.

פאַר וואָס וואַרטן מיט דער חתונה? דאָס הויז איז, קיין עין־הרע, גרויס. זאָלן די קינדער עסן בײַ אונדז קעסט. דאָ, אַרומגערינגלט מיט

וועלדער, מיט מאכלים גלײַך פֿון פֿעלד און גאָרטן, וועט ליבעלע אויפֿבלִיִען נאָך שענער. כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד: אַ מיידל איז שענער ווען זי נעמט אָן אַ ביסל פֿלייש אויף אירע ביינער״.

ר׳ קלמן־מרדכי האָט צוגעזאָגט אַ רעד צו טאָן מיטן מחותּן און ווען ער איז, נאָך ליבעלעס אַהיימפֿאָרן, ווידער געפֿאָרן קיין װאַרשע, האָט גענענדעלע גענומען צוגרייטן די שטובן פֿאַר דעם יונגן פּאָרל.

גענענדעלע האָט שוין געחלשט אָנזאָגן די בשׂורה איר זון, אָבער איר מאַן איז צוריקגעקומען פֿון װאַרשע מיט אַן אָפּזאָג. „כּנראה״, האָט ער געזאָגט גענענדעלען, „האָט דער מחותּן נאָך נישט אָפּגעשפּאָרט געבוג אויף אַ רײַכן אויסשטײַער, און דער בעל־גאווה, כ׳זאָל נישט געשטראָפֿט ווערן פֿאַר די רייד, נישט ער וועט אַרויסלאָזן די טאָכטער אָן אַ גרויס־האַלטערישן אויסשטײַטער, נישט ער וועט לאָזן עמעץ זאָל אים העלפֿן״.

## VII

נאָך אַ יאָר איז פֿאַרבײַ, די מחותּנים זענען זיך צוזאַמענגעקומען צו באַשטימען דעם זמן־חתונה. דעם חתנס טאַטע האָט געוואָלט, עס זאָל זײַן דעם נאָענטסטן ל״ג־בעומר, אָבער דער כּלהס טאַטע האָט זיך ווידער אײַנגעעקשנט, ניין און ניין, נישט פֿריִער ווי נאָך די ימים־טובים. טאָקע מחמת ליבעלע האָלט נאָך אין וואַקסן, האָט גענענדעלע געוואָלט, זי זאָל אַרײַנכאַפּן נאָך אַ זומער אין וואַלד. זי וועט בקרוב דאַרפֿן, מיטן אייבערשטנס הילף, אויסטראָגן און געבוירן געזונטע אייניקלעך, איז כּדאַי שוין בײַ צײַטנס אונטערצושפּאָרן איר געזונט. אָבער אַז יענער וויל נישט, וועט מען איבער דעם, חלילה, אָפּלאָזן דעם שידוך?

באַלד נאָך שבֿועות האָט גענענדעלע שוין אָנגעהויבן גרייטן זיך צו דער חתונה פֿון איר בן־יחיד. פֿעלדער און וועלדער אַרום און דאָס הויז האָט זיך געטובלט אין גרין. דרויסן האָבן געזונגען די פֿייגעלעך און אין שטוב האָבן געזונגען נייטאָרינס, וואָס זענען געקומען אין דאָרף אַרײַן נייען חנאָס אויסשטײַער. די גאָלדענע זאַנגען אויף די פֿעלדער זענען געפֿאַלן כּורעים צו די שניטערס. ר׳ קלמן־מרדכי האָט געהאַט

אַ סך תּבואה־פעלדער וואָס האָבן צוגעשטעלט קערנער פאַר זייַן גאַ־זשעלניע, פּונקט ווי די וועלדער האָבן צוגעשטעלטביימער פאַר זייַן טאַרטאַק. געגענדעלע איז געפאָרן אין שטאָט אַרייַן אין צדקה־עניים; חנא האָט באַקומען אַ בריוו פון זייַן כּלה, איז ער אַוועק מיטן בריוו אין וואַלד; ר׳ קלמן־מרדכי איז אַוועק אין דער גאַזשעלניע. פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ שרעקלעכער קראַך און אַ פייַער האָט אַרויסגעזעצט פון דאַך פון דער גאַזשעלניע. נאָך איידער מע האָט באַוויזן זיך אַ ריר צו טאָן, איז די גאַנצע בראָנפן־פאַבריק געווען איין פלאַם־פייַער. אַ קעסל האָט אויפגעריסן און באַגאָסן דעם גאַנצן בנין מיט שפּירט.

עטלעכע אַרבעטערס זענען צעריסן געוואָרן אין דעם אויפרייַס. ר׳ קלמן־מרדכי האָט יאָ באַוויזן אַרויסצולויפן פון בנין, אָבער ער איז געווען אין גאַנצן אַרומגענומען מיט פלאַמען. איידער ער איז געפאַלן האָט מען נאָך געזען ווי אָדערן אין זייַן גוף האָבן געפּלאַצט און אַ שפּריץ געטאָן מיט בלוט, וואָס האָט זיך אויך אָנגעצונדן. אויך אויף די מענטשן וואָס זענען צוגעלאָפן צו אים האָבן זיך אָנגעצונדן די מלבושים, ער איז געווען ווי אַ קנויט אייַנגעטונקען אין שפּירט.

אפשר וואָלט מען יאָ געקאָנט עפּעס ראַטעווען אויב דאָס אומגליק וואָלט נישט געטראָפן דעם באַלעבאָס צו ערשט. דער בנין פון דער בראָנפן־פאַבריק איז געווען אַרומגערינגלט מיט וואַלד, אַלץ איז דאָ געווען אַרומ־גערינגלט מיט וואַלד. די פלאַמען פון דער ברייַעריי האָבן זיך אַריבער־געטראָגן צו די ביימער און אַלץ וואָס איז געווען געבויט צווישן די ביימער. מע האָט אַרויסגערופן פייַער־לעשערס פון ווו ווייַט, אָבער די פלאַמען זענען געלאָפן שנעלער ווי די פייַער־לעשערס. די נעכט זענען געווען באַלויכטן ווי צו אַ חתונה — אַ טויט־חתונה, און עס זענען פאַריבער טעג און נעכט ביז מע האָט באַוויזן אייַנצולעשן די שׂריפה.

פון דעם גאַנצן עשירות איז געבליבן נאָר אַש. מ׳איז געזעסן שיבעה נאָך די געפאַלענע, מע האָט אויך געפאַסט אַ תּענית אויף דעם, וואָס הייליקייטן זענען פאַרברענט געוואָרן. דרייַ ספרי־תּורה זענען אַוועק מיט די פלאַמען און אַלע זענען זיי געווען פאַרבונדן מיט חנאן. איינע האָט ר׳ קלמן־מרדכי געלאָזט שרייַבן אויף חנאס נאָמען ווען ער איז מיט מזל געבוירן געוואָרן אַ געזונט קינד; די צווייטע ספר־תּורה ווי אַ קרבן־תּודה וואָס געגענדעלע איז, מיטן אייבערשטנס הילף, איבערגעקומען

בשלום די שווערע קימפּעט; די דריטע האָט דער טאַטע געלאָזט שרײַבן לכּבֿוד חנאס בר־מיצווה. אין דעם ספר האָט שוין חנא אַליין אַרײַנגע־שריבן די לעצטע אותיות. עס האָט געמוזט זײַן אַ שווערער קיטרוג, אַז די דרײַ ספרים זענען אַוועק אין פלאַמען צוזאַמען מיט דעם, וואָס האָט זיי געלאָזט שרײַבן.

ווען די שׂריפה האָט אויסגעבראָכן און דער רויך האָט צוריקגע־בראַכט חנאן אַהיים, איז דעם טאַטנס פאַרקוילטער גוף שוין געלעגן איבערגעדעקט מיט זײַן טלית. דרויסן האָבן פלאַמען זיך נאָך געריסן צום הימל און דאָ בײַ דעם בערגל אויף דער ערד האָט שטיל געפלעמלט אַ וואַקסנליכט. ווען מע האָט געזאָגט געזעגנדלען אַז חנא קומט, האָט זי שנעל אויסגעווישט די אויגן און אים אַקעגנגעגאַנגען. „חנא־לעבֿ, דער אייבערשטער האָט גערופן דעם טאַטעשי צו זיך״.

חנא איז געבליבן שטיין בײַ דער אָפענער טיר מיט אויפגעריסענע אויגן. דאָס פלעמל פון דעם נשמה־ליכט האָט אַ צאַפּל געטאָן און איז פאַרשוווּנדן אין אַ נעפּל. חנא האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אַהרן איז צוגע־לאָפן אים אונטערהאַלטן. די פיס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט ווען מע האָט אים געפירט צו אַ באַנק. מע האָט אים געוואָלט אַוועקלייגן אויף דער באַנק, אָבער דאָס פלעמל צו קאָפּנס פון מת האָט צוריק אַרויסגעטויכט פון נעפּל. חנא האָט זיך אָנגעטאָן אַ כּוח און זיך אויפגעזעצט.

„דער אייבערשטער האָט אַוועקגענומען די קרוין פון אונדזער הויז״, האָט געזעגנדעלע אָנגעהויבן און אַ שלוכץ האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אירע רייד. זי האָט זיך געשטאַרקט און ממשיך געווען: „דער אייבערשטער איז אַ גערעכטער דיין, מיר וועלן נישט מתרעם זײַן, ס׳קאָן, חלילה, ווערן אַ מיכשול צום טאַטעשיס עלית־נשמה. זאָג, קינד מײַנס, ׳ברוך דיין אמת׳ ״.

חנא האָט געקוקט אויף דער מוטער ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט. זי איז צוגעגאַנגען נענטער צו אים: „חנאשי, ס׳איז אונדז נעבעך געשען אַ גרויסע בראָך, אָבער יעצט איז נישט די צײַט צו טראַכטן וועגן זיך. דער טאַטעשי איז אין סכּנה פון חיבוט־הקבר, מ׳עט טאָן אַלץ וואָס מע קאָן נאָך טאָן פאַר אים. זאָג, חנא־לעבֿ, ׳ברוך דיין אמת׳ ״.

חנאס ליפּן האָבן זיך באַוועגט, אָבער קיין קול איז נישט אַרויסגע־קומען. געזעגנדעלע האָט נישט אָפּגעטרעטן. „מיט דער יִראת־שמים, וואָס

דער טאַטעשי האָט אין אונדז איינגעפלאַנצט, וועלן מיר ביידע צוזאַמען זאָגן... זאָג מיט מיר: 'גאָט איז גערעכט און זיין מישפּט איז גערעכט, ברוך דיין אמת'״.

חנא האָט ענדלעך באַוויזן אַרויסצוברענגען די ווערטער פון זיין צוזאַמענגעצויגענער קעל.

אין דאָרף איז אַפילו נישט געבליבן ווו צו זיצן שיבעה. אַוועקגעפירט די מיטות קיין בילגאָריי, איז מען שוין דאָרט געבליבן און געזעסן שיבעה ביי אַ קרוב אין הויז. גנענענדעלעס לעפצן האָבן נישט אויפגעהערט פּרעפּלען. ווי נאָך דער שבת איז צוגעפאַלן האָט גנענענדעלע געפרעגט אַ שאלה, צי מע מעג לערנען, שבת איז מען דאָך נישט נוהג קיין אַבלות. זי האָט אַזש אויפגעציטערט ווען מע האָט איר געזאָגט, אַז ניין. דעם זיבעטן טאָג האָט מען געדאַוונט שחרית מיט טאָגשפּראָץ. באַלד נאָכן אָפּדאַוונען, ווי נאָר די מתפללים האָבן געזאָגט דעם „המקום ינחם...״ האָט גנענענדעלע זיי געהייסן אַרויסגיין, מחמת מיט זייער אַרויסגיין ענדיקט זיך די שיבעה, אָבער זי האָט זיי געבעטן באַלד צוריקקומען, חנא וועט לערנען משניות מיט אַ מנין יידן פאַר דעם טאַטנס עלית־נשמה.

אַ ייד וואָס ווייסט אַ דין האָט זיך אַריינגעמישט: „אַן אָבל אין די שלושים לערנט נישט קיין תורה און מע רופט אים נישט אויף צו דער תורה. תורה דערפרייט דאָס האַרץ און אַן אָבל דאַרף טרויערן״.

אָבער גנענענדעלע האָט געוווסט בעסער: „איך האָב אַ קיצור של״ה אויף טייטש, שטייט דאָרט אַז דאָס איז אַ מינהג־טעות. מיין קלמן־מרדכי, עליו־השלום, האָט געשטאַמט פון של״ה־הקדוש״.

„מאַמעשי״, האָט חנא זיך געבעטן, „לערנען מיט אַן עולם? כ'קאָן אַפילו אַ קאַפּיטל תהילים נישט זאָגן בכוונה״.

„חנאשי, קינד מיינס, דו זעסט דאָך ווי גרויס עס איז דער קיטרוג. דער טאַטעשי, עליו־השלום, האָט שוין אונטערגעצויגן דעם חשבון, ער קאָן שוין גאָרנישט טאָן פאַר זיך. מוזן מיר דאָ, מוזסט דו, זיין בן־יחיד, עפּעס טאָן פאַר זיין עלית־נשמה. לערן פאַר אים משניות, גיב צדקה אין זיין נאָמען — דאָס איז אַלץ וואָס מיר קאָנען נאָך טאָן פאַר אים. לערן, חנא־קרוין, ס'חיות גייט מיר אויס פאַר דעם טאַטעשיס נשמה״.

# VIII

חנא האָט געטאָן אַלץ וואָס מע האָט אים געהייסן טאָן, אָבער ס'איז געווען ווי ער וואָלט נישט געווען דערבײַ. דער גוף האָט זיך באַוועגט, די אויערן האָבן געהערט, דאָס מויל האָט אַרויסגעברענגט אַ קול. דאָס אַלץ איז געשען ווי עס וואָלט זיך געטאָן נעבן אים, ווי ער וואָלט געשטאַנען אין אַ זײַט אויסער זײַן אייגענעם גוף און געזען וואָס ער טוט, געהערט וואָס ער זאָגט, אָבער נישט געהאַט קיין חלק אין דעם. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין זאַכן און זיך צעקלאַפּט. אַ בײַל האָט אָנגעשוואָלן אויפן שטערן, אַ בלויער פלעק איז אָנגעלאָפן אויף זײַן פוס, אָבער דער ווייטיק איז אויך געווען ווי אויסער זײַן גוף. נאָר ווען מע האָט אים געריסן קריעה, האָט ער עס געפילט ווי מע וואָלט געריסן נישט דאָס געוואַנט פון זײַן יובעצע, נאָר דאָס געוועב פון זײַן האַרץ. דער ריס האָט אַ הילך געטאָן, שווין באַלד ווי אַ דונער, און די פיס האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן אונטער אים. די אָפּגעריסענע קלאַפּע פון זײַן מלבוש האָט אַראָפּגעהאָנגען ווי דער קאָפּ פון אַ כפרה נאָך דער שחיטה. ער האָט געקוקט דאַרויף און רעכט נישט געוווּסט וואָס ער זעט, ער האָט נאָר געפילט, אַז אַ שטיק פון אים אַליין איז אָפּגעריסן געוואָרן און הענגט אַזוי און באַמבלט זיך אויסער אים, ווי אַן אבר־המדולדל, אַ גליד וואָס איז אָפּגעבראָכן געוואָרן און הענגט נאָר אויף אַ שטיקל צעריסענער הויט.

חנאס געדאַנק האָט גענומען אויפקלאָרן ערשט אין דעם פערטן שיבעה־טאָג. אַ קשיא, אַ האַרבע קשיא האָט ווי אַ קויל אַרײַנגעשאָסן אין זײַן קאָפּ און אײַנגעפרעסן זיך אין אים ווי אַ וואָרעם.

דער טאַטע, עליו־השלום, איז געווען אַ צדיק. אַ גומל־חסדים און אַ געוואַלטיקער בעל־צדקה. „צדקה תציל ממות", צדקה דאַרף ראַטעווען פון טויט און דאָ איז דער טאַטע, געשטראָפט געוואָרן מיט די צוויי האַרבסטע מיתות, פאַרשניטענע יאָרן — כרת, און שׂריפה. פאַר וואָס? ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען?

ער ווייסט, אַ ייִד דאַרף האָבן אמונה אין דעם הימלס גערעכטיקייט און מצדיק זײַן דעם דין אַפילו אויף דער ערגסטער שטראָף. נאָר אויב אַ פאַרמישפּטער, דורך אַן ערדישן בית־דין, מעג פרעגן „היכן דנתני", אויף וועלכן סמך האָט איר מיך פאַרמישפּט, מעג מען עס פרעגן אויך דעם

הימלישן בית־דין. זאָגן דען נישט די חכמים, אַז די תורה איז גילטיק אויך כלפּי שמיים?

די מאַמעשי איז דאָך גאָר אַ צדקת. זי האָט מקבל געווען אַן תּרעומות דאָס, וואָס זי האָט צוויי מאָל מפּיל געווען איידער זי האָט געבוירן אַ לעבעדיקן זון, און אויך דאָס, וואָס זי האָט נאָך אים מער קיין קינדער נישט געקאָנט אויסטראָגן. די מאַמעשי, זוכט נישט קיין אייטעלע תּענוגים פון דער שפּלער וועלט. זי רוט דאָך נישט אַ מינוט; ווען זי איז נישט עוסק אין אַ דבר־צדקה, קוקט זי אַרײַן אין אַ „מנורת־המאור", אין אַ „רבינו־בחייא". אַפילו בעת זי איז זיך מטפּל מיט הויז־ענינים, הערן אירע לעפצן נישט אויף צו פּרעפּלען תּהילים און תּחינות. פאַר וואָס קומט איר אַזאַ שטראָף? אַזוי פיל פאַרבאָטן פאַראַן אין דער תּורה נישט צו באַוועלה׳ן אַן אַלמנה; פאַר וואָס האָט די השגחה זי באַוועלהט און געמאַכט פאַר אַן אַלמנה יונגערהייט?

„אוי געוואַלד, אוי געוואַלד!" האָט חנא זיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ. אַנשטאָט ער זאָל מפשפש זײַן אין זײַנע אייגענע מעשׂים, קוקט ער גאָר מיט תּרעומות צום הימל. אַהרן האָט דאָך אים געוואָרנט!

ביז אַהרן איז געקומען אין דאָרף אַרײַן האָט ער, חנא, טאַקע אָפּגעהיטן ייִדישקייט, אָבער ס׳איז געווען אַ תּמימותדיקע, מע קאָן זאָגן: אַ פּיעכאָטנע ייִדישקייט. אַהרן האָט פאַר אים געעפנט טויערן צו העכערע וועלטן. צוליב ייִראת־שמים איז אפשר גענוג צו טאָן נאָר דאָס, וואָס מ׳איז געבאָטן צו טאָן, אָבער אַהבת־הבורא, אַז מע האָט טאַקע ליב דעם אייבערשטן מיטן גאַנצן האַרץ און מיטן גאַנצן נפש, זוכט מען צו טאָן מער וויפל מ׳איז מחויב. מיטן כּוח פון הייליקע כּוונות קאָן אַ פּשוטער בשׂר־ודם העלפן באַפרײַען פון גלות די ניצוצות־קדושות און אַפילו, כּביכול, די שכינה. ער האָט געוואָלט מיטפליִען מיט אַהרנען צו העכערע וועלטן. אָבער ווי געשריגן, דער זינדיקער גוף האָט אים געצויגן אַראָפּ, אַראָפּ. די כּוונות, וואָס דאַרפן זײַן ריין און לויטער און אויסגעטאָן פון יעדער גשמיות, האָבן זיך פאַרטשעפּעט און פאַרפּלאָנטערט אין ענינים וואָס עס איז בעסער זיי נישט פורש־בשם צו זײַן, בפרט זינט ער איז אַ חתן געוואָרן.

יאָ, אַהרן האָט אים געוואָרנט און ער האָט פּראָבירט תּשובה צו טאָן. בפרט נאָך דער מעשׂה־קרי. נאָך דעם ווי עס האָט אים געטראָפן, נישט

היינט געדאַכט, אַ טרעפעניש. אויסגיסן זוימען לבטלה איז אַ שרעקלעכע טרעפעניש. פון יעדער זוים דאַרף געבוירן ווערן אַ מענטש און עס איז פאַר דעם מענטש שוין אָנגעגרייט אַ נשמה. וואָס ווערט פון דער נשמה ווען פון דער זרע ווערט גאָרנישט?

גאָרנישט? פון דעם קאָנען, חלילה, געבוירן ווערן פינצטערע קליפות, דער אייבערשטער זאָל שומר־ומציל זיין!

ווידער האָט ער זיך געקלאָגט פאַר זיין חבר און אהרן האָט געזוכט אין ספרים. אין ספר „עבודת־הקודש", פון דעם מקובל ר' חיים־יוסף־דוד אזולאי, האָט אַהרן געפונען וואָס ער האָט געזוכט. געבן צדקה, פאַסטן דריי תעניתים איינער נאָכן אַנדערן. איין נאַכט אין וואָך אין גאַנצן נישט שלאָפן. נאָר עוסק זיין אין לערנען און זאָגן אַ תחינה, לויט דער תפילה פון רבי ששת ווען ער איז געזעסן אין תענית (ברכות י"ז.) חנא האָט דאָס אַלץ גענומען אויף זיך און געזאָגט מיט אַ צעבראָכן האַרץ די תפילה:

„...מיין פלייש און פעטס און בלוט ווערט געמינערט דורך מיין פאַסטן. זאָל עס זיין אָנגענומען ביים באַשאַפער ווי איך וואָלט עס געלייגט אויף זיין מזבח פאַר אַ קרבן. פאָטער אין הימל, האַר פון פאַרגעבונג, באַוויליק מיין קרבן צו דיר. האָב אויף מיר רחמנות און אין דיין גוטסקייט קלייב צונויף די הייליקע פונקען, וואָס זענען איבער מיין זינד צעשפּרייט געוואָרן צווישן די קליפות, באַהיט זאָל מען ווערן, און לאָז זיי אויפגיין צו אַן אָרט פון קדושה. זאָלן גוטע מליצים ברענגען מיין תפילה צו דיר. דו זאָלסט מיך באַשירעמען פון יצר־הרע און פון אַלערליי זינדיקע טראַכטענישן און רייניקן מיין האַרץ דיך צו דינען, אָמן".

עס איז אים דעמאָלט געלונגען מכוון צו זיין צו די אַלע שמות וואָס מע דאַרף מכוון זיין לויטן „עבודת הקודש", בפרט צום שם **קרע שטן**. אָבער דער שטן איז נישט צעריסן געוואָרן. דער שטן האָט זיך נאָר באַהאַלטן אין אַ ווינקל מוח און מיט אַ מאָל געגעבן אַ שפּרונג אַרויס אין זיין גאַנצער שרעקלעכער גרויס. אַהרן האָט אים געוואָרנט, אַז מע טאָר נישט קוקן אויף אַן אישה. אַוודאי נישט טראַכטן וועגן איר אויסזען, און זיכער נישט טראָגן אין זיך דעם גלאַנץ פון אירע האָר, אָדער דעם קלאַנג פון איר קול. „רבינו יונה זאָגט", האָט אַהרן איבער אים געשריגן, „אַז עמעץ וואָס קוקט אויף ווייבער איז בנוגע דער איינער זינד ווי אַ משומד, חלילה!"

ער האָט ווידער און ווידער געפאַסט און געפּייַניקט זיך. אָבער ליבעלעס טרויעריקע אויגן, איר דין, זיס קול, אַ ציטער פון אירע איידעלע נאָזפליגל, אַ צוק פון איר ליפּ — ער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי עס אויסצומעקן פון זיך, און אפשר האָט ער עס נישט געוואָלט אויסמעקן. אַהרן האָט געגנישטשערט אין ספרים צו געפינען וואָס מער חומרות און איסורים, אָבער ער האָט געזוכט און געפונען היתּרים. אדרבא! מי לנו גדול. ווער איז דען גרעסער ווי דער רמב״ם, וואָס מע זאָגט וועגן אים, אַז זינט משה רבינו איז נישט געווען נאָך אַזאַ ווי ער ביז רבי משה בן מימון. דער רמב״ם פּסקנט אַ פּסק הלכה, אַז אַ מענטש טאָר נישט זייַן קיין נזיר. און ווער עס זאָגט זיך אָפּ הנאה צו האָבן פון גאָטס וועלט, אַפילו פון אַ גוט ביסל ווייַן, דער איז אַ זינדיקער. די גמרא איז פול מיט מאמרים וועגן שאַצן און טייַער האַלטן דאָס ווייַב, און ליבעלע איז דאָך זייַן באַשערטע פון הימל און וועט, אם־ירצה־השם, זייַן זייַן ווייַב.

אפשר וואָלט אַלץ געווען רעכט אויב ער וואָלט נישט געקלעטערט אין די הייכן און געווען אַ פּשוטער, ערלעכער ייִד. אים האָט זיך אָבער פאַרגלוסט צו ווערן אַ מקובל און ער האָט זיך צוגעכאַפּט צום זוהר. ווערטער און רעיונות וועגן דער הייליקער כּלה, די שכינה, זענען געווען די קאַנווע אויף וועלכער ער האָט געוועבט רעיונות וועגן זייַן ערדישער כּלה. ער האָט מיט דעם מחלל געווען גאָטס כּבוד און זייַן נאָמען, און פאַר אַזאַ זינד איז די שטראָף טאַקע — טויט!

אָבער פאַר וואָס איז די שטראָף נישט געפאַלן אויף דעם אמתן שולדיקן? ביי זייַן ברית האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז אויב דעם קינד זענען, חלילה, נישט באַשערט קיין יאָרן, שענקט ער דעם קינד זייַנע יאָרן. אַזוי האָט די מאַמע דערציילט. אַהאַ, דאָס איז עס! ער האָט מיט זייַנע זינד ווידער פאַרדינט דעם טויט און דער טאַטע, דער צדיק, האָט גענומען די שטראָף אויף זיך. דאָס האָט ער געברענגט אויפן טאַטן דעם טויט!

אָבער פאַר וואָס אַזאַ מיתה־משונה? פאַר וואָס אַזאַ מיתה־משונה!

# IX

אין די שיבעה־טעג איז גענענדעלע געווען ווי אין אַ פּיבער צו העלפן איר מאַנס עלית־נשמה. צו מאַרגנס, נאָך דעם ווי מען איז אויפגעשטאַנען פון די שיבעה־בענקעלעך, האָט זי דערזען, אַז זי מוז עפּעס טאָן פאַר איר זון. חנאס אויגן זענען געווען מאַט, זײַן הויט גרוי, ווי דער בחור וואָלט, חלילה, נישט געהאַט קיין לעבן אין זיך. ער האָט קוים אָנגערירט דאָס עסן און בײַ נאַכט זיך געדרייט אויף זײַן געלעגער. „ניטע, מײַן קינד", האָט זי אים געשטראָפט, „דער דין איז, אַז מע טאָר נישט וויינען און טרויערן איבער דער מאָס. מע דאַרף מצדיק זײַן דעם דין".

חנא האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אָבער זײַן מצב איז נישט געוואָרן בעסער.

ווי בײַ איובן, איז איין צרה אַרויפגעפאַלן אויף דער אַנדערער. שוין אין די שיבעה־טעג זענען געקומען מענטשן וואָס האָבן געהאַט אײַנגעלייגט זייערע אָפּגעשפּאָרטע רובלס בײַ ר׳ קלמן־מרדכין. מע האָט געזאָמלט בײַם גביר אַ נדן פאַר אַ טאָכטער; מע האָט געהאַלטן בײַ אים אַ ירושה ביז מע וועט אַדורכקומען מיטן צעטיילן זי צווישן די יורשים; מע האָט אים געטרויט מער ווי אַ באַנק. ווען מע האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס גאַנצע פאַרמעגן איז אַוועק מיטן רויך, איז מען געקומען צו לויפן אויפמאָנען דעם חוב. ר׳ יאַנקל, דער בוכהאַלטער, האָט פאַרזיכערט אַז עס איז געבליבן גענוג. „עס איז דער דרך־המיסחר", האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין, „אַז צו גרויסע קונים שיקט מען צו ערשט די סחורה וואָס זיי באַשטעלן; ערשט נאָך דעם שיקט מען זיי אַ חשבון. זיי האָבן דרײַסיק טעג צו באַצאָלן דעם חשבון, אָבער זענען קיין מאָל נישט מדקדק צו צאָלן אַזוי פּינקטלעך, און ווען זיי באַצאָלן שוין, געבן זיי וועקסעלעך אויף נאָך עטלעכע חדשים. די ביכער זענען טאַקע פאַרברענט געוואָרן, אָבער איך האָב, ברוך־השם, אַלץ אויף מײַן קאָפּ. ר׳ גענענדעלע וועט, מיטן אייבערשטנס הילף, געבן יעדן וואָס עס קומט אים".

מע האָט געוווּסט, אַז ר׳ גענענדעלע וועט, חלילה, בײַ קיינעם נישט צונעמען קיין פּרוטה, און מע האָט זיך באַרויִקט.

ר׳ יאַנקל האָט געזאָלט מאַכן אַ צעטל פון אַלע חובות און פון אַלע וועקסלען, וואָס זענען פאַרברענט געוואָרן, אָבער ער איז נאָך אַלץ געווען

צערודערט פון דעם אומגליק מיט זײַן באַלעבאָס און נישט געקאָנט צוזאַמען נעמען די רעיונות. צו מאָרגנס נאָך דער שיבעה האָט ר׳ יאַנקל זיך אָװעקגעזעצט מיט חנאן מאַכן דעם צעטל און געבן דעם בחור אַ שטיקל ידיעה אין מיסחר. דער טאַטע האָט נאָר געװאָלט ער זאָל לערנען; חנא האָט געװוּסט אין טאַטנס מיסחרים װייניקער װי זײַן מאַמע, און גענענדעלע האָט גאָרנישט געװוּסט. ר׳ יאַנקל האָט גענומען רעדן װעגן דעביט און קרעדיט, װעגן געזעצן װאָס שייך געדונגען לאַנד. פּלוצלינג האָט ער זיך אָנגעכאַפּט בײַ אַ זײַט. עס זענען אים באַפאַלן אַזעלכע יסורים, אַז ער האָט זיך געמוזט אָװעקלייגן מיט אַ הייס שטערצל.

די יסורים זענען אַריבער פון דער זײַט אין דער ברוסט, מע האָט גערופן אַ פעלטשער און דער פעלטשער האָט גערופן דעם דאָקטאָר. װען דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט ר׳ יאַנקל שוין געהאַט פאַרלוירן ס׳לשון און נאָך איידער דער דאָקטאָר איז אַװעק, איז שוין געװען אויס ר׳ יאַנקל.

גענענדעלע האָט נאָך אַלץ געקערט װעלטן אײַנצושאַפן זכותים פאַר דער נשמה פון איר מאַן. דאָס אומגליק מיט ר׳ יאַנקלען האָט זי אַרויסגעריסן פון דעם טראַנס. די קללה װאָס איז געקומען אויף דעם הויז איז נאָך נישט אָפּגעװוישט, די גזירה נאָך נישט אָפּגעשריגן. „ריבונו־של־עולם, אויב עס דאַרף, חלילה, טרעפן נאָך עמעצן, זאָל עס טרעפן מיך, מיך, אָבער מײַן קינד זאָלסטו שענקען יאָרן״. ערשט איצט האָט זי דערזען, אַז חנא שלעפּט קוים די פיס, װי ער װאָלט נישט געהאַט קיין כוח זיי אויפצוהייבן, און װאָס איז דער חידוש, מע נעמט דאָך אַראָפּ פולע טעלער פון טיש, חנא רירט זיך קוים צו צום עסן.

„ר׳ קלמן־מרדכי האָט זוכה געװען קומען צו זײַן באַשאַפער אַ געריייניקטער פון יעדער זינד, אַ געלײַטערטער אין פײַער״, אַזוי האָט געזאָגט דער רב אין זײַן הספד און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מע דאַרף האָבן גרויסע זכותים אָפּצוקומען פאַר יעדן שמץ פון זינד אויף דער סאַמער שװעל צו דער אייביקער װעלט. יאָ, איר קלמן־מרדכי, עליו־השלום, איז געװען אַ צדיק, זאָל זײַן זכות בײַשטיין דעם זון און אים מציל זײַן פון סכנות, האָט גענענדעלע מתפלל געװען. זי מוז אַ ביסל מער אכטיק געבן אויף חנאן. איין שטורעם נאָכן אַנדערן אויף אַזאַ יונג ביימל, זאָל דער אייבערשטער אים שענקען כוח איבערצוטראָגן די אַלע אומגליקן.

װען מ׳איז צוריקגעקומען פון ר׳ יאַנקלס לװיה און גענענדעלע האָט

געזוכט ווערטער אויפצומונטערן חנאן האָט זי מיט צופרידנקייט געזען, אַז אין איר זון איז שוין אַרייַנגעטרעטן אַן ענדערונג צום בעסערן.

ווען די גרודעס ערד זענען געפאַלן אויף די קרשים פון ר׳ יאַנקלס קבר האָט עס אָפּגעהילכט אין חנאן ווי עמעץ וואָלט געקלאַפּט אין זייַן לאָדן אים אויפצוּוועקן. ר׳ יאַנקל איז שוין אויך נישטאָ. ער איז אַליין, אַליין מיט אַ סך שווערע עולן. קיינער וועט נישט באַצאָלן דעם טאַטעשיס חובות, אויב ער וועט עס נישט טאָן, און וואָס מכּוח פאַרזאָרגן די מאַמעשי מיט פּרנסה? אויב ער וועט נישט נעמען אויף זיך די אַחריות, ווער וועט עס טאָן?

ווען געגעגנדעלע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז זי דאַרף צורעדן חנאן ער זאָל אויפהערן פאַסטן האַלבע תעניתים, האָט זי געזען אַז ער האָט, דאַנקען גאָט, אויסגעליידיקט זייַן טעלער און ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש, איז זייַנע פּלייצע ווידער געווען גלייַך און זייַן טריט זיכער.

חנא האָט אַרייַנגעטראַכט אין זייַן מצב און געקומען צו דער מסקנא, אַז ער מוז תּיכּף פאָרן קיין וואַרשע און פון די קונים אַליין זיך דערוויסן, ווו עס קומט אים געלט. עס איז דער דין, אַז אין די שלושים נאָך אַ טאַטן טאָר מען נישט מאַכן קיין נסיעות אין מיסחר־ענינים, אָבער מענטשן שרייַען אויף אים אַן, אַז ער מוז עס טאָן. דערציילט אין וואָס עס גייט, האָבן זיך שוין געפונען מענטשן וואָס האָבן אויף אים אָנגעשריגן, און חנא האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף זייַן ערשטער נסיעה ווייַטער פון בילגאָרייַ.

אויפן לאַנגן וועג פון בילגאָרייַ ביז וואַרשע, האָט חנא אַ סך געטראַכט און געקומען צו עטלעכע מסקנות. ער איז מער נישט דאָס צעפּיעשטשעטע בן־יחידל ביי רייַכע טאַטע־מאַמע; ער איז מער נישט דאָס זייַדענע חתנדל אויף וועמען עס וואַרטן יאָרן קעסט; ער איז אַ ייִד מיט אַ גרויסן, שווערן עול. ער מוז זיך אויסלערנען ווי אַזוי דעם עול צו טראָגן, אַנישט וועט ער פאַלן ווי אַן אייזל אונטער זייַן משׂא. ער איז מער נישט אַ זוכער פון נייַע אויסטערלישע וועגן צום אייבערשטן, ער איז עס אפשר קיין מאָל נישט געווען. ער איז אַ פּשוטער ייִד און וועט דינען דעם אייבערשטן, ווי יעדער פּשוטער ייִד. אַ פּרק משניות, די סדרה פון דער וואָך, אַ קאַפּיטל תּהילים... אויב ער וויל טאָן מער, האָבן זייַנע טאַטע־מאַמע געוויזן דעם וועג. ער וועט עוסק זייַן אין מיסחר מיט ערלעכקייט צו גאָט און צום מענטש, ער וועט אַרבעטן שווער, ער מוז מפרנס זייַן צוויי משפּחות, און

טרוקענע פּרנסה איז נישט געגוג, די מאַמעשי מוז ווײַטער קאָנען געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. זאָל דער אין הימל בענטשן זײַנע הענט ער זאָל מצליח זײַן. ער טוט שוין איצט אַ נדר, אַז אַפילו אויב ער וועט דערגרייכן צו עשירות, וועט ער נישט פאַרתּכלעווען זײַן געלט אויף מותרות. אַ באַשיידן הויז, אַ באַשיידענע באַלעבאַטעשאַפט, זײַנע קינדער זאָלן זיך נישט צוגעוווינען צו פירן שטאַט און נישט זײַן אַזוי פאַרלוירן אויב דאָס רעדל וועט זיך אַ מאָל, חלילה, איבערדרייען...

# X

אין וואַרשע איז חנא פאַרפאַרן אין אַן אַכסניה. ער האָט נישט געקאָנט פּלוצלינג, אָן אָנצוזאָגן פריִער, אַרײַנפאַלן צו זײַנע מחותּנים; ער האָט זיך אויך געשעמט צו ווײַזן זיך אין זײַן דאָרפישן כאַלאַטל, דאָס איז אַלץ וואָס איז אים געבליבן נאָך דער שׂריפה און קיין נײַעם מלבוש טאָר אַן אָבל נישט אָנטאָן. ווי שטאַרק ער האָט געוואָלט זען ליבעלען האָט ער מורא געהאַט זיך צו באַווײַזן אין אַזאַ מצב, ער קאָן דאָך רעכט נישט צוזאַמענעמען די רעיונות.

אָוועקפאָרן און נישט ווײַזן זיך טויג אויך נישט. ער וועט קודם טאָן זײַן אַרבעט. סך־הכּל האָט ער געהאַט אַ פּאָר נעמען וואָס ער האָט געהערט פון ר׳ יאַנקלען און געדאַרפט אין וואַרשע געפינען זייערע אַדרעסן. פון די עטלעכע סוחרים האָט ער געהאַפּט זיך צו דערוויסן נעמען פון אַנדערע סוחרים מיט וועמען דער טאַטע האָט געפירט מיסחרים. ער איז אַרומגעלאָפן פון פרימאָרגן ביז אָוונט, נאָר אין די זמני־תּפילה געגאַנגען זאָגן קדיש און אַרײַנכאַפּן אַ קאַפּיטל תּהילים.

ערשט דעם דריטן טאָג האָט ער מיט אַ שליח אָוועקגעשיקט אַ בריוול צום מחותּן, אַז ער איז דאָ אין שטאָט, און וויל צוקומען איידער ער פאָרט צוריק. ער וואַרט אויף אַ תּשובה אויף זײַן אַכסניה.

נאָך איידער דער שליח איז צוריקגעקומען, האָט ר׳ הערץ אַליין זיך אַרײַנגעשטעלט אין דער אַכסניה. „כ׳האָב אַלץ געלייענט, ס׳איז געווען באַשריבן אין די גאַזעטן. המקום ינחם אותך, זאָלסט שוין באַהיט ווערן פון צער".

חנא האָט אונטערגערוקט דעם מחותּן אַ בענקל. ר׳ הערץ האָט עס אָפּגעווישט מיט דער האַנט, אָפּגעבלאָזן מיטן מויל און נאָך אַ מאָל אָפּגעווישט מיט זײַן נאָזטיכל איידער ער האָט זיך אַוועקגעזעצט. „האָסט באַקומען מײַן ניחום־אבלים־בריוו ? ניין, ס׳האָט נאָך נישט געקאָנט אָנקומען. כ׳ווייס אַלץ פון דער צײַטונג. איז, ווען ביסטו אָנגעקומען ?״

„אייערנעכטן, מחותּן״.

ר׳ הערץ איז געוואָרן אין כּעס: „מילא, האָסט נישט געקאָנט פון בילגאָרײַ מודיע זײַן, אַז דו קומסט, פאַרשטיי איך, דער בריוו וואָלט אָנגעקומען כ׳ווייס ווען. אָבער דאָ אין שטאָט, דעם זעלביקן שליח וואָס האָסט געשיקט הײַנט, האָסטו געקאָנט שיקן באַלד ווען ביסט אָנגעקומען״.

„דער מחותּן איז גערעכט״, האָט חנא מודה געווען. „ס׳איז אַלץ געשען אַזוי פּלוצלינג״.

„ווען וואָס ביסטו געקומען, אַז דו זיצסט דאָ שוין דרײַ טעג און זיך באַהאַלטן ?״

„כ׳האָב זיך נישט באַהאַלטן, כ׳בין געקומען אין ענינים פון מיסחר.

„אין ענינים פון מיסחר ? דו ביסט נײַ אין די זאַכן, האָסט געקאָנט פרעגן אַן עצה בײַ אַ מחותּן״.

„ווען כ׳על, מיטן אייבערשטנס הילף, טאָן מיסחר אויף אייגענער האַנט וועל איך טאַקע דאַרפן דעם מחותּנס עצה. איצט בין איך געקומען נאָר אײַנמאָנען חובות״.

„נו ?״

„כ׳האָב באַקומען אַזאַ קבלת־פּנים, אַז... כ׳בין פּשוט נישט געווען אין קיין מצב זיך צו ווײַזן פאַר עמעצן, בפרט... דער מחותּן זעט דאָך ווי כ׳בין אָנגעטאָן״.

„אָנגעטאָן שמאָנגעטאָן. אָבער כ׳פאַרשטיי, אַ קלייניקייט פאַרלירן אַ טאַטן ! ווען דער גאָזשעלניע נעם זיך נישט צום האַרץ, דײַן טאַטע איז געווען, קיין עין־הרע, אַזאַ געוואַלטיקער עושר, אַז וויפל עס איז, נישט דאָ געדאַכט, פאַרברענט געוואָרן, איז נאָך אַוודאי געבליבן מער ווי אַנדערע ווינטשן זיך צו פאַרמאָגן״.

„אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן״.

„וואָס מיינסטו אַלץ ?״

„אַלץ, די גאָזשעלניע, די מיל, דער טאַרטאַק און אויך דער וואַלד.

דאָס כאַלאַטל איז אַלץ וואָס איז מיר געבליבן. דאָס הויז איז אַוועק מיטן רויך, אַלע הײַזער. דרײַ ספרי־תּורה זענען אויך, בעוונותינו־הרבים, אַוועק מיט די פלאַמען".

„און בײַ וואָס זענט עץ יאָ געבליבן?"

„די ערד, די אָפּגעסמאַליעטע ערד איז געבליבן, אָבער דער מחותּן ווײַסט דאָך, די ערד איז געדונגען, אַ ייִד קאָן הײַנט נישט קויפן קיין ערד. אַז די פאַבריקן, ווו וועט מען נעמען צו צאָלן דעם פּריץ פאַר דער ערד? אַכיבע ער זאָל מסכּים זײַן צוריקנעמען דעם קאָנטראַקט".

„זײַ נישט מגזם, חנא, קעגן ריבונו־של־עולם טאָר מען נישט מתרעם זײַן. וועט עץ נישט פירן אַזאַ גרויסן שטאַט און נישט וואַרפן זיך מיט טויזנטערס אויף צדקה".

„מחותּן, עס זענען נישט געבליבן קיין סך טויזנטערס".

ר' הערץ איז בלאַס געוואָרן. אַט דאָס בחורל וואָס מאַכט זיך אַזוי תּמעוואַטע, דאָס חתנדל וואָס שרײַבט אַזעלכע שיינע בריוועלעך, וויל זיך אַרויסדרייען פון שידוך! ער וויל איצט אַוודאי אַ כּלה מיט אַ קעסטלעכן נדן. „מיט אַ מינוט פריִער האָסטו געזאָגט, אַז דו ביסט געקומען וועגן מיסחר, וועגן אײַנמאָנען חובות, און איצט איז שוין גאָרנישט געבליבן?"

חנא האָט אים דערציילט ווי ווייניק ער האָט אײַנגעמאָנט און ר' הערץ האָט זיך צוגעהערט מיט חשד. ער וועט מוזן באַצאָלן אַ סך קנס אויב ער וועט וועלן אָפּלאָזן דעם שידוך. מיט אַ דאַווידזאָן שפּילט מען זיך נישט, און ר' הערץ דאַווידזאָנען וועט דאָס חנאלע נישט איבערקליגלען. מע מוז אַרײַנטראַכטן, גוט אַרײַנטראַכטן אין דעם ענין, האָט ר' הערץ אָפּגעמאַכט בײַ זיך, און זיך צוגרייטן צו אַ דין־תּורה. „דו פרעגסט זיך גאָר נישט אויף דײַן כּלה?"

„כ'האָב געשריבן דורכן שליח, אַז כ'וויל זען ליבעלען, דער מחותּן האָט נישט געלייענט?"

„מע קאָן נישט אַרײַנפאַלן אַזוי פּלוצלינג", האָט ר' הערץ זיך גאָר גענומען בייזערן. „מאַליאַרעס מאָלן בײַ מיר די ווענט. געוויינלעך מאָלט מען אויף פּסח, אָבער אָפּגעלייגט, עס זאָל זײַן פריש נעמאָלן צו דער חתונה".

„ס'מוז נישט זײַן בײַ אײַך אין דער היים. אפשר..."

„מײַן ליבעלע, זאָל געזונט זײַן, איז אַן איידל קינד. מע פירט זיך

נישט אַזוי, נישט קעגן מחותּנים און נישט קעגן אַ כּלה. דרײַ טעג אין שטאָט און... און ליבעלע איז סײַ ווי נישט אין שטאָט. אַזעלכע היצן, און מיעטשיסלאַוו, מײַן קרוב דער פּריץ, האָט נישט אָפּגעלאָזט, איז זי געפֿאָרן צו זײַן אין דאָרף. זיי האָבן דאָרט אַ פּאַלאַץ".

## XI

מיט פֿינף טויזנט רובל קאָן מען אויך טאָן מיסחר. מע קאָן דינגען אַ געוועלב און אײַנאָרדנען אַ גאַנץ שיינע קראָם און האָבן פּרנסה. ליבעלע איז אַ גינציקע, זי וועט נישט פֿאָדערן קיין פּאַלאַצן. פֿאַראַן קרעמער אין בילגאָרײַ וואָס פֿאַרמאָגן אַ סך ווייניקער, און ברוך־השם, מע לעבט, מע פֿירט אַ ייִדיש הויז. מיט פֿינף טויזנט וועט ער, מיטן אייבערשטנס הילף פֿאַרדינען גענוג, די מאַמעשי זאָל ווײַטער קאָנען געבן צדקה, אַזוי האָט חנא געטראַכט ווען ער איז געפֿאָרן אַהיים. ער האָט געפֿירט מיט זיך זיבן טויזנט רובל. נאָכן אָפּצאָלן די חובֿות, וועט אים נאָך אַלץ בלײַבן אַ גאַנץ פֿינפֿערל. אָבער זינט ער איז אַוועקגעפֿאָרן האָבן זיך געיאַוועט נײַע בעלי־חובֿות, מיט קבלות אונטערגעשריבן דורכן טאַטן, עליו־השלום.

דער טאַטע אויף יענער וועלט זאָל בלײַבן אַ בעל־חובֿ? חס־ושלום! חנא האָט אויסגעצאָלט יעדן וואָס אים איז געקומען, און געבליבן קוים בײַ אַ טויזנטער.

עס האָט זיך גראָד געטראָפֿן צו קויפֿן אַ מויער אויפֿן סאַמען מאַרק, אַ בנין פֿון אַכט דירות. פֿון אַכט דירות וועט די מאַמע האָבן שיין פּרנסה. איי, ער? קודם פֿאַרזאָרגן די מאַמע און ווײַטער וועט דער אייבערשטער אים נישט פֿאַרלאָזן.

ווי אַזוי מע קויפֿט אַזאַ בנין מיט אַ טויזנטער? דער אייבערשטער האָט טאָקע געשיקט כאָטש אַ שטיקל רפֿואה צו דער מכּה. ווען אַלע זענען געלאָפֿן אין בהלה פֿון ברענענדיקן הויז האָט די געטרײַע דינסט שׂפֿרה געכאַפּט אַ האַקמעסער, אַרײַנגעלאָפֿן אין דער באַלעבאָסטעס שלאָפֿשטוב צו דער קליידערשאַנק און אַרויסגעבראָכן דאָס אײַזערנע קעסטל מיט צירונג, וואָס איז דאָרט געווען צוגעשרויפֿט. דער מאַמעס צירונג

איז אַוודאיווערט אוצרות. בלויז די קאַליע, וואָס די מאַמעשי האָט באַהאַלטן פאַר ליבעלען, איז ווערט אַ וועלכע זעקס ביז זיבן הונדערט רובל, האָט ר׳ יאַנקל אים דעמאָלט געזאָגט.

אומגעריכט און אַן מאָנען איז אָנגעקומען אַן איבערוויַיז פון קנאַפּע צוויי טויזנט רובל פון אַ וואַרשעווער קונה; חנא האָט אַפילו נישט געוווּסט, אַז אַזאַ חוב עקסיסטירט. מע האָט אים געבראַכט דעם איבערוויַיז גראָד ווען דער מעקלער פון הויז איז געקומען אים וואָרענען, אַז דאָס הויז האַלט ביַים פאַרקויפט ווערן צו אַן אַנדערן. חנא האָט אין דעם געזען אַ צייכן פון הימל. ער האָט אָוועקגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט, און זיך מתחייב געווען צוצוצאָלן נאָך דריַי טויזנט במשך זעקס חדשים. במשך אַ האַלב יאָר וועט מען קאָנען געפינען אַ גוטן קונה אויפן צירונג.

דאָס הויז איז געקויפט געוואָרן אויף גענענדעלעס נאָמען. ווען זי האָט געדאַרפט גיין אונטערשריַיבן די פּאַפּירן, האָט חנא איר שוין געמוזט זאָגן וועגן דעם חוב פון דריַי טויזנט, ווי אַזוי מ׳עט עס דאַרפן באַצאָלן.

„פאַרקויפן צירונג? ווו וועל איך נעמען צירונג צו פאַרקויפן?"

„דער מאַמעשיס צירונג, וואָס שפרה האָט געראַטעוועט".

„מיַין צירונג? כ׳האָב נאָר דאָס, וואָס דער טאַטעשי, עליו־השלום, האָט איַינגעקויפט פאַר ליבעלען, די קאַליע, אַ שנירל פערל און אַ גאָלדענע בראָש".

„און דיַין קאַליע, מאַמעשי, און דער פערלקראַנץ, און דער בריליאַנטע־נער רינג, די אורינגלעך, די..."

„אין דעם אויפרײַס זענען, לא־עלינו, אומגעקומען דער שוואָרצער שעיה, דער הויכער וואַצעק. סיַי דער ייִד, סיַי דער גוי האָבן, נעבעך, איבערגעלאָזט אַלמנות און יתומים. ביַים העלפן לעשן די שׂריפות זענען, נישט היַינט געדאַכט, געפאַלן לייזער קאָוואַל און זיַינע צוויי געזעלן; אַ דריטער איז, נישט פאַר דיר געדאַכט, געבליבן אַ קאַליקע. כ׳האָב צעטיילט וואָס כ׳האָב געהאַט. וואָס דאַרף איך צירונג? דו ביסט, קיין עין־הרע, מיַין צירונג".

„מאַמעשי, מיר זענען געבליבן ביַי גאָרנישט".

„ניטע, מיַין קינד, מע טאָר אַזוי נישט רעדן. מיר זענען, ברוך־השם, געבליבן ביַים לעבן און ביַים געזונט. דער טאַטעשי, ער זאָל זיַין אַ מליץ־יושר, האָט געקויפט די אַלע זאַכן, אָדער זיי גערירשנט פון זיַין מאַמען, זי

זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן. ס׳איז זײַן און כ׳דאַנק דעם אייבערשטן, וואָס דאָס איז געבליבן צו באַצאָלן זײַנע חובות. אַז דעם טאַטעשיס גאָזשעלניע האָט גורם געווען ליבע־רחל זאָל נעבעך ווערן אַן אַלמנה, איז עס דעם טאַטעשיס חוב. דײַן חבר אַהרן איז געבליבן אַ יתום, זײַן ווײַבל איז שוין, קיין עין־הרע, אין דריטן חודש — זיי האָב איך געגעבן אַ גאָלדן קייטעלע און אַ ציטער־שפּילקע. דו זעסט, קינד מײַנס, מיר האָבן נאָך, ברוך־השם, יאָרן און קאָנען אין די יאָרן וואָס זענען אונדז געבליבן אָנזאַמלען מיצוות; דער טאַטעשי, נישט פאַר אונדז געדאַכט, קאָן שוין אַליין קיין צדקה נישט געבן און קיין מיצוות נישט טאָן, האָב איך עס געמוזט טאָן פאַר זײַנעטוועגן. כ׳האָב אַלץ געגעבן פאַר דעם טאַטעשיס עלית־נשמה, זאָל ער שוין טאַקע האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן״.

חנא האָט פאַרזעצט די שטיקער צירונג, וואָס זענען געווען אָנגעגרייט פאַר ליבעלען, און געבאָרגט צו פאַרקלענערן דעם חוב אויפן הויז. ביז ער וועט געבן כּלה־מתּנות וועט נאָך... ער ווייסט נאָך גאָר נישט וואָס עס קאָן געשען. ער איז ווידער אַ מאָל געפאָרן קיין וואַרשע זוכן בעלי־חובות; דאָס מאָל האָט ער יאָ בײַ צײַטנס מודיע געווען דעם מחותּן, אַז ער קומט און האָט מיטגענומען מיט זיך די תּנאָים.

## XII

ווי נאָר חנא איז אַרײַנגעקומען אין הויז פון זײַנע מחותּנים האָט ער געזען, אַז די ווענט זענען נישט פריש געמאָליעוועט. דאָס וואָס ר׳ הערץ האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז מע מאָליעוועט די ווענט בײַ אים אין הויז איז געווען אַ צוגעטראַכטער תּירוץ נישט אַרײַנצולאָזן דעם חתן, און ליבעלע האָט זיך נישט געוויזן מיט אַן אַנדערן תּירוץ, אַז זי איז צו גאַסט בײַ איר קרוב, דעם פריץ. פון דעם וואָס ליבעלע האָט אים אַ מאָל געזאָגט וועגן פריץ, ווייסט ער, אַז זי וואָלט צו אים נישט געפאָרן. דער מחותּן האָט געקאָנט צוטראַכטן בעסערע אויסריידן; האָט ער בכּיוון געזוכט אַזעלכע פוילע, דורכזעעוודיקע תּירוצים, מחמת ער האָט געוואָלט געבן אַן אָנצוהערע־ניש? ר׳ הערץ דאַווידזאָן האָט געוואָלט זײַן טאָכטער זאָל זיך אַרויסרײַסן

פון דלות, אָבער איצטער? קאָן ער, מעג ער פאַרלאַנגען פון ליבעלען, זי זאָל זיך מוטשען מיט אים אין אָרעמקייט?

אַ שעה איז פאַרבײַ זינט ער איז געקומען צום מחותּן און ליבעלע האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַוויזן. איז זי ווידער צו גאַסט בײַ דעם קרוב דעם פּריץ וואָס לאָזט נישט די אָרעמע קרובים איבער זײַן שוועל?

חנא האָט צעקנעפּלט די יובעצע און אַרויסגענומען דעם זייגער אַ קוק צו טאָן ווי שפּעט ס'איז.

„כ'זע, אַז האָסט געראַטעוועט דעם זייגער", האָט ר' הערץ אַ זאָג געטאָן און געקוקט אויף דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס ער האָט געגעבן חנאן ווי אַ חתן־מתּנה, מיט אַ בליק ווי ר'וואָלט גרייט געווען זיך צו וואַרפן דאַרויף און נישט לאָזן, חנא זאָל עס אַרויסנעמען פון דער שטוב.

ר' הערץ האָט אַ סך מאָל איבערגעפרעגט די זעלביקע פראַגע ווי ער וואָלט נישט געגלייבט חנאס ענטפערס. וואָס זיצט ער נאָך דאָ?, האָט חנא זיך געפרעגט, ליבעלע איז נישטאָ און מע האָט אים נישט מכבד געווען אַפילו מיט אַ ביסל וואַסער. ווי ער האָט דאָס געטראַכט, האָט די מחותּנתטע אַרײַנגעבראַכט טיי מיט קיכלעך. די גלעזער האָבן אַ קלימפּער געטאָן אויף דער טאַץ און דער גלאָק האָט אַ קלונג געטאָן בײַ דער טיר. חנא האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

ס'איז טאַקע געווען ליבעלע. זי האָט גלײַך פון דער טיר אַ לויף געטאָן צו אים, אָבער זיך געכאַפּט, אַז עס איז נישט שיין אַזוי, אפשר האָט דער טאַטע צו איר אַ ווינק געטאָן. זי האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ רגע און איצט שוין מיט געלאַסענע טריט געגענגט צום טיש און מיט שעמעוודיקייט אַרויסגעשעפּטשעט עפּעס וואָס האָט געקלונגען ווי גוט־מאָרגן אָדער גאָט העלף.

חנא איז אויפגעשפּרונגען פון זײַן בענקל און נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. זי האָט געטראָגן אַ ווײַס בלוזקעלע; ווי שיין די איידעלע שפּיצלעך, וואָס האָבן אַרומגעזוימט איר בלוזע, האָבן אַרומגענומען די דינע געלענקען פון אירע הענט און אַרומגערעמט איר הויכן איידעלן האַלדז. וואָס מאַכסטו, ליבעלע, האָט ער געוואָלט פרעגן, אָבער קוים אַרויסגע־שעפּטשעט דעם „וואָס מאַכסטו?" און געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל. „ליבעלע" איז געבליבן אין אים, נישט אַרויסגעבראַכט עס מיטן קול,

אָבער עס האָט געעקאָט און געכוואַליעט אין אים און פאַרפּלייצט זײַן גאַנץ געמיט.

עס מוז זײַן, אַז דער מחותּן האָט בכּיוון אָוועקגעשיקט ליבעלען, ער זאָל קאָנען דערגיין פון חנאן ווי עס האַלט. חנא האָט גאַרנישט באַהאַלטן פון זײַן ביטערן מצב. פון דעם מחותּנס דרייען זיך אויף זײַן בענקל, פּויקן מיט די פינגער אין טיש, פון דער האַרטקייט אין זײַן קול, האָט חנא שוין פאַרשטאַנען, אַז ר׳ הערץ איז איצט נישט גרייט צו רעדן וועגן אַ זמן־חתונה, אַז...

דער אמת איז, אַז ער האָט מיטגעבראַכט די תּנאָים מחמת ער האָט פאַרויסגעזען וואָס דער מחותּן וועט פאָדערן, אָבער איצט נאָך דעם ווי ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף ליבעלען... גרים נישט אויף מיר, טאַטע זיסער אין הימל, האָסטו מיך צוזאַמענגעפּירט מיט איר נאָר כּדי זיך צו רייצן מיט מיר? דו האָסט מיך געבענטשט מיט אַזאַ גינציקייט צו איר, ווּעסטו איצט זי אָוועקנעמען פון מיר? האָב איך אַזוי שווער געזינדיקט, אַז דו שטראָפסט מיך אַזוי ביטער?

ליבעלע איז אַרײַנגעגאַנגען אין איר שטוב זיך איבערטאָן; דער מחותּן איז איר נאָכגעלאָפן און צוריקגעקומען אַ בייזער. עס איז געווען אַ שווײַגעניש בײַם טיש און ליבעלע איז נישט צוריקגעקומען. אויב ער וואָלט געהאַט כּוח, וואָלט ער זיך אויפגעהויבן און אָוועקגעגאַנגען.

ווען ליבעלע איז סוף־כּל־סוף צוריקגעקומען, זענען אירע אויגן געווען געשוואָלן, ווי אויסגעוווּשט פון טרערן. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט צווישן דעם טאַטן און אים, און אַזוי טרויעריק און אַזוי זיס געשמייכלט צו אים. „נעם נישט פאַראיבל, חנא, וואָס כ׳האָב דיר געשריבן אויף פּויליש. אַזאַ אומגליק, כ׳האָב נישט געהאַט קיין ווערטער, האָב איך געשריבן פּויליש. האָסט באַקומען מײַן בריוו?"

נאָך איידער חנא האָט באַוויזן צו עפענען דאָס מויל, האָט ר׳ הערץ גענומען רעדן וועגן וועטער: „ס׳איז נאָך פאַר ראָש־השנה און רעגנס, ס׳עט זײַן אַ קלאָג צום גערעטעניש". אין מיטן רעדן איז ער אויפגעשפּרונגען און געגעבן אַ ווונק דעם ווײַב, זי זאָל אַרויסגיין מיט אים. חנא איז געבליבן זיצן פריטשמיעלעט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף ענטפערן ליבעלען אַז יאָ, ער האָט באַקומען איר בריוו, און אַז זי קאָן שרײַבן פּויליש, אויב עס איז איר לײַכטער צו שרײַבן פּויליש. ער האָט עס שוין געוואָלט זאָגן,

איז דער מחותּן צוריקגעקומען און אַרויסגערופן ליבעלען. ליבעלע איז צוריקגעקומען נאָך בלאַסער ווי זי איז געווען. זי האָט קוים באַוויזן זיך אָוועקצוזעצן, איז די מאַמע צוריקגעקומען זי רופן.

„שפּעטער, מאַמושו", האָט ליבעלע געזאָגט אויף פּויליש און געבליבן זיצן. אָן אָדערל האָט אָנגעדראָלן בלוי אויף איר לינקער שלייף, אירע הענט האָבן געציטערט. זי האָט זיך אײַנגעגאָסן אַ גלאָז טיי, האָט דאָס גלאָז געקלימפּערט אויפן טעצל. ס׳איז מער נישט געווען קיין ספק, דער מחותּן וויל אָפּלאָזן דעם שידוך. וויל עס אויך ליבעלע?

זי וויל עס, ווײַזט אויס, נישט, אָבער זי וועט סײַ ווי נישט האָבן קיין ברירה, דער טאַטע אירער פּירט אַלע מאָל אַלץ אויס. דער אמת איז, אַז עס וועט אים אָנקומען זייער שווער זי מפרנס צו זײַן בכּבוד. קיין געלט האָט ער נישט, קיין סוחר איז ער נישט און האָט אפילו נישט בײַ וועמען עס צו לערנען.

די מחותּנים זענען צוריקגעקומען; אַלע בײַם טיש האָבן געטרונקען טיי מיט אַזאַ התמדה, ווי עס וואָלט געווען ערב אַ תּענית. קיינער האָט נישט אויסגערעדט אַ וואָרט. ווען דער מחותּן האָט ווידער אַרויסגערופן די מחותּנתטע האָט חנא אַרויסגענומען די תּנאָים פון זײַן בוזעם־קעשענע און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש נעבן ליבעלען: „כ׳בין געבליבן אַ בלוטיקער אָרעמאַן, כ׳קאָן נישט פאַרלאַנגען דו זאָלסט צוזאַמען מיט מיר לײַדן נויט. כ׳באַפרײַ דיך פון די תּנאָים".

ליבעלע איז געזעסן ווי פאַרשטיינערט און מיט אויפגעריסענע אויגן געקוקט ווי חנא קייטלט אָפּ דעם גאָלדענעם זייגער פון זײַן וועסטל. חנא האָט אַוועקגעלייגט דעם זייגער אויף דעם שטר־תּנאָים. ער האָט געוואָלט זיך געזעגענען, אָבער מורא געהאַט, אַז ער׳ט אויסברעכן אין אַ געוויין, האָט ער זיך אויסגעדרייט און גענומען האַסטיק גיין צו דער טיר. „אויף וועמען לאָזסטו מיך איבער, חנא?" האָט ליבעלעס אַן אויסגעשריי אים פאַרהאַלטן. ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט צו איר, האָט זי האַסטיק אויסגעווישט די אויגן און אַ זאָג געטאָן: „איך באַפרײַ דיך נישט!"

די מחותּנים זענען צוריקגעקומען. ר׳ הערצעס בליק איז געפאַלן אויפן טיש, וווּ עס זענען געלעגן די תּנאָים און דער זייגער. ליבעלע איז אויפגעשפּרונגען און עס אַוועקגעשאַרט פון איר טאַטנס גרייך: „ס׳איז דײַן, ס׳איז אונדזער, חנא, נעם עס".

## XIII

ווען מע האָט געהאַט באַשמימט דעם זמן־חתונה האָט דער כלה׳ס טאַטע נאָר געוואָלט אַ גרויסע חתונה מיט אַ גרויסער קאַפּעליע און אַ באַרימטן בדחן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט האָבן אַ צוויי הונדערט געסט פון זײַן זײַט, און חתנס צד קאָן אויך פאַרבעטן אַזוי פיל געסט פון זייער משפחה. ער איז גרייט געווען זיך פאַרבאָדן אין חובות, אַבי זיך אויסשטעלן פאַר זײַנע מחותנים. איצט האָט ער אַליין געזאָגט, אַז מחמת חנא זאָגט נאָך קדיש נאָך זײַן טאַטן, איז נישט גלײַך זיך צו צעלאָזן מיט מוזיק און בדחנים. אַ חופּה־וקדושין בײַ אַ רב, און לעקעך מיט בראָנפן פאַר די געסט. נאָר די נאָענטסטע קרובים האָבן די מחותנים גערופן צו זיך אַהיים צו אַ חתונה־מאָלצײַט.

פון ליבעלעס רייד האָט חנא פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט געווען פוסטער אָרעמאַנסקער שטאָלץ וואָס האָט געמאַכט איר טאַטן אַזוי פאַרעקשנט. ר׳ הערצל האָט געלערנט אויף זײַן אייגענער הויט ווי די רײַכע קוקן אַראָפּ אויף אַן אָרעמען קרוב, און ער האָט נישט געוואָלט, אַז די רײַכע מחותנים זאָלן אַזוי קוקן אויף זײַן ליבעלע. ער האָט געהאַלטן, אַז זײַן גרויסער ייִחוס פאַרגיטיקט פאַר זײַן נישט געבן קיין נדן, אָבער אויסשטײַער, — ער וועט נישט אַרויסשיקן די טאָכטער פון זײַן הויז מיט ליידיקע קופערטס.

דער חתן איז איצט געווען נישט קיין קלענערער קבצן ווי דער מחותן. די קלוגע גענענדעלע האָט געקענט לערנען אַ שטיקל חומש, אָבער וועגן געלטזאַכן האָט זי געוווסט נאָר, אַז מיט אַ סך געלט קאָן מען געבן אַ סך צדקה. זי האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז דער זון וואָס האָט זי פאַרזאָרגט מיט פּרנסה האָט עס געטאָן מיט די לעצטע פאַר רובל און איז אַליין געבליבן מיט גאָרנישט.

בעת דער חתונה האָט ר׳ הערץ גערעדט וועגן זײַן קרוב דעם פּריץ, וואָס האָט נישט געקאָנט קומען צו דער חתונה מחמת ער איז ווידער אין אויסלאַנד. דער פּריץ זאָל האָבן געזאָגט, אַז פון דרייען זיך אַרום זײַן „הויף״ אין דאָמברוווקע קאָן אַ ייִד לײַכט האָבן פּרנסה. דער הויף פאַרקויפט תבואה, די מילנערס קויפן תבואה און אַז מע ברענגט צוזאַמען דעם קונה

מיטן מוכר פאַרדינט מען מעקלגעלט. אַז מע האָט שׂכל און מע פוילט זיך נישט, קאָן מען פון מעקלען מאַכן שיין פּרנסה.

נאָך דעם ווי דער פּריץ האָט באַוויליקט אויפצונעמען ר׳ הערצן מיט זײַן יונגן איידעם אין זײַן הויז אין וואַרשע, איז חנאַ געוואָרן אַזוי פול מיט האָפן, אַז ער האָט צוגערעדט זײַן חבר אהרן, ער זאָל זיך אויך באַזעצן אין דאָמבראָווקע, ס׳איז אַ מקום־פּרנסה.

חנאַ און אַהרן האָבן בשותּפות אָפּגעדונגען אַן אַלט הויז אין דאָמבראָווקע און אַראָפּגעבראַכט זייערע משפּחות. געווען שוין דעמאָלט אין דאָרף אַ קנאַפּע פופציק ייִדישע משפּחות, אָבער נאָך נישט געווען, נישט קיין שיל, נישט קיין מיקווה, און אַפילו נישט קיין רבֿ. מ׳איז געפאָרן קיין גאָמבין אין מרחץ אַרײַן; אַז עס איז געווען אַ שאלה, האָט מען עס געגעבן דעם גוי. אַ שוחט איז יאָ געווען, וואָס איז אויך געווען אַ שטיקל בעל־תּפילה; אַ מנין ייִדן איז זיך צוזאַמענגעקומען אין עמעצנס הויז דאַווענען כּדי מע זאָל קאָנען זאָגן אַ קדושה און אַ קדיש, אָבער די תּורה האָט מען געלייענט פון אַ חומש, ווײַל מ׳איז געווען צו אָרעם מע זאָל לאָזן שרײַבן אַ ספר־תּורה.

חנאַ האָט שנעל געכאַפּט דעם שׂכל פון מעקלערײַ און פאַרדינט אַ פּאָר רובל טאַקע אָרום דעם הויף. אַהרן האָט לגמרי נישט געטויגט צו די עניִנים, אָבער ער האָט אויך געפונען אַ שטיקל פּרנסה אין מלמדות.

עס איז געוואַקסן די צאָל ייִדישע משפּחות אין דאָמבראָווקע, בפרט נאָך דעם ווי עס האָט זיך געעפנט נעבן דאָרף (דאָמבראָווקע איז נאָך דעמאָלט געווען אַ דאָרף) אַ גרויסע צוקער־פאַבריק.

ליבעלע איז נישט געווען קיין וואַזשנע גיבורטע. אין די צוויי יאָר נאָך דער חתונה האָט זי צוויי מאָל פאַרשוואַנגערט און בײדע מאָל, נישט דאָ געדאַכט, געמפּלט. זי האָט געמוזט זײַן אַ ביסל קרענקלעך; זי איז אָפט געלעגן אין בעט און חנאַ האָט זיך געפאָרעט אין דער קיך צוזוגרייטן עפּעס עסן.

דרײַ יאָר נאָך דער חתונה איז מיט מזל געבוירן געוואָרן אַ צווילינג און בײדע, גאָט צו דאַנקען, ייִנגלעך. צוויי זין איז אַוודאי אַ ברכה פון אייבערשטן, אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ווען סײַ די מאַמע סײַ די קינדער זענען געזונט. די ליבעלע, טאַקע אַן איידעלע ,אָבער אַ ביסל צו איידל — פשוט גערעדט: אַ ביסל אַ קרענקלעכע. מע זאָל נישט

זינדיקן מיט די רייד, זי האָט קוים כּוח געהאַט צו טראָגן זיך אַליין. דאָס ערשטע יינגל, דער בכור, איז נאָך געווען נישקשה און דער ברית איז טאַקע געווען צו די אַכט טעג, ווי דער דין איז. חנא האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין טאַטן מרדכי. נישט דעם גאַנצן נאָמען קלמן־מרדכי, זאָל דעם קינד, חלילה, נישט נאָכגיין דאָס מזל פון זיידן, וואָס איז אַזוי יונג אַוועק פון דער וועלט. ביי דעם צווייטן יינגעלע האָט מען געמוזט וואַרטן מיטן ברית און עס מלה געווען ערשט ווען דער בכור האָט שוין געהאַט זיין פּדיון־הבן. דעם יינגערן זון האָט חנא אַ נאָמען געטאָן נאָך זיין זיידן שמואל־ברוך; גערופן האָט מען אים ברוכל.

## XIV

דער ליכטיקער פּאַן פּריץ מיעטשיסלאַוו דאַווידזאָן האָט נאָך דערהאַלטן אין זיין זכרון אַ בילד פון זיינע פריע קינדער־יאָרן, ווען ער איז געזעסן אויף דער קני פון זיין עלטער־זיידן דעם רב און דער זיידע האָט אים גערופן מיין מרדכילע. מע האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז ער האָט דעם זיידנס פּנים. עס קאָן גריילעך זיין, אַז דער זיידע האָט אויך געהאַט אַ קליין פּנימל, אָבער ער האָט געהאַט אַ לאַנגע געדיכטע באָרד און איז געווען אַ הויכער. ער, דאָס אייניקל פון דעם הויכן, שיינעם זיידן, איז געבליבן אַ פּיצעלע. קורץ, שמאָלבייניק, מיט אַ פּנימל וואָס איז נישט קיין סך גרעסער ווי זיינע דיקע וואָנצעס, פּאַרדרייט אַרויף אין פּריצישן פאַסאָן.

ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט פּעליציאַן איז זי אויך געווען שלאַנק. אָבער שפּעטער איז איר געטאָקטע פיגור, וואָס איז אַ מאָל געווען וויגעוודיק, זיך צעוואַקסן אין דער ברייט און ער זעט אויס ווי אַ מלופן־קינד נעבן זיין צעוואַקסן ווייב. איר בוזעם איז זיך נאָך מער צעוואַקסן. אַ שיכּורער פּריץ האָט זיך געוויצלט, אַז דער פּאַן מיעטשיסלאַוו ווערט קיין מאָל נישט נאַס; אין אַ רעגן גייט ער אונטער דעם ווייבס בוזעם ווי אונטער אַ דאַך.

דער פּאַן מיעטשיסלאַוו האָט געשטאַמט פון רבנים און פון פּריצים. די פּאַני פּעליציאַ איז אויך געקומען פון אַ רייכער משפּחה, וואַלד־סוחרים, אָבער פּשוטע מענטשן, אָן תּורה און אָן יחוס. דווקא פּעליציאַן איז

געגאַנגען אין לעבן אַנצוהאַלטן דעם פּריצישן שטאַט. זי האָט כּסדר געפּראַוועט בעלער און סתּם הוליאַנקעס, און יעדן מאַנטיק און דאָנערשטיק פֿאַרבעטן פּריצים אויף געיעג אין די דאַמבראָווקער וועלדער. די אמתע פּריצים, די פֿון גרויסן אַדל, זענען נישט געקומען צום זשידעק. געקומען זענען די אויפֿגעקומענע פּריצים. נישט קיין וואַזשנע יחסנים און נישט קיין צו גרויסע קענערס, אָבער מענטשן וואָס זענען אויפֿגעוואַקסן אויף די ברייטע פֿלוינען פֿון דער ווײַסל־נידערונג. געזונטע מאַנצפּאַרשוינען מיט ברייטע, מוסקולירטע פּויערישע גופֿים. דער פּאַן מיעטשיסלאַוו האָט זיך נישט געקענט אויסגלײַכן מיט זיי, נישט מיט זײַן רײַטן, נישט מיט שיסן אין ציל, און אַפֿילו נישט מיטן קאָנען אַרײַנגיסן אין זיך גאַנצע קוואָרטן אָקעוויט. ווען נישט די דיקע אַרויפֿגעדרייטע וואָנצעס וואָלט ער אויסגעזען ווי איינער פֿון די ייִנגלעך, וואָס מע נעמט מיט, זיי זאָלן זיך אָפּגעבן מיט די פֿערד. דער פּאַן מיעטשיסלאַוו האָט פֿײַנט געהאַט דאָס געיעגהויז, ווו פּעליציאַ האָט געלאָזט אויפֿהענגען אויסגעשטאָפּטע קעפּ פֿון חיות און דערנאָך זיך באַרימט, אַז דאָס זענען איר מאַנס טראָפֿייען. קיינער האָט איר סײַ ווי נישט געגלייבט.

די פּאַני פּעליציאַ האָט זיך געוואָלט אײַנקויפֿן אין ייִחוס בײַ דער פּוילישער שליאַכטע. די ייִדישע סוחרים וואָס זענען געקומען אין איר הויף זענען איר געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן. די שכנותדיקע פּריצים האָבן אויך געהאַנדלט מיט ייִדן, אָבער אין דאַמבראָווקע איז אַפֿילו דער עקאָנאָם געווען אַ ייִד.

ווען דער אַלטער עקאָנאָם איז געשטאָרבן, איז דעם פּריץ שווער געווען צו געפֿינען עמעצן, וואָס זאָל אים צופֿרידנשטעלן. די מעשׂה איז געווען אַזוי: די פּעיִקע האָבן געהאַט גוטע שטעלעס. אויסדינגען אַ גוטן עקאָנאָם בײַ אַן אַנדערן פּריץ? אפֿשר וואָלט ער עס געקאָנט טאָן אויב ער וואָלט נישט געווען קיין ייִד. ווײַטער, די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שטעלעס איז עס געווען מחמת זיי האָבן געטויגט אויף טויזנט שאָק כּפּרות. זיי האָבן פֿאַרלוירן זייערע שטעלעס מחמת זיי זענען געווען שיכּורים, טויגענישן אָדער גאָר געהאַט ׳קלעפּיקע הענט׳, עס האָט זיך צוגעקלעפּט צו זייערע הענט מער ווי עס איז געבליבן פֿאַרן באַלעבאָס.

דער פּאַן פּריץ איז געפֿאַלן אויף אַ געדאַנק צו נעמען אַ יונג סטודענטל און אים אויסלערנען די מלאָכה. אײַ, יענער וועט זיך לערנען שערן אויף

דער דאָמברוווקער באָרד? וועט ער דערפאַר נישט זײַן פאַרריסן און זײַן געטרײַ דעם באַלעבאָס, וואָס האָט אים געהאָלפן דערגרייכן אַ וויכטיקע פּאָזיציע.

לכתחילה האָט ער געטראַכט וועגן אַ ייִדישן סטודענט, אָבער מע זאָגט, אַז די ייִדישע סטודענטן זענען אַלע סאָציאַליסטלעך און ס׳קאָן זײַן אמת אויך. די פּוילישע סטודענטן רודפן די ייִדישע, נישט ווייניקער ווי די צאַרישע מאַכט רודפט זיי. נאָר ביי די לינקע האַלט מען זיך צוזאַמען, ייִדן, פּאָליאַקן און רוסן. איז טאַקע נישט קיין וווּנדער, אַז עס ציט די ייִדישע סטודענטן צו די סאָציאַליסטן. אָבער אים, דעם ייִדישן פּריץ, פעלט נישט מער, נאָר מע זאָל כאַפּן אַ רעוואָלוציאָנער ביי אים אין הויף.

דער פאַן מיעטשיסלאַוו האָט לאַנג געזוכט און געקליבן ביז ער האָט אָפּגעקליבן אַ יונגן פּאָליאַק, וואָס האָט אויסגעוויזן צו זײַן אַ קלוגער חברהמאַן און איז אויך גוט רעקאָמענדירט געוואָרן. דער יונגער־מאַן האָט ליב געלט, אָבער דאָס איז נישט קיין חסרון. ער האָט אַמביציע, וועט ער אַרבעטן שווער ער זאָל דערגרייכן וואָס ער וויל. עס איז אויך אַ מעלה, וואָס דער שגץ שטאַמט פון פּראָסטע אָרעמע־לײַט, וועט ער נישט קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף דעם ייִד וואָס איז זײַן באַלעבאָס.

## XV

ווי שטייט עס געשריבן אין חומש: „ויקם מלך חדש״, עס איז געקומען אַ נײַער עקאָנאָם, וואָס האָט טאַקע אויסגעוויזן צו זײַן אַ פעיִקער שגץ, אָבער קיין ייִדן האָט ער נישט ליב געהאַט. מע זאָגט, אַז די פּריצה האָט אים געגעבן אַזעלכע באַפעלן, און אפשר האָט אים קיינער נישט געגעבן קיין באַפעלן. ער האָט געהאַט חוצפּה אײַנצופירן נײַע „פּאָזשאָנדקעס״ און עס איז געוואָרן שווער פאַר אַ ייִד צו טאָן מיסחר מיטן הויף. דער פּריץ איז געווען אין וואַרשע. אָדער מע האָט סתּם נישט צוגעלאָזט צו אים. צו חנאן האָט דער נײַער עקאָנאָם געמוזט האָבן עפּעס אַ טענה, אָדער סתּם געטראָגן אַ בייז האַרץ. חנא האָט זיך אַ מאָל אַרויסגעכאַפּט, אַז אים קאָן מען פון דאַנען נישט אַרויסשטופּן, ער איז דעם פּריצעס אַ קרוב. אפשר

איז דאָס גאָר אָנגעקומען צו דער פּריצטע און יענע איז געווען נישט קיין קלענערער שׂונא־ישׂראל ווי דער נײַער עקאָנאָם.

אַ משפּחה, קיין עין־הרע, פון פיר האָט חנא זיך מער נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף די גליקן פון מעקלערײַ. זײַן חבר אהרן איז אַוועק אין אַ באַזונדערער דירה און חנא האָט געעפנט אַ שפּײַזגעווע לבל אין דער פאָדערשטער שטוב פון זײַן הויז. קיין וואַזשנע פּרנסה האָט דאָס געווע לבל נישט געבראַכט, אָבער עס איז געווען וואָס צו נעמען אין מויל, און חנא האָט געזוכט אַ שטיקל מעקלערײַ מן־הצד.

*

כאָטש ליבעלע איז געווען אַ שוואַכע און חנא האָט איר געמוזט אַרויסהעלפן אַפילו אין דער קיך, האָט געהערשט אַ גינציקייט צווישן דעם גבר חנא און זײַן דאָר, שוואַך ווײַבעלע. אַ סברא, אַז זי איז אַזוי אָפט נישט אויפגעשטאַנען פון בעט מחמת זי האָט אָפט געשוואַנגערט, און זי האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין לײַכט טראָגן. סײַ ווי סײַ, עס האָבן זיך געמערט די מײַלער אין שטוב, אָבער נישט די פּרנסה. נאָך גוט וואָס חנא איז געווען אַ בריה. ער איז דאָך אַ מאָל געווען אַ פאַרפּיעשטשעט בן־יחידל בײַ רײַכע טאַטע־מאַמע און נישט געדאַרפט אַרײַנטאָן די האַנט אין קאַלטן וואַסער; אָבער אַז מע האָט געדאַרפט האָט ער אַלץ געטאָן אַליין, אַפילו געשמירט דעם אַלטן דאַך מיט נײַער סמאָלע, עס זאָל נישט אַרײַנרעגענען.

מע זאָל נישט געפּרוווט ווערן מיט וואָס דער מענטש קאָן אַלץ טאָן ווען ער מוז. דער חנא וואָס די אויגן האָבן געזען האָבן די הענט געקאָנט מאַכן, אָבער, ווי זאָגט מען עס, גיי מאַך, אַז עס מאַכט זיך נישט. אַלע קינדער מאָזלען, אָבער ווען חנאס צוויי עלטסטע קינדער האָבן געמאָזלט, האָט בײַם בכור זיך צוגעטשעפּעט אַ לונגען־אָנצינד. מע האָט געשטעלט ניגלען און געהאַקט באַנקעס; דאָס קינד האָט גענומען רפואות, וואָס עס האָט געגעבן דער פעלטשער און וואָס עס האָט פאַרשריבן דער דאָקטער. מע האָט געשמירט די פּלייצעס מיט אַ סענף פאַרבריט פון געלן לוביען, בלויע פּיאָלן און ווערעמקרויט. מע האָט זיך נישט פאַרלאָזט נאָר אויף פּראָסטע רפואות, ס׳קאָן גאָר זײַן אַ בייז־אויג אָדער סתּם אַ נישט־גוטס. האָט אַ שליח געבראַכט אַ קמיע פון גאָסטינינער רבין און ר׳ אַהרנס ווײַב האָט געזאָגט אַ ספּעציעל אָפּשפּרעכעניש: „האָט די מחלה דער רעגן

אַנגעשפּרייט, האָט זי דער האָן אָנגעקרייט, האָט עס אַ שד אויפן קינד געבראַכט, אָדער לילית האָט עס צוגעטראָכט; איז אין גאַס, צי אין שטוב געקומען די שמאַד, אין שלאָף אָדער וואַך, אין חלום צי אין דרימל — איז עס אַלץ אין דיר געוועגדט, פּאָטער אין הימל. רופא חולי עמך ישראל, שיק דיין מלאך רפאל צו דעם קינד שמואל בן־ליבע און זיי אויף אים מקיים דעם פּסוק 'השם יסעדני על ערש דוי', שיק אים אַ רפואה־שלמה און גיב אים לאַנגע יאָרן, זיינע עלטערן זאָלן זוכה זיין אים מגדל צו זיין לתורה, לחופה ולמעשים־טובים, אָמן".

אָבער דער קיטרוג איז כּנראה געווען גרויס, די היץ איז געשטיגן פון שעה צו שעה. ליבעלע האָט געבראָכן אירע אויסגעדאַרטע הענט, אַז אומשולדיק קינד, אין וועמעס זינד ווערט עס געשטראָפט? איר חנא, זאָל לעבן, איז אַזוי אָפּגעהיטן אין מיצוות. די פּרנסה איז שווער, אָבער ער שטרעקט זיך פאַר קהל. דורך זיין מי האָט דאָמבראָווקע שוין אַ מקום־תּפילה און אַ ספר־תּורה. זי אַליין האָט גענומען דעם סאַמעט וואָס חנא האָט איר געקויפט אויפצונייען פאַר זיך אַ קלייד, און געמאַכט דערפון אַ פּרוכת פאַר דעם אָרון־קודש און אַ מענטעלע פאַר דער ספר־תּורה. עס איז איר שווער זיך אָן עצה צו געבן מיט דער הויזאַרבעט, אָבער זי איז נעכט נישט דערשלאָפן און אויסגעהאַפטן אויף דעם סאַמעט אַ קרוין און די לוחות און אַלערליי קווייטן, צו באַשיינען די הייליקייטן. זי ווייסט, אַז זי איז זינדיק, זי האָט אַ סך מתרעם געווען קעגן טאַטנס דרכים. אָבער חוץ איין איינציק מאָל ווען זי האָט נישט דערלאָזט דער טאַטע זאָל אָפּברעכן דעם שידוך מיט חנאן, האָט זי געטאָן דעם טאַטנס ווילן אַפילו ווען עס איז געווען קעגן איר אייגענעם רצון און אָפּגעהיטן דעם כּיבוד־אָב. זאָל דער זכות בייַשטיין איר קינד, ווו נאָר זי האָט עפּעס אַ זכות, גיט זי עס צו איר שמואליקל. זאָל אויך דער שיינער פּרוכת, וואָס זי האָט געמאַכט, גיין פאַרן זכות פון איר קינד. פאַר זיך וועט זי איבערלאָזן נאָר דעם זכות פון דעם תּורה־מענטעלע, כּדי זי זאָל נישט קומען אין גאַנצן נאַקעט צו דער אמתער וועלט.

אָבער עס איז, ווייַזט אויס, נישט באַשערט געווען. די היץ האָט נישט אויפגעהערט שפּרינגען אַרויף, ביז זי איז מיט איין מאָל געטאָן אַ פאַל אַראָפּ אין גאַנצן, און — אויס...

חנא האָט זיך געשטאַרקט. „עס איז געווען אַ ביטערער קיטרוג און

אַז דער אייבערשטער האָט אין זײַן גוטסקייט באַוויליקט צו צערײַסן דעם גזר אויף אַ העלפט און ברוכל איז, דאַנקען גאָט, געזונט געוואָרן, זאָל דער אין הימל געבן, מיר זאָלן זוכה זײַן אים צו דערציִען אין אַ גוט געזונט און מיר זאָלן דערלעבן זען פון אים קינדער און קינדס־קינדער".

ליבעלען האָט מען קוים געקאָנט אָוועקרײַסן פון קבר. ווען זי איז אַריבער די שוועל פון איר הויז און ברוכל איז איר אַקעגנגעקומען האָט זי אויפגעהערט וויינען, אָבער זי האָט געפילט, אַז אַ טייל פון איר איז געבליבן דאָרט אויפן גוטן־אָרט און באַגראָבן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם גופל פון איר שמואליקל.

„דער אייבערשטער וועט אונדז פאַרגיטיקן מיט נײַע קינדער", האָט חנא פּראָבירט זי טרייסטן.

עס זענען טאָקע געקומען נײַע קינדער, נאָך אַ צווילינג, אויך ייִנגלעך. עס מוז זײַן, אַז זיי זענען געבוירן געוואָרן צו פרי. געבוירן געוואָרן פּיצעלעך און, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, אָוועק אין אַ קורצער צײַט. דאָס אויסטראָגן זיי איז געווען שווערער ווי בײַ אַלע פריִערדיקע קינדער און אויך דאָס האָבן איז געווען שווער, ליבעלע איז פון דער קימפּעט געבליבן אָפּגעשוואַכט און קראַנק. אַז מע האָט געדאַרפט אַ סך אויף דאָקטוירים און רפואות, איז ווייניק געבליבן פון חנאס פאַרדינסטן, כאָטש ער האָט אײַנגעריסן וועלטן.

בײַ די שכנים האָבן זייערע קינדער זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, אַרומגעלאָפן האַלב נאַקעט, געשפּילט זיך אין די רינשטאָקן און זענען געווען געזונט, און דאָ — ווו נאָר אַ קרענק, האָט עס זיך געטשעפּעט צו איר קינד; נישט געווען אַן אומגאַנג, אַ קינדער־חולאת, וואָס זאָל אויסמײַדן חנאס הויז.

נישט געוווּסט וואָס פריִער צו טאָן, האָט ליבעלע געבראָכן די הענט און גאָרנישט געטאָן. זי האָט נאָר באַוויינט איר גורל. דער טאַטע האָט געהאַט פאַרלוירן זײַן פאַרמעגן ווען זי איז נאָך געווען אַן עופעלע. ווען ער האָט שוין געוווּסט, אַז ער וועט קיין גביר צוריק נישט ווערן, האָט ער בעסער זי געדאַרפט צוגרייטן צו אַ שווער, אָרעם לעבן. אָבער ער האָט אַפילו נישט געלאָזט זי זאָל העלפן איר מאַמען אין דער קיך, ווײַל אירע הענט מוזן בלײַבן ווייך און איידל. מע האָט זי געלערנט פּויליש און רוסיש, שפּילן פּיאַנע און אַפילו זינגען פון נאָטן. אַלע מיידלעך קענען

אַ ביסל שטריקן און שטיקן; צו איר איז געקומען אַ ספּעציעלע לערערין פון שטיקערײַ. מע האָט זי צוגעגרייט צו ווערן אַ פּריצטע, אָבער דער אייבערשטער וויל נישט זי זאָל זײַן אַ פּריצטע. אַז זי האָט יאָ געקראָגן אַ רײַכן התן איז ער געוואָרן אַן אביון און האָט איצט נישט גענוג צײַט צו פֿאַרדינען אויף פּרנסה, מחמת ער דאַרף איר אַרויסהעלפֿן אין דער ווירטשאַפֿט; אָן חנאן איז זי אומבאַהאָלפֿן אין איר אייגענער קיך.

נאָר מע טאָר נישט זינדיקן און רק זיך באַקלאָגן. ברוכל האָט זיך, קיין עין־הרע, אַרויסגעדראַפּעט פֿון אַלע קינדער־חולאתן און וואַקסט אַ שיין, געזונט בחורל, עס זאָל אים קיין בייז־אויג נישט שאַדן. ער לערנט שוין גמרא בײַם בעסטן מלמד, וואָס איז נישט קיין אַנדערער ווי חנאס יוגנט־חבר אַהרן. מע רופֿט אים שוין „ר׳ אַהרן" צוליב זײַן פֿרומקייט און לומדות.

# XVI

תּרנ״ג, דאָס פֿריִערדיקע יאָר, איז געווען אַן עיבור־יאָר און דער פֿרילינג איז געקומען שפּעט; דאָס יאָר איז אין גאַנצן קיין פֿרילינג נישט געווען. פּסח איז שוין געווען הייס און די היצן האָבן אָנגעהאַלטן. די פֿעלדער האָבן געחלשט נאָך אַ טראָפּן רעגן, די טײַכן זענען אײַנגעשרומפּן, און די ברינעמער האָבן אויסגעטריקנט. ראָש־חודש־תּמוז איז שוין געווען נאָכן שניט, אָבער עס איז געווען אַ שניט אָן ברכה. מאָגערע זאַנגען, פּיצעלעך קערנער, אויב עס זענען געבליבן קערנער. לרוב האָט דער ווינט זיי אַרויסגעבלאָזן פֿון די צו טרוקענע זאַנגען.

מע האָט מורא געהאַט פֿאַר דעם ווינטער און נישט געוווּסט, אַז עפּעס ערגערס ווי הונגער שטייט הינטער דער טיר. עס האָט אָנגערוקט נאָך אַ שניט, אַן אַנדער מין שניט, — קהילות גאַנצע זענען געפֿאַלן אונטער דער קאָסע פֿון מלאך־המוות.

אין דאָמברוווקע האָט מען שוין געוווּסט וואָס די כאָלערע־מגפֿה האָט אָנגעטאָן אין אַנדערע מקומות. מע האָט זיך געהיטן נישט צו פֿאָרן אין די אָנגעגריפֿענע שטעט, מע האָט אויסגעמיטן עסן שווערע מאכלים, מע האָט געפֿאַסט האַלבע טעג יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, געזאָגט תּהילים

און געהאַפּט: מ׳איז דאָך אַ פֿאַרוואָרפֿן העק, אין אַ זײַט פֿון די הויפּטוועגן.

די פֿעסט האָט יאָ געפֿונען איר וועג קיין דאָמבראָווקע. אָנגעהויבן האָט עס זיך אין די כאַטעס, הינטער דעם בלאָטנעם וועג. ס׳איז אַריבער צו די הײַזער פֿון דעם פֿריצעס פֿאָראַבקעס, און ווי אַ וואַלדפֿײַער זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן שטעטל.

ליבעלע איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ בהלה. אויב עס זאָל, חלילה, טרעפֿן איר הויז... איר ברוכל איז אַזאַ איידעלער... אַז די חולאת שפּרינגט פֿון הויז צו הויז, אפֿשר איז רעכט צו אַנטלויפֿן פֿון הויז?

חנא האָט אָפּגעדונגען אַ שײַער בײַ אַ פּויער, וועמעס ווירטשאַפֿט איז געווען אַ גאַנצן וויאָרסט ווײַט פֿון דעם לעצטן הויז אויף ווילקער גאַס, און אַריבערגעפֿירט אַהין זײַן משפּחה. צו מאָרגנס אין דער פֿרי האָט ער געזען, אַז די פּויערטע לויפֿט אַלע פֿאָר מינוט הינטערן הויז, און שוין געוווסט, אַז ער איז אַנטלאָפֿן פֿון פֿײַער און אַרײַנגעפֿאַלן אין וואַסער. שוין באַלד ווי דער נביא האָט, נישט דאָ געדאַכט, געשאָלטן מואב: „אַ גרויל און אַ גרוב און אַ נעץ... דער וואָס אַנטלויפֿט פֿון דעם גרויל וועט אַרײַנפֿאַלן אין גרוב, און דער וואָס קומט אַרויס פֿון גרוב וועט געפֿאַנגען ווערן אין נעץ", מע דאַרף אַנטלויפֿן פֿון דאַנען אַזוי שנעל ווי מע קאָן.

קוים צוריקגעקומען אַהיים האָט מען געהערט, אַז מענטשן לויפֿן אַוועק און באַזעצן זיך אויף וויסטע פֿעלדער. ליבעלע האָט מער נישט געהאַט קיין כּוח צו לויפֿן. וואָס נאָר עס זאָל געשען איז בעסער צו זײַן אין דער היים, ווו מע קאָן אָפּקאָכן אַ ביסל וואַרעמס, שלאָפֿן אין אַ בעט און ווו אויף דער טיר הענגט אַ מזוזה מיט גאָטס הייליקן נאָמען.

ר׳ לייבוש דער סטאַרשי־פּעלטשער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייִד. שבת פֿלעגט ער אַליין גיין אין אַפּטייק, זאָגן דעם אַפּטייקער וואָס צו געבן, כּדי ער זאָל נישט דאַרפֿן מחלל־שבת זײַן און אויפֿשרײַבן דעם רעצעפּט. איצטער איז נישט געווען קיין צײַט צו אַזעלכע זאַכן, ייִדן און גויִם האָבן אים געריסן בײַ די פּאָלעס: „ראַטעוועט, ר׳ לייבוש", „העלפֿט, פּאַניע פּעלטשער"." דער אמת איז, אַז ר׳ לייבוש האָט אַליין נישט געוווסט וואָס צו טאָן. קעגן אַ לויזן מאָגן איז גוט צו טרינקען מאַנדלמילך אָדער דאָס וואַסער פֿון געקאָכטער פֿלאַקס־זריעה. אַז קיין מאַנדלען און קיין פֿלאַקס־זריעה האָט מען נישט געהאַט איז געבליבן נאָר — רײַז געקאָכט אָן זאַלץ. אָבער די טרוקענע רײַז איז געבליבן שטעקן אין האַלדז ביז עס איז

אָנגעקומען די איבלעניש און מע האָט עס אויסגעבראָכן צוזאַמען מיט דער גרינער גאַל. ווידער קעגן ברעכן איז גוט זויערס. גיי פאַרשרייַב זויערס, ווען פון דער צונג ביז די געדערעם איז אַלץ רוי און צעצינדן. די חולאים האָבן געברענט אין גרויסער היץ און געחלשט פאַר אַ טראָפּן וואַסער, אָבער אַז מע האָט מער געטרונקען האָט עס מער געיאָגט און מע האָט געהאַט מער צוריקצוגעבן. מע האָט גאָרנישט געקאָנט אַזוי פיל אַרייַננעמען וויפל מע האָט אויסגעבראָכן, די הויט איז געוואָרן קעלטער, דער דפק שוואַכער ביז מ׳איז, לא־עלינו, אַרייַנגעפאַלן אין גסיסה.

פונקט ווי דער פעלטשער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט אַזוי פיל חולאים, האָט די חברה־קדישא זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט אַזוי פיל מתים. אין דאָמבראָוויקע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין יידישער בית־עלמין; מע האָט די מתים געדאַרפט פירן עלף קילאָמעטער קיין גאָמבין, און גאָמבין האָט גאָר נישט געוואָלט אַרייַנלאָזן די קרבנות פון דער כאָלערע. אין די ענגע יידישע הייַזלעך זענען די וואָס זענען אָפּגעשטאָרבן געבליבן ליגן אין די בעטן צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן נאָך געזשיפעט, און ווער עס איז נאָך געשטאַנען אויף די פיס האָט געטאָן וואָס ער האָט געקאָנט פאַר די, וואָס זענען שוין געלעגן.

ווען גענענדעלע האָט אין בילגאָרייַ זיך דערוווּסט, אַז די מגפה האָט דערגרייכט דאָמבראָוויקע, האָט זי געשיקט אַ דעפעשע: קאָכן דאָס וואַסער איידער מע טרינקט עס. אָבער דער דאָמבראָוויקער טעלעגראַפיסט איז שוין געלעגן אין גסיסה און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אויפנעמען די טעלעגראַמעס. אין נאָרמאַלע צייַטן האָט מען געבראַכט אַ דאָקטאָר פון גאָמבין אָדער פון לוויוויטש; איצטער האָט מען נישט געקאָנט באַקומען קיין דאָקטאָר אַפילו מע זאָל אָוועקלייגן פאַר אים אַ באַרג גאָלד.

דער פּריץ האָט געשיקט פון וואַרשע אַ געניטן סאַניטאַר, אָבער וואָס קאָן איין מענטש אויפטאָן? דער גלח האָט צוזאַמענגערופן אַ פּאָר גויִים אין קאַשטשאָל וועגן גיין העלפן די קראַנקע. ר׳ אַהרן, וואָס איז דאָ געווען ווי אַ רב, האָט זיך געטראָפן מיט אַ פּאָר יידן נעבן דער פּלומפּ. „ס׳איז אַ גזירה פון הימל", האָט ער געזאָגט, „ווען עס דאַרף, חלילה, טרעפן, וועט ער עס נישט אויסמייַדן, אַפילו ער זאָל אַנטלויפן אין אַנדערן עק וועלט. אָבער די מיצווה פון העלפן קראַנקע קאָן יאָ העלפן, מע זאָל ניצול ווערן".

חנא האָט גענומען די אַחריות אויף זיך און מע האָט גענומען קובר

זײַן אויף אַ שטיקל ערד וואָס האָט געהערט צום פּריץ; מע וועט אים באַצאָלן, אויב דער אײבערשטער וועט העלפֿן און מע וועט אַרויס מיטן לעבן. דערווײַל טוט מען אַ חסד־של־אמת מיט די געשטאָרבענע און מע קויפֿט זיך אַ גרויסע מיצווה אין די לעבן געבליבענע.

אַז גענענדעלע האָט נישט באַקומען קיין ענטפֿער אויף איר דעפּעשע, איז זי קודם אַוועקגעלאָפֿן צום קבר פֿון איר קלמן־מרדכי, זאָל זײַן אָפּגעשיידט, און אים אָנגעזאָגט, ער זאָל פֿון אויבן האַלטן אויג אויף זייער זון. אַהיימגעקומען האָט זי פֿאַרפּאַקט אַ פּאָר פֿון אירע ספּרימלעך און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. זי האָט געמאַכט אַ שטיקל אומוועג און זיך אָפּגעשטעלט אין פּלאָצק ווו זי האָט געקענט אַ גוטן דאָקטער. מע האָט אַ מאָל געהאָט געבראַכט דעם דאָקטער פּערקאָל קיין בילגאָרײַ ווען זי איז, נישט הײַנט געדאַכט, געווען חרוב קראַנק נאָך דער קימפּעט.

דער דאָקטער האָט פּראָבירט פּועלן בײַ איר, זי זאָל אויסדרייען דעם דישל און צוריקפֿאָרן אַהיים. זי ווייסט דאָך אַפֿילו נישט צי עס האָט געטראָפֿן עמעצן פֿון די איריקע. איר זון איז יונג און געזונט, אָבער ווי מעג זי, אַ שוואַכע פֿרוי אין די יאָרן, לויפֿן אין פֿײַער אַרײַן? ווען דער דאָקטער האָט געזען, אַז ער וועט נישט פּועלן זי זאָל פֿאָרן אַהיים, האָט ער איר געגעבן די עצות צוליב וועלכע זי איז געקומען צו אים. „די קרענק און די גרויסע היץ ציִען אַרויס יעדן טראָפּן ליחות פֿון גוף; שטעלט אַוועק עמערס וואָסער בײַ יעדן קראַנקן".

„געקאָכט וואָסער?"

„געקאָכט וואָסער זאָלן טרינקען די געזונטע; פֿאַר די וואָס זענען שוין קראַנק — קאַלט וואָסער. לייגט צו אײַז צום קאָפּ און גיט אײַז אין מויל אַרײַן צו קײַען".

„אַ חרוב קראַנקן אײַז?" האָט גענענדעלע נישט געגלייבט, אַז זי הערט ריכטיק.

„יאָ, קײַען אײַז און טרינקען, טרינקען, טרינקען. און טוט אַרײַן זאַלץ אין דעם וואָסער".

„עס זאָל זיי מער דאָרשטן?"

„די מחלה יאָגט אַרויס דאָס זאַלץ און פֿון דעם קאָן מען אויך אומקומען".

ווען חנא האָט דערזען די מאַמע, האָט ער זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. „אַלע אַנטלויפן פון פייַער, מאַמעשי, און דו ביסט גאָר געקומען אַהער?"

ליבעלע איז געלאָפן צוגרייטן עפּעס עסן, אָבער איידער גענענדעלע האָט באַוויליקט עפּעס צו נעמען אין מויל, האָט זי זיך אָוועקגעשטעלט דאַוונען מינחה און דאַנקען דעם בורא, וואָס אַלע איריקע זענען געזונט. די שרעק וועגן געזונט פון אירע קינדער האָט דער אייבערשטער אוודאי בכיוון אייַנגעפלאַנצט אין איר, כדי זי זאָל קומען אין דעם אומגליקלעכן אָרט מיט די עצות פון דעם גוטן דאָקטאָר פערקאָל.

ווי ווייל גענענדעלע האָט געציטערט איבער דעם געזונט פון איר בן־יחיד און קדיש, איז זי געווען צופרידן וואָס חנא איז באַלד אַרויסגעלאָפן אַנזאָגן, מע זאָל די קראַנקע געבן אַ סך צו טרינקען. אויב מע זיצט מיט פאַרלייגטע הענט ווען מע קאָן ראַטעווען לעבנס, פאַרלירט מען ביידע וועלטן.

איין מאָל, ווען חנא האָט נאָכן וואַכן אַ גאַנצע נאַכט בייַ אַ קראַנקן געוואָלט ווידער אַרויסלויפן, האָט די מוטער אים צוריקגעהאַלטן: „דו ביסט צו מיד, חנא־לעב, אַלע חולאתן טשעפּען זיך צו אַ מידן. אַ פּאָר שעה שלאָף וועלן דיך צוריקברענגען צו די כחות".

„ס'איז, לא־עלינו, אַזאַ פאַרכאַפּעניש. אין אַ פּאָר שעה קאָן אַ קראַנקער אויסגיין, חלילה".

„איך וועל גיין שטאַטס דיר".

חנא האָט זיך אַקעגנגעשטעלט, אָבער די מאַמע האָט נישט אָפּגעלאָזט: „אַז כ'האָב שוין גענומען אויף זיך צו טאָן אַזאַ גרויסע מיצווה, און האָב אַפילו נישט געזאָגט 'בלי־נדר', מוז איך שוין גיין".

חנא האָט זיך צוגעלייגט אין אָנטועכץ, גענענדעלע האָט גענומען אַ טיטל זאַלץ, אַ לײדיקן עמער און אַוועק צו דער פּלומפּ נעמען וואַסער. ווען זי איז אָנגעקומען אין הויז פון קראַנקן, האָט זי דאָרט געטראָפן חנאן. „כ'האָב נישט געקאָנט אייַנליגן", האָט חנא זיך פאַרענטפערט פאַר איר.

גענענדעלע האָט זיך צעשמייכלט: „אויב ס'איז מיר באַשערט דו זאָלסט ווידערשפעניקן קעגן מיר, זאָל עס זייַן נאָר ווען כ'וויל דיך צוריקהאַלטן פון טאָן אַ מיצווה. זאָל דייַן מסירת־נפש פאַר אַנדערע דיך מציל זייַן פון דער

שלעכטער גזירה, ווי די חכמים זאָגן: ווער עס איז מתפלל פאַר זיין חבר, ווערט ער געהאָלפן צומערשט".

דאָס איז געווען נאָר איין טאָג שפּעטער, ווען חנא האָט געכאַפּט די עמערס, געוואָלט גיין צו דער פּלומפּ, האָט ער דערפילט אַ קראַמף, ווי אַ שניט אין די געדערעם. דער ווייטיק האָט אָנגעהאַלטן נאָר איין רגע, ער איז אַרויס צום אָפּטריט און באַלד צוריקגעקומען נעמען די עמערס. נאָך איידער ער האָט דערגרייכט די פּלומפּ, האָט ער שוין געדאַרפט לויפן צוריק. ער האָט דערוויַיל נאָך נישט געפילט זיך קראַנק. אמת, די מחלה קומט אָן ווי אַ לעמעלע און צעבושעוועט זיך ערשט שפּעטער, אָבער ס'איז נישט דאָס. ווי קאָן עס זיַין, די גמרא זאָגט דאָך „שלוחי מיצווה... די שליחים צו אַ דבר־מיצוות ווערן נישט געניזוקט, נישט ווען זיי גייען און נישט ווען זיי קומען", אַזוי זאָגט בפירוש די גמרא אין פּסחים און עס ווערט אַזש צוויי מאָל איבערגעחזרט אין הייליקן זוהר. ניין, ס'קאָן נישט זיַין, אַז עס האָט אים, חלילה, געטראָפן.

ווי נאָר גענענדעלע איז געקומען צו פאָרן און זיך דערוווּסט, אַז חנא גייט צו קראַנקע, האָט זי געזען ליבעלע מיטן קינד זאָלן אַוועק אין אַ באַזונדערער שטוב, נישט אָנרירן חנאס מלבושים אָדער ניצן זיינע כּלים. איצט האָט זי זיי נישט צוגעלאָזט צו דער שטוב, ווו חנא איז געלעגן. „איך וועל אומגיין מיט אים, כ'בין שוין סיי ווי געווען ביַי קראַנקע".

חנא האָט שוין געהאָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצן יאַגדעסאַק, וואָס די מוטער האָט געבראַכט מיט זיך און עס האָט אַלץ נישט פאַרהאַלטן דעם שילשול. דאָס ברעכן איז געקומען מיט אַזאַ שטורעם, אַז גענענדעלע האָט מורא געהאַט עס זאָל, חלילה, נישט מיטרייַסן די קישקעס און די געדערעם. חנא האָט שוין נישט געהאַט קיין כּוח צו עפענען דאָס מויל, האָט זי עס אויפגעריסן און אַריינגעשטופּט שטיקלעך אייַז. ווען דאָס אייַז האָט אים אַ ביסל דערפרישט, האָט זי זיך געבעטן: „טרינק, קינד מייַנס, טרינק, איינציקער" און חנא האָט געטרונקען.

גענענדעלע האָט פאַר אַ ווייַלע איַינגעדרימלט נעבן חנאס בעט. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט זי געזען, אַז דורך דער שעה איז דעם קראַנקנס פּנים געוואָרן אויסגעצויגן און גרוי, ווי, חלילה... באַהיט זאָל מען ווערן! וואָס פאַרלאָזט זי זיך עפּעס נאָר אויף דאָקטאָר פערקאָלס רפואות? דער רופא־חולים אויבן מוז זיך אַריַינמישן. זי האָט איבערגע־

לאָזט דעם קראַנקן און אַריבערגעלאָפן צו אַהרנען ער זאָל שוין, די מינוט, צוזאַמענברענגען אַ מנין, מע מוז ראַטעווען חנאַן.

„דער קעניג וואָס זיצט אויפן טראָן פון רחמים, וואָס גייט אום מיט זײַנע קינדער מיט חסד און מיט רחמים, זאָל פול ווערן מיט רחמים אויף אַלע זײַנע קינדער וואָס זענען געטראָפן געוואָרן פון דער כאָלערע־מגפה און בפרט אויפן חולה אלחנן־חנא בן־גיטל־גענענדל. מיטן רשות פון בית־דין־של־מעלה, מיטן רשות פון בית־דין דאָ, און מיטן רשות פון הייליקן קהל דאָ פּאַרזאַמלט, ענדערן מיר און בײַטן דעם נאָמען פון אלחנן־חנא בן־גיטל־גענענדל און זײַן נאָמען זאָל גערופן ווערן אין ישׂראל, חיים־חנא. זאָל ער זוכה זײַן זיך צו פרייען מיט זײַן נײַעם נאָמען, ווי אין פּסוק שטייט. 'איך וועל גרויס מאַכן דײַן נאָמען און דו וועסט זײַן אַ בענטשונג', און ווי עס שטייט געשריבן, 'מע זאָל מער נישט רופן דײַן נאָמען אַברם, נײַערט דײַן נאָמען זאָל זײַן אַברהם, ווײַל פאַר אַ פאָטער פון פעלקער האָב איך דיך באַשטימט".

„זאָל זײַן באַוויליקט פון דיר, רבונו־של־עולם, גאָט פון אונדזערע אָבות, אַז אויב עס זענען געווען שלעכטע גזירות אויף אלחנן־חנא בן־גיטל־גענענדל, זאָלן זיי, חלילה, נישט שולט זײַן אויף חיים־חנאַן, מחמת ער איז ווי אַן אַנדערער מענטש און ווי אַ נײַ באַשעפעניש און אויף אים איז עס נישט ניגזר געוואָרן. זאָל אים בײַשטיין דער זכות פון אונדזערע חכמים ז"ל וואָס זאָגן, אַז דרײַ זאַכן צערײַסן אַ מענטשנס שלעכטן גזר און איינס איז שינוי־השם. זאָל ער זײַן אַ נײַ קינד געבוירן צו אַ גוט לעבן, צו לאַנגע און פולע יאָרן און עס זאָל אויף אים מקוים ווערן דער פּסוק: 'די צאָל פון דײַנע טעג וועל איך פול מאַכן' און ווי אין פּסוק שטייט: 'איך האָב געהערט דײַן תּפילה, איך האָב געזען דײַן טרער, איך וועל דיך היילן'.

„גאָט, אונדזער גאָט, שיק צו דעם חולה חיים־חנא בן־גיטל־גענענדל דײַנע מלאכים, וואָס זענען ממונה אויף אַלע רפואות און הצלות, זיי זאָלן אים ברענגען אַ רפואה־שלמה און פאַרלענגערן זײַנע טעג און יאָרן, אָמן".

„אָמן", האָבן אַלע נאָכגעזאָגט און שוין געוואָלט אָנהייבן אַ קאַפּיטל תּהילים, אָבער גענענדעלע האָט אויך געהאַט עפּעס צו זאָגן.

„דער מנין ייִדן, אַ הייליק קהל דאָ פאַרזאַמלט, זענען עדות, אַז איך,

די אישה גיטל־גענענדל בת־ביילע, גיב אַוועק אַלע מײַנע יאָרן און אַלע מײַנע זכותים ווי אַ קרבן, אויסצוקויפֿן דאָס לעבן פֿון מײַן זון חיים־חנא, צו לאַנגע יאָרן. ווו נאָר אַ מיצווה וואָס כ׳האָב געטאָן, וויפֿל נאָר צדקה איך האָב געגעבן און וויפֿל נאָר זכותים איך האָב אָנגעזאַמלט, זאָל עס אַלץ זײַן אַ כופר־נפש פֿאַר מײַן זון חיים־חנא״.

„לאָזט עפּעס איבער פֿאַר זיך״, האָט אַהרן איר איבערגעריסן.

„אַן מיצוות בין איך געקומען אויף דער וועלט און אָן מיצוות וועל איך אַוועקגיין. אַלץ וואָס איך האָב אָנגעזאַמלט זינט דעם טאָג פֿון מײַן געבוירן ביז הײַנט, און אויך אַלץ וואָס איך וועל פֿאַרדינען ביז מײַן לעצטע שעה וועט קומען, אַלץ, אַלץ זאָל זײַן אַ פּדיון אויסצולייזן מײַן זון חיים־חנא, זאָל לעבן צו לאַנגסטיקע יאָרן. דאָס איז אַ קרבן נישט צוריקצורופֿן און עס זאָל נישט גילטן קיין חרטה אָדער מסירת־מודעה״.

נאָך איידער גענענדעלע האָט אַרויסגעזאָגט דאָס לעצטע וואָרט האָט זי דערפֿילט, אַז זי מוז אַרויסלויפֿן. מע האָט שוין געזען, אַז זי האָט עס.

גענענדעלען איז געוואָרן ערגער און חנאן איז נאָך אַלץ נישט געוואָרן בעסער. אָבער עס איז אים אויך נישט געוואָרן ערגער. אַנדערע וואָס זענען שפּעטער קראַנק געוואָרן זענען שוין געלעגן מיט פֿאַרגלייזטע אויגן; חנא האָט נאָך אַלץ געעפֿנט דאָס מויל און געטרונקען.

גאַנץ קהל, קראַנקע און געזונטע, האָבן מתפּלל געווען פֿאַר גענענדעלען. ביז זי איז געקומען מיט די רפֿואות פֿון דעם דאָקטער פּערקאַל, זענען אַלע קראַנקע אויסגעגאַנגען; אַז עס האָט עמעצן אַ כאַפּ געטאָן איז שוין נישט געווען אויף וואָס צו האָפֿן. זינט מע האָט אָנגעהויבן אַזוי פֿיל טרינקען האָבן זיך פֿאַרקלענערט די טויטפֿאַלן. ווען גענענדעלען האָט גענומען ווערן בעסער האָט חנא שוין געקאָנט אַראָפּגיין פֿון בעט, און דאָס האָט געשטאַרקט אירע כוחות.

דער אייבערשטער האָט ענדלעך זיך מרחם געווען און אָפּגעטאָן די שרעקלעכע שלאָפֿקייט, וואָס האָט אין דאָמבראָווקע אַליין, רחמנא־לצלן, צוגענומען מער ווי דרײַ הונדערט נפֿשות. עס זענען אַוועק די פֿינצטערע טעג און עס האָבן זיך דערנענטערט די הייליקע פֿאַרכטיקע טעג. גענענדעלע האָט געוואָלט זײַן ראש־השנה אין דער היים, ווו זי האָט אַ שטאָט אין דער

שיל, ווו זי קאָן גיין אויפן גוטן־אָרט מתפּלל זײַן אויף איר מאַנס קבר און אויף די קברים פון אירע אָבות. ווען אירע פּעקלעך זענען שוין געווען אויפן וואָגן, צו פאָרן קיין לוויוויטש צו דער באַן, האָט זי אַרויסגעשיקט ברוכלען, זי דאַרף עפּעס רעדן מיט חנאן. ליבעלע האָט אויך געוואָלט אַרויסגיין, אָבער גענענדעלע האָט זי פאַרהאַלטן: „ביי מאַן און ווייַב שטייט געשריבן 'והיו לבשר אחד', ביידע ווערן ווי איינס, אַלץ וואָס חנא־לעבן איז צו מיר, ביסטו אויך. כ'וויל סיי ווי דו זאָלסט הערן וואָס איך גיי זאָגן, און דו זאָלסט חיים־חנאן דערמאָנען מיין בקשה". זי האָט געוואַרט ביז ליבעלע האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט נעבן חנאן, זי האָט זיך געזעצט קעגן איבער זיי און גענומען רעדן.

„דער אייבערשטער האָט מיך אויסגעלייזט פון דער שלאַפקייט און מיר געשיקט אַ רפואה, אָבער דאָס זענען געשענקטע יאָרן. מיט מיינע יאָרן האָב איך אויסגעקויפט דיך, חיים־חנא, אויף לאַנגע, געזונטע יאָרן. יונג בין איך שוין נישט, וויפל יאָרן דער אייבערשטער וועט געבן אין זײַן גוטסקייט, וועט עס זײַן אַ חסד. דו זאָלסט וויסן, מײַן זון, אַז חוצן געבן מײַן נפש פאַר דײַן נפש האָב איך אויך אַוועקגעגעבן אַלע מײַנע זכותים. דער מענטש קומט אויף דער הבלדיקער וועלט נאָר אײַנצוקויפן זיך מיצוות און מעשים־טובים, ער זאָל האָבן מיט וואָס צו קומען פאַרן בית־דין־של־מעלה. אָבער מיט וואָס וועל איך אַוועק פון דעם יאריד, און וואָס וועל איך פאַר זיך מיטברענגען פאַר דעם אייביקן לעבן? אין דײַן טאַטנס הויז, חיים־חנא, איז געווען רחבות און עשירות; כ'האָב, ברוך־השם, געגעבן מיט אַן אָפענער האַנט און געטאָן אַ סך צדקה. יאָ, כ'האָב מיר געהאַט אָנגעזאַמלט אַ גרויסן אוצר פון זכותים. דײַן חבר אַהרן האָט מיך געוואָרנט, כ'זאָל עפּעס איבערלאָזן פאַר זיך; איך האָב נישט קיין חרטה, וואָס כ'האָב אים נישט געהערט. כ'האָב אַלץ אַוועקגעגעבן, אַלץ וואָס כ'האָב געהאַט און אַפילו אַלץ וואָס כ'וועל זיך פאַרדינען ביז מײַן לעצטע שעה וועט קומען. כ'האָב עס געגעבן כופר־נפש פאַר דיר און געלויבט השם־יתברך, וואָס מײַן קרבן איז אָנגענומען און באַגיטיקט געוואָרן. על־כן בין איך יעצט אין דײַנע הענט, און נאָר דו קאָנסט מיך ראַטעווען. איך האָב מער נישט פון וואָס צו געבן צדקה. די פּיס מײַנע זענען שוין נישט וואָס געווען, כ'על פונדעסטוועגן, מיטן אייבערשטנס הילף, ווײַטער אַרומגיין פון וועגן צדקה זאַכן, אָבער אויך דאָס האָב איך שוין אַוועקגעגעבן פון פאַרויס.

לכן, מוזסטו מיר צוזאָגן, אַז ווען מײַן צײַט וועט קומען, וועסטו אָפּהיטן דעם קדיש. איך ווייס ווי שווער עס קומט דיר אָן די פּרנסה. טאָמער, חלילה, וועסטו זיך געפינען אין אַ מקום, וווּ וועסט נישט האָבן קיין מנין, האָב מיט זיך אַ משניות און לערן אַ פּרק פאַר מײַן נשמה. כ׳וועל אין בילגאָרײַ אָנזאָגן, אַז טאָמער ווען עס וועט עפּעס געשען מיט מיר זאָל מען תּיכּף קלאַפּן אַ דעפּעשע צו דיר. ברוכל, זאָל געזונט זײַן, קאָן שוין אויך זאָגן אַ קאַפּיטל תּהילים פאַר מיר און מיך ראַטעווען פון ערשטן פײַער, פון חיבוט־הקבר״.

נאָך איידער חנא האָט באַוויזן אַרויסצוברענגען אַ וואָרט האָט ליבעלע אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

„די מאַמעשי וועט נאָך מאַריך־ימים זײַן, ליבעלע, זי וועט נאָך קומען צו אונדז אויף שׂימחות״, האָט חנא געוואָלט באַרויִקן זײַן ווײַב, אָבער זי איז אויפגעשפּרונגען און געלאָפן צו איר בעט, וווּ זי האָט אײַנגעגראָבן איר פּנים אין קישן, מע זאָל נישט הערן איר כליפּען. געגנענדעלע האָט שוין געוואָרט דרויסן און געוואָלט זאָגן דער שנור אַ לעצטן „זײַ געזונט״, אָבער ליבעלע האָט נישט געקאָנט אויפהערן וויינען.

אַז מע וויל אָפּשרײַען אַ גזירה דאַרף מען אוועקגעבן אַלץ, מקריב זײַן אַלץ, ווי איר שוויגער האָט עס געטאָן. ווען מע האָט אין הימל געזען ווי גרויס ס׳איז דער קרבן, האָט מען עס אָנגענומען. אָבער ווען זי, ליבעלע, האָט געוואָלט אויסקויפן איר שמואליקלען האָט זי נישט געגעבן אַלץ, זי האָט צוריקגעהאַלטן פאַר זיך דעם זכות פון דעם תּורה־מענטעלע. ווען עס איז נישט קיין גאַנצער קרבן, איז עס אַ קרבן מיט אַ מום און וואָס ס׳האָט אַ מום איז אַ פּסולער קרבן. עס איז דעמאָלט געווען אין איר יכולת אָפּצושרײַען די גזירה; זי איז זיך אַליין שולדיק וואָס איר ערשט געבוירנס, דאָס זיסע שמואליקל, ליגט שוין אין דער ערד.

## XVII

ר׳ אַהרן איז גערעכט. וואָס דאַרף מען לייענען צײַטונגען, אַז מע קאָן אַלץ געפינען אין אונדזערע הייליקע ספרים? ווי זאָגט עס יענער אין פּרק: „ווײַל דו האָסט דערטרונקען אַן אנדערן האָט מען דיך דערטרונקען,

און דער סוף פון דעם וואָס האָט זיך דערטרונקען וועט זײַן, אַז ער וועט אויך דערטרונקען ווערן". דאָס איז אַזוי בײַ אַ יחיד און אַוודאי אַזוי בײַ די אומות. די יאַפּאַנעזער האָבן צוגענומען בײַ כינע פּאָרט־אַרטור, אַ גרויסע פעסטונג, און דער איינציקער פּאָרט אין פּאַציפישן ים וואָס ווערט נישט פאַרפרוירן. האָט רוסלאַנד זיך צוזאַמענגערעדט מיט אַנדערע מלוכות און געצוווּנגען די יאַפּאַנעזער צוריקצוגעבן דעם פּאָרט צו כינע. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט רוסלאַנד אַליין פאַרכאַפּט פּאָרט־אַרטור, געוואָרן דער גאַנצער בעל־דעה אין מאַנדזשוריע און גענומען פאַרלענגערן די טראַנססיבירישע באַן צו די נײַ פאַרכאַפּטע מקומות. האָט איצט יאַפּאַן געשלאָסן יד־אחת מיט מלכות ענגלאַנד אָפּצושטעלן די רוסן, וואָס האָבן געוואָרפן אַן אויג אויך אויף קאָרעאַ. יאַפּאַן האָט זיך דערווײַל געגרייט און געשטאַרקט, עד־כדי־כך, אַז דער רוסישער מיניסטער פון מלחמה קאָראָפּאַטקין איז גרייט געווען צוריקצוגעבן פּאָרט־אַרטור צו כינע, פאַר אַ גוטן פרײַז, פאַרשטייט זיך, אין דער געגנט פון וולאַדיוואָסטאָק. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זענען גרייט צו נעמען, אָבער ווען עס קומט צום געבן, אָדער צוריקגעבן, אײַלט מען זיך נישט. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז אין אַ ווינטערדיקער נאַכט אין יאָר 1904 זענען יאַפּאַנישע טאָרפּעדאָ־שיפן אָנגעפאַלן אויף די רוסישע שיפן אין פּאָרט־אַרטור און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צוויי און אַ האַלב יאָר.

„מה ענין שמיטה..." וואָס פּאָרט־אַרטור האָט צו טאָן מיט דאָמבראָווקע? ס'איז אַ גוטע קשיא. דער תירוץ איז: אַ מלחמה דאַרף ליוועראַנטן, און אַ ייִד חנא שווערדל אין דאָמבראָווקע האָט זיך דערמאָנט, אַז זײַן זיידע איז געווען אַ ליוועראַנט בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה; פאַר וואָס זאָל ער נישט אויסנוצן זכות־אבות און ווערן אַ ליוועראַנט אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה?

צו ווערן אַ ליוועראַנט דאַרף מען האָבן אַ סך געלט, אַ מלוכה באַצאָלט נישט פאָרויס, און בײַ פאַניען קאָן מען זען די גרינגע גאָל אײדער מע דערזעט אַ ברוינעם רובל. אמת, די רווחים זענען גרויס, אָבער ווו נעמט מען געלט אויסצולייגן פאַר אַ גרויסן אײַנקויף?

בײַ אַ קרוב אין בילגאָרײַ האָט מען געפונען דאָקומענטן וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז דער זיידע שמואל־ברוך איז געווען אַן אויסגעצייכנטער

ליווערּאַנט. דער דאָקומענט האָט פאַר חנאן געעפנט טירן. אָבער די אַדונים האָבן געוואָלט וויסן צי ער האָט גענוג קאַפּיטאַל פאַר אַזאַ געשעפט. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאַרכּישופט ראָד: ער האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין קאָנטראַקט ביז ער וועט האָבן קאַפּיטאַל, און ער האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין קאַפּיטאַל ביז ער וועט האָבן אַ קאָנטראַקט. אַכיבע ער זאָל געפינען אַ שותּף...

דאָ איז חנאן אײַנגעפאַלן זיך צו ווענדן צו זײַן קרוב דעם פּריץ.

דער פּריץ, פאַן מיעטשיסלאַוו דאַווידזאַן, איז געווען אַ גוטמוטיקער מענטש און האָט הנאה געהאַט צו טאָן אַ טובה. אָבער די פּריצטע, די פּאַני פעליציאַ, האָט גענוג געליטן פון דעם, וואָס איר ייִדישקייט שרײַט אַרויס פון דעם נאָמען דאַווידזאָן. זי האָט נישט גערן געהאַט, אַז די באַבערדלטע ייִדליקלעך, אין די קאַפּאָטעס ביז צו די קנעכל, זאָלן זיך דרייען אין אירע מחיצות. דאָ אָבער האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן ענין פון מיסחר, און אַנשטאָט אַ סך ייִדעלעך וועט איין ייִד אָפּנעמען די גאַנצע תּבואה־פּראָדוקציע און אַלע בהמות אויף פליישׁ, וואָס אַלע שטאַלן אין דעם גאַנצן גוט וועלן נאָר קאָנען פּראָדוצירן. דאָס וועט זיין זייער באַקוועם און עס וועט אויך ברענגען נוצן אין אנדערע ענינים. עס זענען שוין פאַריבער זיבעציק יאָר זינט מע האָט אין רוסלאַנד אָנגעהויבן באַפרײַען פון לײַבבאַזיץ די פויערים. ווי נאָר מע האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם אין פוילן, צוויי יאָר שפּעטער, האָט מיעטשיסלאַווס זיידע, ר׳ טעבל דאַווידזאָן באַפרײַט אַלע פויערים און יעדן פון זיי צוגעטיילט אַ שטיקל לאַנד צו באַאַרבעטן. ווען עס איז אין יאָר 1881 אָנגענומען געוואָרן דאָס געזעץ, אַז די שטיקלעך לאַנד וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן די פויערים צו באַאַרבעטן זאָלן טאַקע ווערן דער באַזיץ פון די פויערים, איז עס אין דאָמברוווקער גוט שוין לאַנג געווען אַדורכגעפירט. די פויערים האָבן געהאַט אַ סך קינדער און האָבן, חוץ זייערע אייגענע שטיקלעך פעלדער, אויך באַאַרבעט דעם פּריצעס פעלדער און באַקומען דערפאַר עפּעס פון דעם גערעטעניש. איז דעם פויערס ווילזײַן נאָך אַלץ געווען אָפּהענגיק פון דעם פּריץ. עס זענען טאַקע פאַרגעקומען וואַלן פון אַ גמינע־פאַרוואַלטונג, מע האָט אויסגעקליבן אַ סאָלטיס אָבער די פויערים האָבן אַלע מאָל אויסגעוויילט די, וואָס דער פּריץ האָט געהייסן אויסוויילן. דער פּריץ האָט צוגעשטעלט קערנער צום פאַרזיי, און סוף־ווינטער האָט מען שוין געדאַרפט באָרגן קאַרטאָפל פון

הויפּישן קאַפּיטל. ווער שמועסט נאָך אַז אַ פּערד איז געפאַלן, אָדער אַ שײַער האָט אָפּגעבר̈ענט, האָט מען שוין זיכער געדאַרפט אָנקומען צום פּריצעס הילף. דער פּריץ איז טאַקע געווען אַ זשיד, אָבער אַז דעם פּריצעס קאַטש איז פאַרבײַגעפאָרן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און אַראָפּגענומען די היטלען, האָט עס געמעגט זײַן אַפילו אין אַ חגא, ווען מ'איז געווען אויפן וועג צום קאַשטשאָל. די פּויערטעס האָבן געבויגן די קעפּ, באַטיכלטע אין קאָלירטע ראַגעווקעס, און אַ גלעט געטאָן אויסצוגלײַכן דעם זונטיקדיקן אויסשטאַט — אַ לײַנענע בלוזע געמאַכט פון פלאַקס פון אייגענעם פעלד; אויף דער בלוזקע אַן אָפּן יאַקעלע און אויף די לענדן אַ ספּודניצע, ביידע פון וואָל אין שטרײַפן פון אַ סך קאָלירן; די ספּודניצע האָט זיך געוויגט אויף אַן אָנגעפּאַלדעוועטער האַלקע, אונטערגעשלאָגן מיט גאַזע, וואָס איז געווען אָנקראָכמאַליעט ביז שטײַפקייט. עס האָט געקאָנט טרעפן, אַז אַ פּערד פון דעם פּריצעס געשפּאַן זאָל מיטן פוס אַ וואָרף טאָן אַ שטיק בלאָטע אויף דעם יום־טובדיקן פאַרפּוץ, האָט מען עס נישט גענומען פאַר אומגוט. אַ פּריץ איז אַ פּריץ און מוז פאָרן אין אַ קאַטש. אַ פּריץ אָן אַ קאַטש איז נישט קיין פּריץ און אַז עס וועט נישט זײַן קיין פּריץ, בײַ וועמען וועט מען נעמען אויף באָרג נאָך דעם ווי עס ווערט ליידיק אין שײַער?

מיעטשיסלאַוו האָט גוט געוווּסט, אַז זײַן זיידע און זײַן טאַטע זענען געווען מער ברייט־האַרציק צו די פּויערים ווי ער קאָן זיך דערלויבן צו זײַן. זײַן פּעליציאַ צעפּטרט צו פיל געלט אויף בעלער, הוליאַנקעס און קאָרטנשפּילן. איצט, אַז ער וועט האָבן אַ גרייטן קונה, וועט ער העלפן זײַנע פּויערים פאַרזייען מער תּבֿואה, האָדעווען מער בהמות. ער וועט עס אָפּקויפן בײַ זיי פון פאָרויס און וועט נישט דערלייגן צום געשעפט. אין די איצטיקע צײַטן, ווען די סאָציאַליסטלעך וואַרפן באָמבעס און העצן די פּויערים, איז עס גוט פאַר אים, אַז זײַנע פּויערים זאָלן נישט לײַדן קיין נויט.

אין אַ וואַרשעווער באַנק האָט חנא אָפּגעשריבן און פאַרמשכּונט צום פּריץ אַלץ וואָס מלכות וועט אים דאַרפן צאָלן פאַר די ליוועראַציעס; דער פּריץ האָט זיך אונטערגענומען אים צוצושטעלן תּבֿואה און בהמות אויף פלייש און אויך גאַראַנטירט הלוואָות אין דער באַנק אײַנצוקויפן אַנדערע סחורות.

ווען אַלץ איז שוין געווען פיקס־און־פאַרטיק האָט מען חנאן געזאָגט, אַז עס זענען שוין פאַראַן צו פיל ייִדן צווישן די ליוועראַנטן, אַז די אָפּראָוויזאַציע־אַמטן ווערן צוליב דעם קריטיקירט. אַכיבע גאָספּאָדין חנא קאַלמאַנאָוויטש־שווערדל האָט עפּעס אַ פֿרײַנד אַ גוי, מע זאָל קאָנען מאַכן דעם קאָנטראַקט אויף יענעמס נאָמען.

עס איז געווען אַ געפֿאַר אַז דער גאַנצער ענין זאָל דורכפֿאַלן, אָבער דעם פּריץ איז אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק. זײַן נײַער עקאָנאָם איז אַ יונג סטודענטל פֿון אַן אָרעמער היים; פֿאַר אַ צוויי, דרײַ טויזנט רובל וועט ער געבן זײַן נאָמען און נאָך קושן די הענט פֿאַר דער טובה.

ביי חנא'ן האָט דער יונגער עקאָנאָם נישט צו שטאַרק נושא־חן געווען, אָבער דער פּריץ האָט דאָ געדאַרפֿט אויסלייגן אַ סך געלט און ער האָט נישט מסכּים געווען צו ריזיקירן מיט עמעצן וואָס ער קען נישט. הקיצור, דער עקאָנאָם פּשיבולסקי האָט אונטערגעשריבן התחייבֿותן און פֿאַרזיכערונ־גען, אַז אַלץ געהערט צו חנא'ן, אַז ער זאָגט זיך פֿון פֿאַרויס אָפּ פֿון וועלכער עס איז תּביעה קעגן די פֿאַרדינסטן פֿון דעם געשעפֿט, און — מלכות האָט מיט מזל אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט אויפֿן עקאָנאָמס נאָמען.

ווען אַלץ איז שוין געווען פיקס־און־פאַרטיק איז חנאן באַפֿאַלן אַ פּחד. ער נעמט אויף זיך צו פֿירן געשעפֿטן אויף מיליאָנען; ווו וועט ער בעמען דאָס וויסן און דאָס געלענק פֿאַר אַזעלכע ריזן־געשעפֿטן? ביז איצט האָט זײַן גרעסטע קניה בײַם פּריץ באַטראָפֿן וויניקער ווי דרײַ הונדערט רובל. צו אַלע צרות איז עס אַ מיסחר מיט דער אַרמיי אין צײַט פֿון מלחמה; אויב ער וועט זיך, חלילה, אויסגליטשן, וועט ער באַצאָלן מיטן לעבן. און צוליב וואָס טוט ער עס? קיין געוואַלדיקע גליקן מאַכט ער טאָקע נישט אין זײַן געוועלבל, אָבער ער איז מער נישט קיין מחוסר־לחם. אמת, עס וואָלט געווען נאָך בעסער אויב ליבעלע וואָלט אים געקאָנט אַרויסהעלפֿן; אַז עס קומט אַ טאַרגטאָג, דאַרף מען צען פֿאַר הענט און אַ פּופּציק פֿאַר אויגן. אָבער ליבעלע טויג זיך נישט צו קרעמערײַ; אַז זי פּראָבירט שוין העלפֿן, צעווייַנט זיך אַ קינד און זי מוז צוריקלויפֿן אין שטוב אַרײַן. דער אייבערשטער האָט זיי ווידער געבענטשט מיט אַ צווילינג, צוויי ליכטיקע מיידעלעך, קיין בייז־אויג זאָל זיי נישט שאַדן.

דער אמת איז, אַז ליבעלע איז אויך נישט קיין געוואַלדיקע בריה אין הויז. זי איז, קיין עין־הרע, אַזאַ איידעלע, אירע לאַנגע דינע פֿינגער

טויגן זיך בעסער צו שפּילן אויף אַ פּאַרטעפּיאַן ווי צי וואַשן באַמאַכטע ווינדעלעך. יאָ, ער מוז ווערן אונטערנעמעריש ליבעלען צוליב. זי איז אַזוי טרויעריק און פול מיט זאָרג, זי קאָן נישט פאַרגעסן די ערשטע צייַטן נאָך דער חתונה, ווען עס האָט פּשוט געפּעלט דאָס שטיקל ברויט. ער קאָן די שרעק נישט אויסוואַרצלען פון איר, כאָטש איצט איז דאָס געוועלבל פול מיט שפּייַז.

אפשר איז עס גאָר אַן אַלטע מורא. ליבעלע האָט זיך מודה געווען, אַז מע האָט אָפט געהונגערט בייַ איר טאַטן אין שטוב, שיינע מלבושים זענען געקומען פאַרן עסן. „דער בויך איז נישט געמאַכט פון גלאָז", פלעגט איר טאַטע זאָגן, „קיינער ווייסט נישט וואָס דו האָסט אַרייַנגעלייגט, אָבער אַ מלבוש איז דייַן כבוד און אַן כבוד איז מען אַן אמתער עני־חשוב־כמת". ר' הערץ האָט געפּילט, אַז עס איז ליבער דער טויט ווי פּילן, אַז מע קוקט אויף דיר ווי אויף אַ שנאָרער.

אַ ליוועראַנט קאָן שנעל רייַך ווערן. ער וועט אייַנזאַמלען די אוצרות אין גאָלדשטיקלעך און זיי אַרייַנוואַרפן אין ליבעלעס פאַרטעך, אפשר וועט דאָס געקלינג פון גאָלד פאַרטרייַבן אירע ביטערע זכרונות און צוריקברענגען אויף איר אידל פּנים יענעם שמייכל, וואָס האָט גערוט אַרום אירע ליפּן ווען זי איז כּלהווייַז געווען בייַ זיי צו גאַסט.

אויב ער וואָלט כאָטש געהאַט מיט וועמען זיך שואל־עצה צו זייַן. מיט זייַן שווער? אויב ר' הערץ וואָלט געווען אַ שטיקל סוחר, וואָלט ער נישט פאַרלוירן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט און שוין געבליבן אַן אָרעמאַן; דער פריץ ווידער, לאָזט אַלץ איבער צו זייַן עקאָנאָם. פרעגן ליבעלען? זי האָט טאַקע אַ גלייַכן שכל, איז אַ געלערנטע, אָבער ווי וועט זי קאָנען געבן אַן עצה, אַז ער טאָר איר נישט אויסזאָגן מיט וויפל סכּנות דער מיסחר איז פאַרבונדן? דער קאָנטראַקט איז אויף דעם נאָמען פון אַ פּאָליאַק, אָבער ס'איז נישט קיין סוד, אַז הינטער דעם שטייט אַ ייִד. ביז זייַן סחורה וועט אָנקומען אויפן ווייַטן מיזרח, וועלן זיך מיט דעם מתעסק זייַן אַ סך גנבים און כאַבאַרניקעס. פאַר וואָס זאָל מלכות זוכן גנבים בייַ זיך, אַז מע קאָן זיך טשעפּען צו אַ ייִד? אפשר פרעגן דעם לוּיוויטשער רב? דאָס איז אפשר זייַן לעצטע מיגלעכקייט זיך אַרויסצורייַסן פון דלות.

חנא האָט פאַר דעם רב אַרויסגעבראַכט אַלע זייַנע ספקות, אַרויסגעלייגט אַלע זייַנע סברות פאַר און קעגן. אָבער דער רב האָט גלייַך אייַנגעזען,

אַז חנא איז נישט געקומען פרעגן יאָ צי ניין, ער איז געקומען מע זאָל אים שטאַרקן אין זײַן ווילן און באַשטעטיקן דאָס, וואָס ער האָט שוין סײַ ווי באַשלאָסן. האָט דער רב אים געווּנטשן, אַז דער שומר־ישראל, וואָס איז געווען מיט זײַן זיידן, זכרונו־לברכה, און אים באַשירעמט פון שלעכטס, זאָל אויך זײַן מיט אים און שיקן ברכה אין זײַנע הענט.

## XVIII

ביז דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען, איז חנא אַדורכגעגאַנגען אַ סך פּחדים. עס האָט גענומען אַ ביסל צײַט און אַ סך געלט און אַלץ האָט זיך גענומען אײַנשטעלן מיט אַ סדר, אַפילו ווען צו געבן וויפל און וואָס. עס איז געווען זייער אַרמיי און זייער מלחמה; פונדעסטוועגן האָט מען געמוזט שמירן אַ סך הענט, אַז זיי זאָלן נישט לייגן קיין שטיינער אין וועג, אָבער, ווי זאָגט מען עס, אַז מע שמירט פאָרט מען. מע האָט געמוזט שמירן אויך ווען מע האָט געוואָלט אַ חשבון זאָל באַשטעטיקט ווערן און אָנגענומען ווערן צום אויסצאָלן, און מע האָט ווידער באַדאַרפט שמירן כּדי עס זאָל טאַקע אויסגעצאָלט ווערן. אַזוי איז געווען אײַנגעשטעלט אין דער צאַרישער מלוכה און די רווחים האָבן אַלץ געדעקט.

עס איז שוין געווען מער ווי פּרנסה, עס איז געוואַקסן אַ פאַרמעגן, האָט דאָך באַדאַרפט זײַן גוט; איז אָבער בײַ ליבעלען געוואַקסן די עצבות. זי האָט שוין נישט באַדאַרפט אַזוי שווער אַרבעטן בײַ די קינדער; אַ ייִדענע, אַן אַלמנה, איז אַרײַנגעקומען יעדן טאָג טאָן די הויזאַרבעט, און אַ מיידל איז געקומען העלפן מיט די קינדער. אַ נאַריש מיידל, אַ פרעמדע ייִדענע, אָבער איר חנא איז זעלטן געווען אין דער היים. ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַ נסיעה האָט ער טעג און נעכט געהאַט צו טאָן מיט זײַנע חשבונות, טייל מאָל אַפילו נישט געקומען אין בעט אַרײַן שלאָפן, געכאַפּט נאָר אַ דרימל, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויפן טיש. „וואָס מאַכסטע, ליבעלע", האָט ער געפרעגט און נישט געהאַט קיין צײַט צו וואַרטן אויף אַן ענטפער.

קיין חברטעס האָט ליבעלע דאָ נישט געהאַט, פּשוטע פאַרהאַרעוועטע

ווײַבער. פּויליש האָבן נישט אַלע פֿאַרשטאַנען, זיי האָבן אויך נישט פֿאַרשטאַ־נען ווען זי האָט גערעדט צו זיי ייִדיש. דאָס איז נישט געווען מאַמע־לשון, נאָר עפּעס ווי געגומען פֿון די גאַזעטן. זי איז געקומען קיין דאַמבראָווקע אַ פֿרעמדע און געבליבן אַ פֿרעמדע. די ווײַבער דאָ זענען געווען געוווינט צו שווערער אַרבעט. זייער פֿולווײַביקייט האָט זיך געצייכנט דורך די קליידער פֿון פּראָסטן ציַיג. אַז עמעץ האָט אַרויפֿגעשאַרצט אַן אַרבל אויסצוּוואַשן אַ ביסל וועש, האָט זיך אַרויסגעשיילט אַ מוסקולירטער אָרעם. ווען די ברייטע הענט האָבן געריבן אויפֿן וואַשברעטל, האָט דער שאָווער נאָכגעגעבן. געוואָלגערט אַ מאַנגל־וואַלעק מיט כּוח, האָט די וועש דערנאָך זיך אַראָפּגעוויקלט ווייך און גלאַטיק, ווי אויסגעפּרעסט מיט אַ ביגל־אײַזן. ווען מע האָט פֿאַרשאַרצט די יאַקע אָפּצושײַערן אַ פּאַדלאָגע, האָבן זיך באַוויזן יאַדערדיקע, האַריקע פֿיס, וואָס האָבן געקאָנט שטעלן אַ טריט און געקאָנט אָנטרעטן אַ פֿאַס קרויט צו זײַערן פֿאַרן ווינטער. דאָס ליבעלע, אָבער... מע זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד: אַ פֿאַרצעלײַענע ליאַלקע, קוק מיך אָן, אָבער ריר מיך נישט אָן.

ווען געגענדעלע איז געקומען אויף אַ וויזיט האָט זי געזען, אַז מע קוקט אויף איר שנור מיט ביטול, ווי אין יענעם מעשׂהלע וועגן דער שיינער שוואַן וואָס ווערט צווישן די קאַטשקעס געהאַלטן פֿאַר אַ מיאוסער קאַטשקע. זי האָט געהאַט אַ שמועס מיט חנאַן און אים געזאָגט, ער זאָל שפּאָרן אַ פּאָר רובל און קויפֿן פֿאַר ליבעלען אַ פּיאַנע.

„אַ פּיאַנע גאָר? מאַמעשי, כ'האָב מיר אַ נדר געטאָן נישט צו וואַרפֿן זיך מיט געלט פֿאַר מותרות, און אין מײַן געשטראָפֿט הויז? אין דער זינד פֿון ברעכן אַ נדר שטאַרבן קינדער קליינערהייט, נישט דאָ געדאַכט".

„טאָ זײַ זיך מתּיר־נדר, חנא־לעב. און דו דאַרפֿסט אַפֿילו נישט קיין התּרת־נדרים, אַ פּיאַנע פֿאַר ליבעלען איז נישט קיין מותרות, נײַערט אַ רפֿואה. ז'יט שפּילן פֿאַר די קינדער, וועט איר אויך ווערן פֿריילעך און אויב האָסט מורא פֿאַר דעם ‚בעוון נדרים' — זײַ זיך מתּיר דעם נדר".

„ס'איז אַפֿילו נישטאָ וווּ עס צו שטעלן".

„ביסט, ברוך־השם, געוואָרן אַ שיינער בעל־פּרנסה. דינג זיך אַ גרעסערע דירה, בוי זיך אַ גרעסערע הויז".

געגענדעלע האָט אויך געהאַט אַן עצה פֿאַר דער שנור: „טאָכטער־לעב, איך ווייס אַקוראַט וואָס דו גייסט דורך, איך בין אַליין אַ מאָל געווען אין

אַזאַ מצב. ווען מײַן קלמן־מרדכי, עליו־השלום, האָט אויפגעבויט דעם טאַרטאַק נעבן זײַן וואַלד, בין איך שוין געווען אין די הויכע חדשים. קינדער דאַרפן זײַן נעבן טאַטן, האָב איך מפציר געווען מע זאָל בויען אַ ווינהויז נעבן געשעפט און מע האָט זיך אַרויסגעצויגן אין וואַלד אַרײַן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מײַן קינד, קלמן־מרדכי איז געווען פאַרהאַרעוועט אין טאַרטאַק און איך בין געווען אין הויז אַליין, ממש נישט געהאַט צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. אַז כ׳בין געפאָרן אין שטאָט אַרײַן, האָט מיך געצויגן אַהיים, ווען כ׳בין צוריקגעקומען אַהיים, איז צוריקגעקומען די עצבות. ס׳איז מיר נעבעך געווען ביטער, ביז כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין: ווי מעג איך טראַכטן נאָר וועגן זיך, ווען אַרום מיר זענען פאַראַן אַזוי פיל צרות, אַזוי פיל אָרעמקייט, און איך קאָן עפּעס טאָן זיי צו העלפן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מײַן קינד, עס איז מיר קיין מאָל נישט געבליבן קיין צײַט רחמנות צו האָבן אויף זיך אַליין״.

ליבעלע האָט געקענט איר שוויגער ווי אַ רירעוודיקע און אַן אויפגעלייגטע; ס׳גלייבט זיך נישט, אַז זי איז אויך אַרײַנגעפאַלן אין טרויעריקייט. עס מוז זײַן, אַז די שוויגער האָט דאָס אַלץ געזאָגט נאָר צו קאָנען געבן אַן אָנצוהערעניש וואָס צו טאָן. וואָלט זי געקאָנט פירן אַזאַ גרויס הויז מיט אַזוי פיל אורחים און טאָן אַזוי פיל צדקה ווי די שוויגער? אַפילו צו צדקה דאַרף מען האָבן אַ געלענק. ווייסט די שוויגער ווי ביטער איר בן־יחיד איז אַרײַנגעפאַלן?

פונדעסטוועגן איז ליבעלען גוט געווען ווען די שוויגער איז געווען מיט איר. גענענדעלע האָט דערציילט אַזעלכע שיינע מעשׂהלעך און משלים, זי האָט אַלע מאָל געוווסט וואָס צו זאָגן. עס זאָל ווערן היימלעך; הלוואַי וואָלט חנא געראָטן אין זײַן מאַמען. זי האָט זיך, חלילה, נישט וואָס צו באַקלאָגן אויף חנאן, ער איז אַ גוטער מאַן און איז אַזוי געדולדיק צו אירע חסרונות. חנא קאָן אַלע מאָל העלפן מיט די הענט, אָבער ווען עס באַפאַלט זי אַ מרה־שחורה, ווערט חנא אויך טרויעריק און פאַרשטומט. חנא האָט אַ גוט האַרץ, אָבער לשון האָט ער נישט קיין סך מער ווי אַ שטומער...

# XIX

חנאס געשעפטן זענען געוואַקסן און דאָמבראָווקע איז געוואַקסן מיט זיי. נאָר אין דער צוקער־פאַבריק זענען נישט געווען קיין ייִדן, מחמת מע האָט דאָרט געאַרבעט שבת. אָבער די נישט־ייִדישע אַרבעטערס זענען אויך געווען צוגעקומענע. מע האָט געדאַרפט מער שוסטערס און שנײַדערס, מער שפּײַזקראָמען און שניט־סוחרים. אַרום חנאס מיסחרים איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע אינדוסטריע. זומערצײַט האָט מען געשיקט צום פּראַנט לעבעדיקע בהמות, ווינטער האָט מען געקאָנט שיקן פלייש, מחמת די קעלט האָט עס אײַנגעפרוירן. די בהמות האָט געקוילעט אַ שוחט, זענען באַלד אויסגעוואַקסן סוחרים וואָס האָבן דעם אייבערשטן, כשרן טייל פאַרקויפט קיין וואַרשע, און נאָר דעם אונטערשטן, טריפהנעם טייל האָט מען געשיקט צום פּראַנט. עס האָט זיך אויך געעפנט אַ פאַבריקל פון גערייכערטע פליישן. אַז עס זענען שוין געווען דרײַ שוחטים האָט מען אויך גענומען טראַכטן וועגן אַ רב און וועגן בויען אַ מקום־קדוש. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נישט לײַכט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ שיל, אָבער אַז מע האָט אַ בעל־הבית וואָס האָט געשעפטן מיט מלכות, וועט מען שוין געפינען אַן עצה.

די ייִדן האָבן כּמעט אַלע געוווינט אויף דער ווילקער גאַס, נעבן דער לוויוויטשער גאַס. די הײַזער זענען געווען געבויט נאָר אויף איין זײַט ווילקער גאַס; אויף דער אַנדערער זײַט, לענג־אויס דער גאַנצער גאַס, איז געווען אַ טיפער ראָוו וואָס האָט פרילינג־צײַט זיך אָנגעפילט מיט וואַסער. אויף יענער זײַט ראָוו זענען שוין געווען דעם פּריצעס פעלדער. אַנדערש ווי בײַ די פעלדער פון חנא'ס טאַטע, האָט דאָ די ערד יאָ געהערט צום ייִדישן פּריץ.

חנא איז אַוועק צום פּריץ און צוגעגרייט טענות צו אַ לאַנגער דינגעניש. „דער בעסטער פּלאַץ פאַר אַ שיל איז אויף דער ווילקער גאַס, נעבן דער לוויוויטשער גאַס. אויב דער פּריץ וועט געבן אַ שטיקל לאַנד אויף יענער זײַט ראָוו, וועט קהל לייגן אַ פאַר רערן פאַר דעם אָפּפלוס פון וואַסער און איבער די רערן פלאַסטערן אַן אַרײַנגאַנג צום שילהויף".

דער פּריץ האָט זיך גאָר געבייזערט: „פון ווען אַן איז דײַן קאַהאַל אַזוי רײַך געוואָרן? פאַראַן רערן אין מײַן הויף, האָלץ אין מײַנע וועלדער און ציגל אין מײַן ציגעלניע. נעם וואָס דו דאַרפסט".

חנא האָט פֿראָבירט רעדן מיט זיין חבר אַהרן, ער זאָל זיך צולערנען פּסקענען שאלות און ווערן דאָמברוווקעס ערשטער רב. ר׳ אַהרן האָט זיך אַזש דערשראָקן. „מיט דעם רוב שאלות איז נישט אַזוי פּשוט, איין פּסק זאָגט כּשר, אַן אַנדערער זאָגט טריף. וואָס קאָן דאָ טאָן דער רב, מקיל זײַן און פּסקענען כּשר? טאָמער איז דער מחמיר גערעכט, וועט אַן עדה ייִדן ניכשל ווערן אין עסן טריפֿות. מחמיר זײַן און פּסקענען טריף? דער קצב קאָן דערבײַ פֿאַרלירן זײַן פּרנסה; חוץ־מזה קאָן אין דער בהמה זײַן אַ גילגול פֿון אַ זינדיקער ייִדישער נשמה, די נשמה וואַרט מע זאָל מאַכן איבער דעם פֿלייש אַ ברכה, זי זאָל דערמיט באַקומען אַ תּיקון, וועל איך עס קאַליע מאַכן?"

אַנשטאָט בלײַבן זײַנע פּאָר פֿרײַע טעג מיט ליבעלען, איז חנא אַרומגעפֿאָרן זוכן אַ רב. ער האָט געשריבן וועגן דעם צו דער מאַמעשי און זי האָט אים צוגערעדט קומען קיין בילגאָרײַ, דעם בילגאָרײַער רבס איידעם איז חוץ אַ למדן אויך אַ וואַזשנער בר־דעת און אַן אוהב־ישׂראל. „אין אונדזער שווערער צײַט, בעוונותינו־הרבים, דאַרף מען אַ רב אַ מנהיג און אַ מעורב־בין־הבריות, ער זאָל זיך נישט אָפּשליסן אין זײַן תּורה, נאָר זאָל קענען די נויטן פֿון זײַן עדה און זיי העלפֿן, לכל־הפּחות מיט אַ גוט וואָרט".

חנא האָט סײַ ווי געדאַרפֿט פֿאָרן קיין בילגאָרײַ אויף קבר־אָבות. דער יונגער־מאַן האָט נושׂא־חן געווען בײַ חנאן און אויך ווען ער איז געקומען אייף אַ שבת קיין דאָמברוווקע, און מע האָט געשריבן אַ כּתב־רבנות.

חנא האָט נישט געהאַלטן פֿון סתּם פֿריילעך מאַכערײַ, אָבער ער האָט גוט געדענקט די גרויסע שׂימחה בײַ זײַן טאַטן אין דאָרף, ווען עס איז געווען אַ סיום־הספר. קלעזמער האָבן געשפּילט, רײַטערס מיט ברענענדיקע שטורקאַצן האָבן באַגלייט די עדה וואָס האָט געפֿירט די נײַע ספֿר־תּורה צום אָרון־קודש.

איצט איז געווען אַ דרײַפֿאַכיקע שׂימחה. חנא, ר׳ אַהרן און דער לאַנגער משה זענען געפֿאָרן קיין לויוויטש אָפּוואַרטן דעם רב בײַ דער באַן. אין דאָמברוווקע האָט גאַנץ קהל געוואַרט בײַם אַרײַנפֿאָר צום שטעטל. אַפֿילו די גויים זענען געקומען קוקן. דער רב איז צו ערשט אַרײַן אין חנאס הויז צושרײַבן דאָס לעצטע אות צו דער ספֿר־תּורה, וואָס חנא האָט געלאָזט שרײַבן; דרויסן האָט געוואַרט קהל מיט אַ חופּה. אונטער דער

חופּה מיט טענץ און געזאַנג האָט מען געפירט דעם רב, מיט דער נײַער ספר־תורה אין זײַנע הענט, צו באַנײַען די נײַע שיל. די שׂימחה איז געווען גרויס, אַפילו קראַנקע האָט מען אַרויסגענומען פון די בעטן און געבראַכט אין שיל אַרײַן. חנא האָט אויך געהאַט פאַרבעטן דעם פּאַן דאַווידזאָן. טאַקע אַ פּריץ, אָבער ער איז דאָך אַ ייִד. דער פּריץ איז אָבער נישט געקומען.

דאָמברוווקע איז געווען אַ שטעטל פון האַראַפּאַשניקעס. מע שטייט אויף מיטן ערשטן קריי פון האָן, מע כאַפּט אַרײַן אַ שנעלן שחרית, אַ ביסן מיט אַ קורצן בענטשן און מע זעצט זיך אַוועק בײַם וואַרשטאַט. ווען עס איז געקומען צום רבס דרשה, איז שוין געווען שפּעט בײַ נאַכט, האָבן די אויגן זיך געקלעפּט. אָבער אַפילו אין האַלב־שלאָף האָט מען געפילט אַ גליקזעליקייט, וואָס מע וווינט מער נישט אין אַ וויסטן העק; דאָמברווקע איז, דאַנקען גאָט, געוואָרן אַ קהילה־קדושה מיט אַ רב, אַ שיל און אַ מיקווה.

# XX

אין חנאס געשעפטן האָט אַלץ געקלאַפּט ווי אַ זייגער. ערשט איצט האָט מען אײַנגעזען, אַז דער חנא האָט אַ קאָפּ ווי אַ מיניסטער, אַ זכרון ווי אַ העלפאַנט און איז אַ בעל־חשבון — איינער אין דער וועלט. כאָטש ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, האָט מען אים שוין געגעבן די שענסטע עליות אין שיל און בכלל אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ. חנא האָט שוין אָפּגעקויפט דאָס הויז, אין וועלכן ער האָט געוווינט, און אויך דעם פּלאַץ הינטערן הויז און געמאַכט פּלענער אַראָפּצוּוואַרפן דאָס אַלטע הויז און מיטן אייבערשטנס הילף, אויפבויען, אַ גרויס, באַקוועם וווינאַרט פאַר זײַן משפּחה.

אָבער אַנשטאָט גאָטס הילף איז גאָר געקומען גאָטס שטראָף.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט אַ צרה אין פּריצישן הויף. יאַדזשאַ, דעם פּריצעס טאָכטער, איז געפאָרן פון דאָמברוווקע קיין וואַרשע און איז קיין וואַרשע נישט אָנגעקומען. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מע האָט שוין לאַנג נישט געזען דעם עקאָנאָם. די משרתים האָבן געזאָגט, אַז ער איז שוין אַ וואָך צײַט נישט געשלאָפן אין זײַן צימער. אַז

דער פריץ האָט גענומען אויספרעגן די מענטשן אַרום זײַן דאָמבראָווקער פּאַלאַץ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָך מיט אַ יאָר צוריק, ווען דער אײדעליקער פּאַן פריץ איז געווען אין אויסלאַנד און די פּאַניענקע איז דאָ געווען אַליין, איז זי שטענדיק געווען מיטן פּאַן פּשיבולסקי. געריטן מיט אים אין וואַלד אַרײַן אויף גאַנצע טעג, געגעסן צוזאַמען, געטרונקען צוזאַמען און — ווער ווייסט וואָס נאָך...

דער פריץ האָט געשריגן, געטופּעט מיט די פיס, געקריגט זיך מיט דער פריצטע און צום סוף זיך אָנגעשיכּורט. טאַקע אַ ייִד, דאָך אַ פריץ... ווען ער האָט זיך אויסגעניכטערט האָט ער מער נישט געשריגן, ער האָט נאָר עפּעס געבורטשעט צו זיך אַליין. דער הולטײַ פּשיבולסקי וועט גיך צעפּטרן די עטלעכע טויזנט רובל, וואָס ער האָט באַקומען פון חנאן, און דערנאָך פּענקען פאַר אַ גראָשן. דאָס בת־יחידקעלע זײַנס, יאַדזשאַ, איז געוווינט צו ראָסקאָש, זי מוז אַלץ האָבן פון שענסטן און פון טײַערסטן. זיי וועלן צוריקקומען אויף די קני, די הולטײַעס. ער וועט דעם פּשיבולסקי געבן אַזאַ קאָפּע אין הינטן, אַז יענער וועט פליִען ביז האָצעפּלאָץ!

חנא איז געלאָפן אין הויף: „ליכטיקער פריץ, וואָס טוט מען מיטן קאָנטראַקט?"

„אַז דער מערזאַוועץ וועט בלײַבן אָן אַ גראָשן... האָב נישט קיין מורא, חנא, אַ פּאַדליעץ איז ער, אָבער ער וועט זיך נישט אָנהייבן מיטן צאַר און מיט דער אָכראַנע, ער איז צו קלוג דערצו — אַז אויסגעריסן זאָל ער ווערן".

„פונדעסטוועגן דאַרף מען עפּעס טאָן וועגן דעם", האָט חנא זיך געהאַלטן בײַ דאָס זײַניקע.

אַז מ׳עט קומען צו אים ער זאָל אָפּשרײַבן דעם קאָנטראַקט, וועט ער פאָדערן געלט און אַ מכּה וועט ער קריגן געלט. איך פאַרוועער דיר אים צו געבן איין צעבראָכענע קאָפּיקע, דו הערסט?"

„דאָ רעדט זיך נישט וועגן קאָפּיקעס, נאָר וועגן רובלס, צענדליקער טויזנטער רובלס", האָט חנא זיך געבעטן.

„אויב דו וועסט דעם קאַנאַליע געבן איין גראָשן, זאָלסטו זיך מער נישט ווײַזן פאַר מײַנע אויגן. דו הערסט?"

חנא האָט זיך, נעבעך, אויפגעגעסן פון צרות, אָבער ווי האָט ער געקאָנט זיך אײַנרײַסן מיטן פריץ? די בראָך איז אַרויסגעשוווּמען אויף דער אייבערפלאַך ערשט ווען חנא האָט געמאָנט געלט בײַ מלכות און מע האָט

אים געזאָגט, אַז עס איז שוין באַצאָלט. חנא האָט געשריגן, אַז ער האָט שוין דרײַ חדשים נישט באַקומען קיין פּרוטה, אָבער גיי שרײַ חי־וקיים אַז זיי זענען מלכות און ער איז נאָר אַ ייִד. ערשט נאָך אַ סך בעטעניש און אַ ביסל כּאַבאַר האָט מען אים געוויזן אַ קבלה אונטערגעשריבן פון דעם „ריכטיקן" באַלעבאָס, סטעפאַן פּשיבולסקי.

מע האָט אין אַלע אָמטן געוווּסט, אַז דער ריכטיקער באַלעבאָס איז דער ייִד, אָבער דער שגץ האָט מן־הסתּם גוט באַצאָלט פאַר דעם שפּיצל. וואָס, ער וועט דערלייגן צום עסק?

מע האָט טאַקע „פאַרשטאָפּט דאָס לאָך" און זיכער געמאַכט, דאָס זאָל מער נישט קאָנען געשען, אָבער חנא האָט דערווײַל פאַרלוירן אַלץ וואָס ער האָט פאַרדינט און נאָך געבליבן אַ בעל־חוב. מע האָט אויך געמוזט מאַכן אַ שווײַג, אַנישט וואָלט די באַנק צוריקגעצויגן די גרויסע קרעדיטן, וואָס זי האָט געגעבן חנאן. צום שבח פון פּריץ דאַרף מען זאָגן, אַז ער האָט נישט צוריקגעצויגן זײַנע גאַראַנטיעס, אָבער חנא האָט צו ערשט געדאַרפט געבן דעם פּריץ וועקסלען פאַר יעדער פּרוטה, וואָס ער איז אים שולדיק געבליבן.

ווען ליבעלע האָט געזען חנאס פּנים, האָט ער איר געמוזט דערציילן דעם גאַנצן אמת. זי האָט נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל אַרויסגע־קרעכצט: „כ'האָב געוווּסט, אַז אַזוי וועט זײַן".

ווען זי האָט דאָס געזאָגט צום ערשטן מאָל, האָט חנא נישט געלייגט דאַרויף קיין אַכט. ער האָט באַלד נאָך דעם געמוזט אַוועקפאָרן; ער איז נאָך דעם אַ סך אַרומגעפאָרן. ער האָט איצט געאַרבעט שווערער און גענומען אויף זיך מער עולן. ניין, ער וועט נישט אַראָפּלאָזן די הענט. דער וואָס שטראָפט מיט אַ צרה קאָן אויך העלפן, מע זאָל אַרויסקריכן פון איר. ווי זאָגט מען עס: „דער אייבערשטער באַשאַפט די רפואה פאַר דער מכּה". מלכות האָט גראָד מבטל געמאַכט אַ קאָנטראַקט דווקא מיט אַ ליוועראַנט אַ רוס, מחמת אַלץ וואָס ער האָט געשיקט איז פאַרפאַלן געוואָרן אין וועג. ווען חנא האָט איבערגענומען אויף יענעם קאָנטראַקט האָט ער געוווּסט, אַז ער נעמט אויף זיך אַ שווערן עול וואָס קאָן אויך זײַן פאַרבונדן מיט סכּנות, אָבער ער האָט געהאַט אַ סך חובות אָפּצוצאָלן און — ניין, ער וועט נישט דערלאָזן עס זאָל ווידער אַ מאָל קומען אַ טאָג, ווען ער וועט זײַן אָן אַ פּרוטה און זײַן הויזגעזינד אָן ברויט.

# XXI

די געשעפטן זענען דווקא געגאַנגען גוט, אָבער חנא איז זעלטן געווען אין דער היים. איין מאָל, ווען ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַ פּאַרלוירע־נעם טראַנספּאָרט, איז ער פאַרפאָרן אַזש ביז וולאַדיוואָסטאָק. די ווייַטע נסיעה איז געווען כּדאַי: ער האָט געפונען זייַן סחורה, ער האָט זיך אויך געשאַפן פאַרבינדמענטשן אויף אַלע ערטער פון וויכטיקע באַנקניפּן, אפילו אויף דער טראַנססיבירישער ליניע. אָבער עס האָט געדויערט חדשים, און גראָד ווען חנא איז געווען אין וועג האָט זיך ווידער גענומען פאַרשפּרייטן די קינדער־קרענק שאַרלעך, וואָס איז דאָס מאָל נישט געווען אַזוי לייַכט ווי מיט דרייַ יאָר פריִער.

מיט דרייַ יאָר פריִער האָט די שאַרלעך אויסגעמיטן חנאס הויז; דאָס יאָר איז עס געקומען מיט אַ שטורעם און ברוכל איז געווען פון די ערשטע קראַנק צו ווערן, כאָטש דאָס טרעפט זעלטן אַ דערוואַקסענעם. ר׳ לייבוש פעלדשער האָט געטראָפן וואָס עס איז, נאָך איידער די הויט האָט אַרויס־געשלאָגן מיט רויטע פינטעלעך. קראַמפן אין בויך, דער האַלדז צעצינדן און אַריבער נייַן און דרייַסיק היץ. האָט דער פעלדשער באַלד געשטעלט ביגלען אַרום האַלדז צו פאַרהיטן די מחלה זאָל, חלילה, נישט אַרויף צום מוח. ווען דער דאָקטאָר איז געקומען פון גאָמבין האָט ער חוץ דעם געהאַקט אָדער, מע דאַרף לאָזן אַזוי פיל לויט בלוט ווי פיל יאָרן דאָס קינד האָט, און ברוכל איז שוין, קיין עין־הרע, געווען קרוב צו זיבעצן יאָר.

לויט דער עצה פון דאָקטער, האָט מען אויפגעקאָכט אַ לויט כינין אין אַ האַלבער קוואָרט וואַסער און געלאָזט עס קאָכן ביז אַ העלפט האָט אויסגעפּאַרעט; מע האָט אין דעם סענץ אַרייַנגעטאָן אַ ביסל צוקער און ס׳איז נאָך אַלץ געווען מוראדיק ביטער. אויב דער טאַטע וואָלט געווען אין דער היים וואָלט ער שוין געוווסט ווי אַזוי צו פועלן, ברוכל זאָל נעמען אַן עסלעפל פון דער ביטערניש אַלע צוויי שעה, ווי דער דאָקטער האָט געהייסן. אָבער וואָס האָט ליבעלע געקאָנט טאָן מיט אַ קראַנק ייִנגל און אַן עקשן דערצו? ווען עס האָט שוין אַ מאָל אַראָפּגעשלונגען אַ לעפל פון דער מעדיצין, איז דערין געווען מער ליבעלעס טרערן ווי כינין.

ווען די רויטע פינטעלעך האָבן זיך געגעבן אַ שיט אויס איבער דעם גאַנצן גוף, איז די היץ שוין נישט געווען אַזוי הויך. אַ ביסל ביטערזאַלץ

האָט געהאָלפן קעגן דער עצירות, וואָס קומט מיט דער קרענק; אויך די ברענונג אין האַלדז איז לײַכטער געוואָרן. ווען בײַ ברוכלען האָט זיך שוין גענומען שיילן די הויט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָפּשיפּונג, זענען אָװעקגעפֿאַלן די צוויי קליינע קינדער. ליבעלע האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט געטאָן פֿאַר ברוכלען, אָבער די היץ איז נישט אַראָפּ. מיט אייזקאָמפּרעסן אויף די קעפּלעך האָבן די קינדער מער נישט געוויינט פֿון קאָפּווייטיק. דער פֿעלדשער האָט געהייסן לייגן קאָמפּרעסן, דער דאָקטער האָט גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם. דער דאָקטער איז אין גאָמבין און זי איז דאָ אַליין. אַלע זאָגן, אַז די גרעסטע סכּנה בײַ שאַרלעך איז עס זאָל זיך נישט אַריבערכאַפּן צום קאָפּ; וועט דער קאָפּ זיך אָבער נישט פֿאַרקילן פֿון דעם אײַז?

זי מוז האָבן שטאַרק געזינדיקט, אַז זי ווערט אַזוי שווער געשטראָפֿט. אין קיין שום הויז כאַפּן זיך נישט אַרײַן אַזוי פֿיל מחלות ווי בײַ איר. וואָס זענען אירע קינדער דען נישט אַדורכגעגאַנגען? אַ רייזל, און די בלויע קרענק, שוועמלעך אין מײַלכל און רויטע בלאָטערן, פּאָקן, מאָזלען, קײַכהוסט, אַסטמע און בויכווערעם. באַוווסטע קרענק און נײַע, וואָס קיינער האָט נאָך פֿון זיי נישט געהערט. ווען וועט שוין זײַן גענוג? „זאָלן די טרערן, וואָס גיסן זיך פֿון מײַנע אויגן, לעשן דאָס פֿײַער פֿון מײַנע זינד, פֿאָטער אין הימל, און זאָלן מײַנע קינדער מער נישט געשטראָפֿט ווערן פֿאַר מײַנע חטאָים״.

ברוכל איז געקומען צו זיך פֿון טאָג צו טאָג, אָבער בײַ ביילטשען און בײַ חיהלען האָט מען נישט געזען קיין בעסערונג. די היץ איז יאָ אַראָפּ, אָבער אַ בלינדער האָט געקאָנט זען, אַז די קינדער זענען מער קראַנק ווי פֿריִער. ביילטשע איז געוואָרן אויסגעדאַרט און דאַך אויסגעזען געשוואָלן; אַז ר׳ לייבוש האָט צוגעדריקט אַ פֿינגער צו דעם קינדס הויט, האָט זיך געשאַפֿן אַ ווײַס גריבל אַרום דעם פֿינגער אָבער אַרום דעם גריבל איז געוואָרן בלוי. ר׳ לייבוש האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ ספֿרל **רופא הילדים** און אַרויסגעלייענט דעם באַשייד: „דאָס קינד האָט וואַסערזוכט, איינע פֿון די צוטשעפּענישן נאָך שאַרלעך״.

בײַ חיהלען איז געשוואָלן געוואָרן דער האַלדז ביז העכער פֿון די אויערן, און דאָס איז דער סימן פֿון אַן אַנדער צוטשעפּעניש — געשוואָלענע פּאַראָטידן. ליבעלע האָט געוואָלט וויסן וואָס פּאַראָטידן זענען. „און אַז

כ׳על זאָגן ׳שליימדריזן׳, וועלן זי וויסן?" האָט ר׳ לייבוש זיך אָפּגעבייזערט און איר אָנגעזאָגט אַכטיק צו געבן, צי עס פאַרהאַלט זיך נישט די שתּנה און צי דאָס ביסל וואָס קומט איז נישט רויט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט פּאַציענטן אויך אין גאָמבין און קאָן נישט אָוועקפאָרן יעדן צווייטן טאָג. אָבער וואָס זאָל, נעבעך, טאָן אַן עלנטע מאַמע, וואָס די קינדער קרענקען און דער מאַן איז אין מרחקים. טעג און נעכט איז זי געזעסן ביי די קראַנקע קינדער, און אַז די קינדער האָבן זיך באַנעצט איז איר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ניין, די באַנעצטע ליילעכער זענען נישט געוואָרן רויט, אָבער ביי חיהלען האָט די היץ זיך ווידער אַ הייב געטאָן, דאָס אָטעמען איז געוואָרן שווערער און ס׳קינד האָט שוין זעלטן געעפנט די אייגעלעך. ווען חיהלע האָט אויך אָנגעהויבן ברעכן פון אַ ליידיקן מאָגן האָט מען שוין געוווּסט, אַז עס איז אַ מוח־אָנצינדונג און גאָר גיך זענען געקומען קאָנווולסיעס.

איין קינד אין בעט חרוב קראַנק, און דאָס אַנדערע שוין אויף דער ערד מיט די פיסלעך צו דער טיר. מע האָט געשיקט דעפּעשעס און געוואַרט מיט דער לוויה. „ווען וועט שוין זיין געגנוג?" האָט ליבעלע געפרעגט און זיך געכאַפּט, אַז זי זינדיקט. „כ׳וועל נישט וויינען, נישט שרייען, נישט מתרעם זיין, לאָז מיר כאָטש ביילטשען".

מער ווי דריי טעג האָט מען נישט געקאָנט וואַרטן און דער טאַטע איז אַפילו נישט געווען צו זאָגן קדיש ביים קבר פון זיין טעכטערל.

ווען חנא איז סוף־כל־סוף אַהיימגעקומען, האָט ביילטשע זיך שוין געהאַט אַרויסגעדראַפּעט פון דער וואַסערזוכט, אָבער זי איז געבליבן מיט ווייניק כּוחות.

„ליבעלע, מיין לעבן, כ׳על מער נישט אָוועקפאָרן אַפילו אַלץ זאָל אונטערגיין".

„רוף מיך נישט ׳ליבע׳, רוף מיך ׳ביטערע׳, וויל ביטער איז מיין לעבן און פינצטער מיין געמיט. פאַרשאָלטן איז מיין דיך, וואָס טראָגט אויס קינדער פאַר דעם בית־הקברות".

ביילטשעלע איז געשלאָפן און געשלאָפן און געווען אַזוי שוואַך, אַז זי האָט זעלטן געעפנט די אייגעלעך. חנא האָט געבראַכט אַ דאָקטער אַזש פון וואַרשע און אַז עס איז נישט בעסער געוואָרן האָט ער געבראַכט אַ פּראָפעסאָר. ס׳האָט טאַקע געקאָסט אוצרות, אָבער צוליב דעם איז ער

דאָך געלאָפן אין מרחקים און פאַרשוואַרצט געוואָרן, כּדי ער זאָל קאָנען אויסגעבן אוצרות ווען מ׳עט דאַרפן צו ראַטעווען אַ קינד. אָבער די אוצרות האָבן נישט געהאָלפן, די רפואות האָבן נישט געהאָלפן, דאָס קינד האָט שוין קוים כּוח געהאַט צו אָטעמען.

חנא האָט גאַנצע נעכט געוואַכט בײַם קינדס בעטל. אין איין נאַכט האָט ער אויפגעוועקט ליבעלען און איר אָנגעזאָגט די ביטערע בשׂורה, אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעם. ליבעלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ פּליסטער געטאָן: „כ׳האָב געוווּסט, אַז אַזוי וועט זײַן״.

## XXII

דאָס מאָל האָט ליבעלע בכלל נישט געוויינט בײַ דער לוויה. אויפן בית-עלמין איז זי געשטאַנען אַ שטילע, ווי דער בוים וואָס האָט געשפּרייט זײַנען צווײַגן איבער אַלע קברים פון אירע קינדער. ווען מע האָט נאָכן קדיש זי אָנגענומען בײַם אָרעם צו פירן אַהיים, האָט זי געקוקט מיט קינאה אויף דעם בוים וואָס קיינער שלעפּט אים נישט אוועק פון דאַנען, אָבער זי האָט זיך געלאָזט פירן אַהיים.

חנא האָט געהאַט צוגעזאָגט ליבעלען, אַז ער וועט מער נישט אַרומפאָרן, אָבער צוויי טעג נאָך דער לוויה האָט מען געברענגט אַ דעפּעשע, ער זאָל תּיכּף קומען קיין וואַרשע. ס׳איז געווען מלחמה-צײַט און עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מלחמה-ענינים. נישט פאָרן האָט מען אים געקאָנט חושד זײַן, אַז ער האַלט מיט די בונטאָווטשיקעס און סאַבאָטאַזשירט באַפעלן. ער האָט געפרעגט אַ שאלה און דער רב האָט אים מתּיר געווען צו פאָרן דעם פערטן טאָג שיבעה.

בונטאָווטשיקעס האָבן גענומען פירן העצעס קעגן מלכות. אין די גרויסע שטעט זענען פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס און מהומות און דעם צאַרס קאָזאַקן האָבן אויסגעלאָזט דעם כּעס צו ייִדן. דער אמת איז, אַז עס זענען טאַקע געווען אַ סך ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך צווישן די רעוואָלוציאָנערן. חנאס אַ צושטעלער האָט זיך געקלאָגט: „כ׳האָב צרות פון צוויי עקשנים. מײַן טאָכטער האָט זיך אײַנגעעקשנט, ניין און ניין, זי וויל נישט ניקאָלײַ זאָל זײַן דער צאַר, און ניקאָלײַ האָט זיך אויך אײַנגעעקשנט און וויל דווקא יאָ זײַן צאַר״.

ס׳איז געווען אַ קלאָג צום געלעכטער. עס האָבן זיך געשטאַרקט די שיקאַנעס קעגן יידן. חנאס דינסט האָבן זיי גענראַפט, אָבער עס וואָלט געווען ווי צו אים, אויב עס וואָלט געשען עפּעס אַ מיכשול.

חנא האָט איצט שוין ווידער זיך געקאָנט דערלויבן צו בויען דאָס געפלאַנטע הויז, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין צייַט; און ליבעלע האָט נישט געהאַט קיין כּוח זיך אַריבערצוציִען דערווייַל אין אַ צייַטווייַליקער דירה, דערנאָך צוריק אין הויז אַרייַן. ליבעלע איז זעלטן אויפגעשטאַנען פון בעט, זי האָט געהאַט ווייטיקן אין רוקן און אין אַ פוס, און דאָס גיין האָט איר פאַרשאַפט יסורים. חנא האָט גענומען זייַן ווייַב קיין וואַרשע, די גרעסטע דאָקטוירים האָבן זי אונטערגעזוכט, אָבער נישט געפונען דעם מקור פון אירע יסורים און אויך נישט די סיבה פאַר וואָס עס איז איר שווער צו גיין. פרישע לופט, קומען צווישן מענטשן קאָן איר העלפן, זי מוז אופהערן טראַכטן וועגן די אַלע צרות, וואָס זענען אויף איר געקומען.

אויפן וועג צוריק פון וואַרשע האָט חנא זיך דערמאָנט ווי ביי יעדער צרה האָט זי געזאָגט „כ׳האָב געוווּסט, אַז אַזוי וועט זייַן״; וואָס האָט זי דערמיט געמיינט?

ליבעלע האָט זיך צעכליפּעט און געוויינט אַ גאַנצן וועג. אין דער היים האָט זי זיך געלייגט אין בעט אַרייַן און ווייַטער געוויינט. חנא האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי איר בעט און זיך געבעטן זי זאָל אויפהערן, ברוכל זיצט שוין אויך און קלאָגט. אַפילו אויב אַלץ זאָל אונטערגיין וועט ער זיך נישט אָוועקרירן פון דעם בעט, זי מוז אים זאָגן וואָס עס באַטייַטן אירע ווערטער „כ׳האָב געוווּסט, אַז אַזוי וועט זייַן״.

די טרערן האָבן זיך פאַרהאַלטן, איר פּנים איז געווען ווייַסער ווי דאָס קישן אויף וועלכן זי איז געלעגן. זי האָט גערעדט מיט אַ שטיל איינטאָניק קול, אויף איר פּנים האָט קיין מוסקל, קיין אָדערל נישט קיין ציטער געטאָן, ווי די ווערטער וואָלטן געקומען פון עמעצן אַנדערש און זי הערט זיי אַפילו נישט.

„ליבעלע בין איך? אומגליק בין איך. ווען איך בין געקומען אויף דער וועלט, איז דער טאַטע געוואָרן אַ קבצן. „די דאַווידזאָנס זענען שטיין רייַך״, ווייסן אַלע, נאָר דער דאַווידזאָן וואָס האָט מיך, האָט בלויז דעם שטיין, אָבער נישט די רייַכקייט. האָט דער טאַטע מיר אייַנגעהאַנדלט אַ רייַכן חתן. וואָס ס׳איז געוואָרן פון זייַן עשירות ווייסטו. ווי נאָר מע האָט

געגומען גרייטן די חתונה איז אַלץ אַוועק מיטן רויך. ס׳איז מיר גוט געווען מיט דיר אויך אין אָרעמקייט און כ׳האָב געוואָלט דיר געבן קינדער. דו האָסט שוין אַ גאַנצן אייגענעם קינדער־בית־עולם. ווען ביסט געוואָרן אַ ליוועראַנט האָב איך מורא געהאַט, ווען האָסט אָנגעהויבן אַהיימברענגען אַ סך געלט בין איך שוין גאָר געווען אין פּחד: וואָס וועט איצט געשען? דו ווייסט וואָס ס׳איז געשען. אַז האָסט זיך געגומען אַרויס־דראַפּען פון די חובות זענען די קינדער קראַנק געוואָרן, נאָך צוויי עופּעלעך אין דער ערד. דו וועסט צוריק רייַך און איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. ס׳איז דיר געבליבן נאָר איין זון, ברוכל, זאָל געזונט זייַן. וואָס וועט זייַן, חנא?"

„ס׳איז געקומען אויף אונדז איובס צרות. דו ווייסט דאָך, דער אייבערשטער האָט צום סוף זיך מרחם געווען אויף איובן און אים געשענקט אַ נייַ פאַרמעגן און נייַע קינדער".

„איך בין דייַן ביטער מזל. דער אייבערשטער וועט ד י ר אויך געבן אַ נייַ פאַרמעגן און נייַע קינדער, שפּעטער, שפּעטער..."

## XXIII

דער פאַרפאַלענער עקאָנאָם פּשיבולסקי האָט זיך אָפּגעזוכט אין פּאַריז. ער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן אין קאָרטן און ראַלעטקע אַלץ וואָס ער האָט צוגענומען בייַ חנאן. יאַדזשאַ דעם פּריצעס טעכטערל איז אויך געווען מיט אים, אָבער נאָך דעם ווי דאָס געלט האָט זיך אויסגעלאָזט, איז זי צוריקגעקומען. אויף אַ פינגער האָט זי געטראָגן אַ חתונה־רינגל, אויפן האַלדז אַ צלם און אונטערן האַרץ האָט זי אויך געטראָגן. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז שוין זעקס חדשים נאָך דער חתונה און נאָכן שמד. מיעטשיסלאַוו דאַווידזאָן האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, אָבער זייַן ווייַב פעליציאַ האָט געטענהט: „אַ מאָל מוז דאָך קומען דערצו. קיין ייִדן איז מען שוין נישט און קיין קריסטן איז מען נאָך נישט. ווי לאַנג איז דער שיעור צו זייַן נישט דאָ און נישט דאָרטן? יאַדזשאַן איז גוט, זי איז עס שוין איבערגעקומען".

„ער וויל נאָר מייַן געלט, דער אויסוואָרף, און נאָך שנעלער ווי ער וועט עס באַקומען, וועט ער עס פאַרטאַכליעווען!" האָט מיעטשיסלאַוו

געשריגן. יאַדזשאַ האָט גאָרנישט געזאָגט, זי האָט נאָר געוויינט. אין דאָמברוווקע האָט מען גאָר נישט געוווּסט וועגן דעם.

✶

שליחים זענען געקומען צו חנאן ער זאָל אונטערשרײַבן אַ פּאַפּיר, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון אַלע טענות קעגן דעם פּאַן פּשיבולסקי, דער פּאַן איז גרייט צו געבן וועקסעלעך פאַר זײַן חוב.

„זאָגט דעם פּאַן ער זאָל גיין אַ ראָד געבראָכן", איז געווען חנאס ענטפער.

עמעץ האָט געמוזט שטיין הינטער דעם, דאָ אין דאָמברוווקע. איין מאָל, ווען חנא איז אַרויס פון פּריצעס הויף, זענען די בייזע הינט אים באַפאַלן און אים שיִער נישט צעריסן אויף שטיקער. ווער האָט אָפּגעלאָזט די הינט פון דער קייט גראָד ווען חנא האָט באַדאַרפט אַרויסגיין? עטלעכע טעג שפּעטער האָבן שקצים צעשלאָגן ברוכן און געסטראַשעט, אַז ס'צווייטע מאָל וועלן זיי אים דערהרגענען. חנא איז געלאָפן קיין וואַרשע צום פּריץ און מיטגענומען זײַן זון. דער פּריץ האָט צוגערעדט חנאן ער זאָל נעמען די וועקסלען. איצט האָט דער אויסוואָרף טאַקע אַ מכּה, נישט קיין געלט, אָבער יאַדזשאַ איז אַן איינציק קינד. „צי איך וויל, צי איך וויל נישט, וועט דער פּשיבולסקי ווערן דער פּריץ פון דאָמברוווקע".

כאָטש חנא האָט באַשלאָסן אָנצונעמען דעם פּריצעס עצה, האָט ער ברוכן מער נישט צוריקגעברענגט קיין דאָמברוווקע. ביז איצט האָט דער שטאָלצער ר' הערץ זיך אָפּגעזאָגט נעמען געלט בײַ זײַן איידעם; זינט ברוך איז בײַ אים, לאָזט שוין דער זיידע, אַז דער איידעם זאָל אים „אָפּנאַרן" און שיקן מער ווי פופּציק מע דאַרף אויסצוהאַלטן דאָס אייניקל. וואַרשע איז אויך מער תּכלית. ער איז שוין, קיין עין־הרע, אַ חתן־בחור און אין דער גרויסער שטאָט קאָן ער צוזאַמען מיט די הייליקע ספרים אויך לערנען לימודי־חול.

✶

אין „הויף" איז נישט געווען פריילעך. די פּאַני פעליציאַ איז אין גאַנצן נישט געקומען קיין דאָמברוווקע; די פּאַני יאַדזשאַ, ווען זי האָט גערעדט וועגן טאַטן, האָט זי אים גערופן „דער זשיד". דער פּריץ איז געבליבן פאַרעקשנט, ער וועט נישט איבערגעבן דעם גנב דעם שליסל צום גאַנצן פאַרמעגן. אויב דאָס איידעמל דאַרף פּרנסה, זאָל ער אַרבעטן,

זאָל ער ווערן פאַרוואַלטער פון דער צוקער־פאַבריק. זאָל ער טאַקע וווינען נעבן דער פאַבריק, אָבער צו די געשעפטן פון דער אימעניע זאָל ער זיך נישט צורירן.

עס איז איצט לײַכטער געווען צו פאַרוואַלטן מיט די גיטער מחמת דער ייִד חנא האָט צוגענומען די גאַנצע פּראָדוקציע; ס׳איז אָבער געווען אַ פאַרגרעסערטע פּראָדוקציע און דער ליכטיקער פּאַן מיעטשיסלאַוו איז נישט געווווינט געווען צו אַרבעטן פון פריִען מאָרגן ביז אָוונט, צו האָבן חשבונות מיט הונדערטער פּויערים, געבן זיי אויף זריעה, אײַנמאָנען הלוואות. מע האָט אויך געדאַרפט מאַכן דעציזיעס וואָס צו זייען ווו, וועלכן וואַלד אויסצוהאַקן און צו דעם אַלעם נאָך אַכטיק געבן, די געדונגענע אַרבעטערס זאָלן טאַקע אַרבעטן. ער מוז געפינען אַ גוטן עקאָנאָם. ער וועט גאָר זוכן אַ ייִד, להכעיס דעם ווײַב און דעם טעכטערל.

## XXIV

גענענדעלע איז אַוועק פון דער וועלט ווי אַ צדקת. ס׳איז געווען אַ פרײַטיק פאַר נאַכט. זי האָט געהאַט אַוועקגעטראָגן צו אַן אָרעמער קימפּעטאָרין אַ לעקעך, אַ טאָפּ רונדיקע אַרבעס און אַלץ, וואָס איז נהוג צו געבן די געסט בײַ אַ שלום־זכר, זי האָט אָפּילו נישט פאַרגעסן אָנזאָגן דעם בראָנפן־הענדלער, ער זאָל צושיקן אַ טוץ פלאַשן ביר. דערווײַל ס׳איז שפּעט, האָט זי גענומען אײַלן אַהיים. ווען זי איז אַריבער די שוועל פון איר היים האָט זי דערפילט אַ שוואַכקייט אין די פיס און זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט. זי איז באַלד צוריק אויפגעשטאַנען, קודם וועט זי ליכט צינדן לכבוד שבת, ערשט דערנאָך וועט זי זיך צולייגן.

ליכט געצונדן, איז זי אַרויס אַרײַנרופן אַ שכנה און קוים זיך דער־שלעפּט צוריק צום בעט. „גיט מיר, זײַט מוחל, אַ שעפּ וואַסער צו וואַשן די הענט״, האָט זי געבעטן, אָפּגעווישט די הענט און גענומען זאָגן ווידוי.

„ר׳ גענענדעלע, ס׳איז שבת״, האָט די שכנה איר פירגעוואָרפן.

„מע דאַרף טאַקע וואַרטן ביז נאָך שבת, אויב מע האָט צײַט״, האָט זי געענטפערט און ווײַטער געזאָגט. די שכנה איז געלאָפן רופן מענטשן, אַ מנין איז זיך צונויפגעלאָפן. ר׳ גענענדעלע האָט געענדיקט זאָגן און מע האָט דערזען, אַז אַלץ איז שוין געענדיקט.

גוט, אַז חנא האָט שוין געהאַט באַוויזן זיך אַרויסצודרייען פון דער צרה מיט דעם פּשיבולסקי און שוין געהאַט אָפּגעצאָלט אַלע זײַנע חובֿות; איצט זענען געבליבן חובֿות נאָך דער מאַמען, מער ווי פֿיל איר הויז איז ווערט געווען. חנא האָט אַלץ אָפּגעצאָלט, און דאָס הויז געגעבן צו קהל אויף אַ מושבֿ־זקנים, זאָל עס זײַן פֿאַר איר צו עלית־נשמה.

עס איז געווען דער פֿיפֿטער טאָג שבֿעה ווען מע האָט פּלוצלינג דערזען, אַז מיליטער האָט אַרומגערינגלט דאָס הויז. צוויי זעלנער מיט די באַיאָנעטן אויף די ביקסן זענען אַרײַן, געשלאָסן חנאן אין קייטן, אים אַוועקגעפֿירט און אַפֿילו נישט געזאָגט וווּהין.

חנא האָט צוגעשטעלט שוואַרץ ברויט פֿאַר די פּראָסטע סאָלדאַטן און ווײַס ברויט פֿאַר אָפֿיצירן. אין איין אַזאַ ווײַס ברויט וואָס איז אָנגעקומען צו אַ גענעראַל, האָט יענער געפֿונען אַ געפֿגרטע מויז. דער גענעראַל האָט נישט גערוט ביז ער איז דערגאַנגען ווער עס האָט דאָס צוגעשטעלט און באַפֿוילן אים צו ברענגען אַ געשמידטן אין קייטן. מ'איז קודם געקומען זוכן חנאן אין דאָמבראָווקע; דערוווּסט זיך אַז ער איז אין בילגאָרײַ, זענען זיי אַוועק אַהין און אים אַרעסטירט.

דער פֿריץ האָט גלײַך דערשמעקט אין דעם אַ מיאוסע זאַך. ווען ער איז געווען אין וואַרשע האָט ער זיך געהאַט אַרויסגעכאַפּט פֿאַר פּאָליציאַן, אַז דאָס האָט חנא אים צוגעשאַנצט דעם נײַעם ייִדישן עקאָנאָם. ווי נאָר ער האָט עס געזאָגט האָט ער באַלד חרטה געהאַט. האָט עס אַזוי שנעל געוואָנדערט פֿון פּאָליציאַן אין וואַרשע צו יאַדזשאַן אין דאָמבראָווקע? יאָ, דאָס זעט אויס ווי דעם מערזאָוועצעס אַ שטיקל אַרבעט. די מויז איז נישט אַליין אַרײַנגעלאָפֿן אין ברויט, עמעץ האָט די מויז אַרײַנגעקנעטן און אַפֿילו אַכטיק געגעבן וווּהין און צו וועמען דאָס זאָל אָנקומען.

דער פֿריץ האָט איבערגעלאָזט אַלע געשעפֿטן און געלאָפֿן קיין וואַרשע; חנאן האָט געדראָט אַ שטאָנדגעריכט און סיביר.

ווער ווייסט צי דעם פֿריצעס אינטערווענצן וואָלטן געהאָלפֿן — שולדיק צי נישט. וועמען אין דער צאַרישער מאַכט וואָלט עס געאַרט אויב מע וואָלט פֿאַרמישפּט אַ ייִד? די וואָכן זענען דערווײַל געלאָפֿן און מע האָט געגרייט אַ פּראָצעס. אָבער אין פּעטערבורג האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן מיט חנאס טראַנספּאָרטן. עמעץ האָט אַרײַנ־געקוקט אין דעם ענין און זיך דערוווּסט וואָס עס איז געשען. עס איז

געקומען אַ באַפעל, מע זאָל דעם אַרעסטירטן תּיכּף צושטעלן קיין פּעטערבורג.

אויסגעהערט וואָס חנא האָט דערציילט, האָט מען אין פּעטערבורג חושד געווען, אַז דאָס וועלן אַפּרוימען אַזאַ גוטן ליוועראַנט מוז זײַן אַ שטיקל אַרבעט פון סאַבאָטאַזשיסטן־רעוואָלוציאָנערן, אָדער גאָר פון שפּיאָנען. חנא איז צוריקגעקומען מיט אַן אײַזערנעם בריוו, אַז קיינער האָט נישט קיין רעכט אים צו אַרעסטירן אָן אַ ספּעציעלן באַפעל פון הויפּט-גענעראַל פאַר אַפּראָוויזאַציע.

ווען חנא איז צוריקגעקומען איז דאָמברוווקע מער נישט געווען דאָס זעלביקע שטעטל. בעת דער פּריץ איז געווען אין וואַרשע און געלאָפן פון אָמט צו אָמט, איז ער פלוצלינג אַוועקגעפאַלן מיט אַן אַפּאָפּלעקציע. מע האָט אים געכאַפּט אין אַ שפּיטאָל אַרײַן און געראַטעוועט דאָס לעבן. איצט קאָן ער שוין באַוועגן מיט מיינסטע אברים, אָבער דאָס מויל איז געבליבן פאַרקרימט און עס איז אַ ספק צי ער וועט אַ מאָל קאָנען באַוועגן דעם לינקן פוס. ווען דער הויף איז געבליבן אָן באַלעבאָס, האָט די פּריצה פאַרטריבן דעם ייִדישן עקאָנאָם און אַרײַנגעזעצט איר איידעם.

איידער האַנדלען מיט דעם פּשיבולסקי איז שוין בעסער זיך אָפּצוזאָגן פון דעם קאָנטראַקט. דער שגץ האָט טאַקע פּראָבירט צוריק אַריבערשרײַבן דעם קאָנטראַקט אויף זײַן נאָמען, אָבער אין אַלע אָמטן האָט מען געקענט חנאן און געוואָלט נאָר חנאן.

נישט בעסער ווי עס איז געווען דער מצב אין הויף איז ער געווען בײַ חנאן אין דער היים. ליבעלע איז געלעגן אין בעט קראַנק; מילא, עס טרעפט. איצט אַז ער איז צוריקגעקומען וועט איר, מיטן אייבערשטנס הילף, גלײַך בעסער ווערן. אַזוי האָט חנא געהאָפט, אָבער עס איז נישט בעסער געוואָרן. יעדן טאָג איז איר פּנים געוואָרן מער גרוי, איר הויט מער גערונצלט. געווי וואָס עס איז איר האָט אַפילו דער דאָקטער נישט געוווסט, עס האָט זי געאיבלט אָן אויפהער, בפרט ווען מע האָט געוואָלט זי זאָל עפּעס עסן, זי האָט נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען אַ ביסן.

„ליבעלע, כ׳בין דאָ, כ׳בין פרײַ, כ׳האָב אַן אײַזערנעם בריוו פון סאַמע גענעראַל קאָראָפּאָטקין, איצט וועט קיינער נישט קאָנען מיר שלעכט טאָן״.

חנא האָט גערעדט און גערעדט. ווען ער האָט געפרעגט צי זי הערט, האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אָבער נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן האָט

זי נישט געוואָלט. חנא האָט זיך געבעטן זי זאָל כאָטש אויסנאָגן אַ פּליטש פּאָמערנאַץ, אָבער זי האָט פאַרהאַקט די ציין. זי האָט דערפילט זיינע טרערן פאַלן אויף איר פּנים, האָט זי געעפנט די אויגן. ווען ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר האָט זי געשעפּשעט צו אים מיט געבעט: „כ'קאָן נישט, די קישקעס קערן זיך מיר איבער".

עס איז געקומען דערצו, אַז מע האָט געמוזט אויפרייסן איר מויל אַריינצוגיסן אַ ביסל זאַפּט, אַ מעדיצין. זי האָט שוין אין גאַנצן נישט גערעדט, נאָר אירע אויגן האָבן געקוקט צו חנאן מיט געבעט, מע זאָל זי לאָזן צו רו. איר גוף איז איינגעשרומפּן געוואָרן און דאָס לעבן האָט זיך געלאָשן אין איר פון טאָג צו טאָג.

*

דער פּריץ איז פּאַמעלעך געקומען צו זיך, עס איז אים בעסער געוואָרן אַפילו אויף דעם לינקן פוס, אָבער ער איז מער נישט געווען דער זעלביקער מענטש. די יאַשנאַ פּאָני פעליציאַ האָט געבאַלעבאַטעוועט און פּשיבולסקי האָט אַלץ געהאַלטן אין זיינע לאַפּעס.

*

רוסלאַנד איז געצוווּנגען געוואָרן צו שליסן אַ שלום מיט יאַפּאַן און חנא איז געווען צופרידן אַז זיין קאָנטראַקט האָט זיך געענדיקט און ער וועט מער נישט מוזן האַנדלען מיט דעם הויף. מע האָט אים געבראַכט שידוכים מיט גרושות, אַלמנות און אַפילו מיט יונגע מיידלעך, אָבער חנא איז אויך מער נישט געווען דער זעלביקער מענטש. דאָס נייַע הויז האָט ער קיין מאָל נישט געבויט. ער האָט צוריק געעפנט זיין שפּייַזקרעמל און מער נישט געוואָלט פירן קיין גרויסע מיסחרים און אַרומפאָרן איבער דער וועלט. ער איז געזעסן הינטער דער ליאַדע פון זיין געוועלבל און כסדר געמורמלט אין זיין תהילימל אַריין.

# I

די גרויסשטאָטישע אַדוואָקאַטן מיינען, אַז זיי זענען די גרעסטע חכמים. ווען קלמן האָט אין וואַרשע אָפּגערעדט מיט דעם „פּאַן מעצענאַס", יענער זאָל אים פאַרטיידיקן קעגן בריינדלס אָנקלאָגן, האָט דער אַדוואָקאַט אים געזאָגט: „אַ דאָקטער און אַ פאַרטיידיקער מוז מען זאָגן דעם גאַנצן אמת. אויב דער קראַנקער באַהאַלט עפּעס אויס, וועט דער דאָקטער אים פאַרשרייבן אַ רפואה, וואָס איז נישט גוט פאַר אים; אויב אַ באַשולדיקטער באַהאַלט עפּעס אויס, געשעט די זעלביקע זאַך — דער אַדוואָקאַט נעמט אָן די נישט־ריכטיקע טאַקטיק. פאַר אַ דאָקטער און פאַר אַן אַדוואָקאַט", האָט דער חכם פאַרענדיקט, „מוז מען זיך אויסטאָן נאַקעט".

קלמן האָט געלאַכט אין זיך: פאַרלאָזט זיך אויף קלמן קאַליקע, ער האָט שוין אויסגעקליבן אַ טאַקטיק.

ס'איז נישט קיין קונץ צו זאָגן דעם אמת און ס'איז נודנע אויך. אויב ער וויל מע זאָל גלייבן זיינע ליגנס אין געריכט, מוז דער אַדוואָקאַט גלייבן אין זיי, ער אַליין מוז אָנהייבן גלייבן אין זיי! קלמן קאַליקע קען אַזוי טשאַקען, אַז אַפילו בריינדל וועט מוזן גלייבן זיינע ליגנס. ער מוז שוין איצט אַריין אין דעם ריכטיקן טאָן.

ליגנס? טפו! וועט אַ קראַנקער, צעבראָכענער קאַליקע, ווי ער, ליגנערן? וועט עמעץ, וואָס האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן און איז נאָך אַלץ נישט אַרויס פון געפאַר, וועט אַזאַ מענטש אויסטראַכטן עפּעס, וואָס נישט־געשטויגן נישט־געפלויגן? „ער ווייסט נאָך נישט צי ער וועט דערלעבן אויפצובויען זיין הויז אויף ס'ניי, אָבער ער וויל גיין אין קבר אַריין מיט אַ ריינעם נאָמען". דאָס האָט ער טאַקע געזאָגט זיין אַדוואָקאַט ווען יענער האָט גענומען רעדן וועגן אָפּלייגן דעם פּראָצעס ביז זיין קליענטס געזונט

וועט זיך פאַרבעסערן. קלמן האָט זיך געבייזערט אויף דעם אַדוואָקאַט: „דער בילבול מאַכט מיך נאָך מער קראַנק, יעדער טאָג איז פאַר מיר צו לאַנג, איך וויל רייִנוואַשן מײַן נאָמען".

## II

אין דעם קרײַזגעריכט אין גאָסטינין האָט מען אַרײַנגעפירט צוויי שטולן אויף רעדלעך. אין איין רעדערשטול איז געזעסן די באַשולדיקערין, אין דעם אַנדערן דער באַשולדיקטער. קלמן האָט געקוקט ברײַנדלען גלײַך אין די אויגן אַרײַן. איז דאָס אײַנגעשרומפּענע נפש אין דעם רעדערשטול די שיינע ברײַנדל? ווען מע לייגט אַוועק פאַר אים אַ באַרג מיט גאָלד, וואָלט ער זיך איצט נישט צוגערירט צו איר.

ברײַנדל האָט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אין זײַן זײַט.



לויט דעם וואָס ברײַנדל האָט אונטערגעשריבן פאַר דער פּאָליציי, איז אויסגעקומען, אַז קלמן האָט דערהרגעט יאָסלען. געראַנגלט זיך מיט אים און דערהרגעט. דעם אַדוואָקאַטס ערשטע פראַגע איז געווען צו קלמנען: „פאַר וואָס האָט דער פאַן זיך נישט אויפגעשטעלט ווען דער פאַן ריכטער איז אַרײַנגעקומען?"

„איך קאָן זיך נישט אויפשטעלן, כ'בין אַ קאַליקע".

„זינט דעם אומגליק מיטן הויז?"

„זינט כ'בין געווען אַ קליין קינד".

דער אַדוואָקאַט האָט דאַן געבעטן אַרויספירן ברײַנדלען צום עדות־שטול. „איז דער פאַניס מאַן אויך געווען אַ קאַליקע?" האָט ער געפרעגט.

ברײַנדל האָט פּראָטעסטירט: „אָ, ניין, יאָסל איז געווען געזונט און שטאַרק. יאָסל איז געווען אַ ריז, ביז..."

„לויט דער פאַניס עדות־זאָגן קומט אויס, אַז דער האַלב־פּאַראַליזשירטער קלמן איז געווען שטאַרקער פון דעם ריז, דער פאַניס מאַן. איז עס אַזוי געווען?"

„ער׳ט געוואָרפן אַ האַק״.

„ווער האָט געוואָרפן אַ האַק ?״

„ער״, האָט ברײַנדל געוויזן אויף קלמנען.

„די פּאַני האָט עס אַליין געזען ? די פּאַני האָט געזען מיט אירע אויגן ווי דער פּאַן קלמן האָט געוואָרפן אַ האַק אין איר מאַן און אים דערהרגעט ?״

„די האַק איז געפאַלן איז גלאָזשענקל. כ׳האָב געהערט דעם געבראַזג פון צעבראָכן גלאָז, בין איך אַרײַנגעלאָפן״.

„איז דער פּאַניס מאַן געווען אין גלאָזשענקל ? איז ער געווען אויס גלאָז ?״

ס׳איז געוואָרן אַ געלעכטער. דער ריכטער האָט אָנגעזאָגט דעם אַדוואָקאַט נישט צו מאַכן קיין וויצן, דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ מענטש וואָס האָט פאַרלוירן דאָס לעבן. דער אַדוואָקאַט האָט איצט געפרעגט:
„ווו איז די פּאַני געווען ווען זי האָט געהערט דעם געבראַזג פון צעבראָכן גלאָז ?״

„אין בעט״.

„ווו איז געשטאַנען דאָס בעט, אין דער שטוב ווו דאָס גלאָז איז צעבראָכן געוואָרן ?״

„ניין״.

„ווו איז דאָס בעט געשטאַנען ?״

„אין אונדזער שטוב״.

„וואָס מיינט ׳אונדזער׳ ?״

„מײַנס און יאָסלס״.

„אין וועמענס הויז איז געווען די שטוב ?״

„אין אונדזער הויז״.

„די פּאַני און איר מאַן זענען געווען די אייגנטימערס פון דעם הויז ?״

„ניין״.

„ווער איז געווען דער לעגאַלער באַלעבאָס פון הויז, אויף וועמענס נאָמען איז דאָס הויז געווען פאַרשריבן ?״

„אויף זײַן נאָמען״, האָט זי געוויזן אויף קלמנען.

„פאַר וואָס האָט די פּאַני געזאָגט ׳אונדזער׳ ? האָט די פּאַני אָדער איר מאַן אָפּגעקויפט אַ חלק פון הויז ?״

„אַלע האָבן געוווּסט, אַז יאָסל איז אַ שותּף״.

„וויפל האָט ער באַצאָלט פאַר דעם שותּפות ?"

„באַצאָלט ? יאָסל האָט נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן. קלמן אַליין האָט געזאָגט 'שותּף' ".

„איז עס נישט ריכטיק, אַז דער פאָן קלמן האָט געגעבן געלט פאַר דער פאַניס חתונה, אַז ער האָט אײַך בײדן געגעבן אַ באַזונדערע שטוב אין זײַן הויז, אַז פאַר זײַן געלט האָט די פאַני געגעסן און געטרונקען, געקויפט זיך קליידער ?"

ברײַנדל האָט נישט געענטפערט. דער ריכטער האָט זי דערמאָנט, אַז זי מוז ענטפערן אויף יעדער פראַגע, אַז זי מוז זאָגן דעם אמת, זי איז אונטער אַ שבועה.

דער אַדוואָקאַט האָט איבערגעחזרט די פראַגע און ברײַנדל האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„איך הער נישט". האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. „זאָל די פאַני ענטפערן קלאָר, יאָ אָדער ניין ?"

„ער זאָל אַזוי לעבן, צי ער..."

„יאָ אָדער ניין ?" האָט דער אַדוואָקאַט געמאָנט אַן ענטפער.

„יאָ, אָבער..."

דער אַדוואָקאַט האָט איר איבערגעריסן און ווײַטער געפרעגט : „איז עס אמת, אַז דער פאָן קלמן האָט אויך געגעבן אינס מאָן געלט צו קויפן מתּנות פאַר זײַן ווײַב ?"

„ער איז אַ פאַלש שטיק, ער..."

איצט האָט דער ריכטער איר איבערגעריסן : „די פאַני מוז ענטפערן יאָ אָדער ניין".

עס האָט זיך דערהערט אַ שוואַכער „יאָ".

„די פאַני איז געווען אין איר בעט ווען זי האָט געהערט אַ געבראַזג און געקומען צו לויפן, יאָ ?"

„יאָ".

„ווּהין ? ווּ איז געשטאַנען דאָס גלאָזשענקל ?"

„אין דער לאַנגער שטוב".

„ווּ איז געווען די לאַנגע שטוב ? נעבן געוועלב נעבן דער טיר צום הויף ?"

„נעבן געוועלב".

„און דער פּאַניס שטוב?"

„נעבן הויף".

„ווי ווײַט איז פֿון איין שטוב צו דער אַנדערער?"

„נאָענט, דערנעבן".

„ווען די פּאַני איז אַרײַנגעקומען, ווו איז געווען די האַק?"

„כ'געדענק נישט".

„זאָל די פּאַני פּראָבירן זיך דערמאָנען".

„כ'געדענק נישט", האָט זי זיך אָפּגעבייזערט.

„ווו איז געווען דער פּאַן יאָסל?"

„אין שטוב".

„ווו אין שטוב?"

„אין מיטן שטוב".

„איז ער געשטאַנען, געזעסן, געלעגן?"

„ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב".

„און ווו איז דער פּאַן קלמן געשטאַנען?"

ברײַנדל האָט זיך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דעם אַדוואָקאַטס ווענדקע. „ער", האָט זי געטײַטלט אויף קלמנען, „ער איז נישט געשטאַנען, ער איז אַ קאַליקע".

„ער איז געלעגן?"

„ער'ז געהאַנגען".

„געהאַנגען?"

„מיט די הענט אָנגעהאַנגען אין אַ בעלקע".

„אַ בעלקע אונטערן סופיט?"

„יאָ".

„אין אַנדערן עק שטוב?"

„יאָ".

„מיט די הענט איז ער געהאַנגען אויף אַ בעלקע, און מיט וואָס האָט ער געהאַלטן די האַק, מיט די פּאַראַליזשירטע פיס?"

ברײַנדל האָט נישט געענטפערט.

דער אַדוואָקאַט האָט ווײַטער געפרעגט: „ווען די פּאַני האָט געהערט אַ געבראַזג, איז די פּאַני אַרײַנגעלאָפן, אַזוי האָט די פּאַני געזאָגט. נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן פֿון איין שטוב אין דער אַנדערער. ס'קאָן נישט

געמען מער ווי אַ רגע. די פֿאַני מוז צוגעבן, אַז עס איז פּיזיש נישט מעגלעך, דער פֿאַן קלמן זאָל האָבן געוואָרפֿן די האַק, און ער, אַ האַלב־פּאַראַליזירטער מענטש, זאָל אין איין רגע באַוויַיזן מיט אייגענע כּוחות אַרויפֿצוקלעטערן צו די בעלקעס אונטערן סופֿיט. האָט דער פֿאַן יאָסל אים אויפֿגעהאָנגען אויף דער בעלקע? כ׳ווייס, די פֿאַני האָט עס נישט געזען, ווען די פֿאַני איז אַריַינגעקומען איז ער שוין געהאָנגען. זאָל די פֿאַני אַ טראַכט טאָן".

„ער קאָן שפּרינגען ווי אַ רוח, ווי אַ טיַיוול, ער איז אַ טיַיוול!"

„אַזוי רעדט מען וועגן אַ פֿאַרשטאָרבענעם מאַן?"

„נישט יאָסל!" האָט בריַינדל אַזש אַ קוויטש געטאָן, „ער!" האָט זי געוויזן אויף קלמנען.

„מיינט די פֿאַני, אַז ער קאָן וואַרפֿן אַ האַק מיט די פּאַראַליזירטע פּיס?"

דער פּראָקוראָר האָט פּראָטעסטירט וואָס דער אַדוואָקאַט פּראָבירט פֿאַרפּירן דעם עדות. דער ריכטער האָט געהייסן דעם אַדוואָקאַט שטעלן קלאָרע, לאָגישע פֿראַגעס.

„דער פֿאַן קלמן האָט געהאָנגען אונטערן סופֿיט, האָט ער, ווי שמשון־הגיבור, אַ שלעפּ געטאָן די בעלקע און דאָס הויז איז איַינגעפֿאַלן?"

דער פּראָקוראָר האָט ווידער פּראָטעסטירט און דער אַדוואָקאַט האָט באַלד מסכּים געווען אויסצובעסערן זיַין פֿראַגע: „דער פֿאַן קלמן האָט געהאָנגען, דער פֿאַן יאָסל איז געשטאַנען אויף ביידע געזונטע פּיס. אַ האַק איז פֿון ערגעץ געפֿאַלן אין דעם גלאָזשענקל, ווער האָט געקאָנט אויפֿהייבן די האַק?"

בריַינדל האָט געשוויגן.

„האָט די פֿאַני אויפֿגעהויבן די האַק?"

„ניין", האָט זי אַרויסגעקרעכצט.

„האָט דער פֿאַניס מאַן אויפֿגעהויבן די האַק?"

בריַינדל האָט געשוויגן, דער אַדוואָקאַט האָט איבערגעחזרט די פֿראַגע:

„האָט דער פֿאַניס מאַן אויפֿגעהויבן די האַק?"

בריַינדל האָט ווידער נישט געענטפֿערט. דער ריכטער האָט זי ווידער דערמאָנט: „די פֿאַני מוז ענטפֿערן קלאָר און דיַיטלעך אויף יעדער פֿראַגע".

ברייַנדלס פּנים האָט זיך פאַרקראַמפּט, אירע אַקסלען האָבן גענומען ציטערן און באַלד זיך געוואָרפן קאָנוולסיוו. זי האָט אויסגעבראָכן אין ספּאַזמען.

דער ריכטער האָט איבערגעריסן די פאַרהאַנדלונגען.

## III

צו מאָרגנס, ווען די געריכט־פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך ווידער געעפנט, האָט דער אַדוואָקאַט געמאָלדן, אַז זייַן קליענט וויל מאַכן אַ דערקלערונג און אים גערופן עדות צו זאָגן.

„אַזוי לאַנג ווי איך געדענק", האָט קלמן אָנגעהויבן, „בין איך אַ קאַליקע. מייַן טאַטע איז פאַרשוווּנדן באַלד נאָך מייַן קראַנק ווערן, איך געדענק אים קוים. דער אַלטער זיידע וואָס האָט מיך דערצויגן איז אויך אַוועק פון דער וועלט. יאָסל איז געווען אַ וויַיטער קרוב, אָבער דער איינציקער נאָענטער וואָס כ'האָב געהאַט. ווען ער האָט חתונה געהאַט, בין איך געווען גליקלעך פאַר אים, זאָל ער האָבן דאָס גליק וואָס אַ קאַליקע, ווי איך, קאָן נישט האָבן. איך האָב געפילט אַז ער האָט מיך ליב נישט ווייניקער ווי איך אים, אַזוי ביז יענער נאַכט, ביז יענער אומגליקלעכער נאַכט...

איך האָב געזאָגט דער פּאָליציי, אַז דאָס הויז איז אייַנגעפאַלן פון זיך אַליין, פון אַלטקייט. אויב יאָסל וואָלט אויך געראַטעוועט געוואָרן, וואָלט איך געמוזט זאָגן דעם אמת: ער איז פּלוצלינג אַראָפּ פון זינען און איז געוואָרן געפערלעך, אָבער אַז מע האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז שוין נישט צווישן די לעבעדיקע, פאַר וואָס פאַרשוואַרצן זייַן נאָמען? כ'האָב עס געטאָן אויך פאַר ברייַנדעלען. אַז זי האָט יאָסלען געמאַכט גליקלעך, איז זי מיר געוואָרן אַזוי נאָענט ווי ער. „כ'ווייס נישט וואָס עס איז געקומען אויף איר. אפשר די שרעק, אפשר אַ קלאַפּ אין קאָפּ..."

„זאָל דער באַשולדיקטער נישט מאַכן קיין אַלעגאַציעס וועגן דעם עדות", האָט דער פּראָקוראָר זיך אַרייַנגעמישט.

„די ווילדע באַשולדיקונג צווינגט מיך אַרויסצוקומען מיטן גאַנצן אמת. יאָסל איז פּלוצלינג געווירט געוואָרן אויפן קאָפּ. כ'ווייס נישט וואָס

עס איז געשען צווישן אים מיט ברײַנדלען בײַ זיי אין שטוב; ער איז פּלוצלינג אַרײַנגעלאָפן מיט אַ האַק און גענומען אונטערהאַקן די סלופּעס וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דאָס הויז. כ׳האָב פּראָבירט אים באַרויִקן, כ׳האָב זיך געבעטן בײַ אים ווי בײַ אַ קינד. אַז כ׳האָב נישט אויפגעהערט רעדן, האָט ער אַ וואָרף געטאָן די האַק; כ׳האָב קוים באַוויזן אוועקצושפּרינגען, די האַק איז געפאַלן אין גלאָזשענקל. דאָס איבעריקע ווייסט איר שוין, מע האָט מיך, און אויך זי, זײַן אייגן ווײַב, געפונען האַלב־טויטע אונטער דער חורבה פון הויז, און ער אַליין... ס׳איז מיר שווער וועגן דעם צו רעדן״.

די גאַנצע צײַט וואָס קלמן האָט גערעדט איז ברײַנדלס פּנים געווען אָן אויסדרוק, ווי זי וואָלט גאָר נישט געהערט, אָדער ווי די מוסקלען פון איר פּנים וואָלטן פאַרפרוירן געוואָרן. אויך די אויגן זענען געווען שטאַר, נאָר די לעפּלעך האָבן אַלע מאָל אַ ציטער געטאָן. אַ טויט־שטילקייט איז אײַנגעטרעטן אין געריכטזאַל ווען קלמן האָט געענדיקט. אַפילו דער ריכטער איז געווען אַזוי גערירט, אַז ער האָט געטראַכט אָפּצולייגן די פאַרהאַנדלונגען ביז צו מאָרגנס. דער פּראָקוראָר האָט אָבער נישט געוואָלט די פאַרהאַנד־לונגען זאָלן זיך איצט שליסן, ער האָט געוואָלט הערן וואָס זײַן עדות האָט וועגן דעם צו זאָגן.

מע האָט ווידער אַרויפגעפירט דעם רעדערשטול, אויף וועלכן ברײַנדל איז געזעסן.

„וואָס האָט די פּאַני צו זאָגן וועגן דעם וואָס דער באַשולדיקטער האָט דאָ דערציילט?״ האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט.

„זאָל ער זאָגן וואָס עס איז געשען אַ נאַכט פריִער״, האָט זי געענטפערט.

„זאָל די פּאַני זאָגן״.

„זאָל ער זאָגן״.

מען האָט געפרעגט קלמנען צי ער האָט עפּעס צו זאָגן וועגן דעם.

„איך? וואָס האָב איך צו זאָגן?״

„די פּאַני וויל זאָגן עפּעס מער?״ האָט דער ריכטער געפרעגט.

„זאָל ער זאָגן וואָס ס׳איז געשען די נאַכט ווען יאָסל איז געווען אין וואַרשע״.

קלמן האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

„איך לייג פאָר, מע זאָל שליסן די פאַרהאַנדלונגען״, האָט דער אַד־וואָקאַט זיך אָנגערופן.

„אויב די פּאַני האָט גאָרנישט מער צו זאָגן, וועל איך שליסן די פאַרהאַנדלונגען", האָט דער ריכטער געזאָגט ברייַנדלען.

דער פּראָקוראָר האָט געבעטן צייַט זיך צו באַראָטן מיטן עדות. דער אַדוואָקאַט האָט געשריגן, אַז אַ פּראָקוראָר טאָר נישט אויפהעצן אַן עדות, דער עדות האָט גאָרנישט מער וואָס צו זאָגן. דער ריכטער האָט געפרעגט ברייַנדלען, צי זי וויל דערציילן וואָס עס איז געשען אין דער נאַכט ווען איר מאַן איז געווען אין וואַרשע.

„ער האָט מיך פאַרגוואַלטיקט", האָט זי אַרויסגעקרעכצט.

קלמן האָט געבעטן, מע זאָל אים צוריקרופן עדות צו זאָגן: „אָרעמער יאָסל. איך האָב געמיינט, אַז ער איז פּלוצלינג אַראָפּ פון זינען. יאָסל איז געווען אַ פּשוטער, אָבער אַ גוטע נשמה; ווי האָט אַזאַ זאַך געקאָנט געשען צו אים? קאָן עס זייַן, אַז דעמאָלט איז נישט יאָסל, נאָר ברייַנדל אַראָפּ פון זינען? האָט זי אים דערציילט עפּעס אַן אויסגעדאַכטע מעשה, און דאָס האָט אים ווילד געמאַכט? אָבער ווי אַזוי איז זי פּלוצלינג באַפאַלן אַזאַ ווילדע משוגעת? אכיבע יאָסל איז קראַנק געוואָרן אין יענער נאַכט און ברייַנדל... וואָס ווייס איך? אַ הויז איז אייַנגעפאַלן איבער איר, איר קאָפּ איז געווען צעקלאַפּט..."

דער פּראָקוראָר האָט אים איבערגעריסן: „זאָל דער באַשולדיקטער נישט מאַכן קיין אינסינואַציעס, זאָל ער דערציילן פאַקטן און נישט שפּעקולירן וואָס עס איז געשען מיט דעם עדות".

קלמן האָט געהויבן מיט די פּלייצעס: „די גאַנצע שטאָט ווייסט, אַז איך בין פאַראַליזירט זינט איך בין געווען אַ פּיצעלע קינד. ברייַנדל האָט געהאַט געזונטע צוויי הענט און געזונטע צוויי פיס. דאָס איז אַ נאַרישער בילבול, ס'איז גאָר פיזיש נישט מעגלעך".

„ס'איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל", האָט ברייַנדל אויסגעשריגן און האָט דערציילט וועגן קיילען.

דער פּראָקוראָר האָט געמאָלדן, אַז ער וועט אַרויסרופן קיילען פאַר אַן עדות. דערווייַל האָט מען אָפּגעלייגט די ווייַטערדיקע פאַרהאַנדלונגען.

# IV

ווען מע האָט אָנגעזאָגט קיילען, אַז זי וועט מוזן קומען אין געריכט און דערציילן אַלץ וואָס איז געשען צווישן איר און קלמנען, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט זיך פריִער אַ מעשׂה אָנטאָן. עס האָט נישט געהאָלפן ווען מע האָט זי געטרייסט, אַז דער פּראָצעס קומט פאַר נישט אין דאַמבראָווו־קע, נאָר אין דער פּאָוויאַט־שטאָט גאָסטינין. קיילע האָט געוויינט גאַנצע נעכט און געשריגן, אַז ז׳יט פריִער שטאַרבן איידער זי וועט פאַר גאַנץ קהל רעדן וועגן יענער זאַך. אָבער ווען מע האָט זי גערופן צום עדות־שטול, האָט זי זיך אויסגעגלייַכט און אַרייַן אין געריכטזאַל. געפּילט אַלע אויגן אויף זיך, האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און צוגעגאַנגען צום ריכטערטיש מיט אַ קאָקעטיש האָפּסעלע. אין גאַנץ דאַמבראָווקע און אַפילו נישט אין דער פּאָוויאַט־שטאָט גאָסטינין טראָגט עמעץ אַזאַ געפּאַסטן קאָסטיום און אַ הוט מיט אַ קאָלירטער פעדער, ווי זי. די מאַדאַם אין וואַרשע זאָל נאָר זייַן געזונט און שטאַרק, איר מזל זאָל אַזוי שייַנען ווי אירע געניצטע מלבושים באַשייַנען איצט אַ פאַרשעמט מיידל.

קלמן האָט זיך באַמיט צו כאַפּן איר בליק און אַ שמייכל טאָן צו איר, אָבער זי האָט עקשנותדיק אויסגעמיטן צו קוקן אין זייַן זייַט.

נאָך דעם, ווי מע האָט זי אייַנגעשוווירן, האָט דער פּראָקוראָר זי געבעטן דערציילן מיט אירע אייגענע ווערטער ווי דער באַשולדיקטער האָט זי פאַרגוואַלדיקט.

„כ׳האָב נישט וואָס צו דערציילן״, האָט קיילע געענטפערט.

„האָט דער באַשולדיקטער קלמן שווערדל די פּאַני פאַרגוואַלטיקט ?״

„ניין״.

עס איז געוואָרן אַ געשושקע, דער ריכטער האָט געמוזט אייַנשטילן דעם עולם.

„די פּאַני האָט אַ קינד ?״ האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט.

„יאָ״.

„וועמענס איז דאָס קינד ?״

„מייַן״.

„די פּאַני האָט אַ מאַן ?״

„ניין״.

„האָט די פאַני געוווינט ביַי קלמן שווערדל ווען זי האָט פאַרשוואַנ־גערט ?"

„יאָ".

„ער האָט די פאַני פאַרגוואַלדיקט ?"

„ניין".

„ער האָט מיט דער פאַני חתונה געהאַט ?"

„געזאָלט חתונה האָבן".

„אַזוי. ער האָט עס צוגעזאָגט ?"

„וואָס דען ?"

„וואָס האָט ער געזאָגט ?"

„כ'ווייס נישט".

דער ריכטער האָט זיך אַריַינגעמישט: „ער האָט צוגעזאָגט אָדער נישט צוגעזאָגט ?"

„אַלע האָבן געוווּסט, אַז כ'בין טאַלמען טאַליטעס טאַלע".

„זאָל די פאַני זיך דערמאָנען, וואָס האָט ע ר צוגעזאָגט ?"

„אַלץ".

„זאָל די פאַני זיך דערמאָנען און נאָכזאָגן וואָרט פאַר וואָרט וואָס ער האָט געזאָגט".

„וועגן די אויגן, ר'אָט געזאָגט, כ'האָב שיינע אויגן. כ'זאָל אַזוי דעזונט זיַין".

„וואָס נאָך ?"

„כ'שעם מעך..."

„די פאַני מוז זאָגן, דאָס איז אַ געריכט".

„ער'ט מיך אויסגעלערנט טישן..."

„די פאַני מיינט 'קושן' ?"

„ער'ט געזאָגט, כ'בין אַ דוטע שילערין".

„נאָך עפּעס ?"

„אַ, יאָ".

„וואָס ?"

„דאָס טאָן (קאָן) איך נישט זאָדן (זאָגן), ס'איז נישט שיין".

דער ריכטער האָט זיך ווידער געמוזט אַריַינמישן און זי וואָרענען, אַז זי מוז אַלץ זאָגן.

קיילע האָט געוויזן אויף איר בוזעם: „וועגן דעם".

„האָט ער געזאָגט 'כ'על מיט דיר חתונה האָבן'?"

„נישט מיט די ווערטער".

„און מיט אַנדערע ווערטער? זאָל די פּאַני נאָכזאָגן זײַנע ווערטער".

„ער'ט מיך געטושט, און אַלע אַנדערע זאַכן..."

„יענע נאַכט, ווען ער איז געקומען צו דער פּאַני..."

„נישט נאָר איין נאַכט".

„ווען ער איז געקומען צו דער פּאַני ס'ערשטע מאָל, האָט די פּאַני אים געפרעגט צי ער'ט מיט איר חתונה האָבן?"

„ספּאָסט נישט אַזוי צו פרעדן (פרעגן)".

„האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז אויב די פּאַני וועט טאָן וואָס ער וויל, וועט ער מיט איר חתונה האָבן?"

„כ'האָב עס אַליין פאַרשטאַנען".

דער פּראָקוראָר האָט זיך גענומען ווישן דעם שווייס פון שטערן.

„וועמענס איז דער פּאַניס קינד?"

„מײַן".

„ווער איז דער טאַטע?"

„ס'האָט נישט קיין טאַטע".

„מיט וועלכן מאַן איז די פּאַני געלעגן איידער זי איז געוואָרן טראָגעדיק?"

„מיט טאַלמענען".

„מיט וועמען נאָך?"

קיילע האָט אַ קוק געטאָן מיט כּעס אויפן פּראָקוראָר, אויפגעשפּרונגען און גענומען אַוועקגיין. דער געריכט־שרײַבער איז צוגעלאָפן און זי פאַרהאַלטן. „כ'בין נישט דעטומען דאָ, מע זאָל מיך באַליידיטן", האָט זי זיך געקלאָגט. „כ'בין אַ מאַמע? עלעהיי דעדעט (געגעט) זיך".

„ער גיט אויף אויסצוהאַלטן זײַן קינד?" האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט ווען זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט, און געהאָפט אַזוי אַרום דערפירן, זי זאָל אַרויס מיט טענות.

„ניין", האָט קיילע געענטפערט.

„פאַר וואָס?"

„כ'וויל נישט".

„די פֿאַני וויל נישט, דער פֿאַן שווערדל זאָל אויסהאַלטן זײַן קינד?"

„ניין".

„ער איז דאָך דער טאַטע".

„מײַן זעליטל 'אָט ניש טיין טאַטע, נאָר אַ מאַמע".

ווען קיילע איז אַוועק פֿון עדות־שטול, האָט קלמן פֿאַרגלײַכט ברײַנדלס פּינצטער פּנים, פֿול שינאה, מיט דעם פֿרישן ליכטיקן פּנים פֿון קיילען. ער וואָלט פֿאַרקוקט איר דעם קירצערן פֿוס, ער וואָלט איר מוחל געווען דאָס רופֿן אים טאַלמען, אויב זי וואָלט נאָר נישט געווען אַזאַ בהמה.

## V

קלמנס אַדוואָקאַט האָט גערופֿן אַ כאַראַקטער־עדות. דער קליינער בערעלע איז געווען שטאָלץ, וואָס אַזוי פֿיל אַדונים ווענדן זיך צו אים און קוקן אים אין מויל אַרײַן, ווי ער וואָלט געווען אַ וועלט־חכם.

„דער נאָמען?"

„בערעק בילכער, מע רופֿט מיך בערעלע טרעגער".

„דער פֿאַן איז אַ טרעגער?" האָט דער אַדוואָקאַט געפֿרעגט.

„געווען אַ טרעגער. ער, דער פֿאַן קלמן, האָט מיך אויס געמאַכט".

„וואָס מיינט דאָס?"

„ער'ט מיך געמאַכט אויס טרעגער, אויס פֿערד".

„וואָס מיינט דער פֿאַן צו זאָגן?"

„צו ערשט האָב איך געטראָגן משׂא אויף די פּלייצעס, דערנאָך האָב איך מיר געמאַכט אַ וואָגן, אָבער איך אַליין בין געווען דאָס פֿערד, כ'האָב זיך אײַנגעשפּאַנט און אַליין געשלעפּט דעם וואָגן".

„און?"

„כ'ווייס נישט ווי עס צו זאָגן אויף פּויליש, כ'האָב מיר געמאַכט אַ לידל: קלמן שווערדל האָט מיך געמאַכט אויס פֿערדל".

בערעלע האָט דערציילט ווי קלמן האָט אים געגעבן אַ הלוואה צו קויפֿן אַ פֿערדל, נישט גענומען בײַ אים קיין פּראָצענט און אים געגעבן אַרבעט, עס זאָל אים לײַכט זײַן אויסצוצאָלן דעם חוב.

„וואָס פאַר אַ אַרבעט?"

„געפירט זײַן סחורה און ר'האָט באַצאָלט נאָך בעסער ווי אַנדערע".

„איר זענט דעם פאָן קלמנס אַ קרוב? אפשר אַ חבר?"

„וואָס פאַר אַ קרוב, וואָס פאַר אַ חבר? ווי קום איך צו אים? ער איז אַ געלערנטער מענטש מיט צײַטונגען, מיט ביכער, מיט אַלעם איבעריקן".

„ווי איז אײַך פּלוצלינג אײַנגעפאַלן צו בעטן אַ הלוואה בײַ אַ פרעמדן?"

„אײַנגעפאַלן? ווען איז אײַנגעפאַלן? און אויב עס וואָלט מיר יאָ אײַנגעפאַלן, וואָלט איך דען געהאַט די העזה צו בעטן? כ'האָב אפילו נישט געהאַט וואָס אײַנצולייגן פאַר אַ משכון. ווען דער פאָן שווערדל האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיר באָרגן אַ גאַנצן הונדערטער אָן אַ משכון און אָן פּראָצענט, האָב איך געמיינט, אַז ער מאַכט פון מיר ס'געלעכטער. ר'האָט אַ האַרץ ווי גאָלד!"

דער פּראָקוראָר האָט איבערגענומען דעם עדות.

„צי האָט דער עדות געהערט, אַז דער מענטש מיטן גאָלדענעם האַרץ האָט געמאַכט אַ מיאוסן באַנקראָט און אומגליקלעך געמאַכט אַ סך מענטשן?"

„מ'האָט עפּעס אַזוינס געזאָגט, מאַלע וואָס מענטשן זאָגן. אויב עס איז וואָר, איז עס נישט דעם פאָן קלמנס קאָפּ".

„וועמענס דען?"

„אויב דער יאָסל וואָלט נישט געווען, ער זאָל עס מיר מוחל זײַן, אַזאַ גולם, וואָלט איך געזאָגט ס'איז יאָסלס קאָפּ".

„און אַז דער פאָן יאָסל, צום הייליקן אָנדענק, איז נישט געווען קיין דרייקאָפּ, וועמענס קאָפּ איז עס געווען?"

„אפשר גאָר דער ברײַנדלס קאָפּ. כ'האָב זיך געהיטן נישט אַרײַנצוגיין אין געוועלב ווען זי איז געווען הינטער דער צאָלבאַנק. זי'ט גערעכנט טײַערער און נישט געגעבן אַזאַ גוטע וואָג ווי דער פאָן קלמן".

„דער באַנקראָט איז געמאַכט געוואָרן אײדער די פאָני ברײַנדל איז געקומען קיין דאָמברוווקע".

„אַזוי? אפשר טאַקע. וואָס ווייס איך? כ'ווייס נאָר, אַז צו מיר איז ער געווען ווי אַ מלאך פון הימל. כ'זאָל האָבן אַזוי פיל גוטע געזונטע יאָר וויפל נאָך מענטשן דער פאָן קלמן האָט געהאָלפן".

# VI

דער פּראָקוראָר האָט צוריקגערופן קלמנען צום עדות־שטול.

„ווער איז געווען דער אײַנקויפער אין דעם פאַנס געשעפטן?"

„איך".

„נישט דער פאַרשטאָרבענער פאָן יאָסל?"

„ער איז נישט געווען קיין וואַזשנער סוחר, אָבער איז גוט געווען אַכטיק צו געבן אויפן געוועלב".

„און אָפּצושרעקן קרעדיטאָרן?"

„יאָסל איז נישט געווען קיין שלעכטער מענטש".

„וואָס איז געווען זײַן ראָלע ווען דער פאָן האָט באַנקראָטירט".

„דאָס איז נישט געווען זײַן שולד", האָט קלמן זיך געמאַכט נאַיִוו, „יעדער געשעפט האָט אַרויפּס און אַראָפּס. אָבער איך בין שנעל איבערגע־קומען די שוועריקייטן, נישט געבליבן קיין איין חוב".

„דער פאָן איז געווען דער אײַנקויפער; פאַר וואָס איז דער פאָן יאָסל געפאָרן קיין וואַרשע? פאַר וואָס האָט דער פאָן אים אַוועקגעשיקט גראָד דעם טאָג פאַרן אומגליק?"

„מע האָט באַדאַרפט סחורה און ס'איז אָנגעפאַלן אַ גרויסער שניי, האָב איך געמאַכט אַ ליסטע, אויפגעשריבן די פּרײַזן און יאָסל איז געפאָרן".

„האָט נישט דער פאָן אַוועקגעשיקט יאָסלען כּדי צו בלײַבן אַליין מיט זײַן ווײַב?"

קלמן האָט זיך געכאַפּט וווהין דער פּראָקוראָר צילט מיט זײַנע פראַגעס. ער האָט זיך נישט פאַרלוירן און געענטפערט מיט אַ פראַגע: „איז עס אַ געפאַר פאַר צוויי מענטשן צו בלײַבן אַליין? אפשר האָב איך געדאַרפט מורא האָבן צו בלײַבן אַליין מיט איר? דעמאָלט האָט זי געהאַט געזונטע הענט און פיס, איך האָב געהאַט פּאַראַליזירטע פיס און זי האָט געוווּסט, אַז כ'האָב געלט און צירונג".

„האָט דער פאָן מורא געהאַט פאַר איר?" האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט מיט סאַרקאַזם.

„אויב איך וואָלט דעמאָלט געוווּסט וואָס עס קאָן ווערן פון אַ מענטש... מיר זענען אָפט געווען אַליין. שפּעטער נאָך דעם ווי יאָסל איז געגאַנגען שלאָפן, איז זי געבליבן זיצן מיט מיר. גערעדט, געפּלאַפּלט, געמאַכט אַ

קערטל. זי׳ט געשפּילט בעסער פון מיר, אַלע מאָל געווונען. זאָל דער פּאַן זי פרעגן צי ס׳איז נישט אמת. זי האָט מיר דערציילט זאַכן, וואָס אפילו איר מאַן האָט נישט געוווּסט. איידער זי איז אַ כּלה געוואָרן, איז זי געווען אַ דינסט. אין יענער נאַכט איידער זי איז געגאַנגען שלאָפן, האָט זי מיר דערציילט, אַז דער באַלעבאָס און דער זון האָבן זיך ביידע געטשעפּעט צו איר. איין מינוט, איין מינוט״, האָט קלמן זיך געקלאַפּט אין שטערן. „דער באַלעבאָס, דער וואָס האָט זיך געטשעפּעט צו איר האָט געהייסן... כ׳מעג אָנרופן אַ נאָמען? כ׳געדענק אַפילו דעם נאָמען און מע קאָן עס נאָכפּאָרשן. כ׳בעט, מע זאָל דאָס נאָכפּאָרשן! פּאַניע ריכטער, אפשר האָט זיך עפּעס ביי איר פאַרפּלאָנטערט (ער האָט געוויזן אויפן קאָפּ), כ׳מיין, אין אַ בייזן חלום קאָן זיך דאַכטן, אַז וואָס ס׳איז געשען מיט יענעם באַלעבאָס איז גאָר געווען מיט מיר. „בריינדעלע״, האָט קלמן זיך געוואָנדן דירעקט צו איר מיט אַ דראַמאַטיש קול: „בריינדעלע, רייס זיך אַרויס פון דעם קאָשמאַר. אוודאי האָב איך דיך ליב געהאַט, ווי אַ טאַטע האָט ליב זיין טאָכטער, אפשר ווי אַ ברודער האָט ליב זיין שוועסטער, די שרעקלעכע זאַכן זענען נאָר אַ בייזער חלום״.

אַלע אין זאַל זענען געווען געריירט ביז טרערן. קלמן האָט געוואָלט האָבן נאָך אַ שטאַרקערן עפעקט. שווער ווי עס איז אים געווען, האָט ער צוגערעדלט זיין שטול צו איר: „גלייב מיר, בריינדעלע, ס׳איז נאָר אַ בייזער חלום. עס זאָל קאָסטן אַ פּאַרמעגן, וועל איך ברענגען די גרעסטע דאָקטוירים דיך אויסצוהיילן. פאַרלאָז זיך אויף קלמן קאַליקע״.

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַרער און זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש אַז עס האָט זיך געדאַכט, די שויבן אין פענצטער האָבן אַ ציטער געטאָן. ער האָט נישט אָפּגעלאָזט איר האַנט; זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און אַרויסגעפאַלן פון איר רעדלשטול. זי איז געבליבן ליגן אויף דער ערד און נישט אויפגעהערט שרייען. דער ריכטער האָט געשלאָסן די פאַרהאַנדלונ־גען. דער געריכט־שרייבער איז געלאָפן ברענגען אַ דאָקטער.

מתּוֹת האָט געהאָלפן דער קראַנקן־שוועסטער מאַריאַ אַרויספירן קלמנען פון געריכטזאַל. קלמן האָט געוווּסט, אַז ער האָט געווּנען און נישט געקאָנט אונטערדריקן אַ שמייכל. מתּוֹת האָט געזען דעם אויסדרוק אויף קלמנס פּנים און אַ סקרוך איז אַריבער זיין לייב. דאָס מיידל איז טאַקע, נישט דאָ געדאַכט, אַראָפּ פון זינען, אָבער רחמנות...

## VII

מתותן האָט מען נישט גערופֿן עדות צו זאָגן; קלמן האָט דאָס נישט געוואָלט. גינציק ווי ער איז איצט געווען צו קלמנען, וואָלט ער קיין ליגן אונטער אַ שבועה נישט געזאָגט און מע קאָן קיין מאָל נישט וויסן, וואָס פֿאַר אַ פּראָגעס דער פּראָקוראָר וועט שטעלן. דאָס וואָס מתות איז שטענדיק געווען מיט קלמנען איז גענוג געווען צו באַווייַזן, אַז צווישן קלמנען און מתותעס טאָכטער איז נישט געשען קיין בייז. דער פּראָקוראָר האָט שוין אַליין געספּקט אין ברייַנדלס באַשולדיקונג און מער נישט געווען פֿאַראינטערעסירט צו פֿאָרשן אַנדערע עדות. קלמן איז אַהיימגעפֿאָרן פֿון גאַסטינין ווי פֿון אַ געווונענער שלאַכט. די יסורים האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט אין דעם פֿאַרווונדיקטן פֿוס, אָבער דער קאָפּ איז געווען פֿול מיט פּלענער.

ס'איז געווען אַ מילדער, זוניקער טאָג; אַפֿילו מיט דעם לייַכטן שליטן, וואָס קלמן האָט געדונגען, איז עס געווען אַ נסיעה פֿון אַ צוויי שעה קיין דאָמבראָוווקע. חדשים האָט ער געזען דעם דרויסן נאָר דורכן פֿענצטער, האָט קלמן איצט הנאה געהאָט פֿון דער ברייטער, אָפֿענער, ווייַסער וועלט, דורך וועלכער זייַן שליטן האָט זיך געגליטשט. נאָך די טעג אין געריכט האָט ער אויך הנאה געהאַט פֿון דער שטילקייט. בייַ נאַכט איז געהאָט אָנגעפֿאַלן אַ פֿרישער שניי, האָבן אַפֿילו די טריט פֿון די פֿערד זיך נישט געהערט, נאָר דינע גלעקלעך אויף די פֿערדס העלדזער האָבן געקלינגלט מעלאָדיש ווי אין אַ ווייַטן חלום. מתות, וואָס איז געזעסן נעבן אים, איז אייַנגעשלאָפֿן און געגומען שנאָרכן. דער אייַנפֿאַל מקרב צו זייַן מתותן איז געווען ממש געניאַל. שׂכל איז אַ געפֿערלעכע זאַך, נאָר ווער עס איז נישט געשטראָפֿט מיט דעם קאָן זייַן געטרייַ ווי אַ הונט און אַרבעטן ווי אַ פֿערד. איז דאָס די סיבה וואָס מע רופֿט אַ נאַר ,בהמה'? דער מתות איז ווי אַן אויפגעמישט בלאַט, ווי אַן אָפֿענע קאָרט. נישט בחינם איז ער נאָך אַלץ אַ בלוטיקער אָרעמאַן; מע קאָן דאָך פֿון זייַן פּנים אָראָפּלייענען אַלץ, וואָס ער טראַכט. אַז קלמן קאַליקע גלייבט אים און געטרויט אים, קאָן מען אים געטרויען ווי אַ טויטן. אָבער וואָס איז געשען מיט דער קיילע? אין גאַסטינין האָט זי אים אויסגעמיטן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿאָרן צוזאַמען מיט אים אין זייַן שליטן, כאָטש זי

פאַרט קיין דאָמבראָווקע און וועט ערשט פון דאָרט צוריקפאָרן קיין וואַרשע. עס ווײַזט אויס, אַז זי האָט אַ גוטע שטעלע אין וואַרשע. ער האָט פאַרגעלייגט צושטײַער צו געבן צו אירע הוצאות, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. מתות זאָגט, אַז זי האָט איבערגעלאָזט דאָס קינד מיט איר מאַמען, עס וואָלט אפשר כדאי געווען צו געבן אַ קוק אויף דעם ממזרל...

קיילע שעמט זיך מער נישט צו באַווײַזן זיך מיט איר ממזר? אַנישט וואָלט זי עס נישט געבראַכט קיין דאָמבראָווקע. און מתות? דער לאַנגער משה וועט אים ווײַטער נישט צולאָזן דאַוונען פאַרן עמוד. יאָ, ער האָט צוגעזאָגט מתותן זיך אַרײַנצומישן אין דעם ענין, אָבער...

קלמן איז אָזש אונטערגעשפּרונגען אין געזעס פון שליטן פון דעם, וואָס איז אים אײַנגעפאַלן. אײַ, וואָלט דאָס געווען אַ העצע!

ווי אַלע מאָל ווען עס איז אים אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק וועגן אַ שפּיצל, האָט ער גענומען ברענען מיט אומגעדולד. ער האָט אויפגעוועקט מתותן: „ר׳ מתות, זאָגט מיר נאָר, דער לאַנגער משה האָט אַ זון?"

„לייבל און פּינחס, דאָס ייִנגסטע איז אַ מיידל".

„מיר דאַכט זיך, אַז דער עלטסטער... לייבל איז דער עלטסטער, יאָ? מיר דאַכט זיך, אַז ער איז שוין ראוי־לחופּה".

„לייבל דאַרף שוין בקרוב שטיין צום פּריזיוו און ר׳ משה זוכט טאַקע אַ מחותּן, וואָס זאָל האָבן צו באַצאָלן, אַז זײַן בחור זאָל נישט דאַרפן גיין אין מיליטער".

קלמן איז געווען זייער צופרידן פון מתותעס ענטפער און מכּלומרשט נאַיִוו געפרעגט „פאַר וואָס זאָל אַזאַ געזונטער בחור ווי לייבל נישט גיין דינען?"

„וואָס רעדסטו, קלמן! ראשית, איז דאָס עסן טריף, און דו ווייסט גאָר נישט ווי זיי מאַכן זיך פריילעך איבער אַ ייִד, ווער שמועסט נאָך אויב עס איז אַ פרומער ייִד. ׳מאַכן זיך פריילעך׳, האָב איך געזאָגט? זיי מאַכן אים דעם טויט!"

קלמן האָט אָזש גענומען אונטערפײַפן, און מתות האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דאָס האָט אים אַזוי אויפגעהײַטערט.

„ר׳ מתות, איר וועט זאָגן ׳קלמן קאַליקע האָט געזאָגט׳; הערט טאַקע וואָס איך זאָג אײַך: דער לאַנגער משה וועט זיך בעטן בײַ אײַך, איר

זאָלט צוגיין צום עמוד. געדענקט וואָס איך זאָג, ער וועט זיך **בעטן ביי אייך**".

„עט, קלמן, כ'האָב גרעסערע דאגות. נעבן דיר האָב איך טאַקע פּרנסה, אָבער אַז מע האָט דערוואַקסענע טעכטער און קיין נדן צו געבן איז נישטאָ..."

„וועגן דעם טאַקע רעד איך, ר' מתות".

ווי קומט אַן עמוד צו אַ נדן? האָט מתות נישט פאַרשטאַנען דעם שייכות, אָבער קלמן איז ווידער פאַרזונקען אין זיינע רעיונות און מער נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם.

ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין דאָמברווּוקע און פאַרבייגעפאָרן די ווילקער גאַס, האָט קלמן געזען ווי פויערים מיט ברעכאייזנס רייסן אויס שטיקער פון דער פאַרפרוירענער ערד נעבן דער שיל.

„ווער דערוועגט זיך טאָן אַזאַ זאַך?!" האָט קלמן אויסגעשריגן און מתות האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן ווי טייער ייִדישקייט איז דעם קלמנען.

## VIII

קלמן האָט נאָך נישט באַוויזן זיך רעכט אָפּצורוען ווען ער האָט געשיקט רופן דעם לאַנגן משה.

„וואָס טוט זיך נעבן דער שיל?" האָט ער געפרעגט ר' משהן, „פאַר וואָס לאָזט מען נישט וויסן דעם פּריץ?"

„דאָס זענען דעם פּריצעס פויערים. זיי האָבן שוין צעבראָכן און צעגנבעט אַ סך פון די ברעטער פאַר דער שילס פּאָדלאָגע".

„פאַר וואָס ליגן נאָך די ברעטער דרויסן? פאַר וואָס מאַכט מען נישט די פּאָדלאָגע? אויב עץ ווילט, איך זאָל געבן אויך אויף מלאָכה־געלט — ציט נישט איבער דאָס שטריקל. ס'זענען דאָ גענוג ייִדישע סטאָליערס, וואָס וועלן עס טאָן לשם־מיצווה. יעדער וועט אַריינלייגן אַ פּאָר שעה אַרבעט און ס'עט זיין אַ פּאָדלאָגע".

„ס'גייט נישט אין מלאָכה־געלט".

„און וואָס דען גייט עס?"

„ס'איז ווינטער; אַז מ'עט אַרויסרײַסן די אַלטע פּאָדלאָגע, 'עט מען זינקען אין אַ בלאָטע. ביז די נײַע וועט פאַרטיק ווערן, 'עט נישט זײַן וווּ צו דאַוונען".

דער לאַנגער משה האָט זיך געקרעקט און פאַרהיקעט בײַם רעדן, גאָר נישט ווי זײַן שטייגער. דאָס איז זיכער נישט די אמתע סיבה פאַר וואָס מע האָט נישט געמאַכט די פּאָדלאָגע.

„דעם פּריצעס פּויערים, האַ? ער וועט טײַער באַצאָלן דערפאַר, דער..."

קלמן האָט זיך שיִער נישט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ גראָב וואָרט, אָבער דאָ איז געשטאַנען פאַר אים דער גבאי פון דער שיל און ער האָט נאָך געוואָלט רעדן מיט אים וועגן אַ וויכטיקן ענין.

„ר' משה, כ'האָב שוין לאַנג געוואָלט רעדן צו אײַך. ס'קומט מיר בײַ אײַך געלט, וואָס איר האָט נאָך געבאָרגט בײַם זיידן, עליו־השלום; ווי לאַנג איז דער שיעור?"

„פּאַניע קלמן, איך האָב טאַקע געוואָלט רעדן מיט אײַך וועגן דעם. אײַער געלט אַרבעט, ברוך־השם, פאַר אײַך. כ'ווייס, כ'געדענק, עס קומט אײַך אַכט און זעכציק זלאָטעס פּראָצענט; אויב איר וועט עס צושטעלן צום חוב און מיר צובאָרגן נאָך צוויי און דרײַסיק זלאָטעס, וועט איר האָבן בײַ מיר אַ רונדיקן טויזנטער".

„איר דאַרפט זיך שעמען צו קומען מיט אַזעלכע פאַרלאַנגען. ווען נאָר איר דאַרפט מיר געבן אַ פּאָר זלאָטעס, לייגט איר עס צו צום חוב".

„ווי כ'בין אַ ייִד, פּאַניע קלמן, ווי כ'האָב געהאַט דאָס געלט גרייט פאַר אײַך. מע שטייט און מע לאָדט אָן די סחורה אויפן וואָגן צו פאָרן קיין לוּיוויטש, נעכטן איז געווען יאַרמאַרק אין לויוויטש. די סחורה איז שוין אויפן וואָגן, ווער מיינט איר באַווײַזט זיך, ווי פון דר'ערד אַרויס?"

„ווער?"

„דער סעקוועסטראַטאָר. ער וויל, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַרויפקלעפּן צעטעלעך אויף דער גאַנצער סחורה, אַז ס'איז סעקוועסטרירט פאַר שטײַערן. איר ווייסט וואָס דאָס מיינט, פּאַניע קלמן? דאָס מיינט, אַז די סחורה געהערט צו מלכות און איך טאָר עס נישט אָנרירן ביז דער אָדון וועט עס באַפרײַען".

„וואָס פאַר אַ שייַכות האָט דאָס צו מיר און מייַן געלט?״

„איר זאָלט אַזוינס זאָגן, פּאַניע קלמן. דער לויוויטשער יאַרמאַרק איז אַ גאַנצער חודש פּרנסה. ווי האָב איך געקאָנט פאָרן, מיט אַ לידיקן וואָגן?״

„האָט איר אים אָוועקגעגעבן מייַן געלט? מיר קומט דאָך מער ווי גראַבסקין״.

„גראַבסקי וועט נישט אייביק זייַן פינאַנץ־מיניסטער און די שונאי־ישראל וועלן נישט אייביק האָבן די אייבערהאַנט״.

„איך קאָן אויך אַרויפפליִען צעטלעך, ר׳ משה״.

„וואָס קאָן איך טאָן מער ווי אַרבעטן שווער און ביטער? איר ווייסט וואָס עס הייסט שלעפּן זיך צוויי־דרייַ מאָל אַ וואָך צו אַ מאַרק? פאַר נאַכט דאַרף מען שוין אָנהייבן לאָדן די סחורה. אַ גאַנצע נאַכט שלעפּט מען זיך אויף אַ טרייסלענדיקן פורערישן וואָגן, פאַר טאָג דאַרף מען אויפשטעלן די בויד, בייַ נאַכט צוריק אַרויפלאָדן די נישט־פאַרקויפטע סחורה און די צענומענע בויד. אַזוי פאָרן מיר אַלע, איך, מייַן ווייַב און אַלע דרייַ קינדער. דאָס מיידל דאַרף נאָך גיין אין שקאָלע, די בחורים וואָלטן גענדאַרפט זיצן און לערנען. אַז ס׳בלייַבט קוים צייט אַרייַנצולויפן אין אַ מקום־קדוש און אַרייַנכאַפּן אַ דאַוונען״.

„אויב איר וואָלט זיך אַ מאָל דערמאָנט אַרייַנצוּוואַרפן אַ צאָלונג...״

„ס׳איז נישטאָ די באַרע זלאָטע, פּאַניע קלמן״.

„אַז איר שטייט אַזוי שלעכט, טאָר איך נישט וואַרטן מיטן חוב. וואָס לענגער כ׳על וואַרטן, אַלץ ערגער וועט זייַן. און איר האָט נאָך די העזה צו פאַרלאַנגען, איך זאָל אייַך באָרגן מער״.

„וואָס קאָן איך טאָן? שטעלט צו נאָר די אַכט און זעכציק זלאָטעס פּראָצענט. צו אַלע צרות דאַרף נאָך מייַן לייבל, זאָל לעבן, שטיין צום פּריזיוו פאַר פּסח. כ׳האָב געמיינט, ס׳עט זיך טרעפן אַ גוטער שידוך, וועט דער כלה׳ס טאַטע באַצאָלן אים צו באַפרייַען, אָבער אַז ס׳גייט, לא־עליכם, מיט דער פּוטער אַראָפּ. אַ טייַערער בחור, מייַן לייבל. קען, קיין עין־הרע, לערנען אויך. כ׳האָב געמיינט, די שדכנים וועלן שטיין אין דער ריי...״

„ס׳איז שוין באַלד פאַר פּסח... איר ווייסט דען ווי די כאַמעס, די קאַפּראַלן און סערזשאַנטן מוטשען ווען אַ חסידישער בחור פאַלט אַרייַן אין זייערע הענט?״

„דער אייבערשטער זאָל זיך מרחם זייַן״.

„ייִדן זאָגן, אַז דער אייבערשטער שיקט די רפואה פאַר דער מכה. איר זענט געקומען צו מיר אין דער ריכטיקער מינוט: איך האָב אַ שידוך פאַר אײַער לייבלען".

„אַלע ייִדן ווערן הײַנט געפּלאָגט פון די גראַבסקי־גזירות, ווער ווייסט צי ער — דער ייִד וואָס איר ווילט... כ'מיין, צ'ער וועט האָבן געלט צו באַפרײַען פון מיליטער און עס זאָל נאָך בלײַבן אויף פּרנסה?"

„ס'איז מיר אַ חידוש אויף אייך, ר' משה. אַ ייִד ווי איר, דער גבאי פון אונדזער שיל, דאַרף קודם־כל פרעגן, צי דאָס מיידל וועט פירן אַ כּשר הויז, צי זי איז פון אַ גוטער היים. דאָס איז אײַך נישט וויכטיק?"

„נישט וויכטיק? דאָס איז וויכטיקער ווי אַלץ. איך ווייס דען וואָס איך רעד? מײַנע צרות רעדן פון מיר אַרויס".

„האָב איך פאַר אײַך אַ שידוך, וואָס האָט אַלע מעלות. דער מחותּן איז אַ באַלעבאַטישער ייִד, נישט קיין עם־הארץ, חלילה. קען לערנען אַ פּרשה חומש, דאַוונט פאַרן עמוד, אַז ס'איז אַ מחיה צו הערן. דאָס מיידל איז נישט מחלל־שבת און וועט פירן אַ כּשר הויז. וואָס שייך נדן: צוויי טויזנט זלאָטעס, חוץ, פאַרשטייט זיך, וואָס עס וועט קאָסטן דאָס באַפרײַען לייבלען פון מיליטער".

„דו... דער פאַן טרײַבט נישט קיין קאַטאָוועס? ר' אהרן זאָגט טאַקע, אַז דער פאַן, אַז איר זענט אַ בעל־תּשובה. דער אייבערשטער זאָל ענק אַזוי צושיקן בשׂורות ווי עץ האָט מיך מחיה געווען מיט ענקערע רייד. זאָל דער אייבערשטער העלפן, עס זאָל עפּעס אַרויסקומען דערפון".

„דער אייבערשטער האָט זײַנע שליחים און דאָ בין איך דער שליח און קאָן טאַקע העלפן".

„אַזוי שטייט טאַקע געשריבן, 'מזכּאין זכות על ידי זכאי', דאָס מיינט: דער אייבערשטער שיקט גוטס דורך אַ גוטן, דאָס מיינט..."

„איך האָב אַ מאָל געלערנט, ר' משה. 'מזכּאין זכות על ידי זכאי וחוב על ידי חייב'. איך האָב נאָך נישט אַלץ פאַרגעסן. אָבער איר ווילט דאָך אַוודאי וויסן ווער דער מחותּן איז?"

„כ'קען אים?"

„אַוודאי קענט איר אים. איר האָט אים אַ מאָל מבזה געווען, אָבער דעמאָלט איז ער נאָך געווען אַן אָרעמאַן. ר' מתּות קאָן זיך הײַנט דערלויבן געבן שיינע נדבֿים און זײַנע טעכטער שטייען אין די שענסטע שידוכים".

„דו מיינסט... דער פּאַן מיינט נישט מתוח גלעזער".

„איך מיין טאַקע בפירוש מתוח גלעזער. איר גלייבט נישט, אַז ער וועט האָבן צו באַצאָלן? איך וועל פאַר אים איינלייגן דעם נדן פאַרויס. איך וועל גוטזאָגן פאַר אַלע זיינע התחייבותן".

„אָבער זיינע טעכטער זענען קאַליק... כ'מיין לאַמע".

„אַ ייד אַ בן־תורה זאָל אַזוי רעדן! ווער איז דאָס געווען דער תּנא, וואָס האָט געטאָן אַזאַ זאַך? באַלד וועל איך זיך דערמאָנען. ר' אלעזר? יאָ, ר' אלעזר בן ר' שמעון".

„וועגן וואָס רעדט איר, פּאַניע קלמן?"

„כ'בין טאַקע אַ פּשוטער קרעמער, אָבער כ'האָב נישט פאַרגעסן וואָס כ'האָב געלערנט אין די קינדער־יאָרן, 'גירסא דינקותא', הייסט עס, יאָ?"

„יאָ".

„דער ר' אלעזר בן ר' שמעון איז געריטן אויף אַן אייזל און געווען גרויס ביי זיך, מחמת ער איז געקומען פון זיין רבין, וווּ ער האָט געהאַט געלערנט אַ סך תּורה. איר מוזט מודה זיין, ר' משה, אַז פון לערנען אַ סך תּורה קאָן מען פילן נישט ווייניקער גרויס ביי זיך ווי פון זיין אַ גבאי אין דער דאָמבראָווקער שיל. האָט ער אָנגעטראָפן אַ זייער מיאוסן מענטש און געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. דער מיאוסער האָט געזאָגט צו ר' אלעזרן: גיי האָב טענות צו דעם, וואָס האָט מיך אַזוי באַשאַפן. די גמרא דערציילט, אַז ר' אלעזר האָט באַלד איינגעזען ווי שטאַרק ער האָט געזינדיקט. ער איז אַראָפּ פון זיין אייזל, געפאַלן צו די פיס פון דעם באַליידיקטן און געבעטן, ער זאָל אים מוחל זיין. איר, ר' משה, קענט דאָך בעסער לערנען פון מיר, ווייסט איר דאָך, אַז דער, וואָס גיט שיינקייט, איז אויך דער, וואָס מאַכט איינעם אַ בעל־מום, און ווער עס קוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ ווערט, חלילה, באַשטראָפט".

„ס'איז דען נאָר דער מום? די עלטסטע טאָכטער, איר ווייסט דאָך וואָס מע האָט געזאָגט..."

„איר מיינט ר' מתותעס עלטסטע טאָכטער? אַ ווואילע יידישע טאָכטער, זי איז מיין כלה".

„אַזוי? קומט דאָך אייך אַ מזל־טוב".

„מיט מזל זאָל מען לעבן".

„איצט זע איך, אַז איר מיינט טאַקע לשם־שמים. איין טאָכטער מתותעס...״

„ר׳ מתותעס״, האָט קלמן אויסגעבעסערט.

„איין טאָכטער ר׳ מתותעס איז, זאָגט מען, יאָ אַ יפת־תואר״.

„איר מיינט רייזעלען? רייזעלע איז שוין כמעט אַ כלה. דער מחותן איז אַ רב. איך רעד מיט אײַך וועגן דער צווייטער טאָכטער, פריידעלע. זי איז נישט ווייניקער יפת־תאר, נאָר איין פוס איז בײַ איר אַ קאַפּעלע לענגער. פרישע לופט, גוט עסן און דער אַנדערער פוס וועט אויך צוּוואַקסן. ווי אַלט איז דען דאָס גאַנצע מיידל, זי קאָן נאָך וואַקסן. הײַנט איר תמימות, און איר גוטסקייט — איר קענט דאָך ר׳ מתותן״.

„מײַן זון איז, בלי עין־הרע, אַ שיינער בחור״.

„ר׳ משה, איך דאַרף אײַך זאָגן וואָס עס האָט געזאָגט שלמה־המלך וועגן דעם? שקר החן והבל היופי... חן און שיינקייט איז ליגן און נאַרישקייט. און פרעגט מיך, איך קוק דאָך אויף אַן אישה מער ווי איר. זיי האָבן אַלע, אַלע, פון קיילען ביז רייזעלען, שיינע פּנימלעך מיט חן־גריבעלעך. איר וואָלט נישט געוועז אַ חסידישער ייִד, האָב איך מער צו זאָגן וועגן דעם״.

„כ׳ווייס נישט, קלמן... פּאַניע קלמן״.

„אָבער פאַרגעסט נישט וואָס איר זענט מיר שולדיק. אויב איר דאַרפט, מע זאָל אײַך שענקען געלט, וועל איך זיך נישט אָפּזאָגן, אָבער איך בין נישט דער איינציקער באַלעבאָס אין שטאָט. אַז אַלע וועלן געבן, וועל איך אויך געבן מײַן חלק. מײַן חלק, אָבער נישט אַ טויזנטער. אַכיבע כ׳ווייס? כ׳בין דאָך עפּעס אַ שטיקל מחותן. אויב דער חתן וועט טאַקע געפעלן און דאָס קאָן איך נישט גאַראַנטירן... איז אויב דער חתן וועט טאַקע נושא־חן זײַן, וועל איך דעם טויזנטער, וואָס איר זענט מיר שולדיק, געבן לייבלען דרשה־געשאַנק. דאָס, חוץ דעם נדן וואָס ר׳ מתות וועט געבן״.

*

קלמן האָט נאָך נישט באַוויזן זיך גוט אויסצולאָכן פון זײַן שפּיל, ווען גאַנץ דאָמבראָווקע איז שוין געגאַנגען אויף רעדלעך. ווי אַזוי איז דאָס אַלץ געשען? ווען איז דער קבצן מתות אַזוי פּלוצלינג נתעשר געוואָרן? געוווּנען אויף דער לאָטעריע? און ווי געפעלט ענק דער קלמן? געווען

אַזאַ לאַטעק און... אַז מע קומט פון אַ גוטער משפּחה... זאָל ער נאָר האָבן אַ רפואה־שלמה. מיט זײַן גאונישן קאָפּ, אַז ר׳עט נאָך זײַן אַן אָרנטלעכער ייִד אויך, וועט דאָמבראָוועקע קאָנען שטאָלץ זײַן מיט אַזאַ באַלעבאָס.

# IX

קלמן איז געשלאָפן ווען מתות איז געקומען צו לויפן און מאַריאַ האָט אים נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן. מתות האָט זי אָוועקגעשטופּט און אַרײַנגעלאָפן אין שטוב. מאַריאַ איז אים נאָכגעלאָפן מיט אַ געשריי און קלמן האָט זיך איבערגעוועקט.

„קלמן־קרוין, וואָס טוט זיך דאָ? מע ווינטשט מיר מזל־טוב, מע בעט מיך אַ הלוואה, מע וויל שאַפן אַ גמילת־חסד־קאַסע, ווילן זיי, איך זאָל געבן אַ הונדערטער. איך שטעל אויף מויל און אויערן, זאָגן זיי, אַז כ׳האָב שוין נישט וואָס צו באַהאַלטן, קלמן האָט שוין אַלץ אויסגעזאָגט. וואָס טוט זיך דאָ? און, יאָ, ווען האָב איך זיך משדך געווען מיט אַ רב? מאַכסט חוזק פון מיר?"

„ר׳ מתות, איך וועל פון אײַך חוזק מאַכן?"

„און דאָס אַלץ, וואָס מע זאָגט?"

„אפשר וועט דאָס אַלץ ווערן וואָר? אַ פרומער ייִד, ווי איר, דאַרף האָבן בטחון".

„אָבער מענטשן פרעגן און כ׳ווייס נישט וואָס צו זאָגן".

„זאָגט גאָרנישט. אַז מע ווינטשט אײַך ׳מזל־טוב׳, ענטפערט ׳מיט מזל זאָלט איר לעבן׳. אַז מע בעט בײַ אײַך געלט, זאָגט, אַז איר וועט זיך מיישב זײַן. אַ גביר באַשליסט נישט אויף דער מינוט, אַ גביר איז זיך מיישב. און איר אַליין האָט מיר געזאָגט, אַז רייזעלע איז שיין ווי אַ קייסערינע. די קיסרים, די הײַנטיקע, זענען גויים, דאַקעגן אַ רב... פֿאַר אײַער רייזעלען פּאַסט טאַקע אַ רבס אַ זון".

„פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן, אָבער איך וועל ווערן... מ׳עט לאַכן פון מיר אין די פויסטן".

„האָט אַ ביסל געדולד, ר׳ מתות, און פאַרלאָזט זיך אויף מיר. מע

האָט שוין געזאָגט אויף מיר אַלץ אין דער וועלט, אָבער אַז איך ווייס נישט וואָס איך טו, וועט קיינער נישט זאָגן".

„אָבער כ'וויל פאַרשטיין וואָס דאָ טוט זיך".

„איר געדענקט ווי מ'האָט געלאַכט פון מיר ווען כ'האָב געזאָגט, אַז כ'גיי מאַכן אַן עלעקטראָווניע? איך האָב מיר געטראַכט: מ'עט זען ווער עס וועט לאַכן דער לעצטער. כ'זאָג אײַך יעצט דאָס אייגענע, איר'ט זען ווער עס וועט לאַכן דער לעצטער".

*

צו מתותן איז אויך אָנגעקומען וואָס קלמן האָט געזאָגט, אַז קיילע איז זײַן כּלה. וועגן דעם האָט ער מורא געהאַט צו פרעגן קלמנען, דער שוך קוועטשט איצט אויפן אַנדערן פוס. ער האָט דאָס דערציילט קיילען און געמיינט, זי'ט חלשן פון פרייד. זי האָט גאָר פאַרביסן אַ זאָג געטאָן: „נישט בײַ מײַן לעבן!"

„טפו, טפו, נישט דאָ געדאַכט! ווי מעג מען אַזוי רעדן? ער איז דער טאַטע פון דײַן קינד".

„מײַן קינד 'אָט נישט טאָ טאַטע", האָט זי איבערגעחזרט וואָס זי האָט געזאָגט אין געריכט.

מתות האָט געטענהט און ציפּע האָט געטענהט, אָבער קיילע האָט זיך געהאַלטן בײַ ס'איריקע, זי וויל דעם טאַלמען נישט טענען... אַז אַ נאַר עקשנט זיך אײַן, קאָנען קיין צען חכמים אים נישט אַרויסרייסן דערפון. ווי זאָגט מען עס: „עקשנות פון אַ טיפּש איז ווי אַ געסרוכע מיט אַן עיפוש". אַז מע האָט נישט אויפגעהערט טענהן, האָט זי באַשלאָסן גלײַך צוריקצופאָרן קיין וואַרשע.

*

איידער קיילע איז צוריקגעפאָרן, האָט מתות אָן איר וויסן גענומען דאָס קינד און אַוועקגעטראָגן צו ווײַזן קלמנען.

קלמן האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן ווען ער האָט דערזען וועמען מתות האָט געבראַכט. ער האָט באַלד צוריקגעוווּנען זײַן גלײַכגעוויכט און אַפילו געסמאָטשקעט צום ייִנגעלע און עס געקיצלט. דאָס נפשל האָט כיכיקעט ווי זײַן מאַמע, ס'עט אַוודאי האָבן אויך איר שׂכל.

ווען דאָס קינד איז געווען בײַ אים, האָט ער זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן, מתות זאָל עס שוין צונעמען. שפּעטער האָט ער אַ סך

געטראַכט וועגן דעם קינד, אַ צופרידן קינד וואָס האַלט אין איין שמייכלען און לאַכן. איז ער אַזוי געווען? ווען ווערט פון אַ זיס קינד אַ ביטערער קרייַטעך? ניין, ער פילט גאָרנישט צו דעם נפשל און האָט נישט בדעה צו מאַכן די אידיאָטקע פאַר זייַן ווייַב. אפשר וואָלט ער געשלאָפן מיט איר, ער האָט דען עפּעס בעסערס? אויף בייַ נאַכט קאָן זי נאָך טויגן, אָבער צו זייַן מיט איר אויך אַ גאַנצן טאָג, דאָס וואָלט ער נישט אויסגעהאַלטן.

ער האָט געזאָגט דעם לאַנגן משה, אַז רייזל טוט אַ שידוך מיט אַ רב אָדער אַ רבס אַ זון, ער געדענקט שוין אַליין נישט וואָס ער האָט געזאָגט. מע דאַרף זיך דערוויסן וואָס עס טוט זיך אויפן רבנות־מאַרק. אַז קלמן קאַליקע זאָגט עפּעס, איז עס געזאָגט, אַפילו ווען ער ווייסט נישט וואָס ער זאָגט. ער קאָן זיך דערלויבן אויסשפּילן זייַנע קאָמעדיעס און האָבן הנאה. בלויז פון דער עלעקטראָוניע וועט ער האָבן הכנסה אין איין חודש, וואָס ער וועט נישט באַווייַזן אויסצוגעבן אין אַ יאָר. ער וועט גאָר פאַרתכלעווען זייַן גאַנץ געלט אויף משוגעתן; ער דאַרף דען איבערלאָזן אַ ירושה?

## X

דער שמש איז געקומען צו קלמנען, אַז דער רב דאַרף מיט אים רעדן. אויב ער איז בכוח צו קומען אין בית־דין־שטוב, איז גוט, אַנישט איז דער רב גרייט קומען צו אים.

וואָס קאָן דער רב וועלן פון אים? געלט, מן־הסתם. מע דאַרף אַלע מאָל פאַר אַן אָרעמער כלה, פאַר אַן אַלמנה מיט יתומים. אפשר וויל דער רב רעדן מיט אים וועגן דער נייַער גמילת־חסד־קאַסע? ער וועט זיך שטעלן שיין, ווינציקסטנס ביז זייַן וויץ וועט ווערן אַן אמת. אַז קלמן קאַליקע נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַרייַן... דער לאַנגער משה האָט נאָך אַלץ נישט געגעבן קיין תשובה, וועגן שידוך פאַר זייַן זון, אָבער עס אַרבעט, עס אַרבעט... נעכטן, ווען מתות איז געקומען, האָט זייַן גאַנץ פּנים געשייַנט. ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד, נישט אַ פּראָסטע מינחה, נאָר אַ שבתדיקע, מיט „ברכו נפשי", מיט אַלע זאַכן. און ווער האָט אים מכבד געווען מיט דעם? טאַקע דער גבאי, דער לאַנגער משה. עס איז אים

נישט לײַכט, דעם לאַנגן משה, זיך צו באַשליסן, אָבער אַז עס וועט קומען נענטער צום פּריזיוו... אַז קלמן קאַליקע נעמט זיך עפּעס אַרײַן אין קאָפּ...

קלמן האָט געזאָגט דעם שמש, אַז אויב ער האָט געקאָנט קומען אין גויִישקן געריכט, קאָן ער אויך קומען אין בית־דין־שטוב. עס איז נישט קיין כּבֿוד פאַרן מרא־דאתרא, פאַרן האַר פון דער שטאָט, צו קומען צו עפּעס אַ קלמן קאַליקע.

עס האָט גענומען אַ ביסל צײַט ביז מתות און דער שמש האָבן באַוויזן אַוועקצוזעצן קלמנען בײַם רבֿ אין בית־דין־שטוב. אַ סך ספרים און באַשריבענע פּאַפּירן זענען געלעגן אויפן טיש; דער רבֿ האָט געהאַלטן אין מיטן שרײַבן זײַנע חידושי־תּורה. דער רבֿ איז געקומען קיין דאָמבראָווקע ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער־מאַן. דערווײַל איז געוואַקסן זײַן שם אין דער לומדישער וועלט; מע זאָגט, ער שרײַבט אַ ספר.

אַ חידוש ער זיצט נאָך אַלץ אין אַזאַ העק ווי דאָמבראָווקע? האָט קלמן געטראַכט, און האָט איצט לײַכט געקאָנט פאַרשטיין דעם ענטפער. די קהילות זענען געווען שאַרף צעטיילט צווישן די חסידים, וואָס זענען געווען קעמפּפערישע אַגודהניקעס, און די באַלעבאַטים, וואָס האָבן נוטה געווען צו די ציוניסטן. ייִדישע פּרנסות ווערן אונטערגעגראָבן, אָבער אַ גאַנץ שטעטל מיט ייִדן קאָן זיך רײַסן בײַ די קעפּ ווען די ציוניסטן ווילן פּראָבירן מזכּיר זײַן די נשמה פון ד״ר הערצל צו זײַן יאָרצײַט, און די חסידים ווילן האַלטן, אַז עס איז אַ חילול־השם מזכּיר צו זײַן דעם אַפּיקורס אין אַ מקום־קדוש און ווילן פּראָבירן נישט דערלאָזן צו דעם. ווען מע דאַרף אויסוויילן אַ נײַעם רבֿ, ווײַל יעדער פון די צדדים זײַנס אַ מענטש, אָבער דער דאָמבראָווקער רבֿ איז נישט קיין פּאַרטיימענטש, האָט ער נישט קיין שום צד. קלמן האָט לעצטנס זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם ענין און האָט וועגן דעם אַ סך געלערנט.

„אַ יישר־כּוח, ר׳ מתות. מ׳עט אײַך קומען רופן ווען קלמן וועט זײַן גרייט אַהיימצוגיין", האָט דער רבֿ אַוועקגעשיקט מתותן.

דער שמש האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דער רבֿ וויל בלײַבן מיט קלמנען אַליין, און איז אַוועק צוזאַמען מיט מתותן.

„און אַ יישר־כּוח דיר, קלמן, פאַרן קומען. ס׳וואָלט געווען מער יושר, איך זאָל קומען צו דיר, מחמת איך דאַרף דיך מפייס זײַן".

„איר, רבי, מיך איבערבעטן? פאַר וואָס?"

„דו האָסט מנדב געווען האַלץ פֿאַר דער שיל צו לייגן אַ פּאָדלאָגע, און מע האָט עס נישט געלייגט״.

„כ׳ווייס, דער גבאי האָט מיר געזאָגט פֿאַר וואָס ?״

„ער האָט דיר נישט געזאָגט אַלץ. איך בין געווען קעגן נעמען דײַנע ברעטער״.

„דער רב איז געווען קעגן נעמען מײַנע ברעטער ?״ איז קלמן געווען איבערראַשט. „דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך וויל געבן, און מע וויל נישט נעמען״, האָט ער צוגעגעבן מיט גערייצטקייט. „פֿאַר וואָס, רבי ?״

„האָסט דאָך אַ מאָל געלערנט. די תּורה־הקדושה זאָגט אָן, אַז אַן ׳אתנן זונה׳, דאָס וואָס אַ זונה האָט באַקומען פֿאַר איר זינד, טאָר מען נישט נוצן פֿאַר אַ קרבן, אָדער פֿאַרן בנין פֿון בית־המקדש, און די רבנן האָבן עס געאָסרט אויך פֿאַר אַ בית־כּנסת״.

קלמן איז געזעסן ווי פֿריטשמיעלעט: „וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מיר ?״

„לויטן רמב״ן טאָר מען דאָס נישט אָננעמען, כּדי די זינדיקערס זאָלן נישט טראַכטן, אַז זיי האָבן שוין אויסגעקויפֿט זייער זינד און קאָנען שוין ווײַטער זינדיקן. דו האָסט באַנקראָטירט, צוגענומען בײַ ייִדן אַ סך געלט, און פֿלוצלינג ווילסטו ווערן אַ שיינער ייִד און געבן עפּעס פֿון דעם פֿאַר דער שיל״.

ווער וויל בײַ זיי ווערן אַ ׳שיינער ייִד׳ ? איז אַ כּעס אויפֿגעגאַנגען אין קלמנען. דאָס בייזע פֿײַערל אין זיינע אויגן האָט זיך שנעל געביטן אין אַ בליק פֿול איראָניע: ער האָט געגעבן פֿאַר דער שיל ווען ער האָט געדאַרפֿט, מע זאָל זאָגן וועגן אים גוטס; איצטער, אַז ער האָט שוין געוווּנען דעם פּראָצעס, קאָנען זיי אים קושן וווּ די ייִדן האָבן גערוט...

„טאָ פֿאַר וואָס וויל מיך דער רב איבערבעטן ?״ האָט ער געפֿרעגט.

„קהל האָט אויך געהאַט גרויס תּרעומות צו דיר פֿון וועגן דעם, וואָס דו האָסט געטאָן צו ר׳ מתּתיהו טאָכטער. דווקא דו, וואָס ביסט אַליין געשטראָפֿט מיט אַ מחלה, האָסט געדאַרפֿט חס זײַן אויף אַן אָרעם מיידל מיט אַ מום און זי נישט אַזוי פֿאַרשעמען. אָבער איך האָב שוין געהערט אַז דו גרייטסט זיך, אם־ירצה־השם, אַלץ גוט צו מאַכן. דו ווייסט דאָך: תּשובה איז אַ גרויסע מדרגה, און בײַ ייִדן אַ בעל־תּשובה... ס׳איז אויך

אויף ר׳ מתותן געווען אַ גרויס רחמנות. ווען וועט, אם־ירצה־השם, זײַן די חתונה?״

אַהאַ, מע נעמט אים שוין אויפֿן זיכער, איז קלמן ווידער געוואָרן צערייצט: „וועלכע חתונה?״

דער רב איז געווען אַזוי צופֿרידן פֿון דעם, וואָס קלמן פֿאַרנעמט זיך אויף גוטע וועגן, אַז ער האָט נישט באַמערקט ווי קלמן קראַמפּט זײַנע הענט אויף דער רעדלשטול און ווי זײַנע אויגן שיסן מיט רוגזא. „וואָס הייסט וועלכע חתונה? דײַן חתונה, מיט מזל״.

„מײַן חתונה? מיט וועמען?״

„מיט דײַן כּלה. זאָל געזונט זײַן״.

„איך האָב נישט קיין כּלה״.

„כ׳מיין ר׳ מתותעס טאָכטער״.

„איך האָב נישט קיין כּלה און איך גיי נישט חתונה האָבן״.

„אַלע זאָגן, די גאַנצע שטאָט רעדט וועגן דעם״.

„אַ טויבער האָט געהערט, ווי אַ שטומער האָט געזאָגט, אַז אַ בלינדער האָט געזען, ווי אַ לאָמער איז געלאָפֿן. וואָס טוט גאָט? איז די גאַנצע מעשׂה אַ ליגן״.

„ר׳ מתות האָט דאָך דיך ערשט געברענגט אַהער?״

„דער לאָמער מתות אַרבעט פֿאַר מיר און איך באַצאָל אים שׂכירות. אויב איך וויל, טו איך אים אויך אַ טובה. אָבער קיינער קאָן מיר נישט דיקטירן וואָס איך זאָל טאָן״.

עס האָט גענומען אַ ווײַלע ביז דער רב איז געקומען צו זיך. „דײַן חתונה האָבן מיט ר׳ מתותעס טאָכטער איז נישט עפּעס אַ טובה. ׳ולו תהיה לאשה׳, זאָגט די תּורה, דו ביסט מחויב מיט איר חתונה צו האָבן״.

„אַזוי? און ווער וועט מיך צווינגען דערצו? און וואָס איז עס אײַער עסק?״

„יעדער ייִד, בפֿרט אין ד ע ר קהילה, איז מײַן עסק. אויך דו... אויב עמעץ וואָלט דיר געטאָן אַן עוולה, וואָלט עס אויך געווען מײַן עסק״.

„פֿאַר מיר דאַרפֿט איר זיך נישט זאָרגן, רבי. קלמן קאַליקע וועט נישט דערלאָזן, עמעץ זאָל טאָן אַן עוולה צו קלמן קאַליקע״.

„איך רעד איצט וועגן דעם מיידל, וואָס דו האָסט מאנס געווען״.

„מאנס געווען? ווער האָט דעם רב געזאָגט, אַז איך האָב זי פֿאַרגוואַל-

דיקט? זי האָט עדות געזאָגט אונטער אַ שבועה, אַז כ'האָב זי נישט פאַרגוואַלדיקט".

„מפתח זײַן, איבעררעדן, איז דאָס אײגענע וואָס פאַרגוואַלדיקן. דער רמב"ם זאָגט, אַז יעדער מאנס זײַן איז גוואַלד נאָר בײַם אָנהייב, פונדעסט־וועגן האָט עס דעם דין פון פאַרגוואַלדיקונג".

קלמן האָט אַ בייזן לאַך געטאָן: „פון וואַנען ווייסן פרומע רבנים, וואָס עס טוט זיך בײַ אַ פאַרגוואַלדיקונג? דאָס קאָן וויסן נאָר עמעץ וואָס איז אין דעם..."

קלמן האָט געמיינט, אַז דער רב וועט ווערן אין כּעס און אים אַרויס־טרײַבן, אָבער דער רב האָט געדולדיק אים דערקלערט דעם ענין: „אונדזערע חכמים האָבן געקענט דעם מענטש און זײַן טבע. 'שיצר האדם וטבעו כופה אותו לרצות', זאָגט דער רמב"ם, דער מענטש איז אַ שוואַכע בריאה און זײַן שוואַכקייט מאַכט אים נאָכגיביק".

„איר זענט גערעכט, רבי, און אײַער רמב"ם איז גערעכט. שוואַכקייט מאַכט נאָכגיביק, און נאָכגיביקייט איז שוואַכקייט. דער קראַנקער קלמן קאַליקע איז נישט שוואַך און נישט נאָכגיביק", איז קלמן געוואָרן טראַציק.

„וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן?"

„רבי, איר ווייסט גוט וואָס איך מיין דערמיט צו זאָגן".

„די גמרא זאָגט: 'לפיכך, אם לא רצה', אויב ער וויל נישט מיט איר חתונה האָבן, 'כופין אותו', נייט מען אים, אַפילו אויב זי איז אַ לאָמע, אַ בלינדע אָדער אַ קרעציקע".

„נייטן? ווער קאָן מיך נייטן?"

„קהל".

„קלמן קאַליקע קאָן מען נישט נייטן. איר ווילט נישט די ברעטער פאַר דער פאָדלאָגע, איז נישט. וואָס נאָך וועט איר מיר טאָן? נישט געבן קיין עליה? אפשר אַפילו מיך נישט אַרײַנלאָזן אין שיל? כ'קום סײַ ווי נישט", האָט קלמן שוין גערעדט אין דער גאַל אַרײַן.

„עס קומט אַ טאָג ווען דער גרעסטער גיבור און דער ערגסטער רשע פאַלט אַרײַן אין קהלס הענט".

„מ'עט מיך נישט באַגראָבן אויפן יידישן בית־עולם?"

„קובר זײַן מוז מען יעדן ייִד, אָבער אַז עמעץ טוט קהל אָן עוולה, נעמט מען עס אָפּ בײַ די יורשים, און דערנאָך לייגט מען אים בײַם פּלויט".

קלמן האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער: „וועגן מײַנעטוועגן קאָנט איר מיך... נאָך דעם ווי איך וועל צומאַכן אַן אויג, קאָנט איר מיך אַרויס־וואַרפן אויפן מיסטקאַסטן".

דער רב איז געבליבן זיצן אַן לשון.

„איר סטראַשעט מיך, אַז מײַנע יורשים וועלן דאַרפן צאָלן דערפאַר, האַ? איך וועל אײַך אָפּלאָזן אַ סוד, רבי אײדער איך וועל אויסצײַען די קאַפּיטעס, וועל איך צושטעלן אַ זאַפּלקע צו מײַנע זלאָטעס און דאָלאַרן, עס זאָל נישט בלײַבן קיין ירושה. קלמן קאַליקע סטראַשעט מען נישט. און איר ווייסט גאָר וואָס, רבי? וואַרפט מיך נישט אויפן מיסטקאַסטן, וואַרפט מיך פאַר די הינט. זאָלן כאָטש די הינט הנאה האָבן".

קלמן איז געבליבן זיצן דערשעפּט, ער האָט קוים געקאָנט האַלטן דעם קאָפּ אויף די אַקסלען. דער רב האָט אַ רוף געטאָן: „רביצין, ברענג אַרײַן אַ גלאָז וואַסער!"

די רביצין האָט געבראַכט אַ גלאָז וואַסער און עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש נעבן קלמנען. „אפשר מאַכן אַ גלאָז טיי?"

„אַ שיינעם דאַנק", האָט קלמן אַרויסגעקרעכצט. „ווו איז ערגעץ מתות?" ער האָט שוין געוווּסט, אַז וואָס ער האָט דאָ אָנגעהויבן איז פון פאַרויס פאַרשפּילט, און ער וויל גאַרנישט געווינען. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן אײדער אַ געפיל פון הכנעה צום רב איז אים גובר.

„אפשר טאַקע אַ גלאָז טיי? מיר האָבן אַ פּרימוס, ס'עט נעמען נאָר אַ פּאָר מינוט". דאָס האָט געזאָגט דער רב, וואָס איז איצט געשטאַנען איבער אים, זאָרג אין זײַנע אויגן.

קלמן האָט נישט געקאָנט קומען צו זיך פון חידוש. ער האָט דערוואַרט דער רב זאָל הייסן אים אַרויסוואַרפן, און דאָ גאָר... „רבי, אין האַרץ פאַרשעלט איר אַוודאי דאָס געביין פון דעם פּושע־ישׂראל, און די רביצין וויל מיר גאָר געבן טיי?"

דער רב האָט אַ שמייכל געטאָן: „איך האָב נישט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ פּושע־ישׂראל; אַדרבא, דו האָסט שוין געשטעלט דײַן ערשטן טריט אויפן וועג צוריק".

„אַזוי? ווען?" קלמנס קול איז ווידער געווען פול מיט איראָניע.

„צו ערשט האָסטו נישט חס געווען אויף קיין שום בעל־חי, פּלוצלינג ווילסטו די הינט זאָלן הנאה האָבן. האָסטו דאָך יאָ אַ האַרץ. הײַנט איז

עס אָפּן נאָר פּאַר הינט, מאָרגן וועט עס אויך זײַן אָפּן פּאַר מענטשן".

קלמנס כּעס איז צעגאַנגען ווי אײַז אין דער וואַרעמקייט פון רבס שמייכל. ער האָט געפילט דעם הומאָר אין דעם רבס רייד, אַ פּאַטש און אַ גלעט אין איינעם... ער האָט פֿײַנט די דאַמברוווקער באַלעבאַטים מחמת זיי זענען אַלע טיפּשים, אָבער דער רב — ער האָט שׂכל. קלמן האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַסער, די רביצין האָט צוגענומען דאָס גלאָז און אוועק. אין איין זאַך איז דער רב גערעכט, ער איז מער נישט וואָס ער איז געווען. ער פלעגט קאָנען אײַנהאַלטן זײַן כּעס, פאַרדעקן עס מיט אַ פאַלש שמייכעלע, קיינער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט וויסן וואָס קלמן קאַליקע טראַכט. פריִער האָט ער אָנגעדרייט אַ גאַנצן פּלאַן קעגן דעם לאַנגן משה, געקומען אַהער און איבערגעקערט דאָס גאַנצע שעפּל מילך. דאָס האָט נישט געטאָרט געשען.

„רבי, איר'ט מיך גערופן, מיך מפייס צו זײַן; איצטער דאַרף איך אײַך מפייס זײַן. איר האָט דעם תּנא הללס געדולד".

„דו האָסט בײַ מיר אויך זכות־אָבות. דײַן זיידע האָט מיר געבראַכט דעם כּתב־רבנות, דײַן זיידע, עליו־השלום, האָט געבויט די שיל. די ערשטע ספר־תּורה אין דאַמברווקע האָט דײַן זיידע געלאָזט שרײַבן לזכר זײַנע יונג־פאַרשטאָרבענע קינדער, און דערנאָך נאָך אַ ספר לזכר דײַן באָבע".

„איך בין זיך מודה, איך האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז דער זיידע האָט געקענט געבן. איך געדענק אים, ווי אַ מרה־שחורהניק, אַ מרוק און מיט אַ פאַרשלאָסענער האַנט. ער האָט מיר נישט געוואָלט געבן געלט צו קויפן אַ ספר, ער האָט געגעסן נישט קיין סך מער ווי ברויט מיט זאַלץ".

„ווען וועסט, מיטן אייבערשטנס הילף, געזונט ווערן און האָבן מער כּוח, קאָן איך דיר דערציילן אַ סך גוטס וועגן דײַן זיידן. ער האָט געטאָן אַן עוולה, וואָס ער האָט מער נישט געוואָלט חתונה האָבן נאָך דײַן באָבעס, עליה־השלום, טויט. אַ ייִד מוז מצדיק זײַן דעם גזר, כּ'מיין אָננעמען דעם אייבערשטנס מישפּט, און טאָר נישט אַזוי זינקען אין מרה־שחורה. קלמן, וואָס איך האָב פריִער גערעדט מיט דיר איז נישט דער ענין נאָר פון ר' מתותעס טאָכטער. דו ביסט שוין נישט קיין ייִנגל, קלמן, דו ביסט אַ טאַטע פון אַ קינד, און דײַן קינד טאָר, חלילה, נישט בלײַבן אַ קינד אָן אַ טאַטן. אַ טאַטע טוט נישט אַזאַ זאַך צו זײַן קינד".

„אַ טאַטע טוט נישט אַזאַ זאַך צו זײַן אייגן קינד? קומט דאָך אויס,

אַז איך בין אַ ממזר", האָט קלמן אַ לאַך געטאָן מיט אַ שפּיציק לאַכעלע.

„וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן?"

„אַז מײַן טאַטע האָט עס יאָ געטאָן, איז דאָך אַ סימן, אַז ער איז נישט קיין טאַטע, בין איך דאָך אויך אַ קינד אָן אַ טאַטע".

„פאַר וואָס זאָלסטו זיך אײַנרעדן, אַז דײַן טאַטע איז סתּם אַנטלאָפן מחמת ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דיר? אפשר איז ער ערגעץ קראַנק געוואָרן און אויסגעגאַנגען פון גרויס צער, וואָס זײַן בן־יחיד איז קראַנק געוואָרן? אפשר איז געשען צו אים דאָס, וואָס איז געשען צו זײַן מאַמען? דײַן באָבע, זי זאָל מיר מוחל זײַן, האָט אַליין גערופן אויף זיך דעם מלאך־המוות. דאָס איז טאַקע וואָס האָט דײַן זיידן אַזוי צעבראָכן. ס׳איז שווערער שלום צו מאַכן מיט אַן אומגליק, וואָס מע האָט אַליין געברענגט אויף זיך".

„אויב מײַן טאַטע וואָלט געשטאָרבן, אָדער משוגע געוואָרן, וואָלט מען געזוכט אין זײַנע קעשענעס און געפונען עפּעס, צו וויסן ווער ער איז. ער איז אַנטלאָפן פון מיר ווײַל ער איז געווען אַן ,עסטעט׳. גאָט אַליין האָט פּײַנט אַ קאַליקע. אַ כּהן מיט אַ מום האָט נישט געטאָרט טאָן די עבודה; אַפילו אַ בהמה מיט אַ מום טאָר מען נישט ברענגען פאַר גאָט. איר ווייסט, רבי, פאַר וואָס איך בין מקרב מתותן? ווײַל ער איז אַ גוטער טאַטע. מתות איז גרייט דאָס לעבן צו שטרעקן פאַר זײַנע לאָמע טעכטערלעך".

„יאָ, ס׳איז אַ מדרגה צו זײַן אַ גוטער טאַטע..."

די רביצין האָט אַרײַנגעבראַכט אַ גלאָז טיי און אַ טעלערל מיט קלעצלעך צוקער. דאָס איז נישט ס׳ערשטע מאָל, וואָס מ׳איז אים דאָ מכבד. דעמאָלט ווען ער פלעגט קומען זיך פאַרהערן און די רביצין האָט אים געגעבן שבת־אויפס, איז ער געווען אַ קליין ייִנגעלע, אַ קאַליקע וואָס רופט אַרויס רחמנות. אָבער איצט, ער האָט דאָך ערשט גערעדט אַזוי חוצפּהדיק און להכעיסדיק צום רב. אויב די רביצין וואָלט עס געהערט, וואָלט זי אים געגאָסן דעם הייסן טיי אין פּנים אַרײַן.

„אגב, רבי, וועגן אַרײַנצײַען עלעקטרע אין שיל דאַרפט איר זיך נישט זאָרגן. מ׳עט עס טאָן אָן געלט".

„מע קאָן בײַ נאַפטלאָמפּן און בײַ ליכט אויך דאַוונען".

קלמן האָט אַזש פאַרגאָסן אויף זיך אַ ביסל טיי: „רבי, איר זאָגט מיר מיט דעם, אַז איר וועט נישט אָננעמען די עלעקטרע? אַרײַנצײַען עס שפּעטער וועט קאָסטן אַן אוצר".

„מ'איז דרײַסיק יאָר אויסגעקומען אָן עלעקטרע".

„נישט איז נישט. ווו איז מתות ?"

מע האָט נישט געקאָנט געפינען מתותן, איז דער שמש אַוועק אין בית־המדרש און געבראַכט דעם רבס זון צו העלפן אַהיימפירן קלמנען. בעריש דעם רב'ס האָט אויסגעזען צו זײַן אַרום צוואָנציק, ער וועט אַוודאי בקרוב דאַרפן שטיין צום פריזיוו. ער האָט שוין היתּר־הוראה, אָבער עלטערע רבנים פון אים האָבן ניט קיין שטעלעס. ווער וועט אים אויסקויפן פון מיליטער ? האָט קלמן געטראַכט. אַז עס שטאַרבט אַ רב, קאָן זײַן קהילה נישט צונעמען קיין נײַעם רב אַזוי לאַנג ווי מע דאַרף אויסהאַלטן די אַלמנה מיט יתומים. די גראַבסקי־גזירות, די פּיקעטן בײַ די ייִדישע געוועלבער, מאַכן חרוב ייִדישע פּרנסות. אַז עס איז נישטאָ ווער עס זאָל צאָלן עטאַט צו דער גמינע, איז שווער צו צאָלן אַפילו איין רב. מע קאָן זיך דערלויבן אויפצונעמען אַ נײַעם רב נאָר אויב ער האָט געלט צו געבן דער אַלמנה אָפּטרעטגעלט און אָפּקויפן בײַ איר דעם זכות אויף פּענסיע. דער היגער רב האָט קוים פּרנסה פאַר זיך, נישטאָ פון וואָס אָפּצושפּאָרן פאַר דעם זון. אַכיבע ער זאָל טאָן אַ רײַכן שידוך...

„קאָפּ, מוח !" האָט קלמן זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערן. קלמן קאַליקע האָט נישט קיין מזל מיט זײַנע ליגנס ; איידער ער קוקט זיך אַרום, ווערן די ליגנס אמת. ער האָט געזאָגט דעם לאַנגן משה, אַז רייזעלען רעדט מען אַ שידוך מיט אַ רב. ער האָט שוין דעם רב און עס מוז ווערן אַ שידוך, אַפילו אויב קלמן קאַליקע זאָל דאַרפן אויסצאָלן אַ נדן אין דאָלאַרן. אײַ, וועט דאָס זײַן אַ העצע אויב דער לאָמער מתות וועט רופן דעם רב 'מחותן'.

ווען מע האָט קלמנען אַהיימגעבראַכט, האָט שוין דאָרט געוואַרט אויף אים אַ שליח פון מאַגיסטראַט מיט אַ בריוו וואָס ער האָט געוואָלט געבן נאָר קלמנען אין דער האַנט אַרײַן, און ער זאָל מיט זײַנע אייגענע הענט חתמענען, אַז ער האָט עס באַקומען.

דער שמש האָט געזאָגט בערישן מיט התפעלות : „אַ קאַליקע, און האָט געשעפטן מיט מלכות".

## XI

קלמן האָט געעפנט דעם בריוו, אַ לויף געטאָן איבער די שורות און שיִער נישט אַוועקגעחלשט. דער בריוו האָט אָנגעזאָגט קלמנען, אַז היות

די עלעקטראָווניע איז נישט פּאַרטיק געוואָרן אין צײַט, קינדיקן זיי דעם אָפּמאַך מיט אים און דער אָפּמאַך האָט מער נישט קיין ווערט פון הײַנט אָן.

קלמנס פּנים איז געוואָרן גרוי ווי בײַ אַ מת. „פּאַני מאַריאַ, זאָל די פּאַני מיר געפינען מתותן, זאָל ער קומען, שוין, די מינוט".

„דער פּאַן מוז איצט רוען".

„זאָל די פּאַני גיין געפינען מתותן".

„שפּעטער", האָט זי זיך געוואָלט אײַנשפּאַרן, „צו פיל פּאַר איין טאָג".

„זאָל די פּאַני שוין, די מינוט, מיר געפינען... ניין, כ'דאַרף נישט מתותן. די פּאַני וועט מיר העלפן אַריבערזעצן זיך אין רעדלשטול און מיך צופירן אין מאַגיסטראַט".

„מע דאַרף איבערבינדן דעם באַנדאַזש אויפן פוס".

„שפּעטער, ווען איך וועל צוריקקומען".

די דיקע קראַנקן-שוועסטער האָט שווער געפּרײַכט און געשלעפּט קלמנען פון בעט צום שטול. ווען ער איז שוין געזעסן אין שטול, נאָך איידער מאַריאַ האָט באַוויזן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, האָט ער זיך מיישב געווען און געוואָלט צוריק אין בעט אַרײַן.

„וואָס איז געשען?"

„די פּאַני זאָגט דאָך, אַז מע דאַרף איבערבײַטן דעם באַנדאַזש".

„כ'קאָן עס טאָן ווען דער פּאַן זיצט".

„ס'וועט זײַן באַקוועמער אין בעט".

„און דער מאַגיסטראַט?"

„דער מאַגיסטראַט וועט וואַרטן".

„דעם פּאַן איז נישט-גוט געוואָרן? אַ קראַנקן-שוועסטער מוז מען אַלץ זאָגן".

„מיר איז דווקא גוט געוואָרן", האָט ער געענטפערט מיט אַ געלעכטערל, און עס איז באמת צוריקגעקומען אַ ביסל קאָליר אין זײַן מראה. ווער נאָר עס שטייט הינטער דעם בריוו פון מאַגיסטראַט וויל דאָך אים אָפּשרעקן, וועט ער דווקא מאַכן דעם אָנשטעל, אַז עס אַרט אים ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. און פאַר וואָס טאַקע זאָל עס אים אַרן? אַז דער מאַגיסטראַט וועט נישט נעמען בײַ אים די עלעקטראָווניע און עס וועט בלײַבן זײַן אייגן געשעפט, וועט דען זײַן שלעכט? ער וועט שוין געפינען אַ פּאָר מענטשן, וואָס וועלן צעטראָגן די חשבונות און אײַנמאָנען דאָס געלט. אַז עמעץ וועט

נישט באַצאָלן אין צײַט, וועט געגנוג זײַן אָפּצוטשעפּען אַ שטיקל דראָט און ער וועט מער נישט האָבן קיין עלעקטרע. ווער עס האָט שוין באַצאָלט אַזוי פיל געלט, מע זאָל בײַ אים אינסטאַלירן עלעקטרישע ליכט, וועט נישט צוריקגיין צו אַ נאַפטלאָמפּ איבער אַ נאַרישע פּאָר זלאָטעס.

דער רב וואָלט געזאָגט: אַלץ וואָס דער אייבערשטער טוט, טוט ער צום גוטן. ער וועט טאַקע יאָ ענטפערן אויפן בריוו פון מאַגיסטראַט, ער וועט זיי שרײַבן, אַז יאָ, ער איז מסכּים צו קינדיקן דעם אָפּמאַך. די רווחים וועלן זײַן גרעסער און די עלעקטראָווניע וועט בלײַבן זײַן אויך נאָך צוואָנציק יאָר.

מאַריאַ איז געקומען מיט פולע הענט און אָוועקגעשטעלט נעבן בעט פּלעשלעך מיט מעדיקאַמענטן און אָוועקגעלייגט פּעקלעך וואַטע און גאַזע.

„כ׳על נאָר ברענגען דאָס שערל״, האָט זי געזאָגט, „און...״

„זאָל די פּאַני מיר ברענגען מײַן פּעדער און אַן עלעקטראָווניע־בריוובויגן״.

„מע דאַרף איבערבײַטן דעם באַנדאַזש״.

„שפּעטער. צו ערשט דאַרף איך שרײַבן אַ בריוו״.

מאַריאַ האָט נאָר געהויבן מיט די אַקסלען; זי האָט שוין געוווּסט, אַז ווען קלמן עקשנט זיך אײַן, העלפט גאָרנישט.

קלמן האָט אָנגעהויבן שרײַבן זײַן בריוו: „צום הויכגעשעצטן בירגער־מײַסטער, פּאַן קאַסטעק נאָוואַקאָווסקי, און צום חשובן ראָט פון דער שטאָט דאָמבראָווקע...״ ער האָט באַלד אָוועקגעלייגט די פּען און צוריקגערופן מאַריאַן. ווער נאָר עס האָט אָנגעדרייט דאָס שפּיצל וויל דאָך וויסן, ווי אַזוי דער קאַליקע וועט רעאַגירן; אַ קרענק וועל איך זיי זאָגן, זאָלן זיי פּראָבירן אַליין טרעפן.

אָבער שווײַגן טויג אויך נישט; זיי וועלן מיינען, אַז איך האָב זיך דערשראָקן צום טויט. עס וואָלט גוט געווען עפּעס צו טאָן, זיי זאָלן זען, אַז די עלעקטראָווניע בויט זיך ווײַטער, אָבער וואָס קאָן מען טאָן ווען עס ליגן אַזעלכע טיפע שנייען?

אָפּלייגן סלופּעס אויף דער ווילקער גאָס, ווו מע דאַרף לויטן פּלאַן אויפבויען די צווייטע נעץ פון עלעקטרישע דראָטן.

ביז דער שניי וועט צעגיין, די ערד אויפטײַען און די בלאָטעס אויסטרי־קענען, מע זאָל קאָנען אויפשטעלן די סלופּעס, וועט מען זיי צעגנבענען!

און אַז מ׳עט צוגנבֿענען אַ האַלבן טוץ סלופּעס, וועט די וועלט אונטער־גיין? עס וועלן זײַן גענוג רווחים צו דעקן פֿאַר גרעסערע גניבֿות.

# XII

אַ וואָך איז פֿאַרבײַ אין שפּאַנונג. ווען מע האָט אָפּגעלייגט דעם ערשטן שטויס סלופּעס אויף דער ווילקער גאַס, האָט דער בירגער־מײַסטער געשיקט אַ פּאָליציאַנט דערמאָנען קלמנען, אַז עס איז אויס עלעקטראָווניע. אַז מע האָט צוויי טעג שפּעטער געבראַכט מער סלופּעס, איז ער שוין אַליין געקומען. „וואָס טוט זיך דאָ, פּאַניע שווערדל? דער מאַגיסטראַט האָט זיך דאָך צוריקגעצויגן״.

„אָבער איך האָב זיך נישט צוריקגעצויגן, פּאַניע בירגער־מײַסטער״.

„אַ מאַגיסטראַט קאָן מען נישט צווינגען״, האָט ער געזאָגט דראָענדיק.

דער בירגער־מײַסטער האָט שוין גערעדט מיט אַ געהעכערט קול. קלמן האָט געענטפֿערט רויִק, מיט אַ שטיל, באַזאַכט קול: „דורך די סאָנדעס, פּאַניע נאָוואַקאָווסקי, קאָן מען אויך אַ מאַגיסטראַט צווינגען, ווען עס איז פֿאַראַן אַן אונטערגעשריבענער, באַשטעטיקטער אָפּמאַך. אַפֿילו די רעגירונג פֿון לאַנד מוז פֿאָלגן אַ געריכט־אורטייל. אָבער ווער וויל אײַך דען צווינגען? די עלעקטראָווניע וועט זײַן אַ גאָלדגראָבן. פּאַטריאָטישע געפֿילן און גוטער ווילן האָבן מיך גענייגט עס צו בויען און געבן דעם מאַגיסטראַט, אָבער אַז דער מאַגיסטראַט האָט עס מיר צוריקגעוואָרפֿן... ס׳וועט זײַן אַן עלעקטראָווניע, פּאַניע בירגער־מײַסטער, מײַן עלעקטראָווניע, מײַן אויף אייביק״.

דער בירגער־מײַסטער איז אַרויסגעלאָפֿן אין געאײַל. קלמן האָט געשיקט מתותן זען, וווּהין ער גייט. דער פּאַן נאָוואַקאָווסקי איז געלאָפֿן גלײַך צו דער פּאָסט.

נאָוואַקאָווסקי איז געלאָפֿן צו דער פּאָסט אָן ספֿק צו טעלעפֿאָנירן. צו מאָרגנס האָט קלמן שוין געוווּסט, אַז ער האָט טעלעפֿאָנירט קיין וואַרשע. ער האָט אַרײַנגעשריגן אין טעלעפֿאָן, און יעדן זאַץ אָנגעהויבן מיט „וויל־געבוירענער״ אָדער „הער פּריץ״.

אַהאַ, דער פּריץ איז אַרויס אין אַן אָפֿענער מלחמה. צו ערשט האָט

ער צעגראָבן דעם פּלאַץ ביי דער שיל, מע זאָל נישט קאָנען אַריינגיין; איצטער האָט ער אָנגעהעצט דעם בירגער־מייסטער. אַ פאַרקויפטע נשמה, דער קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי, עס ווייזט אויס, אַז ער נעמט געלט פון ביידע צדדים...

עס איז ווידער געקומען אַ שליח מיט אַ בריוו פון מאַגיסטראַט: „דער פאַן קלמן שווערדל ווערט אויפגעפאָדערט צוצונעמען זיינע סלופּעס פון דער ווילקער גאַס. די גאַסן געהערן צו דער שטאָט. קיינער האָט נישט קיין רעכט אָפּצולייגן סלופּעס, זיכער נישט אויפשטעלן סלופּעס אויף פּלעצער וואָס געהערן צו דער שטאָט, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון די אָפיציעלע שטאַטאַמטן.

זיי ווילן ער זאָל זיך ווענדן וועגן אַ דערלויבעניש כדי זיי זאָלן קאָנען אָפּזאָגן. אַ קרענק וועלן זיי עס דערלעבן.

עטלעכע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אַ וואָרענונג, אַז אויב די אייגנטימערס וועלן נישט צונעמען די סלופּעס אין פאַרלויף פון דריי טעג, וועט די פּאָליציי זיי אַוועקנעמען.

קלמן האָט געשיקט מאַריאַן מיט אַ בריוול צום בירגער־מייסטער, יענער זאָל קומען זיך אַדורכרעדן וועגן דעם ענין.

צוויי טעג זענען פאַרביי און דער בירגער־מייסטער איז נישט געקומען. קלמן האָט געשיקט צו אים נאָך אַ בריוול: „מיין אַדוואָקאַט אין וואַרשע בעט ביי מיר מער אינפאָרמאַציע וועגן אַ געוויסער קוויטאַציע אויף טויזנט זלאָטעס. איך מוז איילִיק זיך באַראָטן מיטן פאַן בירגער־מייסטער, כ'זאָל וויסן וואָס צו ענטפערן. אין וואַרשע קאָנען זיי נאָך זען אין דעם עפּעס, וואָס מיר ביידע ווילן נישט זיי זאָלן זען".

דער פאַן נאָוואַקאָווסקי איז געקומען באַלד נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען דאָס בריוול.

„איך בין אַ מענטש פון גוטן ווילן", האָט קלמן געזאָגט דעם בירגער־מייסטער, „מיט גוטן ווילן האָב איך געוואָלט אַוועקגעבן צו דער שטאָט די עלעקטראָווניע וואָס איך בוי, לויט מיינע פּלענער און פאַר מיין געלט. פון גוטן ווילן האָב איך געגעבן דעם פאַן בירגער־מייסטער אַ טויזנטער פאַר זיינע טירחות לטובת דער עלעקטראָווניע. איך ווייס נישט וואָס מיין אַדוואָקאַט טשעפּעט זיך. אויף דער קוויטאַציע וואָס דער פאַן האָט אונטערגעשריבן, שטייט קלאָר, אַז דאָס גיב איך דעם פאַן צוריק

פאַר פאַרשידענע הוצאות אין שייכות מיט זיינע רייזעס צום סטאַראָסטע, צום וואָיעוואָדאָ און קיין וואַרשע".

„ווי קומט עס צו אַן אַדוואָקאַט? דאָס איז אַ פּריוואַטער ענין".

„אוודאי איז עס אַ פּריוואַטער ענין צווישן מיר און דעם פאַן בירגער־מייסטער. גיי ווייס, אַז צווישן די עלעקטראָוניע־פּאַפּירן, וואָס כ'האָב געשיקט צו מיין אַדוואָקאַט, ליגט אויך אַ קוויטאַציע וועגן אַ פּריוואַטן ענין. איך לאָד זיך מיט דער שטאָט, נישט מיטן פאַן בירגער־מייסטער. פּריוואַט זענען מיר די בעסטע פריינד".

דער בירגער־מייסטער איז אַרויס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער איז צוריקגעקומען עטלעכע שעה שפּעטער. דער ריח פון בראָנפן, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אים, האָט אָנגעפילט דאָס צימער.

„דו סטראַשעסט מיך, ייד", איז נאָוואַקאָווסקי געווען מלא־חמה, „דאָמברוווקע איז אין פּוילן, נישט אין פּאַלעסטינע, אַ יידישע קאַליקע וועט אונדז נישט פירן ביי דער נאָז!"

„פירן ביי דער נאָז, פּאַניע בורמיסטזשו? פאַרקערט. דאָמברוווקע ליידט פון דעם, וואָס קיינער ווייסט נישט, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ מקום; דער ייד, דער קאַליקע, וועט עס מאַכן באַרימט. מע וועט רעדן וועגן דאָמברוווקע אין די סאָנדעס, מע וועט שרייבן אין די ציימונגען, עס וועט אויך זיין אַן אינטערפּעלאַציע אין סיים. און וועגן דער קוויטאַציע דאַרף דער פאַן זיך נישט זאָרגן. מיין אַדוואָקאַט זאָגט, אַז היות דער פאַן איז געפאָרן פון וועגן דער עלעקטראָוניע צוויי מאָל קיין גאָסטינין, איין מאָל קיין לוויוויטש און איין מאָל קיין וואַרשע, איז עס שיין פון מיין זייט, אַז כ'האָב נישט געוואָלט די שטאָט זאָל באַצאָלן פאַר די הוצאות; נאָר טאָמער האָט דער פאַן גענומען פאַר די זעלביקע הוצאות אויך פון דער שטאָטקאַסע..."

די יוכע האָט אַזוי אויפגעקאָכט אין דעם פאַן בירגער־מייסטער, אַז ער איז צוגעלאָפן צו קלמנען מיט אַן אויפגעהויבענער פויסט. ער האָט זיך ביי צייטנס באַהערשט און נאָר אַ שפּיי געטאָן: „פּשאַקרעוו, אַ ייד טאָר מען נישט געטרויען, קאַליקע צי נישט קאַליקע".

„אַ בירגער־מייסטער קאָן מען יאָ געטרויען", האָט קלמן געענטפערט קאַלטבלוטיק, „בפרט אַז מע האָט אַ קוויטאַציע".

קלמן האָט זיך געריכט, אַז דער בירגער־מייסטער וועט ווידער זיך אַ לאָז טאָן צו אים, אָבער יענעמס פּלייצע האָט זיך געבויגן און ער האָט

זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל. „וואָס זאָל איך טאָן?" האָט ער געקלאָגט, „דער פּאָן סטראַשעט מיך מיט אַ פּאַרסראַליעטער קוויטאַציע. איך וויל דען נישט די עלעקטראָווניע? אָבער גיין קעגן פּריץ קאָן איך נישט. אַז ער וויל, בין איך בירגער־מײַסטער; אַז ער וועט נישט וועלן, וועל איך אַרויס־פליִען ווי אַ שפּענדל".

„דאָמברוווקע איז מער נישט דעם פּריצעס פּריוואַטע אימעניע און נישטאָ מער קיין לײַבאייגענע פּאַראָבקעס. פּוילן איז אַ פרײַע מדינה און יעדער קאָן וויילן פאַר וועמען אים געפעלט".

„לויטן געזעץ זענען די פּאַראָבקעס פרײַ, אָבער אַפילו אַ בהמה ווייסט ווו עס שטייט איר קאָריטע. ווער זענען די רײַכערע מיעשטשאַנעס אין דאָמברוווקע? די, וועמען דער פּריץ האָט געגעבן נאָך אַ שטיקל ערד אויסצוצאָלן אויף לאַנגע ראַטעס. ווער זענען די, וואָס קענען לייענען און שרײַבן? די, וואָס דער פּריץ האָט זיי באַפרײַט פון דער אַרבעט אַ ביסל פריִער, זיי זאָלן קאָנען גיין אין שקאָלע".

„כ'האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז דער פּריץ איז אַזאַ גוטסטוער".

„גוטס? זײַנע ממזרים שיקט ער אין שקאָלע, און אַ שטיקל ערד גיט ער דעם יונג, וואָס גייט צום שליוב מיט אַ מויד, וואָס האָט שוין אַ גרויסן בויך, און אַלע ווייסן ווער עס האָט אָנגעמאַכט דעם גרויסן בויך..."

„כ'האָב געמיינט, אַז די פּריצים האָבן מער נישט די רעכט פון דער ערשטער נאַכט".

„רעכט, שמעכט! אַלע מוידן רייטלען זיך ווען דער וווּיל־געבוירענער קומט אין קאַשטשאָל, און אַז אַ מויד געפעלט אים... דער פּויער איז אָרעם און הונגעריק".

„און קיינער בונטעוועט זיך נישט?"

„דער פּריץ נעמט די שענסטע מוידן. דער כאָם ווייסט דען וואָס שיין איז? אַז דער פּריץ האָט זי באַגערט, איז אַ סימן, זי איז אַ שיינע. די מוידן באַרימען זיך דערמיט, ס'איז אַ גאַנצער יִחוס".

„האָט קיין איינע זיך נישט אַקעגנגעשטעלט, האָט זיך נישט געפונען קיין איין יונג, וואָס זאָל מאַכן אַ געוואַלד?"

„אַ פּויערס האַרץ איז זײַן שטיקל לאַנד, זײַן פאַרמעגן — די צוויי הענט עס צו באַאַרבעטן. אַז אַ יונג האָט גענומען דעם פּריצעס אַ מויד, האָט ער באַקומען אַן עקסטראַ שטיק לאַנד און אַ געזונטע באָבע פאַר

זיַין ווירטשאַפט, — דער ליכטיקער גוסטירט אין פעסטגעבויטע, געזונטע מוידן. אָבער דער טיַיוול קאָן טריַיבן אַ מענטש צום ערגסטן משוגעת, ווי ס'איז געשען מיט דעם מאַטשעק באַדולאַ. אַ יונג ווי אַ דעמב געווען, דער מאַטשעק".

„וואָס איז געשען מיט דעם מאַטשעק ?"

„אַן אָרנטלעכער יונג, אָבער געווען צו פיל פאַרקאָכט אין דער נקבה, און וואָס צו פיל איז נישט גוט".

„זי האָט אים נישט געוואָלט ?"

„זי האָט אים יאָ געוואָלט, אָבער אַז דער ליכטיקער האָט געוואָרפן אויף איר אַן אויג... דער מאַטשעק איז געווען אַ נאַר און געמאַכט אַ טומל. און..."

„און ?"

„אַ פריץ מעג טאָן וואָס ער וויל און אַ בירגער־מיַיסטער דאַרף שוויַיגן. און וואָס פלאָטקע־מאַכערס און בייזע צינגער פּלאַפּלען, איז נישט אַלע מאָל דער אמת. קיינער האָט נישט געזען, עמעצער זאָל האָבן דעם מאַטשעק אַריַינגעשטופּט אין דער מאָרזשע, אפשר האָט ער אַליין זיך דערטרונקען".

„דער פריץ האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם ?"

„איך זאָג נאָר וואָס איך ווייס; וואָס איך ווייס נישט, זאָג איך נישט. און דער פּאַן איז אויך נישט צו קלוג. דער פּאַן רעדט צו פיל און פירט מלחמות מיטן פריץ, קיינער האָט נאָך בײַם פריץ נישט געוווּנען".

„דער פּאַן בירגער־מיַיסטער איז גערעכט, מע דאַרף נישט נאָכזאָגן אַלץ, וואָס מענטשן רעדן, אָבער טראַכטן מעג מען. וואָס טראַכט דער פּאַן וועגן דער מעשׂה מיט מאַטשעק באַדולאַ ?"

קלמן האָט גערופן מאַריאַן אַריַינצוברענגען בראָנפן, און זי צוריק אַרויסגעשיקט. דער בירגער־מיַיסטער האָט אָפּגעווישט די וואָנצעס פון בראָנפן און גאָר געוואָרן מער אָפּגעהיט: „איך וועל נישט נאָכזאָגן אַלץ, וואָס די כאַמעס פּלאַפּלען".

„גערעכט, פּאַניע בורמיסטזשו, באַבסקע מעשׂיות".

„דער פויער איז נישט קיין נאַר, פּאַניע קלמן", האָט ער גענומען דרייען אויף צוריק.

„אָבער איך גלייב נישט".

„דער פּאַן ווייסט דען ?"

„פּויערים קומען אַרײַן אין געוועלב, רעדן זיי״.

„ווײַסט דאָך דער פּאַן אַלץ?״

„אָבער איך גלייב נישט. אַ יונג פון די פּאַראַבקעס וועט נישט אַרויס אין אַ מלחמה קעגן פּריץ״.

„דער פּריץ האָט אים געוואָלט געבן אַ שטיק לאַנד, אַ גאַנץ פֿאָלוואַרק. אַ זון פון לײַבאייגענע וואָלט געכאַפּט מיט בײדע הענט, אָבער דער מאַטשעק האָט געהאַט אַ פּריצישע יוכע״.

„אַ פּאַראַבעק מיט פּריצישער יוכע איז טאַקע געפערלעך צו זײַן...״

„אַז דער פּאַן ווייסט אַלץ, ווייסט ער דאָך, אַז דער מאַטשעק איז געבוירן געוואָרן אַ וועלכע פיר חדשים נאָך זײַן מאַמעס חתונה, און דער פּריץ איז נאָך דעמאָלט נישט געווען פּריץ, נאָר אַן עקאָנאָם בײַם אַלטן פּריץ״.

„און דער פּריץ האָט נישט געוווּסט, אַז ער נעמט זײַן אייגענעם זונס מויד?״

„געוווּסט האָט ער יאָ. ווער האָט דעם מאַטשעק געשיקט אין די שקאָלעס? און פאַר וואָס דווקא אים? אַלע האָבן געוווּסט און מאַטשעק האָט עס אויך געוווּסט. מע זאָגט, אַז ער איז געגאַנגען צום פּריץ זאָגן, אַז ער וויל חתונה האָבן און געבעטן אַ שטיקל לאַנד!״

„ער איז געגאַנגען ווי צו אַ טאַטן?״

„ווי צו אַ טאַטן, כאָליערע, איז ער געגאַנגען. דער גוטער טאַטע האָט געוואָלט זען די מויד, און דער מאַטשעק אַליין האָט זי געשיקט צו אים. מאַטשעק האָט געקראָגן פאַר איר די ניכפּה און דער טאַטע אויך... כאַ־כאַ־כאַ, הײַנט האָט די באַבע אַ צו גרויסן 'פונהינטן', אָבער דעמאָלט, האַ־האַ! אין גאַנץ דאָמברוווקע, און אַפילו נישט אין וואַרשע, האָבן זיך אַרומגע־וואַלגערט אַזעלכע מיידן״.

„און דער העלער און ליכטיקער האָט אַפּגערוימט זײַן אייגענעם ממזר?״

„פּריצים האָבן אַזוי פיל ממזרים... און אַז עמעץ בונטעוועט זיך קעגן פּריץ... דער פּאַן דאַרף זיך דאָס נעמען אין קאָפּ אַרײַן: אויב עמעץ בונטע־וועט זיך...״

„און די מויד? זי האָט געשוויגן?״

„די העלאַ? אפשר האָט זי מורא געהאַט, און אפשר, כ'ווייס? פאַראַן באַבעס, וואָס דרייען נאָך הײַנט מיטן הינטן פון שטאָלץ, וואָס מיט צוואַנציק

יאָר צוריק האָט דער פּריץ זיך צו זיי צוגעכאַפּט. סײַ ווי סײַ, אַ שטיק לאַנד האָט זי באַקומען, אַ מאַן אויך, און וואָס ס׳ליגט אין דר׳ערד ליגט אין דר׳ערד״.

„פאַר וואָס טשעפּעט זיך דער פּריץ צו דער עלעקטראָווניע ? זײַן הויף וועט דאָך אויך געניסן״.

„דער פאַן מישט זיך צו פיל וועגן דער בוזשניצע. דער פאַן גייט דאָך סײַ ווי נישט צו די מאָדליטוועס ; וואָס דאַרף דער פאַן אַ שיל ? ס׳קאָן נישט שטיין אַ בוזשניצע אויפן פּריצעס לאַנד, אין סאַמע פּראַנט ; דאָס מוז אַראָפּ איידער דער פּרעזידענט קומט״.

„דער פּרעזידענט קומט קיין דאָמבראָוועקע ?״

„דאָס איז דערווײַל אַ סוד. דער פאַן פּרעזידענט מאָשטשיצקי וועט דאָ קומען אויף געיעג אין דעם פּריצעס וועלדער און וועט זײַן דעם פּריצעס גאַסט אין הויף. דער פּרעזידענט האָט אַ זון און די פאַניענקע, דעם פּריצעס טאָכטער... איך רעד שוין ווידער צו פיל״.

„דער פּריץ האָט דאָס געזאָגט ?״

„אַ פּריץ זאָגט נישט, אָבער קאָסטעק נאָוואָקאָווסקי וואָלט נישט געווען בירגער־מײַסטער אויב ער וואָלט געווען אַ נאַר״.

## XIII

שוין איין מאָל אַ הויך־וווּיל־געבוירענער ! ער איז דאָך ערגער ווי אַן אונטערוועלטניק. אָפילו גנבים און באַנדיטן שאַנעווען זייערע אייגענע, און דאָ — ער האָט פאַרנאַרט זײַן זונס כלה אין בעט אַרײַן און דערנאָך אָפּגע־רוימט דעם זון. איינער וואָס טוט דאָס צו זײַן אייגן בלוט און פליייש איז... איז געפערלעך און מע דאַרף זיך היטן די ביינער !

דאָס גאָלד און די וויכטיקע דאָקומענטן האָט מתות אָוועקגעפירט קיין וואַרשע. די וועקסעלעך פון דעם פּריץ ליגן טאַקע אין אַן אײַזערן קעסטל אין שערעשעווסקיס באַנק, אָבער ווער וועט עפּעס טאָן וועגן דעם אויב דעם פּריץ וועט געלינגען אים אָפּצורוימען ?

קלמנס הויט איז געריניצלט געוואָרן פון דעם געדאַנק, און פלוצלינג

האָט ער זיך גאָר צעלאַכט. אוי, מע קאָן פּלאַצן פון געלעכטער. אַז זײַן באָבע איז געווען אַ דאַווידזאָן, איז דאָך די פּריצה זײַנע אַ קרובה; וועט דער פּריץ זײַן צווישן די, וואָס וועלן מאָנען אַ חלק אין קלמן קאַליקעס ירושה?

ס׳איז שוין גאָר נישט קיין געלעכטער! דאָס אידעלע פּריצל איז עלול אונטערצוצינדן גאַנץ דאָמבראָווקע, אַבי קלמן קאַליקע זאָל אויך אַוועק מיטן רויך. אויב דער פּריץ טרוימט טאַקע וועגן אַ שידוך מיטן פּרעזי־דענטס זון, איז ער גאָר נישט קיין זאַ גרויסער חכם. דער פּרעזידענט פון דער מלוכה וועט זיך נישט משדך זײַן מיט אַ ייִדיש איינקל, אַפילו מע זאָל אים אָנשיטן אַ פולע שטוב מיט גאָלד; נאָר טאָמער איז דער פּריץ שוין אַזוי פאַרריסן בײַ זיך, אַז ער קאָן זיך אײַנרעדן אַזאַ זאַך, וועט ער גרייט זײַן צו גיין איבער לעבעדיקע און איבער טויטע. יאָ, ער שפּילט זיך מיט פײַער. ווי קומט עס, דער קלוגער קלמן זאָל טאָן אַזאַ נאַרישקייט? האָט ער אין יענער נאַכט, ווען דאָס הויז איז אויף אים אײַנגעפאַלן, פאַר־לוירן דעם שׂכל? ער פּלעגט זיך דאָך גרייסן מיט דעם, וואָס ער איז אַזוי אויסגערעכנט און אָפּגעהיט.

אַז דער פּריץ טשעפּעט זיך ווידער צו דער שיל, און שרעקט זיך נישט וואָס מע קאָן טאָן מיט זײַנע נישט־באַצאָלטע וועקסעלעך, האָט ער עפּעס אַ פּלאַן. איז עס אַ פּלאַן אָפּצורוימען זײַן קעגנער?

ער מוז איבערלאָזן אַ מאָנער. ער מוז שוין, די מינוט, אויפשרײַבן אַלץ שוואַרץ אויף ווײַס, און עס איבערגעבן אַ גרויסן אַדוואָקאַט. ער טאָר עס נישט אָפּלייגן אויף מאָרגן, מאָרגן קאָן זײַן צו שפּעט.

ער האָט געשריבן מיט דער לינקער האַנט זינט דעם אומגליק ווען דער ביין אין רעכטן אָרעם איז צעבראָכן געוואָרן. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט שרײַבן מיט דער לינקער האַנט און עס איז שוין אַרויס־געקומען גענוג קלאָר, מע זאָל עס קאָנען לייענען. ער איז אָבער שנעל מיד געוואָרן און געמוזט איבעררײַסן נאָך עטלעכע שורות. אָפּגערוט זיך אַ פּאָר מינוט, האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט, ער האָט געהאַט אַ סך צו שרײַבן. אַ קראַמף אין געלענק, די האַנט איז אײַנגעשלאָפן און ער האָט קוים זי געקאָנט באַוועגן. נישט פּיעשטשען זיך! האָט ער אָנגעשריגן אויף זיך אַליין, און ווײַטער געשריבן. די לעצטע שורות זענען שוין געווען געשריבן נישט ווי מיט דער לינקער האַנט, נאָר ווי מיט דעם

לינקן פוס. מילא, זיי וועלן עס שוין ווי עס איז איבערלייענען. אויסגע־רעכנט אלץ וואס ער האט קעגן פריץ, האט ער אויך אויפגעשריבן ווו ער האט די דאקומענטן וועגן דעם ענין. ער ווייסט, אז דער פריץ פלאנט אים אפצורוימען פון וועג; אויב עס וועט עפעס געשען, זאל מען וויסן ווער עס האט עס געטאן. צום סוף האט ער צוגעגעבן: ווער נאר עס זאל אים ירשענען, טאר נישט אנרירן א גראשן איידער ער וועט אנקלאגן דעם פריץ.

איבערגעלייענט וואס ער האט אנגעשריבן, האט ער די לעצטע שורות אונטערגעשטראכן מיט רויטן טינט. ער האט אזוי שטארק געדריקט די פעדער אויפן פאפיר, אז זי האט זיך צעבראכן און פארפלעקט דאס פאפיר. ער האט געהאט דערפון עפעס א געגנוג־טוונג, ווי דאס פאפיר וואלט געוועןן דער שונא און דער טינט זיין בלוט. עס איז אים געווארן א ביסל לייכטער און ער האט שוין געוואלט רופן מאריאן אים צו העלפן צוריקגיין אין בעט. פלוצלינג איז אים באפאלן א נייער פחד: עס איז צו שפעט, עפעס וועט געשען די נאכט!

דאס פאפיר טאר נישט בלייבן ביי אים אין שטוב. וועמען עס געבן? מתותן? ניין, אלע ווייסן, אז מתות איז זיין מענטש, און אז אלע ווייסן, ווייסט עס אויך דער פריץ. וועמען האט ער דא אין דאמברוווקע, וואס מע קאן אים געטרויען?

קיינעם נישט! נישט ער האט געוואלט האבן פריינד, נישט ער ווייסט ווי צו געווינען פריינד. אין „פרק" שטייט „וקנה לך חבר", קויף דיר א פריינד. פריינד פאלן נישט אראפ ווי מן פון הימל. דו טוסט עפעס פאר יענעם, טוט יענער עפעס פאר דיר. דו קאנסט רעכענען אויף יענעמס הילף, ווייל יענער ווייסט, אז ער קאן רעכענען אויף דיין הילף. גיב און באקום. אז עמעץ וויל נאר נעמען, קריגט ער איבער די הענט. ווען האט ער עפעס געטאן פאר עמעצן, סתם אזוי, פאר גארנישט, און ווער האט עפעס געטאן פאר אים?

בערל טרעגער? ער איז א צו קליין מענטשעלע צו קאנען האלטן אזא גרויסן סוד. עס בלייבט טאקע נאר איין מתות. זיי זענען נישט קיין גרויסע חכמים, אבער זיי האבן געהאלטן דעם סוד פון זיין גאלד אונטער דער חורבה. דער לאנגער משה איז אים שולדיק געלט וואס ער האט נאך געבארגט ביים זיידן, און ער טשעפעט אים נישט, אפשר...

ווער עס האָט אים געטאָן גוטס? דער רב. ער איז געווען אַ קליין, אומבאַהאָלפן קינד, אַ קאַליקע, און דער רב מיט דער רביצין זענען געווען אַזוי גוט צו אים, אַז ער האָט אַ סך מאָל געווינט פון געריִרטקייט. ער פלעגט חלומען גאַנצע נעכט וואָס פאַר אַ גוטס ער וועט אַלץ טאָן דעם רב ווען ער וועט אויפוואַקסן און זײַן גרויס און מאַכטיק.

יאָ, ער ווייסט שוין וועמען צו געבן דאָס פּאַפּיר, ער וועט עס געבן דעם רב. אַפילו דעם כיטרען פּריץ וועט נישט איינפאַלן צו זוכן אַזעלכע זאַכן בײַם רב.

ווי עס וועט קומען צום רב? ער וועט עס שיקן מיט מאַריאַן. אויב ער וועט פאַרברענט ווערן אין דעם הויז, וועט מאַריאַ פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט אים, וועט נישט בלײַבן ווער עס זאָל אויסזאָגן...

דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער שטות. ער וועט דאָס נישט שיקן דורך קיין שום שליח, ער מוז דאָס אַליין געבן דעם רב אין די הענט.

„מאַריאַ, מאַריאַ!" האָט ער גענומען רופן אַזוי הויך, אַז זי איז געקומען צו לויפן אַ דערשראָקענע. „מאַריאַ, הײַנט איז דער טאָג ווען מײַן מאַמע, צום ליכטיקן אָנדענק, איז געשטאָרבן. איך מוז גיין אין דער בוזשניצע זאָגן אַ מאָדליטווע".

„אין שיל, אַ מאָדליטווע? דער פּאַן האָט דאָך ערשט נעכטן מיך געשיקט קויפן שינקע?"

„שינקע איז שינקע, און אַ מאַמע איז אַ מאַמע. די פּאַני מוז מיך צופירן אין שיל אַרײַן. מתוּת וועט מיך שוין אַהיימברענגען".

מאַריאַ האָט צוגעברענגט קלמנען ביז דער שיל, מתפללים האָבן געהאָלפן אים אַרײַנרעדלען אינווייניק. מע האָט שוין געהאַלטן אין מיטן דאַוונען, עס איז פונדעסטוועגן געוואָרן אַ געשושקע. דאָס וואָס דער יונג שטעלט זיך אײַן פאַר דער שיל, איז נישט אַזוי פּשוט, אָט קומט ער שוין דאַוונען אויך.

ער האָט געכאַפּט מתותעס בליק, און אים אַ ווונק געטאָן ער זאָל צוקומען. „זאָגט דעם רב, אַז איך דאַרף געניייטיק מיט אים רעדן, אָבער ערשט נאָך דעם ווי אַלע וועלן אַהיימגיין".

קלמנס פּלוצלימדיקע באַוויַיזן זיך האָט דערוועקט אַ נײַגעריקייט, און עולם האָט זיך נישט געאײַלט אַוועקצוגיין. עס זענען נאָך געווען אַ פּאָר

מענטשן אין שיל ווען דער רב איז צוגעקומען צו אים. „כ׳בין דאָ אַרייַנגעפאַלן ווי אַ יוון אין סוכּה״, האָט ער געזאָגט דעם רב.

„דו ביסט אַרייַנגעפאַלן ווי אַ ייִד אין אַ ייִדישער סוכּה. יעדער ייִד איז אַן אַנגעלייגטער גאַסט אין גאָטס סוכּה״.

*

ס׳איז שוין געווען מער ווי אַ שעה נאָך מעריב און עס זענען נאָך אַלץ געווען אַ פּאָר מתפּללים אין שיל. קלמן האָט שוין באַוויזן צו זאָגן דעם רב וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און אַפילו באַוויזן אַרייַנצושטעקן דאָס פּאַפּיר דעם רב אין האַנט, קיינער זאָל נישט זען. אָבער דער רב האָט עס געוואָלט איבערלייענען איידער קלמן גייט אַוועק. „זאָל ר׳ מתות דיך צופירן צו מיר אַהיים, ס׳איז אַ טונקעלע נאַכט, קיינער וועט נישט זען. איך וועל נאָך בלייַבן אַ פּאָר מינוט, וועט קיינעם נישט אייַנפאַלן, אַז דו גייסט צו מיר״, האָט דער רב געעצהט.

„כ׳קאָן וויסן ווער ס׳וועט דיך ירשענען?״ האָט דער רב געפרעגט נאָכן איבערלייענען וואָס קלמן האָט אויפגעשריבן. „דו שרייַבסט: ׳ווער נאָר עס זאָל מיך ירשענען׳. ווער איז דער ׳ווער נאָר׳?

„כ׳וויס אַליין נישט. קיין נאָענטע קרובים האָב איך נישט״.

„אויב עס זענען נישט פאַראַן קיין יורשים, וועט די רעגירונג דיך ירשענען. איז דאָס וואָס דו ווילסט?״

„ניין, חלילה״.

„טאָ שרייַב אַרייַן אַ נאָמען און שרייַב אונטער מיט אַ דאַטע, וועל איך עס אונטערשרייַבן ווי אַן עדות. ווען דו וועסט וועלן, וועסטו קאָנען בייַטן וואָס האָסט געשריבן וועגן יורשים. מאַך טאָקע אַ לעגאַלע צוואה ביי אַ רעיענט״.

קלמן האָט חשק געהאַט אַרייַנשרייַבן, אַז דער רב זאָל זייַן זייַן יורש, אָבער דער רב וועט נישט קאָנען, און אפשר נישט וועלן, דאָס אונטערשרייבן ווי אַן עדות. די בעסטע זאַך וועט זייַן אַרייַנצושרייַבן, אַז ער מאַכט דעם רב פאַר דעם אַפּוטרופּס פון זייַן ירושה, דער רב זאָל עס צוטיילן לויט זייַן אייַנזען. ער האָט שוין גענומען אַ פּען אין האַנט און זיך מיישב געווען: אַז דער רב וועט זייַן דער אַפּוטרופּס, וועט ער די ירושה געבן קיילען און זייַן קינד; טאָ צוליב וואָס זיך נאַריש מאַכן? ער וועט אַליין אַרייַנשרייַבן דאָס, וואָס דער רב דערוואַרט ער זאָל אַרייַנשרייַבן: „עס איז

מײַן ווילן אַלץ וואָס בלײַבט נאָך מיר זאָל געירשנט ווערן דורך מתות ליפּשיץ, זײַן טאָכטער קיילע און אירע יורשים". ער האָט דערלאַנגט דאָס פּאַפּיר צום רב און איז געווען צופרידן פון דעם, וואָס ער האָט געשריבן. מיטן שרײַבן „קיילע און אירע יורשים", האָט ער עס געגעבן צו די, וואָס דער רב וויל, און דערבײַ נישט מודה געווען זיך צו גאָרנישט. און אויב ער וועט וועלן, און ווען ער וועט וועלן, קאָן ער דאָס בײַטן.

דער רב האָט אונטערגעשריבן ווי אַן עדות און צוגעזאָגט אַוועקצושיקן דאָס פּאַפּיר קיין וואַרשע צו קלמנס אַדוואָקאַט. קלמן האָט געוואָלט דער רב זאָל וויסן, אַז עס איז אַ וויכטיקע שליחות, ער האָט אויך נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון רב, אַז עס איז געפערלעכע שליחות: „מע זאָגט, אַז דער פּריץ האָט אונטערגעשטעלט מענטשן צו דערטרינקען זײַנס אַ נישט־לעגאַלן זון. אַ מענטש וואָס קאָן טאָן אַזאַ זאַך צו זײַן אייגן בלוט און פלייש..."

קלמן האָט איבערגעריסן אין מיטן זאַץ. ער האָט אַרויסגעלייענט פון רבס אויגן: „איך קען נאָך אַ טאַטע, וואָס איז אַן אַכזר צו זײַן נישט־לעגאַלן זון..."

עס איז אײַנגעטרעטן אַ לאַנג שווײַגן. דער רב האָט סוף־כּל־סוף אַרײַנגערופן מתותן פון דער אַנדערער שטוב, ער זאָל אַהיימפירן קלמנען. ווען ער איז שוין געווען בײַ דער טיר, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן צום רב. „דאָס וועגן וואָס איר האָט אַ מאָל גערעדט מיט מיר. רבי... איך טראַכט וועגן דעם".

## XIV

ער האָט געזאָגט דעם רב „כ'טראַכט וועגן דעם", אַן אָנצוהערעניש, אַז ער טראַכט וועגן חתונה האָבן מיט קיילען. טראַכט ער טאַקע וועגן דעם?

און אַז ער טראַכט נישט? דאָס איז נישט קלמן קאַליקעס ערשטער ליגן. פון אָפּנאַרן דעם רב האָט ער דווקא נישט קיין הנאה, אָבער ער מוז איצט האָבן דעם רבס פרײַנדשאַפט פאַר יעדן פּרײַז. נאָך זײַן לעצטן באַזוך בײַם רב, און ווי ער האָט זיך דעמאָלט אויפגעפירט, איז דער רב אַ צדיק

אַז ער רעדט צו אים. ניין, ער טוט עס נישט גערן צו צאָלן דעם רב מיט אַ פֿאַלשער מטבע, אָבער ער האָט איצט נישט קיין ברירה.

איז ער טאַקע ווי דער פריץ? וואָלט ער געווען מסוגל צו דערטרינקען אַן אייגן קינד?

חס־ושלום! פון זײַן גלײַכגילטיק ביז ווערן אַ מערדער איז אַ ווײַטער מהלך.

בײַם פריץ האָט עס זיך אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט געשלעפט אין בעט אַרײַן זײַן זונס מויד און ס'האָט זיך געענדיקט מיט דעם זונס טויט. דערמאָנט דאָס נישט אין אַן אַנדערער געשיכטע? אין דער אַנדערער געשיכטע איז עס נישט געווען קיין זון, נאָר אַ ווײַטער קרוב, אָבער עס האָט זיך אויך געענדיקט מיט טויט!

וואָס טוט זיך מיט אים הײַנט? די מעשה מיט יאָסלען איז אַ בלבול וואָס איז געבוירן געוואָרן אין ברײַנדלס צעשעדיקטן מח. ס'איז קיינמאָל נישט געשען און — — און ער האָט זיך צוגעזאָגט עס אויסצומעקן פון זײַן זכרון. ער טאָר מער וועגן דעם נישט טראַכטן, קיין מאָל נישט!

און ווי טאַקע פירט ער זיך קעגן זײַן אייגן קינד? דער פריץ, אַז ער נעמט אַ מויד אין בעט אַרײַן, גיט ער איר נאָך דעם אַ חתן און אַ שטיק פעלד. נאָוואַקאָווסקי זאָגט, אַז ער שיקט זײַנע ממזרים אין די שקאָלעס. וואָס טוט ער פאַר זײַן ממזר? דאָס וואָס ער האָט אַרײַנגעשריבן אין זײַן צײַטווײַליקער צוואה, קיילע און איר קינד זאָלן אים ירשענען, האָט ער דאָך געטאָן נאָר ווײַל עס איז צײַטווײַליק, און ער האָט עס דאָך געטאָן נאָר כּדי אָפּצונאַרן דעם רב. איז קלמן קאַליקע ערגער פון פריץ?

די געדאַנקען האָבן אים געמאַטערט ווען ער איז שוין געלעגן אין בעט און ער האָט בשום־אופן זיי נישט געקאָנט פאַרטרײַבן. מאַריאַ איז שוין געשלאָפן; ער האָט זי אויפגעוועקט, זי זאָל אים געבן עפּעס צום שלאָפן. זי האָט אים געמאַכט אַ גלאָז הייסע מילך מיט בראָנפן און מיט האָניק. ס'איז געווען געשמאַק און ער איז טאַקע באַלד אײַנגעשלאָפן.

ער האָט זיך ווידער אויפגעוועקט אין מיטן נאַכט. אוי, וואָס פאַר אַ חלומות עס האָבן זיך אַלץ געפּלאָנטערט אין זײַן קאָפּ. ער איז געווען ער, און איז געווען אַ פריץ און געריטן אויף אַ פערד. ער האָט גאַלאָפּירט איבער די סטעזשקעס צווישן זײַנע פעלדער — שווערע, טראָגעדיקע זאַנגען... ער איז אַרײַן אין זײַן הויף, צוגעריטן צום קושטאַל מאַכן אַן אינספּעקציע.

ער האָט באַקוקט קו נאָך קו, באַטאַפּט די איַיטערס און געוויגן זיי אין זיַינע הענט. יאָ, זיי זענען שווער מיט מילך. צו ערשט האָבן די קי פאַרביַי־געשפּאַנט, נאָך זיי האָבן די פּאַראָבקעס פאַרביַימאַרשירט, נאָך זיי די מוידן. אַ פּאַראַד פון נאַקעטע בריסט, בריסט אויף בריסט. ער וועגט זיי אין זיַינע האַנטפלאַכן, יאָ, זיי זענען ריַיף און קערניק און אַלע אויגן קוקן צו אים מיט גלוסט און מיט געבעט: נעם מיך. ער האָט אַ וויַיז געטאָן מיט איין פינגער און אָוועקגעריטן; ער איז אַריַינגעריטן גליַיך אין זיַין שטוב, דאָרט אין זיידנס הויז. זי האָט שוין געוואַרט אויף אים אין בעט. ער האָט זי געוואָלט אויסטאָן, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף איבערבינדן דעם באַנדאַזש אויף דעם פּאַנס פוס און... און די בריסט זענען געווען גרויס, ריזיק גרויס, און ער האָט געזאָגט: פּאַני מאַריאַ, נישט יעצט, אָבער זי האָט אים געשטופּט אַ ברוינעם ברוסטוואָרצל אין מויל. ער האָט זיך גענומען שטיקן און זיך איבערגעוועקט.

אַזאַ נאַרישער חלום און ער האָט עס געפילט אַזוי וואָרהאַפטיק. אַזעלכע ברייטהיפּטיקע פּויערישע מוידן, אַזעלכע פולע, אַזעלכע הייסע בריסט, ער פילט נאָך איצט זייער וואָג אין זיַינע הענט...

קלמן האָט זיך געדרייט אויף זיַין געלעגער. ער האָט געקאָנט זיַין אַ פּריץ. זיַין באָבע איז געווען פון אַ משפּחה, וואָס... ניין, זיַין באָבע איז געווען פון די אָרעמע דאָווידזאָנס, אָבער זיַין טאַטנס זיידע האָט געהאַט וועלדער און גיטער. אַלץ וואָלט אַריַינגעפאַלן צו אים, ער וואָלט געווען אַ פּריץ און געריטן אויף אַ פערד, אויב עס וואָלט נישט אַלץ פאַרברענט געוואָרן. אויף פּרישער לופט וואָלט אים נישט באַפאַלן די וויסטע קרענק, וואָס איז אים באַפאַלן אין וואַרשע, ער וואָלט גאַלאָפּירט איבער זיַין אימעניע, און אויף וועלכער מויד ער וואָלט געוואָרפן אַן אויג...

איז עס דער בראָנפן? ער שלאָפט שוין נישט און רופט צוריק אַרויס די בילדער פון חלום. דאָס ליַילעך ברענט אונטער אים, ער וואַרפט זיך פון זיַיט צו זיַיט און קאָן נישט איַינליגן אַ מינוט.

זיַין בעט האָט אַזוי געקרעכצט, אַז מאַריאַ האָט זיך איבערגעוועקט אין דער אַנדערער שטוב. „דער פּאַן פילט זיך נישט גוט?" האָט זי געפרעגט ווען זי איז צוגעקומען צו דער טיר, „כ'על אָנצינדן דעם לאָמפּ".

„מע דאַרף נישט, די ליכט וועט שטעכן די אויגן".

„אַ וואַרעמען טרונק?"

„ניין, אַ דאַנק. זאָל די פּאַני זיך זעצן דאָ בײַם בעט". נישט קיין וווּנדער, אַז אין דעם חלום איז עס צום סוף געוווען מאַריאַ... „ווען די פּאַני דאַרף פּאַרקנעפּלען די בלוזע פון פאָרנט, קאָן די פּאַני דערלאַנגען?"

„וואָס פרעגט דער פּאַן?"

„די פּאַני האָט אַזאַ הויכן ביוסט, כ'פרעג צי די הענט זענען נישט צו קורץ צוצוקנעפּלען".

מאַריאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מאַכט חוזק פון איר, און נישט געענטפערט. קלמן האָט צוגעגעבן: „מענער ווערן משוגע פאַר אַ ווײַבע־רישן ביוסט; וואָס גרעסער, אַלץ בעסער".

„מײַן מאַן, צום הייליקן אָנדענק, האָט אויך אַזוי געזאָגט", האָט זי געענטפערט און זיך געזעצט אויפן בענקל נעבן בעט.

„ער האָט עס געהאַט גוט, כאָלערע פּשאַקרעוו, אַ פול בעט מיט ווײַב. פאַר וואָס האָט די פּאַני נישט נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט?"

„אויסצוהאַלטן אַ שיכּור איז גענוג איין מאָל".

„וויפל יאָרן איז שוין די פּאַני אָן אַ מאַן?"

„מער וויפל דער פּאַן האָט יאָרן".

„און די פּאַני האָט גאָר נישט געדאַרפט אַ..." ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און איר אַ קניפּ געטאָן, „אַזאַ אָסאָבע ווי די פּאַני האָט נישט געהאַט קיין בעלנים? נישט מעגלעך".

„וואָס דאַרף מען הײַנט רעדן וועגן דעם, כ'בין שוין אַ באָבע".

„הײַנטיקע באָבעס... אַזאַ אָסאָבע..." ער האָט איר אַ קניפּ געטאָן אין דער טאַליע, געלאָזט זײַן האַנט זיך אַראָפּגליטשן און ווידער אַ קניפּ געטאָן אין געזעס.

„פּאַניע! ווער מיינט דער פּאַן בין איך?"

„די פּאַני איז אַ קראַנקן־שוועסטער און איך דאַרף אַ רפואה. קום, מאַריאַ, קום אַרײַן אין בעט".

„פאַר וואָס זאָל איך עס טאָן?"

„איך באַגער דיך, מאַריאַ".

„אָבער פאַר וואָס זאָל איך עס טאָן?" זי איז אויפגעשפּרונגען פון בענקל: „כ'על דעם פּאַן געבן אַן אַספּירין".

זי איז אַרויס פון זײַן שטוב און צוריקגעקומען מיט אַ לאָמפּ. הלוואי וואָלט זי פריִער געקומען מיט אַ לאָמפּ, וואָלט ער זיך נישט געוווען געמאַכט

נאַריש. אין דעם בלויזן העמד זעט זי אויס נאָך ערגער ווי אין אירע קליידער. דער „הויכער" ביוסט איז גאָר נישט הויך, נאָר הענגט אַראָפּ ביז איבערן בויך. די צעשויבערטע האָר, די... נאָך גוט זי האָט נישט געוואָלט.

זי האָט צוגעבראַכט צום בעט אַ גלאָז וואַסער און אַ פּאַפּירל מיט אַספּירין־פּודער.

„אַ דאַנק, פאַני מאַריאַ. כ'דאַרף נישט קיין אַספּירין, כ'האָב דער פאַני געזאָגט וואָס איך דאַרף; דאָס איז ערגער ווי אַ קרענק. אויב די פאַני קאָן מיר געפינען אַ שיינע מויד... כ'וועל גוט באַצאָלן, כ'בין גרייט צו געבן אַ גאַנצן הונדערטער, אויב..."

„אַ הונדערטער? פאַר וואָס האָסטו נישט באַלד געזאָגט?"

ווען זי האָט געזאָגט „פאַר וואָס זאָל איך עס טאָן", האָט ער געמיינט אַז עס עקלט זי פון אַ קאַליקע; זי האָט גאָר געמיינט: „וואָס וועל איך האָבן דערפון?"

אַ משוגענע נאַכט. וואָס האָט ער געטראַכט אין דער פינצטער, אַז זי איז די מלכּה שבא? איצטער אין דער ליכט ווייסט ער נישט צי ער וויל זי אפילו בחינם. „עס איז מיר שוין בעסער, פאַני מאַריאַ, זאָל די פאַני צונעמען די ליכט".

זי איז צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען דעם לאָמפּ און אַרויס. זי קאָן זיך נאָך באַליידיקן און ער קאָן נישט אויסקומען אָן איר. זאָל ער זי צוריקרופן?

עס איז פינצטער געוואָרן אויך אין דער אַנדערער שטוב. ער האָט געהערט אירע באָרוועסע טריט; באַלד האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זײַן בעט און זיך אַרונטערגערוקט אונטער זײַן דעק.

זי האָט מער נישט געהאַט דאָס העמד אויף זיך. אירע פיס זענען געווען קאַלט, אוודאי פון אַרומגיין באָרוועס, אָבער איר לײַב איז געווען הייס. געבענטשט איז די פינצטערניש, וואָס פאַרדעקט אַלץ וואָס מע וויל נישט זען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מאַריאַ איז אײַנגעשלאָפן אין זײַן בעט און געשנאַרכט ווי אַ קו. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען טאָג. אויב זי וואָלט כאָטש צוריק אָנגעטאָן דאָס העמד איידער זי איז אַרויס פון זײַן בעט! די פעטקייט

האָט געיווירט פון איר לייַב. אַזאַ בויך — ער ווייסט גאָר נישט ווי ער האָט געקאָנט צוקומען צו איר. געוואַלד, וואָס אויף אים איז געקומען! מיט קיילען האָט ער זיך געבערעקלט. קיילע איז יונג, פריש, האָט אַ שיין פּנים, שיינע אויגן און... זי האָט שעמעוודיק פאַרמאַכט די אויגן ווען ער האָט זי אויסגעטאָן. ווען זי האָט גערעדט, האָט זי נישט געקענט אַרויס־זאָגן אַ קוף; ווען זי איז געגאַנגען, האָט זי געהינקט; אָבער ווען זי איז געלעגן בייַ אים אין בעט... יונג־מיידלשע בריסטלעך, אַ געטאָקטער בויך, אַ... ער האָט געלאַכט אין זיך ווען קיילע האָט געקוקט אויף אים מיט דער פאַרליבטקייט פון אַ קאַלב. קלמן קאַליקע איז ערגער ווי אַ קאַלב, ער איז אַן אידיאָט! די אַלטע, פעטע גויע וועט אים נישט נאָכגעבן אַכיבע ער וועט באַצאָלן אַ גאַנצן הונדערטער; די יונגע, אומשולדיקע, פרישע קיילע האָט אים באַגערט און געצאַפּלט פון זייַן באַריר, זייַנס אַ קוש האָט זי אַרייַנגעטריבן אין עקזאַלטאַציע. זי האָט ער אַרויסגעטריבן און פאַרשעמט, און... אויב ער וואָלט געהאַט קני וואָס קאָנען זיך באַוועגן, וואָלט ער באַדאַרפט לויפן צו איר אויף די קני און בעטן זי זאָל באַוויליקן אים צוריקצוקומען.

## XV

מאַריאַ האָט געשריגן, אַז עס איז געפערלעך פאַר קלמנען אַרויסצופאָרן אין די קעלטן און געסטראַשעט, אַז אויב ער וויל זיך דערהרגענען, וויל זי נישט זייַן דערבייַ. קלמן האָט זיך וויינִיק דערשראָקן, ער האָט סײַ ווי נישט בדעה געהאַט זי מיטצונעמען קיין וואַרשע; מתּות וועט פאָרן מיט אים.

אַראָפּגענומען דעם גיפּס, האָט זייַן רעכטער אָרעם אָנגעהויבן צוריק־קריגן כּוח. אַז ער וועט קאָנען זיך אָפּשטופּן מיט בײדע הענט, ווי אַ מאָל, וועט ער זיך ווידער קאָנען באַוועגן אויף זייַן געזעס. די בראַנדווונד אויפן פוס איז נאָך נישט פאַרהיילט; מילא, וועט ער זיך נישט באַוועגן אַ מייַל אַ מינוט, און זיך היטן נישט אַ רייַב צו טאָן די וווּנד אַבי ער זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו מאַריאַס הילף אַפילו ווען ער דאַרף טאָן אַ מענטשלעך געברויך.

צו פֿאָרן צו דער באַן אין לוויוויטש האָט מתּות גערונגען אַ דראָזשקע מיט אַן אויפֿגעהויבענער בויד. עס איז טאַקע געווען קאַלט אָבער די זון האָט געשײַנט. קלמן האָט געהייסן אַראָפּלאָזן די בויד. די קעלט האָט געקניפּט אין דער נאָז, אין די אויערן-לעפּלעך, אָבער עס איז גוט געווען ווידער צו פֿילן זונשײַן אויפֿן פּנים.

שוין געווען אין לוויוויטש, האָט קלמן זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שפּיטאָל. דער דאָקטער האָט אים געזאָגט, אַז אַלץ היילט זיך גוט. דער פֿוס היילט זיך נישט אַזוי גוט, מחמת אין די פֿיס האָט ער אַ שוואַכערע בלוט-צירקולאַציע. און אַז ער האָט געשלאָסענע קני, איז וואָס? זאָל ער פֿראָבירן באַוועגן די פֿיס וויפֿל נאָר ער קאָן. ריטשן זיך אויפֿן געזעס? גוט. זאָל קלמן ווײַזן ווי אַזוי ער טוט עס. גוט, זייער גוט. דאָס וואָס ער טוט אַ שאָר די פֿיס פֿאָרויס איז וויכטיק אַפֿילו אויב עס טוט ווײ. וואָס, די מאַריאַ איז נאָך אַלץ מיט אים? גוט, זי איז אַ געניטע קראַנקן-שוועסטער, אָבער ער דאַרף זיך היטן פֿאַר איר. זי איז געלט-גײַציק און כיטרע.

✶

אָנגעקומען קיין וואַרשע, איז קלמן קודם-כּל צוגעפֿאָרן צום פּלאַץ בײַם אײַזערנעם טויער נומער איינס, וווּ עס האָט זיך געפֿונען די באַנק פֿון די ברידער שערעשעווסקי.

אין די האַלעס בײַם אײַזערנעם טויער אַ האַרמידער און אַ גערודער. מע שלעפּט קונים בײַ די פּאָלעס, הענדלערס רופֿן אויס זייערע סחורות מיט געשרייען. די לעגאַלע סוחרים שטייען נעבן זייערע בוידן, שפּרינגען פֿון איין פֿוס אויפֿן אַנדערן און קלאַפּן מיט די הענט אין די אָרעמס צו האַלטן זיך וואַרעם. די „חסדלעך", די וואָס האָבן נישט צו באַצאָלן פֿאַר אַ האַנדל-פּאַטענט, האַלטן זייערע סחורות אויף לײַכטע צוויי רעדלדיקע וועגעלעך, מע זאָל קאָנען מאַכן פּליטה איידער אַ פּאָליציאַנט קומט צונעמען די סחורה. איין אויג האַלט מען אויף דעם קונה, ער קאָן האָבן „קלעפּיקע" הענט, מיט דעם אַנדערן קוקט מען אין אַלע זײַטן, צי עס קומט נישט אַ מענטש. עמעץ האָט טאַקע דערזען אַ בלויען מונדיר פֿון אַ פּאָליציאַנט. „זעקס!" האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל און די חסדלעך האָבן גענומען לויפֿן אין אַלע זײַטן. „הייסע בייגל, קאָכעדיקע בייגל", האָט אַ ייִנגל ווײַטער אויסגערופֿן זײַן סחורה. ער האָט צײַט צו לויפֿן

אין דער לעצטער מינוט, אָדער גאָר אויסמישן זיך צווישן די קונים. „מײַן מאַמעליו האָט מיך געשיקט קויפן בייגל״, האָט ער אַ גרייטן תּירוץ. זײַן גאַנצע סחורה ליגט אין איין טאַרבע.

עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז געווען אַ פאַלשער אַלאַרם, דער פּאָליציאַנט איז נישט געקומען אַהער, און מע נעמט ווידער צעפּאַקן די טראַגלעכע קרעמלעך. אַ וואַליזע צעעפנט זיך און איר האָט אַן אויסקלײַב פון בינדעס, שניפּסן, הענטשקעס און אַפילו טאַשן־מעסערלעך. אַ ייִדענע האָט געטראָגן אַ רונדיקע בלעך אין איין האַנט און אַ הילצערנע שאַכטל אונטערן אָרעם פון דער אַנדערער האַנט; עס נעמט נאָר אַ מינוט און זי פאַרקויפט שוין הערינג פון דער בלעך, געווענדזלטע הערינג פון דעם הילצערנעם קעסטל. איר קאָנקורענטקע, וואָס האָט אַ גרעסערן אויס־וואַל, רופט אויס איר סחורה: „הערינג, הערינג, הערינג. געזאַלצענע און געפּעפּערטע, גערייכערטע און געזויערטע. שמאַלצהערינג, מאַרינירטע הע־רינג. הערינג מיט רויג, הערינג מיט מילעך, הערינג, הערינג, אַלערליי הערינג!״

„זויערע אוגערקעס, זויערקרויט. זויער, ווײַבער, קאַכטס אַ זיס לעבן מיט אַ זויערן קאַפּושניאַק, ווײַבער״.

„אַרבעס, ווײַבער, רונדיקע, לענגלעכע, פּאַסאָלעס; געלע, גרינע, ברוינע און געפּלעקטע. אַרבעס, ווײַבער, אַרבעס!״

„קאַשע, ווײַבער; ברוינע קאַשע, געהאַקטע קאַשע, מאַנע־קאַשע און הירזש. גרויפּן פאַר אַ קרופּניק, גרײַפּלעך צו אַ יויך, קאַשע, קאַשע, אַלערליי קאַשעס״.

„זאָקן, פּאַניע; שקאַרפּעטקעס — אײַזן שטאַרק. די שיך וועלן זיך צערײַסן און די־אַ שקאַרפּעטקעס וועלן נאָך זײַן גאַנץ״.

אַז מע קומט אַרײַן אינווייניק און די שווערע טיר פון דער באַנק פאַרמאַכט זיך הינטערן רוקן, איז ווי מע וואָלט אַרײַן אין אַן אַנדערער וועלט. אַפילו עמעצער פון די האַלעס וואָס איז געלאָפן ביז צו דער טיר, דאָ פאַמעלעכט ער זײַן טריט און גלײַכט אויס זײַן רעקל, טייל נעמען אַפילו אַראָפּ דאָס היטל, כאָטש עס איז אַ ייִדישע באַנק. דרויסן שרײַט מען אויף די העכסטע טענער, דאָ רעדט מען געלאַסן און שטיל, ווי מע וואָלט אײַנגערוימט אַ סוד אין אויער.

קלמן האָט אַרײַנגעלייגט אין זײַן אײַזערן קעסטל דאָס פּאַפּיר וואָס

ער האָט געהאַט אָנגעשריבן פאַרן רב; ער האָט אויך געמאַכט אַ פּאַפּיר, אַז מיט זײַנס אַ בריוו זאָל מתּות מעגן עפענען דאָס קעסטל צוזאַמען מיט אַ באַנקבאַאַמטן. ער האָט נאָך געוואָלט זען דעם פאָן ראַפּאַל, אָדער דעם פאָן מיכאַל שערעשעווסקי. דער פאָן ראַפּאַל איז געווען אין אויסלאַנד, דער פאָן מיכאַל איז געווען פאַרנומען. אַ הויכער באַאַמטער האָט אים אויפגענו־מען און אים געגעבן די עצה, וואָס ער האָט געזוכט. פאַר אַזאַ ענין איז כּדאַי, ער זאָל זיך פאַרבינדן מיט דעם אַדוואָקאַט אַפּאָלינאַרי האַרטגלאַס וואָס איז אַ סיים־דעפּוטאַט. אויב עס וועלן זײַן שיקאַנעס, וועט דער פאָן מעצענאַס האַרטגלאַס עס קאָנען ברענגען צו אַן אינטערפּעלאַציע אין סיים.

# XVI

אין דער היים האָט מאַריאַ אים נישט אַרויסגעלאָזט פון בעט; אין וואַרשע האָט ער זיך באַוועגט אָן אויפהער. אַז דער דאָקטער האָט געהייסן זיך באַוועגן, טאָר מען זיך נישט פּיעשטשען. צעבראָכן איז געווען דער ביין אין לינקן אָרעם, אָבער ווי געטאָן האָבן בײדע אָרעמס ביז אַרויף צום אַקסל. קלמן האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. מתּות האָט אים געוואָלט העלפן, האָט ער נישט געלאָזט. נאָר פאַר אַ ווײַלע זיך אָפּגערוט, ווען די עלנבויגנס זענען שטײַף געוואָרן, און באַלד ווידער זיך אָפּגעשטופּט און זיך באַוועגט ווײַטער — קלמן קאַליקע קאָן פאַרטראָגן יסורים.

קלמן האָט נאָך פון דאָמברוווקע געהאַט געשריבן דעם פּריץ אין זײַן וואַרשעווער רעזידענץ, אַז ער וויל וויסן גענוי ווען דער פּרעזידענט קומט. ער איז גרייט צו מאַכן יעדע אָנשטרענגונג, אַז דעם פּריצעס פּאַלאַץ אין דאָמברוווקע זאָל האָבן עלעקטרישע ליכט צום פּרעזידענטס באַזוך. ער האָט טאַקע אין יענעם בריוו געשריבן, אַז ער פּלאַנירט קומען קיין וואַרשע און אַז ער וועט אָנקלינגען דעם פּריץ ווען ער וועט זײַן אין שטאָט.

דער מאַן וואָס האָט געענטפערט דעם טעלעפאָן, האָט אים געהייסן וואַרטן. ווען יענער איז צוריקגעקומען צום טעלעפאָן האָט ער געזאָגט, אַז דער פּריץ איז איצט פאַרנומען; קלמן זאָל פּראָבירן קלינגען אין אַ שעה אַרום.

„פראָבירן קלינגען אין אַ שעה אָרום", דאָס מיינט, אַז דער פּריץ הייבט אָן שפּילן זײַנע שטיק; קלמן קאַליקע וועט אים צוריקצאָלן מיט דער זעלביקער מטבע. „איך שטיי אײַן אין האָטעל 'בריסטאָל', איך קאָן וואַרטן נאָר איין שעה אויף דעם פאָן פּריצעס טעלעפאָן", האָט קלמן געענטפערט און שנעל אויפגעהאָנגען דאָס טרײַבל.

דער פּריץ האָט נישט געקלונגען, ער איז געקומען צו קלמנען. „פון וואַנען ווייסט דער פאָן וועגן דעם פּרעזידענטס באַזוך?" האָט דער פּריץ אַ פרעג געטאָן ווי נאָר ער איז אַריבער די שוועל.

קלמנען איז געפעלן געוואָרן וואָס דער פּריץ דוצט אים נישט, ווי אַלעמען אין דאָמבראָווקע. ער האָט אויסגעמיטן די פראַגע און צוגעגאַנגען גלײַך צום ענין, כאָטש דער פּריץ האָט זיך אָוועקגעזעצט אומגעבעטן. „איך שאַץ נישט אונטער דעם פאָן פּריצעס פּאָזיציע און וויל נישט, דער פאָן פּריץ זאָל אונטערשאַצן מײַנע. דעם פאָן פּריצעס כּוח איז זײַן רײַכקייט, זײַן שטאַנד אין דער געזעלשאַפט, זײַן אײַנפלוס וואָס דערגרייכט ביז צום קאָפּ פון דער מלוכה. מײַן שטאַרקקייט איז מײַן שוואַכקייט. אַ קראַנקער מענטש, אַ קאַליקע, וועט געווינען סימפּאַטיע פון דעם ריכטער אין געריכט, פון די שרײַבערס אין די צײַטונגען, אפילו פון די דעפּוטאַטן אין סיים — אויב עס וועט קומען צו אַן אינטערפּעלאַציע אין פּאַרליאַמענט. דאָס, וואָס איך האָב נישט קיין פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, האָט אויך אַ מעלה אין אַן אַנדערן זין — איך האָב נישט וואָס אָנצוווערן, חוץ מײַן לעבן, און אויך דאָס איז פאַרזיכערט אויף אַ פערטל מיליאָן. נישט כּדי צו פאַרזאָרגן מײַנע יורשים צאָל איך אַזוי פיל פאַרזיכערונג, נאָר כּדי די געזעלשאַפט, וואָס וועט דאַרפן אויסצאָלן אַזאַ ריזיקע סומע, זאָל וועלן וויסן וואָס עס איז געשען און ווי אַזוי עס איז געשען".

„איך דערמאָן זיך נישט, דער פאָן זאָל אַ מאָל האָבן געווען צווישן מײַנע פרײַנד, און איך זע נישט קיין סיבה צו דאַרפן וויסן וועגן דעם פאָנס לעבן אָדער וועגן זײַן לעבן-פאַרזיכערונג".

„איך זע נישט קיין סיבה פאַר וואָס מיר זאָלן זײַן אַנטאַגאָניסטן, ווען עס איז אין אַלעמענס אינטערעס, מיר זאָלן קאָאָפּערירן. אָפענע דיבורים: איך ווייס, אַז דעם פאָן פּריץ איז שווער אָפּצונאַרן; כ'וויל דער פאָן פּריץ זאָל וויסן, אַז איך בין אויך נישט פון די, וואָס מע קאָן פאַרקויפן פאַר אַ דרײַער".

„איך בין אויך נישט פון די, וועמען מע קאָן סטראַשען מיט נישט־געשטויגענע וועקסלען, און איך זע נישט קיין זין אין דעם גאַנצן שמועס".

„די וועקסלען זענען נישט־געשטויגן און נישט־געפלויגן, זיי זענען געשוווּמען אויף אַ שיף קיין לאָנדאָן. מײַן זיידע האָט דורך זײַן היגער באַנק איבערגעשיקט די אָריגינאַלן צו זייער פאַרבינדונג־באַנק אין ענגלאַנד. איך האָב שוין געפונען עפּעס וועגן דעם אין די פּאַפּירן, וואָס זענען געבליבן נאָך מײַן זיידן. איצט איז געוואָרן פינף און צוואַנציק יאָר זינט דער זיידע האָט איבערגעשיקט צו זיי די דאָקומענטן, און די באַנק וויל וויסן וואָס צו טאָן מיט זיי. איך האָב געבעטן מיר שיקן קאָפּיעס".

„קאָפּיעס פון פאַלשע פּאַפּירן!" האָט דער פּריץ אַ געשריי געטאָן. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זײַן בענקל און זײַן פּרצוף האָט זיך אָנגעגאָסן מיט אַ בוריק־רויטקייט. „דײַן זיידע", איז דער פּריץ איבערגעגאַנגען אויף דו, „דײַן זיידע איז געווען אַ..." דער פּריץ האָט זיך אַליין איבערגעריסן און פאַרענדיקט: דאָס זענען פאַלשע דאָקומענטן, פאַלשע וועקסלען!"

דער פּריץ האָט שיִער זיך נישט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ זידלוואָרט וועגן זיידן און זיך צוריקגעכאַפּט. דער מאַכטיקער פאַן פּריץ מאַכט אין די הויזן פאַר שרעק, אַ סקאַנדאַל זאָל נישט קאַליע מאַכן דעם פּרעזידענטס וויזיט. קלמנען האָט געביסן די צונג צו זאָגן עפּעס וואָס זאָל מאַכן, דער פּריץ זאָל אַרײַן אין אַ נאָך גרעסערן כעס, אָבער דער סוחר אין קלמנען האָט גענומען די אייבערהאַנט: „דער פאַן פּריץ האָט נישט קיין סיבה צו זײַן אין כעס. מײַנע אינסטרוקציעס קיין לאָנדאָן און צו מײַנע היגע אַדוואָקאַטן זענען, נישט צו נעמען קיין שום שריט. איך שרעק זיך נישט פאַר אַ געראַנגל, אָבער איך פיל, אַז איך קאָן מער פּראָפּיטירן דורך קאָאָפּערירן מיטן פאַן פּריץ".

דער פּריץ האָט אַרײַנגעצויגן אַ טיפן אָטעם און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. „אויב דער פאַן וויל מאַכן מיט מיר געשעפטן... איך האַנדל נאָר מיט פרײַנד; דער פאַן דאַרף מיר צו ערשט געבן די דאָקומענ... די אַזוי גערופענע דאָקומענטן".

„איך בין דעם זיידנס יורש דורך דעם טאַטן, און מײַן טאַטע איז פאַרשווּונדן אָן אַ שפּור. איך קאָן פירן אַ פּראָצעס לטובת דעם טאַטנס

פֿאַרמעגן, אָבער אָוועקגעבן עס, וועט נעמען אַ לאַנגע געריכט־פּראָצעדור, אָדער אַ ספּעציעל געזעץ אין סיים, איך זאָל דאָס מעגן טאָן, און עס איז נישט אין קיינעמס אינטערעס צו ברענגען די זאַכן אין דער עפֿנטלעכקייט. און... דער פֿאָן פּריץ איז נישט אַזוי נאַיִוו צו גלייבן, אַז איך וואָלט דאָס געטאָן אַפֿילו אויב איך וואָלט געהאַט די לעגאַלע רעכט. דאָס איז מײַן שטאַרקע קאָרט, און דער פּריץ ווערט צו שנעל אין כּעס". דאָס שדל אין קלמנען האָט גענומען די איבער־האַנט און ער האָט צוגעגעבן: „מענטשן וואָס שרײַען, בײַסן נישט; איך גלייב נישט דאָס אַלץ, וואָס מענטשן זאָגן וועגן פֿאָן פּריץ".

„וואָס מענטשן זאָגן וועגן מיר?" האָט דער פּריץ אַזש אויפֿגעריסן די אויגן.

„איך גלייב עס סײַ ווי נישט".

„וואָס זאָגן מענטשן וועגן מיר?"

„מענטשן זאָגן, צום בײַשפּיל, אַזאַ ווילדע זאַך ווי אַז דער פֿאָן פּריץ... ניין, ס'איז נישט כּדאַי, עס איבערצוחזרן".

„זאָג, זאָג, זאָל דער פֿאָן זאָגן".

„אַז דער ליכטיקער פֿאָן פּריץ האָט גענומען אין בעט אַרײַן זײַן זונס מיידל און..."

„איך האָב נישט קיין זון, צו אַל די כאָליערעס!"

„מע זאָגט דאָס וועגן אַ נישט־לעגיטימען זון, און דערנאָך..."

„צו אַל די וויסטע כאָליערעס!" האָט דער פּריץ זיך ווידער אָנגעצונדן, „ווער דערוועגט זיך?"

„וויסטע ליגנס!" האָט קלמן אַרויסגעהאָלפֿן דעם פּריץ, „איך האָב געזאָגט מײַן אַדוואָקאַט, ער זאָל נישט גלייבן קיין וואָרט".

„אַדוואָקאַט? ווער האָט דאָס געבערענגט צו אַן אַדוואָקאַט?"

„אונדזערס אַ שרײַבער זאָגט, אַז דער אמת גייט צו פֿוס ווען דער ליגן גאַלאָפּירט אין קאַרעטעס. דער גענעדיקער פֿאָן פּריץ דאַרף דאָס נישט נעמען ערנסט. איך האָב געזאָגט דעם אַדוואָקאַט, אַז דאָס איז אפֿשר מעגלעך געווען אין צײַט פֿון לײַבאייגנס, אפֿשר בעתן פֿאַרפֿוילטן צאַרישן רעזשים, ווו מע האָט געקאָנט אַלעמען אונטערקויפֿן. אָבער אונדזער פּוילן איז אַ פֿרײַ לאַנד מיט אַ פֿרײַער פּרעסע. יעדע עוולה פֿון אַ גרויסן

מיוחס, אָדער הויכן באַאַמטן, קאָן אַרויסגעבערענגט ווערן מיט אַן אינ־טערפּעלאַציע אין סיים".

„דו סטראַשעסט מיך, ייִד?"

„ווער? איך? אָ, דער פּאַן פּריץ מיינט, אַז איך מיין... וואָלט דען דער פּרעזידענט פון אונדזער רעפּובליק זיך געחברט מיטן פּאַן פּריץ, אויב אַזעלכע אידיאָטישע קלאַנגען וואָלטן געהאַט אַ האַפט?"

„דער פּאַן מוז שוין די מינוט מיר זאָגן פון וואַנען עס קומען די ליגנס, אויב דער פּאַן וויל טאַקע האַנדלען מיט מיר. מע וועט דעם ליגנער אַרויסרײַסן די בייזע צונג און זי בראָטן..."

„דער ליכטיקער פּאַן פּריץ דאַרף זיך נישט אַזוי אויפרעגן", האָט קלמן איבערגעריסן דעם פּריץ. „איצט הייב איך שוין אָן צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַ סך פון די ליגנס ווערן געבוירן. ווען דער פּאַן פּריץ איז אין כעס, רײַסט זיך אַרויס אַזאַ האַרב וואָרט ווי 'אַרויסרײַסן די צונג'; אַן אידיאָט נעמט עס ערנסט, און..."

„לערן מיך נישט ווי אַזוי צו רעדן, ייִד!"

„איך רעד צום פּאַן פּריץ ווי אַ... ווי עמעץ וואָס האָפט צו מאַכן געשעפטן מיטן פּאַן פּריץ און איז פאַראינטערעסירט אין זײַן ווױלזײַן פון אייגענע עגאָיִסטישע מאָטיוון".

„דער פּאַן מוז מיר שוין זאָגן פון וואַנען דאָס שמוץ קומט, אָדער איך בלײַב דאָ נישט מער קיין איין מינוט".

„איך וועל זיך באַמיִען צו דערגיין, אַפילו אויב איך זאָל דאַרפן בלײַבן נאָך עטלעכע טעג אין וואַרשע".

„פון וועמענס גיפטיקער מאַרדע האָט דער פּאַן דאָס געהערט?"

„ס'איז צו רייד געקומען בעת אַ באַראַטונג מיט מײַנע אַדוואָקאַטן. ווער עס האָט עס דערציילט, קאָן איך זיך נישט דערמאָנען. כ'האָב שוין געזאָגט, אַז איך, ווי דעם פּאַן פּריצעס אַ בן־עיר, האָב געוואָרנט מײַנע אַדוואָקאַטן, זיי זאָלן עס נישט גלייבן".

„ווער זענען דײַנע אַדוואָקאַטן?" איז דער פּריץ אין זײַן כעס ווידער אַריבער אויף **דו**. „איך וועל צו זיי שיקן מײַנע אַדוואָקאַטן. טרײַבן רכילות, מאַכן בילבולים ווערט באַשטראָפט דורכן געזעץ".

„איך האָב געזאָגט גענוי די זעלביקע ווערטער. איך בין אויף דעם פּאַן פּריצעס זײַט, און איך האָף, אַז עס וועט קיין מאָל נישט קומען דערצו,

מײַנע אַדוואָקאַטן זאָלן זיך ראַנגלען מיטן פּאַן פּריצעס אַדוואָקאַטן. און וועגן דער עלעקטרע פֿאַרן פּאַן פּרעזידענטס קומען, דאַרף דער פּאַן פּריץ זיך נישט זאָרגן. אמת, איך בין נאָך נישט פּאַרטיק מיט דעם מאַגיסטראַט, איך ווייס נאָך נישט צי איך וועל באַגײַען מיט זיי דעם קאָנטראַקט; איך קאָן האָבן שותּפים מיט מער אײַנפֿלוס. אָבער עלעקטרע וועט זײַן, ס׳איז באַשטעטיקט געוואָרן אין אַלע אַמטן — פֿון סטאַראָסטע אין גאָסטינין ביז צום אינערן־מיניסטער אין װאַרשע. קײנער קאָן נישט צוריקהאַלטן פּראָגרעס״.

דער פּריץ האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז קלמנס זיסע ריידעלעך זענען באַהאַלטענע סטראַשונקעס. קלמן האָט, ווײַזט אויס, זיך נישט דערשראָקן פֿאַר דעם פּריצעס כּעס, אפֿשר קאָן מען טאָקע אויסקומען מיט אים מיט גוטן. דער פּריץ האָט איצט פּראָבירט רעדן רויִק און אָפֿן: „יאָ, עלעקטרע אָדער נישט עלעקטרע, לכּבֿוד דעם פּרעזידענטס קומען וועט די לויוויטשער גאַס אָנגערופֿן ווערן ׳די גאַס פֿון פּרעזידענט מאָשטשיצקי׳. עס וועלן קומען אויך אַנדערע הויכע מלוכה־לײַט, עס וועלן קומען פּרינצן פֿון דער קירכע; עס קאָן נישט זײַן, אַז אויף דעם צענטראַלן פּלאַץ פֿון דעם פּרעזידענטס גאַס, אויף מײַן שטיקל ערד, זאָל שטיין די האַלב חרובֿע בוזשניצע״.

„דאָס איז דער פּאַן פּריץ גערעכט״, האָט קלמן זיך געאײַלט מסכּים צו זײַן. „לכּבֿוד דעם פּרעזידענטס קומען וועלן זיי מוזן אויסרעמאָנטירן די שיל, לייגן אַ נײַעם דאַך, נײַעם טינק אויף די ווענט, און... פּאַניע פּריץ, די שיל שטייט אַ צוויי אָדער דרײַ הונדערט מעטער אָפּגערוקט פֿון דער לויוויטשער גאַס, מע קאָן פֿאַרפֿלאַנצן ביימער, קוזשאַקעס, אַז פֿון דער לויוויטשער גאַס זאָל מען זען נאָר אַ גאָרטן, דער הויפּט־אַרײַנגאַנג איז פֿון דער ווילקער גאַס״.

„דו ביסט נישט קיין... דער פּאַן האָט אַ גוטע אידיי. מײַנע מענטשן וועלן פֿאַרפֿלאַנצן אַ גערטנדל און עס אַרומרינגלען מיט אַ פּלויט, מע זאָל נישט צעטרעטן דאָס גראָז״.

„און מע זאָל נישט קאָנען אַדורכגיין פֿון דער לויוויטשער גאַס צו דער שיל״, האָט קלמן געוויזן, אַז ער פֿאַרשטייט וואָס דער פּריץ איז אויסן, אָבער ער איז גרייט געווען אויף אַזאַ פּשרה. „איך וועל נאָך הײַנט קלינגען צום סעקרעטאַר פֿון דער ׳קאָלאָ׳, דער קרײַז פֿון די ייִדישע

פּאַרלאַמענטאַריער, אַז מע דאַרף מער נישט מאַכן וועגן דעם קיין אינטער־פּעלאַציע אין סיים".

„דער פּאַן שטייט הינטער די זשידאָווסקע העצעס, האַ ?"

„ווי כ'האָב געזאָגט, לעבן מיר אין אַ פרייַער דעמאָקראַטישער רע־פּובליק. איך בין זיכער, אַז דער פּאַן פּריץ איז שטאָלץ דערמיט".

„כ'ווייס נישט ווער עס האָט אויסגעטראַכט, אַז איך בין אַן אַנטי־סעמיט", איז דער פּריץ געוואָרן צוגעלאָזן, „דער פּאַן וועט נישט טרעפן וועמען איך גיי פאַרבעטן צום באַל לכבוד דעם פּרעזידענט".

„וועמען ?"

„דעם ייִד זלמן פּיטעל".

„דעם שוסטער ?"

„ער איז אויך אַ מוזיקאַנט".

„אַ, יאָ, ער שפּילט אויף פּויערישע חתונות".

„ער קען אַ סך לאָקאַלע קשענזשאַצקע פאָלק־מעלאָדיעס. מע דאַרף פאַר דעם פּאַן פּרעזידענט ווייַזן אַ ביסל לאָקאַלע פאָלקקונסט. דער פּאַן פּיטעל האָט שוין מער ווי איין מאָל געשפּילט אין הויף. און עס וועט קומען נאָך אַ ייִדישקע, אַ פּאַני באַרעצקאַ קומט ספּעציעל פון וואַרשע אייַנשטודירן מיט מיידלעך פון מייַן הויף קשענזשאַצקע טענץ. די באַרעצקאַ איז אַ ייִדישע".

קלמנען האָט געביסן די צונג צו זאָגן „און די גאַסטגעבערין, וואָס רופט זיך הייַנט פּשיבולסקאַ, איז אויך אַ ייִדישע", אָבער ער האָט נישט געוואָלט אַרויסברענגען דעם פּריץ פון געדולד. „איך הייב אָן גלייבן", האָט ער געזאָגט, „אַז איך וועל קאָנען מאַכן געשעפטן מיטן הויף, ווי מייַן זיידע אין זייַנע צייַטן. איך רעד וועגן גרויסע געשעפטן".

דער פּריץ איז געוואָרן גאָר גענעדיק: „כ'וועל אפשר דעם פּאַן אויך פאַרבעטן. זאָל דער פּאַן פּרעזידענט זען, ווי אַ געשטראָפטער פון גורל האָט אין דעם קליינעם דאָמבראָווקע אַליין זיך געלערנט און אַנט־וויקלט און אויסגעוואַקסן אַן אינדוסטריעלער און סוחר".

דער פּריץ איז שוין געווען בייַ דער טיר ווען דאָס להכעיס־שדל אין קלמנען האָט גובר געווען: „זאָל דער פּאַן פּריץ גענעדיק איבערגעבן אַ גרוס מייַן קוזינע".

דער פריץ האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט: „איך קען דעם פּאַנס קוזינע?"

„מײַן באָבע איז געווען אַ דאווידזאָן, פון די וואַרשעווער דאַווידזאָנס. איינער איז געווען אַ באַנקיר; אײַנער אַ וויסנשאַפטלער — דער, וואָס איז אַוועק קיין פּאַריז; און דער דריטער — דער פריץ פון דאַמבראָווקע".

דער פריץ איז אַרויסגעלאָפן ווי אָפּגעבריט. קלמן האָט געוווּסט, אַז ער וועט שוין נישט פאַרבעטן ווערן אין הויף, זיי וועלן מורא האָבן, אַז עס קאָן אים נאָך אײַנפאַלן זיך צו צעקושן מיט זײַן קוזינע...

## XVII

קלמן איז געווען צופרידן מיט זיך, זײַן שפּיל מיטן פריץ האָט אים שטאַרק אויפגעהײַטערט. דער פריץ וואָלט נישט געווען געקומען צו אַ ייִד אין האָטעל און וואָלט זיכער נישט אויסגעהערט די אַלע אַנצוהערעניש וועגן זײַנע אַוואַנטורעס, אויב עס וואָלט נישט געציטערט אויף אים די הויט. איין שטיקעלע סקאַנדאַל, און דער פּרעזידענט וועט אָפּרופן זײַן באַזוך.

דער פריץ מיינט אַוודאי, אַז ער, קלמן, איז אַ הייסער ייִד וואָס איז גרייט מלחמה צו האַלטן צו פאַרטיידיקן ייִדישע אינטערעסן. פאַר וואָס טאַקע איז ער פּלוצלינג געוואָרן אַזאַ קעמפער פאַר דער שיל, אין וועלכער ער שטעקט נישט אַרײַן דעם קאָפּ?

אויב מע דאַרף אַ משל פאַרן גורל פון ייִדישן פאָלק, איז עס קלמן קאַליקע. די פעלקער רודפן דעם ייִד און האָבן אים פײַנט, פּונקט ווי זײַנע חברים אין חדר האָבן אים פײַנט געהאַט און אים געמאַכט דעם טויט. דער מלמד האָט זיך געבעטן, זיי זאָלן האָבן רחמנות אויף דעם שוואַכן, געשטראָפטן קינד. אָבער אויף דעם שוואַכן קוקט מען פון אויבן אַראָפּ. וואָס גרעסער דער פּחדן, אַלץ מער לאָזט ער אויס זײַן ביטערניש צו דעם, וואָס איז שוואַכער פון אים, און באַשולדיקט אים אין אַלע צרות. אויב אַלע ייִדן וואָלטן געווען ווי קלמן קאַליקע און זיך נוקם געווען פאַר יעדער עוולה, וואָלט געקומען אַ סוף צו די אַנטיסעמיטישע שטיק פון די גויים.

גאָט, וואָס ייִדן גלייבן, אַז ער איז זייער פּאָטער, האָט פּאַרלאָזט זײַנע קינדער און איבערגעלאָזט זיי אויף הפקר, פּונקט ווי זײַן טאַטע האָט עס געטאָן. יעדער ייִד וואָלט באַדאַרפט זײַן אַזאַ שטיק ביטערער כריין ווי ער איז. יעדער ייִד וואָלט באַדאַרפט שפּײַען קלעק בײַם דער־מאָנען גאָטס נאָמען און אים פֿײַנט האָבן מיט אַזאַ ביטערער שינאה, ווי ער האָט פֿײַנט זײַן טאַטן, ימח שמו וזכרו!

די פּויסטן זײַנע, וואָס האָבן קאָנוווּלסיוו זיך געשלאָסן ווען ער האָט געשאָלטן, זענען איצט געוואָרן שלאַבעריק, ער האָט גענומען רײַבן איין האַנט אין דער אַנדערער, געקנײַפּט און געקנאַקט זײַנע פֿינגערקנאָכן. ניין, ניין, ניין! ער איז נישט ווי זײַן טאַטע. האָט ער דען נישט געמאַכט קיילען און איר ממזר פֿאַר זײַנע יורשים? אמת, דאָס פּאַפּיר וואָס ער האָט געחתמעט בײַם רב איז נאָך נישט זײַן אָפֿיציעלע צוואה, אָבער ווּעמען דען קאָן ער מאַכן פֿאַר זײַן יורש? זײַן קוזינע יאַדוויגאַ דאַווידזאָן־פּשיבולסקי?

ווי עס ווײַזט אויס, האָט דער פּריץ נישט מער ליב זײַן ווײַב די משומדת, ווי ער האָט ליב די אַנדערע ייִדן. זי מוז נישט זײַן קיין צו גרויסע חכמה אויב זי האָט דערלאָזט, אַז איר טאַטנס ריזיק פֿאַרמעגן זאָל אין גאַנצן אַריבער אין די הענט פֿון איר צאַצקעדיקן מאַן.



מתּות איז צוריקגעקומען פֿון גאַס און געבראַכט אַ ייִדישע צײַטונג. די נײַעס האָט קלמן שוין געהאַט געלייענט אין אַ פּוילישער צײַטונג, ער האָט נאָר אַ זוך געטאָן צווישן די אַנאָנסן, און געפֿונען וואָס ער האָט געזוכט. מתּות זאָל נישט זען וואָס ער טוט, האָט ער אויסגעריסן די זײַט מיטן „שדכנים־ווינקל" און עס אַרײַנגעלייגט אין קעשענע.

אַ האָטעל־דינער האָט געבראַכט קאַווע מיט קוכן וואָס קלמן האָט געהאַט באַשטעלט; ער האָט שוין אויפֿגעהויבן די טאַס קאַווע צו די ליפּן, ווען עס איז אים פּלוצלינג באַפֿאַלן אַ פּחד. ער האָט דעם פּריץ צו פֿיל געסטראַשעט, צו פֿיל געשפּילט אויף זײַנע נערוון. אויב דער פּריץ איז גאָר געוואָרן ווייך ווי צו אַ מכּה צוצולייגן, איז עס אַ שלעכטער סימן. ער רעדט וועגן אַ חשד, אַז דער פּריץ האָט אונטערגעפּירט מע זאָל דערטרינקען זײַנס אַ ממזר, און דער פּריץ זאָגט גאָר, אַז ער גייט אים פֿאַרבעטן אין הויף. דער פּריץ האָט שוין זיכער אַראַנזשירט, מע זאָל אים אָפּרוימען פֿון וועג, אפשר טאַקע דאָ אין האָטעל; וואָסי, ער קאָן זיך

נישט דערלויבן אונטערצוקויפן די האָטעל־דינערס? ער מוז תיכּף אַריבער אין אַן אַנדערן האָטעל.

ער האָט שוין געוואָלט קלינגען אין האָטעל 'גראַנד' פרעגן צי זיי האָבן אַ צימער, אָבער באַשלאָסן נישט צו קלינגען פון דאַנען, די טעלע־פאָניסטקע קאָן זיך אונטערהערן. „ר' מתות, גייט אַרויס, קריגט מיר אַ דראָזשקע, איך צי זיך אַרויס פון דאַנען".

„ס'עט זיַין אַ באַן ערשט אַכטע, אויף דער נאַכט".

„גייט אַראָפּ און ברענגט אַ דראָזשקע!"

„שוין?"

„שוין".

מתות איז שוין געווױנט געוועזן צו קלמנס בזשיקעס, איז ער אַרויס זוכן אַ דראָזשקע. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט קלמן שוין געהאַט פאַרפּאַקט זיַינע זאַכן.

אין האָטעל 'גראַנד' האָבן זיי געהאַט פריַי נאָר אַ קליין צימער מיט איין שמאָל בעט. „קלמן, דו האָסט די גאַנצע ציַיט זיך אַן עצה געגעבן אָן מיר. ס'איז אפשר בעסער אַזוי, איך קאָן שלאָפן ביַי אַ קרוב און דיך וועט עס קאָסטן ביליקער".

מתות האָט באַגלייט קלמנען צו זיַין צימער. ס'איז געווען אויף אַ הויכן גאָרן און די טיר האָט געהאַט אַ גוטן שלאָס. דאָס איינציקע פענצטער האָט אַרויסגעקוקט צו דער רוישיקער יערוזאָלימסקאַ־אַליי, אָבער קלמן איז דווקא צופרידן געווען פון דעם. „ר' מתות, איר קאָנט איצט גיין צו איַיער קרוב, אָדער זען קיילען, איך וועל זיך שוין דאָ אַליין אַן עצה געבן. אָבער זאָגט נישט קיינעם ווו איך ווױן".

„קלמן, דו ווילסט זען ס'קינד?"

„וועלכעס... אָ, ס'קינד. קיילע וועט קאָנען אַוועקגיין פון דער אַרבעט?"

„קיילע? ניין, איך 'על ברענגען ס'קינד, קיילע 'עט נישט קומען".

„זאָל קיילע אויך קומען".

„ז'יט נישט קומען".

„פון וואַנען ווייסט איר?"

„אַז זי שפּאַרט זיך איַין..."

„פון וואַנען ווייסט איר, אַז ז'עט זיך איַינשפּאַרן, איר'ט זי דען געפרעגט?"

„געדענקסט, פון גאָסטינין האָט זי נישט געוואָלט אַהיימפאָרן מיט דיר אויף אַ בריטשקע און געשלעפּט זיך אויף אַ לאַסטוואָגן. זי ווייסט נישט, אַז כ'האָב דעמאָלט געברענגט ס'קינד צו דיר".

„און אויב זי וואָלט געוווסט?"

„וואָלט זי נישט געלאָזט".

„זי וואָלט נישט געלאָזט ברענגען ס'קינד צום טאַטן?"

„געדענקסט וואָס זי האָט געזאָגט אין סאָנד, אַז ס'קינד האָט נישט קיין טאַטע? זי זאָגט נאָך אַלץ אַזוי".

„ס'איז געקומען פון זיך אַליין?"

„זי'ז ברוגז. וואָס האָסט געזאָגט וועגן יאָסלען האָט... זי איז שיִער, חלילה, נישט פון זינען אַראָפּ".

„זאָגט איר, אַז כ'על זי איבערבעטן".

„דער לאַנגער משה זאָגט, אַז דו רופסט קיילען דיַין כלה, כ'האָב עס איר דערציילט, האָט זי זיך פאַרשווויִרן: 'נישט ביַי מיַין לעבן.'"

„קיילע?" האָט קלמן זיך עס נישט געקאָנט צוגלייבן.

„זי איז אַזוי פאַרביסן, אַז ס'פּאַסט גאָר נישט פאַר אַ ייִדיש קינד".

„ס'עט זיך אויסהיילן, ר' מתות. און דאָס קינד האָט יאָ אַ טאַטע, און דער טאַטע האָט שוין אָפּגעשריבן דעם קינד אַ גרויס פאַרמעגן. פרעגט דעם רב, וועט ער איַיך זאָגן".

„וואָס רעדסטו, קלמן! זאָלסט טאַקע זוכה זיַין צו זיַין אַ געזונטער טאַטע צו דיַין קינד. אָבער קלמן־קרוין, ווער יאָגט זיך נאָך פאַרמעגנס? האַלט דיר דיַין געלט און גיב בעסער זעליקלען דיַין נאָמען, יעדער זאָל נישט באַלד וויסן, אַז ס'איז געווען אָן אַ חתונה".

„איר זאָגט דאָך, אַז זי וויל נישט".

„דו זאָג נאָר דעם רב דאָס גוטע וואָרט. אונדזער רב, זאָל געזונט זיַין, וועט שוין וויסן ווי צו רעדן צו איר. און, כ'האָב עס דיר שוין געזאָגט, קלמן, אויב דו ווילסט נישט ווינען מיט מיַין קיילען, קאָן מען צו מאָרגנס נאָך דער חתונה צוריקגיין צום רב זיך גטן".

„פון קיילען האָב איך זיך אַזוינס נישט געריכט", איז קלמן נאָך אַלץ געווען דערשטוינט פון איר ברוגז און פאַרביסנקייט.

„קיין ייִדיש קינד זאָל נישט געפּרוווט ווערן מיט אירע בזיונות. זי

האָט דיך שטאַרק ליב געהאַט, קלמן. זי איז דעמאָלט גרייט געווען צו שטערקן איר לעבן פֿאַר דיר, אַניש וואָלט נישט געשען וואָס ס׳איז געשען. מײַן קיילע, זאָל לעבן, איז, חלילה, נישט קיין צעלאָזענע. טאַקע דערפֿאַר איז זי אַזוי פֿאַרצאָרגט. מײַן נישט, אַז כ׳האָב נישט פּראָבירט דיך פֿאַרענט־פֿערן. כ׳האָב איר דערציילט אַלץ, וואָס האָסט געזאָגט: דו, אַ קאַליקע, יאָסל אַ ריז — ביסטו געווען... ווי זאָגט עץ דאָס? נו, ביסטו געווען פֿול מיט חשדים. זי׳ט נישט געוואָלט הערן, אָבער ס׳קינד קאָן איך ברענגען, כ׳על זאָגן, אַז כ׳נעם עס צו קרובים״.

„ניין, ר׳ מתות. זי קאָן זיך דערוויסן און זי׳ האָט שוין גענוג געליטן איבער מיר״.

## XVIII

ווי נאָר מתות איז אַוועק, האָט קלמן חרטה געהאַט וואָס ער האָט אים אַוועקגעשיקט. אויב דער פּריץ איז טאַקע אַזאַ פֿינצטערער פֿאַרשוין, ווי מע זאָגט, האָט ער געקאָנט אַנשטעלן עמעצן צו האַלטן אַן אויג בײַ דעם האָטעל ׳בריסטאָל׳; יענער האָט געזען ווי דעם פּריצעס שונא פֿאַרלאָזט דעם האָטעל און נאָכגעפֿאָרן ביז צום ׳גראַנד׳. דער פּריץ ווייסט שוין וווּ ער וווינט, און וועט שוין געפֿינען אַ פֿאָרטל ווי אַזוי אויסצופֿירן זײַנע פּלענער. קלמן קאַליקע איז איצט פֿאַר דעם פּריץ אַ גרעסערע סכּנה ווי יענער שגץ, וועמען דעם פּריצעס מענטשן האָבן דערטרונקען!

„קלמן!״ האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף זיך אַליין. מער פֿעלט אים נישט, נאָר אויך דאָס „אייבערשטיבל״ זאָל בײַ אים ווערן צעדרייט. דעם קאָפּ אין דער הייך! קלמן קאַליקע איז קיין מאָל נישט געווען, און וועט קיין מאָל נישט זײַן, קיין פּחדן. פּריץ, שמאַריץ! און אַז דער פּריץ וועט באַווײַזן אים צו בענדיקן, וועט אויך נישט זײַן קיין לאָך אין הימל. דערווײַל איז...

דערווײַל וויל שוין אַפֿילו די לאָמע קיילע נישט אָנקוקן זײַן פּרצוף. אפֿשר זאָל ער גאָר אָפּשרײַבן זײַן פֿאַרמעגן דער אַלטער סטערווע מאַריאַ? אפֿשר זאָל ער גאָר כאַסלערע האָבן מיט איר? זי רעכנט אים הונדערט

זלאָטעס אַ נאַכט; ער וועט אײַנשפּאָרן אַ סך געלט אויב ער וועט זי נעמען פאַר אַ ווײַב...

פאַר ווייניקער ווי אַ הונדערטער קאָן מען דאָ אין וואַרשע קויפן אַ ייִנגערע און אַ שענערע ווי מאַריאַ. פאַר וואָס טאַקע נישט?

ער האָט גערופן אַ האָטעל־פּאָרטער, געגעבן אים אַ צענערל, יענער זאָל אים אַרויפשיקן אַ יונגע, שיינע מויד. ס׳עט זײַן אַ זונה? און וואָס איז מאַריאַ? זי טוט עס דאָך אויך פאַר געלט.

ער האָט זיך קוים באַוויזן אויסצוטאָן ווען ער האָט שוין געהערט אַ קלאַפּ אין טיר. ער האָט אַרויסגענומען געגוג געלט צו באַצאָלן פאַר דעם דינסט און געוואָלט באַהאַלטן זײַן טײַסטער, אָבער דרויסן האָט עמעץ געקלאַפּט אין דער טיר מיט אומגעדולד. פון וואַנען האָט זי געקאָנט קומען אַזוי שנעל, איז זי דאָ אַ סטאַלע? אָפּטאָן דאָס זײַניקע און זי גלײַך משלח זײַן, האָט ער באַשלאָסן. ער האָט אַרונטערגעשטופּט דעם טײַסטער אונטערן קישן און אַ רוף געטאָן: „אַרײַן. ער האָט זיך צוגעדעקט ביז צום גאַרטל, דערווײַל צו באַהאַלטן זײַנע פיס.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן ווען זי האָט געזען, אַז ער איז שוין אין בעט. זי האָט פאַרריגלט די טיר פון אינווייניק און צוגעקומען צו אים. „איך בין קאַשאַ, דרײַסיק זלאָטעס״, האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צו אים.

„וועסט באַקומען פערציק אויב כ׳על זײַן צופרידן״.

זי האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, אַוועקגעוואָרפן אים אויף אַ שטול און ווידער אויסגעשטרעקט די האַנט: „ס׳געלט פאָרויס״.

קלמן האָט זי באַטראַכט. יונג איז זי אפשר, אָבער שוין אַן אויסגע־דינטע סאָלדאַטקע. ווו האָט דער פּאָרטער געכאַפּט די מציאה?

„פערציק זלאָטעס״, האָט זי געפאָדערט. ריחות פון ביליקן פּאַרפום, און ביליקן בראָנפן האָבן אַ שלאָג געטאָן קלמנען אין דער נאָז אַרײַן. אפשר זענען דאָס גאָר די ריחות פון אַ טריפער אָדער סיפיליס? נאָך דאָס פעלט אים.

ער האָט איר דערלאַנגט אַ פּאָר באַנקנאָטן, זי האָט איבערגעציילט און גענומען צעקנעפּלען איר קלייד.

„אַ דאַנק, קאָנסט שוין גיין״, האָט קלמן איר געזאָגט.

„כ׳געפעל דיר נישט?״

„ווער זאָגט? נאָר דער אַפּעטיט איז מיר איבערגעגאַנגען".

„כ׳געפעל דיר נישט, האַ?" איז איר קול אַרויף אין אַ קוויטש, „וועסט זיך איבערקערן אין דער ערד און וועסט נישט קריגן אַ יינגערע, דו קור־ווישער זון. דו ווייסט ווי אַלט איך בין? כ׳בין נאָך נישט קיין גאַנצע דריי און צוואַנציק יאָר".

„ווען האָסטו אָנגעהויבן, ווען ביסט נאָך געווען אין דער מאַמעס בויך?"

ס׳איז נישט געווען קיין גרויסע חכמה זיך צו חכמענען אויף איר חשבון. ער האָט איר אַוודאי ערגעץ „אָנגעטרעטן אויף אַ הינערואויג", אָדער זי איז סתּם געווען אַ היסטערישע; זי האָט זיך צעקוויטשעט, אַז אַ שוים איז איר געקומען פאַרן מויל.

„שריי נישט, כ׳האָב גאָרנישט געמיינט. אַוודאי ביסטו יונג, יעדער קאָן עס זען". קלמן האָט געזוכט זי צו באַרויקן; ער איז זיכער געווען, אַז אַלע האָטעלגעסט זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן הינטער דער טיר, אַ ליאַדע מינוט וועלן די האָטעלמענטשן אַריינקומען, און זי האָט גאָר גענומען זיך צעקנעפּלען: „נאַ, קוק, דיין שוועסטער האָט נישט אַזאַ גלאַטיק לייב, דיין מאַמע האָט נישט אַזאַ ווייסע הויט, אַזאַ ציצקע ווערסטו נישט זען ביי דיין כּלה, דו פאַרשטונקענער יאָלד!"

„שריי נישט", האָט ער זיך געבעטן, „וואָס האָב איך דיר געטאָן? כ׳בין אַ קראַנקער מענטש. פריִער האָב איך געוואָלט, יעצט וויל איך אויך, נאָר כ׳קאָן נישט, און כ׳האָב דאָך דיר באַצאָלט".

זי האָט נישט אויפגעהערט שרייען. ער האָט געטאָן אַ דעק אָפּ זיינע פיס: „זעסט? כ׳בין אַ קאַליקע; כ׳וויל, אָבער כ׳קאָן נישט".

ערשט איצט האָט זי אים געגלייבט, אַז ער האָט זי נישט גרינג געשאַצט. „געב מיר נאָך אַ צענערל, וועל איך שוין מאַכן, דו זאָלסט קאָנען".

ער האָט איר געגעבן נאָך אַ צענערל און זי פאַרזיכערט, אַז עס איז נישט כּדאַי צו פּראָבירן, גאָט אַליין קאָן שוין איצט נישט מאַכן, ער זאָל קאָנען.

זי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף אים פאַרשעריש. „דו האָסט אַ טעלעפאָן ווו מע קאָן דיך רופן?" האָט ער זי געפרעגט. זי האָט אים געזאָגט אַ נומער.

„אַ דאַנק".

„פאַרשרײַב".

„כ'על געדענקען".

אוי, ווען איך דאָס געדענקען, האָט ער געזאָגט צו זיך ווען זי איז אַרויס; נאָך גוט זי האָט אים נישט געהייסן איבערחזרן דעם נומער, אַלץ וואָלט זיך אָנגעהויבן פון ס'נײַ.

ער האָט קוים באַוויזן צו פאַרריגלען די טיר פון אינווייניק, ווען עס האָט זיך ווידער געהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

„ווער איז עס?"

„האָסט אַ וואַנע? כ'וויל זיך אָפּבאָדן".

„כ'האָב נישט קיין וואַנע".

„עפּן, כ'על זיך אָפּוואַשן אין דער שיסל".

„ס'איז נישטאָ קיין שיסל און דער זלעוו איז פאַרשטאָפּט".

ער האָט געמיינט, אַז עס וועט זיך ווידער אָנהייבן אַ געטענה, אָבער עס איז שטיל געוואָרן; זי איז, ווײַזט אויס, אַוועק.

יאָסל פלעגט דערציילן גאַנצע גליקן וועגן שיינע גאַסן־מיידלעך; טאָמער איז דאָ איינע אַ שיכּורטע צי גאָר אַ משוגענע, דאַרף עס אים פּאַטשאָפּען.

*

ווען מתּות איז צו מאָרגנס צוריקגעקומען, האָט ער געטראָפן קלמנען בײַם טעלעפאָן. „איר קאָנט נאָך אַוועקגיין אויף עטלעכע שעה", האָט קלמן צוריק אַוועקגעשיקט מתּותן. ער האָט טעלעפאָנירט אין שדכנים־ביוראָס און אַרויסגערופן צו זיך עטלעכע שדכנים. ער דאַרף אַ יונגער־מאַן אַ בן־תּורה און פון אַ גוטער משפּחה. דאָס מיידל איז שיין ווי גאָלד, אַזוי שיין, אַז זי נעמט אויס בײַ אַלעמען, כאָטש איין פוס איז בײַ איר אַ קאַפּעלע קירצער. איר טאַטע איז אַ באַלעבאַטישער ייִד, דאַוונט אַ מאָל פאַרן עמוד, קען לייענען די ספר־תּורה. ער וועט באַפרײַען דעם חתן פון מיליטער, געבן דרײַ טויזנט זלאָטעס נדן, און אויב דער חתן וועט וועלן ווײַטער לערנען, וועט מען געבן קעסט אויך.

עס וואָלט געווען אַ שיינע זאַך, אויב ער וואָלט געפינען חתנים פאַר פריידלען און חיהן, און דער לאַנגער משה זאָל בלײַבן מיט אַ לאַנגער נאָז...

## XIX

מאַריאַ האָט זיך אויפריכטיק דערפרייט מיט קלמנען ווען ער איז צוריקגעקומען פון וואַרשע, אָבער געבליבן שטיין ווי פאַרשטיינערט, ווען זי האָט דערזען, אַז ער קאָן זיך שוין באַוועגן אָן קיינעמס הילף. זי האָט זיך אַוודאי דערשראָקן, אַז עס ענדיקט זיך אַ גוטע פּרנסה. צוגעשטעלט אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואַרעמס, האָט זי געוואָלט איבערבינדן די וווּנד אויפן פוס, אָבער קלמן האָט עס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. זי האָט זיך ווידער גענומען צום פוס נאָכן עסן, האָט קלמן אַרויסגעגראַבלט אַ שטיקל פּאַפּיר פון דער בוזעם־קעשענע, „דער דאָקטער האָט פאַרשריבן אַ נייַע זאַלב".

„פאַר וואָס האָט דער פּאַן נישט באַלד געזאָגט? איצט איז די אַפּטייק שוין פאַרמאַכט".

„ס'איז גוט געווען ביז איצט, וועט עס גוט זייַן ביז מאָרגן מיט דער אַלטער זאַלב".

מתּוֹת האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און איז אַוועק אַהיים. ערשט איצט איז מאַריאַ געוואָרן צוגעלאָזן: „פאַר וואָס האָסטו זיך געזוימט אַזוי לאַנג? האָסט געזאָגט, פאַרסט נאָר אויף איין טאָג. כ'האָב שוין געמיינט ביסט דאָרט קראַנק געוואָרן".

„מאַך עס שנעל מיט דעם באַנדאַזש, כ'בין מיד", האָט קלמן געענטפערט קאַלט.

ער האָט איר געזאָגט, אַז ער קאָן זיך שוין אַליין אויסטאָן, אָבער זי האָט נישט אָפּגעטראָטן און אים געהאָלפן אַראָפּציִען די מלבושים. זי האָט זיך געהנדלט צו אים און פאַראַבירט זייַן קאָקעטיש, וואָס האָט זי געמאַכט לעכערלעך. זי האָט אים געקיצלט ווען ער איז אַרייַן אין בעט, אָבער קלמן האָט זיך געמאַכט ווי געפּגרט, און אַרויפגעצויגן די דעק. זי האָט אים אייַנגעדעקט און געזאָגט: „אויב דו ווילסט, וועל איך קומען צו דיר שפּעטער".

„אַזאַ אַלטע, פאַרשייַטע קו", איז קלמן געווען אין כּעס. אָפּצוטשעפּען זיך פון איר האָט ער געזאָגט: „ניין, אַ דאַנק, ס'איז צו אַ טייַערער ביסן".

„אַז ס'עט זייַן סטאַלע, וועל איך נעמען פינף און זיבעציק".

„ווען כ'על וועלן, וועל איך רופן".

✶

ס'איז געווען גוט איַינגעהייצט אין אויוון און ס'איז אים געווען צו הייס אונטער דער פּוכענער דעק. ער האָט זיך איבערגעוועקט און זיך אַוודאי אַ דריי געטאָן, דאָס בעט האָט אַ סקריפּע געטאָן, און מאַריאַ איז באַלד געווען נעבן אים. „האָסט מיך גערופן?"

ער האָט נאָך געקלערט וואָס ער זאָל ענטפערן און זי איז שוין געווען אין זייַן בעט. „אויב ביסט נאָך מיד, ריר זיך נישט. אַז מע אַרבעט אין אַ שפּיטאָל, קען מען אַ סך פאַרטלען".

„אַבי איך האָב געמיינט, אַז אין אַ שפּיטאָל קרענקט מען", האָט ער געענטפערט, אָבער זיך אונטערגעגעבן צו איר. בעסער אַן אַלטע קליפּה ווי' אַ יונגער טריפער...



ס'איז שוין געווען פּורים־צייַט, דער שניי האָט שוין אָנגעהויבן צעגיין, אָבער די ערד אונטער דעם שניי איז נאָך געווען געפרוירן. מע האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט אויפשטעלן די סלופּעס פאַר די עלעקטרישע דראָטן, אָבער קלמנס מענטשן האָבן שוין געאַרבעט אין הויף און אַריַינ־געצויגן עלעקטרישע דראָטן אין אַלע שטובן פון פּאַלאַץ. די בערג שניי און בערג צעגראָבענע ערד אויפן שילפּלאַץ זענען פּלוצלינג פאַרשוווּנדן און קיינער האָט נישט געוווּסט ווער עס האָט זיי צוגענומען, פּונקט ווי קיינער האָט נישט געוווּסט ווער עס האָט זיי געבראַכט צום שילפּלאַץ. דער רב האָט באַקומען אַ בריוו, ווו ער איז אָפיציעל פאַרבעטן געוואָרן צו זייַן אין דער דעלעגאַציע וואָס וועט אָפּוואַרטן דעם פּרעזידענט בייַם אַרייַנפאָרן אין שטאָט, און אויף דעם פּלאַץ פון קלמנס חורבה, האָט מען גענומען אָפּלייגן ציגל פאַר אַ ניַי הויז.

# XX

מאַריאַ האָט גראָד געהאַלטן אין איבערבינדן דעם באַנדאַזש אויף קלמנס פוס, ווען קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי איז אַרייַנגעקומען.

„אַזאַ כבוד, דער פּאַן בירגער־מייַסטער קומט זען וואָס איך מאַך",

האָט קלמן זיך געמאַכט נאַיִוו און פּראָבירט טרעפן, צי דער מאַגיסטראַט זוכט שוין צו באַנײַען מיט אים דעם קאָנטראַקט, אָדער דער פּריץ גייט ווידער אָנהייבן מיט אינטריגעס קעגן דער עלעקטראָוניע.

מאַריאַ איז געווען אַ לויוויטשעריז, זי איז נישט נתפּעל געוואָרן פון דעם קליינשטעטלדיקן בירגער־מײַסטער און ווײַטער זיך געפּאַרעט איבער קלמנס פוס. אַריבער איר געבויגענעם רוקן האָט נאָוואַקאָווסקי געגעבן צייכנס צו קלמן, ער זאָל זי אַרויסשיקן.

„זאָל די פּאַני עס מאַכן שנעלער, די פּאַני זעט דאָך, דער פּאַן בורמיסטזש וואַרט".

ווי נאָר מאַריאַ איז אַרויס, האָט נאָוואַקאָווסקי פאַרמאַכט די טיר הינטער איר.

„מלוכה־סודות?" האָט קלמן געפרעגט מיט אַ שמייכל.

נאָוואַקאָווסקי איז גלײַך צוגעגאַנגען צום ענין. „פּאַניע שווערדל, ווען איך בין דאָ געווען דאָס לעצטע מאָל, בין איך געווען אַ ביסל 'אונטערן גלעזל'."

„אַ בירגער־מײַסטער איז אויך נאָר אַ מענטש און מעג אויך אַ מאָל כאַפּן אַ גלעזל".

„אַ בירגער־מײַסטער, אויב ער נעמט אַן איבעריקן טרונק, דאַרף ער זיצן אין דער היים מיט זײַן באַבע און נישט אַרומלויפן".

„פאַרקערט, פּאַניע בורמיסטזשו, מע זאָגט, אַז נאָך אַ פּאָר גלעזלעך לאָזט מען אַלץ אויס צום ווײַב, איז געזינטער נישט צו זײַן מיטן ווײַב".

„די בייזע צינגער זאָלן אָפּגעדאַרט ווערן! שונאים האָבן אויסגעטראַכט, אַז איך שלאָג מײַן יאַגאַ ווען איך טרינק. יאַגאַ איז די שענסטע קאָביטע אין דאָמברוווקע".

„וואָס ווייס איך וועגן די זאַכן, איך האָב נישט קיין ווײַב. אָבער מע זאָגט, אַז אַלע באַווײַבטע טוען עס. ווי זאָגט ס'פאָלק: יאַק מאַנזש זשאָנע ביע ביִע טאָ וניעי וואָנטראָבאַ גניע, אַז דער מאַן שלאָגט נישט ס'ווײַב, פוילט אין איר די לעבער. כ'ווייס נישט וואָס שלאָגן האָט צו טאָן מיט דער לעבער, אָבער אַז דאָס פאָלק זאָגט אַזוי, איז עפּעס דאָ דערין..."

„אַז מע גיט אַ מאָל דעם ווײַב אַ קלאַפּ, הײלט עס זיך באַלד אויס, אָבער אַז מע רעדט וואָס מע דאַרף נישט... ווענט האָבן אויערן, פּאַניע

קאַלמאַן, אויב איך האָב עפּעס געזאָגט, זאָל דער פּאַן עס פאַרגעסן. אַ הינטס בילעריי און אַ שיכּורס רעדעריי האָבן דעם זעלביקן ווערט".

„ביי אונדז ייִדן זאָגט מען פאַרקערט: 'וואָס אַ ניכטערער האָט אויף דער לונג, האָט אַ שיכּור אויף דער צונג', פון אַ שיכּור דערוויסט מען זיך דעם אמת".

„דער ליכטיקער פּאַן פּריץ איז אַלע מאָל געווען גוט צו מיר, איך וואָלט נישט געווען בירגער־מייסטער ווען נישט דער וויל־געבוירענער".

„אַ, דער פּאַן בירגער־מייסטער איז צו באַשיידן. דער פּאַן פאַרנעמט דעם העכסטן אַמט, ווייל די בירגער פון אונדזער שטאָט האָבן אים אויסגעווײלט דערצו, און זיי האָבן געווײלט דעם פּאַן און נישט קיין אַנדערן, ווייל דער פּאַן איז אַן אָסאָבע מיט אַ געשטעל, ווייל דער פּאַן קען אָנפירן מיט אַ זיצונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. מיינסטע פּויערים דאָ קענען זיך דאָך אַפילו נישט אונטערשרייבן".

„געזונט זאָל דער פּאַן זיין, געוויי די זעלביקע ווערטער האָב איך געזאָגט מיין באַבען. אָבער דעם פּאַן פּריץ געפעלט פּלוצלינג נישט מיין פּויליש, אַ פּויערישער פּויליש, זאָגט ער. און אַז ס'איז אַ פּויערישער פּויליש? מער ווי אַ העלפט פון די היגע איינוווינערס זענען פּויערים, אָדער אויפגעוואַקסן ביי פּויערישע טאַטע־מאַמע. אָבער דער פּאַן פּריץ טשעפּעט זיך, מוז זיין, אַז עמעץ האָט געלאָזט זיין צונג אין גאַנג..."

„דער פּאַן האָט זיך נישט וואָס צו שרעקן. דער פּרעזידענט קומט אין לאַנד פון די קשענזשאַקעס און וויל הערן אַ קשענזשאַצקע פּויליש. דער פּריץ האָט פאַרבעטן אַפילו אַ ייִד, ווייל ער קען שפּילן קשענזשאַצקע מעלאָדיעס. אַ וואַרשעווער פּויליש הערט דער פּאַן פּרעזידענט פון די וואַרשאַוויאַקעס אַרום אים".

„דער פּריץ האָט פאַרבעטן זאַלמאַן פּיטעל, דעם וואָס גרימפּלט אויף אַ פידל ביי פּויערישע חתונות?"

„אויב ער האָט אים נאָך נישט פאַרבעטן, וועט ער אים פאַרבעטן. אַז קלמן קאַליקע זאָגט עפּעס, ווייסט ער וואָס ער זאָגט".

„פון וואַנען טאַקע ווייסט דער פּאַן?"

„דער פּאַן קאָן זיך פאַרלאָזן אויף מיר", קלמן האָט געזוכט אַרויפצו־פירן דעם שמועס אויף דעם, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן, „דער פּאַן

בירגער־מײַסטער געדענקט דאָך: דער מאַגיסטראַט האָט געזאָגט, ס׳וועט נישט זײַן קיין עלעקטראָוויניע, איך האָב געזאָגט, ס׳עט יאָ זײַן. נו, מע ציט שוין אַרײַן עלעקטרישע דראָטן אין הויף. צי כ׳על טאַקע אָוועקגעבן די עלעקטראָוויניע דעם מאַגיסטראַט, ווייס איך נאָך נישט; מײַן אדוואָקאַט האָט דעם בריוו פון מאַגיסטראַט און ער זאָגט: געקינדיקט דעם אָפּמאַך, איז געקינדיקט".

„וואָס זאָגט דער וויל געבוירענער וועגן דעם?" האָט גאָוואַקאָווסקי געוואָלט וויסן.

„וואָס טאַקע זאָגט ער וועגן דעם? דער פּאַן נעמט דאָך באַפעלן פון אים?"

„דער וויל־געבוירענער זאָגט גאַרנישט וועגן דער עלעקטראָוויניע, ער זאָגט גאָרנישט וועגן די וואַלן צום מאַגיסטראַט, אָבער אַלע מאָל געפינט ער צײַט אַרײַנצוּוואַרפן אַ וואָרט, אַז אַ בירגער־מײַסטער פון אַ שטאָט דאַרף קענען דאָס, דאַרף קענען יענץ. ער וויל זיך אַוודאי באַווײַזן פאַרן פּרעזידענט, אַז ער שיקט זײַנע פּאַראָבקעס אין די שולעס. אויב איך וואָלט געוועזן זײַנס אַ ממזר... זײַנע ממזרים שיקט ער אין די שולעס".

„זינט יענעם בריוו האָט ער גאָרנישט געזאָגט וועגן דער עלעקטראָ־וויניע?"

„מיך הייסט ער ברעכן אָפּמאַכן, ער מאַכט מיטן פּאַן נײַע אָפּמאַכן און זאָגט מיר אפילו נישט, יאָ עלעקטראָוויניע, צי נישט עלעקטראָוויניע".

„זעט דאָך שוין דער פּאַן, הײַנט זאָגט ער אַזוי, מאָרגן זאָגט ער דאָס פאַרקערטע. און דער פּאַן נעמט זיך צום האַרצן עפּעס אַ וואָרט וואָס ער האָט אַרײַנגעוואָרפן, און האָט שוין אַוודאי פאַרגעסן, אַז ער האָט עס געזאָגט".

„אַז דער פּאַן וועט רעדן מיטן פּריץ... — אַ גוט וואָרט קאָן קיין מאָל נישט קאַליע מאַכן, און איך וועל דעם פּאַן אָפּדינען. איך בין געווען דאָ דער וואָיט ווען דאָמברווּוקע איז נאָך געווען אַ דאָרפישע גמינע; כ׳פיר אָן מיטן מאַגיסטראַט זינט ס׳איז געוואָרן אַ שטאָט, ווי קאָן איך פּלוצלינג ווערן צוריק אַ פּראָסטער פויער? ניין, זאָל דער פּאַן בעסער גאָרנישט זאָגן, בעסער נישט דערמאָנען מײַן נאָמען. מיט אונדזער ליכטיקן

פֿאַן פּריץ קאָן מען קיין מאָל נישט וויסן וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט, און עס רוקן זיך אָן וואַלן...״

„ס׳עט זײַן גוט, פֿאַניע בורמיסטזשו, נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן״.



קלמן האָט נישט געדענקט, ער זאָל זיך האָבן אַרויסגעכאַפּט פֿאַרן פּריץ מיט עפּעס, וואָס קאָן שאַדן דעם בירגער־מײַסטער. ער האָט אַ גוטן זכּרון; אויב ער וואָלט עפּעס געזאָגט, וואָלט ער עס געדענקט. אָבער אַז דער קאָסטעק פּלאַפּלט און רעדט קעגן פּריץ צו איינעם, רעדט ער אַוודאי אויך צו אַנדערע. ווען ער טרינקט האָט ער אַ לויזע צונג, און ער טרינקט צו אָפֿט.

# XXI

קאָסטעקס זיידע איז נאָך געווען אַ לײַבאייגענער בײַם דעמאָלטיקן פּריץ, און באַקומען פֿינף מאָרגעס ערד ווען דער פּריץ האָט אים באַפֿרײַט. דורך שווערער אַרבעט אויף זײַן אייגן שטיקל לאַנד און אויף דעם פּריצעס פֿעלדער, האָט ער פֿאַרגרעסערט זײַן באַזיץ און קאָסטעקס טאַטע האָט שוין געירשנט צען מאָרגעס. דאָס איז אַלץ נישט געווען גענוג אַרויס־צוציִען חיונה פֿאַר צוויי זין און פֿיר טעכטער, און אַלע אין דער משפּחה זענען ווײַטער געווען פֿאַראַבקעס אין הויף. די טעכטער האָבן באַקומען געלט ווען זיי האָבן חתונה געהאַט, דאָס שטיקל לאַנד זאָל בלײַבן פֿאַר די זין.

קאָסטעק איז אויסגעוואַקסן אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, אָבער איז נישט געווען אַזאַ גוטער ערדאַרבעטער ווי זײַן ייִנגערער ברודער, וואָס איז דווקא געווען אַ נידעריקער, אַ דאַרער, הויט און ביינער. דער ייִנגערער ברודער איז געווען אַ טיפּישער פּויער, געקאָנט אַרײַנאַרבעטן פֿון זונשפּראָץ ביז זון־אונטערגאַנג אין אַ לאַנגן זומערטאָג, און געקאַרגט און געשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן. קאָסטעק האָט געהאַט אַנדערע מעלות. ער האָט געקענט לייענען פֿון געבעטבוך, ער האָט געהאַט אַ גוט קול און געזונגען אין קאָשטשאָל, ער האָט אויך געקאָנט אָרגאַניזירן

יונגוואַרג אַרום דער קירכלעכער פּאַראַפּיע. דער גלח האָט אים רעקאָמענ־דירט צום פּאַרוואַלטער פון הויף; יענער האָט אים אַוועקגענומען פון ערדאַרבעט און אים געגעבן אַ פּאָסטן אין סקלאַד פון פּאַרם־מכשירים אין הויף. אויך ביי דעם האָט מען פּאַרדינט וואַסער אויף קאַשע, אָבער קאַסטעק האָט גיך זיך אויסגעלערנט ווי צו פּאַרדינען אויך אויף קאַשע...
די פּויערים זענען געוועזן צו אָרעם צו קויפן אייגענע מכשירים; זיי האָבן די כלים באַקומען אין הויף, און פּונקט ווי זיי האָבן באַקומען עפּעס פון דער גערעטעניש אויפן פּריצעס פעלדער וואָס זיי האָבן באַאַרבעט, האָבן זיי אויך געגעבן עפּעס פון דער גערעטעניש אויף זייערע אייגענע פעלדער, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט מיט דעם פּריצעס מכשירים. מיט אַ שטאַרקער פערד, מיט אַ שאַרפערן אַקער, האָט זיך געאַרבעט לייכטער, און אין די זאַכן האָט קאַסטעק געטאָן טובות ווען ער האָט געוואָלט, און צו וועמען ער האָט געוואָלט. אַ פּויער גיט גאָרנישט בחינם און דערוואַרט נישט עמעץ זאָל אים געבן בחינם. אַז קאַסטעק האָט געטאָן אַ טובה, האָט מען אים געבראַכט מתנות אַ פּאַר אייער, אַ הון, אַ זעקעלע קאַשע. קאַסטעק האָט געהאַט מאַכט, האָט מען אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט דרך־ארץ, כאָטש ער איז נאָך געווען גאָר יונג.

פון זיין טאַטנס נחלה האָט קאַסטעק גע‎ירשנט נאָר פינף מאָרגעס, די אַנדערע פינף זענען געגאַנגען צום ברודער. ווידער אַ מאָל דאָס זעלביקע: קאַסטעק האָט צוגעטיילט דאָס פערד, דאָס אַקער־אייזן, די בראָנע. דער פּויער וואָס האָט באַקומען גוטע מכשירים איז פון זיין פעלד אַוועק צו קאַסטעקס פעלד איידער ער האָט צוריקגעגעבן די כלים. איין האַנט וואַשט די אַנדערע, אַזוי פירט עס זיך אין אַ דאָרף ווען מע דאַרף שלייסן פעדערן, לייגן אַ דאַך אָדער בויען אַ נייעם שייער.

נאָך דעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט דער שענסטער מויד אין דאָרף, האָט דער פּריץ געגעבן קאַסטעקן אויף אויסצאָלן נאָך צען מאָרגעס.

די עקסטראַ צען מאָרגעס האָבן אים געמאַכט פּאַר גאָר אַ חשובן באַלעבאָס. מיט פופצן מאָרגעס, וואָס אַנדערע האָבן פּאַר אים באַאַרבעט, און אַ פּאָסטן אין הויף וואָס האָט געבראַכט אויך זייטיקע רווחים, האָט מען פּאַרויסגעזען, אַז ער וועט מיט דער צייט ווערן דער רייכסטער באַלעבאָס אין דאָרף, און מע האָט אים שוין ביי צייטנס צוגעטיילט כבוד.
דאָס אויסצאָלן פּאַר די צען מאָרגעס האָט דער פּריץ צעלייגט אויף

אַזוי פּיל יאָרן, אַז עס איז אויסגעקומען ווי בחינם. דאָס איז בײַ אים געווען זייער אָנגעלייגט, אָבער קאָסטעק איז נישט געווען קיין נאַר. דער פּריץ וואָרפט זיך נישט אַזוי מיט צענער מאַרגעס. צו ערשט האָט ער געמיינט, אַז דאָס לאַנד איז זאַמדיק אָדער זומפּיק. ווען דעם פּריצעס מענטשן האָבן אַרײַנגעקלאַפּט אין דער ערד די גרענעץ סלופּעס און אים געוויזן ווו צו פאַרזעצן אַ שורה ביימער צווישן דעם פּריצעס לאַנד און זײַן בײַ שטיק בחלה, האָט ער געזען, אַז מיט דער קוואַליטעט פון לאַנד האָט דער פּריץ אים נישט אָפּגענאַרט; טאָ ווו ליגט דער סוד? דער עקאָנאָם האָט געזאָגט, אַז דאָס גיט אים דער פּריץ ווי אַן אויסצייכענונג פאַר זײַן געטרײַער אַרבעט, אָבער קאָסטעק האָט גוט געוווּסט, אַז געטרײַ איז ער געווען נאָר צו קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי.

אויב דער פּריץ וואָלט אים געגעבן דאָס לאַנד, אָדער עפּעס געזאָגט וועגן דעם נאָך פאַר דער חתונה, און ער וואָלט דעמאָלט געגומען אַרײַנטראַכטן אין דעם, וואָלט ער אפשר דערגאַנגען דעם אמת, אָבער נאָכן שליוב... מע האָט אים גוט אָנגעטרונקען אין דער חתונה־נאַכט און זײַן יאַגאָשאַ איז אַ כיטרע נקבה; וואָס ער איז נישט דערגאַנגען אין דער ערשטער נאַכט, וועט ער שוין קיין מאָל נישט וויסן. צו אַלע צרות איז וולאַדעק, זײַן עלטסטער, געבוירן געוואָרן זיבן חדשים נאָכן שליוב. דאָס קינד איז טאַקע געבוירן געוואָרן אַ פּיצעלע ווי אַ זיבעלע, און יאַגאָשאַ שרײַט, אַז נאָר דער ביטערער טראָפּן ברענגט אויף אים די ביטערע חשדים.

זי האָט נאָך טענות צו אים! האָט ער געטרונקען פאַר דער חתונה? וואָלט דער פאַן פּראָבאָשטש אים געלויבט פאַר דעם פּריצעס עקאָנאָם אויב ער וואָלט געשיכּורט? אָבער איצט האָט זי טאַקע אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. ווי נאָר דאָס ביסל בראָנפן דערגייט צום קאָפּ, טשעפּעט ער זיך צו איר.

יאַגאָשאַ איז געווען אַן אָרעמע מויד און געקומען צו אים אַפילו אָן אַ רעכטן אויסשטײַער. אָבער אַ מויד איז דאָס געווען! זונטיק ווען מ׳איז געגאַנגען פון קאָשטשאָל... צענדליקער מיידן זענען געגאַנגען פון קאָשטשאָל, אָבער אַלע האָבן נאָכגעקוקט יאַגאָשאַן. איר פּיל־קאָלי־ריקע ספּודניצע האָט זיך געוויגט אויף אַלע אירע אָנקראָכמאַליעטע האַלקעס... זי האָט געהאַט אַזאַ גענגעלע, אַז אַלץ אויף איר האָט זיך

געוויגט, זי האָט געהאַט אַזאַ בליצעלע אין אירע שליפּיעס, אַז ס'האָט דיך אָנגעצונדן און צעפלאַמט און געפאַלן אויף דיר ווי אַ פונק אויף אַ סטויג היי. זי איז נאָך אַלץ אַ ראָסאָווע באַבע, אָבער אַ ווײַב איז אַ ווײַב. אויפן בעסטן פערד און צום שענסטן ווײַב דאַרף מען אַ מאָל ניצן די בײַטש.

אַז אַ שוואַרצער חשד קריכט דיר אין קאָפּ אַרײַן, ווײסטו אים, כאַליערע, מיט קיין זיבן זייפן נישט אַרויסוואַשן און מיט קיין זיבן בייטשן אים נישט אַרויסיאָגן. יאַגאַשאַ האָט אים שוין געבוירן נאָך דרײַ קינדער, זיי זעען אַלע אויס אַנדערש ווי וואָלאַדעק, דאָס זיבעלע, און זענען אויך אַנדערש. וואָלאַדעק איז פויל, כיטרע, פאַרביסן, און די יאַגאַ האָט דאָס בייזע געהײַ צו זאָגן, אַז טאַקע אין די זאַכן געראָט ער אַרײַן אין אים, קאָסטעקן. איז עס נישט אַ פאַקט, אַז דער פריץ האָט אים געגעבן צען מאָרגעס ערד אויסצוצאָלן אין אַ סך יאָרן כּדי אים צו האַלטן צוגעבונדן צום הויף אַ סך יאָרן ? וואָלט דער פריץ געווען פאַראינטערעסירט אים צו האַלטן אין הויף אויב ער וואָלט געווען אַ פוילער ?

„אַז דו ווייסט שוין יאָ פאַר וואָס דער וויל־געבוירענער האָט דיר געגעבן דאָס לאַנד, פאַר וואָס, צו אַל די כאַליערעס, טשעפּעסט דו זיך און שיכּורסט, און וואָלאַדעק הערט פון דיר קיין מאָל נישט קיין גוט וואָרט ?" האָט דאָס ווײַב זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אים.

„ער האָט מיך געקאָנט האַלטן אין הויף מיט פינף מאָרגעס. פינף מאָרגעס האָט ער געגעבן פאַר מײַנע מעלות, פאַר וועמענס מעלות האָט ער געגעבן די אַנדערע פינף ?" איז קאָסטעק נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער.

„פשאַקרעוו, אַ מאַנס יאַפּע איז ווי אַ בלעכערנער האָן אויפן דאַך: עס דרייט זיך אַהין, עס דרייט זיך אַהער, עס דרייט זיך אין אַלע זײַטן. דו זוכסט נאָר תּירוצים פאַר דײַן זויפן. דו האָסט גענומען שליוב נישט מיט מיר, נאָר מיטן פלעשל. צען מאָרגעס איז נישט גענוג, ווײסט, כאַליערע, אַלץ פאַרטרינקען".

ער האָט אויפגעהויבן אַ פויסט: „אַ זאַשע דיר, מײַן טרינקען !"

עס האָט זיך אַלע מאָל אָנגעהויבן נאָר מיט אַ טענה. אויב זי וואָלט געהאַלטן דאָס מויל, וואָלט עס געבליבן נאָר בײַם רעדן, אָבער זי האָט

געענטפערט אין דער גאַל אַריַין, ווי זי וואָלט געבענקט נאָך אַ קלאַפּ. מער ווי איין מאָל איז זי זונטיק געקומען אין קאַשטשאָל מיט אונטערגע־האַקטע אויגן. „וואָס איז געשען, פּאַני בורמיסטזשאָוואַ?" האָט מען זי געפרעגט. „כ'האָב אין דער פינצטער זיך אָנגעשטויסן אין קרעדענץ", האָט זי געזאָגט אַ תּירוץ און אין דאָמברוווקע האָט מען זיך געחכמעט, אַז בײַם בירגער־מײַסטער איז דאָס הויז פול מיט קרעדענצן.

# XXII

יאַן טשאַפּליק איז געווען אַ שטילער יונג. דער פריץ האָט רעקאָ־מענדירט אים אַרײַנצונעמען אין מאַגיסטראַט, און דער בירגער־מײַסטער איז געווען צופרידן מיט אים. ער האָט געשריבן מיט אַ שיין, געציקלט כּתב, ער האָט געענדיקט צוויי יאָר גימנאַזיע און זיך נישט געהאַלטן גרויס, ער איז געווען פאָלגעוודיק און פאַרדעקט און פאַרגלעט ווען נאָר און ווו נאָר זײַן באַלעבאָס, דער בירגער־מײַסטער, האָט געטאָן עפּעס נישט ווי עס דאַרף צו זײַן. פּלוצלינג, אין דער לעצטער מינוט, איז דאָס שטילע, געטרײַע ייִנגל געוואָרן אַ קאַנדידאַט אויפן אַמט פון בירגער־מײַסטער. קאַסטעק איז צו ערשט געוואָרן אין כּעס, אָבער דערנאָך זיך אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער זאַך. בעסער יאַנעק ווי עמעץ אַנדערש. ווער וועט דען שטימען פאַר אַזאַ שנעק? דער פריץ וועט זיכער זײַן קעגן אים; דער פּרעזידענט קומט און דער פריץ וועט וועלן פאַרשטעלן אַ בירגער־מײַסטער אַ יוסטן באַלעבאָס, און נישט אַזאַ יאָקל, אַזאַ שמעגדע, אַזאַ מעקעלע ווי דאָס יאַנעקל.

דאָס זעלביקע האָט אים געזאָגט יעדער פון זײַנע קומעס. קאַסטעק האָט געגנוג לאַנג געהאַט צו טאָן מיט וואַלן, ער זאָל וויסן נישט צו מאַכן קיין טומל אַרום דעם; אָבער באַלד נאָך די וואַלן, וועט ער דאָס יאַנעקל געבן אַ וואָרף אַרויס, אַז ער זאָל צעברעכן ס'געניק. מע דאַרף טאַקע שוין בײַ צײַטנס זיך אויסקוקן וועגן אַ נײַעם סעקרעטאַר.

דער זשידעק קאַלמאַן, וואָס האָט אין אָנהייב אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט דאָס גאַנצע עסק, האָט איצט פּראָבירט מאַכן קאַסטעקן אַ

שווער האַרץ: „אויב דער סעקרעטאַר איז פון דעם פּריצעס מענטשן, אפשר גאָר זײַנער אַ ממזר, איז די שטילקייט אַרום דעם, נישט קיין גוטער סימן. אָבער וואָס ווייסט דער קאַליקע וועגן וואַלן?"

קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי האָט זיך אויסגעפּוצט אין זײַנע זונטיקדיקע מלבושים, מיט דער שוואַרצער סוקמאַנע, אַרומגענומען אין דער טאַליע מיט אַ פּיל־קאָלירקן, אויסגעשטיקטן גאַרטל, כאָטש עס איז נאָך נישט געווען געגוג וואַרעם אַרומצוגיין אין גאַס אָנעם פּעלץ. ער איז געגאַנגען צום מאַגיסטראַט, ווו עס איז געשטאַנען די וואַלאורנע, מיט געלאַסענע טריט, ווי אַ באַלעבאָס גייט צו דעם, וואָס איז זײַן.

אין דאָמברווקע האָט מען נישט געדרוקט קיין וואַל־ליטעראַטור, ס'רוב ווײַלערס האָט נישט געקענט לייענען, מחמת זיי האָבן אויך נישט געקענט שרײַבן, האָט מען געדרוקט צעטעלעך מיטן קאַנדידאַטס נאָמען, וואָס דער ווילער האָט אַרײַנגעלייגט אין דער אורנע. קאָסטעק איז דערשטוינט געוואָרן צו זען, אַז אויף דעם גאַנצן וועג פון מאַרק ביזן מאַגיסטראַט, זענען אויסגעשטעלט שולקינדער און זיי שטופּן אַרײַן צעטע־לעך אין די הענט פון די פאַרבײַגייערס. ווער האָט דאָס אַראַנזשירט? ער האָט גענומען אַזאַ צעטעלע, אַ קוק געטאָן און עס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אויף דעם ווײַסן שטיקל פּאַפּיר איז מיט גרויסע שוואַרצע אותיות געווען געדרוקט: יאַן טשאַפּליק. ער האָט גענומען נאָך אַ צעטעלע און נאָך איינס — אַלע מיט דעם נאָמען פון זײַן קעגנער. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער דאַרף איצט גיין געלאַסן און מאַיעסטעטיש; ער איז געלאָפן פון איין קינד צום אַנדערן און געזוכט אַ צעטעלע מיט זײַן נאָמען. קיינער האָט אַזאַ צעטעלע נישט געהאַט.

„פּאַניע פּשאַדאָוניקו", האָט ער זיך געוואַנדן צום פּאָליציאַנט בײַ דער טיר פון מאַגיסטראַט, מיטן גאַנצן טיטל, כאָטש געוויינלעך האָט ער אים גערופן בײַם ערשטן נאָמען, סטאַך. „פּאַניע פּזשאַדאָוניקו, פאַר וואָס זענען נישטאָ קיין קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי־צעטלען?"

„ס'זענען דאָ, ס'זענען דאָ", האָט יענער געענטפערט, אָן דער שטענ־דיקער אונטערטעניקייט, „אינווייניק זענען זיי דאָ".

אינווייניק האָט ער פאַרלאַנגט אַ נאָוואַקאָווסקי־צעטל און האָט עס טאַקע באַקומען. נאָכן אָפּגעבן זײַן שטימע, האָט ער גערופן וויטשעכן, דעם סטרוזש פון מאַגיסטראַט, ער זאָל אים געבן עטלעכע פּעקלעך

נאָוואַקאָווסקי־צעטלען. עס האָט געקומען אַ שפּאַרע ווײַלע ביז וויטשעך האָט אים געבראַכט דאָס פּעקל. געווײַנלעך וואָלט וויטשעך אַליין פאַר־געלייגט צוצוטראָגן דאָס פּעקל צום פּאַן בירגערמײַסטער אַהיים: איצט האָט ער עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש נעבן וועלכן קאָסטעק איז געשטאַ־נען, און נעלם געוואָרן אָן אַ פּאַרנייג, אָן אַפּילו צו זאָגן „צום ווידער־זען, דאָווידזעניאַ״.

וואָס איז דאָ געשען איבער נאַכט?

יאַגאָשאַ האָט דערלאַנגט אַ גוטן מיטיק, אָבער עס איז אים שווער געווען אַראָפּצושלינגען אַ ביסן. ערשט נאָכן אַראָפּלאָזן אַ פּאָר גלעזלעך, האָט אַלץ ווידער געקומען אויסזען ראָז און גוט, אַזוי גוט, אַז ער האָט זיך צוגעלעגט כאַפּן אַ נאָכמיטיק־דרימל. עס האָבן אים אַוודאי געחלומט גוטע חלומות, ווײַל ער איז אַרײַנגעשלאָפן ביז אָוונט.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז קיינער נישט געווען אין דער היים. זיי הוליען שוין אַוודאי בײַ שכנים זײַן ווידערדערוויילן. וואָס איז דאָ צו הוליען? ס'איז נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס לעצטע מאָל, קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי און דאָמבראָווקע זענען אויסגעוואַקסן צוזאַמען און קיינער וועט אַפּילו נישט פּראָבירן זיי צעטיילן. ער האָט אויסגעראַנגלט די גלידער געכאַפּט אויף זיך זײַן וואַרעמע קורטקע און אַוועק אין זײַן מאַגיסטראַט.

דרויסן האָט ער שוין געהערט ווי עס טומלט זיך איגנוייניק. „הוראַ, הוראַ!״ האָט מען געשריגן. פאַר וואָס האָבן זיי נישט געוואַרט אויפן בעל־שימחה? געעפנט די טיר, איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. העגט, אַ סך הענט, האָבן געהויבן דאָס יאַנעקל אין דער הייך, אַראָפּגעשטעלט אים און ווידער אַרויפגעהויבן: „ניעך זשיע, זאָל לעבן דער בירגער־מײַסטער!״

דער בירגער־מײַסטער? דער בירגער־מײַסטער שטייט נאָך בײַ דער טיר!

דער בירגער־מײַסטער, דער נײַער בירגער־מײַסטער... ער האָט מער נישט געהאַט קיין ספק וואָס עס איז געשען. דאָס יאַנעקל איז לײַכט צו הייבן; אים האָט מען קיין מאָל נישט געהויבן, ער איז צו פיל אָסאָבע...

יאַנעק האָט אים דערזען, ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט,

געקומען צו אים און אים אַרויפגעפירט אויבן אָן. דאָס יאַנעקל האָט געפּאַטשט מיט די קליינע הענטעלעך, און עס איז געוואָרן שטיל. „פּאַניע בורמיסטזשו", האָט ער נאָך אַלץ זיך געווענדט צו זײַן געוועזענעם באַ־לעבאָס מיט דעם פֿאַרלוירענעם טיטל, „פּאַניע בורמיסטזשו, אַלץ וואָס איך קען, האָב איך געלערנט פֿון דעם פּאַן. איך האָף, אַז איך וועל האָבן אויך ווײַטער דעם פּאַנס פֿרײַנדשאַפט און פֿאָטערלעכע עצות".

ער איז געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ.

מע האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז בראָנפן, אָבער ער האָט עס נישט גענומען; ער האָט נאָר אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אין דער ברייט, ווי ער וואָלט געהאַט פֿאַרלוירן דאָס לשון, און אַוועק צו דער טיר.

דרויסן האָט דער קילער ווינט אַרײַנגעבלאָזן אַ שוידער אין זײַן גוף. ער האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פֿון זײַן קורטקע, אַרײַנגעצויגן דעם האַלדז און אײַנגעגראָבן דאָס מויל אין דעם וואַרעמען קאָלנער. אַ בראָך צו דאָמבראָווקע. די שטאָט האָט געהאַט אַ פּירער — אַ טאַטע, וואָס האָט געזאָרגט פֿאַר זײַנע בירגערס ווי פֿאַר אייגענע קינדער, אַן אַדמיניסטראַטאָר, וואָס האָט פֿון דעם וויסטן דאָרף געמאַכט אַ שטאָט; איצט וועט מיט דעם שאַלטעווען דעם וויטישן זונס — דעם פּריצעס אַ נעבעכדיק משרתל, און אַלץ וועט גיין צום גרונט.

אייגנטלעך דאַרף עס אים אָנגיין ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי. ער האָט דורך די יאָרן זיך צוגעקויפט מער לאַנד, פֿאַרפּלאַנצט מער פֿרוכט־ביימער, ער האָט דאָס גרעסטע פּאָלוואַרק נאָכן פּריץ און דעם גרעסטן סאָד נאָכן גלח. אָבער דאָמבראָווקע וועט מער נישט זײַן וואָס געווען. ער וועט אפשר גאָר פֿאַרקויפֿן אַלץ, אַוועק ווו די וועלט האָט אַן עק, און זאָלן זיי זיך דאָ שלאָגן קאָפּ אין וואַנט, און זאָל גאַנץ דאָמבראָווקע פֿאַרברענט ווערן צוזאַמען מיטן אַלטן פּריץ און נײַעם בירגער־מײַסטער.

פֿאַרבײַגייענגען דאָס מאָנאָפּאָל־געוועלב פֿון בראָנפן, האָט ער געזען ליכט אין די שפּאַרעס פֿון די פֿאַרמאַכטע לאָדנס. דאָס געזעץ דערלויבט נישט צו פֿאַרקויפן אַלקאָהאָל אין אַ טאָג פֿון וואַלן, און ס'איז שוין סײַ ווי נאָך די האַנדל־שעהען, אָבער דער ייִד שימעק האַלט נישט פֿון געזעצן. דאָס ייִדליקל פּלעגט זיך חנפֿענען צו אים און אים געגעבן בראָנפן אָן

געלט; איצט גיט ער אַוודאי בראָנפן דעם נײַעם בורמיסטזש. אַזאַ פֿאַר־רעטערישער ייִד!

ער האָט אַרײַנגעוואָנדערט אין שימעלע אונגערס בראָנפן־געשעפֿט דורך אַ הינטערטיר, ער האָט גוט געקענט דעם וועג. דער שימעק האָט אַרויסגענומען בראָנפן פֿון קעסטלעך און זיי אויסגעשטעלט אויף די פּאָלי־צעס. ווער האָט דאָ אָפּגעליידיקט די פּאָליצעס אין אַ וואָלטאַג? פּשאָקרעוו, זיי הוליען און שיכּורן — זײַנע שונאים. זיי ווילן עס, צו אַל די רוחות, אַלע אויסקרענקען!

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ פּאָליצע, אַראָפּגענומען צוויי גרויסע ליטער־פלאַשן וודקאַ־וויבאָראָווע, דער בעסטער בראָנפן, און אַרײַנגעשטעקט אַ פלאַש אונטער יעדן אָרעם. וועט דער ייִד פֿאָדערן געלט, אָדער ער ווייסט נאָך נישט וועגן אויסגאַנג פֿון די וואַלן? עס וועט אים טײַער קאָסטן אויב ער וועט פֿאָדערן געלט. בירגער־מײַסטער צי נישט בירגער־מײַסטער, קאָן ער נאָך אַלץ שיקן אַ פּאָליציאַנט מאַכן אַ פּראָטאָקאָל און פֿאַרשרײַבן אַ „קאַרע". זײַנע פּאָליציאַנטן קאָנען אַלע מאָל געפֿינען פֿאַר וואָס צו פֿאַרשרײַבן אַ שטראָף...

ער האָט געזאָגט „דאָבראַנאָץ", אַ גוטע נאַכט, און שימעק האָט געענט־פֿערט „דאָבראַנאָץ"; ער איז אַרויס, און דער ייִד איז אים נישט נאָכגעלאָפֿן און געהייסן באַצאָלן. פֿאַר די בירגער פֿון דאָמבראָווקע, איז קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי נאָך אַלץ דער קאָפּ פֿון דער שטאָט.

## XXIII

עס איז געווען ליכטיק אין זײַן הויז און ער האָט געהערט אַ גערע־דערײַ. ער איז איצט נישט געווען אויפֿגעלייגט צו געסט, איז ער אַרײַן אין שײַער, וואָס הינטערן הויז, און זיך אויסגעצויגן אויפֿן שטרוי. די צוויי פלאַשן בראָנפן האָט ער אײַנגעקלעמט צווישן די פֿיס, זיי זאָלן אין דער פֿינצטער נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן אין שטרוי.

ווען ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די צוויי פלאַשן פֿון דער פּאָליצע אין דעם בראָנפן־געשעפֿט, האָט ער זיך געאײַלט, דער טײַוול ווייסט פֿאַר וואָס. אויב מע קויפֿט עכטן מאָנאָפּאָל־בראָנפן, דאַרף מען אַ קוק טאָן

אויף די לאַקזיגלען. ער דערמאָנט זיך נישט, ער זאָל האָבן געזען אויף די פלאַשן די רויטע מאַנאָפּאָל־זיגלען. אפשר זענען דאָס נאָר פלאַשן פון „וויבאַראָווע", אָבער דער ייִד האָט אַריַינגעגאָסן אין זיי אַליין־געמאַכטן בימבער? די ייִדן זענען שווינדלערס, ווייסן אַלע.

ער האָט אויפגעהויבן אַ פלאַש, אַ קלאַפּ געטאָן אין באָדעם און דער פּראָפּן איז אַרויסגעפלויגן. דער ריח איז גוט, דער ריח איז דערקוויקנדיק. ער האָט אַ בייג געטאָן די פלאַש צום מויל — אויך דער טעם איז גוט און דערקוויקנדיק. עס האָט אָפּגעטראָטן די שווערקייט פון זיַין גוף, עס איז אים לייַכטער געוואָרן אין אַלע אברים. ניין, דער ייִד וועט נישט האָבן די חוצפּה צו באַשווינדלען דעם סאַמע בירגער־מייַסטער.

ער האָט בדעה געהאַט נאָר צו פאַרזוכן פון דער פלאַש, אָבער אַז דער פּראָפּן איז אַרויסגעפלויגן און ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן אין דער פינצטערניש, גיי שטעל אַוועק אויפן שטרוי אַן אָפענע פלאַש. „וויבאַראָווע" גיסט מען נישט אויס אין שטרוי.

איז „וויבאַראָווע" טאַקע ווערט מער ווי סתם מאַנאָפּאָל־בראָנפן? נאָך די ערשטע פּאָר שלוק האָט ער געטראַכט, אַז יאָ, אָבער ווען ער האָט געטרונקען מער, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז בראָנפן איז בראָנפן, „וויבאַראָווע" צי נישט. ער איז געקומען צו נאָך עטלעכע אויספירן: עס איז לייַכט צו זיַין אַ באַלעבאָס איבער אַ גרויסער ווירטשאַפט, ווען אַנדערע טוען די אַרבעט; ווען דער הויף שטעלט צו די בעסטע פערד און די נייַסטע מאַשינען.

ווען די פּויערים, די כאַמעס, נישט וועלן מער צעאַקערן זייַן פעלד, ווען ער וועט מער נישט זיצן אין מאַגיסטראַט? זיי האָבן דאָך געזאָגט, אַז זיי טוען דאָס ווי גוטע שכנים, ווי גוטע פרייַנד, ווי נאָענטע קומעס. עט, נאַרישקייטן, ער איז נאָך אַלץ אַ קום, אַ שכן און אַ פרייַנד. מענטשן וואָס באַאַרבעטן זייַנע פעלדער שוין אַזוי פיל יאָרן, וועלן עס ווייַטער טאָן. אַ גאַנצע שטאָט מענטשן וועלן זיך נישט פּלוצלינג אויסדרייען צו אים מיטן רוקן, אַלע אין איין טאָג.

אפשר איז עס טאַקע נישט קיין „וויבאַראָווע", און אַפילו נישט קיין „מאַנאָפּאָלוווקע", אַניש וואָלטן אַזוי פיל שוואַרצע געדאַנקען נישט געקראָכן אין זיַין קאָפּ, ווי ביטערע ווערעם. ווי איז עס מעגלעך, ער זאָל דאַרפן צאָלן פאַר יעדער זאַך וואָס ער נעמט אין אַ געוועלב, פאַר יעדער אַרבעט

וואָס עמעץ טוט פאַר אים, פאַר יעדער קלייניקייט, פאַר אַלעם ? ! געוואַלד און געשריגן, ווו וועט ער נעמען אַזוי פיל געלט ?

אין בויך איז אים געווען וואַרעם, אָבער די הויט איז אויף אים געריינצלט געוואָרן פון די געדאַנקען, און די פיס האָבן געפרוירן אין די שטיוול. וואָס ליגט ער עפּעס אין שייַער ? ער האָט אַ וואַרעם הויז, אַ בעט מיט אַ פּוכענער דעק, און אַ באָבע, וואָס זאָל אים דערוואַרעמען די ביינער.

ביים אויפשטעלן זיך האָט זיך פאַרגאָסן פון דער פלאַש און דער ריח פון בראַנפן האָט אים ווידער אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז. ער האָט איבערגעלאָזט די פאַרחתמעטע פלאַש אין שטרוי, אָבער די אָפענע האָט ער מיטגענומען מיט זיך.

אין שטוב איז איצט שוין געווען פינצטער, און יאַגאַשאַ האָט שוין געשנאָרכט אין בעט. דער מאַן גייט אַדורך ס׳גיהנום, און זי פּאָפּט ווי אַ קו. ער האָט גענומען אַ דאַרפישע מויד און זי געמאַכט פאַר אַ „פּאַני בורמיסטזשאָוואַ״ ; וואָס האָט זי אים געגעבן דערפאַר ? נאָר קללות. יעדער פּאַרך האָט אַ ווייַב אין בעט, ער האָט אַ שלאַנג. ער קאָן שווערן, אַז זי האָט אויך געשטימט פאַר דעם יאַנעק. אַז דער פּריץ האָט אַזוי געוואָלט... דער פּריץ איז ביי איר, כאָליערע, אַ גאָט.

ער האָט איבערגעקערט די פלאַש און אויסגעזופּט ביז צום באָדעם. ער האָט אַראָפּגעצויגן די שטיוול און געטראַכט : פּשאַקרעוו כאָליערע, אַנדערע ווייַבער...

אַנדערע ווייַבער, וואָס ? ער האָט פאַרגעסן וואָס ער האָט געוואָלט אויספירן. דער ייִד האָט געמוזט אַריינגיסן סם אין דער פלאַש, ער...

וואָס ?

פּשאַקרעוו כאָליערע, ער...

„נעם אַוועק דייַנע געפרוירענע פיס״, האָט יאַגאַ זיך איבערגעוועקט. „אָ, ס׳איז דו ?״ האָט זי ערשט איצט געעפנט די אויגן, „ביסט מער נישט בירגער־מייַסטער, האַ ?״

אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי זאָגט עס זיך צו רייצן מיט אים. „און דו ביסט מער נישט קיין „פּאַני בורמיסטזשאָוואַ׳. אַרויס פון מייַן בעט, סטערווע, גיי צו דער אַרבעט, ביסט צוריק אַ פּראָסטע פּויערטע״.

„האָסט ווידער געזויפֿן, הא? מעגסט שוין אויפהערן, ס'וועט מער נישט זײַן קיין בחינמדיקער בראָנפֿן".

„אַ זאַשע דיר, מײַן טרינקען, און ס'וועט זײַן גענוג בראָנפֿן". ער האָט אויפגעהויבן די ליידיקע פלאַש פון דער ערד און זי צוגעשטעלט צו איר פנים. „וויבאַראַוואַ, אַן איין גראַשן, און כ'האָב נאָך אַזאַ פלאַש".

„דאָס טרינקען האָט דיך אומגליקלעך געמאַכט, דער פאַן פריץ האָט נישט געוואָלט אַ בירגער־מײַסטער אַ שיכּור".

„פון וואַנען ווייסטו אַזוי גענוי, וואָס דער פאַן פריץ וויל און וואָס ער וויל נישט?"

„אַז איך זאָג, ווייס איך".

„ביסט נאָך אַלץ קוצעניו־מוצעניו מיט אים?" האָט ער אויפגעהויבן דאָס קול.

„שרײַ נישט, דו אַלטער נאַר, וועסט נאָך אויפוועקן די קינדער".

„וועמעס קינדער? מײַנע? דײַנע? דעם פריצעס?"

„הייבסט שוין אָן מיט די אַלטע שטיק?"

„פון גאַנץ דאָמברוווקע האָט ער אויסגעקליבן קאָסטעק נאָוואַקאָווסקי צו ווערן וואָיט, און שפּעטער בירגער־מײַסטער; פאַר וואָס דווקא מיך? איצט קאָנסט דו שוין זאָגן דעם אמת".

„ווײַל ער איז געשלאָפן מיט דײַן ווײַב", האָט זי זיך גערייצט מיט אים, „און איצט האָט ער דיך געמאַכט אויס בירגער־מײַסטער, ווײַל דו ביסט געשלאָפן מיט זײַן ווײַב".

„ווער וויל דען שלאָפן מיט דער אַלטער זשידוואָ?"

„ווען דו זויפסט זיך אָן, קענסטו זיך אַלץ אײַנרעדן".

אויסגעפרווּירן זיך אין שײַער, איז געווען אַ מחיה אָנצורירן איר גלײַך לײַב. ער האָט זיך צוגערוקט בענטער, אַרײַנגערוקט אַ האַנט אונטער איר העמד און הנאה געהאַט צו פילן די וואָג פון אירס אַ ברוסט אין זײַן האַנט. פשאַקרעוו, זי האָט שוין באַלד דערוואַקסענע טעכטער און איז נאָך אַלץ אַ באַבע אַ ברען. אָבער דעם ערשטן שמאַנט האָט אַראָפּגענומען דער פריץ, און ווער ווייסט צי נאָר דעם ערשטן. „ביסט געווען מיט אים נאָר איין מאָל, אָדער ער האָט דיך גערופן צו זיך אויך נאָך אונדזער שליוב?"

זי האָט נישט געענטפערט.

„ער האָט דיך אַרײַנגענאַרט, צי ער האָט נאָר אַ װוּנק געטאָן און דו ביסט געלאָפן צו אים אויף אַלע פיר?"

זי האָט װידער נישט געענטפערט. זײַנע הענט האָבן געקנײַפּט איר לײַב און ער איז נישט מיד געוואָרן פרעגן: „האָסט זיך אָפּגעוואַשן אין דער היים איידער ביסט געגאַנגען צו אים, אָדער האָסט גענומען אַ וואַנע אין פּריצעס פּאַלאַץ, און זיך געוואַשן מיט דער פּריצטעס שמעקעדיקער זייף?"

„איך שמעק גוט אָן שמעקעדיקער זייף", האָט זי זיך גערייצט מיט אים.

„ער האָט זיך געשפּילט מיט דיר, אָדער אָפּגעטאָן ס'זײַניקע און דיך אַוועקגעשיקט?"

„נאָר אַ כאַם, ווי דו, טוט עס ווי דו האָסט עס געטאָן, אין דער נאַכט פון אונדזער שליוב".

„ער'ט זיך געשפּילט מיט דיר, האַ?"

„געשפּילט זיך".

„און דיר האָט עס פּאַלוביעט, האַ?"

זי האָט נישט געענטפערט.

„און דײַן מאַן פּאַלוביעט דיך נישט, האַ?"

„מײַן מאַן שטינקט פון בראָנפן און פּלאַפּלט נאַרישע רייד".

ער האָט איר אַ פּליאַסק געטאָן אין פּנים. „אַ מאַן איז אַ מאַן, מיט בראָנפן אָדער אָן בראָנפן".

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן און אַרויסגעשפּרונגען פון בעט.

„וווּהין לויפסטו, אַלטע?"

„די הענט זאָלן דיר אָפּדאַרן, דו כאַם, שיכּור, שלעגער!"

„קום, אַז דײַן מאַן רופט".

„פּאַלוביע זיך אַליין. נעם דיר אַ פלאַש בראָנפן אין בעט אַרײַן און פּאַלוביע זיך מיט דער פלאַש".

„יאַגאַ, יאַגושאַ, קום צוריק".

זי איז אַרויס פון שלאָפשטוב; עס איז ליכטיק געוואָרן אין דער קיך. ער איז אַרײַן אין קיך מיט אַ געבייזער: „צו אַל די רוחות, ס'איז אין מיטן נאַכט". זי האָט צוגעלייגט אַ נאַס האַנטעך צום פּנים.

„ס'איז אין מיטן נאַכט, קום אין בעט אַרײַן".

„האָסט מיר אונטערגעהאַקט אַן אויג".

„איידער דער פריץ וועט ווידער שיקן נאָך דיר, וועט עס זיך אויס־היילן; דער פריץ קומט ערשט אויף פּאַסכע".

„דער פריץ איז געקומען צו די וואַלן, דו נאַר".

„פון וואַנען ווייסטו? דו ווייסט צו פיל וועגן פריץ".

„און דו ווייסט צו ווייניק וועגן דיין אייגן לייב און לעבן".

אין בלויזן שפּאַנצער און גאַטקעס, איז ער אַרויסגעלאָפן אין שייער ברענגען די אַנדערע פלאַש בראַנפן. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז דאָס ווייב שוין געווען צוריק אין בעט, אין דער קיך איז ווידער געווען פינצטער. ער האָט געפונען די שוועבעלעך און צוריק אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. עס איז אים געווען קאַלט, אָבער ער האָט מער נישט געהאַט קיין חשק צוריק־צוגיין אין בעט אריין, און ער איז געווען צו פויל איינצוהייצן אין דער קיך. ער האָט געכאַפּט אויף זיך די קורטקע, וואָס איז געווען אונטערגעשלאָגן מיט שעפּסנפעל, אַרומגעוויקלט די פיס מיט יאַגאָס שווערן ווינטער־פּאַטשויל, און זיך אַוועקגעזעצט מיט דער פלאַש נעבן דער קאַלטער קיך. עס איז אים געווען טרויעריק, און וואָס מער ער האָט געטרונקען, אַלץ טרויעריקער איז אים געוואָרן.

## XXIV

ווען ער איז צוריקגעקומען, איז יאַגאַ שוין טיף געשלאָפן. ער איז צוגעקומען צום בעט מיט דער לאָמפּ אין איין האַנט, און מיט דער אַנדערער האָט ער זי געטרייסלט. זי האָט זיך איבערגעוועקט און שנעל פאַרשטעלט די אויגן מיט בײדע הענט. „משוגענער, לעש אויס".

„כ'וויל דיך פרעגן נאָר איין זאַך".

„נעם אַוועק דעם לאָמפּ, צו אַל די כאָליערעס".

„כ'וויל דיך פרעגן נאַר איין זאַך".

זי האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און אַ בלאָז געטאָן צום לאָמפּ. דער פלאַם האָט אַ ציטער געטאָן און באַלד זיך צוריק אויסגעגלייכט.

„כ'וויל דיך פרעגן נאָר איין זאַך".

„נעם אַוועק דעם לאָמפּ".

„קוק מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און זאָג מיר נאָר איין זאַך".

„שיכּור, זויפער, פּיאַנעץ!"

„נאָר איין זאַך: וואָלאָדעק איז מײַן?"

„ניין, און נעם שוין צו דעם לאָמפּ!"

„דעם פּריצעס?"

„דעם פּריצעס. איצט וועסטו מיך שוין אָפּלאָזן?"

„ביסט געגאַנגען צו אים אויך נאָך דער חתונה?"

זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום לאָמפּ, ער האָט זיי אָפּגעשטופּט: „ביסט געגאַנגען?"

„גיי שוין אַ ראָד געבראָכן. אַוועק פון דאַנען, האָסט געזאָגט נאָר איין זאַך".

„נאָך די איינע זאַך: ביסט געגאַנגען צו אים אויך נאָכן שליוב, יאָ?"

„יאָ".

ער האָט אַוועקגענומען דעם לאָמפּ, אויסגעדרייט זיך, און מיט וואַקל־דיקע טריט אַרויס פון שטוב.

זי האָט שוין נישט געקאָנט אײַנשלאָפן. ווען זי האָט זיך אַ דריי געטאָן אין בעט, האָט זי דורכן פענצטער דערזען, אַז עס לײַכט זיך אין שײַער. דער וויסטער שיכּור וועט נאָך אָנמאַכן אַ שׂריפה. זי איז פויל אַרויס פון בעט, אויפן וועג פון דער קיך געכאַפּט אויף זיך דעם פאַטשיילע און אַ באָרוועסע אַרויס צום שײַער. דער הונט האָט זיך אַ דריי געטאָן אין זײַן בודע און ווײַטער געשלאָפן.

פון ווײַטן האָט זי שוין געהערט אַ געקריץ פון אײַזן; אַרײַנגעקומען אין שײַער, האָט זי געפונען קאַסטעקן בײַ דער שלײַפמאַשין. מיטן פוס האָט ער באַוועגט דעם פּעדאַל אַרויף און אַראָפּ. דער רונדיקער שלײַפ־שטיין האָט זיך געדרייט מיט גיכקייט. ער האָט געשלײַפט די האַק.

„ס'איז אין מיטן נאַכט".

ער האָט ווײַטער געשלײַפט, ווי ער וואָלט זי נישט געהערט.

ערגעץ אין אַ טונקעלן ווינקל האָט אַ מויז געבויערט מיט די ציין אין אַ ברעט; אין דעם אַנדערן עק שײַער זענען די היגער געשלאָפן אויף די שטאַפּלען פון אַ לייטער. נעבן אַרײַנגאַנג האָט דער לאָמפּ, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ נאָגל אין דער וואַנט, געוואָרפן אַ פּאַס רויטן שײַן

אויף אַ שטיינערן ראָד, וואָס האָט געצויגן פײַערפונקען פון אַן אײַזערנער האַק און זיי צעשפּריצט אַרום קאָסטעקס מאָסיווער געשטאַלט.

„ביסט באַזעסן פון טײַוול!" האָט יאַגאַ זיך דערשראָקן און זיך איבערגעצלמט, „ס'איז אין מיטן דער נאַכט!"

ווי ער וואָלט זי נישט געהערט, האָט ער נישט אויפגעהערט שלײַפן. זי איז צוגעגאַנגען נענטער און אים אַ שלעפּ געטאָן בײַם אַרבל; ער האָט דראָענדיק אויפגעהויבן צו איר די האַק. זי האָט ערשט איצט דערזען, אַז ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין בעסטן לײַנענעם העמד און טראָגט די וועסט מיט די אויסגעהאַפטענע בלימלעך. „וואָס האָסטו זיך אויסגעפּוצט ווי צו אַ פּאַנזשעב? מע זאָגט הײַנט נישט קיין מיטנאַכט־מעסע אין קאָשטשאָל, און דו גייסט נישט צו אַ באַל אין הויף. קום אין בעט אַרײַן, קאָסטעק", איז איר קול געוואָרן ווייך, „וועסט אויסשלאָפן דעם בראָנפן, וועט דיר ווערן לײַכטער, קום".

זי האָט אַ וואָרף געטאָן צו אים אַ צוזאָגנדיקן בליק און ווידער פּראָבירט צוגיין צו אים. ער האָט אויפגעהויבן אַ פוס איר אַ קאָפּע צו טאָן, און זי האָט דערזען, אַז ער טראָגט אויך די נײַע שטיוול.

„זוואַריאָוואַל, ער איז משוגע געוואָרן!" האָט זי אַ געשריי געטאָן צו זיך אַליין. ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם פוס צום פּעדאַל און ווידער אַ לאָז געטאָן דאָס שלײַפראָד.

יעזוס מאַריאַ, וואָס טוט מען? אויב דאָס שטרוי וועט זיך נישט אָנצינדן פון די פונקען, וועט ער עס אונטערצינדן מיט דער נאַפטלאָמפּ. „קאָסטעק קאָכאַני, ליבער, מע טרינקט און מע ניכטערט זיך אויס, מע קריגט זיך און מע בעט זיך איבער, אָבער אַז וועסט אַוועקלאָזן אַלץ מיטן רויך..."

ער האָט נישט אויפגעהערט שלײַפן.

„ניכטער זיך אויס, קאָסטעק, יעזו ליבינקער, דו שפּילסט זיך מיט פײַער אין אַ שײַער פול שטרוי. פון וואַנען וועט מען נעמען אויפן שטיקל ברויט? דו ביסט מער נישט בירגער־מײַסטער".

דער שטיין האָט אַ שטאַרקערן קריץ געטאָן אויפן אײַזן פון דער האַק. אַ שטראָם פונקען האָט אַ שפּריץ געטאָן ביז איר, זי האָט זיך דערשראָקן און אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש. ער האָט זיך צעלאַכט: „אַרויס פון דאַנען, נפקא, אַז נישט וועסט דו ברענען די ערשטע".

זי האָט זיך אָוועקגערוקט פון דער שלייַפמאַשין.

„טכויר, פּחדנטע, אַרויס פון דאַנען!"

זי איז געבליבן שטיין נעבן דער טיר.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַק און אויסגעשטרעקט אַ האַנט צום לאָמפּ. „אַרויס, איידער כ׳צעברעך אויף דיר דעם לאָמפּ!"

„קאַסטעק ,דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט, דו ווייסט נישט וואָס דו טוסט. באַזין זיך, קאַסטעק".

„קאַסטעק נאָוואַקאָווסקי ווייסט וואָס ער רעדט און ווייסט שוין גוט וואָס ער טוט. קיינער טאָר זיך נישט אָנהייבן מיט קאַסטעק נאָוואַקאָווסקי, נישט דער פּראַנצעוואַטער שנעק יאַנעק, נישט זייַן באַלעבאָס — דער גיפטיקער שלאַנג אין הויף. האַ, האַ, האַ, קאַסטעק נאָוואַקאָווסקי לאָזט זיך נישט שפּייַען אין דער קאַשע".

„גאָט מייַנער, וואָס רעדסטו? דו שלייַפסט די האַק צו... צו... ס׳איז אין מיטן נאַכט, וואָס דאַרפסטו שלייַפן די האַק אין מיטן נאַכט?"

„איך ווייס שוין צו וואָס איך שלייַף די האַק, און גיי שוין פּאַפּן, אַז ס׳איז אַזוי שפּעט בייַ נאַכט". ער האָט זיך ווידער גענומען צום שלייַפן.

„וועסט פוילן אין קרימינאַל, משוגענער".

„פוילן אין קרימינאַל? זאָל זייַן קרימינאַל, אָבער דער ביטערער טייַוול וועט פוילן טיף אין דר׳ערד. דעם גיפטיקן מוח וועל איך אים שפּאַלטן מיט דער האַק". ער האָט ווידער אויפגעהויבן די האַק און אַ פּאַכע געטאָן אין איר זייַט. זי האָט זיך גענומען צוריקציִען הינטער־ווייַלעכץ.

זי איז שוין געווען בייַ דער טיר, ווען ער האָט אַ שפּרונג געטאָן און איר פאַרשטעלט דעם וועג. „אַ ניין, דו וועסט נישט לויפן וואָרענען דייַן ליובאָווניק! מיט דער האַק וועל איך דיר אונטערהאַקן די פיס איידער דו וועסט שטעלן דעם ערשטן טריט!" ער האָט אויפגעהויבן צו איר די האַק.

זי האָט מורא געהאַט אַ געשריי צו טאָן, זי האָט מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. ער איז געבליבן שטיין קעגן איר מיט דער האַק אין די אויפגעהויבענע הענט, און זיך געקוויקט מיט איר פּחד.

אין איינעם פון די טונקעלע פענצטער אין הויז האָט אויפגעבליצט

אַ פײַערל, עמעץ האָט זיך איבערגעװעקט פון זײַן שרײַען איבער איר. יאַגאַ האָט געזען, װי אינװײניק אין הויז האָט אַ פּנים זיך צוגעבויגן צום פענצטער; באַלד האָט די הויזטיר צום הויף אַ סקריפּע געטאָן. „מאַטקאַ, מאַמע?" ס'איז געװען װאָלאָדעק.

די האַק איז געװען שװער, און זײַנע הענט האָבן גענומען זינקען אַראָפּ. אַ האָן האָט פּלוצלינג אַ קריי געטאָן און אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגל. קאָסטעק האָט זיך געטאָן אַ דריי אויס און אויפגעהויבן די האַק העכער, װי ער װאָלט זיך געפילט באַדראָט פון הינטן. יאַגאַ האָט אויסגענוצט דעם אויגנבליק און אַרויסגעלאָפן. „אַנטלויף, ער איז משוגע", האָט זי געװאָרנט װאָלאָדעקן, װאָס איז אַרויסגעקומען אין שפּאַנצער־הויזן.

„כ'על ענק אַלע אַװעקלייגן, אויך דיך און דײַן ממזר", האָט קאָסטעק געסיטשעט און זיי נאָכגעיאָגט.

װי זי איז געלאָפן, איז דער פּאַטשויל אַראָפּגעפאַלן פון אירע אַקסלען. קאָסטעקס פיס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין דעם געװאַנט, און ער איז געפאַלן.

אַרײַן אין הויז, האָט זי גענומען פאַרקייטלען די טיר פון אינעװייניק. װאָלאַדעק האָט געװאָלט צוריק אַרויסגיין פאַרמאַכן די לאָדנס, עס איז לײַכט אויסצוהאַקן אַ שויב און אַרײַן דורכן פענצטער.

„לאָז אָפּ, װאָלאָדעק, ער װעט זיך באַלד אויסניכטערן".

װאָלאָדעק האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, דער טאַטע איז נאָך געלעגן דאָרט װוּ ער איז געפאַלן. „קום, מאַטקע", האָט ער אַ שלעפּ געטאָן די מוטער בײַ דער האַנט, אַרײַנגעלאָפן מיט איר אין דער פראָנט־שטוב און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

„װאָרט, װאָלאָדעק, ער איז אַזוי װילד, אַז כ'װייס שוין גאָרנישט". זי איז געלאָפן צו די אַנדערע שטובן אויפװעקן אַלע קינדער.

אַלע פאַרזאַמלט אין דער פראָנטשטוב, האָט מען פאַרמאַכט די טיר צו די אַנדערע שטובן און צוגערוקט דעם קרעדענץ צו בלאָקירן די טיר. װאָלאַדעק האָט זיך אַרויסגעשאַרט דרויסן, פאַרקלאַפּט די לאָדנס און פאַרלייגט די אײַזערנע פרענטעס, װאָס האָבן זיך פאַרשלאָסן אינװייניק. װען ער איז צוריק אַרײַן אין שטוב, האָט מען װידער פאַרריגלט און פאַרקייטלט די טיר. יאַגאַ האָט פאַרזאַמלט די קינדער אַרום זיך און זיך באַמיט צו באַרויִקן דאָס יינגסטע, װאָס האָט געװיינט אויף איר שויס.

קאַסטעק האָט זיך אַ גליטש געטאָן מיט די פיס פאָרויס און מיט דעם קאָפּ געפאַלן אויף אַ קופּע שניי, וואָס דער ערב־פרילינג־וועטער האָט פאַראייזט האַרט. ער האָט דערזען פונקען פאַר די אויגן און אַ ווייטיק האָט אַ פלאַם געטאָן איבערן גאַנצן קאָפּ. דאָס אייז האָט אויך געקילט דעם ווייטיק, ער איז געקומען צו זיך און זיך געוואָלט אויפזעצן. ווען די פיס האָבן זיך אַ ריטש געטאָן, האָט ער דערפילט, אַז דער רעכטער פוס שלעפט זיך אָן כוח, ווי איינגעשלאָפן. זיינע הענט האָבן זיך געגליטשט איבער שניי און בלאָטע, ער האָט באַוויזן זיך אונטער־צוהייבן אַ ביסל, אָבער איז גלייך צוריקגעפאַלן. ווי ער האָט זיך גע־ראַנגלט אויפצוזעצן, האָט אַ ווייטיק זיך צעברענט אין דעם איינגעשלאָ־פענעם פוס, צו אַל די כאָלערעס, אַ פראַנצעוואַטער פוס!

ער האָט סוף־כל־סוף באַוויזן זיך אויפצוזעצן, אַראָפּגעבויגן זיך צום פוס און דערגרייכט מיט דער האַנט צום אָרט פון ווייטיק. דער שטיוול איז געווען באַדעקט מיט אַ וואַרעמער קלעפּיקייט, די פאַרשיווע האָק איז, ווייזט אויס, געפאַלן אויפן שטיוול. כאָליערע פּשאַקרעוו, די נייע שטיוול!

ער האָט פּראָבירט זיך אויפשטעלן, איז ער צוריקגעפאַלן צו דער ערד. געפּויזעט, געריטשט זיך אויפן געזעס און, ווי עס איז, זיך דערשלעפּט צוריק אין שייער.

דער פוס מוז זיין געשוואָלן. אַז דער פאַרשיווער שטיוול וועט נישט אַזוי דריקן אויפן געשווילעכץ, וועט דער ווייטיק נישט זיין אַזוי שרעקלעך. ווי נאָר ער האָט פּראָבירט אַ שלעפּ טאָן דעם שטיוול, האָט עס אַזאַ ברען געטאָן אין פוס, אַז די הענט זענען צוריקגעשפּרונגען. ער מוז זען וואָס עס טוט זיך מיטן פוס. ער זיצט אין אַ פייכטקייט — איז עס בלוט?

ווי קאָן ער זען, אַז דער פאַרשיסענער לאָמפּ הענגט אַזוי הויך און דאָס ליכט דערגרייכט נישט ביז זיין פוס? אויב ער וואָלט נאָר געקאָנט זיך אויפשטעלן פאַר איין רגע אַראָפּצונעמען דעם לאָמפּ. „יאַגאַ, אַ שלאַק אין דיינע געדערעם, יאַגאַ!"

„באַבע פאַרשאָלטענע, ווען איך דאַרף דיך, ביסטו קיין מאָל נישט דאָ".

ער האָט באַוויזן זיך צוצורוקן דירעקט אונטערן לאָמפּ, אָבער זיין אייגענער שאָטן האָט פאַרשטעלט די ליכט. עס האָט זיך אים געדאַכט,

ער הערט אַ שאָרך, איז זײַן קול געוואָרן ווייך: „יאַגאָשאַ, קום אַהער, העלף מיר".

ער האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און אויפגעשפּיצט די אויערן — אַ טויט־שטילקייט.

דער האָן האָט ווידער צעריסן די שטילקייט מיט אַ שאַרפן קריי, און אַנדערע הענער האָבן אים געענטפערט. קאָסטעק האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט ווי אַלע הענער וואָלטן זיך פאַרמאָסטן אויף אים.

ער מוז אַראָפּברענגען דעם לאָמפּ נידעריקער צום פוס. אָט דאָרט ליגט דער הייגאָפּל. אויב ער וועט באַוויַיזן זיך צוצורוקן צום הייגאָפּל, וועט עס זײַן לײַכט. אַרײַנשטעכן אַ צאָן פון הייגאָפּל אין אויער פון דעם לאָמפּ, אַראָפּנעמען פון נאָגל און... ער מוז אַרונטערברענגען דעם לאָמפּ.

מיט די קעפּלעך צוגעטוליעט צו דער מאַמעס שויס, זענען די קינדער אין דער פּראָנטשטוב צוריק אײַנגעשלאָפן. וולאַדעק האָט געשפּונען פּלענער ווי אַרויסצולאָטכענען אַ פּאָר זלאָטעס און אַנטלויפן פון דער היים. ער האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ, געשפּיגן און נישט געקאָנט באַשליסן צי ער זאָל דאָס אויסזאָגן דער מאַמען. דער הונט האָט גענומען בילן און נישט אויפגעהערט. בילט ער אויפן אייגענעם באַלעבאָס? האָט יאַגאַ זיך געוווּנדערט, האָט קאָסטעק זיך אויסגעניכטערט און אַוועק?

„מאַטקאַ, דו מיינסט ער איז אַוועק צום הויף?"

„און אַז יאָ? ס'איז נישט אַזוי לײַכט צוצוקומען צום פּריץ".

וולאַדעק איז ווידער פאַרזונקען אין זײַנע טראַכטענישן; בײַ דער מוטער האָבן די אויגן זיך גענומען קלעפּן.

אַ טומל און אַ געדודער איז דערגאַנגען דורך די פאַרהאַקטע טיר און פענצטער. באַלד האָבן פויסטן געהאַמערט אין דער טיר, אַ סך פויסטן. וולאַדעק האָט צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר און באַלד געאײַלט צו עפענען אַלע קייטלען און ריגלען; די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט: „פאַלי שען, ס'ברענט, און זיי ליגן און פּאָפן!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

געהוליעט נעכטן נאָך די וואַלן ביז שפּעט, איז מען הײַנט אויפגעשטאַנען שפּעט. ביז עמעץ האָט דערפילט רויך און ביז מע האָט דערזען

פון וואַנען דער רויך קומט, איז דער שײַער שוין געווען אַרומגענומען מיט פלאַמען, אויף דעם שטאַל, האָט שוין געברענט דער דאַך און אויך דער דאַך פון הויז איז געווען אָנגעזונקט. פײַער־לעשערס האָבן קוים אָפּגעראַטעוועט די בהמות און דאָס הויז. פון שײַער איז געבליבן נאָר אַש, און פון קאָסטעק נאָוואַקאָווסקין — נאָר אַ פאַרקוילטער שקעלעט.

די אַלע לויבערײַען, וואָס קאָסטעק האָט אַזוי געחלשט הערן בײַם לעבן, זענען איצט געפאַלן אויף זײַן טרונע. פון קאַשטשאָל איז די פּראָצעסיע געגאַנגען צום מאַגיסטראַט. דער גלח און דער נײַער בירגער־מײַסטער האָבן נישט געקאַרגט קיין לויבווערטער פאַר דעם „טאַטע פון דאַמברוווקע" און נישט איינער האָט פאַרגאָסן אַ טרער.

אויך קלמן איז געגאַנגען צום פּאַגזשעב. דער פּריץ, וואָס איז אויך געקומען אָפּגעבן כבוד דעם געוועזענעם בירגער־מײַסטער, האָט פון ווײַטן געטאָן צו קלמנען אַ פרײַנדלעכן שאָקל מיטן קאָפּ.

## XXV

נאָך איידער מע האָט באַוויזן צו ווינטשן מתותן מזל־טוב צו דער תּנאָים פון זײַן טאָכטער פריידל, האָט מען געהערט, אַז ער גרייט שוין די חתונה. וואָס איז די אײַלעניש? האָט דער מתות עפּעס אַ צרה וואָס מע מוז שנעל פאַרדעקן? ס'איז שוין איין מאָל צו אים געשען מיט זײַן טאָכטער קיילע...

מע האָט געפרעגט מתותן און ער האָט געהאַט אַ פּשוטן ענטפער:

„ס'גייט צו די ספירה־טעג ווען מע טאָר נישט מאַכן קיין חתונות".

„פון פסח ביז ל"ג־בעומר איז נישט מער ווי אַ חודש, און נאָך ל"ג־בעומר מעג מען שוין מאַכן חתונות".

„פון פסח ביז ל"ג־בעומר איז מער ווי אַ חודש, און צו וואָס וואַרטן, אַז אָדר איז אַ מזלדיקער חודש ווען מע דאַרף מערן די שׂימחות; און פסח צום סדר וועט מײַן פריידל, זאָל זײַן געזונט, שוין האָבן איר אייגענעם מלך".

מתות האָט נישט אויסגעזאָגט, אַז אים אַליין וואָלט נישט אײַנגעפאַלן צו פאַראַווען די תּנאָים און די חתונה אין איין חודש, אַז קלמן וויל

„אַזוי. ווי קאָן ער נישט פֿאָלגן קלמנען, אַז יענער האָט געבראַכט דעם שידוך, גיט דעם נדן און זאָגט צו צו דעקן אַלע הוצאות פֿון דער חתונה.

ווייַבער האָבן זיך אָנגעזעצט אויף ציפּען און געהאַפּט, אַז פֿון דער פֿלאַפּלערקע וועט לײַכט זײַן אַרויסצוקריגן דעם אמת. אָבער ציפּע האָט מער נישט געקלאָגט וועגן „פֿאַרבאָרגענע סודות", זי האָט געהאַלטן אין איין אָפּשפּײַען קעגן אַן עין־הרע, און יעדן געבענטשט און געווונטשן: „אויף אַלע יידישע טעכטער געזאָגט אַזעלכע חתנים, מערצעשעם בײַ ענקערע קינדער".

די חתונה־סעודה האָט באַדאַרפֿט זײַן אין בית־המדרש, האָט קלמן געדונגען סטאָליערס, מע זאָל דאָרט לייגן אַ נײַע פּאָדלאָגע, און ס'איז פֿאַרטיק געוואָרן אין עטלעכע טעג. אַלע חשובע ווייַבער האָבן פּלוצעם זיך גענומען פֿאָרען בײַם צוגרייטן די מאָלצײַט, ווי עס וואָלט, חלילה, געווען אַן אָרעמע יתומה, וואָס גאַנץ קהל מאַכט זי חתונה. מתות און ציפּע האָבן זיך געוואָרפֿן מיט געלט ווי עס וואָלט געוואַקסן בײַ זיי הינטערן אויוון. פּשוטע ווייַבער האָבן געפּליקט די פֿעדערן פֿון די געשחטענע עופֿות, די פֿרומע ווייַבער האָבן אַכטיק געגעבן אויפֿן כשר מאַכן דאָס פֿלייש. די בריות צווישן די באַלעבאָסטעס האָבן אײַנגעטיילט צווישן זיך ווער עס זאָל קאָכן וואָס; אין אויוון בײַ גליקע דער בעקערין האָט מען געבראָטן געגנדז און קאַטשקעס, אויסגעגליט דעם אויוון און געבאַקן לעקעכער און כּלערליי קיכלעך. די ווייַבער האָבן אַליין נישט געוווּסט פֿאַר וואָס זיי האָבן זיך אַזוי צעיאַכמערט, נאָר אַ געניט אויג האָט געקאָנט זען, אַז קלמן דיריגירט מיט אַלץ און אַלעמען. „ס'איז פֿאַר ראָטשילדס אַ טאָכטער אָדער פֿאַר פֿריידל דעם לאָמען מתותעס?" האָט געפֿרעגט אַ נישט־פֿאַרגינער. אָבער ווער האָט דאָס נישט ליב אַ הוליע צו טאָן? איין גאָט ווייסט, אַז ייִדן, מיט זייערע שווערע פּרנסות און ביטערע גזירות, דאַרפֿן אַ שימחהלע נייטיק ווי ס'לעבן.

קלמן אַליין האָט זיך געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער האָט זיך אַזוי צעלאָזט. „עלעהיי אַ טעאַטערשפּיל", האָט ער זיך געענטפֿערט און הנאה געהאַט מער ווי פֿון אַ טעאַטער, און אַפֿילו מער ווי פֿון זײַנע געלונגענע שפּיצלעך.

דער רב איז אַרײַנגעקומען אין בית־המדרש, ווען קלמן איז דאָרט געווען מיט די טישלערס און פּלאַנירט ווי אַזוי אויסצושטעלן די טישן פֿאַר דעם חתונה־מאָל. דער רב האָט אים אָוועקגערופֿן אין אַ זײַט און

אים געזאָגט: „כ׳בין נעכטן געווען אויפן בית־עלמין, בין איך צוגע־גאַנגען צו דײַן זיידנס קבר און אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דו פאַר־נעמסט זיך, ברוך־השם, אויף די וועגן פון דײַנע אָבות״.

דער לחכעיסניק אין קלמנען האָט אים געשטופּט צו זאָגן: כ׳האָב מײַנע אָבות דאָ, ווו זיי זענען — אין דר׳ערד. ניין, ער האָט עס נישט אַרויסגעזאָגט. ער האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן. ער איז אַפילו צופרידן געווען, וואָס דער רב איז צופרידן.

געווען מינוטן, ווען דער גאַנצער גליק־שידוך האָט קלמנען אויסגעזען אַ ביסל צו גוט. דער חתן איז שוין פרײַ פון מיליטער, טאָ וואָס איז די אײַלעניש צו כאַפּן אַ לאָמע מויד? ער וואָלט געגעבן אַ סך מער נדן אויב זיי וואָלטן געפאָדערט. מתות, וואָס האָט פאַרהאַנדלט מיטן חתנס פאָטער, איז אַרויסגעקומען זאָגן, אַז ער האָט פאַרגעלייגט אַ יאָר קעסט און דער מחותּן פאַרלאַנגט דרײַ יאָר. „קלאַפּט צו״, האָט ער געזאָגט מתותן, און פאַרגעלייגט אַ שנעלע חתונה, כּדי זיי זאָלן נישט באַווײַזן חרטה צו האָבן. דער מחותּן האָט זיך אויך געאײַלט און פאַרגעלייגט עס צו מאַכן נאָך פאַר פּסח. איז דאָרט פאַרבאָרגן עפּעס אַ סוד, און זיי האָבן מורא, מע זאָל עס נישט אויפדעקן צו פרי?

מילא. אים גייט דען נאָר אין פריידלען? ס׳איז דאָ נאָך אַ האָפּסל — חיה. נאָך חיהן קומט רייזל, מיט רייזלען וועט עס שוין גיין ווי געשמירט. אַז קלמן קאַליקע נעמט זיך עפּעס אין זײַן ווילדן קאָפּ אַרײַן...

## XXVI

גאַנץ דאָמברוווקע, איז געווען אויף דער גאַס, ווען די בריטשקע מיט די מחותּנים איז אַרײַנגעפאָרן אין שטעטל. לויט ווי דעם חתנס קרובים זענען געווען אָנגעטאָן, האָבן זיי געמוזט זײַן אביונים אין זיבן פּאָלעס. אין דער צווייטער בריטשקע איז געזעסן דער חתן, זײַנע טאַטע־מאַמע, און צוויי ברידער מיט אַ שוועסטער. עס האָט געמוזט זײַן ברידער און שוועסטער, מחמת זיי האָבן אויסגעזען ווי דער חתן. זיי אַלע זענען געווען אויסגעפּוצט „אין עסיק און אין האָניק״. האָט קלמן אויך פאַר דעם באַצאָלט?

וויפל נישט־פאַרגינערס האָבן פּראָבירט זיך קרימען, זענען אַלע געבליבן מיט אָפענע מײַלער, ווען מע האָט דערזען דעם חתן. מיידלעך פון גוטע היימען האָבן זיך נישט געשעמט צו קוקן דורך די פענצטער; מאַמעס פון טעכטער האָבן אויפן קול זיך געווונטשן „הלוואַי נישט ערגער בײַ מײַן קינד". אין דער לאַנגער, שוואַרצער, זײַדענער יובעצע האָט דער חתן אויסגעזען נאָך העכער ווי ער איז געווען. אַ ווײַס לענגלעך פּנים, מיט אַ רויטקייט אויף די באַקן ווי עס וואָלט געווען אָנגעמאַליעוועט מיט אַ פּענדזל. אַן אָנהייב פון אַ ברוינער באָרד האָט געשפּראָצט אויף די קינען און גאָמבע, פון אונטער דעם הויכן שטרײַמל האָבן געגליט טונקל ברוינע אויגן.

בײַם קבלת־פּנים פאַרן חתן, ווען מע האָט גענומען שמועסן אין לערנען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם חתנס קרובים זענען למדנים. געווען צווישן זיי איינער אַ דיין. ווען דער רב האָט עפּעס געזאָגט צו דער סדרה פון דער וואָך, האָט דער חתן צוגעגעבן זײַנס אַ הערה. דאָס איז נאָך געווען פאַר זײַן דרשה און ער האָט שוין אַרויסגעוויזן בקיאות. מע האָט געקאָנט זען, אַז ער האָט געוואָלט זאָגן מער, אָבער ער האָט זיך אַ ביסל פאַרהוסט, אוודאי זיך צוגעקילט אויפן וועג.

דער רב האָט זיך געריבן די הענט פון צופרידנקייט, וואָס אַזאַ טײַערער יונגער־מאַן וועט זיך באַזעצן אין זײַן קהילה. חוץ דעם אַלטן ר' אַהרן, זענען נישט געווען קיין לומדים אין דאָמבראָווקע. דער רוב זענען געווען האָרעפּאַשנע בעלי־מלאָכה, און מײנסטע סוחרים האָבן גע־האַנדלט אויף די מערק, וואָס איז געווען נאָך שווערער ווי אַרבעטן בײַ אַ וואַרשטאַט בײַ זיך אין דער היים. מתּות האָט געהאַפּטלט פון גאַסט צו גאַסט און געווען צופרידן, ווען ער האָט געפונען אַ געלעגנהייט נאָכ־צוזאָגן עפּעס וואָס ער האָט די וואָך געלערנט אין זײַן „חוקל". זאָלן די מחותּנים זען, אַז קיין גאַנצער עם־הארץ איז ער נישט.

דער קבלת־פּנים פאַרן חתן איז געווען בײַם רב אין בית־דין־שטוב; די כּלה האָט מען באַזעצט אין דער ווײַבערשיל. קינד־און־קייט האָבן נאָכגעקוקט ווען מע האָט געפירט די כּלה צו דער שיל. קלמן האָט געהאַט באַשטעלט פאַר איר אַזעלכע שיך בײַ אַ וואַרשעווער ספּעציאַליסט, האָט מען כּמעט נישט דערקענט, אַז זי הינקט אַ ביסל. אַזאַ טײַער ווײַס קלייד מיט אַזאַ קרוין און שלייער האָט מען נאָך אין דאָמבראָווקע נישט געזען.

נאָר די שלימעזאַלניצע ציפּע האָט אַרויפגעטראָטן אויף דער כלהס שלעפּ, אַ שטיק איידל געוואַנט פון ווײַסן טיול מיט קאַלישער שפּיצן, האָט זיך אָפּגעריסן, אָבער די אונטערפירערינס האָבן באַוויזן צו דערכאַפּן דער כלהס אָרעמס; זי האָט, חלילה, געקאָנט פאַלן איבער דער שוועל צו דער ווײַבערשיל און עס וואָלט, גאָט באַהיט, געווען אַ פאַרשטערטע חתונה.

ווי מ'איז זיך נוהג, זענען בײַם קבלת־פּנים פאַרן חתן די בחורים געזעסן בײַם טיש. דערווײַל איז ער נאָך אַ בחור ווי זיי. ערשט ווען עס איז געקומען די צײַט, דער חתן זאָל זאָגן די דרשה, זענען אַרײַנגעקומען אַלע געסט. מתות האָט אײַנגערוימט דעם רב, אַז קלמן איז נאָך אַלץ נישט דאָ און עס איז נישט רעכט, דער חתן זאָל אָנהייבן זײַן דרשה איידער קלמן קומט. דער רב האָט געבעטן דעם שמש אַ קוק טאָן וווּ קלמן איז.

אַלע האָבן אים געזען בײַ טאָג. ער איז געווען אין בית־המדרש און קאָמאַנדעוועט ווי אַזוי אויסצושטעלן די טעלער, גלעזער, וווּ אַוועקצולייגן לעפל־גאָפּל, און וווּ עס דאַרף שטיין אַ זילבערנער לײַכטער מיט ליכט — אַלץ איז געווען אויף זײַן קאָפּ. מע האָט אים געזען בײַ די טישן אין דער ווײַבערשיל איידער דער עולם איז געקומען. מע האָט אים אויך געזען נעבן רבס דירה, און איצטער — נישטאָ קלמן.

מתות האָט געשיקט דעם שמש, ער זאָל פרעגן ציפּען. ער איז צוריקגעקומען מיט גאָרנישט. אָבער באַלד איז רייזעלע געקומען זאָגן דעם טאַטן, אַז קלמן איז בײַ זיך אין דער היים.

דער לעבעדיקער שמועס בײַם טיש האָט זיך איבערגעריסן ווען רייזעלע האָט זיך באַוויזן אין טיר. איז אַזוי שטיל געוואָרן, מחמת אַ מיידל דאַרף נישט אַרײַנקומען אין שטוב פון די מענער? ייִדן לומדים האָבן אַראָפּגע־לאָזט די אויגן צו זייערע בערד און געפּויקט מיט די פינגער אין טיש מיט אומגעדולד. צי די יונגע־לײַט האָבן אויך אַזוי געטאָן איז אַ ספק. אויסגעפּוצט אין אַ שיין קלייד מיט אַ רינגל בלומען אַרום אירע האָר, האָט זי אַליין אויסגעזען ווי אַ כלה. די רביצין האָט זי אַרײַנגעפירט אין דער אַנדערער שטוב. עס איז געווען נאָענט פון בית־המדרש צום רבס דירה, אָבער אויף דער ווילקער גאַס זענען נאָך געשטאַנען די בלאָטעס פון צעגאַנגענעם שניי. רייזלס גלאַנציקע, לאַקירטע, שיכלעך זענען געווען פאַרבלאָטיקט; אַ שפּריץ בלאָטע האָט אויך געקלעפּט אויף

איר קלייד. די רביצין האָט באַוווּנדערט די „שיינע בלום" וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ טונקעלער, אָרעמער שטוב, און געהאָלפן איר אָפּרייניקן איר קלייד און שיך.

מתּות האָט געוואָלט לויפן צו קלמנען, אָבער דער רב האָט אים געזאָגט, אַז עס פּאַסט נישט דער מחותּן זאָל איבערלאָזן די געסט. „בעריש", האָט דער רב צוגערופן זיין זון, „זיי אַזוי גוט, גיי צו צו קלמנען און זאָג אים, אַז מע וואַרט אויף אים. זאָג אים, אַז איך האָב דיך געשיקט".

בעריש איז אַריין אין דער אַנדערער שטוב נעמען זיין מאַנטל ווען רייזל איז אַרויס, און שיִער זיך נישט אָנגעשטויסן אין איר. „כ'וויל נאָר נעמען דעם פּאַלטן", האָט ער זיך פאַרענטפערט און זיך באַגאַסן מיט רויטקייט. „מזל־טוב", האָט ער צוגעגעבן ווען זי איז שוין געווען מיטן רוקן צו אים.

רייזל איז געגאַנגען פּאַמעלעך צוריק צו דער ווייַבערשיל, עס איז שווער געווען אויסצומייַדן די בלאָטעס אויף דער נישט־באַלויכטענער גאַס. „זי ווייסן אפשר ווו קלמן וווינט?" האָט עמעץ זי פאַרהאַלטן מיט אַ פראַגע. זי האָט געוווּסט ווער עס איז נאָך איידער זי האָט געזען זיין פּנים, און געענטפערט: „איך וועל אין ווייַזן".

„זי וועלן ווידער איינריכטן די שיך", האָט ער שעמעוודיק געזאָגט.

„די לויוויטשער גאַס איז ברוקירט", האָט זי געענטפערט און געגאַנגען מיט אים ווייַטער, כאָטש זיי זענען שוין געווען נעבן דעם שילהויף.

די לויוויטשער גאַס איז געווען ברוקירט מיט שטיינער, און עס זענען דאָרט טאַקע נישט געווען קיין בלאָטעס, אָבער אויף דעם אָרט ווו דו ווילקער גאַס האָט זיך פאַרענדיקט, און דער ברוק האָט זיך אָנגעהויבן, איז געשטאַנען אַ טיפע בלאָטע. רייזעלעס אַ פוס האָט זיך אַ גליטש געטאָן און זי וואָלט זיכער געפאַלן, אויב זי וואָלט נישט באַוויזן זיך אָנצוכאַפּן אין בערישעס אָרעם.

זי האָט געוווּסט, אַז אַ חסידישער בחור רירט נישט אָן אַ מיידל, און באַלד אָוועקגעכאַפּט איר האַנט אָבער ע ר האָט גאָר אָנגענומען איר אָרעם און זי אַ ביסל אונטערגעהויבן: „געבן זי אַ שפּרונג אַריבער צום ברוק".



קלמן האָט קוים געגלייבט זײַנע אויגן ווען בעריש דעם רבס און רייזל האָבן זיך ביידע באַוויזן אין זײַן שטוב. ער איז שוין געלעגן אין בעט. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן, פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. אַזאַ חתונה און ער קאָן נישט זײַן דערבײַ. ווען די שליחים זענען שוין געווען בײַ דער טיר אַרויסצוגיין, האָט קלמן צוריקגערופן בערישן און שטיל, רייזל זאָל נישט הערן, אים געזאָגט: „אַ שיינעם שקויעך דעם רב פאַרן שיקן נאָך מיר. אַ קאַליקע קאָן נישט באַשיינען קיין שׂימחה. זאָג עס דעם רב, אַז איך האָב אַזוי געזאָגט".

מתות האָט ווידער זיך געריסן לויפן צו קלמנען, אָבער דער רב האָט אים צוריקגעהאַלטן: „עס שטייט געשריבן אין ספר חסידים ׳רצונו של אדם זהו כבודו׳, מע דאַרף מכבד זײַן אַ מענטשנס ווילן, בפרט ווען מ׳איז אויסן זײַן כּבוד".

דער רב האָט זיך משער געווען פאַר וואָס קלמן וויל נישט קומען. אַז מ׳עט אים פאַרשטעלן פאַר די מחותּנים, וועט מען דאַרפן זאָגן וואָס פאַר אַ שײַכות ער האָט צו מתותן. עמעץ קאָן זיך נאָך אַרויסכאַפּן מיט אַן איבעריק וואָרט, אָדער בייזוויליק אָפּלאָזן אַ סוד, וואָס עס איז געשען צווישן אים און קיילען. געווען באַדאַרפט זיך אָנזעצן אויף אים, ער זאָל שטעלן אַ חופּה מיט קיילען, איידער מע ברענגט אין שטאָט אַרײַן מחותּנים פון דער פרעמד, האָט דער רב זיך פאַרגעוואָרפן.

# XXVII

רייזל און בעריש זענען נאָך געווען אויף יענער זײַט טיר ווען קלמן האָט געריבן איין האַנט אין דער אַנדערער פון צופרידנקייט: „עס אַרבעט, עס גייט אַ גאַנג... מאַריאַ", האָט ער גערופן זײַן קראַנקן-שוועסטער, „ווו ביסטו, סטערווע? ברענג אַרײַן דעם בראָנפן".

מאַריאַ האָט אַוועקגעשטעלט נעבן אים אַ פלאַש „וויבאָראָווע" און אַ גלעזל. זי האָט געוואָלט צוריק אַרויסגיין, אָבער ער האָט זי פאַרהאַלטן: „אַ כּוסע פאַר דיר אויך, ס׳עט דערוואָרעמען דײַנע אַלטע ביינער. דו ווילסט פאַרדינען פינף און זיבעציק זלאָטעס?"

„וואָס ביסטו אַזוי אויפגעלייגט, קאַליקע? ס'איז דאָך נישט דײַן חתונה".

קלמן האָט מער נישט געהייסן אויסלעשן די ליכט. ס'איז געוואָרן אַ טייל פון זייער פאַרשפּיל אַז זיי האָבן געזידלט איינער דעם אַנדערן מיט די ערגסטע זילזולים. ער האָט באַקוקט איר לײַב, אויסגעזוכט אַלע חסרונות און זיי אָנגערופן מיט די מיאוסטע ווערטער. זי האָט אים אויך נישט געשוינט. די נאַכט זענען זײַנע ווערטער געווען מיט מער גיפט און מער פאַרביסנקייט ווי אַלע מאָל.

„פעט ביסטו ווי אַ חזיר. אויב מע וואָלט כאָטש געקאָנט אָפּשנײַדן אַ שטיק און עס אויספּרעגלען מיט אַ ציבעלע, וואָלט עס אפשר געהאָט אַ טעם".

„כ'האָב געמיינט, אַז נאָר דײַנע פיס זענען צעלאָמיעט. אַז דו קענסט שוין קיין טעם אויך נישט פילן, ביסטו שוין אין גאַנצן שמעלץ", האָט זי אים צוריקגעצאָלט מיט זײַן מטבע.

„דו וועסט שוין לאַנג נישט אָנטרײַבן, דו אַלטע זונה. אַלץ הענגט שוין בײַ דיר אַראָפּ. ס'עט דיך אַזוי ציִען אַראָפּ ביז אין דר'ערד אַרײַן. מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט שוין אָנגעהויבן זיך צעפאַלן. דו פילסט נישט דעם ריח פון פוילעכץ?"

„אוודאי פיל איך עס, ס'איז פון דײַן פאַרפוילטן פוס. וואָס עס טוט זיך אין דײַן קאָפּ זעט מען נישט, אָבער ס'איז דאָרט אויך אַלץ פאַרפוילט".

„דאָס ביסטו גערעכט, עפּעס איז נישט אין אָרדענונג מיט מײַן קאָפּ אַז איך צאָל אַזאַ אַלטע קלעמפּע פינף און זיבעציק זלאָטעס. אין צאַרס צײַטן האָט מען דיך שוין געקאָנט קויפן פאַר עטלעכע קאָפּיקעס".

זי האָט אים אַ זעץ געטאָן מיט בײדע פויסטן. ער האָט אַרײַנגעקנײַפּט די פינגערס אין איר לײַב, אַז זי האָט אַזש אַ קוויטש געטאָן פון ווייטיק.

„קוליאַס, קריפּל, צעבראָכענער טאָפּ", האָט זי אים באַוואָרפן מיט זידלערײַען און אים אַזאַ ביס געטאָן, אַז אירע ציין זענען רויט געוואָרן פון זײַן בלוט.

פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן באַנגע טענער פון דער חתונה־מוזיק. ער האָט דערפירט צו דער חתונה, ער האָט באַצאָלט די מוזי־קאַנטן; איצט האָט די דאָרטיקע פריילעכקייט אים גערייצט און געמאַכט

נאָך ביטערער. „שאַ, צעווירן טינופת", האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף איר און איר אַ פּליאַסק געטאָן. „וועסט נאָך זײַן דעם רבס מחותנתטע".

„וואָס האָסטו געזאָגט?"

„טינופת, האָב איך געזאָגט". זײַן קול איז געוואָרן ערנסט און בייז, „כ'האָב געזאָגט: טינופת, טראָג זיך אָפּ פון מײַן בעט".

זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ טייל פון דעם שפּיל, זי האָט זיך צוגערוקט און אַרויפגעוואַליעט אויף אים אַ שטיק לײַב.

„טראָג זיך אָפּ, האָב איך געזאָגט!" האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט כעס און זי אַ שטופּ געטאָן.

זי איז געלעגן אויף משקולת. פון נישט־געריכטן שטופּ האָט דאָס גאַנצע יווירנדיקע לײַב זיך אַ וויג געטאָן און זיך אַראָפּגעקאָלערט פון בעט.

עס האָט גענומען אַ ווײַלע ביז זי איז געקומען צו זיך און זיך גענומען אויפהייבן: „וויסטער פּנים, האָסט מיר שיִער נישט צעבראָכן אַ ביין".

„דײַנע ביינער זענען גוט אַרומגעבעט מיט פעטס", האָט ער בייז געענטפערט און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַז דאָס בעט האָט אַ קרעכץ געטאָן.

„גיי", האָט ער איצט זיך געבעטן בײַ איר. „כ'וויל מער נישט".

„אָבער איך וויל. האָסט אָנגעהויבן, קאָנסטו נישט איצט אַנטלויפן".

„אַהאַ", האָט ער זיך גערייצט. „איצט וועסטו דאַרפן מיר באַצאָלן פינף און זיבעציק".

„זיבן און דרײַסיק און אַ האַלב, דו ביסט נאַר אַ האַלבער מענטש".

„דער האַלבער מענטש וויל דיך אין גאַנצן נישט, אין גאַנצן נישט! דו הערסט וואָס איך רעד, צי נישט?"

זי האָט ערשט איצט זיך געכאַפּט, אַז עס איז מער נישט קיין שפּיל. „פּשאַקרעוו, מיט אַ זשיד ווייסטו קיין מאָל נישט ווו דו האַלטסט". זי האָט גענומען גיין צו דער טיר, אין מיט ווענ זיך אויסגעדרייט און אים געוואָרנט: „אָבער דו וועסט באַצאָלן פאַר הײַנט, באַצאָלן ווי אַ טאַטע, פינף און זיבעציק, אַ גראָשן נישט ווייניקער".

קלמן האָט נישט געענטפערט. זי האָט פאַרהאַקט די טיר היגטער זיך. עס האָט שוין געמוזט זײַן נאָך דער חופּה, די חתונה־מוזיק האָט

איצט געשאָלט מיט פריילעכע טענער, און פון קלמנען האָט זיך גאָר אַרויסגעבראָכן אַ געוויין. עס האָבן זיך געריסן פון אים שלוכצן. עס האָבן געפּלייצט טרערן און ער האָט עס נישט געקאָנט צוריקהאַלטן. ווען עס האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער נישט פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען מיט אים און אַפילו נישט געוווּסט, צי עס איז אים אַזוי שלעכט. אָדער — ווער ווייסט?

## XXVIII

אַ משוגענע נאַכט. לויט דעם וואָס עס האָט זיך אַלץ אָפּגעטאָן אין זיין קאָפּ, האָבן שוין געדאַרפט האָבן אָפּגעלאָפן הונדערטער שעהען, און דרויסן איז נאָך אַלץ פינצטער. אויב עמעץ וואָלט געקאָנט הערן זיינע געדאַנקען, וואָלט מען אים אַריינגעזעצט אין אַ משוגעים־הויז. איין מינוט איז ער געווען גוט ווי אַ מלאך און געוואָלט טראָגן די גאַנצע וועלט אויף זיינע הענט, אין דער אַנדערער מינוט... בעסער דאָס נישט איבערחזרן. איז אין אים פאַרוואָרט געוואָרן יענץ מעשׂהלע מיט דעם דאָקטער דזשעקל און מיסטער הייד? אפשר איז עס גאָר עפּעס גענומען פון אַ מוסר־ספר, דער יצר־טוב און דער יצר־הרע פירן אַ מלחמה איבער אים און ער איז נאָר אַ שפּילעכל, דער אָביעקט פון אַ געראַנגל צווישן אַ גוטן און שלעכטן מלאך? די מוזיק פון דער חתונה האָט שוין אויפגעהערט שפּילן און ער איז נאָך אַלץ נישט איינגעשלאָפן.

נישט איינגעשלאָפן? עס דאַכט זיך אים נאָר אַזוי, דאָס וויינען און דאָס לאַכן, דאָס סיטשען מיט כּעס ווי אַ גיפטיקע שלאַנג און די אַלע גוטע אידייען און איינפאַלן — נאָר אין אַ בייזן חלום קאָן זיך אַזעלכעס אָפּטאָן. אין די פּאָר שעה וואָס ער דרייט זיך אויף זיין בעט, האָט ער: דערשאָסן דעם פּריץ; דערשטיקט בריינדלען; פאַרגוואַלדיקט רייזלען און — אויפגעבויט אַ נייע שיל; געשאַפן אַ גמילת־חסד־באַנק פון זיין אייגן געלט; געשיקט דעם רב קיין מאַריענבאַד נעמען היילבעדער; און... גע־געבן בריינדלען אַ גרויסן נדן און זי התונה געמאַכט פאַר אַ רב.

איצט, אַז עס איז שוין צוריק קלאָר אין זיין קאָפּ, וואָלט ער שוין

אפשר געקאָנט איינשלאָפֿן ,אָבער די כּלבֿטע דרינען שנאָרכט אַזוי הויך, אַז עס זעגט אים אין קאָפּ. ער מוז אַראָפּ פֿון בעט און פֿאַרמאַכן די טיר צו דער אַנדערער שטוב, זי כראָפּעט ווי אַן אַלטע קו.

ער איז אַראָפּ פֿון זײַן בעט, אַריבער די שוועל און באַלד געווען אין איר בעט. זי איז נאָך האַלב געשלאָפֿן און שוין געזאָגט אַ פּרײַז: „הונדערט זלאָטעס".

ער האָט דערפֿילט עפּעס האַרטס, ווי אַ שטיין. אָ, ס'איז אַ זעקעלע מיט מטבעות. ער האָט פֿאַרקלעמט דאָס זעקעלע אין זײַן האַנט און אַראָפּ פֿון איר בעט.

„וועסט פּלאַצן און באַצאָלן אַ הונדערטער", האָט זי אים נאָכגעשריגן.

ער איז אַרײַן אין זײַן שטוב און פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. ער האָט געעפֿנט ס'טאָרבעלע און אַ קוק געטאָן בײַם ליכט פֿון אַן אָנגעצונדן שוועבעלע: רוסישע גאָלדשטיקלעך! ווו האָט זי דאָס גענומען? האָט זי אויך געקליבן אונטער די חורבות פֿון זײַן אײַנגעפֿאַלן הויז? האָט זי געגנבֿעט דאָ אין שטוב איידער מתוּת האָט באַוויזן אַוועקצופֿירן דאָס גאָלד קיין וואַרשע? איז דאָס אַלץ וואָס זי האָט געגנבֿעט?

ער איז שוין געווען צוריק בײַ דער טיר ווען ער האָט זיך מיישבֿ געווען. בײַ טאָג טראָגט זי דאָס אַוודאי אויפֿן האַרץ, פֿאַרשטעקט אונטער אין ריזיקן ביוסט. ווען זי וועט אויפֿשטיין, וועט זי זוכן דאָס זעקעלע. ער וועט זי לאָזן זוכן, זאָל זי קומען צו אים פֿרעגן...

ער האָט קוים באַוויזן צוריק אַרײַנצושאַרן די מטבעות אין זעקעלע ווען ער האָט געהערט, אַז עס רודערט זיך אין איר צימער. שטיל האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער טיר און זי אויפֿגעפּאַרלט. מיט אַן אָנגעצונדן ליכט אין דער האַנט האָט זי געזוכט אונטער איר בעט.

ער האָט געמיינט זי וועט זיך פֿאַרשעמען, אָבער זי האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ צו אים און אים אַ פֿרעג געטאָן: „מײַן טאָרבעלע?"

ער איז געוואָרן פֿריטשמיעלעט פֿון איר אומפֿאַרשעמטקייט און נישט געענטפֿערט.

זי איז אויפֿגעשפּרונגען מיט אַ געשריי: „מײַן טאָרבעלע מיט גאָלד!"

„גאָלד?" האָט ער זיך געמאַכט נאַיִוו, „ווו האָסטו גענומען גאָלד?"

„דו האָסט עס גענומען. שוין זאָלסטו מיר צוריקגעבן מײַן גאָלד, דו ראָבושניק!"

„ווּ האָסטו גענומען רוסישע גאָלדשטיקלעך ?"

„גיב אָפּ, זשיד ס׳איז מײַן, ירושה פון מײַן מאַן. גיב אָפּ מיט גוטן !"

„דײַן מאַן, האָסטו אַליין דערציילט, איז געווען אַ שיכּור און געפּגרט אין אַ הקדש".

זי איז אַרײַנגעלאָפן אין זײַן שטוב, צוגעלאָפן צו זײַן בעט, באַטאַפּט יעדעס שטיקל בעטגעוואַנט, אַרויסגעוואָרפן עס און באַטאַפּט אַן אַנדערס. אירע הענט האָבן זיך באַוועגט פיבערדיק, זי האָט אויפגעריסן די אונ־טערדעק, און די שטוב איז פול געוואָרן מיט פליִענדיקע פעדערן ווי מיט שניי. זי האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס שטרוי פון שעניק און עס צעשפּרייט און באַטאַפּט. זי האָט צוריק אויפגעהויבן די קישנס פון דער פּאָדלאָגע און אויפגעריסן איינס נאָכן אַנדערן. קלמן איז געזעסן אין אַ זײַט און נישט געעפנט דאָס מויל. זי האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס לעצטע צעריסענע קישן און זיך אויסגעדרייט צו אים : „גיב צוריק מיט גוטן, האָב איך געזאָגט !"

קלמן האָט נאָר אַ קרומען שמייכל געטאָן און ווידער נישט געענטפערט. זי איז אַרויסגעלאָפן און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ האַקמעסער. קלמן האָט זיך שוין געגרייט אַ שפּרונג טאָן, אָבער זי איז גאָר צוגעלאָפן צום טיש און גענומען אויפברעכן דאָס פאַרשלאָסענע טיששאַפלאָד.

„כ׳על דיך לאָזן אײַנזעצן אין קרימינאַל", האָט קלמן זי געסטראַשעט.

„איך וויל נאָר וואָס איז מײַן !"

דאָס שלעסל האָט נאָכגעגעבן. זי האָט אַרויסגערוקט דאָס שופלאָד : נאָר פּאַפּירן און פּאַפּירגעלט זי האָט שוין געהאַט פאַרמאַכט און עס צוריק געעפנט. זי האָט אַרויסגענומען געלט און גענומען ציילן אויפן קול. זי האָט אָפּגעציילט פאַר אַ חודש געהאַלט און נאָך פינף און זיבעציק זלאָטעס.

„וויפל מאָל האָסטו דאָס געטאָן ?"

„כ׳נעם נאָר וואָס מיר קומט". זי האָט אויפגעהויבן די האַנט מיטן געלט עס אַרײַנצושטופּן אין בוזעם, געהאַט פאַרגעסן אַז זי איז אין בלויזן העמד. זי האָט פאַרקוועטשט דאָס געלט אין דער האַנט און געגענט צו קלמנען. „ווּ איז מײַן גאָלד ? גיב מיר אָפּ מײַן גאָלד, דו ייִד־גנב !"

„אויב ס׳איז דײַן, קאָנסטו עס אָפּנעמען דורך דער פּאָליציי".

„דו האָסט עס אויף זיך", האָט זי אַ געשריי געטאָן און זיך אַ שטרעק

געטאָן צו אים. ער האָט געכאַפּט אַ בענקל און עס אויפגעהויבן קעגן איר ווי אַ שוץ.

מאַריאַ איז צוריקגעלאָפן צום טיש, געכאַפּט דאָס האַקמעסער און עס אויפגעהויבן מיט דראָונג: „גיב צוריק דאָס געלד, אַז נישט, וועט זײַן מײַן טויט און דײַן טויט!"

„כ'על עס אײַנלייגן בײַ דער פּאָליציי. ווער עס וועט באַווײַזן אַז ס'איז זײַנס, וועט עס קריגן".

„דו וועסט קריגן פון מיר דעם טויט, נישט קיין געלד", האָט זי געסיטשעט, „איך..."

מע האָט געקלאַפּט אין דער דרויסנדיקער טיר. „עפן, ס'איז פּאָליציי", האָט קלמן גערופן צו איר.

„וועסט מיך נישט אָפּשרעקן, זשיד, קיינער האָט נישט גערופן די פּאָליציי". זי האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס האַקמעסער און געוואַרט. עס האָט זיך געהערט נאָך אַ שוואַכער קלאַפּ אין טיר און עס איז שטיל געוואָרן. מע האָט געהערט טריט, עמעץ איז אַוועק פון דער טיר און אַרויס אין גאַס. קלמן האָט זיך געטאָן אַ דריי אויס צום פענצטער און אַ זעץ געטאָן מיטן בענקל אין די שויבן. באַלד האָט מתותעס פּנים זיך באַוויזן אין פענצטער.

„פּאַניע מתות", האָט קלמן געזאָגט אויף פּויליש, „פּאַניע מתות, אויב זי לאָזט אײַך נישט אַרײַן, ברענגט די פּאָלציי".

„כ'על אים אַרײַנלאָזן", האָט זי זיך אָנגערופן און אַוועק עפענען די טיר.

„וואַרט דרויסן", האָט קלמן געבעטן מתותן, „זי סטראַשעט מיט אַ האַקמעסער".

מאַריאַ איז צוריקגעקומען. זי האָט שוין געהאַט אויף זיך אַ קלייד. „וואָס טוט זיך דאָ?" האָט מתות געפרעגט, אַרײַנגעשטעקט די האַנט דורך דער צעבראָכענער שויב און אויפגעקייטלט דאָס פענצטער.

„ער'ט מיך באַראַבעוועט", האָט מאַריאַ געוויזן אויף קלמנען. „מיך פאַרגוואַלדיקט און באַראַבעוועט".

„און שוואַנגער געמאַכט", האָט קלמן צוגעגעבן.

„טאַקע ?" איז מתות געוואָרן פֿריטשמיעלעט.

קלמן האָט מתותן געגעבן אַ צייכן, ער זאָל אַרײַנקומען אין שטוב.

„זאָל דער פּאַן אים זאָגן, ער זאָל מיר אָפּגעבן מײַן גאָלד", האָט מאַריאַ זיך געוואָנדן צו מתותן, ווי נאָר ער איז אַרײַן אין שטוב.

„פּאַני מאַריאַ", האָט קלמן פּראָבירט צוריקברענגען די קראַנקן־שוועסטער צו איר שׂכל. „פּונקט ווי קיינער וועט נישט גלייבן, אַז איך האָב די פּאַני שוואַנגער געמאַכט, וועט אויך קיינער נישט גלייבן, אַז די פּאַני האָט באַהאַלטן צאַרישע גאָלדשטיקלעך פֿון יאָר 1906, גראָד פֿון זעלביקן יאָר וואָס מײַן זיידע האָט באַהאַלטן. די פּאַני ווייסט, אַז דאָ ווו זי האָט גענומען, איז געווען מער, אַ סך מער. איך קאָן רופֿן פּאָליציי און די פּאַני וועט ענדיקן אין קרימינאַל. אָבער איך וועל עס נישט טאָן, אויב די פּאַני וועט מיר זאָגן ווי אַזוי עס איז געקומען צו איר".

מאַריאַ האָט נישט געענטפֿערט.

„אויב די פּאַני וועט זאָגן דעם אמת, וועט די פּאַני קאָנען האַלטן דאָס געלט וואָס זי האָט גענומען פֿון שופֿלאָד".

זי האָט זיך צעכליפּעט.

„ווו האָט די פּאַני עס גענומען ?"

„ווו איך האָב גענומען ס'פּאַפּירגעלט".

„געעפֿנט מיטן האַקמעסער ?"

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„דער פּאַן מתות וועט דער פּאַני העלפֿן פֿאַרפּאַקן אירע זאַכן".

„כ'דאַרף נישט קיין הילף".

„איך דאַרף. איידער די פּאַני וועט עפּעס אַרײַנגלייגן אין איר קויש, וועט עס מוזן אַדורכגיין דעם פּאַן מתותס הענט".

זי איז שוין געווען בײַ דער טיר ווען זי האָט אַראָפּגעשטעלט איר קויש, צוריקגעגאַנגען צו קלמנען און אים געזאָגט מיט אַ שעפּטש, מתות זאָל נישט הערן: „כ'ווייס ווער עס וויל דיך בענדיקן. אַז איך וועל צולייגן אַ האַנט, וועסטו ליגן אין דר'ערד, דו וויסטער, פֿאַרפֿוילטער קריפּל".

אַ סקרוך איז אַריבער קלמנס לײַב. דעמאָלט ווען עס איז אים באַפֿאַלן אַ פּחד פֿאַר דעם פּריצעס שליחים, איז די געפֿאַר, ווײַזט אויס, טאַקע

געוועזן גרויס. ער האָט מורא געהאַט צו נעכטיקן אין האָטעל „בריסטאָל׳, און די סכּנה האָט גאָר געלויערט אויף אים דאָ אין זײַן אייגענער שטוב.

✶

„איר האָט זיך באַוויזן אין פענצטער, ווי גאָט אַליין וואָלט אײַך געשיקט", האָט קלמן געזאָגט מתותן.

„מע גייט אַזוי אַהיים פון דער חתונה, זאָג איך: ווער קען פאַרשטיין דעם אייבערשטנס דרכים? קיינער האָט נישט אַזוי פאַרדינט צו זײַן בײַ דער שׂימחה ווי קלמן, איז ער גאָר קראַנק געוואָרן. ר׳מוז זײַן גוט קראַנק, אַז ער איז געבליבן אין דער היים. רופט זיך אָן מײַן קיילע: ,גוט קראַנק? עמעץ דאַרף גיין זען וואָס ער מאַכט׳. נו, בין איך געגאַנגען, געקלאַפּט אין דער טיר; אַז קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן, האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, אפשר שלאָפסטו. כ׳קום אַרויס אויף דער גאַס — אַ געבראַזג פון גלאָז, און די שויבן אין דײַן פענצטער קראַכן און צעפאַלן זיך".

„און איר, ר׳ מתות, האָט געמיינט, אַז כ׳האָב אויסגעגעבן צו פיל געלט אויף דער חתונה. די חתונה האָט מיר געראַטעוועט ס׳לעבן".

„כ׳האָב קיין מאָל נישט סובל געווען די פעטע כּלבטע".

„און די גאָלדשטיקלעך, וואָס כ׳האָב פון איר צוריקגענומען, באַטרעפן מער ווי אַלע הוצאָות פאַר דער חתונה".

„זאָל דער אייבערשטער דיר טאָקע באַצאָלן גוטס פאַר אַלע דײַנע גוטע מעשׂים, קלמן. קיין עין־הרע, אַזאַ איידעם, אַזאַ חתונה. כ׳ווייס נישט וואָס צו זאָגן, קלמן".

„איר זאָגט, אַז קיילע האָט אײַך געשיקט אַ קוק טאָן וואָס איך מאַך. זי איז שוין נישט ברוגז אויף מיר?"

„כ׳ווייס נישט. זי׳ז אַזאַ פאַרמאַכטע אין זיך, אַז כ׳ווייס גאָרנישט".

„קיילע אַ פאַרמאַכטע?"

„כ׳ווייס, זי האָט ליב צו רעדן. זי רעדט און רעדט, אָבער ווי נאָר מע דערמאָנט דײַן נאָמען, קאָן מען לײַכטער אַרויסקריגן אַ וואָרט פון אַ שטיין".

„דאָך האָט זי אײַך געשיקט זען וואָס איך מאַך".

„ס'איז מיר געווען אַזאַ חידוש, אַז כ'בין געלאָפֿן איבער שטאָק און איבער שטיין. דער אייבערשטער זאָל שוין איר אויך העלפֿן".

„ער'ט העלפֿן, ער'ט העלפֿן. דערוויַיל דאַרף איך, אַז איר, ר' מתות, זאָלט מיר העלפֿן. ביז מ'עט עמעצן געפֿינען, וועט איר דאַרפֿן זיַין ביַי מיר טאָג און נאַכט, איר'ט דאַרפֿן נעכטיקן ביַי מיר".

„אויב דו ווילסט. ביסט מיר ווי אַן אייגענער זון".

## XXIX

ס'איז געווען דער טאָג פֿון די דריטע שבע־ברכות. מתות איז אַוועק עסן מיטן יונגן פּאָרל און זאָגן מיט זיי די עקסטראַ זיבן ברכות ביַים בענטשן. קלמן איז נאָך אַלץ געווען צערודערט פֿון דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן ביַי אים אין הויז אין דער נאַכט פֿון דער חתונה. כאָטש ער האָט שוין געשלאָסן אַ מין וואָפֿן־שטילשטאַנד מיטן פֿריץ, האָט ער נאָך אַלץ אויפֿגעצייטערט ווען עמעץ האָט זיך פֿאַרהאַלטן נעבן זיַין טיר.

„קלמן קאַליקע, דער אַמאָליקער קלמן קאַליקע, האָט אויפֿגעלעבט אין אַ געפֿאַר. דער דאָ, מאַכט אַן פּולע הויזן ווען עס דערנענטערט זיך אַ שאָטן", האָט קלמן זיך פֿאַרגעוואָרפֿן. „יענער קלמן איז אַוודאי געבליבן אונטער די חורבות פֿון הויז, מע האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון דאָרט סתּם אַ קאַליקע..."

אונטער די חורבות פֿון הויז? דער שניי איז שוין צעגאַנגען, מע דאַרף אַוועקשלעפּן דאָס בראָכוואַרג און זוכן, איידער מע הייבט אָן אַרבעטן אויף דעם ניַיעם הויז. מ'עט ווידער דאַרפֿן איַינשפּאַנען מתותן מיט זיַין גאַנץ געזינדל. איצט, אַז ער אַליין וועט שוין קאָנען זיַין דערביַי און אַכטיק געבן, וועט מען שוין מעגן צונעמען אויך אַ פּאָר פֿרעמדע זאָלן העלפֿן.

אַ קלאַפּ אין טיר, ס'איז געווען דער לאַנגער משה. ער דאַרף שוין ווידער אַ הלוואה? אַ מכּה וועט ער קריגן נאָך איין גראָשן. קלמן האָט זיך צוגעריטשט אויפֿשליסן די טיר.

„זעצט איַיך, ר' משה. איר'ט מיר געבערענגט עפּעס אויפֿן חוב?

כ'דאַרף געניטיק האָבן געלט. איר זעט דאָך, אַז כ'בין, קיין עין־הרע, אַ גרויסער בעל־הוצאה".

„דער אייבערשטער וועט אײַך מטיב זײַן, פּאַניע קלמן. הכנסת־כּלה איז אַ גרויסע מיצווה. עס איז אַ גרעסערע מיצווה אויסצוקליידן אַ כּלה ווי אויסצופּוצן אַ שיל, און איר טוט ביידע. הכנסת־כּלה איז פון די מיצוות וואָס מע עסט די פּירות — דאָס מיינט דעם שׂכר, אויף דער וועלט, און דער קרן בלײַבט אויף עולם־הבא".

„ר' משה, איך רעד וועגן עפּעס, ווו איך זע נישט קיין קרן און נישט קיין פּירות. טוט זיך אַ נדר מיר צו ברענגען כּך־וכּך יעדע וואָך, דער חוב זאָל נישט כּסדר וואַקסן גרעסער".

„כ'בין, נישט פאַר אײַך גערעדט, אין אַ שווערן מצב וועגן מײַן לייבל, זאָל געזונט זײַן. קיין עין־הרע אַ בחור אַ בן־תּורה, אַ מתמיד וואָס באַגערט צו לערנען טאָג און נאַכט, און דאָ מוז ער נעבעך זיך אַרומשלעפּן אויף פויערישע וועגענער צו די מאַרקן און יאַרידן און דינגען זיך מיט אַ פּויערטע איבער אַ טעפּל אָדער פּאַטעלניע. כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד — אַ שווערע פּרנסה. און טאָמער איז דאָס נישט גענוג, רוקט אָן דער פּריזיוו. כ'וויל גאָר נישט ברענגען פאַרן מויל וואָס עס קאָן, חלילה, געשען אויב מע זאָל אים, גאָט באַהיט, צונעמען צום מיליטער. זייער טריף עסן וועט ער דאָך נישט אָנרירן, און אַז עס פאַלט אַרײַן צו זיי אַ פרומער בחור, טוען זיי אים אָן צרות־צרורות".

„אויב איר וואָלט מיך געפאָלגט, וואָלט איר שוין געווען אַ געהאָלפּע־נער. כ'האָב אײַך אָנגעשלאָגן אַ גוטן שידוך, איר האָט זיך געבערעקלט, ס'איז אײַך נישט אָנגעשטאַנען דער יִחוס, האָט זי אָן אַנדערער אויסגע־כאַפּט. אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאַר אַ שידוך ר' מתּות האָט געטאָן מיט זײַן פריידלען".

מע זאָגט, אַז די ייִנגסטע טאָכטער איז גאָר אַ יפת־תּואר. זינט דער חתונה הערן די ווײַבער נישט אויף זי צו לויבן. דער קלעזמער, זלמן, האָט בײַ דער חתונה זי צוגערעדט, זי זאָל עפּעס זינגען פאַר דער כּלה, זאָגט מײַן שׂרה־לאה, אַז עס איז געווען וואָס צו הערן".

„כ'האָב אײַך געזאָגט, אַז רייזעלע איז שוין כּמעט ווי אַ כּלה. אמת, מע האָט נאָך נישט געבראַכן קיין טעלער, אָבער איר זעט דאָך שוין, אַז

קלמן רעדט נישט סתם אין דער וועלט אַריַין. יאָ, וואָס שייך זינגען: אַלע מתותעס קינדער זינגען מיט מתיקות".

„מייַן שׂרה־לאה זאָגט, אַז די עלטסטע טאָכטער, די... די וואָס איז אין וואַרשע... געוואָרן דאָרט, זאָגט מען, אַ גאַנצע דאַמע... כ'מיין, זי טוט זיך אָן ווי די וואַרשעווער דאַמעס".

משה האָט געוואָלט זאָגן עפּעס וואָס וועט קלמנען הנאה טאָן צו הערן. קלמן האָט נישט רעאַגירט, נאָר צוריקגעקומען צום זיַיניקן: „וויפל מע זאָגט גוטס וועגן די אַנדערע טעכטער, קומט עס נישט צו חיהלען — זי איז ר' מתותעס דריטע. ווער עס וועט זי קריגן פאַר אַ שנור וועט האָבן אַ סך נחת. און מחותּנים... איר זעט דאָך".

„וועגן דער ייִנגסטער וואָלט איך אפשר גרייט געווען צו רעדן מיט מיַין לייבל".

„ס'וווּנדערט מיך אויף אייַך, ר' משה. ווי מעג מען אַזוי רעדן, אַז זי האָט שוין אַ חתן? וועגן דעם קאָן איך גאָרנישט טאָן. אָבער כ'על אייַך זאָגן וואָס איך קאָן יאָ טאָן. כאָטש חיהלע איז, קיין עין־הרע, ייִנגער און אויך שענער פון פריידלען, בין איך גרייט צו טאָן אַלץ וואָס איך האָב אייַך אַ מאָל געזאָגט: אַ נדן, קעסט און באַפרייַען פון מיליטער".

„איר האָט אויך געזאָגט, אַז דרשה־געשאַנק וועט איר געבן די טויזנט זלאָטעס וואָס ס'קומט אייַך ביַי מיר".

קלמן האָט צוריקגעהאַלטן אַ שמייכל, נישט אַרויסצוויַיזן ווי צופרידן ער איז דאָס צו הערן. עס אַרבעט, עס גייט אַ גאַנג, האָט עס געצאַפּלט אין אים מיט פרייד. אָבער ער האָט גאָר אַ קרעכץ געטאָן: „מילא, אַז כ'האָב געזאָגט, וועל איך מוזן האַלטן וואָרט".

משה האָט זיך אויפגעשטעלט, געוויגט זיך אַהין און אַהער אויף זיַינע לאַנגע פיס און אַריַינגעכאַפּט דעם שפּיץ פון זיַין באָרד אין מויל אַריַין, ווי ער וואָלט פון דער באָרד געוואָלט אויסזויגן אַן עצה. „כ'על עס איבעררעדן מיט מייַן וויַיב", האָט ער סוף־כּל־סוף אַרויסגעקרעכצט. „כ'טראַכט: אויב איר זאָלט מסכּים זיַין אויסצולייגן דאָס געלט צו באַפרייַען לייבלען, וואָלטן מיר מסכּים געווען צו וואַרטן מיט אַ שידוך. און אויב דער שידוך מיט דער רייזלען זאָל נישט אָדורכגיין..."

קלמן האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן. „און אויב ס'וועט יאָ אָדורכגיין, וועט בלייַבן נאָך אַ חוב וואָס וועט קיין מאָל נישט באַצאָלט ווערן, האַ?"

„כ׳בין גרייט מבטיח צו זײַן, און מײַן לייבל וועט אויך אונטערשרײַבן, אָדער כ׳על אײַך, מיטן אייבערשטנס הילף, צוריקגעבן דאָס געלט. איר׳ט דאָך מודה זײַן, אַז מײַן לייבל איז ווערט אַ שיינעם נדן״.

„אָדער ?״

„אָדער, אויב מיר זאָלן, חלילה, נישט האָבן צוריקצוגעבן, מילא, אַז דער אין הימל וועט אַזוי באַשערן... ווי הייסט זי, די דריטע טאָכטער, חיה ?״

„ר׳ משה, מיך האַלט מען דאָך פאַר אַ קל. איך וואָלט נישט געהאַט די יהנדות צו זאָגן אַזאַ זאַך. איר בעט אַ שידוך זאָל קאַליע ווערן, אַ גערעכטע יידישע טאָכטער זאָל פאַרשעמט ווערן. פע, ר׳ משה !״

„כ׳מוז זיך מיישב זײַן מיט מײַן ווײַב״.

„ס׳לייגט זיך נישט אויפן שׂכל, אַז איר האָט עס נאָך נישט איבער־גערעדט מיט אײַערע בני־בית. איר האָט דאָך שוין מודה געווען, אַז ס׳קאָן זײַן אַ באַשערטקייט פון הימל, טוט עס אויף אַ יידישלעכן אופן. וואָס וואָלט איר געזאָגט ווען איך קום צו אײַך און זאָג: ר׳ משה, כ׳האָב אַ שידוך פאַר אײַער לייבלען. דערווײַל וויל מען אים נישט, נאָר אויב קיינער וועט דאָס מיידל נישט וועלן, וועט ער זיך אפשר לאָזן צורעדן...״

„כ׳מוז רעדן מיט לייבלען״.

„ר׳ משה, איר זענט אַ חשוב ביי אונדז אין דאָמברוווקע, און איך וויל נישט איר זאָלט האָבן צו מיר טענות אויב איר וועט ווידער פאַרשפּעטיקן. חיהלע, די איינציקע טאָכטער וואָס ר׳ מתות האָט נאָך אויסצוגעבן, שטייט, ברוך־השם, אין שידוכים, עטלעכע שידוכים. מיר קלויבן, ר׳ משה. אַ ליאָדע טאָג קאָן דער פּאָסטטרעגער ברענגען אַ בריוו, אַ ליאָדע שעה קאָן אָנקומען אַ דעפּעשע. כ׳מיין נישט, חלילה, אײַך צו סטראַשען. אָבער איר זענט געקומען צו מיר, ממש, אין דער לעצטער מינוט. אַ ייד אַ מאמין דאַרף זען אין דעם די האַנט פון דער השגחה, אַ באַשערטקייט פון הימל״.



צו פריידלס לעצטע שבע־ברכות האָט מען ווידער פאַרבעטן די גאַנצע שטאָט, עס איז געווען אַ טאָפּלטע שימחה — אַ שבע־ברכות און אַ תנאָים. מתותעס חיהלע איז מיט מזל אַ כלה געוואָרן פאַר לייבל דעם לאַנגן משהס.

# XXX

מתות און זײַן גאַנץ הויזגעזינד, חיהלעס חתן צווישן זיי, האָבן װידער געגראָבן אין דעם בראָכוואַרג פון קלמנס אײַנגעפאַלענעם הויז. קלמן איז אויך דאָרט געווען און דיריגירט מיט דער אַרבעט. איציק, פריידלס מאַן, איז אויך געקומען, אָבער ווי נאָר ער האָט פּראָבירט עפּעס אויפהייבן, האָט אים, נעבעך, אָפּגעגאָסן אַ שווייס. ער איז נאָך אַלץ נישט איבערגעקומען די פאַרקילונג וואָס ער האָט געבראַכט צו דער חתונה און האָט אַ סך געהוסט. קלמן האָט צוגערעדלט זײַן ווײַבעלע צו פריידלען:

„פריידל, דײַן מאַן געפעלט מיר נישט, דו גיסט אים נישט צו עסן?"

„מיר געפעלט ער. ער געפעלט אַלעמען, קינעהאָרע. מ'איז מיך געגנוג מקנא".

„געפעלן געפעלט ער מיר אויך. אָבער זײַן הוסטן געפעלט מיר נישט. גיב אים מילך, שמאַנט, פּוטער, אייער, פון שענסטן און פון בעסטן גיב אים".

„דו מיינסט, כ'קאַרג אים? די חסידישע יִנגעלײַט! נאָר ער לערנט און לערנט, און אַז ס'קומט צום עסן — נאָר אַ לעק און אַ שמעק און שוין".

„אַזאַ הוסט טאָר מען נישט פאַרלאָזן".

„דו זאָגסט מיר? ער הוסט גאַנצע נעכט".

אַ שקאַציש פײַערל האָט אויפגעבליצט אין קלמנס אויגן: „זאָג מיר נאָר, ער טוט נאָך עפּעס בײַ נאַכט חוץ הוסטן?"

פריידל האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט פון דעם האַלדז ביז אַרויף צום בלאָנדן שײַטל, וואָס האָט צוגעדעקט איר אָפּגעשוירענעם קאָפּ. „ניטע, קלמן, מע רעדט נישט אַזוי. מײַן איציק קען זײַן אַ רבי".

„ס'פּאַסט דיר צו זײַן אַ רביצין, פריידל. אויף מיר אַזאַ יאָר, וואָס פאַר אַ גוטע רביצין דו וועסט זײַן. אָבער אין די נעכט קומען די רבנים נישט אָפּ מיטן בלויזן הוסטן. אַניט וואָלטן נישט געווען קיין רבנישע קינדער".

„ס'וועט זײַן, מיטן אייבערשטנס הילף, ס'וועט זײַן", האָט זי געענטפערט און פרום אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, ווי זי וואָלט שוין טאַקע געווען אַ רביצין.

קלמן האָט אַ לאַך געטאָן אין זיך. אויב דער אייבערשטער איז נישט גרייט צו העלפן, בין איך וויליק. פריידל איז נישט קליגער פון קיילען, אָבער אַן עבירה איז זי ווערט.



מתות האָט ווידער אַ מאָל אַדורכגעזיפּט דורך זײַנע פינגער יעדער ביסל בלאָטע און יעדן הויפן אַש. מע האָט טאַקע געפונען נאָך אַ פּאָר מטבעות און אַ זעקעלע מיט צירונג. פון צווישן די אָוועקגעוואָרפענע שמאַטעס האָט מתות צוריק אויפגעהויבן איינע, וואָס האָט זיך געבײַכיקט אויף אַ קופּע מיסט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אַ טאָרבע אָנגעשטאָפּט מיט נאַסע פּוילנדיקע פּאַפּירן. געזען, מתות פּאַרעט זיך מיט אַ פּעקל, האָט קלמן זיך צוגערעדלט צו אים. „פּאַפּירן", האָט מתות אים געזאָגט און געוואָלט עפּעס אַרויסשלעפּן צו ווײַזן קלמנען.

„שלעפּט נישט, עס וועט זיך צעפאַלן". קלמן האָט נאָר אַרײַנגעקוקט אין דער טאָרבע. עס זעט אויס צו זײַן ווערטפּאַפּירן; צי זיי האָבן נאָך עפּעס אַ ווערט, דאַרף מען זען. דער זיידע האָט אויך באַהאַלטן טויזנטער פּאַפּירענע צאַרישע רובלס וואָס האָבן פאַרלוירן יעדן ווערט.



קלמן איז געוואָרן אין כעס ווען מתות האָט אים געזאָגט, אַז קיילע איז צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. „וויפל מאָל האָב איך אײַך געזאָגט, זי זאָל נישט פאָרן?" האָט קלמן זיך געבייזערט, „איך לייג זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו טאָן אַזעלכע שידוכים, און זי וועט אַלץ קאַליע מאַכן. עס פעלט אײַך דאָס שטיקל ברויט, וואָס איר שיקט די טאָכטער דינען בײַ יענעם? סע פּאַסט נישט פאַר די מחותנים".

„זײַן אַ דינסט איז אַן ערלעך פאַרדינט שטיקל ברויט".

„אָבער נישט קיין בכבודיקס".

„די מענטשן זענען גוט צו איר. איבערלאָזן זיי פּלוצלינג איז נישט אָרנטלעך".

„איר גיט איר נאָך גערעכט?"

„כ'האָב זי געבעטן און געבעטן נישט צו פאָרן, אָבער אַז מײַן קיילע שפּאַרט זיך אײַן... און, קלמן, וואָס וואָלטסטו געזאָגט ווען איך לאָז דיך

פלוצלינג איבער? כ׳ווייס, ס׳איז נישט קיין פאַרגלײַך. דו האָסט מיך אויפגעהויבן פון שטויב, און איצט... כ׳דאַרף דיר דען זאָגן וואָס האָסט געטאָן פאַר מיר? ס׳איז טאַקע נישט קיין פאַרגלײַך, אָבער אַ מענטש, אַז מע טוט אים גוטס, ווערט ער צוגעבונדן. כ׳האָב ערשט הײַנט געלערנט אין מײַן ,חוקל׳, אַז כאָטש די מיצרים האָבן געפּײַניקט די ייִדן, טאָר מען נישט פײַנט האָבן אַ מיצרי ווײַל זיי האָבן אונדז אַ מאָל געטאָן גוטס, און מע טאָר נישט וואַרפן שטיינער אין אַ ברונעם פון וועלכן מע האָט אַ מאָל געטרונקען. אַזוי זאָגט די גמרא״.

קלמן האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו פאַרפירן אַ וויכּוח מיט מתותן. ,,וואָס קאָן מען שוין דערוואַרטן פון די נאַראָנים״, איז ער נאָך אַלץ געווען אין כּעס און באַלד זיך אַליין געפרעגט, צי עס גייט אים טאַקע אין לעבן דער כּבוד פון מתותעס מחותּנים?

רוף עס נאַרישקייט, רוף עס אָרנטלעכקייט, אָבער טאַקע ווײַל זיי זענען אַזוי, געטרויט ער מתותן און זײַנע קינדער.

און ער אַליין — איז ער געווען אַ חכם נאָר ווען ער האָט אָפּגעטאָן די ביטערע שפּיצלעך? איז ער אַ נאַר איצט, ווען זײַנע שפּיצלעך מאַכן אַזוי גליקלעך די גוטע, נאַיִווע האָפּסלעך?

ער האָט געניצט אַ סך חכמה, אַ גאַנצע סטראַטעגיע געפירט צו ברענגען צו די צוויי שידוכים. אויב עס זאָל אים געלינגען אויפצובויען דעם גאַנצן טורעם ביזן שפּיץ, וועט עס זײַן אַ קונצשטיק פון טאַקטיק. ער האָט געפירט די פאַרהאַנדלונגען מיט דער דיפּלאָמאַטישער כיטרעקייט פון אַ טיילעראַן. איז כיטרעקייט חכמה?

כיטערקייט קאָן אויך זײַן פּאָזיטיוו, אויב די רעזולטאַטן ברענגען גוטס צו אַלע צדדים. לייבל דעם לאַנגן משהס איז שוין אַ ,,נאַדליטשבאַווע״, ער איז שוין געשטאַנען צום פּריזיוו און באַקומען אַ נומער, וואָס איז העכער ווי די צאָל וואָס מע וועט רופן צו אַקטיוון דינסט, און ער וועט בלײַבן אין דער היים. אויך אײַזיק זעט אויס צו זײַן צופרידן מיט זײַן ווײַב, און וועגן מתותן און זײַנע טעכטער איז דאָך אָפּגערעדט, זיי זענען אַלע אויפן זיבעטן הימל. ער וויל אָפּטאָן אַ בייז שפּיצל און עס קומט אַרויס גוטס. ער זוכט טאָן אַ רשעות, ווי אין די אַלטע גוטע צײַטן, און עס קומט גאָר אַרויס אַ מיצווה.

זענען די אַלטע צײַטן טאַקע געווען גוטע צײַטן?



דער לאַנגער משה איז געקומען צו קלמנען מיט אַ פּלאַן. אויב לייבל וועט אַרײַנלייגן זײַן נדן אין טאַטנס געשעפט, וועט ער ווערן אַ פולער שותּף צום געשעפט. דער שׂכל איז אַזאַ: אין אַ געשעפט פון בלויגעשיר דאַרף מען אַ גרויסן אויסוואַל פון סחורות. אויב צו דעם אַלעם, וועט מען נאָך קאָנען געבן דעם פויער אויף באָרג, ער זאָל עס באַצאָלן ערשט נאָכן שניט, וועט מען פאַרדרײַפאַכן דאָס לייזעכץ.

„איר האָט דאָך געוואָלט, ער זאָל עסן קעסט גאַנצע צוויי יאָר און זיצן און לערנען?״

„דאָס טאַקע בין איך אויסן. מײַן לייבל באַגערט, קיין עין־הרע, צו לערנען און איצט האָט ער מיט וועמען צו לערנען. אײַזיק איז אַ למדן און די צוויי יונגע־לײַט זענען שוין געוואָרן ידידים״.

קלמן איז אַליין געווען איבערראַשט וואָס ער האָט גלײַך מסכּים געווען, און געגעבן דעם לאַנגן משה אַ טויזנטער ווי אַן אַדערויף אויפן נדן, כאָטש די חתונה האָט געדאַרפט זײַן ערשט נאָך שבועות. עס פאַלט לעצטנס אַרײַן צו אים אַזוי פיל געלט; וואָס שפּילט אַ ראָלע אַ טויזנטער?

אין דער טאַרבע מיט צעוווייקטע פּאַפּירן, וואָס מתות האָט געפונען צווישן דעם בראָכוואַרג פון זיידנס הויז, זענען געווען ווערטפּאַפּירן גע־קויפט אין אַנהייב יאָרהונדערט. דאָס זענען געווען וויכטיקע אויסלענדישע אַקציעס און זענען איצט ווערט געווען אַ מטמון. ער איז טאַקע חנאס אייניקל, אָבער ער וועט נישט באַהאַלטן זײַן פאַרמעגן אין שפּאַלט פון אַ בעלקע. אַז מע האָט צו ווייניק, איז יעדע זלאָטע אַ פאַרמעגן. ווען מע האָט אַזוי פיל, האָט דאָס געלט אַ ווערט נאָר אויב מע קאָן דערפאַר קויפן הנאה. פאַר וואָס לייקענען? ער האָט הנאה פון דעם, וואָס ער האָט לעצטנס אָפּגעטאָן. אַלע האָפּסלעך, פון מתותן און ציפּען ביז רייזלען, זענען אויפן זיבעטן הימל. ער האָט הנאה צוצוקוקן ווי זיי פלאַפּלען, לאַכן און שײַנען פון גליק. עס טוט אים אַפילו הנאה, וואָס פריידל פּראָבירט שוין אַרײַנמישן אין אירע רייד אַ לשון־קודשדיק וואָרט און שנײַדט זיך אויף אַ רביצין, כאָטש לויט זײַנע פּלענער, דאַרף גאָר רייזל זײַן די רביצין. יאָ, ער וועט דאָס אויך אויספירן. קלמן קאַליקע פירט אַ גאַנצע שטאָט יידן בײַ דער נאָז, און נישט נאָר יידן — דער פּריץ וועט אויך גיין אין שפּאַן.

# XXXI

קלמן האָט געהאַט געזאָגט דעם פּריץ, אַז ער קאָן אים נישט צוריקגע־בן די וועקסלען אויסגעשטעלט צום זיידן, מחמת דער אמתער יורש איז זײַן טאַטע. ער האָט עס געזאָגט נאָר ווי אַ תּירוץ, אָבער דער פּריץ האָט עס גענומען ערנסט. ער האָט זיך באַראָטן מיט זײַנע אַדוואָקאַטן וואָס צו טאָן, כּדי מע זאָל קאָנען דערקלערן קלמנס טאַטע געזעצלעך טויט. די אַדוואָקאַטן האָבן אים געזאָגט, אַז אַזאַ פּראָצעדור קאָן זיך ציִען יאָרן. עס איז כּדאַי אויסצופאָרשן וואָס עס איז געשען. אויב עס איז אַ פאַל פון אַמנעזיע און דער מאַן האָט בײַ זיך נישט געהאַט קיין שום דאָקומענטן, איז עס טאַקע אַ שווערער ענין, וועט דאָך צײַט זײַן דעמאָלט זיך צו נעמען צו דער געריכט־פּראָצעדור...

דער פּריץ האָט זיי געהייסן אָנהייבן גלײַך די געריכט־פּראָצעדור און גלײַכצײַטיק פאָרשן וואָס עס איז געשען מיט דעם באָרוך שווערדל.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז גאָר נישט געווען אַזוי שווער אויסצוגעפינען. ברוך איז אַראָפּ פון זינען און זיך אַרומגעוואַלגערט אין פאַרשידענע ערטער, ווו מע האָט נישט געוווסט ווער ער איז. עס ווײַזט אויס, אַז מע האָט בײַ אים אָוועקגעגנבעט די מלבושים צוזאַמען מיט אַלע זײַנע דאָקומענטן. ערשט מלחמה־צײַט האָבן די דײַטשן אים אַרעס־טירט. זיי האָבן אַרויסגעקריגן פון אים אַ נאָמען און אַן אַדרעס, אָדער אפשר געפונען בײַ אים אַ פּאַפּיר, ווו עס איז געווען פאַרשריבן. דאָס איז געווען אַן אַדרעס אין וואַרשע, אָבער ווען מע האָט אים געבראַכט אַהין, האָט מען געזאָגט, אַז די פריִערדיקע אײַנוווינערין לעבט שוין נישט זינט עטלעכע יאָר. מע האָט אים אַרײַנגעזעצט אין דעם ייִדישן משוגעים־הויז אויף באָניפּראַטערסקאַ־גאַס, דאָרט איז ער עטלעכע יאָר שפּעטער געשטאָרבן אין טיפער דעפּרעסיע.

דער רב איז געווען גערעכט. דער טאַטע איז נישט אַנטלאָפן פון אים; ער האָט, ווײַזט אויס, געירשנט אַ נייגונג צו מרה־שחורה פון זײַן מאַמען און צוזאַמענגעבראָכן ווען זײַן קינד איז פּאַראַליזירט געוואָרן. אויב דער זיידע חנא וואָלט געהאַט אַזוי פיל שׂכל צו זוכן זײַן זון, וויפל ער האָט געהאַט צו זײַנע געשעפטן, וואָלט אפשר נאָך צײַט געווען עפּעס

צו טאָן. אָבער דער זיידע איז אַליין געווען נישט קיין קליינער מרה־שחורהניק.

דאָס איז דער גרויסער יִחוס, מיט וועלכן ער איז שוין גרייט געווען צו שטאָלצירן? אפשר איז ער אַליין אַ ביסל משוגע? אפשר וועט עס זיך אַריבערטראָגן אויף צו זײַן קינד?

ער וועט זײַן קינד אַרומרינגלען מיט גוטס. ער וועט איבערקערן וועלטן און פאַרהיטן זײַן קינד פון צרות און פון דעפּרעסיע. אפשר וועט עס ירשענען דאָס גוטע, נאַיִווע געלעכטערל פון דער מאַמען? הלוואַי, אַפילו אויב דאָס קומט צוזאַמען מיט איר שׂכל...

ס'וועט זײַן אַ האָפּסל?

דערוויַיל וואַקסט עס נאָרמאַל, ביידע פיסלעך גלײַך.

קלמן האָט זיך צעלאַכט, ער האָט זיך דערמאָנט וואָס דאַמבראָווקער לצים דערציילן וועגן ציפּען און אירע האָפּסלעך. ווען מע האָט ציפּען געזאָגט, אַז איר קינד האָט איין פיסל אַ קירצערס, האָט זי פרום פאַרגלאָצט די אויגן און געזאָגט: „געלויבט דער אייבערשטער, אַז נאָר איינס. ס'האָט דאָך, חלילה, געקאָנט געבוירן ווערן מיט ביידע פיסלעך קירצער".

ווען ציפּע האָט געזאָגט מתותן, אַז דאָס קינד האָט איין פיסל אַ קירצערס, האָט ער געפרעגט: „און דאָס צווייטע?"

„ס'אַנדערע פיסל איז לענגער".

„זעסטו שוין?" האָט מתות זי געטרייסט, „דער אייבערשטער באַוועלט נישט, אַז ער שלאָגט מיט איין האַנט, העלפט ער מיט דער אַנדערער. אַז ער האָט נישט דערגעבן אין איין פיסל, האָט ער דערפאַר געגעבן אַ ביסל מער אין אַנדערן".

און אַז זײַן קינד וועט אַרײַנגעראָטן אין דער באָבע ציפּע מיט איר חכמה?

מיט אַזאַ פאַרמעגן קאָן מען זיך דערלויבן צו זײַן אַ נאַר.

עס איז גאָר נישט אַזוי שלעכט צו זײַן אַ נאַר. אַ שטוב מיט קאַליקעס בײַ דעם מתותן, און זיי זענען מער ביכולת צו זײַן גליקלעך ווי ער מיט זײַן גאַנצער חכמה. זיי זענען באַשענקט מיט אַ טאַלאַנט הנאה צו האָבן פון לעבן, און קיין גרעסערע חכמה איז נישטאָ. ער האָט די ביטערקייט און דעם טאַלאַנט אונטערצושטעלן יענעם אַ פיסל. ווער זאָגט עס, אַז זײַן אַ קאַליע־מאַכער איז מער חכמה ווי זײַן אַ גוטטוער?

# XXXII

די חתונה פון חיהן מיט לייבלען האָט זיך אָנגעהויבן פונקט אַזוי פריילעך ווי פריידלס חתונה, אָבער עס איז געשען עפּעס, וואָס האָט צעשטערט די פרייד. אײַזיק האָט באַקומען אַ שווערן הוסטאַטאַק. ער האָט אַרײַנגעהוסט אין אַ נאָזטיכל און דאָס ווײַסע געוואַנט איז געוואָרן רויט פון בלוט.

צו דער חתונה איז קלמן יאָ געקומען. ער האָט עס דער ערשטער דערזען און איצט שוין פאַרשטאַנען פאַר וואָס עס איז אים אָנגעקומען אַזוי לײַכט צו טאָן אַזאַ „גליק־שידוך". דאָס הוסטן האָט נישט אָפּגעלאָזט, קלמן האָט געשיקט נאָך אַ דאָקטער. דער דאָקטער האָט ... קלמן האָט געשיקט נאָך אַ דראָזשקע און געהייסן פריידלען, זי זאָל איר מאַן אַהיימפירן, כאָטש עס איז נאָך געווען פאַר דער מאָלצײַט.

קלמן איז צו מאָרגנס געקומען מבקר־חולה זײַן אײַזיקן. ער האָט אָוועקגעשיקט פריידלען, ער זאָל בלײַבן מיט אײַזיקן אַליין. „כ'זע דאָך שוין וואָס עס טוט זיך", האָט קלמן געזאָגט, „אָבער כּדי מע זאָל קאָנען טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך צו טאָן, מוז איך וויסן דעם גאַנצן אמת".

אײַזיק האָט דערציילט, אַז די מאַמע, וואָס איז געווען בײַ דער חתונה, איז אייגנטלעך זײַן שטיפמאַמע. די מאַמע וואָס האָט אים געבוירן איז שוין לאַנג אויפן עולם־האמת, געשטאָרבן אויף סוכאָטע ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד. קלמן זעט דאָך שוין, אַז ער האָט אויך געקראָגן „דאָס פּעקל". ער האָט געהאָפט, אַז ווען ער וועט אַוועק פון דער גרויסער שטאָט, וועט האָבן פרישע לופט און גוט עסן... נאָר איין לונג איז אָנגעגריפן, דער אייבערשטער וועט העלפן.

דער דאָקטאָר האָט געהייסן פאָרן קיין אָטוואָצק אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע. פריידל האָט בעסער געוואָלט אַ דירה אין אָטוואָצק. אײַזיק געטרויט נישט די סאַנאַטאָריעס מיט זייער כּשרות, און סײַ ווי וועט קיינער איר אײַזיקן נישט אַזוי „דאַגאָדזשען" און אַזוי אָפּהיטן אים, ווי זי.

קלמן האָט געפרעגט דעם דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר האָט געעצהט, אײַזיק זאָל פאָרן אַליין. היות דער יונגער־מאַן האָט שטענדיק געהעכערטע טעמפּעראַטור, איז ער אַוודאי סעקסועל אַקטיוו מער וויפל עס איז גוט פאַר זײַן געזונט, און כּשרות איז נישט די וויכטיקסטע זאַך. טובערקולאָז

איז לעבנס־געפערלעך און גוט עסן איז אַ רפואה, מעג מען אַלץ. ער וועט האָבן אַ שמועס מיטן יונגער־מאַן און אים וואָרענען, ער זאָל זיך נישט שפּילן מיט קיין פייַער.

קלמן האָט זיך דערמאָנט אין דער מעשה „נישטאָ קיין מציאות". אַ טאַטע האָט געהאַט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן. ער האָט טאַקע געטאָן מיט איר אַ שידוך, אָבער ער איז געווען אין איין שרעק, דער מאַן זאָל זי נישט אַרויסוואַרפן צו מאָרגנס נאָך דער חתונה, דאָס מיידל האָט זיך, נעבעך, באַנעצט אין שלאָף.

צו מאָרגנס נאָך דער חתונה, איז דער פאָטער געלאָפן זען וואָס עס איז געשען. „נו?" האָט ער געפרעגט, ווען די טאָכטער איז אים אַקעגנ־געקומען.

„ס'איז אַלץ אין אָרדענונג", האָט זי אים אָנגעזאָגט די בשורה.

„געלויבט דער אייבערשטער", איז דער טאַטע געווען מלא־שימחה.

„אָבער, טאַטע, קיין מציאות זענען נישטאָ. איך האָב אַ שוואַכע בלאָז, ער האָט אַ שוואַכן מאָגן..."



בייַ דער חתונה איז אויך געשען עפּעס גוטס. קיילע איז געקומען פון וואַרשע אין טאָג פון דער חתונה. עס איז געווען אַזוי פיל צו טאָן. ווידער אַ רייַכע חתונה אויף קלמנס חשבון. „קלמן איז אַ מלאך פון גאָט", האָט רייזל געזאָגט.

„טאַלמען?" האָט קיילע זיך געוווּנדערט, „טאַלמען איז נישט אַזאַ דיטער..."

„זייַ נישט קיין נאַר, קיילע. דאָס אַלץ וואָס ער טוט פאַר אונדז — ער טוט עס נישט פאַרן טאַטן, ער טוט עס נישט פאַר פריידלען אָדער חיהן".

„ניין?"

„ניין".

„דער טאַטע טוט זאַכן פאַר אים, טוט ער צוריק".

„דער טאַטע אַרבעט פאַר אים און קריגט גוט באַצאָלט דערפאַר. און אַפילו דאָס פאָרן פאַר קלמנען קיין וואַרשע, דער טאַטע איז אַ גלעזער, פאַר וואָס אַ גלעזער פאַר אַזאַ אַרבעט?"

„פֿאַר וואָס ?"

„פֿאַר וואָס ? פֿאַר דאָס !" האָט רייזל איר נאָכגעקרומט מיט אומגעדולד. „ער איז נישט פֿאַרליבט אין טאַטן..."

„טאַלמן פֿאַרליבט ? טאַלמן איז אין טייַנעם נישט פֿאַרליבט".

„קיילעשי, זייַ נישט קיין נאַר. ער גיט דאָך אויס אויף אונדז פֿאַרמעגנס, דו ווייסט ? ער גיט אַ סך געלט צדקה ; דו מיינסט ער גיט עס, מע זאָל אים רימען ? ער גיט דאָס געלט דעם טאַטן, עס זאָל הייסן, אַז דער טאַטע האָט עס געגעבן. אין דאָמבראָווקע מיינט מען, אַז דער טאַטע איז אַ מיליאָנער".

„ער האָט ליב דעם טאַטעשי".

„ער טוט עס נישט פֿאַרן טאַטעשי, נישט פֿאַר פֿריידלען און נישט פֿאַר חיהן".

„פֿאַר וועמען דען ?"

„פֿאַר דיר. ער איז גוט צו אונדז אַלע, ווייַל ער האָט דיך נאָך אַלץ ליב".

קיילע האָט גענומען בייַסן דאָס ווייַסע גאָזטיכל אין איר האַנט און מער נישט געזאָגט אַ וואָרט. אַפֿילו בייַ דער חתונה איז זי געזעסן אַליין אין אַ זייַט. די מאַמע האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט זי אַרייַנצוציִען אין אַ שערטאַנץ, רייזל און די כּלה זענען געקומען זי רופֿן, אָבער זי איז געבליבן אַליין פֿאַרזונקען אין אירע מחשבות.

„איידער קיילע פֿאָרט צוריק, וועט זי דאַרפֿן אַרייַנפֿאָרן מיט מיר קיין גאָסטינין", האָט קלמן געזאָגט מתותן און אים געוויזן אַדאָפּטירפּאַפּירן פֿאַר קיילעס יינגעלע.

קלמן האָט געמיינט, אַז מתות וועט אַ שפּרונג טאָן פֿון שׂימחה ; אָבער מתות האָט גאָר זיך געקראַצט הינטער דער באָרד און אַ קרעכץ געטאָן :

„כ'ווייס נישט צי ז'עט וועלן".

קלמן האָט נישט געגלייבט זייַנע אויערן. מתות האָט אַ זאָג געטאָן :

„כ'על באַלד צוריקקומען" און אַרויסגעלאָפֿן.

קיילע איז נישט געווען אין דער היים ; דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז אַרויס זי זוכן.

נאָך איידער מתות איז צוריקגעקומען, האָט זיך געהערט אַ שטילער קלאַפּ אין טיר.

„ווער איז עס?" האָט קלמן געפרעגט.

אַ באַקאַנט מיידליש קול האָט געענטפערט „איך", אַזוי שטיל, אַז ער האָט עס קוים דערהערט.

פריידל? חיה? רייזל? „אַריין, די טיר איז אָפן".

ס'איז געווען קיילע. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען נעבן דער טיר, באַלד האָט זי אַ לויף געטאָן צו קלמנען: „טאַלמען טרוין, כ'האָב דיך אויך ליב. כ'בין דעווען בייז, אָבער כ'האָב דיך טיין מאָל נישט אויפדעהערט ליב צו האָבן", האָט זי אַרויסגעהעשעט אין איין אָטעם און זיך צעוויינט.

זי האָט אים אויך ליב? קלמן האָט זיך שיִער נישט צעלאָכט. ווען האָט זי זיך אָנגעהויבן אײַנרעדן, אַז ער האָט זי ליב? זײַן האַנט האָט, ווי פון זיך אַליין, אויפגעהויבן זיך צו אירע האָר. ער האָט איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ: „שאַ, וויין נישט. אוי, וואָס דו ביסט אַדורכגע־גאַנגען. וויין נישט, ס'עט דיר נאָך גוט זײַן".

„אוי, וואָס דו ביסט אַדורכדעדאַנדען", האָט זי געזאָגט און זיך אויסגעווישט די אויגן. „כ'בין דעווען בייז אויף דיר, אָבער ווען כ'האָב דעהערט וואָס ס'איז דעשען מיטן הויז, מיט אַלעם, האָב איך דעמיינט כ'שטאַרב".

„און נאָך דעם האָסטו אַפילו נישט געוואָלט פאָרן מיט מיר אין איין שליטן".

„כ'וויל נישט רעדן וועדן דעם, לאָמיר טיין מאָל מער נישט רעדן וועדן דעם, דוט?"

„ביסט שענער געוואָרן אין וואַרשע".

„כ'בין אַרײַן אַזוי' פון דאַס, דאַרפסט זען ווען כ'טו אָן דעם טאַסטיום מיטן הוט. כ'האָב אַ הוט מיט אַ פעדער".

„מע זאָגט, ביסט געוואָרן אַ וואַרשעווער דאַמע".

„כ'אַרבעט אין אַ רײַך הויז, כ'האָב זיך אויסדעלערנט אַ סך זאַכן".

„האָסט זיך אויסגעלערנט שיין אָנטאָן".

„מײַן מאַדאַם דעט מיר אירע זאַכן. דו ווייסט, אַז כ'טען בייען, כ'מאַך אַלץ צו רעכט. אַז די מאַדאַם 'עט הערן..."

„פאָרסט צוריק? דו קאָנסט נישט צוריקפאָרן. כ'האָב שוין צען מאָל געזאָגט דײַן טאַטן, אַז סע פּאַסט נישט פאַר די מחותּנים, דו זאָלסט זײַן אַ דינסט. מע דאַרף נאָך אַ שידוך טאָן מיט רייזלען".

„כ׳דין נישט, כ׳בין דאָרט ווי אַן איידענע״.

„מ׳אָט מיר דערציילט, אַז דו האָסט געגרייט אַ טיש צו חיהלעס תּנאָים, זעט מען נישט אַזעלכעס בײַם פּריץ אין הויף״.

„אויב איך וואָלט דעהאָט די אַלע זאַכן, וואָס כ׳האָב בײַ דער מאַדאַם, וואָלטסטו דעזען...״

„ווּעסט האָבן, ווּעסט האָבן״.

אירע אויגן האָבן אויפגעשײַנט און איר מראה האָט אויפגעהעלט. איר פּנים האָט אַזאַ פרישקייט — טויזנט מאָל להבדיל צו דער אַלטער ניכפּה, מיט וועלכער ער האָט זיך געהאַלטן אַזוי לאַנג. ברײַנדל האָט האָריקע פּיס, ווי מאַריאַ, אָבער בײַ קיילען זענען די פּיס אַזוי סאַמעטדיק ווי איר פּנים. אוי, קיילע, קיילע, אויב דו וואָלסט געוווּסט וואָס פאַר אַ קאַליקע קלמן קאַליקע איז אויפן קאָפּ!

קיילע האָט דערפילט, אַז קלמן קוקט אויף איר ווי אַ מאָל, האָט זי שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אויך קלמן האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און פאַר אַ ווײַלע פאַרזונקען אין זײַנע מחשבות. ווען ער האָט צוריק אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער געפונען איר בליק אויף זײַן העמד, דאָ וווּ עס האָבן זיך געצייכנט די שפּיצלעך פון זײַנע ברוסטוואָרצלען. ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט און זי אַרײַנגעשטופּט צווישן די קנעפּלעך פון זײַן העמד. זי פלעגט ליב האָבן צו קעמען מיט אירע פינגערס די האָר אויף זײַן ברוסטקאַסטן.

„לאָז אָפּ, טאַלמען״.

„דו ווילסט נישט?״

„כ׳שעם מעך״.

„מ׳אָמער שוין אַ קינד און דו שעמסט זיך נאָך פאַר מיר?״

„מ׳אָט נאָך נישט חתונה דעהאָט. ביז מע טוט אָן דאָס רינדל...״

„לויטן דין מוז עס נישט דווקא זײַן אַ רינגל, מע קאָן אויך חתונה האָבן מיט ,ביאה׳, אַזוי שטייט אין דער גמרא״.

„וואָס מיינט דאָס?״

„דאָס, וואָס אונדז ,אָמער געטאָן׳״.

„ס׳איז נישט שיין אַזוי, כ׳וויל אַ חופּה״.

„אַוודאי אַ חופּה. טאַטע־מאַמע צו ליב, די מחותּנים צו ליב, און ביז דער חתונה... מע מוז נישט וואַרטן אַז מע האָט שוין אַ קינד״.

ער האָט אָפּגעלאָזט איר האַנט און אַרונטער מיט זײַנער אונטער איר קלייד און געגלעט אירע שענקלען.

„ניטע, טאַלמען".

„דײַן הויט איז ווי סאַמעט, איך חלש דיך שוין אויסצוטאָן".

„דער טאַטע טאָן אַרײַנטומען".

„כ'על שיקן דעם טאַטע קיין וואַרשע. קיילעשי, דו געדענקסט ווי גוט עס איז געווען ?"

איר הויט איז געריינצלט געוואָרן ווען ער האָט עס געזאָגט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזאַ פאַרליבטקייט. זי האָט אין דר'ערד זײַן געלט, זי באַגערט זײַן לײַב. די איינציקע וואָס באַגערט זײַן לײַב, און זײַן לײַב ענטפערט. זאָל מתות שוין קומען, ער זאָל אים שוין קאָנען אַוועקשיקן.

## XXXIII

נאָך איידער מתות איז צוריקגעקומען, איז געקומען אַ שליח פון פּריץ. ער איז אין דאָמברוווקע און וויל זען קלמנען מאָרגן צען פרי.

זענען דעם שגצס ווערטער געווען געגוי וואָס דער פּריץ האָט געזאָגט ? אויב דער פּריץ מיינט, אַז מע קאָן קלמנען אַרויסרופן ווי עפּעס אַ פּאַראָבעק און באַשטימען אָן זײַן וויסן די געגויע שעה, קען ער נישט קלמן קאַליקע.

דער שליח איז געווינט זיך צו בוקן צום „ליכטיקן", האָט ער מן־הסתם אַרײַנגעלייגט אין די ווערטער זײַן אייגענעם פאַרכט. דער פּריץ איז קלוג און איצט, ערב דעם פּרעזידענטס וויזיט, וועט ער נישט פּראָוואָצירן קיין מלחמה. פונדעסטוועגן דאַרף מען אַרויסווײַזן שטאָלץ.

קלמן האָט געזאָגט דעם פּריצעס שליח, אַז צען אַ זייגער קאָן ער נישט קומען, ער וועט זיך באַמיִען קומען צווישן עלף און צוועלף, זיכער נישט שפּעטער ווי צוועלף.

ער האָט איצט געדאַרפט מתות זאָל אים פירן אין הויף אַרײַן און אים צוריקברענגען אַהיים. מילא, וועט מתות פאָרן קיין וואַרשע אַ טאָג שפּעטער.



קלמנען איז שווער געווען איינצושלאָפן, די נעכט מיט דער מאַריאַ זענען צוריקגעקומען צו אים ווי קאָשמאַרן. זי איז דאָך נאָך אַ מאָל אַזוי אַלט ווי ער און אַזוי מיאוס, איז ער אויסן געווען זיך אַליין צו באַשטראָפן? ער האָט זי געזידלט מכּלומרשט אין אַזאַ שפּיל, אָבער וואָס ער האָט איר געזאָגט איז נישט געווען קיין סך איבערגעטריבן. אַלע העסלעכקייטן פון איר צעווירעניעם גוף זענען אַרויפגעשווומען אין זײַן זכּרון מיט אַזאַ קלאָרקייט — קלאָרער ווי דעמאָלט, ווען זי איז דאָ געווען. עס האָט זיך אים געגומען דאַכטן, אַז ער פילט נאָך אויף זיך די פײַכטקייט פון איר לײַב און ער האָט חשק געהאַט אויפצוּוועקן מתותן, ער זאָל צוגרייטן הייס וואַסער און זייף זיך אָפּצוּוואַשן.

קלמן קאַליקע, דער רײַכער קלמן קאַליקע, וואָס האָט שווערע טויזנטערס אין די בענק, האָט בערג מיט גאָלדשטיקלעך און ווערטפּאַפּירן, בויט אַן עלעקטראָווניע — אַ גאָלדגראָבן, דער זעלביקער קלמן קאַליקע, וואָס האָט מיט זײַן געלט געקויפט חשיבות פאַר דעם פאַרשעמטן מתות גלעזער און גליק פאַר זײַנע טעכטער, אָט דער קלמן האָט פאַר זיך אַליין געקויפט אַ פּאָר שעה מיט אַ שטיק טינופת פאַר פינף און זיבעציק זלאָטעס.

ער האָט געוואָלט פאַרטרײַבן מאַריאַן פון זײַן דמיון און פּראָבירט אַרויסרופן זכרונות וועגן ברײַנדלען. האָט ער הנאה געהאַט?

הנאה? ס'איז געווען ביטער, להכעיס. זיינע אברים האָבן זיך באַוועגט מיט אַ מין קאָנוווּלסיע, מיט אַ ווילן פון זיך אַליין. ער האָט זיך געראַנגלט מיט איר ווי אין אַ פאַרמעסט אויף לעבן און טויט. כדי עפּעס צו דערגרייכן, אָדער מיטן ציל ווײ צו טאָן?

פאַר יענער נאַכט האָט ער יאָ הנאה געהאַט פון ברײַנדלען. עס איז אים געווען ניחא, וואָס אַזאַ חנעווודיקס איז אַ טייל פון זײַן הויזגעזינד, עס האָט אים געשמייכלט ווען זי האָט געלאַכט פון זײַנס אַ חכמעלע, ווען זי האָט באַוואונדערט זײַן קלוגשאַפט. ווען ער האָט איר געקויפט מתּנות, איז עס נישט געווען קיין כיטרער מיטל זי אַריבערצוגעווינען פון יאָסלען, ער האָט זי באַלוינט פאַר דער יוגנטלעכער פריילעכקייט, וואָס זי האָט אַרײַנגעבראַכט אין זײַן שטוב. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער אויסקוקן, עס זאָל שוין נאַכט ווערן, יאָסל זאָל שוין גיין שלאָפן און ברײַנדל זאָל בלײַבן זיצן מיט אים.

זיי פלעגן־זיצן און שמועסן, שפּילן אין קאָרטן און ווידער שמועסן,

אָבער נאָכן גאַנצן שמועסן, ווען אירע אויגן האָבן זיך גענומען קלעפּן, איז זי אַוועק צו יאָסלען. יאָסעלע גולמס געזונטע פּיס זענען געווען חשובער ווי זײַן געזונטער קאָפּ. ברײַנדלס געטרײַשאַפט צו דעם גולם האָט אים ערשט רעכט באַוויזן מיט וואָס פאַר אַן עקל זי, און אַלע, קוקן אויף אים. האָט דאָס אים געמאַכט אַזוי ביטער?

יעדע גוטע רגע מיט ברײַנדלען איז אָפּגעווישט געוואָרן, איז פאַרפאַלן געוואָרן אונטער די חורבות פון דעם אײַנגעפאַלענעם הויז. אין אים איז נישט געבליבן קיין איין טראָפּן פרייד, קיין שפור וואָס זאָל איצט אים קאָנען וואַרעמען.

דער אָמאָליקער קלמן האָט זיך באַרימט פאַר זיך אַליין, וואָס ער האָט באַוויזן אַרײַנצוגאַרן קיילען אין זײַן בעט. ער האָט אפילו הנאה געהאַט פון דער „חכמה" וועגן „שותּף" יאָסל. משוגע, מטורף! קיילעס לײַב איז געווען פריש ווי באַדעקט מיט טוי, און געבערענגט אַ רייצנדיקן ריח אין זײַנע נאָזלעכער. ס'קאָן זײַן, אַז דאָס איז געווען דער ריח פון אַ גוטער, שמעקעדיקער זייף, אָבער אים דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען דער נאַטירלעכער ריח פון איר יונג, פריש לײַב. ס'איז געווען זומער ווען זי איז געקומען צו אים, אָבער אירע בריסטלעך זענען געווען קיל, כאָטש איר שויס האָט געגליט. ערשט הײַנט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אירע שענקלען זענען ווי בײַ אַ קינד אָן איין האָר, און עס איז געווען אַזוי גוט הײַנט בײַ טאָג ווען ער האָט זיי ווידער געגלעט. האָט ער אַזאַ הנאה געהאַט אויך דעמאָלט, ווען זי האָט זיך אים איבערגעגעבן אין גאַנצן, אָן רעזערוואַציעס און אָן צו פאָדערן עפּעס פון אים? זי איז פול מיט געפיל, קיינער קאָן נישט געבן מיט אַזאַ האַרציקייט ווי קיילע. זי איז אַזוי ווײַבלעך, אַפילו איר כיכיקען האָט חן, אפשר אַפילו איר נאַרישקייט...

אָבער דעמאָלט איז ער געווען אַ פּוסט באַרימעריש יִינגל. עס האָט אים נישט געפּאַסט חתונה צו האָבן מיט איר ווײַל זי האָפּלט אונטער, עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען וואָס זי קאָן נישט אַרויסזאָגן „קלמן". אַבי ער האָט זיך געהאַט אײַנגערעדט, אַז ער פּײַפט אויף דער וועלט. ער איז געווען ווי דאָס קינד וואָס שמירט זיך אויס דאָס פּנים מיט דער אייגענער צואה. אַלע לאַכן און ס'קינד מיינט, אַז... דאָס איז אַ גרויסע חכמה.

גוט, אַז איצטער קען ער שוין זען דאָס אַלץ אין אַזאַ ליכט. דאָס מיינט, אַז ער איז סוף־כּל־סוף אויסגעוואַקסן, און פון דעם מעג ער הנאה האָבן.

שעמען זיך מיט קיילען? זי וועט זײַן די עלעגאַנטסטע דאַמע. ניין, קיילע, דו וועסט זיך מער נישט דאַרפן פּוצן אין עפּעס אַ מאַדאַמס געטראָגענע מלבושים. דו וועסט זיך קליידן אין אויסלענדישן סאַמעט און זײַד, דו וועסט פאָרן אין אַ קאַרעטע. דו וועסט זײַן אַזאַ גרויסע דאַמע, אַז אויב דו וועסט זאָגן „טאַרעטע", וועט עס ווערן אַ מאָדע און אַלע וועלן אָנהייבן זאָגן „טאַרעטע". ער וועט זיך מער נישט רופן קאַליקע, ער וועט זיך רופן טאַלמען און וועט אויפשטעלן אַ פירמע „טאַלמען שווערדל און זון". ניין, „טאַלמען שווערדל און זין", עס וועלן זײַן אַ סך זין, אַ גאַנצע דינאַסטיע. די נישט־פאַרגינערס וועלן נישט לאַכן, זיי וועלן פּלאַצן פון קינאה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט חשק געהאַט זאָגן מתותן: „אײַער קיילע וועט בײַ מיר זײַן אַ קייסערינע". ער האָט זיך נאָך געשלאָגן מיט דער דעה צי ער זאָל אויפוועקן מתותן און עס אים זאָגן, ווען די קאַרעטע האָט זיך פאַרהאַלטן פאַרן הויז. ער, קלמן, איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון דער קאַרעטע, ער האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, קיילע זאָל אים נישט זען, זאָל עס זײַן אַ סורפּריז.

קיילע וואַשט די פּאָדלאָגע? קיילע דאַרף נישט וואַשן קיין פּאָדלאָגעס, זי איז אַ קייסערינע.

פּלוצלינג איז יאָסל געקומען אַרויסצולויפן מיט אַ האַק. ער איז אַ שותף, ער וועט אָפּהאַקן אַ האַלבע קאַרעטע פאַר זיך.

ער האָט אונטערגעשטעלט יאָסלען אַ פוס און דער גולם האָט זיך אויסגעצויגן אַזוי גרויס ווי ער איז. אַ געבראַזג פון גלאָז. איז די האַק געפאַלן אין גלאָז־שענקל, אָדער אין זײַן רעכטן פוס? צו אַל די כאַליערעס! צום גיין טויגן זיי נישט, אָבער צו ברענען — יאָ.

„ס'איז גאָרנישט, קיילע, דער פוס וועט זיך אויסהיילן. קום שוין אַרײַן".

קיילע איז אַרײַן אין דער קאַרעטע, אַ לאָקיי האָט פאַרמאַכט די טיר און ער האָט אַ רוף געטאָן צו מתותן: „פאָרט!"

מתות איז געזעסן אויף דער קעלניע און אָנגעטריבן. דער זיידע חנא האָט געוואָלט איבערנעמען די לייצעס, אָבער מתות האָט געהאַלטן די לייצעס פעסט אין זײַנע הענט. קינדער זענען נאָכגעלאָפן פון הינטן און איבער דער קאַרעטע האָט געדעגנט מיט צאַרישע גאָלדשטיקלעך.

ער גיט אַ קוק, נישט קיילע, נאָר זײַן זיידע הערץ דאַווידזאָן זיצט נעבן אים אין דער קאַרעטע. „מיר פאָרן גלײַך אין הויף אַרײַן", זאָגט דער זיידע, וואָס איז דער אַלטער פּריץ, „מיר פאָרן צוריקנעמען דאָס דאַווידזאָן־גוט פון דעם הולטײַ".

„נאָר אויב קיילע וועט זײַן די פּריצטע".

„ווער דען ?"

„זי לאָמט און טאָן נישט זאָדן טאַלמען".

„,טאַלמען', אַזוי דאַרף מען זאָגן, אַ סימן די פּריצטע זאָגט אַזוי, און אַ פּריצטע ווייסט ווי אַזוי מע דאַרף רעדן. נאָר אָרעמע־לײַט און פּראָסטאַקעס רעדן אַנדערש. דו הערסט, טאַלמען ?"

ער האָט געהערט, אָבער די מאַריאַ האָט אויפגעהויבן אַ האַקמעסער איבער זײַן קאָפּ, און דער פּוס, „געוואַלד, דער פּוס !"

מתות האָט אים אויפגעוועקט. „כ'האָב געשריגן פון שלאָף ?" ס'איז דער פּוס, עס ציט ביז אַרויף צו דער קני".

„זאָל איך רופן דעם דאָקטאָר ?"

„ניין, ס'עט איבערגיין".

מתות איז צוריקגעגאַנגען שלאָפן און קלמן האָט פּראָבירט זיך דער־מאָנען צי ער האָט געזאָגט מתותן, אַז קיילע וועט בײַ אים זײַן אַ קייסערינע.

## XXXIV

דער פּריץ האָט געגעבן קלמנען אַן אָפיציעלן טויטאַקט פון זײַן פאָטער, און געפאָדערט קלמן זאָל אים אַרויסגעבן די אַלטע וועקסלען.

קלמן איז געווען רויִק און גוט אויפגעלייגט, זײַן קאָפּ איז געווען קלאָר, כאָטש ער איז ווייניק געשלאָפן לעצטע נאַכט. ער האָט געטראַכט אַ פּאָר מינוט און באַשלאָסן רעדן אָפענע דיבורים.

„דער ,יאַשני וויעלמאָזשני' און איך האָבןביידע צו פיל פּראַקטיק

אין מיסחר, מיר זאָלן האָפן, אַז איינער וועט ביַים אַנדערן אַרויסקריגן עפּעס פּאַר גאָרנישט״.

„דער פּאַן האָט געבעטן און איך האָב געפּלאַנצט אַ גאָרטן אין פראָנט פון דער שיל״.

„דער פּאַן פּריץ ווייסט, אַז ער קאָן נישט געריכטלעך אַראָפּוואַרפן די שיל, און איך האָב ספקות, צי איך וועל געריכטלעך קאָנען איינמאָנען אַזאַ אַלטן חוב. אָבער פאַר וואָס זאָל איך אַוועקגעבן די וועקסלען פּאַר גאָרנישט ?״

„כ׳וועל זיך נישט לאָזן שאַנטאַזשירן !״ איז דער פּריץ געוואָרן בייז.

„אויב מיר וועלן נישט האָבן קיין געדולד איינער צום אַנדערנס טענות, וועלן מיר קיין סך נישט דערגרייכן. אין דער וועלט פון מיסחר זענען פאַראַן עסקים, פון וועלכע ביידע צדדים קאָנען פּראָפּיטירן״.

„דער פּאַן האָט עפּעס ספּעציפישס אין זינען ?״

„כ׳דאַרף עס נאָך איבערטראַכטן, אָבער אויפן וועג אַהער זענען מיר איינגעפאַלן אַ פּאָר אידייען. למשל, די תּבואה פון פּריצעס פעלדער. מיַין זיידע האָט אַ מאָל געהאַט אַ קאָנטראַקט אָפּצונעמען די גאַנצע תּבואה פון דאָמבראָווקער הויף. איך וועל, פאַרשטייט זיך, צאָלן דעם מאַרקפּריַיז און וועל אפשר אויפבויען אין דאָמבראָווקע אַזאַ גרויסע מיל ווי די מיליקאָווס־קי־מיל אין לויוויטש״.

„דער פּאַן האָט גענוג קאַפּיטאַל אויפצובויען אַזאַ גרויסע מיל ?״

„לאָמיר זאָגן, אַז איך האָב צוטריט צו אַזאַ קאַפּיטאַל, לאָמיר זאָגן־אויסלענדישער קאַפּיטאַל. איך האָב געזאָגט, אַז כ׳וועל אויפשטעלן אַן עלעקטראָווניע, האָב איך געהאַלטן וואָרט״.

„און וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט די וועקסלען ?״

„ווי איך האָב געזאָגט, זענען דאָס אידייען וואָס מע דאַרף ערשט אויסאַרבעטן. לאָמיר זאָגן, אַז אַ פּראָצענט פון יעדן געשעפט וועט גיין אָפּצווווישן די אַלטע חובות״.

„איך אַנערקען נישט קיין שום חובות״.

„איך מיין צו זאָגן, אַז אַ פּראָצענט פון מיַין זיַיט, לאָמיר זאָגן: פון מיַינע רווחים, וועט גיין אויפן חשבון פון די נישט־אַנערקענטע חובות. דאָס מיינט, אַז איך אַליין וועל ביסלעכוויַיז אָפּווישן די חובות און איינ־ציקוויַיז צוריקגעבן די וועקסלען״.

„דער פאַן האָט שוין איין מאָל דאָס צוגעזאָגט און האַלט נישט זײַן וואָרט".

„איך האָב דעמאָלט נאָר געזאָגט, אַז עס איז צו פרי צו רעדן וועגן די וועקסלען, ווײַל דער ענין איז נישט אין מײַנע הענט. איבעריקנס, איך האַלט נישט פון סתּם רייד און הבטחות; צו דעם זענען פאַראַן אַדוואָקאַטן. מע קאָן אויסאַרבעטן אַן אָפּמאַך, ווו אַלץ וועט זײַן פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווײַס".

„דער פאַן האָט געזאָגט: אַ פּאָר אידייען. מיינט דאָס, אַז דער פאַן האָט נאָך פאַרלייגן?"

„די צוקער־פאַבריק האַלט זיך בײַם פאַרמאַכן. זיי זאָגן אָפּ אַרבעטערס און מאַכן נישט צו רעכט די קאַליע־געוואָרענע מאַשינען. אַ דריטל פון דעם אַגראַרלאַנד אין דער געגנט גייט אויף צוקער־בוריקעס; אויב מע זאָל די בוריקעס דאַרפן פירן צו אַ ווײַטער פאַבריק, וועלן די טראַנס־פּאָרטאַציע־קאָסטן אויפעסן אַ גרויסן טייל פון דער הכנסה".

„דער פאַן האָט עפּעס אַן עצה?"

„ווען דער פאַן פריץ האָט מיט יאָרן צוריק פאַרקויפט די צוקער־פאַבריק, האָבן די קויפערס אײַנגעצאָלט נאָר אַ קליינע סומע מזומן, די רעשט איז געבליבן ווי אַ היפּאָטעק. עס איז זיי באַלד אַוועק אַזוי שלעכט, אַז זיי האָבן קוים געצאָלט די פּראָצענטער אויף דעם היפּאָטעק, און גאָרנישט אויפן קרן. דער פאַן פריץ וואָלט געקאָנט צוריקנעמען די פאַבריק, אָבער עס נישט געטאָן אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן כאָטש געצאָלט דעם פּראָצענט; איצט וועט גאָרנישט בלײַבן".

„וואָס פאַר אַ אינטערעס האָט דער פאַן אַזוי אַרײַנצוקוקן אין מײַנע געשעפטן? ווו האָט דער פאַן דאָס אַלץ אויסגעפאָרשט און צוליב וואָס?"

דעם פריצעס קול איז שוין געוועזן הויך און דראָענדיק. קלמן האָט באַשלאָסן מער זיך נישט צו שפּילן אין באַהעלטערלעך. „די צוקער־פאַבריק אינטערעסירט מיך. איך ווייס, עס איז אַ גרויסע ריזיקע און בין טאַקע נישט גרייט איבערצוצאָלן, אויב דער פאַן פריץ זאָל צוריק איבערנעמען די פאַבריק און זי מיר פאַרקויפן פאַר אַ פּרײַז, עס זאָל מיר כדאַי זײַן צו ריזיקירן... איך וועל באַצאָלן מיט מזומן, און ווי אַן עקסטראַ פּרעמיע וועל איך איבער דעם פּרײַז צולייגן אַ ביסל פון די אַלטע וועקסלען".

„אויב דער פאַן מיינט, אַז איך וועל בחינם אַוועקגעבן אַ היפּאָטעק אויף הונדערט און דרייַסיק טויזנט זלאָטעס, האָט ער אַ טעות".

„איך בין נישט גרייט צו געבן בחינם און ריכט זיך נישט צו נעמען בחינם. דער פאַן פריץ קאָן מאַכן אַ ליציטאַציע און פאַרקויפן צו דעם, וואָס וועט צאָלן דעם העכסטן פּרייַז".

דער פריץ האָט געוווּסט, אַז קיינער וועט נישט גרייט זייַן צו געבן אַ גראָשן פאַר אַ באַנקראָט געשעפט, ער האָט נאָר געוואָלט „טאַפּן דעם דפק" וויפל ער וועט קאָנען אַרויסציִען בייַ דעם ייִד. „וויפל איז דער פאַן גרייט צו געבן?"

„כ'ווייס נאָך נישט אויף זיכער".

„דאָך?"

„זאָל דער פאַן פריץ מיך נישט האַלטן בייַם וואָרט, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז צוואָנציק טויזנט זלאָטעס איז דער מאַקסימום".

דער פריץ האָט זיך צעלאַכט: „צוואָנציק טויזנט פאַר הונדערט און דרייַסיק טויזנט? דער פאַן וויל עס טאַקע בחינם".

קלמן האָט גוט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ געמאַכט געלעכטערל. אויפֿצושטעלן אַזאַ פאַבריק־בנין דאַרף טאַקע קאָסטן מער, אָבער אין אַזאַ העק ווי דאָמבראָווקע איז אַ פאַבריק־בנין אָן אַ פאַבריק ווערט גאָר ווייניק. „אויב דער פאַן פריץ קאָן קריגן מער, וועל איך זייַן צופרידן. מיר גייט נאָר אין דעם, די פאַבריק זאָל זיך נישט פאַרמאַכן און ברענגען די עקאָנאָמיע פון דאָמבראָווקע צו אַ ביטערן מצב. עס הערשט אַ ביטערער קריזיס אין דער וועלט. אַפילו די רייַכע אַמעריקע, איז אויף צרות".

„דער פאַן איז, זע איך, אַ גרויסער פּאַטריאָט", האָט דער פריץ געזאָגט מיט אַ קול פול איראָניע.

„דער פאַן פריץ קאָן אוודאי געפינען גרעסערע פּאַטריאָטן אין זייַנע קרייַזן", האָט קלמן נישט פאַרפעלט צוריקצוצאָלן מיט אַ שטאָך. „איך צי צוריק מייַן אָפערטע".

„דאָס איז דען געווען אַן אָפיציעלער פאָרלייג?"

„דער פאַן פריץ וויל דען אַן אָפיציעלן פאָרלייג?"

„איך קאָן אַלע מאָל נעמען אַ פאָרלייג און עס ווייַזן מייַנע פינאַנציעלע עצה־געבערס".

„דער פאָרלייג וועט אויך האָבן אַ פונקט וועגן אָפּנעמען דעם פאַן

פריצעס צוקערבוריקעס, און, ווי געזאָגט, אַ טייל פון די אַלטע וועקסעלער", האָט קלמן זיך באַמיט עס צו מאַכן מער אָנציִעוודיק.

„איך וועל אַרײַנטראַכטן אין דעם פּאָנס פּראָפּאָזיציעס".

„איך דאַרף נאָך אויך אַרײַנטראַכטן; דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, זענען נאָר ערשטע געדאַנקען. איך האָב נאָך אַן אידיי, דאָס האָט נישט צו טאָן מיט קיין געלט, אָבער עס דאַכט זיך מיר, אַז מיט דעם וועל איך צופרידנשטעלן דעם פּאַן פּריץ און טאָקע מײַן אייגן געפיל פון פּאַטריאָ־טישקייט. אָבער דער מאַגיסטראַט דאַרף פריִער באַשליסן צו באַלויכטן די גאַסן, ספּעציעל די לויוויטשער גאַס, מיט עלעקטרע".

„וואָס איז די אידיי?"

„מיר וועלן פּאַרטיק מאַכן אַלע אינסטאַלאַציעס אין די הײַזער און אין די גאַסן פאַרן פּרעזידענטס וויזיט, אָבער נישט עפענען די עלעקטרע. אפילו אין הויף זאָלן דעם טאָג פון פּרעזידענטס קומען לײַכטן נאָר די בליצלאָמפּן פון נאַפט און חלבנע ליכט. ווען עס וועט טונקל ווערן, וועט דער פּאַן פּרעזידענט אַראָפּדריקן אַ הענטל און עס וועט מיט אַ מאָל, און צום ערשטן מאָל, ליכטיק ווערן אין גאַנץ דאָמבראָווקע".

„נישט קיין שלעכטער געדאַנק".

„אַז מיר וועלן בײדע טראַכטן פּאָזיטיוו, וועלן זײַן פּאָזיטיווע רעזול־טאַטן. דער גורל פון דאָמבראָווקע ליגט אין די הענט פון דעם פּאַן פּריץ, און איך קאָן העלפן..."



אויפן וועג פון הויף, איז מען ווידער פאַרבײַגעפאָרן די צוקער־פאַב־ריק. „זיי מאַכן נישט קיין רווח און כ׳קאָן עס קויפן פאַר אַ שיבוש", האָט קלמן געוויזן מתותן די פאַבריק. „איר ווייסט פאַר וואָס זיי מאַכן נישט קיין רווח?"

„פאַר וואָס".

„ווײַל ס׳איז ווײַט פון אַ באַנליניע, און מיט פערד־און־וואָגן..."

„דו גייסט ברענגען אַ באַנליניע?" מתות האָט געמיינט, אַז קלמן קאָן אַלץ באַוויַיזן.

„אַ באַנליניע נישט, אָבער משא־אויטאָס, ריזיקע משא־אויטאָס קאָן איך ברענגען פון איטאַליע, פון שוועדן און אַפילו פון אַמעריקע".

„קאָנען זיי דאָך אויך טאָן דאָס זעלביקע ?"

„מע דאַרף האָבן שׂכל, ר' מתות, מע דאַרף האָבן שׂכל".

„ווען האָסטו דאָס אַלץ צוגעטראַכט ?" האָט מתות אים באַוווּנדערט.

„כ'בין נאָך נישט זיכער, אַז עס איז אַ גוטע אידיי, אָבער קלמן האָט שׂכל זיך צו באַראָטן מיט די גרעסטע עקספּערטן".

# XXXV

דער ערשטער וויזיט אין הויף האָט געפירט צו ווייַטערדיקע וויזיטן. קלמן האָט געהאַט צרות מיט זייַן פאַרוווּנדיקטן פוס, האָט דער דאָקטער פאַרשריבן אַ נייַע זאַלב און געזאָגט, אַז עס וואָלט אפשר גלייַך געווען קלמן זאָל אַרייַנפאָרן קיין לוּיוויטש, מע זאָל די ווונד אונטערזוכן אין שפּיטאָל. אָבער קלמן איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט זייַנע אונטער־האַנדלונגען. אַנשטאָט שיקן מתותן קיין וואַרשע, האָט ער גאָר אַרויסגע־רופן אַן אַדוואָקאַט פון וואַרשע קיין דאָמבראָווקע. אַז מע האָט געזען, קלמן פאָרט אין הויף אַרייַן אַלע פאָר טעג, האָט שוין עמעץ געזאָגט אַ סברא, אַז קלמן גייט אָפּקויפן דעם גאַנצן הויף מיט אַלע פעלדער און וועלדער וואָס געהערן צום פּריצעס גוט. אויף דעם קלמן קאָן מען אַלץ גלייבן.

בעת איינעם פון זייַנע וויזיטן אין הויף, האָט דער פּריץ דערמאָנט קלמנען זייַן צוזאָג צו באַדעקן די שיל מיט אַ נייַעם טינק און אָפּמאָ־ליעווען די קהלישע בנינים לכבוד דעם פּרעזידענטס וויזיט. אויפן וועג אַהיים איז קלמן אַרייַן צום רב וועגן דעם ענין.

„דו טוסט אַזוי פיל חסדים צו ר' מתותס משפּחה, ווען וועסטו שוין שטעלן אַ חופּה מיט זייַן עלטסטער טאָכטער ? גלייב מיר, דאָס וועט זייַן מער אָנגעלייגט ווי אַלץ וואָס האָסט געטאָן ביז איצט".

„רבי, עס וועט זייַן אַ חופּה. דער רב ווייסט דאָך, אַז זי פאָרט מער נישט צוריק קיין וואַרשע".

„לייג עס מער נישט אָפּ, צי בייַ די מענטשן נישט אַרויס די נשמה".

„איך בוי אַן אימפּעריע, רבי, און קיילע וועט זייַן מייַן קייסערינע. איך פאַרהאַנדל אָפּצוקויפן די צוקער־פאַבריק, איך גיי בויען שפּייַכלערס

פֿאַר תּבֿואה און אַ גרויסע מיל. רבי, איר וועט בקרוב זײַן דער רבֿ פֿון אַ גרויסער שטאָט דאָמבראָווקע".

„זאָל דער אייבערשטער דיר העלפֿן".

„כ'וועל דאַרפֿן געטרײַע, פֿעיִקע מענטשן, אייגענע מענטשן; אײַזיק און לייבל וועלן אויך ווערן סוחרים. ווו ס'איז דאָ תּורה, איז דאָ חכמה, למדנים זענען די גרעסטע סוחרים אין וואַרשע. כ'דאַרף נאָך אַ גוטן שידוך פֿאַר מײַן ייִנגסטער שוועגערין, זי איז אַן אמתע יפֿת־תּואר".

„אַזוי זאָגט טאַקע מײַן רביצין".

„אַן איידל קינד און אַ גוט האַרץ, ווי אַלע ר' מתותיעס טעכטער. רייזעלעס אַ חתן וועל איך גרייט זײַן צו מאַכן פֿאַר אַ גרויסן סוחר, אַכיבע ער וועט בעסער וועלן זײַן אַ רבֿ".

„דאָס איז זייער שיין פֿון דײַן זײַט. און פֿאַרגעס נישט וואָס איך האָב דיר געזאָגט וועגן שטעלן אַ חופּה".

קלמן האָט נישט דערקענט אין רבֿ, צי ער האָט פֿאַרשטאַנען דעם אָנווונק.

קלמן איז געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט גערופֿן צו זיך רייזלען און געמומען רעדן אָפֿענע דיבורים: „פֿריידל האָט מיר דערציילט, אַז בעריש דעם רבֿס קומט אַרײַן צו אײַזיקן, אַז ער טרעפֿט דיך דאָרט און שמועסט מיט דיר. ווי האַלט עס?"

„ווי האַלט וואָס?"

„וואָס טראַכסטו וועגן בערישן? וועגן וואָס רעדט עַר?"

„אַ, מע רעדט וועגן אַלעם".

„וואָס הייסט וועגן אַלעם? דו שמועסט נישט מיט אים אין לערנען".

„דאָס אויך. בעריש קען צעלייגן אַ זאַך, עס זאָל זײַן לײַכט צו פֿאַרשטיין. וועגן וואָס נאָר עס קומט צו רייד, גיט ער עס צו פֿאַרשטיין מיט אַ שטיקל תּורה".

„וואָס קומט צו רייד?"

„מע רעדט וועגן אַלעם. וועגן דער נײַעס פֿון דער צײַטונג, וועגן אַ בוך..."

„בעריש לייענט ביכער? וואָס פֿאַר אַ ביכער?"

„וואָס נאָר עס קומט אים צו דער האַנט. די ביכער וואָס איך נעם אין דער ביבליאָטעק, גיב איך אויך אים צו לייענען".

„ער איז מער נישט פרום?"

„פרום איז ער, אינטעליגענט אויך..."

„ער געפעלט דיר?"

„אָ, יאָ. ער איז פרום, אָבער נישט פאַנאַטיש. ער האָט ליב געזאַנג. ער האָט מיך אויסגעלערנט אַ חסידישן ניגון און איך האָב פאַר אים געזונגען ‚רייזעלע דעם שוחטס'".

„ווו טרעפט עץ זיך זינט אײַזיק איז אַוועקגעפאָרן?"

„זינט אײַזיק איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך אים געזען נאָר איין מאָל. ער איז געקומען פרעגן וואָס מע הערט פון אײַזיקן און איך בין גראָד געווען בײַ פריידלען".

„גיי צו פריידלען און לאָז אים וויסן, אַז מע קאָן דיך דאָרט טרעפן".

„כ'בין יעדן טאָג בײַ פריידלען, זי פילט זיך נישט גוט. אַז ער וועט קומען, וועל איך נישט אַנטלויפן, אָבער לאָזן וויסן?"

„פריידל פילט שוין אויך נישט גוט? טובערקולאָז איז אַנשטעקעוודיק".

„אַלע פרויען פילן אַזוי בײַם אָנהייב".

„בײַם אָנהייב פון וואָס?"

„דו ווייסט נאָך נישט? פריידל וועט מיט מזל ווערן אַ מאַמע".

„מזל־טוב. און נאָך איידער פריידל ווערט אַ מאַמע, וויל איך, דו זאָלסט ווערן אַ כּלה".

„איך וויל אויך".

„מיט בעריש דעם רבס".

„מיט בעריש דעם רבס? פאַר וואָס עפּעס בעריש דעם רבס?"

„פאַר וואָס נישט בעריש דעם רבס? ער געפעלט דיר נישט? די משפחה שטייט דיר נישט אָן?"

„קלמן, דו ביסט בייז? בעריש איז אַ גאַנץ ווילער בחור, אָבער ס'איז מיר קיין מאָל נישט אײַנגעפאַלן וועגן אַ שידוך. ניין, קלמן, כ'וויל נישט ווערן קיין רביצין".

„האָסט פריִער געזאָגט ‚איך וויל אויך'. וועמען ווילסטו? דו האָסט שוין עמעצן?"

„דו ביסט בייז? עפּעס פּרעגסטו מיך אויס ווי אַ ,שלעדאָוואַטעל׳, ווי דו וואָלטסט מיך באַשולדיקט אין אַ גרויסער זינד״.

„כ׳בין נישט בייז און דו ווייסט, אַז איך וויל נאָר דײַן גוטס. האָסט עפּעס אַ סימפּאַטיע? גייסט אַרום מיט עמעצן? אַזאַ קליין אַרט ווי דאָמבראָוווקע און איך ווייס נישט וואָס עס טוט זיך אונטער מײַן נאָז״.

„איך האָב נאָך קיינעם נישט און איך ווייס נאָך גאָרנישט״.

„וועמען וואָלטסטו געוואָלט?״

„כ׳ווייס נאָך נישט״.

„מיט וועמען טרעפסטו דיך?״

„זלמן. דו קענסט אים? זלמן פיטעל האָט מיך אויסגעלערנט לייענען נאָטן״.

„און?״

„און גאָרנישט. ער איז אַ שיינער, ער שפּילט שיין אויפן פידל. אַז ער שפּילט אַ טרויעריקס, קאָן דאָס האַרץ אויסגיין״.

„עץ קושט ענק?״

„קלמן!״

„כ׳וויל נאָר וויסן ווי ערנסט עס איז״.

„נאָר איין מאָל האָט ער מיר געגעבן אַ קוש. ער איז צו פיל פאַרנומען. בײַ טאָג אַרבעט ער בײַם שוסטער־וואַרשטאַט, אין די אָוונטן גרימפּלט ער אויפן פידל און אין די זונטיקס לויפט ער אַרום איבער די דערפער זיך אויסלערנען פּויערישע לידלעך״.

„רייזעלע, כ׳זאָל האָבן אַזוי פיל גוטע יאָרן וויפל בעריש׳עס חסידישע ניגונים זענען שענער פון די פּויערישע לידלעך, און וויפל בעריש דעם רבס איז שענער פון זלמן דעם שוסטער״.

„בײַ מיר איז שוסטערײַ און גלעזערײַ נישט קיין שאַנד, קיין שום אַרבעט איז נישט קיין שאַנד, אַפילו זײַן אַ דינסט״.

„בײַ מיר אויך נישט. דו זעסט דאָך, אַז איך געפין פאַר דעם גלעזערס טעכטער די שענסטע שידוכים, און פאַר דער ייִנגסטער טאָכטער וויל איך גאָר דעם שענסטן...״

„בעריש האָט דיר עפּעס געזאָגט?״

„מיר?״

„דו רעדסט ווי ער וואָלט דיך געשיקט צו מיר. מ׳אַט עטלעכע מאָל גערעדט און שוין".

„רייזעלע, ער איז פאַרליבט אין דיר".

„פון וואַנען ווייסטו?"

„כ׳האָב אַ ניוּך".

„דו רעדסט זיך איַין".

„רייזעלע, היַינט צווינגט מען קיינעם נישט צו קיין שידוך. איך פאַרלאַנג פון דיר נאָר איין זאַך: שטופּ אים נישט אָפּ. דו ווייסט דען ווי גליקלעך דאָס וועט מאַכן דיַין טאַטן? און מיך אויך. כ׳האָב דיך ליב ווי אַן אייגענע שוועסטער און כ׳וויל נאָר דיַין גוטס".

## XXXVI

מתוּת איז סוף־כּל־סוף געפאָרן קיין וואַרשע; קיילע האָט געוואָלט קומען נאָך מיטיק און קלמן האָט זיך געגרייט ווי אַ חתן צו דער חופּה־נאַכט. ער האָט אויסגעשפּרייט זיַין בעט מיט אַ נייַ ליַילעך און איבער־געצויגן די קישנס מיט נייַע ציכלעך. ער האָט אָנגעוואַרעמט אַ סך וואַסער צו וואַשן זיַין גאַנצן גוף און אַ שמעקעדיקע זייף צו וואַשן דאָס פּנים און די האָר. ווען ער האָט אַראָפּגעצויגן די הויזן, האָט זיך געטראָגן אַ אַ ריח פון נבלה.

די פאַרשאָלטענע מאַריאַ! זי האָט שוין דעמאָלט געזאָגט עפּעס וועגן דעם. האָט זי געטאָן דערצו, דער פּוס זאָל פוילן?

די רעגולערע בריטשקעס קיין לויוויטש זענען שוין אַלע געווען אַוועקגעפאָרן. מייַנסטע פאַרשוינען פאָרן צו דער באַן. ווען ס׳איז נישטאָ קיין באַן, איז נישטאָ קיין בריטשקע. קלמן האָט געדונגען אַ ספּעציעלע יאַזדע. אין שפּיטאָל וועלן זיי איינס־צוויי אויסרייניקן די ווונד און באַזיַיטיקן די געסרחה. אַנישט וועט ער מוזן געפינען אַ תּירוץ אַוועקצושיקן קיילען, ער וועט זי נישט צולאָזן צו זיך ווען ער שטינקט!

עס איז נישט געווען אַזוי לייַכט ווי ער האָט געמיינט. דער דאָקטער האָט אויסגעשניטן שטיקער פלייש און ער איז געבליבן אָן כּוחות. צו

מאָרגנס האָט מען ווידער געשניטן. דער דאָקטער האָט זיך פאַרנומען אויף אַ לאַנגער קוראַציע און ער האָט איבער מאָרגן געמוזט זײַן אין וואַרשע, ווו ער האָט זיך באַדאַרפט טרעפן מיט זײַנע אַדוואָקאַטן און מיטן פּריץ.

האָט ער זיך צוגעווווינט צו דעם שלעכטן ריח, אָדער עס איז טאַקע אַזוי פיל בעסער? קלמן האָט נאָך אַלץ נישט צוגעלאָזט קיילען צו זיך. „אַז מע האָט ליב, קאָן מען וואַרטן", האָט ער איר געלאָזט וויסן דורך מתותן, זי זאָל זײַן זיכער, אַז עס האָט זיך גאָרנישט געביטן. די אײַנשפּריצונגען האָבן אים אָפּגעשוואַכט און גראָד איצט איז געווען מער אַרבעט ווי אַלע מאָל. מע האָט פאַרענדיקט די עלעקטאַרײַ, מע האָט געאַרבעט אינטענסיוו צו פאַרענדיקן דאָס אַרײַנציִען עלעקטרישע דראָטן אין די הײַזער און אויפשטעלן עלעקטרישע לאַמטערנס אויף דער לווי־וויטשער גאַס, וואָס וועט בקרוב ווערן די „פּרעזידענט מאָשטשיצקי־גאַס". מע האָט רעמאָנטירט די שיל און עס זענען געוואַקסן די ווענט פון קלמנס נײַעם הויז.

קלמן איז געווען אומעטום און שוין געצווונגען געווען זיך צו פאַר־נעמען מיט די נײַע אָפּמאַכן, וואָס ער האָט געשלאָסן מיטן פּריץ. עס איז נאָך געווען ווײַט צום שניט, אָבער ער האָט אָפּגעקויפט די גאַנצע גערעטעניש, אַרײַנגערעכנט די פון דעם פּריצעס גרויסן סאָד. ווען זעצט מען אַרײַן אין סאָד?

מתותן וועט ער אַרײַנזעצן אין סאָד, אײַזיק האָט שוין נישט קיין היץ. מע האָט אים אין אַטוואָצק פאַרקאַלכט די קראַנקע לונג און מע קאָן אים שוין אַהיימברענגען. די הייסע זומערטעג וועט ער קאָנען פאַרברענ־גען אין סאָד צווישן דיביימער. אַז אײַזיק וועט זײַן אין סאָד, וועט בעריש קומען צו אים, און מתות וועט וווינען אין סאָד מיט זײַן גאַנצער משפּחה, אַרײַנגערעכנט רייזלען. רייזעלע און בעריש און דער סאָד, עס וועט זיך שוין עפּעס צעבליִען...

מתות איז געווען איבערגליקלעך. ער איז געווויינט צו האַרעפּאַשנער אַרבעט. ער איז שוין מיד פון גאָרנישט טאָן. אַפילו די קאָזע האָט ער געמוזט אַוועקגעבן צו בערעלע טרעגער, אַזוי האָט קלמן געוואָלט. אין סאָד וואָלט ער זי סײַ ווי נישט געקאָנט האַלטן, ציגן גריזשען אָפּ די קאָרע פון די ביימער.

„נישט אויף לאַנג, נישט אויף לאַנג״, האָט אים קלמן נישט געלאָזט אויסרעדן.

„פאַר וואָס נישט ?״

„מיט אַ מחותּן אַ רב וועט אײַך גיכער פּאַסן צו זײַן אַ דאָזער אין דער גמינע, אַ גבאי אין דער שיל, נישט אַ סעדער״.

„שוין ווידער אַ רב ? אײַזיק קען טאַקע זײַן אַ רב. זאָל ער נאָר זײַן אַ געזונטער טאַטע צו זײַן קינד, מיטן אייבערשטנס הילף״.

שבועות זענען נאָך נישטאָ קיין צײַטיקע פּירות און פּאַראַן ווייניק וואָס צו היטן אין סאָד. אָבער עס איז געווען אַ הייסער פרילינג, אײַזיק האָט באַדאַרפט פרישע לופט און אין סאָד איז געווען אַ גאַנץ נישקשהדיק הויז מיט צוויי שטובן און אַ קיך. אונטער אײַזיקס השגחה האָט ציפּע געכּשרט די קיך און דעם באַקאויוון, האָט מען שוין געקאָנט קאָכן אַ כּשרע מאָלצייט און אַ פּאָר נאַשערײַען פאַר דער שוואַנגערער פריידל.

דער סאָד האָט געהאַט נאָך אַ מעלה. ס׳איז געווען נאָענט צו דער צוקער־פאַבריק, ווו קלמן איז שוין געוואָרן דער באַלעבאָס און געפאָרן אַהין גאַנץ אָפט, זען וואָס עס טוט אויף דער נײַער אַדמיניסטראַטאָר, אַ פאַכמאַן אין די ענינים, וואָס ער האָט געבראַכט אַזש פון גאַליציע.

צוזאַמען מיט די נײַע מאַשינען פאַר דער פאַבריק, האָט פון אויסלאַנד אויך געדאַרפט אָנקומען אַ פּיאַט־אויטאָמאָביל, וואָס קלמן האָט באַשטעלט פאַר זיך. וועגן דעם האָט ער דערווײַל גאָרנישט דערציילט. דאָס האָט געדאַרפט זײַן איינס פון די סורפּריזן וואָס ער האָט צוגעגרייט.

## XXXVII

בעריש דעם רבס איז געבוירן געוואָרן אַ שטיפער. אַפילו זײַן עצם געבוירן ווערן, ווען דער רב האָט שוין געהאַט קינדער אַ שידוך צו טאָן, איז געווען אַ שטיק שטיפערײַ. די רביצין האָט זיך געשעמט פאַר אירע דערוואַקסענע קינדער אַרומצוגיין מיט אַ בויך, אָבער דער רב איז געווען צופרידן : „אַז דער אייבערשטער האָט געשענקט נאָך אַ קינד, איז עס אַ ברכה פון זײַן ליבן נאָמען״.

דער רב האָט בעריש׳ן פאַרפּיעשטשעט. ווען ער איז געגאַנגען צו אַ שׂימחה, האָט ער געבראַכט אַ שטיקל לעקעך פאַרן קינד. אין דאָמברוווקע איז געווען אַ מינהג, אַז יעדער באַלעבאָס האָט פּורים געשיקט דעם רב שלח־מנות. אויף די שלח־מנות־טעלערס זענען געווען מאכלים וואָס מע האָט זיך זעלטן פאַרגונען. אויסלענדישע פּירות, איַינגעמאַכטסן, ספּע־ציעלע געבעקסן. די בעסטע זאַכן האָט דער רב באַהאַלטן פאַרן מיזיניקל.

בעריש איז געווען אַ נײַגיריק קינד. ער האָט אַ סך געזען, אַ סך געפרעגט און טאַקע אַ סך געוווסט.

דעם רבס עלטסטער זון, שמואליק, איז שוין געווען עטלעכע יאָר נאָך זײַן חתונה ווען ער איז איין מאָל געקומען צו גאַסט אויף שבועות. אין מיטן דער נאַכט האָט עמעץ געקלאַפּט אין דער טיר און שמואליק האָט דער ערשטער זיך איבערגעוועקט. אויף יענער זײַט טיר איז געשטאַ־נען אַ פּויער אין בלויזן שפּאַנצער־הויזן.

„וואָס וויל דער פּאַן?"

„מײַן קו האָט זיך געקאַלבט".

„צו וועמען דאַרף דער פּאַן?"

„דאָ וווינט דער ראַבין?"

„וואָס וויל דער פּאַן פון ראַבין?"

„דער ראַביניאַק, דער קליינער, האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז ווי נאָר די ברוינע וועט זיך קעלבן זאָל איך קומען זאָגן".

שמואליק האָט געמיינט, אַז דער פּויער ווייסט נישט וואָס ער רעדט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער אַכטיאָריקער בעריש האָט באַקומען אַ האַלבע זלאָטע מעקלגעלט אויב סענדער קצב האָט געקויפט אַ קאַלב וואָס דער חברה־מאַן האָט אים צוגעשאַנצט.

צו צוועלף האָט בעריש שוין פאַרדינט ווי דעם טאַטנס אַרויסהעלפער פאַר פּסח, ווען מע דאַרף שרײַבן שטר־מכירות. אין די שפּײַזגעוועלבער בלײַבט אַ סך חמצדיקע סחורה און אין יעדן הויז בלײַבט אַ ביסל חמצדיק מעל, קאַשע, אַרבעס. היות אַ ייִדנס חמץ דאַרף מען פאַרברענען און מע טאָר עס נישט עסן אפילו נאָך פּסח, מאַכט מען אַ קאָנטראַקט, ווו מע פאַרקויפט עס צום רב און דער רב פאַרקויפט דאָס חמץ פון דער גאַנצער שטאָט צום שבת־גוי. מע קויפט עס צוריק ערשט נאָך פּסח.

דער קאָנטראַקט, אָדער שטר־מכירה, האָט אַן אָפיציעלן נוסח אין

אַראַמעיִש. בעריש האָט שנעל זיך אויסגעלערנט דעם טעקסט און דער רב האָט זיך שוין אָן אים נישט געקאָנט קיין עצה טאָן. אַ קלייניקייט שרייַבן קאָנטראַקטן פאַר אַ גאַנצער שטאָט!

יעדער באַלעבאָס האָט באַצאָלט דעם רב און אויך דעם אַרויסהעלפער בערישן געגעבן אַ פּאָר גראָשן.

אַ לערנער איז ער דווקא געווען אַ גוטער. געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אָבער ער האָט אויך ליב געהאַט אַרומצולויפן מיט די אַנדערע ייִנגלעך. אַפילו געשפּילט מיט זיי אין באָלעם. די ציצית פון זייַן טלית־קטן, די געקרייַזלטע פּיאות זענען געפלויגן אין ווינט און ער איז געלאָפן שנעלער ווי אַנדערע, ער איז אויך געווען געשיקטער ווי די אַנדערע צו כאַפּן דעם באָלעם.

די רביצין האָט אים געמוסרט: „ניטע, בעריש, ס׳איז נישט שיין פאַר אַ בחור אַ בן־תורה, ס׳איז נישט שיין פאַר אַ רבס אַ זון״. אָבער דער טאַטע האָט פאַרגיביק געשמייכלט און בערישל האָט ווייַטער געשפּילט באָלעם.

בעריש איז נישט געגאַנגען אין דער מלוכה־שולע, ווו ייִנגלעך און מיידלעך זענען געזעסן צוזאַמען און ווו מע האָט אויך געלערנט אין ייִדישע ימים־טובים. אַ לערער איז געקומען צו אים אַהיים לערנען מיט אים פּויליש און אַנדערע לימודי־חול. זייַן שנעלע תּפיסה האָט אים אויך דאָ געהאָלפן. ער האָט געשריבן אַ גוטן פּויליש, אָבער ווען עס איז געקומען צו רעדן, איז עס נישט געווען אַזוי לייַכט. עס איז אים זעלטן אויסגעקומען צו באַניצן דאָס לשון און פּונקט אַזוי זעלטן צו הערן עס פון עמעצן וואָס רעדט אַ גוטן פּויליש. מער ווי פון זייַן לערער האָט בעריש זיך געלערנט פון „נאַש פּשעגלאָנד״, די ייִדישע צייַטונג אין פּויליש, אויף וועלכער דער רב האָט זיך אַבאָנירט כּדי צו האַלטן זייַן פּויליש פריש. אַ רב קומט אָפּט אויס צו זייַן אין קאָנטאַקט מיט די מאַכטאָרגאַנען. דער רב שרייַבט אויך אויס די ציווילע דאָקומענטן פון חתונות, געבוירן און טויטן אין זייַן קהילה.

דאָס ערשטע מאָל וואָס בעריש האָט געדאַרפט פירן לאַנגע שמועסן אין פּויליש איז געווען ווען ער איז מיט זייַן טאַטן געקומען קיין לויוויטש אויף אַ וויזיט צו ר׳ משה מיליקאָווסקי. מיליקאָווסקיס מעכאַנישע מיל איז געווען איינע פון די גרעסטע אין פּוילן און באַדינט דאָס גאַנצע

„לוויוויטשער פירשטנטום". ר' משה איז טאַקע געווען דער רײַכסטער ייִד אין דער געגנט, דער פּרעזעס פון דער ייִדישער קהילה אין לוויוויטש און פון מײנסטע ייִדישע צדקה־אינסטיטוציעס אין שטאָט. בעריש איז נאָך קײן מאָל נישט געווען אין קײן פּאַלאַץ, אָבער ער האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז אַ פּאַלאַץ מוז אויסזען ווי דאָס מיליקאָווסקי־הויז.

דורך דעם פּאַרקאַן פון אײַזערנע שטאַכעטעס, וואָס האָבן אַרומגע־רינגלט דעם פּלאַץ, האָט מען געזען נאָר אַ געדיכטקייט פון ביימער. אַ טויער פון סימעטריש געפלאָכטענע, אײַזערנע שטאַכעטן האָט זיך געעפנט צו אַן אַלייע אַרומגעזוימט מיט הויכע טאָפּאָליעס. די אַלייע האָט געפירט צום מיליקאָווסקי־הויז.

הויכע, געשניצטע טירן, הויכע פענצטער באַצירט מיט פאַרהאַנגען פון אײדעלן באַטיסט. הײַנט דאָס רחבות פון די שטובן, דאָס גלאַנצנדיקע מעבל. די פּיל־קאָלירקע טעפּעכער. בעריש איז געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, מורא געהאַט אַראָפּצושטעלן דעם גאַנצן פוס אויף אַזאַ שײנעם טעפּעך. ווען בעריש האָט זיך באַקענט מיט ר' משהס אײדעם, ייִדל טשאַרני, האָט ער געטראַכט, אַז דער אײדעם איז ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר אַזאַ הויז.

בעריש איז שוין דעמאָלט געווען כמעט זיבעצן יאָר אַלט; ייִדל איז געווען מיט אַ פינף יאָר עלטער, אָבער עס איז באַלד געוואָרן צווישן זײ אַ חברשאַפט. דער פרומער ייִדל טשאַרני האָט אַ סך געלײענט און געשריבן לידער אין לשון־קודש און אויך אין פויליש. אין דעם הויז פון דעם חסידישן מיליקאָווסקי האָט מען גערעדט מער פויליש ווי ייִדיש.

געווען נאָך חסידישע יונגע־לײַט אין לוויוויטש וואָס זענען געווען לומדים, אָבער זײ האָבן נישט געלײענט קײן וועלטלעכע ליטעראַטור און זיכער נישט קײן פּאָעזיע. די וואָס זענען געגאַנגען אין אוניווערסיטעטן זענען געווען פרײַע און נישט געהאַט קײן מחזקות מיט חסידישע יונגע־לײַט. מיט בערישן האָט ייִדל געקאָנט שמועסן אין לערנען און אויך רעדן וועגן פוילישער ליטעראַטור, און אַפילו פאָרלײענען פאַר אים די אײגענע שאַפונגען. ייִדל האָט גערעדט פויליש מיט דעם ריכטיקן אַקצענט און בעריש האָט זיך געלערנט פון אים.

ייִדלס ווײַב האָט געהאַט אַ ייִנגערע שוועסטער, וואָס איז געווען נאָר אײן יאָר עלטער פון בערישן. אַז בעריש האָט גענומען אָפּט פאָרן קײן

לויוויטש, האָט די רביצין גענומען האָפן אַז... כ׳ווייס ? ס׳קאָן זײַן אַ גאָט זאַך... איטקאַ מיליקאָווסקי האָט שוין געהאַט מאַטוראַ. זי האָט אָפט פאַרבײַגעפלאַטערט ווען בעריש האָט שפּאַצירט מיט יידלען אין גאָרטן, אָבער צו קיין חברשאַפט איז דערווײַל נישט געקומען.

האָט אים געצויגן דער כּישוף פון מיליקאָווסקי־הויז ? האָט די מאַמע עס אים אײַנגערעדט ? ווען ער האָט געטראַכט וועגן איטקאַן, איז זײַן נאָז פול געוואָרן מיט דעם ריח פון בעז אין זייער גאָרטן, און זײַן געמיט איז פול געוואָרן מיט דער ווייכקייט פון די טריט אין זייערע באַטעפּעכטע שטיבער. איטקאַ איז טאַקע געווען שלאַנק און גיבקע און געטראָגן זיך ווי זי וואָלט געשוועבט. אָבער איטקאַ איז געבליבן אַ טרוים פון אַ פאַרכּישופטער נאַכט, אַ טרוים ווי אַ ווײַסער גע פּל וואָס שוועבט אין די הייכן, נישט צו דערגרייכן.

בעריש האָט מסוכן ליב געהאַט מוזיק. יידל האָט געהאַט אַ גראַמאָפאָן און ערשט בײַ אים האָט בעריש צום ערשטן מאָל געהערט פּליטעס מיט אָפּערע־מוזיק.

יידל האָט אַ מאָל פאַרבעטן בערישן צו פאָרן צוזאַמען מיט אים קיין גער צום רבין אויף שבת. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, על־פּי צופאַל, און אפשר האָט יידל צוגעגרייט דעם „צופאַל". זיי זענען געבליבן שבת אין וואַרשע, געהערט דעם חזן סיראָטע אין דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקי, און שבת צו נאַכט געגאַנגען זען קאַרמען אין דער אָפּערע.

ביז דעמאָלט איז בעריש אָפילו נישט געווען אין אַ קינאָ. דאָס בלויזע אַרײַנקומען אין דעם פּרעכטיקן בנין פון דער אָפּערע האָט שוין געעפנט פאַר אים די טירן צו אַ נײַער וועלט. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך גענומען באַוועגן, האָט ער געהאַט אַ געפיל, אַז ער הייבט זיך אַרויף צוזאַמען מיט די פראַנדזן פון דעם שווערן סאַמעטענעם געוואַנד. ער איז עפּעס ווי געבליבן הענגען און נישט געפילט זײַן גוף, און אָפילו נישט זײַן הנאה. עס איז געווען ווי נעבן יידלען וואָלט געזעסן נאָר אַן אויסגעהוילטע שאָל פון זײַן גוף, וואָס האָט געפילט, אַז יידל רוימט אים עפּעס אײַן אין אויער, אָבער נישט געהערט און נישט גרייט געווען צו הערן וואָס ער זאָגט. ער איז געזעסן אויף זײַן זיצפּלאַץ און אויך אַרומגעשוועבט אין זאַל צוזאַמען מיט די קלאַנגען פון אָרקעסטער און דעם געזאַנג פון די זינגערס. דער שטורעם פון די אַפּלאָדיסמענטן האָט אים אויפגעוועקט

ווי פון אַ חלום. ער איז אויפגעשפּרונגען און אַזוי ווילד געקלאַפּט און אַזוי הויך געשריגן „בראַוואָ״, אַז יידל האָט אַ שלעפּ געטאָן זיין האַנט אים צו באַרויִקן.

זיי האָבן ביידע חשק געהאַט צו גיין נאָך אַ מאָל אין דער אָפּערע צוויי טעג שפּעטער ווען עס האָט געזאָלט שפּילן טאָסקאַ, אָבער עס איז דעם טאָג געוואָרן פינף יאָר זינט יידלס חתונה און די משפּחה אין לוי־וויטש האָט צוגעגרייט אַ היימיש שׂימחהלע.

בעריש איז געבליבן אין לוויוויטש צו דער שׂימחה. ער האָט דערנאָך אַליין זיך געוווּנדערט וואָס עס איז געשען מיט אים דעם אָוונט. איז עס געווען דאָס ביסל בראָנפן וואָס ער האָט געטרונקען? היימיש איז ער דאָך געווען נאָר מיט יידלען, נישט מיט די אַלטע מיליקאָווסקיס און נישט מיט זייערע קינדער. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ לצנישער שטימונג. ער האָט נאָכגעמאַכט די איבערגעטריבענע זשעסטן פון די אָפּערע־זינגערס, געגאָרגלט זיך ווי אַ חזן און געהאַלטן אַ דרשה אויף פּויליש, אַ לצנישע דרשה, אַ פּאַראָדיע פון דעם וואָס ער האָט געהערט פון דעם דאָקטער־ראַבינער אין דער סינאַגאָגע.

ווען די אַלטע מיליקאָווסקיס זענען שוין געגאַנגען שלאָפן, איז יונגוואַרג נאָך געבליבן. בעריש האָט געזונגען און איטקאַ האָט פּראָבירט אים באַגלייטן אויף דער פּיאַנע. צווישן די לידער וואָס ער האָט געזונגען איז אויך געווען ביאַליקס „אין מיין גאָרטן״, וואָס ער האָט זיך אויס־געלערנט ביי רייזלען.

נאָך מער ווי צוויי יאָר קומען אין זייער הויז האָט בעריש איצט צום ערשטן מאָל געפילט, אַז איטקאַ באַטראַכט אים ווי אויך אירס אַ פריינד, זי איז אַריינגעקומען זיך געזעגענען ווען ער האָט זיך געגרייט אַוועק־צופאָרן.

פון דער היים האָט בעריש געשריבן אַ פּאָסטקאַרטל צו דאַנקען יידלען און אַלע זייניקע פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט. יידלס ענטפער איז געווען אַ בלאַנקע פאַרבעטונג: „קום ווען נאָר דו קאָנסט. איטקאַ גריסט דיך און זאָגט צו דיך אויסצולערנען לייענען מוזיק״.

# XXXVIII

אין סאָד האָבן גענומען צײַטיק ווערן קאַרשן, שטענגעלעך, אַגרעס. גאַנצע בייטן מיט טרוסקאַווקעס האָבן זיך אויך געפונען אינווייניק דער צוים וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם סאָד. עס איז געווען אַ שפּעדיק יאָר און מתוּת האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט אַזוי פיל אַרבעט. די גאַנצע משפּחה האָט געהאָלפן; אַפילו בעריש, וואָס איז געקו־מען צו אײַזיקן, האָט צוגעלייגט אַ האַנט. אַ קאַרש איז אַן איידעלע פרי. אַראָפּנעמען צו פרי וועט עס בלײַבן זויער, לאָזן אויפן בוים צו לאַנג וועט עס ווערן איבערצײַטיק, אָדער די פייגל וועלן עס אויספּיקן. בײַ מתוּתן איז אַ פויגל אַלע מאָל געווען אַ גאַנצער יחסן. פייגעלעך פליִען ווי די מלאכים, זיי זינגען שירה. אָבער אין אַ סאָד זענען פייגל גנבים. זיי פרעסן אויף די בעסטע פּירות אָדער צעקליעטשען די פּירות מיט זייערע שאַרפע שנאָבלען.

דאָמבראָווקע איז געווען אַ קליינע ייִדישע קהילה, אָבער מיט אַ סך פּאַרטייען און אויך אַ קן פון השומר־הצעיר. יענע זענען להוט זיך צו געניטן אין אַגראַר־אַרבעט צו זײַן גרייט פאַר דעם, ווען זיי וועלן קומען קיין פּאַלעסטינע. רייזלען איז אײַנגעפאַלן אַ רעד צו טאָן מיט זיי וועגן אַרויסהעלפן אין סאָד, און זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט דערין.

די ציוניסטישע חברה־לײַט האָבן ליב צו זינגען; מתוּתעס געזינדל האָט עס אויך נישט פּײַנט. די צוויי חסידישע איידעמס האָבן געקוקט קרום אויף דעם, וואָס די ייִנגלעך מיט די מיידלעך זענען צו פיל צוזאַמען און האַלטן זיך בײַ די אַקסלען ווען זיי טאַנצן אַ האָראַ, אָבער זייער גאַסט בעריש האָט געקוקט מיט אַ פאַרבענקטן בליק אַהין, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג; רייזלס קול האָט זיך אַרויסגעהערט פון דעם כאָר.



וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַע משוגעת? איז קלמן געווען אין כּעס אויף זיך אַליין. צו אַל די שוואַרצע יאָר, וואָס גייט אים אים אַזוי אין לעבן דאָס גאַנצע נאַרישע געזינדל? ער ליגט אין געהאַקטע צרות מיט אַ צעצונ־דענעם פּוס און שלאָגט זיך פונדעסטוועגן פון די כּוחות, עס זאָל ווערן

אַ שידוך צווישן דעם רבס זון און רייזלען. און דאָ גאָר — ווי זאָגט מען עס „אַז מע בעט אַ פּאַרך צום מנין, האַלט ער זיך דאַרונטער", זי וויל בעסער דאָס שפּילעוודיקע שוסטערל!

שוים איז קלמנען געקומען פּאַרן מויל, אַזוי איז ער געווען אין כּעס. געגנוג שוין געווען זייער אַפּוטרופּס. ער וועט זיי אַלעמען אַרויס־וואַרפן אויף זיבן שפּענדלעך! און אויב ער וועט זיך נישט לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט פאַר אירע שוועסטערס, וועט די שטומע טיילע אים נישט וועלן?

וואָס עסט ער זיך אַזוי אָפּ דאָס האַרץ? ער איז ווי אַ קליין קינד וואָס טופּעט מיט די פיסלעך ווען מע נעמט אַוועק אַ שפּילעכל. ווען עס איז אים צום ערשטן מאָל איינגעפאַלן וועגן דעם שידוך מיט לייבל דעם לאַנגן משהס, איז עס דאָך געווען נישט מער ווי אַ וויץ. געוואַלד וואָס ער האָט שוין אָפּגעטאָן זינט דעמאָלט!

ווי ווײַט וועלן אים זײַנע משוגעתן דערפירן? נאָך גוט, אַז עס איז אים נישט אײַנגעפאַלן צו פאַרשדכנען רייזלען צום זון פון מלוכה־פּרעזידענט. אין דאָמבראָווקע זאָגט מען, אַז דער פּריץ לייגט אַ סך האָפן אויף דעם פּרעזידענטס וויזיט. דער פּרעזידענט האָט אַ זון אין חתונה־עלטער און דער פּריץ האָט אַ טאָכטער. דער אמת איז, אַז אויך דער פּריץ לייגט זיך בחינם פייגעלעך אין בוזעם, דעם פּריצעס טאָכטער האָט געהאַט אַ ייִדישן זיידע, און זי איז שוין נישט אין איר ערשטער פרישער יוגנט. עס קאָן שוין גיכער געשען, דער ייִנגער מאָשטשיצקי זאָל זען רייזלען און זאָל קריגן פאַר איר די ניכפּה. רייזל איז אַ... יאָ, אין רייזלען איז נישט שווער זיך צו פאַרליבן...

„און אויב דעם פּרעזידענטס זון וועט זיך נישט פאַרליבן, וועט עס אים דען העלפן?" האָט קלמן געגנומען חוזק פון זיך אַליין, „אַז קלמן קאַליקע נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַרײַן..."

נאָך דעם ווי ער האָט מיט צוויי האַפּסלעך געטאָן אַזעלכע גאָלדענע שידוכים, קאָן קיינער נישט זאָגן, אַז ער שיכּורט זיך אָן מיט פּוסטע פאַנטאַזיעס. ער איז דרייסט, אויפטועריש דערוועגעריש, אָבער האָט אַ חוש פאַר רעאַליטעט. ער ווייסט צו אונטערשיידן צווישן פּוסטע טרויַ־מערײַען און אידייעס וואָס פירן צו פּלענער און צו רעאַליזאַציע.

אַהאַ, ער ווייסט שוין וואָס עס איז. ער איז פאַרליבט אין רייזלען,

אָבער זײַן חוש פאַר רעאַליטעט זאָגט אים אונטער, אַז דעם טרוים מוז ער אויסלעבן דורך אַ שליח. פאַר וואָס בעריש? אפשר ווײַל אַ מאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, האָט ער געהאַט טרוימערײַען, אַז ער איז דעם רבס אַ קינד. דאָ, איז בעריש ער אַליין, בעריש פאַרטרעט אים אין די חלומות וועגן רייזלען.

יאָ, ער האָט זיך אַזוי פיל מאָל געקוויקט מיט דעם, וואָס קיילע זעט אויס ווי איר יינגסטע שוועסטער, ספּעציעל ווען זי זיצט און מע דערקענט נישט, אַז דער רעכטער פוס איז קירצער. זי האָט זיכער, דאָס מיינט, רייזל האָט זיכער פּונקט אַזאַ סאַמעטענע הויט, פּונקט אַזעלכע שיינע שענקלען, אָן האָר און זײַדגלאַטיק. וויפל מאָל האָט ער זיך שוין געגרייסט פאַר זיך אַליין, אַז ער ווייסט ווי רייזל זעט אויס גאַקעט: אַ שמאָלע טאַליע איבער רונדיקע באַקעס, זיכער אויך אַ ברוין פּינטעלע איבער דעם רעכטן באַק — ווי בײַ קיילען.

וועט זיך דאָ איבערחזרן דאָס וואָס איז געשען ווען ער האָט יאָסלען געמאַכט פאַר זײַן פאַרטרעטער צו ברײַנדלען?

„און אפשר..."

ער האָט זיך צעלאַכט און די גאַנצע געשפּאַנטקייט האָט פּלוצלינג נאָכגעלאָזן. ער האָט גאָר ליב דעם רב און וויל זיך אײַנקויפן אין קרובה־שאַפט. קלמן קאַליקע קאָן נישט זײַן ווי יעדער נאָרמאַלער מענטש. אַ מאָל האָט ער נאָר געדאַרפט האָבן וועמען פײַנט צו האָבן. זײַן גרעסטער נצחון איז געווען ווען ער האָט געקאָנט מאַכן, עמעצן זאָל פּלאַצן די גאָל. אָבער לעצטנס זוכט ער גאָר מיטלען צו פאַרשאַפן נחת: מתותן, דעם רב, קיילען. דעם רב, אפשר מער ווי מתותן און אַלע זײַניקע. ווי נאָר עס בליצט אויף אַ נײַער געדאַנק, פּראָבירט ער טרעפן וואָס דער רב וועט זאָגן וועגן דעם. שוין באַלד צוואָנציק יאָר פאַרבײַ זינט דער רב האָט אים פאַרהערט אַ שטיקל חומש און אים געגעבן אַ טאַטעשן קניפּ אין באַק, געלויבט אים פאַר דער רביצין און די רביצין האָט אים באַלוינט מיט שבת־אויפּס. עס איז שוין אַוודאי פאַרבײַ אָן אַכצן יאָר זינט דער רב האָט זיך אַליין מטריח געווען און אים אָוועקגעפירט אויפן בית־עולם בעטן מחילה בײַ זײַן פאַרשטאָרבענעם חבר, און מיט דעם אים געראַטעוועט פון וויסטע קאָשמאַרן. ווי קאָן אַ געפיל פון דאַנק אַרויפשווימען נאָך אַזוי פיל יאָרן?

נאָך דעם וואָס ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער נייגונג צו מרה־שחורה בײַ זײַן באָבע, ווייסט ער, אַז די קאָשמאַרן האָבן דעמאָלט געקאָנט טאָן צו אים, וואָס צרות האָבן געטאָן צו זײַן באָבען און צו זײַן טאַטן. ער געדענקט עס נישט, אָבער ער האָט זיכער דעמאָלט אין זײַנע קינדער־יאָרן געפּילט אַ געברויך צוריקצוצאָלן דעם רבֿ מיט גוטס און מאַכן, ער זאָל אָנקווּעלן פון אים. פאַר וואָס האָט ער עס פאַרגעסן, און ווי אַזוי איז עס צוריקגעקומען צו אים? וואָס טוט זיך אין זײַן „אייבערשטיבל״? וועט עס זיך נאָך אַ מאָל איבערקערן פון משוגענער גוטסקייט צוריק צו משוגענער רשעות?

# XXXIX

דער פּריץ האָט נישט פאַרגעסן קלמנס „גרוס״ צו זײַן קוזינע די פּריציטע, און אָנגעזאָגט זײַנע מענטשן, זיי זאָלן קלמנען נישט צולאָזן אויב ער וועט זיך פּראָבירן דערנענטערן בעת דעם פּאַראַד לכבוד דעם פּרעזידענט. אָבער קלמן איז אַפילו נישט געקומען צום פּאַראַד, ער האָט ווידער געהאַט צרות מיט זײַן פוס; בײַם עפענען די עלעקטרע־סטאַציע האָט אים פאַרטרעטן זײַן כּלה, קיילע.

ער האָט געהאַט יסורים אין פוס, אָבער עס האָט אים הנאה געטאָן וואָס דער פּריץ וועט דאַרפן פאָרשטעלן קיילען פאַר דעם פּרעזידענט; דער פּרעזידענט וועט דריקן איר האַנט, און אפשר אויך איר אַ קוש טאָן אין האַנט — בײַ די אַריסטאָקראַטן קושט מען די האַנט פון אַ פרוי. זאָלן די נישט־פאַרגינערס דאָס זען און פּלאַצן פון קנאה.

דער פּאַראַד איז טאַקע פאַרבײַגעפאָרן די עלעקטראַרײַ, אָבער זיך נישט אָפּגעשטעלט. דאָס האָט קלמנען פאַרדראָסן, אָבער ער האָט געהאַט גרעסערע דאגות. די צוקער־פאַבריק האָט נאָך אַלץ דערלייגט געלט, די מעכאַנישע מיל האָט זיך שוין געבויט, אָבער ער האָט נאָך אַלץ נישט געפונען אַ געהעריקן פאַכמאַן וואָס זאָל קענען אָנפירן מיט אַזאַ גרויס געשעפט און וואָס ער, קלמן, זאָל אים קאָנען געטרויען. וועט ער אין די צוויי פאַבריקן צעפּטרן זײַן פאַרמעגן? עס וואָלט לײַכטער געווען צו

געפינען די ריכטיקע מענטשן פאַר זײַנע געשעפטן אויב ער וואָלט געקאָנט פאָרן זוכן, אָבער דער קראַנקער פוס האַלט אים צוגעבונדן צום בעט.

אָפּהאַקן דעם פאַרשאָלטענעם פוס און וואַרפן פאַר די הינט? אַז די קני זענען צוזאַמענגעוואַקסן און לאָזן זיך נישט בייגן, דאַרף ער די פיס אויף טויזנט שאָק כּפּרות!

ער האָט געוווּסט אַז ער וועט עס נישט טאָן. ער איז גענוג קאַליקע אַזוי ווי ער איז. דאַרע שטעקנס אָן בלוט זענען די פיס, אָבער אַז ער ליגט אויסגעצויגן אין בעט איז ער אַ גאַנצער מענטש מיט אַלע אברים. חלילה, ער זאָל ווערן אַן אמתדיקער קריפּל מיט אַ פעלנדיקן גליד.

ס'איז צום לאַכן, און אפשר גאָר צום וויינען, ווי קאָמיש ער איז. ער האָט געמוזט דעמאָלס שטאַרק הנאה האָבן פון קיילען, אויב ער געדענקט אַזוי גוט יעדן פּרט פון איר גוף, און באַלעקט זיך עד־היום מיט יעדן ביסעלע חן וואָס ער האָט אין איר געפונען. טאָ פאַר וואָס איז אים דעמאָלט אין גאַנצן נישט אָנגעגאַנגען וואָס קיילע טראַכט אָדער פילט? איצט, ווי נאָר עס איז אים אײַנגעפאַלן דער משוגענער געדאַנק וועגן אַמפּוטירן דעם פוס, האָט ער באַלד געטראַכט וועגן קיילען. ער וויל איר געבן די גאַנצע מציאה און נישט אַראָפּנעמען אַ שטיקל. ער וואָלט עס נישט געקאָנט סובל זײַן, זי זאָל אים זען אָן אַ פוס, ווי ער לאָזט זי איצט נישט צו צו זיך, אויס מורא, אַז זי וועט פילן דעם שלעכטן ריח פון דעם געמויזעכץ אין זײַן וווּנד.

קלמן האָט געשיקט נאָך בעריש דעם רבס, אפשר וועט ער האָבן מער הצלחה מיטן חתנס צד. מתּות איז צוריקגעקומען זאָגן, אַז בעריש איז אין לויוויטש צו גאַסט בײַ די מיליקאָווסקיס.

„בײַ די מיליקאָווסקיס?" האָט קלמן זיך דערשראָקן, „דער אַלטער האָט אפשר אַ טאָכטער אין בערישעס עלטער?"

„כ'ווייס נישט ווי אַלט זי איז, אָבער זי איז נאָך פרײַליידיק. אפשר וועט טאַקע זײַן אַ שידוך".

„וואָס פאַר אַ שידוך אויף מײַן קאָפּ?" איז קלמן געוואָרן אין כּעס. דער גאַנצער מתּות האָט נישט קיין סך מער שׂכל ווי זײַן ציפּע.

ווען בעריש איז נאָך זײַן צוריקקערן פון לויוויטש געקומען צו קלמנען, האָט קלמן אים באַלד אַ פרעג געטאָן: „די פאַננע מיליקאָווסקאַ איז עפּעס אַ פײַן מיידל?"

„דער פֿאָן קען איטקאָן?"

„איטקאַ? כ'זע, אַז איר זענט שוין מיט איר אַ גאַנצער שמעלקע".

„אַז מע קומט אַרײַן אין אַ הויז..."

„ווי אַזוי איז דער פֿאָן געקומען צו דעם הויז?"

„ייִדל טשאַרני, דער איידעם, מיר זענען גוטע חברים".

„און... ווי הייסט די פֿאַניענקע?"

„איטקאַ. איז... ווי כ'האָב געזאָגט: אַז מע קומט אַרײַן אין אַ הויז, מע עסט בײַ איין טיש, מע... זי לערנט מיך שפּילן פּיאַנע".

„אַ".

„קיין וואַזשנער פּיאַנע־שפּילער וועל איך נישט ווערן, אָבער כ'האָב זייער געוואָלט זיך אויסלערנען לייענען נאָטן".

„רייזעלע קען אויך לייענען מוזיק".

„כ'ווייס, זלמן פּיטעל האָט זי אויסגעלערנט".

„פֿון וואַנען ווייסט איר?"

„וואָס הייסט פֿון וואַנען? פֿון רייזלען".

די רייזל איז, ווײַזט אויס, נישט קיין גרעסערע חכמה ווי איר עלטסטע שוועסטער. וואָס דאַרף זי נאָך פּלוישן וועגן דעם? „צו וואָס דאַרף אַ רב קענען נאָטן?"

„דער טאַטעשי קען נישט".

„איר וועט דאָך אויך אַ מאָל זײַן אַ רב".

„איך? ניין".

„איר האָט דאָך היתּר־הוראה".

„נישט אַלע וואָס האָבן היתּר־הוראה זענען רבנים".

„כ'ווייס, עס איז שווער צו באַקומען אַ רבנות. אָבער אַז מע ווייסט ווי אַזוי... איר וועט זײַן אַ רב, איר וועט זײַן".

„ווער האָט דעם פֿאָן געזאָגט, אַז איך וויל זײַן אַ רב?"

„ניין?"

„ניין".

„און וואָס וועט דער טאַטע זאָגן?"

„עס שטייט אין פּרק ,אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות', רבנות דאַרף מען פֿײַנט האָבן".

„אויב אײַער טאַטע וועט זיך דערוויסן..."

„ער ווייסט".

„און ער שווייַגט?"

„ער האָט שוין שלום געמאַכט מיט דעם".

קלמן איז געבליבן זיצן ווי אויסגעפּאַטשט. ער בויט גאַנצע שלעסער אין דער לופט צו האָבן אַ שוואָגער אַ רב, און דאָ... „וואָס דען ווילט איר טאָן?"

„כ'האָב אַ נייגונג צו מיסחר. איך האָב טאַקע גערעדט מיט ר' משהן וועגן אַ פּאָסטן אין זייַן מיל".

קלמנס קאָפּ האָט געאַרבעט פיבערדיק. בעריש וועט זיך אויסלערנען מילנערייַ — דאָס איז גוט. ס'איז אָבער נישט גוט וואָס ער וועט זייַן אין לויוויטש און אוודאי וווינען בייַ די מיליקאָווסקיס. די פּאַניענקע וועט אַזוי לאַנג אים לערנען שפּילן פּיאַנע, ביז ער וועט אַרייַנשפּילן אין אירע הענט. געוואַלד, וואָס טוט מען? רב, שמאָוו. מע טאָר נישט דער־לאָזן, דער בחור זאָל פאָרן קיין לויוויטש.

„דער פּאַן האָט געשיקט נאָך מיר?" בעריש האָט געוואָלט וויסן צוליב וואָס קלמן האָט אים גערופן.

„עס איז זייער נישט טאַקטיש פון מיר וואָס איך פרעג אייַך אַזוי אויס, אָבער עס איז דאָ אַ סיבה. איך שטעק נישט אַרייַן מייַן נאָז אין יענעמס געשעפטן און איך זאָג נישט קיינעם קיין דעה. אָבער ר' מתותעס קינדער זענען צוגעבונדן צו מיר ווי צו אַן אייגענעם טאַטן און, כ'בין זיכער, רעדן מיט מיר מער אָפן ווי מע קאָן רעדן מיט אַ טאַטן".

„דער פּאַן טוט פאַר זיי אַ סך, אַלע ווייסן עס", האָט בעריש געזאָגט נאָר כדי עפּעס צו זאָגן און נאָך אַלץ נישט געוווּסט נאָך וואָס קלמן האָט געשיקט נאָך אים.

„אפשר באַגיי איך אַ בראָך פון דיסקרעציע, ס'איז נישט שיין אויס־צוזאָגן עפּעס וואָס עמעץ האָט דיר פאַרטרויט בסוד. אָבער ווען עס איז פאַר יענעמס טובה... רייזעלע רעדט אַ סך וועגן אייַך..."

„וועגן מיר?"

„קיינער קאָן נישט האַלטן אַ סוד אויף אייביק. ווען זי האָט געזען, אַז איך פאַרשטיי וואָס עס טוט זיך אין איר האַרץ, האָט זי עס געעפנט פאַר מיר".

„וועגן זלמן פיטעל?" האָט עס אַרויסגעשאָסן פון בערישן.

„וואָס פֿאַר אַ זלמן פֿיטעל ?"

„ווען זי רעדט מיט מיר, רעדט זי אַ סך וועגן אים".

„דער פֿאָן ווייסט דאָך, דער זלמן האָט זי אויסגעלערנט לייענען נאָטן. וואָס מיינט דאָס ? גאָרנישט מיינט עס. און אַז די פֿאַנגע מילי־קאָווסקאַ האָט אײַך אויסגעלערנט שפּילן פּיאַנע, מיינט עס עפּעס ?"

קלמן האָט געוואַרט אויף אַן ענטפֿער, אָבער בעריש האָט געשוויגן.

„און אַז די איטקאַ האָט אײַך אויסגעלערנט גרימפּלען אויף אַ פּיאַנע, מיינט עס עפּעס ?" האָט קלמן נאָך אַ מאָל געפֿרעגט.

„מיינט עס, אַז איך קען גרימפּלען אויף אַ פּיאַנע".

בעריש האָט שוין געהאָט פֿאַרלוירן דאָס געדולד צו קלמנס צודרינג־לעכע פֿראַגעס, קלמן האָט זיך געמאַכט תּמעוואַטע: „דאָס זאָג איך דאָך, זי האָט זיך געלערנט בײַ זלמנען, אָבער בײַ וועמען איר האַרץ איז — דאָס ווייס איך".

בעריש האָט געשוויגן. ער איז געווען זייער גיריק צו וויסן וואָס רייזל האָט געזאָגט קלמנען, אָבער דאָס איז רייזלס סוד און קלמן האָט נישט געטאָרט דערציילן אַפֿילו דאָס, וואָס ער האָט יאָ דערציילט. אָבער פֿאַר וואָס האָט קלמן אים גערופֿן ?

„זלמן פֿאַרט קיין וואַרשע זיך לערנען מוזיק. איר ווייסט עס ?" האָט קלמן געפֿרעגט.

„יאָ, ער האָט געקריגן אַ סטיפּענדיע. מע זאָגט, אַז דאָס איז אַרויס־געקומען פֿון זײַן שפּילן פֿאַרן פּרעזידענט".

„יאָ סטיפּענדיע, נישט סטיפּענדיע, ער וואָלט נישט געפֿאָרן אויב רייזעלע וואָלט געלאָזט צו זיך רעדן".

„זיי רעדן גאַנץ אָפֿט".

„כ׳מיין רעדן תּכלית".

„אָ, תּכלית. פֿון וואַנען ווייסט דאָס דער פֿאָן ?"

„קלמנען דאַרף מען נישט לייגן אַ פֿינגער אין מויל אַרײַן".

„זי טראַכט דען שוין וועגן תּכלית ?"

„זי האָט מורא צו טראַכטן וועגן תּכלית. זי קומט פֿון אַן אָרעמער משפּחה און דערצו נאָך בין איך אַ פֿלעק אין דער משפּחה".

„איר ? לעצטנס רעדט מען וועגן אײַך נאָר גוטס".

„זי האָט אויך מורא, אַז זי איז נישט גענוג געלערנט. און טאַקע ווי קומט זי צו אַ רבס אַ זון?"

„וואָס רעדט איר, פֿאַניע קלמן?" איז בעריש אַזש אויפגעשפּרונגען פון בענקל.

„דאָס וואָס איר הערט".

„רייזל האָט אַזוי געזאָגט?"

„נישט מיט די ווערטער, אָבער קלמנען דאַרף מען נישט לייגן אַ פינגער אין מויל אַרײַן".

„אָבער..."

„וואָס?"

„גאָרנישט. ס'קאָן נישט זײַן".

„זי האָט אײַך געזאָגט אַנדערש?" האָט שוין קלמן געוואָלט וויסן.

„אַזעלכע זאַכן פילט מען. מע דערקענט עס אין אַ בליק, מע דערהערט עס אין אַ ציטער פון קול..."

„עס מוז זײַן, אַז רייזעלע קען זיך גוט פאַרשטעלן".

„אַזוי? און איך האָב געמיינט, אַז פאַרקערט, ספּעציעל ווען זי האָט גערעדט וועגן זלמן פיטעל".

די געשיכטע מיט דעם שוסטעריונג איז, ווײַזט אויס, אַ סך ערנסטער ווי ער האָט געמיינט. ער וואָלט געדאַרפט אַרײַנצימבלען דער מויד אין איר, ווי הייסט עס, אַז עס זאָל געשוואָלן ווערן. מתות האָפסלס מויד געפעלט נישט דער שידוך מיטן רבס זון, נו?

בערישן האָט זי אָפּגעלאָזט איר סוד, ער ווייסט אַלץ וועגן דעם שוסטעריונג, אָבער אויף קלמנען פײַפט זי. ער לייגט זיך פאַר איר אין דער לענג און אין דער ברייט, און זי געפינט אפילו נישט פאַר נייטיק אים צו זאָגן וואָס אַלע ווייסן שוין.

אײַ, האָט ער דאָ אָנגעקאָכט אַ קאַשע מיט דעם בערישן. ער האָט דאָך אים געזאָגט, אַז די מויד איז פאַרליבט אין אים.

אַז קלמן האָט אָנגעקאָכט אַ קאַשע, וועט רייזל זי מוזן אויפעסן, זי וועט מוזן! „הערט, בעריש, רייזל דאַרף נישט וויסן, אַז איך האָב אײַך דאָס אַלץ דערציילט. איך האָב אפשר צו פיל דערציילט, אָבער פאַר־לאָזט זיך אויף קלמנען. איך רעד נישט סתּם אין דער וועלט אַרײַן".

„כ'האָב מורא, פֿאַניע קלמן, אַז איר האָט רייזלען נישט ריכטיק

פאַרשטאַנען, כ׳בין כּמעט זיכער... סײַ ווי, אַ דאַנק פאַרן זאָגן מיר דאָס אַלץ״.

„מתותעס קינדער זענען מיר נאָענט, דעם רבס קינדער זענען מיר אויך נישט פרעמד. איך בין דעם רב שולדיק מער וויפל עמעץ ווייסט. אויב... כ׳מיין, אויב איך קאָן עפּעס טאָן פאַר אײַך... איר דאַרפט מיר נאָר זאָגן״.

„אַ שיינעם, שיינעם שקויעך״

„און ס׳איז גוט וואָס איר וועט אַרבעטן אין אַ מיל. האַלט די אויגן אָפן, בעריש. דאָמבראָווקע וועט אויך בקרוב האָבן אַ גרויסע מיל און עס וועט אַוודאי גוט זײַן צו האָבן אַן אייגענעם וואָס קען מילנערײַ. דעם רבס זון איז מיר אַן אייגענער, אַפילו אויב ער טראַכט אַז מײַן רייזעלע איז אונטער זײַן כּבוד״.

אויף דעם שטאָך האָט בעריש נישט רעאַגירט, ווי ער וואָלט עס נישט געהערט. ער האָט נאָר געזאָגט: „דאָס וועל איך נישט קאָנען טאָן״.

„וואָס?״

„עסן ר׳ משה מיליקאָווסקיס ברויט, לערנען זיך אין זײַן מיל און גיין אַרבעטן פאַר זײַן קאָנקורענט? דאָס וואָלט געווען נישט אָרנטלעך״.

„זײַן קאָנקורענט? עס זענען דאָ מעכאַנישע מילן אין סאָכאַטשאָוו, אין גאָמבין, אין זשיכלין. נישט אַלע פּויערים ברענגען זייער תּבֿואה קיין לוויוויטש״.

„אַן ערך פינף און צוואַנציק פּראָצענט פון דער דאָמבראָווקער תּבֿואה גייט קיין לוויוויטש און דאָס וועט איר צונעמען״.

„איר רעדט שוין מיטן לשון פון אַ פאַכמאַן. געווי פינף און צוואַנציק פּראָצענט? ווי אַזוי האָט איר דאָס אויסגערעכנט?״

„ייִדל האָט דאָס געזאָגט. ער האָט אויך געזאָגט, אַז אויב איר וואָלט געבויט די מיל בשותּפות מיט זײַן שווער, וואָלט עס געווען גוט פאַר ביידן. דעם אַלטנס פּראַקטיק אין מילנערײַ וואָלט אײַך צו נוץ געקומען״.

„ניין, איך דאַרף נישט קיין שותּפים. זיכער נישט קיין שותּף, וואָס וועט וועלן זײַן דער גאַנצער באַלעבאָס. צוריקגעשמועסט... כ׳על אַ טראַכט טאָן וועגן דעם״.

✶

אין רש״י איז באַשריבן ווי אַזוי אַהרן־הכהן האָט געבראַכט דערצו, צוויי צעקריגטע זאָלן זיך איבערבעטן. ער איז געגאַנגען צום ערשטן און געזאָגט, אַז דער צווייטער בעט אים איבער, געגאַנגען צום צווייטן און געזאָגט, אַז דער ערשטער בעט אים איבער. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט דעם אמת, איז שוין געווען צו שפּעט צוריק צו ווערן שׂונאים... ער האָט שוין אָנגעווענדט די טעכניק בײַ בערישן און איצט מוז ער זיך נעמען צום אַנדערן צד. ווען ער וועט פאַרטיק ווערן מיט רייזלען, וועט בעריש שוין גיין אין שפּאַן. ער קאָן האָבן דאָס שענערע מיידל און אַ מיל אויך.

## XL

„רייזעלע ? אוי, אויב כ׳וואָלט געטראַכט וועגן משיחן, וואָלט ער אַוודאי אויך געקומען. טרעף ווער ס׳איז דאָ הײַנט געווען ?״

„ווער ?״

„בעריש דעם רבס״.

„בעריש ? וואָס מאַכט ער ?״

„די מיליקאָווסקיס פון לוּיוויטש ווילן אים אַרײַנקריגן אין זייערע הענט. כ׳ווייס נישט צי ס׳איז אמת, אָבער מע זאָגט, אַז די יינגסטע טאָכ־טער, איטקאָ הייסט זי, מע זאָגט, אַז זי איז פאַרליבט אין בערישן ביז איבער די אויערן״.

„ווער זאָגט ? בעריש וועט זיך נישט באַרימען וועגן אַזעלכע זאַכן״.

„ניין, בעריש איז נישט קיין באַרימער, אָבער קלמנען דאַרף מען נאָר זאָגן עפּעס און ער פאַרשטייט שוין די גאַנצע זאַך. זי לערנט אים שפּילן פּיאַנע, יענע וואָך איז ער געווען בײַ זיי אַ גאַנצע וואָך, זיי נעמען אים אַרײַן אין דער מיל״.

„מען קאָן שוין ברעכן טעלער ?״

„ס׳אַרט דיך נישט ?״

„פאַר וואָס זאָל עס מיך אַרן ?״

„מאַך זיך נישט געפּגרט ; דו ווייסט, אַז ער איז צו דיר נישט גלײַכגילטיק״.

„איך ווייס נאָך נישט, און דו ווייסט שוין ?״

„די זאַכן פילט מען. מע דערקענט עס אין אַ בליק, מע דערהערט עס אין ציטער פון קול", האָט קלמן גענוצט בערישעס ווערטער.

„אַ ביסל האָט זיך מיר געדאַכט".

„ס'איז נאָך נישט פאַרפאַלן. איך האָב געזאָגט, אַז זי חלשט פאַר אים, כ'האָב נישט געזאָגט, אַז עס איז קעגנזייַטיק. בעריש איז פאַרליבט, אָבער נישט אין דער מיליקאָווסקי מויד".

„בעריש האָט ליב לאָקשן און בייַ די מיליקאָווסקיס איז פאַראַן אַ סך מעל..."

„דו ווילסט מיר רעדן אין דער גאַל אַרייַן? רייזל, קום אַהער דאָ נענטער. וואָס האָסטו עפּעס אַזעלכע רויטע אויגן? האָסט געוויינט?"

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אים.

„וואָס איז געשען צווישן דיר און זלמנען?"

„אַלע מייַנע חתנים פאָרן אַוועק. זלמן קיין וואַרשע, בעריש קיין לוי־וויטש, און איך, זיץ מיר אויפן שטיין און קוק אַראָפּ און וויין', ווי מע זינגט אין דעם לידל".

„עפּעס רעדסטו מיר צו קליגעריש. קום נאָר אַהער דאָ, דריי זיך אויס, אַזאַ פּנים ווי דייַנס דאַרף מען נישט באַהאַלטן".

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און ער האָט געזען פייַכטקייט אין אירע אויגן.

„איך בין דייַן עלטערער ברודער, אַרויס מיט אָפענע דיבורים. דו וויינסט? שוין די מינוט זאָלסטו מיר זאָגן ווי ווייַט עס איז דערגאַנגען בייַ ענק?"

„צו ווייַט, כ'האָב אים ליב".

„ער האָט דיך אַרייַנגעפירט אין אַ צרה? כ'על אים מאַכן מיט אַ קאָפּ נידעריקער!"

„דו מיינסט אַזאַ צרה ווי דו האָסט אָנגעמאַכט קיילען? ניין. קיילע איז זיכער געווען, אַז דו וועסט מיט איר חתונה האָבן, איך בין נאָך מיט גאָרנישט זיכער".

„געפעלסט אים נישט? ס'שטייט אים נישט אָן?"

„זלמנס ערשטע ליבע איז די פידל".

„טאָ זאָל ער זיך האַלטן מיט איר, האָבן קינדער פון איר. דו וועסט נאָך קריגן אַזאַ מעצאָצע".

„אַ מציאה אָדער נישט, איך האָב אים ליב".

זי איז געווען אַזוי טרויעריק, אַז קלמנען איז ווייך געוואָרן דאָס האַרץ. „דו ווילסט, איך זאָל רעדן מיט אים? איך קאָן אים געבן צען סטיפּענדיעס".

זי איז צוגעשפּרונגען צו קלמנען און אים אַ קוש געטאָן: „דו ביסט אַזאַ גוטער. קלמן, כ'קאָן אָן אים נישט לעבן".

רייזל איז שוין געווען אויף יענער זײַט טיר ווען קלמן האָט מיט דער פויסט זיך אַ זעץ געטאָן אין שטערן: „אידיאָט, האָסט געאַרבעט צו מאַכן אַ שידוך מיטן רבס זון, און דאָ האָסטו איבערגעקערט דעם גאַנצן שאַף מילך. „רייזל, רייזל!" האָט ער זי געוואָלט צוריקרופן, אָבער זי האָט אים נישט געהערט.

אַ בראָך צו קלמן קאַליקעס וויסטע יאָרן! ער'ט זיך אײַנגערעדט, אַז ער קאָן אַלעמען פירן בײַ דער נאָז און אָנמאַכן יעדן אויפן קאָפּ. דאָס רייזעלע איז גרייט אים צו שענקען אַ שמייכל און אַ גוט וואָרט, בתּנאי ער זאָל מיט זײַן געלט אונטערקויפן דעם קלעזמער־יונג. די נאַיווע, פרומע פּנימלעך וואָס זיי שטעלן אָן! דער חכם־בלילה קלמן האָט דאָך געגלייבט, אַז אַלע האָפּסלעך האָבן געקליבן גאָלדשטיקלעך מיט ריינע הענט און אַז אַפילו איינס האָט זיך נישט צוגעקלעפּט. אויב ער וואָלט געזוכט בײַ זיי אונטער די קישנס, וואָלט ער אפשר געפונען מער ווי אונטער מאַריאָס קישן. געוואָלד, ווי קאָן אַ געניטער מענטש, ווי ער, זײַן אַזוי בלינד? מענטשן זאָגן: „וואָס צו איז איבעריק". די האָפּסלעך זענען צו ערלעך, צו גוט, צו געטרײַ. ניין, אויף דער זינדיקער וועלט זענען נישט פאַראַן אַזעלכע צדיקים. צו איז אַן אָנשטעל און אַ ליגן, ס'איז צו גוט צו זײַן אמת.

זינט ווען קאָן דאָס נאַרישע מתות־געזינדל אַרומדרייען קלמן קאַליקע אַרום זייערס אַ פינגער? נאַראָנים און קבצנים — זיי זאָלן כאָטש האָבן שׂכל זיך צוצוהערן צו עמעצן וואָס ווייסט בעסער. ער בויט פאַר זיי אַן אימפּעריע און זי האָט זיך פאַרליבט אין עפּעס אַ לאַטיק וואָס זאַמלט פּויערישע לידלעך, אַוודאי ווען ער ליגט מיט די פּויערישע שיקסעס אויף די היי־סטויגן...

רייזל וויל נישט בערישן? איז נישט געפידלט! ער האָט שוין אָפּגע־

צאָלט מתותן פאַר אַלץ וואָס מתות האָט געטאָן פאַר אים. געגעבן פּרנסה, חתונה געמאַכט צוויי זײַנע קוליאַסעס מיט נדנים — גענוג! זאָל ער זיך האַלטן מיט זײַן רייזל און אויך מיט זײַן שטומער קיילע, צוזאַמען מיטן ממזרל. ווען זיי וועלן אַלע קומען אויף די קני אים איבערבעטן וועט ער זיי מודיע זײַן, אַז וואָס עס איז געווען, קאָן מער נישט זײַן. זיי קאָנען אַלע קומען צו אים אַרבעטן, אַלע, אָבער נישט קיילע. אפשר וועט ער איר קויפן עפּעס אַ שטיקל מאָן, ווי דער פּריץ פירט זיך ווען ער מאַכט עמעצן אַ ממזר. אָבער ער אַליין בויט אַן אימפּעריע און מוז האָבן אַ ווײַב אַ קייסערינע. אַכיבע — אויב זיי וועלן אים שטאַרק בעטן — וועט ער אפשר מסכּים זײַן צו נעמען רייזלען.

כּעס פּילט אָן זײַן קאָפּ מיט משוגענע געדאַנקען, אָבער וועגן אַרויס־טרײַבן מתותן טראַכט ער ערנסט. ווען נישט די צרות מיטן פּוס, וואָלט ער זיי נאָך הײַנט אַרויסגעטריבן. עס איז אפשר כּדאי צוריקצוברענגען מאַריאַן, אַבי פּטור צו ווערן פון דעם געזינדל. וויפל קאָן שוין די מאַריאַ אַנגנבענען? זיי איז ער דאָך גרייט געווען צו געבן אַלץ! יאָסל, שטיי אויף פון דײַן קבר און האָב דײַן נקמה. דער קנאַקער קלמן רירט נישט אָן די שטום־לאָמע קיילע, ווײַל ער האָט מורא, אַז ער וועט איר נישט שמעקן צו גוט.

ניין, ער וועט נישט משלח זײַן קיילען איידער ער וועט איר אָנמאַכן נאָך אַ ממזרל. ווער עס וויל האָבן ס'גענאַר אין קלמן קאַליקע, געפינט שנעל אויס, אַז קלמן האָט גאָר געהאַט ס'גענאַר אין אים!

אַן אימפּעריע האָט ער געוואָלט בויען, און ער, דער אימפּעראַטאָר איז גאָר אַ געפאַנגענער בײַ אַ בינטל אידיאָטן. טיילעלע, טאַלמען טאַליטע וועט דיר נאָך ווײַזן וואָס ער טאָן! אַרויסטרײַבן זיי? דערווײַל דאַרף ער זיי נאָך. ער וועט זיי צו ערשט אויסנאָגן דעם זאָפּט פון די ביינער, און דערנאָך זיי געבן אַ פײַג.

יעדער אָנפליײַץ פון כּעס האָט אים אַ הייב געטאָן אין זײַן בענקל. ער האָט געבײַלט די פויסטן, געקלאַפּט אין טיש און געבליבן זיצן אויס־געשעפּט. דער גאַנצער גוף איז שלאַבעריק געזונקען און געשווערט אַראָפּ, ווען די טיר האָט זיך געעפנט. קיילע איז געקומען אָפּקאָכן פאַר אים עפּעס עסן.

קלמן האָט אַרײַנגעצויגן אַ פּולע ברוסט לופט און אויסגעגלײַכט די פּלייצע. „קום אַהער דאָ, קיילע, כ׳בין הונגעריק צו עפּעס אַנדערש״.

קיילע איז אונטערטעניק צוגעגאַנגען צו אים: „פאַר וואָס האָלטסטו אין איין אָפּליידן די חתונה? כ׳טאָן שוין אויך נישט וואַרטן״, האָט זי געזאָגט און שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

חתונה שמאַסענע, האָט קלמן געטראַכט. ער האָט זיך נאָך אַלץ געבונטעוועט: און אַז איך דאַרף אַ מאָל אַ גלאָז מילך, מוז איך מיר דען כאַוועון אַ קו? „אַז מיר קאָנען ביידע נישט וואַרטן, טאָ וואָס וואַרט מען?״ האָט ער געפרעגט און שעלמיש אַ ווונק געטאָן צו איר.

„אוי, טאַלמען, טאַלמען״, האָט זי געקרעכצט. איר אָטעם איז געוואָרן הייס און קורץ, ער האָט אָנגענומען איר האַנט און דערפילט די שנעלקייט פון איר פּולס.

„גיב מיר אַ קוש״.

זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן אים צו קושן, פון דעם דעקאָלט אין איר בלוזקע האָבן רונדיקייטן אקעגנגעטאָנצט זײַן בליק. נאָך איידער אירע ליפּן האָבן באַגעגנט זײַנע, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „קום״ און איז אַראָפּ פון בענקל אויף וועלכן ער איז געזעסן. ער האָט זיך געריטשט צו דער אַנדערער שטוב, וווּ עס איז געשטאַנען זײַן בעט.

„אין מיטן טאָג?״ האָט זי זיך געבעטן, אָבער געגאַנגען נאָך אים. ער האָט זיך געגעבן אַ הייב אַרויף אויפן בעט און געבליבן זיצן. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו קיילען זי אַ שלעפּ צו טאָן, אָבער ער האָט נאָר אָנגענומען איר האַנט. ער האָט געקוקט אַראָפּ צו דער ערד, געגלעט איר האַנט און גענומען רעדן צו איר מיט אַ בעטנדיק קול: „געטרוי מיר נישט, קיילע. איך בין אַ קאָמפּליצירטער מענטש מיט קאָמפּליצירטע שטימונגען און ווילדע אײַנפאַלן״.

„דו ביסט טלוג און דעלערנט, און כ׳פאַרשטיי נישט אַלץ וואָס דו זאָדסט, אָבער... דו ביסט מײַן טאַלמען און איך בין דײַן טיילע. טאָנסט מיך דערהרדענען, אויב דו ווילסט, כ׳בין דײַן״.

קלמן האָט זיך געגעבן אַ רוק אַראָפּ פון בעט און שנעל זיך געריטשט צו דער פראָנט־שטוב. קיילע איז אים נאָכגעלאָפן: „וווּ לויפסטו?״

„די טיר איז נישט פאַרקייטלט, דײַן טאַטע קאָן אַרײַנקומען יעדע מינוט. און... געטרוי מיר, קיילע, דו קאָנסט מיר יאָ געטרויען״.

# XLI

ווען נאָר קיילע האָט גערעדט וועגן ברענגען צו אים דאָס קינד, האָט ער פּראָבירט זי אָפּרעדן דערפון, און ער איז געווען גערעכט. דאָס שיינע יינגעלע איז געוואָרן ווי אַ קוויטשעדיק חזירל ווי נאָר קיילע האָט עס אַרויפגעלייגט אויף זייַנע הענט. „נעם עס, נעם עס", האָט ער זיך געבעטן בייַ איר. קיילע האָט אַרויסגענומען פון איר טאָרבע אַ צוקערל אויף אַ העלצל און עס דערלאַנגט קלמנען: „נאַ, דעב עס אים".

קלמן האָט אַראָפּגענומען דאָס פּאַפּירל פון דעם „לעקער". נאָך איידער ער האָט עס צוגעטראָגן צום קינדס מייַלכל, האָט עס שוין אויסגעשטרעקט ס'הענטל. קלמן האָט זיך געוואָלט אַ ביסל רייצן, ס'קינד האָט געריסן דאָס צוקערל פון זייַן האַנט און ווידער אַרויס מיט אַ געשריי.

„ס'איז דעם טאַטנס זינדל, ס'עט זייַן פּונקט אַזאַ גראַביאַזש ווי ער", איז קלמן געווען צופרידן. „נו, נעם אים שוין, כ'ווייס נישט ווי צו האַלטן אַ קינד".

„געוווין זיך צו, כ'וויל האָבן אַ סך טינדער".

ער האָט מורא געהאַט, אַז ס'עט זיך אַרויסגליטשן פון זייַנע הענט, אָבער ר'האָט זיך צעלאַכט ווען דאָס קליינע, פולכנע, וואַרעמע הענטל האָט אַ וויש געטאָן איבער זייַן פּנים. „נעם עס", האָט ער זיך געבעטן בייַ קיילען, „כ'האָב נישט קיין געלענק צו דעם".

„דו, טלמן, האָסט אַ דעלענט צו אַלעם, און זעליטל אויך, ער טען שוין אַליין אַראָפּנעמען דאָס פּאַפּירל פון אַ צוטערל. ער'ט זייַן ווי דו".

דאָס נפשל האָט זיך גענומען קרימען און קוועטשן. „נעם אים, קיילע, אַזאַ גרויסער יונג האָט שוין געדאַרפט וויסן צו בעטן דאָס טעפּל".

קלמן האָט באַוואונדערט ווי קיילע האָט אַרויסגערייניקט דאָס קינד און אויסגעשמירט זיך די הענט; וועט ער עס אַ מאָל קאָנען טאָן? וועט ער קענען זיך צובינדן צו אַזאַ נפשל און לאַכן ווען עס וועט אים באַנעצן? האָט ער געפרעגט זיך אַליין.

אויף דער דלאָניע וועט מיר פריִער האָר אַרויסוואַקסן.



די נאַכט, ווי נאָר ער איז אייַנגעשלאָפן, האָט ער געפירט גאַנצע אָרגיעס. צו ערשט איז עס געווען קיילע, שפּעטער איז עס גאָר געווען רייזל.

ער האָט זי געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער און זי איז גאָר אַרויסגעפאַלן אויף אים מיט צודרינגלעכקייט: צי פילט ער עס נישט, צי זעט ער עס נישט אין אירע אויגן, צי דערהערט ער עס נישט אין דעם ציטער פון איר קול, אַז זי שטאַרבט אַוועק פאַר אים?

ער שטרעקט אויס די האַנט איר אַ גלעט צו טאָן, רוקט זי זיך אָפּ און זאָגט: „פינף און זיבעציק זלאָטעס".

ער וואַרפט איר דאָס געלט אין פּנים אַריַין. ס'איז רייזלס פּנים און מאַריאַס גוף. „כ'האָב דיך ליב, נאָר דיך האָב איך ליב", פליסטערט ער צו איר מיט ליַידנשאַפט, אָבער זי הייבט אויף צו אים אַ האַקמעסער און בריַינדל שטייט אין אַ זיַיט און לאַכט.

עס האָט זיך איבערגעחזרט יענע געשיכטע פון זיַינע קינדער־יאָרן, יעדע נאַכט אַן אַנדערער קאָשמאַר, שעהען נאָכן איבערוועקן זיך קאָן ער נישט איַינשלאָפן. עס זויגט אויס פון אים דאָס חיות און ער דאַרף האָבן אַ קלאָרן קאָפּ, אַנישט וועט אַלץ גיין אין דער ערד אַריַין. ער האָט דען אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן? איַיזיק קען לערנען, לייבל קאָן פאַרקויפן אַ טאָפּ צו אַ פויערטע. אפשר וואָלט בעריש יאָ געטויגט, וועט רייזל אים פאַריאָגן קיין לוויוויטש און ער וועט דאָ בליַיבן נאָר מיט די בטלנים און די נאַראָנים.

אַלע צרות קומען אפשר פון דעם, וואָס ער האָט שוין אַזוי לאַנג נישט געהאַט קיין פרוי. ער איז צו פיל צערייצט און מוז געפינען אַן אָפּשפּאַנונג. ער וויל זיך נישט פאַרמיאוסן ביַי קיילען מיטן ריח פון זיַין וווּנד? זאָל מען אים ברענגען אַ גאַסנמויד. ער וועט פון פאַרויס באַצאָלן פאַר איר דינסט און זאָל זי מער נישט קומען, אויב ער וועט איר נישט שמעקן. די צרה מיט אים איז וואָס ער מוז זיך שטענדיק באַוויַיזן מיט עפּעס, און אויב נישט... ער וועט נישט קאָנען סובל זיַין, אויב קיילע וועט קוקן אויף אים מיט רחמנות, ער וועט זי פיַינט קריגן אויב דאָס זאָל געשען. אָבער וועמען וועט אַרן, אויב אַ פּראָסטיטוטקע וועט נישט האָבן קיין געהויבענע מיינונג וועגן אים?



קלמן איז גראָד געווען אַליין, ווען מאַריאַ האָט זיך אַריַינגעשטעלט. זי האָט דאָ פאַרלוירן אַ קייטעלע מיט אַ מעדאַליאָניק פון דער הייליקער

מאַמע. דאָס איז נישט סתּם אַ מעדאַליאָניק, עמעץ האָט עס געבראַכט פון רוים, געהייליקט פון פּויפּס, זי מוז עס געפינען.

קלמן האָט באַלד חושד געווען, אַז דאָס איז נאָר אַן אויסרייד. זי ווייסט אַוודאי, אַז ער האָט נאָך נישט קיין אַנדערע קראַנקן־שוועסטער און זי האָפט, אַז ער וועט זיך איבערבעטן מיט איר.

מאַריאַ האָט צעוואָרפן דאָס בעט אין וועלכן זי פלעגט שלאָפן, אַוועק־גערוקט עס פון דער וואַנט און געזוכט אונטערן בעט. זי האָט גאָרנישט געפונען.

„די פאַני וויל פאַרדינען אַ פינף און זיבעצעקער?" האָט ער זי פּלוצ־לינג אַ פרעג געטאָן.

„דו הינטישער זון!"

„כ'בין נישט דיַין זון, כ'בין דיַין קליענט".

„ווער מיינט דער פאַן בין איך?"

„איך קען זיך נישט אויף קיין מענטשן, אָבער אויף געלט קען איך זיך יאָ. פינף און זיבעציק איז אַ שיינע מטבע, ייַנגערע נעמען נאָר אַ צענערל".

„נישט ווייניקער ווי הונדערט".

„דו נעמסט שוין רײַסן אַ פּאַסיק? גוט, זאָל זיַין הונדערט".

„ווען?"

„גיי פאַרשליס די טיר און פאַרהענג דאָס פענצטער".

קלמן איז שוין געווען אויפן בעט און מאַריאַ האָט זיך גענומען אויסטאָן. האָט ער שוין געהאַט פאַרגעסן ווי זי זעט אויס? קיין איינע פון די בייזע ווערטער וואָס ער פלעגט איר צוואָרפן איז נישט געווען איבערגעטריבן. אויב ער וואָלט געהאַט כּוח אין זײַנע פיס, וואָלט ער איר אַ קאָפּע געטאָן, זי זאָל אַרויספליִען דורכן פענצטער. „זאָל די פאַני שוין גיין", האָט ער געזאָגט מיט געבעט. ער האָט איר צוגעוואָרפן די באַנקנאָטן און דאָס מאָל האָט זי נישט געהערט פון אים קיין איין זידלוואָרט.

## XLII

ער יאָגט די אַרבעטערס, זײַן הויז זאָל פֿאַרטיק װערן אויף ראָש־השנה; וואָס איז דאָס געאײַל? אָסור צי ער ווייסט נאָך וואָס ער דאַרף אַזאַ גרויס הויז. ווען ער האָט געמאַכט די פּלענער פֿאַרן הויז, האָט ער נאָך אַלץ געחלומט וועגן זײַן „אימפּעריע" און געוואָלט אַרײַננעמען אין דעם הויז דאָס גאַנצע געזינדל. איצט איז אים דער גאַנצער ענין נימאס געוואָרן, ווי עס איז אים נימאס געוואָרן די צוקער־פֿאַבריק וואָס ער האָט געקויפֿט אַ גרויסע מציאה, אָבער די היזקות, וואָס האַלטן אין איין וואַקסן, זעגען שוין גאָר נישט קיין מציאה. די מיל וואָס ער בויט דאַרף אַרבעטן אויף עלעקטרע, אָבער ס'איז בעצם אַ ווינטמיל, מחמת זי איז געבוירן געוואָרן פֿון אַ ווינט אין זײַן הייסן קאָפּ.

אין זײַן הויז האָט מען שוין געטינקעוועט די ווענט. ער האָט סײַ ווי געדאַרפֿט זײַן אין וואַרשע, איז אפשר כדאי אַ קוק צו טאָן וועגן מעבל?

ווען קיילע האָט דאָס דערהערט, האָט זי אים געבעטן זי מיטנעמען. „די מאַדאַם וועט מיר העלפֿן אויסקלײַבן, איר דירה איז אַ מלכות".

„אפשר וועסטו שוין אויפֿהערן זי רופֿן ,מאַדאַם'? דו ביסט שוין נישט ווייניקער מאַדאַם ווי זי".

„די פֿאָני וועט מיר העלפֿן, זי איז אַ דוטע".

קלמן האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט ווי שיין קיילע האָט געהאַט אויסגעצירט די טונקעלע שטובן אין זײַן אַלטן הויז. „טײַלע האָט אַ דוטן דעשמאַט, אַ סימן — זי האָט זיך פֿאַרליבט אין טאַלמען טאַליטע", האָט ער געזאָגט צו זיך און מסכּים געווען, זי זאָל פֿאָרן מיט אים.

דאָס וועט זײַן זײַן נקמה אין גורל. אויפֿן אָרט פֿון דער חושכדיקער מפּולת פֿון דעם אַלטן חנא, וועט ער האָבן אַ גרויס הויז מיט גרויסע ליכטיקע פֿענצטער און מלכותדיק מעבל. ווי קומט עס טאַקע, וואָס זײַן באָבע, אַ דאַווידזאָן, און זײַן זיידע, פֿון די רײַכע שווערדלס, זענען געבליבן וווינען אין דער אַלטער כאַטע מיט די פֿענצטער בײַ דער ערד, אויך נאָך דעם ווי זיי זענען צוריק רײַך געוואָרן? האָבן זיי געהאַט אַ בייזע שרעק פֿאַר אַן עין־הרע?

אוי, אויב דער אַלטער חנא וואָלט אויפגעשטאַנען פון קבר און געזען, אַז פאַר די גאָלדשטיקלעך, וואָס ער האָט באַהאַלטן אין שפּאַלטן פון בעלקעס, קויפט מען מעבל פון טײַערן מאַהאָן, געבעטע שטולן אײַ־בערגעצויגן מיט דאַמאַסק, באַטיסטענע פאַרהאַנגען... יאָ, ער וועט קויפן די שענסטע זאַכן און אויסצופּוצן אַ פּאַלאַץ, להכעיס דעם אַלטן תּרח.

קלמן האָט באַשטעלט אין האָטעל אין וואַרשע צוויי באַזונדערע צי־מערן. מע האָט אים געגעבן צוויי שכנותדיקע צימערן וואָס זענען געווען פאַרבונדן צווישן זיך מיט אַ טיר. נו, זי וועט אים נישט פאַרגוואַלטיקן. קיילע איז אַ שעמעוודיקע, און אַז ער וועט נישט נעמען די איניציאַטיוו...

ווען קלמן איז געפאָרן קיין וואַרשע אַליין, האָט ער אַלע מאָל געגעסן אין דעם רעסטאָראַן פון האָטעל. קיילע האָט נישט געוואָלט נעמען קיין טריף עסן אין מויל, האָט זי געקויפט אויפשניט און אַ פּאָר זעמל אין אַ יידישן וווּרשטן־געשעפט. זיי האָבן געגעסן נאַכטעסן אין קיילעס צימער און אַראָפּגעגאַנגען נאָר טרינקען אַ גלאָז טיי. צוריקגעקומען, האָט קלמן געזאָגט אַ גוטע־נאַכט און יעדער איז אַוועק אין זײַן צימער.

קלמן, וואָס האָט געלייענט ביז שפּעט, האָט שוין געהאַט אויסגע־לאָשן די ליכט ווען ער האָט דערהערט אַ סקריפּ פון דער טיר און לײַכטע, באָרוועסע טריט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צוריק אָנצוצינדן די ליכט, אָבער נישט געפונען דעם שאַלטער. עפּעס האָט זיך אַרײַנגערוקט אין זײַן בעט און אונטער דעם לײַלעך, מיט וועלכן ער איז געווען צוגעדעקט. ער האָט סוף־כּל־סוף געפונען דעם שאַלטער פון דער נאַכטלאָמפּ און געמאַכט ליכטיק.

„קיילע, דו ווייסט וואָס דו טוסט?"

זי האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„איך שוין דיך און וואַרט, און דו..."

„דו מאַכסט זיך טראַגנט. כ'טאָן נישט צוטוטן ווי דו זעסט אויס".

„איך קאָן מײַן שטעטל באַשטיין און דאַרף נישט דײַן רחמנות", האָט ער זיך אָפּגעבייזערט.

אירע גרויסע בלויע אויגן האָבן געקוקט אויף אים מיט שטומען געבעט. ער מוז זיך האַרטעווען קעגן איר, האָט ער בײַ זיך אָפּגעמאַכט און געזוכט צו וואָס זיך צו טשעפּען. „דײַן נאַכטהעמד איז זײַד? דו גיסט אויס צו פיל געלט אויף נאַרישקייטן".

„די מאַדאַם... די פֿאַני האָט עס מיר דערציילט”.

„שוין ווידער ,מאַדאַם', כ'האָב דיר געזאָגט, אַז כ'וויל דאָס נישט הערן!”

„די פֿאַני האָט עס מיר דערציילט ווען כ'האָב דערזאָגט, אַז כ'דאַרף חתונה האָבן”.

„טאָ פֿאַר וואָס וואַרטסטו נישט ביז דער חתונה?”

זי האָט צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זײַן אָרעם: „דו ביסט מײַן מאַן”.

„אָן אַ חתונה בין איך נישט דײַן מאַן”.

„דו אַליין האָסט דערזאָגט, אַז ס'איז דילטיט אויך מיט... כ'טען עס נישט נאָכזאָגן”.

עס איז געווען הייס אין וואַרשע, ער איז געגאַנגען אין בעט אַרײַן ווי די מאַמע האָט אים געהאָט. אירע ווייכע האָר האָבן געקיצלט זײַן אָרעם, עס האָט אים געצויגן זיך צוצורוקן צו איר, אָבער ער האָט זיך גאָר אויפגעזעצט און געגומען שרײַען: „דו ביסט אַ נאַר, קיילע. כ'האָב עס דיר שוין געזאָגט און מוז דיך נאָך אַ מאָל וואָרענען, דו האָסט זיך שוין איין מאָל אָפּגעבריט און קריכסט ווידער אין פֿײַער. און אַז דו וועסט קריגן אַ בויך?”

„כ'וויל”.

„דו ווילסט קריגן אַ בויך? זאָג איך דאָך, אַז דו ביסט אַ נאַר. קלמן קאַליקע האָט דיך שוין איין מאָל אַוועקגעשיקט מיט אַ בײַכל און זיך אויסגעלאַכט פֿון דיר”.

איר גוף האָט אַ ציטער געטאָן, איר פּנים איז געוואָרן טויט בלאַס און אירע אויגן האָבן זיך געשלאָסן, אָבער זי איז געבליבן אין בעט.

ער האָט מער נישט געשריגן, ער האָט איצט גערעדט מיט געבעט:

„אַנטלויף, קיילע, איידער עס ווערט צו שפּעט”.

זי האָט אײַנגעביסן די ציין אין איר אונטערשטער ליפּ און געליבן ליגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

„אין גאַסטינין האָסטו אַפֿילו נישט געוואָלט קוקן אין מײַן זײַט, האָסט נישט געוואָלט הערן מײַן נאָמען”.

פֿון אונטער די געשלאָסענע אויגן־לעפֿלעך האָבן זיך אַרויסגעגליטשט טרערן.

„כ'מיין נאָר דײַן טובה, קיילע”.

„כ׳ווייס״, האָט זי אַרויסגעשעפּשעט, „איך האָב דיך אויך ליב״.

ווען זי האָט אים דאָס געזאָגט צום ערשטן מאָל, איז ער גרייט געווען אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער; איצט איז זײַן הויט געגרינצלט געוואָרן פֿון גערירטקייט. אפֿשר איז עס נישט געווען פֿון דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר ווי אַזוי זי האָט עס געזאָגט. ער האָט נישט געוווּסט, אַז אַ קול קאָן זײַן אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פֿיל ליבשאַפֿט. זי האָט געעפֿנט די אויגן און געקוקט אויף אים דורך טרערן. ער האָט נישט געוווּסט, אַז אויגן קאָנען קוקן מיט אַזאַ געטרײַשאַפֿט, מיט אַזאַ פֿאַרכאַפּנדיקער, מסירת־נפֿשדיקער געטרײַשאַפֿט, ווי זי וואָלט גרייט געווען זיך אויפֿצולייזן און ווערן נאָר אַ וואַרעם וואָלקנדל אַרום אים. אפֿשר האָט זײַן מאַמע אַ מאָל אַזוי געקוקט אויף אים. ער געדענקט נישט זײַן מאַמע; אפֿשר דערפֿאַר קאָן ער נישט זײַן גוט.

„קיילע, קיילעשי, כ׳האָב גוטע מינוטן, אָבער כ׳קאָן אויך זײַן ביטער ווי גאַל און אַכזריותדיק ווי אַ גזלן״. ער האָט אַן אויסגעשעפּטער זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן קישן: „כ׳געטרוי זיך נישט״.

„איך דעטרוי דיר״, זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אים.

איז איר אָרעם אַלע מאָל געווען אַזוי שיין געפֿורעמט און ווײַבלעך? ווי זי האָט זיך אַ דריי געטאָן, האָבן אירע בריסט אונטער דעם נאַכטהעמד זיך אַ באַוועג געטאָן ווי זיי וואָלטן אים גערופֿן. אַן אָנגענעמער ריח איז דערגאַנגען צו זײַנע נאָזלעכער. קיילע נוצט נישט קיין קאָסמעטיק. אַז מע האָט אַזאַ פֿרישע הויט, דאַרף מען נישט קיין קאָסמעטיק. האָט זי אין וואַרשע זיך אויסגעלערנט נוצן פּאַרפֿום, אָדער איז דער ריח פֿון איר באַלעבאַסטעט פּאַרפֿום נאָך געבליבן אין דעם נאַכטהעמד?

„כ׳האָב דיך נישט אָפּגעשראָקן?״ האָט ער געפֿרעגט מיט אַ ווייך, וואַרעם קול.

זי האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

„האָסט נישט קיין מורא פֿאַר מיר?״

„אַן דיר טאָן איך סײַ ווי נישט לעבן״.

פֿאַר וואָס מיינען מענטשן, אַז תּמימות איז נאַריש? פֿאַראַן אַזאַ פֿרישקייט און אַזאַ חן אין איר תּמימות, און אין אומשולדיקער הכנעה קאָן זײַן מער גדלות ווי אין גאווה. ער האָט איר דעמאָלט אָנגעטאָן אַזאַ

פאַרשעמונג און אירע צרות האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין קנייטש אויף איר פּנימל. דאָס פּנימל נעבן אים, מיט דעם שעמעוודיקן, ציטערדיקן האַלבשמייכל און האַלבגעוויין, עס מאַכט אים גוט און איידל, גאַנץ און זיכער אין זיך. דערמאָנט עס אים אין עפּעס פון לאַנג, לאַנג צוריק? ס'קאָן נישט זײַן, קיינער האָט קיין מאָל אַזוי אויף אים נישט געקוקט, אַפילו זײַן מאַמע...

קאָן עס זײַן, אַז קיילע האָט אים איצט דערמאָנט ווי זײַן מאַמע איז געשטאַנען איבער זײַן וויגל און געקוקט אויף אים מיט אַזוי פיל ליבשאַפט? איז ער אפשר אַ מאָל אַזוי געלעגן נעבן זײַן מאַמען אין בעט און זי האָט אַזוי געגלעט זײַן פּנים און אַזוי געקוקט אויף אים?

ניין, ער איז געווען צו יונג ער זאָל עס קאָנען געדענקען, און פאַר וואָס האָט ער עס נישט געדענקט ביז איצט? ער וויל זיך אײַנרעדן, אַז קיילע דערמאָנט אים די מאַמע, כּדי ער זאָל זי מער ליב האָבן; ער האָט זי שוין מער ליב, ווײַל זי מאַכט עס מעגלעך, אַז ער זאָל זיך קאָנען אַזוי אײַנרעדן.

ער האָט פּײַנט געהאַט דעם זיידן חנא מחמת ער האָט אים נישט געוואָלט אַקצעפּטירן ווי אַ קאָמפּענסאַציע פאַר זײַן מאַמע. צו ערשט איז דער טאַטע פאַרשוווּנדן, דערנאָך איז אויך די מאַמע אַוועק און ער איז געבליבן אַליין, אין גאַנצן אַליין. איצט איז ער מער נישט אַליין.

„זײַ נישט ברוגז", האָט ער פלוצלינג אַ זאָג געטאָן מיט געבעט.

„ברוגז?"

„פאַר דעמאָלט, פאַר אַלע מאָל".

ער האָט צוזאַמענגעצויגן זײַנע ליפּן און זי האָט פאַרשטאַנען דעם רוף. אירע ליפּן זענען געווען פײַכט און זאַפטיק און וואַרעם. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך אויסצוקושן די לעצטע פײַכטקייט פון אירע טרערן און ער האָט דערפילט די רונדיקייטן פון איר גוף הינטער דעם דינעם נאַכטהעמד. עס האָט זיך אויפגעוועקט אין אים אַ חשק זי צו זען, זי צו פילן אָן מחיצות. ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט אַראָפּצושאַרן אַן אַקסלבאַנד פון איר נאַכטהעמד, אָבער עס איז אים באַפאַלן אַ שעמעוודיקייט, ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ קינד, אָדער ווי זי וואָלט געווען זײַן מאַמע. ער האָט אַריבערגעוואָרפן די אויסגעשטרעקטע האַנט אויף דער אַנדערער זײַט

בעט ווו עס איז געווען די נאַכטלאָמפּ און פאַרדרייט די ליכט. אין דער פינצטער זענען ביידע געוואָרן דרייסטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קיילע האָט אַ סך געוויינט די נאַכט און אויך ער האָט געוויינט. עס איז עפּעס געווען ווי אַן אײַזבאַרג אַרום זײַן האַרץ וואָלט זיך צעשמאָלצן אין טרערן. לויט דעם גערודער דרויסן האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס מוז שוין זײַן שפּעט. נאָר ער האָט זיך איבערגעוועקט, קיילע איז נאָך געשלאָפן מיט דעם רויִקן שלאָף פון גערעכטע. פון איצט אָן וועט ער אויך קאָנען שלאָפן רויִק. עס איז אויפגעגאַנגען אין אים אַ זיכערקייט, אַז קיילע האָט אים אויסגעלייזט פון די וויסטע קאָשמאַרן וואָס האָבן אים געפּייניקט נאַכט נאָך נאַכט, פונקט ווי דער רב האָט, דעמאָלט, אין זײַנע חדר־יאָרן, אים באַפרײַט פון די קאָשמאַרן וואָס זענען אים דעמאָלט באַפאַלן. דער רב איז זײַן טאַטע, און קיילע איז, סײַ זײַן ווײַב, סײַ זײַן מאַמע. וואָס פאַר אַן אומשולד, וואָס פאַר אַ חן עס רוט אויף דעם קליינעם פּנימל, אויפן קישן נעבן אים.

האָט זי אין שלאָף דערפילט, אַז ער קוקט אויף איר? זי האָט געעפנט די אויגן און אים אָקעגנגעטראָגן אַ שמייכל.

„מײַן מאַן", האָט זי געזאָגט און זיך צעכיכיקעט מיט איר געלעכטערל.

ניין, ס'איז נישט קיין נאַריש געלעכטערל, גוטע מענטשן לאַכן אַ סך. „מײַן ווײַבעלע", האָט ער געענטפערט, און אויך געלאַכט. ער האָט שטיפעריש געגעבן אַ הייב אונטער דאָס לײַלעך, מיט וועלכן זיי זענען געווען צוגעדעקט.

זי האָט זיך צוריק צוגעדעקט: „כ'שעם מיך".

„פאַר אַן אייגענעם מאַן?"

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווידער געלאַכט.

„נאָר איין קוקעלע", האָט ער זיך געבעטן און געלאַכט.

„כ'אָ דיר געזאָגט, כ'שעם מיך".

„פאַרמאַך די אויגן, וועסטו נישט זען".

זי האָט טאַקע פאַרמאַכט די אויגן, אָבער באַלד זיי צוריק געעפנט און זיך מער נישט געשעמט. זיי זענען געבליבן אין בעט, כאָטש ער האָט באַדאַרפט זיך טרעפן מיט אַן אַדוואָקאַט. ערשט אין אָוונט זענען זיי

אַרויס עפּעס עסן. „קיילעשי, האָב נישט קיין מורא, ס'עט דיר זײַן גוט מיט מיר", האָט ער איר פאַרזיכערט.

„ס'איז מיר שוין דוט".

ער האָט אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן, אַז ער האָט צרות מיטן פוס; האָט עס זיך אויסגעהיילט איבער נאַכט?

## XLIII

דאָס הויז איז געווען פאַרטיק, דאָס מעבל איז שוין געווען אויפן וועג, אָבער קלמן האָט ווידער באַקומען היץ. דער דאָקטער האָט אים געהייסן גלײַך פאָרן אין שפּיטאָל.

„ס'וועט גאָר נישט נעמען קיין סוף?" האָט קלמן געפרעגט.

„כ'האָב מורא, מע וועט דאַרפן אַראָפּנעמען דעם פוס".

„ס'איז אַ שווערע אָפּעראַציע? דעם אמת, פאַניע דאָקטער".

„דער אמת איז, אַז עס איז נישטאָ קיין לײַכטע אָפּעראַציע. יעדער שניט אין לײַב איז אַ שאָק צום גאַנצן סיסטעם. אָבער איר זענט אַ געזונ־טער מענטש".

„ווי גרויס איז די סכנה? איך מוז עס וויסן".

„איר האָט אַ געזונט האַרץ. אויב עס וועט זיך גאָרנישט צושטעפּן, וועט איר שנעל קומען צו זיך. אָבער עס איז אַלע מאָל כּדאַי איבער־צולאָזן אָרדענונג אין הויז ווען מע גייט אַוועק, געפינט מען אָרדענונג ווען מע קומט צוריק. אַ סוחר דאַרף אַלע מאָל איבערלאָזן אינסטרוקציעס, מע זאָל וויסן וואָס צו טאָן".

„ס'וועט מיר נעמען עטלעכע טעג דאָס צו טאָן".

„אָפּלייגן די אָפּעראַציע קאָן מען נישט, די גאַנגרענע שטייט נישט אויף איין אָרט".



קלמן איז געפאָרן קיין לויוויטש און מתות איז געלאָפן אין בית־מדרש צוזאַמענשלעפּן אַ מנין און זאָגן תּהילים אויסצובעטן אַ רפואה.

„דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט", האָט אַ ייִד אַ קרעכץ געטאָן. „אויפגעבויט פּיסום מיט רעמסס און פּאַכעט מיט דער נשמה". מע האָט שוין געזאָגט תּהילים ווען ציפּע איז אַרייַנגעלאָפן אין בית־מדרש. זי איז צוגעשפּרונגען צום אָרון־קודש, פאַרגראָבן איר פּנים אין פּרוכת און אַרייַנגעכליפּעט: „הייליקע תּורות, ראַטעוועט אים. ער איז מייַן קינד און מייַן אויסלייזער, בעטט פאַר אים הייליקע ספרים!"

שנעלער ווי אַ וואַלדפייַער האָט אין דאָמברוווקע זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז קלמן האַלט בייַם שטאַרבן. מע האָט טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ, בייַ טייל האָט זיך אַפילו אַראָפּגעגליטשט אַ טרער.



קיילע איז געקומען מיט קלמנען אין שפּיטאָל אַרייַן, אָבער ער האָט זי אַרויסגעשיקט אײדער מע האָט אָפּגעבונדן דעם באַנדאַזש. „עס זעט אויס שלעכט, אָבער ס'איז נאָך ווייַט פון דער קני. ביז מאָרגן קאָן מען וואַרטן", האָט דער כירורג געפּסקנט.

קלמן האָט אַוועקגעשיקט קיילען צו אירע קרובים, ווו זי האָט געזאָלט אייַנשטיין. אַ ביסל שלאָף וועט זיי ביידן גוטס טאָן, לעצטע נאַכט האָט קיינער נישט צוגעטאָן קיין אויג.

ווי נאָר קיילע איז אַוועק, האָט זיך אַרייַנגעשטעלט אַ דאָמברוווקער מעקלערל. געהייסן האָט ער פישל, גערופן האָט מען אים „ס'קליינע פישע־לע". אין זייַן קליין קעפּעלע האָבן זיך אַלע מאָל געשפּונען גרויסע פּלענער. ער האָט געהאָט אַ געשליפן צינגעלע און איז געווען אַ מאַדים אַרויסצוקרי־גן אַן אַדערויף אויפן מעקלגעלט, אײדער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון דעם מיסחר וואָס ער האָט פאַרגעשלאָגן, וועט זיך אויסלאָזן אַ טייַך.

„געקומען בין איך קיין לויוויטש וועגן אַ גרויס געשעפט, אַ געוואַלדיק געשעפט. געהערט דער פאָן שווערדל איז עפּעס נישט מיט אַלעמען און געפינט זיך אויך דאָ אין לויוויטש, איז מען דאָך עפּעס פון איין שטאָט, האָב איך אַוועקגעלייגט אַלע געשעפטן און געקומען זען וואָס איר מאַכט. מענטשלעכקייט קומט פריִער ווי געשעפט".

„אַ שיינעם דאַנק, דאָס איז טאַקע זייער פייַן פון אייַך. איצט אײַלט טאַקע צוריק צו אייַערע ענינים און זייַט מצליח", האָט קלמן געזוכט פון אים פּטור צו ווערן.

„אַז מע רעדט שוין וועגן געשעפטן: איך האָב עפּעס פֿאַר אײַך אויך...״

„איך בין איצט אַ חולה, און דער קאָפּ שטייט מיר נישט צו מיסחרים״.

„דאָס וואָס איך גיי אײַך פֿאָרלייגן איז גוט פֿאַר דעם געזונט און וועט צואײַלן די רפֿואה״.

„רפֿואות נעם איך נאָר פֿון אַ דאָקטער, נישט פֿון קיין מעקלער״.

„פֿאַניע שווערדל, פֿאַראַן רפֿואות וואָס...״

„פֿאַניע פּישל, כ׳בין קראַנק, ערב אַן אָפּעראַציע...״

„אַז איר וועט מיך אויסהערן, וועט איר פֿון בלויזן הערן פֿילן בעסער״.

„איר קענט עס מאַכן קורץ און שאַרף?״ קלמן האָט נישט געהאַט קיין כּוח צו טענהן, זאָל ער אָפּרעדן זײַנס און אַ סוף. „אָן הקדמות!״

„הקדמות זענען די פֿאָרשפּײַזעס וואָס מאַכן אַפּעטיט״.

„איר האָט עפּעס פֿאָרצולייגן, אַרויס מיטן עיקר״.

„דער טפֿל פֿירט צום עיקר״.

„קראַנקן־שוועסטער!״ האָט קלמן גענומען רופֿן.

„צום עיקר? גוט, זאָל זײַן צום עיקר. אַ קראַנקער מענטש, ווי איר, מוז האָבן אַן אייגענעם וואָס זאָל אויף אים אַכטיק געבן״.

„איך האָב, איך האָב״.

„איך ווייס, אַז איר קאָנט זיי נישט סובל זײַן״.

„אַזוי ווייסט איר?״

„אַלע ווייסן, אַז אַ חכם קאָן נישט סובל זײַן אַ נאַר. איר זענט אַ חכם־מחוכם און זיי־אָפּגעריסענע נאַראָנים. אָפּגעריסן? ניין, דער נאַר וואַקסט נאָך״.

„איר האָט דאָך געזאָלט עפּעס פֿאָרלייגן״.

„כ׳האָב פֿאַר אײַך אַ שידוך — אַזוינס און אַזעלכעס? שיין, קלוג, אַלע מעלות״.

„אַ שיינעם דאַנק, כ׳זוך נישט קיין שידוך״.

„אַ מציאה זוכט מען נישט, זי פֿאַלט אַליין אַרײַן אין די הענט״.

„קומט צו מיר ווען כ׳וועל זײַן געזונט״.

„שׂונאים האָבן אויסגעטראַכט אויף מיר, אַז איך בין מגזם, טראַכט איר אַוודאי: אַז פּישעלע זאָגט שיין... וואַרט אַ מינוט, איר׳ט באַלד זען״.

„אַ גוטע נאַכט. קומט נישט צוריק״.

קלמן האָט געמיינט, אַז ער איז שוין זײַנע פּטור געוואָרן, אָבער די

טיר האָט זיך באַלד צוריק געעפנט און פישל האָט אַרײַנגעפירט אַ מיידל, טאַקע נישט מיאוס, אָבער אַ פּיצעלע. „מײַן טאָכטער פּייגע", האָט פישל זי פאָרגעשטעלט. „נו, וואָס האָב איך געזאָגט?"

„דאָס איז פּייגע?" האָט קלמן פּראָבירט צו זײַן אומפּרײַנדלעך. „ס'איז קוים אַ פּיצעלע פייגעלע".

„דער פּאַן וויל דען אַ הויכע, ער זאָל דאַרפן אָנטאָן די ברילן צו זען איר פּנים?"

„פישל, איר מוזט זײַן אַ ביסל געררירט אויפן קאָפּ. איך ליג דאָ אין אַזאַ הײַט און איר קומט מיר אָנשלאָגן שידוכים?"

„אַ קלוגער יונגער־מאַן, ווי איר, זאָל אַזוינס זאָגן. אַ קראַנקער מענטש מוז נאָך גיכער ווי אַ געזונטער האָבן וועמען עס זאָל אויף אים אַכטונג געבן. און חוץ דעם: אַ חופּה ווישט אָפּ אַלע זינד. איר קענט אין עטלעכע מינוט ווערן ריין פון זינד ווי דער גרעסטער צדיק. און איר דאַרפט דאָך רחמי־שמים. כ'האָב זיך שוין נאָכגעפרעגט, מע קאָן דאָ אין שפּיטאָל שטעלן אַ חופּה".

ערשט איצט איז קלמנען קלאָר געוואָרן וואָס פישעלע איז אויסן — אַ שנעלע ירושה וויל ער אַרײַנקריגן. האָלט עס טאַקע מיט אים אַזוי שלעכט? „שוועסטער, קראַנקן־שוועסטער, ווו איז די פּאַני?" האָט קלמן גערופן.

„נו, וואָס זאָגט איר, פּאַניע קלמן?"

„קראַנקן־שוועסטער!" האָט קלמן ווײַטער גערופן.

„איך האָב געזאָגט, אַז כ'בין אײַער ראַבין און זי אַוועקגעשיקט. איר ווייסט דאָך, בײַ די גויים איז דער גלח וויכטיקער ווי דער דאָקטער".

„איר האָט גערעדט וועגן זינד און וועגן צידקות, און אַליין זענט איר אַ וויטישער. וואָס איך זאָג? איך זאָג, איר זאָלט אײַך גיין געזונ־טערהייט. אַ גוטע נאַכט, פישל".

„אַ גוטע נאַכט און אַ גוטן צומאָרגנס", האָט פישעלע זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט נישט געהערט די באַליידיקונג. „כ'האָב געוווּסט, אַז דו וועסט נישט זאָגן ניין", איז ער איבערגעגאַנגען אויף אַ היימישן ,דו'. „דו ביסט אַ ייִד אַ חכם, קלמן. כ'על צוריקקומען מאָרגן אין דער פרי מיט מײַן פּייגעלען".

„וואָס דען, אָן איר?" האָט קלמן געחוזקט און געווען צופרידן, אַז זיי לאָזן אים צו רו.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי האָט פישעלע זיך ווידער אַרײַנגעשטעלט מיט זײַן פייגעלע. „קלמן קרוין, דרויסן וואַרט שוין דער דיין און אַ מנין ייִדן. מע האָט געבראַכט אַ חופּה, אַ רינגל און אַלץ וואָס מע דאַרף. מע לאָזט זיי נישט אַרײַן; זאָג, מע זאָל זיי אַרײַנלאָזן".

„און אין דער מיקווה איז זי געווען?" האָט קלמן ווידער אַ מאָל פּראָבירט זײַן בײַסיק.

„פישל טראַכט וועגן אַלעם. וואָס מיינט איר עפּעס, כ'על לאָזן מײַן טאָכטער זאָל גיין צו דער חופּה איידער זי איז כּשר?"

„וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר?"

„ווי אַזוי רעדסטו צו דײַן אייגענעם שווער? כ'האָב דיך נעכטן געפֿרעגט, יאָ, צי ניין? דו האָסט געזאָגט כ'זאָל קומען מיט פייגעלען, יאָ, צי ניין? ‚וואָס דען, אָן איר?' דאָס זענען דײַנע ווערטער, נישט מײַנע. מע קאָן נישט דרייען אַהין און אַהער און פאַרשעמען אַ ייִדישע טאָכטער. פאַר אַזאַ זאַך באַצאָלט מען אַ סך קנס. קלמן, דרויסן וואַרט אַ מנין ייִדן און אַ דיין".

„פון וואַנען ווייס איך, אַז זי קאָן האָבן קינדער?" האָט קלמן פּלוצלינג, געביטן דעם טאָן.

„אַז איר מאַמע האָט געהאַט, קיין עין־הרע, זיבן..."

„אָבער אַזאַ פּיצעלע".

„אַ קליינס און אַ גוטס". איז פישל זיכער געווען, אַז ער האַלט שוין אויף אַ וועג.

„גוט, כ'בין גרייט זי אויסצופּראָבירן. בלײַב דאָ, פייגעלע, און שיק אַוועק דעם טאַטן".

פישעלע איז געבליבן שטיין פאַרטשמיעלעט.

„און אויב זי וועט טאַקע פאַרשוואַנגערן, וועט מען דעמאָלט רעדן וועגן אַ חופּה".

„קלמן..."

„און כ'וויל נישט איר זאָלט מאַכן אַ מקח־טעות, זאָג איך אײַך פאָרויס. אײַער אייניקל וועט זײַן אָן אָרעמער יתום, כ'האָב שוין אַלץ אָפּגעשריבן אָפיציעל בײַ אַ רעיענט. איר זענט געקומען אַ ביסל צו שפּעט, פישעלע".

„דו וועסט קיין חיבוט־הקבר נישט האָבן! אַזוי פאַרשעמט מען אַ ייִדישע טאָכטער? דער מלאך־המוות שטייט שוין בײַ דער טיר, און..."

„דער מלאך־המוות איז אַ קאַץ, ער קאָן נאָך כאַפּן צו ערשט דאָס פּישעלע און דאָס פּייגעלע".

פּישעלע איז נאָך געווען אין דער טיר ווען מ'איז געקומען צוגרייטן קלמנען צו דער אָפּעראַציע. „נישט הײַנט", האָט קלמן געזאָגט.

„דער פאָן דאָקטער האָט..."

„ס'איז מײַן לעבן און איך זאָג: נישט הײַנט".

ווי נאָר קיילע איז געקומען אין שפּיטאָל, האָט קלמן איר געהייסן נעמען אַ דאָראָזשקע צו מיליקאָווסקיס מיל, געפינען דאָרט בעריש דעם רבס און אים בעטן תיכף קומען.

דער דאָקטער איז געקומען אַפּעלירן צו קלמנען, ער זאָל נישט אָפּלייגן: „ס'איז נישט גוט צו וואַרטן לענגער, ס'איז געוואָרן ערגער".

„איך מוז מאַכן געוויסע אַראַנזשירונגען איידער איך גיי אונטערן מעסער. אויב עס וועט גיין שנעל, וועט די אָפּעראַציע נאָך קאָנען זײַן הײַנט. איך האָף, דער פאָן דאָקטער קאָן מיר העלפן אַרויסרופן אַ רעיענט".

„דער פאָן נעמט אויף זיך אַ ריזיקע".

„אַ רעיענט וועט פאַרקלענערן די ריזיקע", איז קלמן געווען אײַנגעשפּאַרט.

דער דאָקטער האָט געהויבן מיט די פּלייצעס און געגאַנגען צו דער טיר.

„אַ רעיענט, פּאַניע דאָקטאָזשע, יאָ?"

„כ'וועל זען וואָס איך קאָן טאָן".

דער רעיענט האָט זיך פאַרנומען אויף אַ לאַנגן דאָקומענט, האָט קלמן אים געבעטן עס מאַכן קורץ און נישט קאָמפּליצירט. ער שרײַבט אָפּ אַלץ נאָר צו צוויי מענטשן. אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט אין אומבאַ־וועגלעכע גיטער, אין סחורות, אין געלט, ווערטזאַכן און ווערטפּאַפּירן זאָל גיין אין צוויי גלײַכע חלקים צו זײַן כּלה, וואָס וועט באַלד ווערן זײַן ווײַב, קיילע, און צו איר זון, וואָס איז אויך זײַן זון, זעליק. די אַפּוטרופּסים איבער דער ירושה ביז דאָס קינד וועט אויפוואַקסן זאָלן זײַן: קיילע, איר פאָטער מתּות און דער רב רבי יצחק לאַנדוי. בעריש לאַנדוי, דער זון פון רבי יצחק לאַנדוי, זאָל זײַן אַ פאַרטרעטער, אויב

עמעץ פון די דרײַ אַפּוטראָפּסים וועט זיך נישט קאָנען פאַרנעמען מיטן פאַרוואַלטן די ירושה. אַ סומע פאַר צדקה זאָל באַשטימט ווערן דורך די אַפּוטראָפּסים, אין צוגאָב צו סומעס צו באַשטימטע מענטשן וואָס ער וועט אפשר זאָגן וועגן דעם די אַפּוטראָפּסים. אַלע די סומעס ווערן איבערגעלאָזט צו דער לעצטער דעציזיע פון די אַפּוטראָפּסים און זייער באַשלוס זאָל זײַן דער לעצטער און גילטיקער.

ווען קלמן איז פאַרטיק געוואָרן מיטן רעיענט, האָט בעריש שוין געהאַט צוריקגעבראַכט דעם דיין מיט דער חופּה. צווישן איין שלוכץ און אַנדערן האָט קיילע געבעטן, מע זאָל עס אָפּלייגן ביז נאָך דער אָפּעראַציע, זי וויל טאַטע־מאַמע זאָלן זײַן ביי איר חתונה. אָבער קלמן האָט נישט געוואָלט אָפּלייגן.

„ס׳איז וויכטיק צוליב ירושה־געזעצן", האָט קלמן זי געוואָלט באַרויִקן.

„כ׳דאַרף דיך, נישט קיין ירושות".

„ס׳איז וויכטיק פאַרן קינד", האָט בעריש זיך אַרײַנגעמישט.

„פאַר אונדזער קינד", האָט קלמן צוגעגעבן.

אַ רעדלשטול אונטער אַ חופּה. מע האָט קיילען געפירט דרײַ מאָל אַרום דער רעדלשטול, אין וועלכער קלמן איז געזעסן. זײַן גוף איז געזונקען אַראָפּ, ער האָט צוזאַמענגענומען אַלע כּוחות און געריסן אַרויף דעם קאָפּ, וואָס האָט געצויגן אַראָפּ צו זײַן ברוסט. איז ער אַזוי חרוב קראַנק, אָדער נאָר אויסגעשעפּט? דער פאָדעם פון זײַנע געדאַנקען האַלט אין אײַן פּלאַצן, ער קאָן קוים כאַפּן און אָנהאַלטן דעם אָפּגעריסענעם עק. ער זאָל נאָר נישט אַוועקחלשן איידער די צערעמאָניע וועט זיך ענדיקן.

דאָס לייענען די כּתובה האָט גענומען אַזוי לאַנג. צו האַלטן דעם קאָפּ אַרויף האָט קלמן אָנגעשטרענגט זײַן בליק אויפן גרויסן, רונדיקן זייגער, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט אין אַנדערן עק שפּיטאָל־קאָרידאָר. אוי, אויב ער וואָלט געקאָנט פירן די ווײַזערס פון זײַן לעבן־זייגער אויף צוריק! וועט זײַן זייגער זיך באַלד אָפּשטעלן? אויף יענער זײַט צײַט, וואַרט אויף אים אַ געלעכטער פון אַ קליין ייִנגעלע; איז עס זײַן קינדס געלעכטער אָדער איז עס זײַן אייגענע קינדערישע אומשולד, וואָס ער האָט ערגעץ איבערגעלאָזט און זי וואַרט אויף אים דאָרטן, דאָרטן...

אַ געבראַזג פון צעבראָכן גלאָז האָט אים אויפגעוועקט פון אַ האַלב־

חלום. ניין, ס׳איז נישט פון אַ האַק אָדער האַקמעסער, עמעץ האָט, אַנשטאָט אים, צעבראָכן אַ גלאָז און אַלע האָבן אים באַוואָרפן מיט ווערטער: „מזל־טוב״, „מזל־טוב״. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט ווינטשעוואַניעס און פאַרשטעלט קיילען. אַ שפּיטאָל־דינער איז צוגעקומען און איבערגענומען די רעדלשטול.

„קיילע? קיילע״, האָט ער געררופן. בעריש האָט אָנגענומען קיילען בײַ דער האַנט און מיט די עלנבויגנס געמאַכט פאַר איר אַ וועג צו דער רעדלשטול.

„מזל־טוב, מײַן ווײַב, מזל־טוב, פּאַני שווערדלאָוואַ״, האָט קלמן פּראָבירט אַרויסרופן אַ שמייכל אויף איר פּנים. „האָב נישט קיין מורא, דײַן מאַן איז שוין געווען אין ערגערע פּאַלאַזשעניעס און אַרויסגעקומען״. ער האָט אָנגעכאַפּט בערישעס האַנט: „כ׳ווייס נישט וואָס איך וואָלט געטאָן אָן אײַך. איר זענט מיר ווי אַ ברודער, דער איינציקער דאָ פון חתנס צד. און זאָגט דעם רב... כ׳ווייס נישט ווי עס צו זאָגן, כ׳בין אים אַ סך שולדיק״.

טירן האָבן זיך געעפנט ווי אַ ברייטער טויער און זיך פאַרמאַכט הינטער דער רעדלשטול. בעריש און קיילע זענען געבליבן פון יענער זײַט. „כ׳וועל אים נאָך אַ מאָל זען?״ האָט קיילע אַרויסגעכליפּעט.

„מיטן אייבערשטנס הילף״, האָט בעריש געענטפערט מיט פרומען ווונטש.

# XLIV

דער קליינער פּישעלע איז, מן־הסתם, געווען גערעכט, אַז אַ חופּה ווישט אָפּ אַלע זינד און וועט אים זײַן צו רפואה. דער פּוס, וואָס האָט געאייטערט אַזוי פיל חדשים, האָט איצט זיך גוט געהיילט. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז אויב עס וועט ווײַטער אַזוי גיין, וועט ער אין אַ פּאָר טעג אַרום קאָנען אַהיימפאָרן. ער איז נאָך געווען שוואַך, אָבער האָט געפילט אַ ביסל שטאַרקער יעדן טאָג, די כּוחות קומען צוריק. און זײַן קאָפּ איז שוין ווידער פול מיט פּלענער.

בעריש איז צו אים געקומען כמעט יעדן טאָג. אין דער טומלעניש און איַילעניש פאַר דער אָפּעראַציע האָט ער געטראַכט נאָר וועגן זיך; ערשט איצט האָט ער געזען, אַז עס איז נישט דער זעלביקער בעריש. דאָס פּנים אָפּגעצערט, די מלבושים לויז אויף אים און זעלטן אַז ער טוט אַ שמייכל.

„ביַי די מיליקאָווסקיס גיט מען נישט צו עסן? איר זענט אָפּגע־מאָגערט געוואָרן אין דעם לויוויטש".

„ביַי די מיליקאָווסקיס עסט מען גוט, און די באַלעבאָסטע אויף מיַין אכסניא קאַרגט אויך נישט דאָס שטיקל ברויט", האָט בעריש געענטפערט.

„איר וווינט נישט ביַי מיליקאָווסקין?"

„ווען כ'בין געפאָרן צו גאָסט איז געוועזן עפּעס אַנדערש; איצט ווין איך דאָ סטאַלע. נאָר ישיבה־בחורים עסן טעג, איך אַרבעט און פאַרדין".

„ווי גייט די אַרבעט?"

„כ'טאָר נישט אויסזאָגן מיַין באַלעבאָסעס סודות צו זיַין קאָנקורענט".

„דער קאָנקורענט, דיַין באַלעבאָס גייט מיך אָן ווי דער פאַראיאָריקער שניי. כ'וויל נאָר וויסן ווי עס גייט דיר. כ'מעג דיר זאָגן „דו"?"

„אוודאי מעגסטו. ווי ס'גייט מיר? כ'ווייס אַליין נישט".

„שווער צו ווערן איבער נאַכט אַ סוחר, האַ?"

„ר' משה איז דווקא צופרידן מיט מיר; ער זאָגט, אַז איך האָב אַ שנעלע תפיסה".

„ווער איז נישט צופרידן?"

„איך האָב דען געזאָגט, אַז עמעץ איז נישט צופרידן?"

„איך האָב געוואָלט, מיר זאָלן שליסן ברודערשאַפט נישט נאָר אין זאָגן איינער דעם אַנדערן דו. דו ווייסט, בעריש, אַז דו ביסט מיר נאָענט. דו קומסט אָפּט צו די מיליקאָווסקיס?"

„נישט אָפּט".

„נישט אָפּט? דער איידעם איז דאָך דיַין חבר, די טאָכטער אַ חברטע?"

„עפּעס איז אַדורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ צווישן מיר און יידלען. אָסור, צי כ'ווייס פאַר וואָס".

„ס'גייט דיר גוט אין דער מיל?"

„זייער גוט".

„דער אַלטער לויבט דיך?"

„ער איז זייער צופרידן פון מיר".

„אויב דו ביסט מצליח אין דער מיל מער ווי דער איידעם, איז דאָס די שוואַרצע קאַץ. איז דער ייִדל מצליח אין דער מיל?"

„ער איז אַ פעיִקער מענטש; אַז ער וועט זיך נעמען דערצו, בין איך זיכער, אַז ער וועט מצליח זײַן. דערווײַל האָט ער מער חשק צו שרײַבן לידער. ער שרײַבט זייער שיין".

„כ'האָב מורא, אַז דײַן חבר פאַרגינט דיר נישט די הצלחה אין דער מיל".

„מיר זענען דאָך געווען אַזעלכע גוטע חברים".

„אַזוי לאַנג ווי דו ביסט געווען מלא־התפּעלות פאַר זײַנע לידער".

„כ'בין נאָך אַלץ".

„אפשר האָט דער אַלטער זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז אין מיסחר טויגסט דו זיך בעסער אויס ווי דער איידעם. דער ייִדל איז געוווינט, מע זאָל אים לויבן און טראָגן אויף די הענט, און דו ביסט אַ געפערלעכער קאָנקורענט. און ווי האַלטסטו מיט דער פּאַניענקע? אויב דו פילסט, אַז דו קאָנסט רעדן מיט מיר אָפן".

„איטקאַ? אַז כ'קום ווייניק, זעט מען זיך ווייניק".

„מע קאָן אָפּרעדן זיך צו טרעפן אין גאַס, אויב מע וויל".

„אויב מע וויל..."

„איך האָב געמיינט, אַז דו טראַכטסט ערנסט וועגן איר".

„ס'איז נאָך זייער ווײַט פון ערנסט און זי האָט מיר שוין געזאָגט, כ'זאָל אַראָפּוואַרפן דאָס ייִדישע היטל, כ'זאָל אונטערהאַקן די לאַנגע יובעצע. מיר האָבן אַ מאָל געטראָפן אין גאַס אירע חברים פון גימנאַזיע, האָב איך געזען, אַז זי שעמט זיך מיט מיר".

„איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז דאָס טראָגן חסידישע מלבושים איז נישט בײַ דיר אַזאַ וואַזשנער ענין".

„ס'איז צו פיל צו רעדן וועגן דעם, און בכלל: מיר דאַכט זיך, אַז איך געפעל דעם טאַטן מער ווי דער טאָכטער".

„נעמסט עס זיך צום האַרץ? מיר מעגסטו זאָגן".

„מיך אַרט אפשר מער דער רוגז מיט ייִדלען, מײַן ערשטער און איינציקער נאָענטער חבר. און אפשר בענק איך אַהיים".

„טאַ קום אַהיים".

„כ'קום אויף די ימים־טובים, אָבער כ'על נישט אַנטלויפן פון דעם, וואָס כ'האָב זיך אונטערגענומען".

„פאַרגעס נישט, אַז אין דאָמבראָווקע האָסטו אַ פריינד, קלמן. איך האָף, אַז איך וועל דיר קאָנען זיין אַזאַ גוטער פריינד ווי דער ייִדל איז געווען איידער דו האָסט זיך אַנטוישט אין אים".

# XLV

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קלמן איז געווען גערעכט מיט זיין חשבון וועגן דער צוקער־פאַבריק. ווייַט פון אַ באַנליניע זענען הייזער געווען ביליק, אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל דערפער איז אויך שפייז געווען ביליק, ממילא איז אויך אַרבעט געווען ביליק. אַזוי פיל ביליקער, אַז עס האָט קאָמפּענסירט פאַר די עקסטראַ הוצאות פון פירן דעם צוקער צו דער באַן. עס איז איצט כסדר געווען אַ טומל און אַ גערודער אויף די וועגן אַרום דאָמבראָווקע. שלעפּפערד מיט דיקע באַוואַקסענע פיס האָבן געצויגן איבערגעלאָדענע וועגענער מיט ווייסע צוקער־בוריקעס צו דער פאַבריק און פון דער פאַבריק — צעשאָבענע בוריקעס, פון וועלכע עס האָט נאָך געטריפט זאַפט. נאָך איידער די זיסע פליסיקייט האָט אויסגעטריקנט אויפן שאָסיי, איז זי שוין אָפּגעווישט געוואָרן דורך די ברייטע גומענע רעדער פון משא־אויטאָס, וואָס האָבן געפירט זעק צוקער צו די באַנסטאַציעס אין לוּוויטש און סאָכאַטשאָוו. אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אַז דאָמבראָווקער צוקער שווימט שוין איבער די ימים צו ווייטע לענדער. דער פאַן שווערדל איז דאָך קראַנק געווען, זיין נשמה האָט געפּאָכעט צווישן לעבן און טויט, ווען האָט ער באַוויזן צו שליסן קאָנט־ראַקטן מיט אויסלאַנד?

ווען מע האָט געזאָגט „פאַן שווערדל", האָבן צו ערשט אַ סך נישט געוווּסט וועמען מע מיינט. קלמן איז אויסגעוואַקסן אין דאָמבראָווקע, אָבער קיינער האָט נישט געקענט זיין משפחה־נאָמען. דעם זיידן האָט מען גערופן „דער אַלטער חנא" און אים „קלמן דעם אַלטן חנא'ס", אָדער „קלמן קאַליקע". אָבער ווער קאָן זיין צו פיל פאַמיליאַר מיט עמעצן וואָס בויט פאַבריקן, האַנדלט מיט אויסלאַנד, און פאָרט אַרום מיט אַן אייגע־

נעם אויטאָמאָביל. יאָ, קלמן, דאָס מיינט, דער פאַן שווערדל, האָט שוין געהאַט זײַן אויטאָמאָביל, וואָס איז אַזוי געמאַכט געוואָרן, אַז ער אַליין זאָל עס קאָנען פירן, כאָטש ער האָט נישט געקאָנט אײַנבייגן זײַנע קני און פון דעם רעכטן פוס האָט אים געפעלט אַ שטיק. עס האָט אים אָבער, דאַנקען גאָט, גאָרנישט געפעלט צום קאָפּ. ער איז געווען אַן אָפּטער אײַנגייער אין הויף און דאָס פויערים־פאָלק האָט אים שוין אָנגעהויבן רופן „פּאַניע דזשעדזשיצו, פּאַניע פריץ". אין דאָמבראָווקער בית־מדרש האָט מען גביאות געזאָגט, אַז דער פאַן שווערדל, וואָס שטאַמט פון די דאַווידזאָנס, וועט נאָך צוריקבּרענגען דעם דאָמבראָווקער הויף צו די דאַווידזאָנס. אויך מתותן האָט מען אָנגעהויבן רופן „ר' מתות". מע האָט נאָך נישט אויפגעהערט רעדן וועגן זײַן מזל מיט די איידעמס און שוין באַוווּנדערט זײַן מזל אין מיסחר. אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט דער, וואָס האָט געדונגען דעם פּריצעס סאָד, דערלייגט צום געשעפט. איין יאָר איז נישט געווען קיין רעגן, אין צווייטן איז נישט געווען קיין זון, אין דעם דריטן האָט אַ שטורעמווינט אַראָפּגעריסן אַלע בליטן פון די ביימער. אָבער בײַ ר' מתותן — ווי זאָגט מען עס: „אַז דאָס מזל שפּילט, קעלבט זיך אַן אָקס". ווי לאַנג איז עס זינט די ציפּע איז אַרומגעלאָפן און געקלאָגט וועגן אירע „פאַרבאָרגענע סודות"? ווער וואָלט דעמאָלט געגלייבט, אַז פון דעם וועט גאָר אַרויסקומען אַזאַ ישועה? אַז דער אין הימל וויל באַלויבען, קומט עס דורך דער טיר און דורכן קוימען...

די גאַנצע וועלט מאַכט דורך אַ שווערן קריזיס, און אין דאָמבראָווקע — הלוואַי ווײַטער נישט ערגער. עס זענען צוגעקומען נײַע מענטשן און נײַע פּרנסות. דער פאַן שווערדל האָט געהאַט אַזעלכע גרויסע פאַרדינס־טן, אַז מע האָט אַרויסגעזאָגט זײַן נאָמען מיט פאַרכטיקייט. ר' מתותן האָט מען אויך אָפּגעגעבן כּבוד — אַ קלייניקייט, דעם פאַן שווערדלס שווער. אַפילו די נישט־פאַרגינערס האָבן מורא געהאַט מיט אים זיך צו טשעפּען. אַז עמעץ האָט זיך שוין נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, האָט ער פּראָבירט אַ שטאָך טאָן ציפּען: „ציפּע־קרוין, מע זאָגט, אַז עץ גייט מיט מזל ווערן אַ באָבע, ס'איז אמת?"

„כ'בין שוין, געלויבט דער אייבערשטער, אַ באָבע, און וועל, קינעהאָרע, באַלד ווערן אַ דרײַפאַכיקע באָבע".

„עץ זענט שוין אַ באָבע? נישט מעגלעך. ענקערע טעכטער האָבן דאָך ערשט חתונה געהאַט?"

קלמן און זעליקל זענען איצט געווען לויטער נחת. ציפּען איז געווען אַזוי גוט, זי האָט זיך אַפילו נישט געכאַפּט, אַז מ'איז אויסן איר אַ שטאָך צו טאָן. „ביַים אייבערשטן איז אַלץ מעגלעך", האָט זי געענטפערט און פרום אויפגעהויבן די אויגן צום הימל.

עס האָבן אויסגעפּעלט בעלי־עגלות אַוועקצופירן דעם זשויב פון סאַד, האָט קלמן געשיקט אַ משׂא־אויטאָ פון זיַין פאַבריק. מתּות האָט באַשטעלט ביַי זיַין מחותּן, דעם לאַנגן משה, גרויסע קופּערנע קעסלען, און ביַי לאָזער קאָוואַל, איַיזערנע דריַיפוס־געשטעלן. איבערציַיטיקע פּירות איז געווען, צוקער איז געווען, האָט מען טאָג און נאַכט געקאָכט פּאָווידלע און איַינגעמאַכטס. קיילע האָט אין וואַרשע זיך אויסגעלערנט קאָכן איַינגעמאַכטסן וואָס האָבן טעם־גן־עדן. ציפּע האָט געהיטן קיילע זאָל זיך נישט צו פיל בייגן, זי איז, קינעהאָרע, געווען גרויס ווי פאַר דעם דריטן חודש.

קיילע האָט געהאַט געגנוג צער וועגן דעם. זי האָט נישט פאַרגעסן וואָס עס איז געשען אין וואַרשע. „אויב ס'טינד זאָל דעבוירן ווערן אין אַכטן חודש... וואָס עט מען זאָגן אייזיטן און לייבלען?" האָט זי געקלאָגט פאַר קלמנען.

„ביסט גרויס וויַיל ס'איז אַ צווילינג. מיַין באָבע ליבע האָט געהאַט דריַי צווילינגען", האָט קלמן זי געטרייסט.

„און אויב ס'איז נישט טאָ צווילינד?" זי איז זיכער געווען, אַז קלמן קען אַלץ, אַפילו פאַרלענגערן דאָס טראָגן.

„איך בוי אַן אימפּעריע און כ'מוז אויפשטעלן אַ דינאַסטיע. ס'מוז זיַין אַ צווילינג! יעדער יאָר אַ צווילינג, יאָ, קיילעשי?"

אַ גאַנצער הכשרה־קיבוץ פון לויוויטש האָט איצט געאַרבעט אין סאַד. ווען זענען די חברה־ליַיט געשלאָפן? ביַי טאָג געאַרבעט, אין די נעכט געזעסן, אָדער געטאַנצט אַרום אַ „מדורה", אַ שיַיטער וואָס זיי האָבן אונטערגעצונדן אין מיטן פעלד. שבת האָבן זיי געהאַט „שיחות", אַזעלכע מיני דיסקוסיעס, ווו מע האָט זיך געאַמפּערט, טייל מאָל אַפילו געקריגט זיך און ווידער געטאַנצט — אַ מאָדנע חברה...

רייזל האָט לעצטנס זעלטן געזונגען אָדער געטאַנצט מיט דער חברה.

איר פּנים איז געווען אָפּגעברוינט פון דער זון, אָבער עס איז געווען אַ גרינלעכער ברוין און זי איז געווען אָפּגעצערט. „ביסט ברוגז מיט מיר?" האָט קלמן זי געפרעגט ווען ער איז געקומען אַהיימנעמען קיילען.

„ברוגז? פאַר וואָס זאָל איך זײַן ברוגז?"

„דו שמעקסט נישט אַרײַן צו אונדז".

„ס'איז דאָ אַזוי פיל אַרבעט אין סאָד".

„וואָס שרײַבט זלמן?"

„ער שרײַבט נישט?"

„וואָס עפּעס? אַ ברוגז?"

„אַ ברוגז? ניין, מיר האָבן זיך נישט געקריגט".

„פאַר וואָס דען שרײַבט ער נישט?"

„פרעג אים".

„אויב דו ווילסט, קאָן איך שרײַבן צו אים".

„אַז ער ענטפערט מיר נישט, וועט ער דיר זיכער נשט ענטפערן".

„דו האָסט אים נאָך אַלץ ליב? פאַר מיר דאַרפסטו זיך נישט שעמען".

„ס'איז אַלץ די סטיפּענדיע. זינט ער האָט געשפּילט פאַר דעם פּרע־זידענט, איז ער נישט דער אייגענער זלמן".

„רייזעלע, כ'מיין נישט דיר ווי צו טאָן, אָבער מע דאַרף קוקן דעם אמת אין די אויגן אַרײַן. ביסט זיכער, אַז ער האָט נישט קיין אַנדערע?"

„ער איז פאַרליבט אין זײַן פידל".

„ס'איז אַ זיווג פון הימל".

„זלמן מיט זײַן פידל?"

„דו און בעריש דעם רבס. ער זעט אויס ווי דו, אָפּגעצערט, בלאַס. ער זאָגט, אַז ער בענקט אַהיים, מיר בײדע ווייסן צו וועמען אין דער היים ער בענקט. ער קומט אויף יום־טוב".

„און די פאַננע מיליקאָווסקאַ?"

„זיי האָבן שוין אַוודאי אײַנגעזען, אַז זײַן האַרץ איז אין דאָמב־רוווקע".

# XLVI

עס איז געוואָרן אַ געשושקע אין שיל ווען קלמן האָט זיך באַוויזן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער איז געקומען ראָש־השנה אין שיל אַריַין זינט דער אַלטער חנא איז געשטאָרבן. דער לאַנגער מיִנה האָט אים געוואָלט אַרויספירן צו אַ חשובן פּלאַץ ביַי דער מיזרח־וואַנט; קלמן האָט זיך קוים אָפּגעבעטן, אַז אים איז בעסער ביַי דער טיר, ווּ ער קאָן זיצן אויף זיַין רעדלשטול.

אָבער פאַר קיילען האָט ער געקויפט אַ שטאָט אין דער וויַיבערשיל, נישט וויַיט פון דער רביצין און פון דעם גבאיס וויַיב. אַפילו פאַר ציפּען האָט ער געקויפט אַ שיינע שטאָט, זי איז דאָך דעם גבאיס מחותּנתטע.

עס האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז דעם בעל־תּוקע איז נישט געגאַנגען מיט דעם שופר־בלאָזן. ווי דער שׂטן וואָלט זיך אַריַינגעלייגט אין שופר און נישט אַרויסגעלאָזט אַפילו די ערשטע תּקיעה. עמעץ אַנדערש האָט פּראָבירט. אפשר איז דער שופר שוין געווען פאַרשטאָפּט מיט דעם בעל־תּוקעס שפּיַיעכץ — קיין קול איז נישט אַרויס.

מען בלאָזט שופר אין שיל גאַנץ אלול, און אין די וואָכנטעג פלעגט טרעפן, אַז מתּות האָט געבלאָזן. מע האָט איצט גערופן מתּותן צו הילף. ער איז אַרויף אויפן באַלעמער, צו ערשט אַרומגעווישט דעם שופר מיטן טלית, אַריַינגעבלאָזן פון דער ברייטער זיַיט און ווידער אָפּגעווישט. ווען ער האָט סוף־כּל־סוף אַריַינגענומען די מוילזיַיט צווישן די ליפּן און דער רב האָט אים אונטערגעזאָגט „תּקיעה!" איז אַרויס אַ קלאָרע פּערפעקטע תּקיעה, און אַזוי דאָס גאַנצע שופר־בלאָזן אָן אַ מניעה. קלמן האָט אָנ־געקוואָלן פון זיַין שוועסטערס הצלחה.

אין שיל איז בעריש צוגעקומען ווינטשן קלמנען אַ „כּתיבה וחתימה טובה". „ווּ גייסטו מאָרגן צו תּשליך?" האָט קלמן אים געפרעגט.

„ווּ אַלע גייען, צו דער מאָזשע".

„דורכן פריצעס סאָד לויפט אַ שטראָם, אָן אָדער פון דער נידאַ. מתּות און זיַין משפּחה וועלן דאָרט זאָגן תּשליך".

„איך מוז גיין מיטן טאַטעשי".

„פאַר דעם רב איז דער סאָד צו וויַיט, קאָנסט צוגיין אַהין נאָך תּשליך".

פון שיל איז קלמן, צוזאַמען מיט מתותעס גאַנצער משפּחה, אַוועק עסן די יום־טובדיקע סעודה צו פריידלען. נאָך איידער מע האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט קלמן אָפּגעלאָזט רייזלען אַ סוד, אַז בעריש דעם רבס וועט נאָך תשליך קומען אין סאָד.

„פון וואַנען ווייסטו?" האָט זי געפרעגט.

„ער האָט מיך געפרעגט צי דו וועסט זײַן אין סאָד, פאַרשטיי איך שוין, אַז ער וועט קומען", האָט קלמן שנעל צוגעטראַכט אַן ענטפער.

דעם ערשטן טאָג ראָש־השנה האָט גערעגנט, דעם צווייטן טאָג האָט דער רבֿ זיך נישט גוט געפילט און בעריש האָט נישט געקאָנט אַוועקגיין. בעריש איז נאָך געבליבן אין דאַמבראָווקע צו מאָרגנס נאָך ראָש־השנה, מחמת עס איז אַ תענית. ער איז אַרײַן צו קלמנען זיך פאַרענטפערן פאַר וואָס ער האָט נישט געקאָנט קומען אין סאָד. קלמן האָט אים גענומען אין זײַן אויטאָ און אים געפירט ווײַזן די מיל, וואָס בויט זיך ערשט; די צוקערפאַבריק, וואָס אַרבעט שוין פולע פאַרע, און אויפן וועג צוריק זיך אַרײַנגעכאַפּט אין סאָד. „אַהיימגיין וועסטו מוזן צו פוס", האָט קלמן געזאָגט בערישן, „איך דאַרף נאָך צופאָרן אין הויף".

עס האָט נישט אויסגעזען, בעריש זאָל עפּעס האָבן קעגן דעם.

רייזל האָט מיט אַ הילצערנעם דראָנג געמישט אין אַ קעסל פאַווידלע ווען בעריש איז צוגעקומען. „אוי, אין וואָס פאַר אַ הולך איר האָט מיך געטראָפן", האָט זי זיך געקלאָגט און געצויגן איר קלייד אין אַלע זײַטן.

„ס'איז טאַקע נישט שיין אַרײַנצופאַלן אַזוי פּלוצלינג, אָבער עס איז נישט אין גאַנצן מײַן שולד, קלמן האָט מיך דאָ אונטערגעוואָרפן".

„בגוואַלד? אפשר ווילט איר צוריק אַנטלויפן?"

„אויב כ'בין אַ נישט־אָנגעלייגטער גאַסט", האָט בערישעס פּנים זיך פאַרכמורעט.

„וואָס רעדט איר? כ'האָב געהערט איר זענט אין שטאָט, אָבער כ'האָב נישט געוווּסט צי איר וועט קומען זען אַן אַלטע באַקאַנטע".

„אַ יונגע אַלטע באַקאַנטע".

„וואָס שטייט מען דאָ בײַם טאָפּ? כ'על אַרויסברענגען אַ בענקל, דאָס גראָז איז נאָך נאַס פון רעגן".

וואָס דאַרף מען זיך זעצן, מע קאָן שפּאַצירן, האָט ער געוואָלט

זאָגן, אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, איז זי שוין געווען אַוועקגעלאָפן צום הויז. אַהאַ, מע קאָן נישט גיין שפּאַצירן, דאָס וואָס קאָכט זיך אין טאָפּ קאָן צוברענען.

ווען רייזל איז אַרויסגעקומען מיטן בענקל, האָט זי אויך געטראָגן אַן אַנדער קליידל. דאָס פריִערדיקע איז געווען פון ברוגזן שטײַפן צײַג, וואָס האָט נישט געוואָלט אָנרירן איר גוף, איצט האָט זי געטראָגן אַ דין קליידל וואָס האָט אַרומגענומען אירע איידעלע ליניעס מיט ליבשאַפט. פון די קורצע אַרבל האָבן זיך אַרויסגעשלענגלט רייצנדיקע, פאַרברוינטע אָרעמס. „אפשר ע׳מיר אַ ביסל שפּאַצירן? קומט, ס׳איז אַ גרויסער סאָד".

„ס׳איז נאָך נישט קיין דרײַ חדשים זינט איך בין אַוועקגעפאָרן און ס׳איז עפּעס ווי עס וואָלט געווען אַ לאַנגע, לאַנגע צײַט צוריק", האָט בעריש געזאָגט מיט אַ קול פון נאָסטאַלגיע, און געגאַנגען נעבן איר.

„איך בין דערווײַל געוואָרן אַן אַלטע מויד", האָט זי זיך געחנדלט.

„און אַ מיאוסע אויך", האָט ער איר אַרויסגעהאָלפן.

„טאַקע?" האָט זי זיך דערשראָקן.

„און אַ נאַרישע אויך — אויב זי נעמען עס ערנסט..."

זי האָט זיך פאַרטראַכט פאַר אַ ווײַלע און אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים: „איצט ווייס איך שוין גאָרנישט. אויב איך גלייב אַז איך בין מיאוס, בין איך אַ נאַר; אויב עס איז נאַריש צו טראַכטן אַז איך בין מיאוס, מוז דאָך זײַן אַז איך בין שיין... זאָל איך זײַן צופרידן אָדער נישט?"

„רייזל, אַזאַ דרייען מיטן גראָבן פינגער וואָלט געפּאַסט פאַר אַ בית־מדרש־בחור, נישט, נישט..." עס איז אים נימאס געוואָרן צו מאַכן איבער־געקערטע קאָמפּלימענטן אָבער ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי אַרויסצו־פירן דעם שמועס אויף אַנדערע רעלסן. „דאָס פײַער גייט אויס אונטערן קעסל, זאָל איך אונטערלייגן אַ שטיק האָלץ?"

„ניין, ס׳איז שוין פאַרטיק און איר׳ט מוזן עס פאַרזוכן ווען ס׳עט זיך אָפּקילן".

„ס׳איז הײַנט אַ תּענית, צום גדליה".

„איר פאַסט?"

„ניין, אָבער נאַשן? ס׳איז אַ טרויערטאָג".

„אַ טרויערטאָג אין מיטן די ימים־טובים. איר בלײַבט דאָ איבער די גאַנצע ימים־טובים ?"

„כ'פאָר מאָרגן צוריק, אָבער כ'על ווידער קומען אויף יום־כיפּור".

„כ'זע, איר קאָנט זיך שוין נישט דערוואַרטן צוריקצופאָרן".

„ווער, איך ?"

„די גרויסע שטאָט האָט אירע רייצן..."

„אויך מיר אַ גרויסע שטאָט! לויוויטש איז נישט וואַרשע, כאָטש קעגן דאָמבראָווקע איז עס אַ כּרך".

„כ'ווייס נישט וואָס איך זיץ דאָ אין דעם העק. איר מיינט, איך וואָלט געקאָנט געפינען אַ פּאָסטן אין לויוויטש ?"

„אין לויוויטש ? אויב שוין זוכן אַ גרויסע שטאָט, פאַר וואָס נישט וואַרשע ?"

„איר זענט געפאָרן קיין לויוויטש".

„איך בין געפאָרן קיין לויוויטש ווײַל איך האָב שוין דאָרט געהאַט אַ חבר און אַ גרייטן פּאָסטן. אין וואַרשע האָב איך קיינעם נישט".

„איך האָב אויך קיינעם נישט אין וואַרשע, אין לויוויטש האָב איך כאָטש אַ באַקאַנטן..."

„יאָ, איר האָט מיך אין לויוויטש..." האָט ער געענטפערט און אַ שמייכל געטאָן. עס איז אַרומגעגאַנגען אַזאַ ווערטל. „כ'האָב דיך אין לויוויטש" האָט געמיינט: דו גייסט מיך נישט אָן, כ'פרעג נישט נאָך דיר. דאָס איז געווען אַן איידעלער אופן צו זאָגן: „כ'האָב דיך אין דר'ערד".

בעריש האָט געזען דעם בײַט אין רייזלס פּנים און פּראָבירט זיך פאַרענטפערן: „ס'איז אַ ווערטל וואָס רײַסט זיך אויף דער צונג ווען מע רעדט וועגן לויוויטש, אָבער כ'האָב עס נישט געמיינט ערנסט".

„אויב עס האָט געדאַרפט זײַן אַ וויץ, איז עס נישט אַרויסגעקומען..."

האָט טאַקע טיף אין אים געגנורטעוועט אַ תּרעומות קעגן איר און עס איז אַרויסגעשפּרונגען אין דעם ווערטל? ווען ער האָט געפילט אַ וואַרעמקייט צו איר, האָט זי גערעדט וועגן דעם זלמן פּיטעל און אים האָט זי טאַקע געהאַט אין לויוויטש...

רייזל איז געגאַנגען נעבן אים און געשוויגן. אין קיין גימנאַזיע ווי

די פּאַננע מיליקאָווסקאַ איז זי נישט געגאַנגען, קיין רייַכן טאָטן האָט זי אויך נישט, אָבער מתותעס טעכטער האָבן זייער שטאָלץ.

„זייַען זי נישט אין כּעס אויף מיר, רייזל. איך בין נאָך אַלץ אַ שטיק ישיבה־בחור, עס איז מיר לייַכטער צו רעדן וועגן אַ שטיקל גמרא ווי פירן אַ שמועס מיט אַ מיידל. זי זענען די ערשטע מיט וועמען איך פּראָביר ווערן היימיש און כ׳האָב אײַן שוין צוויי מאָל באַליידיקט".

און די פּאַננע מיליקאָווסקאַ? האָט רייזל חשק געהאַט צו פרעגן, אָבער ווי קאָן זי אים שטעלן אַזאַ דירעקטע פראַגע. „אין לוויוויטש טרעפט איר זיך זיכער מיט גימנאַזיסטקעס און געלערנטע מיידלעך, איר קאָנט מיט זיי רעדן אַפילו וועגן גמרא".

דאָס האָט געקלונגען ווי זי וואָלט נאָך געווען ברוגז, אָדער ווי זי וואָלט געוואָלט בייַ אים אַרויסרייַסן אַ קאָמפּלימענט. זי האָט זיך אַליין איבערגעריסן: „כ׳ווייס נישט פאַר וואָס כ׳האָב זיך אָנגעברוגזט אויף אײַך איבער אַ נאַרישקייט".

„אַוודאי איבער אַ נאַרישקייט, איך רעד נאַרישקייטן", איז בעריש געווען נישט צופרידן מיט זיך.

דער שמועס איז אַרייַן אין אַ בלינד געסל און בעריש האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. פאַר אַ ווייַלע האָבן זיי ביידע געשוויגן. זיי זענען צוגעקומען צום טייַך, עס איז דאָרט געשטאַנען אַ באַנק. רייזל האָט אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט און זיך אַוועקגעזעצט, אַרויפגעקוקט צו אים און אים געבעטן: „אויב איר האָט געדולד, דערציילט מיר וועגן דעם הייַנטיקן תענית. אין שקאָלע לערנט מען נישט קיין יידישע געשיכטע, אין דער יידישער ביבליאָטעק האָבן זיי נאָר ראָמאַנען, לידער. כ׳ווייס? אפשר האָב איך געזוכט נאָר ראָמאַנען און לידער. סיי ווי סיי, וועגן יידישער היסטאָריע ווייס איך נישט קיין סך מער ווי אַ גוי".

בערישעס פּנים האָט אויפגעלייַכטערט, ער האָט זיך געזעצט נעבן איר אויף דער באַנק: „דאָס איז טאַקע דער צוועק פון די ימים־טובים און טרויערטעג", האָט ער געזאָגט, „די קינדער זאָלן פרעגן און די טאַטעס זאָלן ענטפערן".

„איר זענט נאָך צו יונג צו זייַן אַ טאַטע, אפשר וועט איר דערווייַל זייַן אַ לערער, מייַן לערער?" אַ שמייכל איז אויפגעגאַנגען אויף איר

פּנים ווי די זון נאָך אַ רעגן, זי האָט צוגעגעבן: „קענען קען איך נישט קיין סך מער ווי אַ קינד, אָבער חשק צו וויסן האָב איך".

„ס'איז זיכער לײַכטער צו לערנען מיט אַ קינד; מיט אַזאַ תּלמידה... עס וועט שווער זײַן זיך צו קאָנצענטרירן..."

בעריש האָט נישט געוווּסט צי עס איז קלאָר וואָס ער מיינט צו זאָגן, זי קאָן זיך נאָך ווידער אָנברוגזן. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו איר, זי האָט געשמייכלט צו אים. ווי זיי וואָלטן געהערט יעדער דעם אַנדערנס געדאַנקען האָבן ביידע מיט אַ מאָל זיך אויפגעשטעלט און גענומען שפּאַצירן ווײַטער. זי האָט זיך צעלאַכט, סתּם אַזוי, ווי אַ פייגעלע וואָלט זיך צעטרעלט, און אים איז אַפילו נישט אײַנגעפאַלן צו פרעגן פאַר וואָס זי לאַכט. אַ צעשמייכלט פּנים איז געווען זײַן ענטפער און ביידע האָבן הנאה געהאַט, ווי זיי וואָלטן זיך עפּעס געזאָגט און ערשט איצט זיך פאַרשטאַנען. ער האָט איר געהאָלפן אַריבערשפּרינגען אַ ראָוו און רויט געוואָרן ווען ער האָט געדאַרפט אָננעמען איר האַנט.

„וועגן וואָס האָבן מיר גערעדט?"

„וועגן תּענית", האָט זי געענטפערט.

„וועגן אַ שילערין ווי זי זענען".

„מיט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ".

„מיט אַ קאָפּ גאָלדענע האָר..."

„אָבי איר האָט געזאָגט, אַז איר ווייסט נישט ווי צו רעדן צו אַ מיידל, איר קענט אַפילו פלירטעווען".

בערישן האָט פאַרדראָסן, וואָס זי האָט אים איבערגעריסן און וואָס זי נעמט עס אָן ווי אַ פּוסטן פלירט. „כ'ווייס דען וואָס איך זאָג? כ'הער, אַלע זאָגן גאָלדענע האָר, זאָג איך אויך..."

„בעריש, דאָס איז מײַן נישט־געלונגענער וויץ. איצט זענען מיר קוויט".

זי האָט געוואָרט ער זאָל פאַרענדיקן וואָס ער האָט געהאַט אָנגעהויבן זאָגן, אָבער ער האָט מער נישט געפונען די דרייסטקייט. זי האָט דאָך געוואָלט וויסן וועגן תּענית, האָט ער איר גענומען דערציילן די גאַנצע געשיכטע ווי דער קעניג פון יהודה האָט זיך נישט צוגעהערט צו די עצות פון נביא ירמיהו און דאָס האָט דערפירט צו אַ מלחמה מיטן קעניג פון בבל, וואָס יהודה האָט פאַרשפּילט. דער קעניג יהויכין און אַ סך ייִדן

זענען פאַטריבן געוואָרן קיין בבל. די זיגערס האָבן באַשטימט גדליה בן־אַחיקם צו פאַרוואַלטן מיט יהודה. אָבער אַ באַנדע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך פאַרבונדן מיטן קעניג פון עמון און דערהרגעט גדליהן. דאָס האָט דערפירט בבל זאָל פאַרטרייַבן די לעצטע ייִדן פון לאַנד.

ער האָט גערעדט און גערעדט און געהאַפּט, אַז זי זאָל זיך ווידער אַ מאָל צעלאַכן, ווי פריִער; דאָס וועט אים העלפן, ער זאָל ווידער קאָנען רעדן צו איר פריַי און פריילעך. אָבער ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין צו פיל פּרטים וועגן אַלטער געשיכטע און זי האָט געשוויגן און זיך צוגעהערט. ער האָט אַליין זיך איבערגעריסן אין מיטן אַ זאַץ וואָס וואָלט נאָר געפירט מער זיך צו פאַרוויקלען אין רייד, און האָט אַ זאָג געטאָן: „און די רעשט פאַר איבער אַ יאָר צום גדליה".

„איר האָט געזאָגט, אַז מע האָט געמאַכט אַ תּענית כּדי מע זאָל רעדן וועגן דעם און לערנען וועגן דעם. אַז מיר האָבן דאָס שוין געטאָן, מעג מען שוין אפשר עסן אַ ביסל אײַנגעמאַכטס? מיר זענען שוין צוריק בײַם הויז און בײַם טאָפּ פּאָווידלע..."

זי האָט ווידער געשמייכלט און עס איז אים ווידער געוואָרן גוט אויפן געמיט. „אַ תּענית דאַרף זײַן אַ טאָג פון פּײַן און אויף דעם האָב איך שוין סײַ ווי עובר געווען..." ער האָט נאָך געוואָלט צוגעבן, אַז זײַן מיט איר איז אַ פאַרגעניגן, אָבער נישט געפונען די דרייסטקייט.

„אַ שיינעם דאַנק, ס'איז מיר אויך געווען פּזשיעמנע... ווי זאָגט מען עס אויף ייִדיש?"

„ליב, אָנגענעם, הנאה געהאַט. ווי נאָר זי וועלן עס זאָגן, וועט עס מיר זײַן ‚פּזשיעמנע'".

ער האָט זיך דערשראָקן, טאָמער וועט זי מיינען אַז ער לאַכט אָפּ פון איר אַרײַנמישן פּוילישע ווערטער, אָבער איר שיין פּנימל איז געווען פול מיט שמייכל.

„איר פאָרט טאַקע אַוועק מאָרגן?" האָט זי געפרעגט.

„כ'מוז אַוועקפאָרן מאָרגן פאַר טאָג, אָבער כ'וועל צוריקקומען אויף יום־כּיפּור".

„יום־כּיפּור, אויב איר וועט קומען, וועל איך אײַך נישט פאַרלייגן נישט קיין פּאָווידלע און נישט קיין אײַנגעמאַכטס".

„יום־כּיפּור, איידער מע ענדיקט איין תּפילה, הייבט מען שוין אָן די צווייטע, מע זיצט אין שיל אַ גאַנצן טאָג".

„אַ שאָד. ווען וועט איר מיר זאָגן עפּעס וועגן יום־כּיפּור? פּשע־פּראַשאַם, זײַט מיר מוחל, כ'ווייס, אַז אום יום־כּיפּור, אַזאַ הייליקער טאָג, וועט איר נישט רעדן צו אַ מיידל. נאָר איר האָט דאָך געזאָגט, אַז אַ תּענית איז געמאַכט געוואָרן כּדי מע זאָל פרעגן..."

„אין די צײַטן פון בית־המיקדש זענען אין יום־כּיפּור די בחורים און די מיידלעך אַרויסגעגאַנגען טאַנצן אין די גערטנער פון ירושלים, די מיידלעך אין ווײַסע קליידער און מע האָט געמאַכט באַקאַנטשאַפטן..."

„דער סאָד געהערט צום פּריץ, אָבער זינט דער טאַטעשי האָט עס איבערגענומען, איז עס געוואָרן אַ שטיק ירושלים. כ'על מיר באָרגן אַ ווײַס קלייד..."

אַ רויטקייט האָט זי באַגאָסן ביזן טיפן האַלדז און זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. וואָס טוט זיך מיט איר? זי איז צודרינגלעך. איז עס נאָר אַ פלירט?

„די מיידלעך אין ירושלים האָבן טאַקע געטראָגן נאָר געבאָרגטע קליידער, אַזוי איז געווען דער מינהג, כּדי די אָרעמע, וואָס האָבן געמוזט טראָגן געבאָרגטע קליידער, זאָלן זיך נישט שעמען".

זי האָט רעכט נישט געהערט וואָס ער זאָגט, אַזוי אינטענסיוו איז געווען איר טראַכטן. ס'קאָן נישט זײַן נאָר אַ נקמה אין זלמנען, זי איז אויפגעלייגט, עס איז איר גוט און זי וויל טאַקע אים ווידער זען. זי איז געווען אַזוי קאַלט צו אים, זי וויל ער זאָל זען, אַז ס'איז איצט אַנדערש...

„ס'מוז זײַן נאָר אַ נײַע באַקאַנטשאַפט? כ'מיין אין ירושלים. ניין, כ'מיין טאַקע דאָ. פון ווײַטנס קען איך אײַך מײַן גאַנץ לעבן, אָבער אונדזער ריכטיקע באַקאַנשאַפט איז נאָך נישט אַלט און כּשר אויף יום־כּיפּור".

„כ'וועל ווידער קומען אויף סוכּות און בלײַבן איבער גאַנץ סוכּות. אפשר וועל איך מוצאי־יום־כּיפּור באַווײַזן זיך אַרײַנצוכאַפּן צום פּאַן קלמן".

„אָ, קלמן האַלט פון אײַך. אַז כ'האָב נישט באַלד צוגעבאַמקעט צו אַלע לויבערײַען וועגן אײַך, איז ער ברוגז געוואָרן".

„כ'ווייס נישט, צי כ'בין ווערט אַלע קלמנס שבחים, אָבער עס וועט מיך אָסור אָרן אויב ער וועט אין איבערצײַגן..."

„גלייבט מיר, פֿאַניע בעריש, איך בין אויך נישט געוווינט צו פֿליר־טעווען מיט יונגעלײַט און... אָט זעט איר דאָך, מיר האָבן זיך ביידע אויסגעלערנט".

בעריש האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער און דערזען, אַז ער מוז שוין גיין, שוין צײַט צו גיין אין שיל צו מינחה, אין אַ תּענית לייענט מען די תּורה בײַ מינחה. רייזל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט שיין, מע זאָל זען דעם רבס זון מיט אַ מיידל, דערצו אין אַ תּענית. זי האָט אים באַגלייט נאָר ביז צום אַרויסגאַנג פֿון סאָד. זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט: „ס'איז געווען פֿזשיעמע... כ'מיין, ס'איז מיר געווען אָנגענעם. איך וועל זײַן מוצאי יום־כּיפּור ביי קלמנען".

## XLVII

קלמן איז אַרויס פֿון שטוב און שוין געהאַלטן בײַם אַרײַנרוקן זיך אין זײַן אויטאָ ווען אַ מיידל איז אָנגעקומען. אַ קליינס אָבער אַ באַחנטס, האָט קלמן געזאָגט מבֿינות צו זיך אַליין, אַ דריבנענקעס אָבער האָט אַ ווײַבעריש גענגעלע... אויב זי וואָלט זיך אָנגעטאָן אַ שיין קליידל... דאָמברוווקע איז אַ קליין מקום און ער ווייסט נישט ווער זי איז, כאָטש זי זעט יאָ אויס אַ ביסל באַקאַנט. באַלד, באַלד, דאָס איז דאָך... „פֿייגעלע!" האָט ער זי אַ רוף געטאָן ווען זי איז אים פֿאַרבײַ געגאַנגען. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים, ס'איז טאַקע פֿייגעלע דעם קליינעם פּישעלעס. „פֿייגעלע, קומען זי אַהער. כ'וויל אײַן עפּעס פֿרעגן".

דאָס מיידל איז צוגעקומען געוואָרט אויף אַ פֿראַגע, און ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו פֿרעגן. איר טאַטע איז אַ פֿרומער און זי טראָגט נישט קיין שייטל און נישט קיין קופּקע אויפֿן קאָפּ, מיינט עס אַז זי האָט נאָך נישט חתונה געהאַט. „דעמאָלט אין לוויוויטש", האָט קלמן זי דערמאָנט „האָבן מיר ביידע געהאַט ניסים: איך, וואָס כ'בין געזונט געוואָרן, און זי — זי זענען דאָך, אײַנס טאַטע האָט געמיינט ער פֿירט אײַן צו אַ פֿאַרטיקער ירושה און זי האָבן געקאָנט בלײַבן מיט אַ מאַן אַ קאַליקע אויפֿן גאַנצן לעבן".

„איר ווילט עפּעס פרעגן?"

„כ'האָב נאָר געוואָלט זאָגן אַז אינס טאַטע קאָן אין פאַרפירן אין באָד אַרײַן. זי זענען אַ גאַנץ שיין מיידל, פאַר וואָס האָבן זי נישט חתונה?"

„אַ שיין מזל איז בעסער ווי אַ שיין פּנים".

„מזל, שמאַזל, שלימזל! אַ מענטשנס מזל ליגט אין זײַנע אייגענע הענט. זי הערן? נישט אין דעם טאַטעס הענט, נאָר אין די אייגענע! אַז זי וועלן זיך לאָזן פון אים... אינס טאַטע..."

„מײַן טאַטעשי האָט אַ קראַנק ווײַב, נײַן מײַלער צו געבן צו עסן, דירה־געלט און רבי־געלט צו באַצאָלן, און..."

„פייגעלע, פאַר מיר דאַרפן זי נישט מאַכן קיין אָנשטעל, איך האָב אויך געהאַט אַ טאַטע אַ צאַצקע. אַז כ'הער זײַן נאָמען, שפּײַ איך קלעק".

„מײַן טאַטעשי איז אַ גוטער. אויב ער וואָלט געהאַט, וואָלט ס'טעלערל פון הימל נישט געווען צו פיל".

„זאָגן זי אינס טאַטעשי, ער זאָל זיך נישט יאָגן נאָכן טעלערל פון הימל, וועט ער געפינען וואָס אַרײַנצולייגן אין דעם טעלערל אויפן טיש. אַ זלאָטע דאָ און אַ זלאָטע דאָרט, איז מער ווי אַ קו וואָס איז געפלויגן איבערן דאַך, און אפילו מער פון אַ טויזנטער מעקלגעלט פון וועלכן עס לאָזט זיך אויס אַ טײַך".

„פאַניע שווערדל, איר קענט נישט מײַן טאַטעשי. אַז מע האָט נישט קיין מזל האָט מען נישט קיין כבוד און נישט קיין לעקעך..."

„זי זענען שוין אַ גרויסע, אַ קליינע גרויסע", האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל, „פאַר וואָס גייען זי נישט אַרבעטן?"

„כ'וויל".

„נאָר?"

„כ'קאָן נישט אַוועקפאָרן ווײַל די מאַמעשי איז נישט געזונט, און דאָ אין דאָמברווּוקע, וואָס פאַר אַ אַרבעט קאָן איך קריגן? צו ערשט האָט דער טאַטעשי נישט געוואָלט כ'זאָל ווערן אַ דינסט. ר'איז שוין באַשטאַנען, אָבער ס'קומען געזונטע גרויסע מיידן פון אומעטום. מע מיינט אַז קליינע הענט טוען ווייניקער אַרבעט ווי גרויסע".

„פאַר וואָס האָט דער טאַטעשי נישט געוואָלט זי זאָלן גייען דינען? ר'האָט מורא געהאַט ס'עט שאַדן צו אַ שידוך?"

פייגעלע האָט זיך באַגאַסן מיט רויטקייט, און קלמן האָט צוגעגעבן:
„קיין ארבעט איז נישט אַזוי מיאוס ווי אַ ליידיקער טעלער, און נישט אַזוי שלעכט ווי אַ קוימען אָן רויך און אַ גרימעניש אין בויך..."

„אייַך איז לייַכט צו זאָגן יענעם, איר האָט סאַמאָכאָדן אַרומצופאָרן".

קלמנס טאָן איז ווייכער געוואָרן: „די פּאַני שווערדלאָווא איז געווען אַ דינסט און פּאַרט יעצט אַרום אין אַן אייגענעם אויטאָ. זי ווילן אַרבעטן אין אַ הויז? קומען זי מאָרגן צו מייַן ווייַב, זי וועלן זאָגן אַז איך האָב אין געשיקט. איך קען דאָך אין", האָט ער צוגעגעבן מיט אַ חוזק־שמייכעלע, „כ'על געבן אַ גוטע רעקאָמענדאַציע".

פייגעלע האָט זיך אויסגעדרייט אַוועקצוגיין, קלמן האָט איר נאָכגע־רופן: „כ'מיין עס ערנסט, זי וועלן ווייַזן אינס טאָטן ווי מע קאָן פאַרדינען אָן ערלעכן גראָשן".

דאָס מיידל איז אַוועק אָן צו זאָגן „אַ שיינעם דאַנק" און קלמן האָט פאַרשטאַנען אַז זי גלייבט נישט זייַן צוזאָג. ער איז אַרייַן אין זייַן אויטאָ און געלאַכט צו זיך אַליין. זע'ך נאָר דעם צדיק אין פעלץ וואָס לערנט מענטשן ווי צו פאַרדינען אָן ערלעכן גראָשן! דו, קלמנדל, ביסט דאָך געווען אַ קראַדניק נאָך אין דייַן מאַמעס בויך. ווי אַלט ביסטו אין גאַנצן געווען ווען האָסט אָנגעהויבן לקחנען בייַם זיידן? און די עלעקטראָווניע איז געבויט געוואָרן מיט ערלעך פאַרדינטע גראָשנס, אָדער מיטן געלט פון אַ כיטרע באַנקראָטל?

לויט ווי די פייגעלע זעט אויס און לויט ווי זי גייט אָנגעטאָן הונגערט מען בייַם קליינעם פישעלע. ער, קלמן, האָט געהאַט זייַנע צרות, אָבער דאָס שטיקל ברויט האָט קיין מאָל נישט געפעלט.

לעולם אַרט אים נישט וואָס פישעלע איז אָן אַפּעריסטל, אָבער פאַר וואָס טוט ער עס אַזוי נאַריש און אומגעלומפּערט? ווי האָט געזאָגט יענער מאַרוויכער: גנבנען איז אַ קונסט און מע וואָלט געקאָנט שטאָלץ זיין מיט דעם; די צרה איז נאָר וואָס אַ ליאַדע פאַרטאַטש וואָס מע כאַפּט אים מיט דער האַנט אין יענעמס קעשענע, רופט זיך אויך „גנב" און הרגעט אַוועק די רעפּוטאַציע פון פאַך.

קלמן איז געזעסן בייַ זיך אין שטוב און געלייענט אַ צייַטונג ווען קיילע איז אַרייַנגעלאָפן אים פרעגן: „טאַלמען דו האָסט צודענומען אַ נייַע דינסט?"

„איך? וואָס פעלט דיר אײַן? אוי", האָט ער זיך דערמאָנט, „ס'מוז זײַן דעם קליינעם פּישעלעס מיידל. זי דאַרף גענייטיק עפּעס פאַרדינען".

„וויפל דינסטן דאַרף איך? כ'האָב ליב אַליין עפּעס צו טאָן אין טיך".

„זאָל זי אַרבעטן בײַ חיהן, זאָל זי זיך פּאָרען מיט זעליקלען, אַלע גרויסע מאַדאַמען האַלטן עמעצן צו די קינדער".

„כ'בין נישט קײַן גרויסע מאַדאַם, און זעליטל איז, טיִנעהאַרע, גרויס, און זי איז אַ פּיצעלע".

„קיילעשי, איר מאַמע איז קראַנק און מע הונגערט בײַ זיי".

קיילעס האַרץ איז ווייכער געוואָרן, זי איז צוריקגעגאַנגען צו דער קיך.

קלמנדל ממזר, האָט ער זיך אַליין געפּאַרשט, איז דאָס נישט אַ מאָל פון דעם זעלביקן מין גוטסקייט וואָס דו האָסט אַרויסגעוויזן ברײַנדלען? דו ביסט הײַנט אַ טאַטע פון אַ קינד, דו ווילסט בויען אַ דינאַסטיע, דו גייסט נישט ווידער אַ דריגע טאָן און איבערקערן ס'גאַנצע שעפל מילך?

קיילע איז צוריקגעקומען: „איר טאַטע איז אַ מעטלער, טאָנסט אפשר עפּעס דעפינען פאַר אים?"

„קיילעשי, דו האָסט מער שכל פון מיר. גיב איר אָפּצועסן און דערנאָך שיק זי אַרײַן דאָ, צו מיר. ווען קיילע איז שוין געווען בײַ דער טיר האָט ער זי פאַרהאַלטן: „דו זעסט ווי זי גייט אָנגעטאָן? געפין עפּעס אַ קליידל וואָס זי זאָל קאָנען איבערניצעווען. זי איז שוין אַ כלה־מיידל און גייט אָנגעטאָן קרוע ובלוע".

ווען פייגעלע איז אַרײַנגעקומען האָט קלמן שוין געהאַט אַ פּלאַן:
„זי קענען דעם קליינעם בערעלע?"
„דעם פורמאַן?"

„ער איז געווען אַ טרעגער, געשלעפּט ריזיקע פּעק אויף די קליינע פּלייצעס. צו ערשט האָט ער זיך געקויפט אַ קליין פערדעלע און אַליין זיך געמאַכט אַ קליין וועגעלע. ער אַרבעט זיך אַרויף, ער האָט שוין פיר וואַגנס און דרײַ פערד".

„קעגן וואָס זאָגט דאָס דער פּאַן?"

„כ'מיין, אַז אײַנס טאַטעשי איז גערעכט. ווערן אַ דינסט וועט טאָקע שאָדן צו אַ לײַטישן שידוך".

פייגעלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

„כ׳בין גרייט צו העלפן אינס טאַטע זיך שטעלן אויף די פיס, ווי כ׳האָב געהאָלפן בערעלען. שיקן זי דעם טאַטעשי צו מיר״.



ווען קלמן האָט פאַרגעלייגט פישעלען זײַן פּלאַן האָט יענער אַ הייב געטאָן די אַקסלען און אַ מאַך געטאָן מיט זײַן קליין הענטל: „דער בערל איז אַ טרעגער, אַ פּראָסטער נפש״. ער האָט נישט פאַרשטאַנען ווי קלמן קאָן אים פאַרגלײַכן צו בערלען. פישל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע פון אַ פילאָזאָף: „איר זעט, פּאַניע שווערדל, עס זענען דאָ פאַרשי־דענע מענטשן, פונקט ווי עס זענען פאַרשידן די בעלי חיים. דאָס פערד, דער אייזל און דאָס קעמל פאַרדינען זייער חיונה פון איין אבר — פון דעם רוקן, און בערעלע אויך אַזוי. ער איז געבוירן געוואָרן כחמור למשׂא, ווי אַן אייזל צו טראָגן אַ משׂא״, האָט ער פאַרטייטשט דאָס העברעיִשע. „פון אַ העכערער מדרגה איז דער וואָס פאַרדינט זײַן חיונה מיט אַ מנין איברים — מיט זיינע צען פינגער. אָבער פאַראַן נאָך אַ העכערע מדרגה, מע ברענגט חיונה ווידער אַ מאָל נאָר מיט איין איבר, מיט דעם העכסטן און חשובסטן איבר — מיטן קאָפּ. איר פאַרשטייט מיך, פּאַניע שווערדל?״

„פאַרשטיין פאַרשטיי איך, אָבער איר האָט מיר נישט געזאָגט צו וועלכער קאַטעגאָריע איר געהערט?״

פישעלע האָט נאָר אויפגעהויבן זײַן ווײַזפינגער צום קאָפּ.

„אָבי אײַער פייגעלע האָט געבעטן איך זאָל אײַך העלפן. אַז איר זענט אַ קאָפּמענטש און מיטן קאָפּ קאָן מען ברענגען פרנסה איז דאָך אײַך ווויל ווי די וועלט״.

„אָבער מע דאַרף אויך האָבן מזל, און אין דאָמברוווקע האָט איר פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע דאָבברע מזל״.

„אַז עמעץ כאַפּט גיט מען אים איבער די הענט. פאַר וואָס מאָנט איר נישט צוריק אײַער חלק מזל? רופט צו אַ דין תורה, גייט אין די סאָנדעס. אַ קאָפּמענטש דאַרף האָבן שכל זיך נישט צו לאָזן באַראַבעווען״.

„דין תורהס, סאָנדעס, עט! איך בין אַ מענטש פון שלום. מיט גוטן קאָן מען בײַ מיר אַלץ פועלן. איר ווייסט דאָך, פּאַניע שווערדל, אַז כ׳האָב קעגן אײַך אַ תביעה וועגן קנס, ברעכן אַ צוזאָג אין ענינים פון זיווג איז

נישט קיין קליינינקייט! נו, בין איך געגאַנגען צום רב? האָב איך אײַך געשלעפּט אין די סאָנדעס? כ׳האָב געוווּסט אַז דאָס יאַנדעס וועט אײַך נישט לאָזן פאַרגעסן אַזאַ זאַך״.

„פישעלע, פון איצט אָן וועל איך רעדן צו אײַך נאָר בײַם רב אָדער אין געריכט״.

„וואָס רעדט איר? וואָס טוט זיך דאָ?״

„גייט אײַך געזונטערהייט״.

„מיט וואָס גיי איך אַוועק?״

„מיט דעם זעלביקן וואָס איר זענט געקומען״.

„געוואַלד, מענטשן, אַזוינס איז נאָך נישט געשען זינט די וועלט שטייט. איר ווייסט אַז מײַן פּרנסה איז מעקלעריי און יעדע מינוט קאָן עפּעס אונטערקומען, נעמט איר און רופט מיך און האַלט מיך דאָ אַפּ אַ שעה צײַט און אַנדערע מעקלערס באַאַרבעטן דערווײַל מײַנע קונים. איר ווייסט כאָטשיק וויפל איך האָב געקאָנט פאַרדינען אין דער שעה?״

„אַוודאי ווייס איך. געניי וויפל איר האָט פאַרדינט אין דער פריִערדיקער שעה. ברענגט באַגלייבטע עדות וויפל איר האָט פאַרדינט אין דער שעה איידער איר זענט געקומען צו מיר, און כ׳על אײַך באַצאָלן פּונקט אַזוי פיל אין מזומן. נעמט זיך דאָס אין אײַער מיניסטערישן קאָפּ אַרײַן, פישל; אויב איר וועט זיך נישט אָפּגעוווינען פון זײַן אַ פּגע רע, אַ ניגל, אַ פּיאַווקע, זאָלט איר זיך נישט דערוועגן מער איבערטרעטן מײַן שוועל״.

„פּאַניע קלמן...״

קלמן, וואָס האָט ביז איצט גערעדט געלאַסן, האָט אויפגעהויבן אַ דראָענדיקן פינגער: „כ׳האָב אײַך איין מאָל שוין געהייסן אַרויסוואַרפן!״

„איר׳ט דאָך געזאָגט פייגעלען, אַז איר וועט מיר העלפן״, האָט ער איצט זיך שוין געבעטן.

„כל-זמן ס׳קליינע פישעלע מיטן קליינעם קעפּעלע רײַט אויף אַ גרויס פערד און פאָכעט מיט אַ שווערד, וויל איך אים נישט קענען״.

„פּאַניע קלמן, איך וועל שוין גאָר נישט זאָגן. זאָגט איר וואָס ס׳איז געווען אין אײַער דעה ווען איר האָט מיך געהייסן קומען״.

„וואָס ס׳איז געווען אין מײַן דעה? איר׳ט מיר פריִער געברענגט אַ משל פון אַ פערד און אַן אייזל, איך וועל אײַך דערמאָנען אַ משל פון

אַ קעמל. איר האַלט זיך דאָך פאַר אַ גאַנצן למדן, דאַרפט איר געדענקען וואָס די גמרא ברענגט: „דאָס קעמל איז געגאַנגען זוכן הערנער, האָט עס די אויערן אויך פאַרלוירן". און אַז איר, דער גרויסער למדן, האָט זיך גענומען די מי מיר צו פאַרטייַטשן וואָס עס מיינט „חמור־למשא", וועל איך אייַך פאַרטייַטשן וואָס איך זאָג אויף גמרא־לשון. אַזוי איז עס אין דער גמרא: גמלא אָזלאָ למבעי קרני, אודני דהוו ליה גזין מיניה. אויב איר פאַרשטייט שוין, אַז בייַ מיר וועט איר קייַן הערנער נישט קריגן, קאָנט איר מאָרגן קומען צו מיר אין קאַנטאָר, און ברענגט מיט אייַער טאָכ־טער. אַזאַ יאָר אויף מיר ווי זי האָט מער שׂכל פון אייַך".

✶

פייגעלע איז געקומען צו קלמנען אין פאַבריק צוזאַמען מיטן טאַטן. קלמן האָט געהאַט פאַר פייגעלען אַ גאַנצן פּלאַן. זאָלן זיי זוכן אַ קליין פערד־און־וועגעלע. בערעלע קאָן זיי העלפן אין דעם. ער, קלמן, וועט באַצאָלן פאַר דעם פערד־און־וועגעלע ביז צו פרייַז פון הונדערט און פופציק זלאָטעס. חוץ דעם וועלן זיי אין דער פאַבריק האָבן קרעדיט אויף נאָך אַ הונדערטער. אין דער פאַבריק וועט מען זיי פאַרקויפן סחורה צו הורטפּרייַזן. פישעלע קאָן עס פאַרקויפן אין די אַרומיקע דערפער צו געוועלבן און צו רייַכע פויערים.

„און פאַרדינען וואָסער אויף קאָשע", איז פישעלע נישט געווען צופרידן.

„קיינער צווינגט אייַך נישט, ר' פישל. האָט מיר אַ גוטן".

„כ'דאַרף אַ פאָר זלאָטעס אויף „האַנטגעלט'", האָט פישעלע זיך געבעטן.

„האַנטגעלט אויף וואָס?"

„אויף אַ פערד־און־וועגעלע".

„אַ גראָשן נישט. דער פאַרקויפער וועט דאַרפן קומען צו מיר און ווייַזן די סחורה".

עס האָט גענומען נאָר איין טאָג און פישעלע איז געקומען נעמען די הונדערט און פופציק זלאָטעס: ער האָט שוין אַ פערד און וואָגן.

„איך וועל עס געבן נאָר דעם פאַרקויפער אין דער האַנט אַרייַן, זאָל ער צוקומען אַהער מיט זייַן סחורה", האָט קלמן זיך אייַנגעשפּאַרט.

„פאַניע קלמן, אַז איר טוט שוין אַ מיצווה, וואָס דאַרפט איר צוטשעפּען

צו דעם אַן עבירה? איר זענט דאָך מיך מבייש. כ׳בין אַ טאַטע פון, קיין עין הרע, זיבן קינדער. איר ווייסט ווי גרויס עס איז די זינד פון שפיכת דמים?״

„פישעלע, הייבט נישט אָן מיט אײַערע קונצן, ווײַל עס וועט באַלד ווערן אויס געשעפט. אויב איך וועל אײַך דאַרפן נאָך אַ מאָל אַרויס־וואַרפן וועט איר מער איבער מײַן שוועל נישט קאָנען קומען, איך וואָרן אײַך״.

„פּאַניע שווערדל...״

„אַזוי ווי איך האָב געזאָגט, און אויב דאָס איז אַ בושה און עס שטייט אײַך נישט אָן, איז לא פידאלתי, האָב איך נישט געפידלט״.

פישעלע האָט זיך געקראַצט אונטערן בערדל. ער האָט מורא געהאַט עפּעס צו זאָגן, איז ער אַרויס אָן אַ וואָרט. ער איז צוריקגעקומען נאָך עטלעכע מינוט. „זאָל דער פּאַן קוקן דורכן פענצטער, דאָס איז מײַן נײַ פערד־און־וואָגן, איך דאַרף באַצאָלן די הונדערט און פופציק זלאָטעס״.

קלמן האָט דערקענט בערעלעס פערד־און־וועגעלע. בערעלע איז טאַקע געזעסן אויף דער קאָזלע מיט די לייצן אין די הענט. נעבן בערעלען איז געזעסן פייגעלע.

„בערעלעס?״ האָט קלמן געפרעגט.

„ס׳איז שוין מײַן, נאָר דאָס געלט צו באַצאָלן״, האָט פישעלע געענטפערט.

„ווען האָט איר עס געקויפט בײַ אים?״

„הײַנט אין דער פרי. בערל האָט יאָזדעס, כ׳קאָן אים נישט אויפהאַלטן״.

„זאָל ער אַרײַנקומען נאָכן געלט״.

„ער מוז צוהאַלטן ס׳פערד״.

„גייט איר אַרויס צוהאַלטן ס׳פערד״.

„איך? ס׳פערדל קען מיך נאָך נישט״.

„גייט אַרויס, וועט בערל אײַך אָפיציעל פאָרשטעלן פאַרן פערד״.

„איר קאָנט לאַכן פון מיר, אָבער... ס׳קאָן מיך נאָך בײַסן״.

„ס׳וועט אײַך נישט אויפעסן״.

„איר געטרויט מיר נישט? שיקט אַרויס דאָס געלט מיט אײַערס אַ מענטש און זאָגט אים ער זאָל עס געבן בערלען אין דער האַנט אַרײַן״.

„פישעלע, איר דאַרפט שוין וויסן אַז איך בין נישט קיין קלענערער עקשן פון אײַך. שיקט אַרײַן בערלען, אָדער עס איז אויס געשעפט!"

פישעלע האָט ווידער זיך געקראַצט אונטערן בערדל. „זאָל זײַן אַזוי", האָט ער געזאָגט מיט רעזיגנאַציע און אַרויס. עס האָט גענומען אַ לאַנגע ווײַלע ביז ער איז צוריקגעקומען מיט בערלען.

„וואָס האָט איר זיך אַזוי לאַנג געאַמפּערט?" האָט קלמן געפרעגט, „איר זענט נאָך נישט אַדורכגעקומען וועגן פּרײַז? וואָס טוט זיך דאָ, בערל?"

„ס'איז אַזוי פאַניע שווערדל: פישל איז געקומען און געזאָגט אַז איר האָט אים געשיקט צו מיר וועגן פערד".

„כ'האָב אים געזאָגט ער זאָל אײַך בעטן אַן עצה, פרעגן מבינות".

„אָווע טאָווע, אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ער וויל אַ קליין פערדל ווי מײַנס, פאַר אַ גרויס פערד האָט ער מורא, ער'ט מיך געפרעגט צי פערד בײַסן נישט. כ'זע ער האָט טאַקע מורא צוגיין צו דער בהמה, טראַכט איך, פאַר מיר איז אַ גרויס פערד אפשר בעסער".

„האָט איר פאַרקויפט דאָס קליינע פערד־און־וועגעלע צו פישלען?"

„צו זײַן טאָכטער".

„פישל, איר גייט נישט אַרויפוואַרפן ס'פערדל אויף פייגעלען?"

„פאַניע שווערדל, איך מיט מײַן טאָכטער וועלן שוין אַדורכקומען צווישן זיך".

„בערל, איך נעמט כאָטש אַ גוטן פּרײַז? פאַרלאָזט זיך נישט אויף זײַן יושר".

„ער האָט זיך געדונגען, אָבער מ'זעמיר מושווה געוואָרן".

„אויב איך געדענק ריכטיק, האָט איר פאַרן פערדל באַצאָלט אַ הונ־דערטער".

„איר'ט מיר געבאָרגט אַ הונדערטער, פאַרן פערדל האָב איך באַצאָלט נאָר פינעף און אַכציק".

„ס'איז הײַנט אַוודאי ווערט מער".

„ס'פערדל איז נישט געוואָרן ייִנגער".

„טאָ וויפל בעט איר צוזאַמען מיטן וועגעלע?"

„די זאַך איז אַזוי — — — ע... עע... פישל האָט מיר געזאָגט אַז איר 'עט מיר געבן הונדערט און פופציק זלאָטעס".

קלמן האָט געזען ווי פּישל ווינקט צו בערלען, ער האָט אים אַפילו אַ צי געטאָן בײַם אַרבל. ער האָט געזען אַז בערל קרעקט זיך מיט די רייד. „בערל, אַרויס מיט אָפענע דיבורים. וויפל נעמט איר פאַר דעם פערד־און־וועגעלע ?"

„און אַ בײַטש און אַ זעקל פאַר שעטשקע, און..."

„כ׳פרעג נישט אײַך, פּישל. בערל, איך וויל איר זאָלט מיר זאָגן וויפל איר קריגט פאַר אַלעם, אַרײַנגערעכנט די בײַטש און די טאָרבע".

„פּאַניע קלמן, איר קענט דאָך מיך, איך וועל בײַ קיינעם נישט רײַסן די הויט, אָבער פּישל... פּישל באַצאָלט הונדערט און פופציק, און..."

„און ס׳איז ווערט די הונדערט און פופציק ? אײַך גלייב איך".

„פּישל קויפט עס נישט בײַ מיר".

„איר׳ט דאָך געזאָגט אַז ס׳איז אײַער פערד און וועגעלע ?"

„אַוודאי איז עס מײַן. ס׳איז מײַן און ס׳איז נישט מײַן. כ׳מיין, ס׳איז יאָ מײַן. נאָר איך פאַרקויף עס צו זײַן טאָכטער און ער קויפט עס בײַ איר פאַר הונדערט און פופציק".

„אַהאַ, איך פאַרשטיי שוין. ער קאָן שווערן אַז ער איז מושווה געוואָרן הונדערט און פופציק. און וויפל איז די טאָכטער מושווה געוואָרן מיט אײַך ?"

בערל האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן, קלמן האָט געזען ווי פּישל טרעט בערלען אויפן פוס. „בערל", האָט ער ווײַטער געפרעגט, „וויפל וועט אײַך בלײַבן פון דער גאַנצער טראַנסאַקציע ?

„פינעף און אַכציק", האָט בערל געענטפערט.

„און איך האָב אײַך געוואָלט לערנען ווי אַזוי צו פאַרדינען ערלעך אויף אַ שטיקל ברויט", האָט קלמן זיך געבייזערט אויף פּישלען.

„אין וועלכן ספר פּראַלניק שטייט עס, אַז וואָס מע פאַרדינט בײַ אַן אייגענער טאָכטער איז נישט ערלעך ? האָט פּישל געוואָלט וויסן, „און ווער מעג זיך אַרײַנמישן צווישן אַ טאַטן און זײַן טאָכטער ?"

„אַרויס פון דאַנען !" האָט קלמן געשריגן.

„איר האָט צוגעזאָגט הונדערט און פופציק זלאָטעס, ,מוצא שפתיך תשמור', אַ סוחר טוט נישט אַזוי..."

„אַרויס פון דאַנען, די רגע !"

*

פייגעלע איז שפּעטער צוריקגעקומען אַליין. „פּאַניע שווערדל, זאָגט דער פּאַני זי זאָל מיך צונעמען. כ׳על שײַערן די פּאָדלעגעס, כ׳על טאָן די שווערסטע אַרבעט, כ׳קאָן עס מער נישט אויסהאַלטן״.

איר קול איז געווען אָנגעזאָפּט מיט טרערן און די אויגן געשוואָלן פון וויינען. קלמנען איז ווייך געוואָרן דאָס האַרץ. „דו ווילסט דאָס פערדל? קויף עס. טאַקע דו קויף עס. כ׳על דיר געבן דאָס געלט, דיר געטרוי איך יאָ. אָבער קאָנסט נישט פאָרן אין די דערפער איינע אַליין, ביסט אַ יונג און שיין מיידל. וועסט מוזן מיטנעמען דעם טאַטן, אַכיבע עס זאָל זיך דיר טרעפן אַ שידוך. איך וועל דיר העלפן קריגן אַ דירה און מעבל״.

קלמן האָט אויפגעשלאָסן זײַן שופלאָד ארויסצונעמען פינעף און אַכציק זלאָטעס, אָבער ער האָט איר געגעבן גאַנצע הונדערט און פופציק. פייגעלע האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט און אַ קוש געטאָן. טרערן האָבן אַ שפּראָץ געטאָן פון אירע אויגן, זי האָט זיך פאַרשעמט און אַרויסגעלאָפן.

פאַר וואָס בין איך פּלוצעם געוואָרן אַזוי גוט? האָט קלמן זיך געפרעגט. ווײַל זי איז אַ קליינס און אַ שיינס ווי ברײַנדל? ברײַנדל איז געווען קלוג און רירעוודיק און לאַכעוודיק. ער ווייסט נישט צי פייגעלע איז קלוג, אָבער זי איז אַזאַ טרויעריקע. ברײַנדל האָט אַרײַנגעברענגט געלעכטער אין דעם טרויעריקן הויז פון אַלטן חנא.

ברײַנדל איז אַרײַנגעקומען אין זײַן הויז מיט געלעכטער און אַרויס מיט געוויין, אַרײַנגעקומען אַ רירעוודיקע און אַרויס אַ צעבראָכענע קאַליקע.

קאָן עס זײַן אַז ער העלפט פייגעלען טאַקע ווײַל זי דערמאָנט אים אין ברײַנדלען? וויל ער מיט דעם קאָמפּענסירן פאַר יענער עוולה? ער וואָלט אפשר באַדאַרפט אויפזוכן ברײַנדלען און עפּעס טאָן פאַר איר.

## XLVIII

אין לוּוואָוויטש איז געשען אַן אומגליק אין דער מיל, אַ טראַנסמיסיע־פּאַסיק האָט אַרײַנגעכאַפּט אַן אַרבעטערס אָרעם. מע האָט באַוויזן אָפּצו־

שטעלן די קראַפּט און גערעכטיקייט דעם אַרבעטערס לעבן, אָבער דער אָרעם איז געווען כּמעט אין גאַנצן אויסגעריסן.

בעריש האָט געפירט דעם קרבן אין שפּיטאָל אַרײַן און כּמעט פאַר־געסן, אַז עס איז ערב־יום־כּיפּור. עס איז שוין געווען שפּעט ווען ער איז געלאָפן צו דער בריטשקע קיין דאָמבראָווקע; ער האָט נישט באַוויזן זיך אַרומצוּוואַשן און אַפילו נישט זיך איבערצוטאָן. ער איז אָנגעקומען אַהיים אַ באַדעקטער מיט שטויב; אַפילו אויף זײַנע ברעמען איז נאָך געלעגן דער ווײַסער פּודער פון דער מיל.

„נו, האָסטו דאָס געדאַרפט?" האָט די מוטער אים געשטראָפט. „וואָלטסט בעסער געזעסן און געלערנט און געגרייט זיך צו גיין אין טאַטעשיס דרכים. אַ רב איז אַ קייסער אין זײַן לאַנד".

„מאַמעשי, ס'איז אַוועק די צײַט פון קייסאָרים. די עטלעכע וואָס זענען נאָך געבליבן, זענען אויך נישט זיכער מיט זייערע טראָנען".

„חכמה זיך נישט מיט מיר, דו ווייסט וואָס איך מיין. דער דרך־ארץ וואָס יעדער האָט פאַרן טאַטעשי".

„דער טאַטעשי האָט מזל, מיינסטע רבנים לײַדן פון מחלוקת".

„דעם טאַטעשי האָט מען ליב, און דיך וואָלט מען אויך ליב געהאַט. דו ביסט דער גאַנצער טאַטעשי".

„דעם טאַטעשי האָט מען ליב, אָבער נישט גענוג מע זאָל אים געבן פּרנסה־ברווח. דו מיינסט איך ווייס נישט ווי שווער עס קומט אָן אָפּצושפּאָרן אויף אַ שטיקל מלבוש?"

„דאָמבראָווקע איז אַ קליין שטעטל, דער טאַטעשי האָט געקאָנט האָבן אַ גרעסער רבנות, אָבער, כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ער האָט זיך אײַנגעעקשנט".

„מאַמעשי, ס'איז ערב־יום־כּיפּור, כ'וויל דיר נישט אָנטאָן קיין עגמת־נפש, אָבער דו ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין קלענערער עקשן פון טאַטעשי. איך וועל קיין רב נישט זײַן; דער טאַטעשי ווייסט עס און איז נישט מפציר, דו ווייסט פאַר וואָס?"

„ס'טוט אים גענוג וויי".

„דער טאַטעשי ווייסט, אַז כאָטש איך בין אָפּגעהיטן אין יידישקייט, איז עס נישט גענוג פאַר אַ רב. מע זאָגט, אַז אין אויסלאַנד גייען רבנים

אין אוניווערסיטעטן, מע לערנט דברי־חול, מע רעדט מיט אַ פרוי. דאָ וואָלט מען אַ רב אַרויסגעטריבן פון שטאָט פאַר אַזעלכע זאַכן".

„רעדן מיט אַ מיידל, מיינסטו אַוודאי וואָס דו רעדסט מיט ר׳ משה מיליקאָווסקיס טאָכטער. אַז עס האַלט ביַי אַ שידוך איז עפּעס אַנדערש, אָבער אַ בחור אַ בן־תּורה וואָס גרייט זיך ווערן אַ רב..."

„וואָס גרייט זיך ווערן אַ מילנער".

„ס׳עט כאָטש עפּעס ווערן פון דעם שידוך?"

„וועלכן שידוך?"

„מיט ר׳ משהס טאָכטער".

„דו מיינסט אַז צוליב דעם בין איך געפאָרן קיין לוויוויטש?"

„ס׳איז נישט קיין עוולה, קאָנסט אַריַינקומען אין אַ מלכות".

„ווער האָט דיר געזאָגט, אַז כ׳וויל אַריַינקומען אין דעם מלכות?"

„בעריש, פאַר אַ מאַמען דאַרף מען זיך נישט שעמען..."

„מאַמעשי, וואָס פעלט דיר איַין, אַז איך זוך אַ מלכות? דאָס הויז פון דעם דאָמברוווקער רב, ווו עס קאַפּעט פון באַלטן ווען עס רעגנט, איז מיר חשובער ווי דער פּאַלאַץ פון פאַן מיליקאָווסקי, און דער דאָמב־רווקער רב איז זיכער אַ גרעסערער יחסן".

„דער ייִחוס שטייט דיר נישט אָן?"

„און דו, מאַמעשי, ווילסט סיַי ווי נישט אַזאַ שידוך, איטקאָ מילי־קאָווסקאָ וועט נישט אָנטאָן קיין שיַיטל, און כ׳בין אַפילו נישט זיכער וועגן אַנדערע האַרבערע זאַכן".

„וואָס דען זיצסטו אין דעם לוויוויטש? אוי, מע דאַרף שוין גרייטן צום טיש! דו קאָנסט זיך נאָך אפשר אַריַינכאַפּן אין מיקווה. וואַש זיך כאָטש אָרום, דער טאַטעשי וועט אַריַינקומען יעדע מינוט".



פאַרן גיין אין שיל ערב דעם גרויסן יום־הדין, האָט דער רב זיך נוהג געווען צו בענטשן די קינדער. ער האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויף בערישעס קאָפּ און אים געווונטשן: „זאָלסט נושא־חן זיַין אין די אויגן פון אייבערשטן און פון מענטשן, זאָלסט מצליח זיַין אין אַלעם וואָס דו טוסט, אָבער זאָלסט בלײַבן אַ ירא־שמים און נישט פאַרלאָזן די תּורה".

די שיל איז שוין געווען באַלויכטן מיט עלעקטרע, אָבער עס איז אַ

מינהג צו ברענגען אין שיל אַרײַן נשמה־ליכט פאַר פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע. מע האָט אָװעקגעשטעלט ספּעציעלע טישן מיט קעסטלעך זאַמד, אין דעם זאַמד האָט מען אַרײַנגעשטעלט גרויסע חלבנע ליכט װאָס ברע־נען אַ גאַנצן מעת־לעת. די שיל איז געװען געפּאַקט, פון דער היץ האָבן די לאַנגע ליכט זיך גענומען בייגן, אײנס האָט צעשמאָלצן דאָס אַנדערע און געקאָפּטשעט מיט שװאַרצן רויך.

מע האָט שוין אָפּגעדאַװנט מינחה מיט װידוי, מע האָט זיך אַרומ־געהילט מיט די װײַסע טליתים. אַן עדה װײַסע געשטאַלטן האָט זיך געװיגט מיט פורכטיקייט און געמורמלט די „תּפילה־זכּה": „און דו זאָלסט אָפּטאָן בייזװיליקייט פון דער ערד, און קיניגן איבער דער גאַנצער װעלט מיט דײַן כּבוד.." מע האָט פאַרענדיקט מיט דעם „אָמן, אַזױ זאָל עס זײַן באַװיליקט", און דער רב איז מיט פּאַמעלעכע טריט אַרויף צום באַלעמער זאָגן זײַן דרשה פאַר כּל־נדרי. אַ װײַסער יום־כּיפּורדיקער פּרוכת איבערן אָרון־קודש. װאַרעמע ברוינע אויגן האָבן אַרויסגעלויכטן פון דער װײַסער געשטאַלט און אַראָפּגעקוקט צום עולם מיט ליבשאַפט.

דער רב האָט דאָס מאָל גערעדט זייער קורץ; בעריש האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט נישט פאַרענדיקט זײַן דרשה. עפּעס האָט זײַן גאַנצע מראה זיך געביטן אין מיטן רעדן, און ער האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען דעם טאַטעשיס פּנים זאָל אַזױ אָפּגיין מיט שװייס.

די חשובע באַלעבאַטים זענען אַרויף אויפן באַלעמער, מע האָט געעפנט דעם אָרון־קודש און אַרויסגענומען אַלע ספרי־תּורה. האָט ר' משה נישט פאַרשטאַנען, אַז די גרעסטע ספר־תּורה װעט זײַן צו שװער פאַרן טאַטעשי? בעריש האָט דערקענט, אַז דער טאַטע מוז צוזאַמענעמען אַלע כּוחות צו האַלטן דאָס שװערע ספר.

אויפן װעג פון שיל אַהיים האָט דער רב זיך געקלאָגט, אַז ער האָט צו פיל געגעסן בײַ דער סעודה־המפסקת, כאָטש ער האָט נישט געגעסן מער װי אַלע מאָל.

ס'איז געװען אַ הייסער יום־כּיפּור־טאָג און דאָס פאַסטן איז אָנגע־קומען שװער. אַפילו די געװיינטן בײַ די תּפילות זענען געװען שטילער װי אַלע מאָל, די היץ האָט נאָך מער אָפּגעשװאַכט די פאַסטערס.

יום־כּיפּור איז אַ טאָג װען מע דאַרף קאָנצענטרירן אַלע כּװנות צו תּשובה, אָבער בעריש האָט גאָר געטראַכט װעגן די גערטנער פון דעם

אַמאָליקן ירושלים און אויך וועגן די שאָטנדיקעביימער אין דעם סאָד — מתותעס ירושלים... ווי אַזוי טאַקע האָבן זיך אויפגעפירט די זין און טעכטער אין דער הייליקער שטאָט? האָבן זיי געפּאַסט און געטאַנצט? קאָן מען האָבן הירהורי־תשובה ווען עס פלאַטערן פאַר די אויגן די ווייַסע קליידער פון די בנות־ירושלים, וואָס זענען געווען באַרימט מיט זייער שיינקייט?



דער רב האָט נאָך מער מקצר געווען אין זייַן דרשה פאַר נעילה. ווען ער איז אַראָפּ פון באַלעמער, האָט ער זיך געשטרויכלט אין אַ טרעפּ און שיִער נישט געפאַלן. בעריש איז צוגעלאָפן, געוואָלט אים אונטער־האַלטן בייַם אָרעם. „ס'איז גאָרנישט, בעריש, נאָר די היץ", האָט ער געזאָגט און בעריש איז צוריקגעגאַנגען צו זייַן אָרט.

מ'איז זיך נוהג צו עפענען דעם אָרון־קודש און האַלטן עס אָפן בייַ גאַנץ נעילה. ווען דער אָרון־קודש איז אָפן, דאַרף מען שטיין, פון דרך־ארץ פאַר די ספרי־תורה אין אָרון. אָבער דער רב האָט זיך פלוצלינג אַוועקגעזעצט און געבליבן זיצן. מילא, אַז מע ווערט פאַרשוואַכט פון תענית, מעג מען זיצן. בעריש האָט געזען, אַז דער טאַטע האָט פּראָבירט זיך אויפשטעלן צו אָבינו־מלכנו, אָבער זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

מע האָט פאַרענדיקט נעילה, אויסגעשריגן איין מאָל „שמע־ישראל", דרייַ מאָל „ברוך שם", זיבן מאָל „השם הוא האלוקים" און דער רב איז אַלץ געזעסן. מתות האָט גענומען דעם שופר צו די ליפּן און געוואַרט, דער רב זאָל אים אונטערזאָגן „תקיעה", אָבער דער רב איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געשוויגן. בעריש האָט זיך גענומען אַדורכשטופּן צום טאַטן, דער רב האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון זייַן זיץ און געפאַלן אין חלשות.

מע האָט געמיינט, אַז דער רב איז פאַרשוואַכט געוואָרן פון תענית און גערופן דער שמש זאָל ברענגען דעם קידוש־ווייַן, וועט מען אַרייַנגיסן אַ ביסל אין רבס מויל, עס זאָל אים דערכאַפּן דאָס האַרץ. דער דאָקטער וואָס איז געווען צווישן די מתפללים איז שוין געווען בייַם רב, ער האָט געוואָרנט: „גאָרנישט געבן, ס'איז אַ האַרצשלאַק".

בעריש האָט נישט געוואָלט צוריקפאָרן קיין לויוויטש ביז דער טאַטע וועט געזונט ווערן. עס איז געוואָרן בעסער. דעם ערשטן טאָג סוכות האָט

דער רב זיך שוין אויפגעזעצט אין בעט און געמאַכט קידוש, ער איז אַזוי שנעל צוריקגעקומען צו די כּוחות, אַז הושענה־רבה אין דער פרי האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וויל זיך אָנטאָן און אַרויסגיין אין דער סוכּה, די לעצטע מעגלעכקייט מקיים צו זײַן די מיצווה און מאַכן די ברכה „לישב בסוכּה".

עס איז געווען נאָר אַ פּאָר איילן צו דער סוכּה אין הויף, אָבער דאָס גיין איז אים אָנגעקומען שווער. די פיס זענען געווען ווי איבערגעהאַקט אונטער די קני און דער אָטעם איז געוואָרן קורץ, אָבער עס איז אים בעסער געוואָרן ווי נאָר ער האָט זיך אַוועקגעזעצט. ער איז געבליבן אין סוכּה נאָר עטלעכע מינוט און צוריקגעגאַנגען אין בעט אַרײַן.

דער רב האָט געבעטן, שמיני־עצרת זאָל מען דאַווענען מיט מנין בײַ זײַן בעט. „דו מוזסט האָבן מנוחה", האָט די רביצין זיך געבעטן בײַ אים, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן בײַ דאָס זײַניקע. ער האָט עס דערקלערט בעריש. די „גמרא זאָגט: ,כּל העונה אמן, יהי שמי רבה בכל כּוחו, אפילו היה בו שמץ מינות מוחלין לו עוונותיו' ווער עס זאָגט נאָך אמן און יהי שמי רבה מיטן גאַנצן כּוח, איז מען אים מוחל זײַנע זינד אַפילו אויב ער האָט אין זיך אַ האָר אַפּיקורסות".

„דו דאַרפסט עס נישט, טאַטעשי".

„עס קומען אויף אונדז אַזעלכע צרות, אַז קיינער קאָן זיך נישט אויסהיטן פון אַ רגע ספק, אַ שטיקל הירהור. געדענק דאָס, בעריש".

דער טאַטעשי גרייט זיך אין וועג אַרײַן, האָט בעריש דערפילט, און אַ שוידער איז אַריבער זײַן לײַב.

אַ וואָך שפּעטער, שבת־בראשית, איז דער רב שוין צו ביסלעך אַראָפּ פון בעט, געזעסן אין אַ פאָטעל און אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר. בײַ טאָג האָט ער געגעסן בײַם טיש, פאַר נאַכט האָט ער געגעסן שלש־סעודות אין בעט. בעריש האָט געזונגען בני היכלא און דער פאָטער האָט צוגעברו־מט דעם ניגון. נאָכן בענטשן האָט ער אײַנגעדרימלט און אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. ווען ער האָט זיך איבערגעוועקט, איז שוין באַלד געווען חצות.

„שלאָף, טאַטעשי, ס'וועט דיר זײַן צו געזונט".

„גיב מיר אַ ביסל וואַסער צו וואַשן די הענט, כ'האָב נאָך נישט גע־דאַוונט קיין מעריב".

נאָך מעריב האָט בעריש געמאַכט פאַר אים הבדלה, דער פאָטער האָט פאַרלאַנגט אויך צו פראַווען אַ מלווה־מלכה. געגעסן האָט ער נאָר אַ כזית, אָבער בעריש האָט געמוזט זאָגן און זינגען פאַר אים. קודם דעם המבדיל, דערנאָך דעם אתקינו סעודתא רביעאה, לויטן סידור פון ר׳ יעקב עמדין, מקדיש צו זיין די סעודה צו דוד־המלך. נאָך דעם, אליהו־הנביא. דער טאַטע האָט געוואָלט ער זאָל אויך זינגען במוצאי יום מנוחה. „ס׳איז צו פיל פאַר דיר, טאַטעשי״, האָט בעריש זיך געבעטן.

„דער של״ה־הקדוש זאָגט, אַז דער זכות פון פראַווען מלווה־מלכה איז מציל פון חיבוט־הקבר. די נשמה־יתירה גייט נישט אַוועק פון דעם מענטש ביז נאָכן סוף פון דער סעודה״.

בערישן איז ווידער אַדורך אַ סקרוך איבערן לייַב: דער טאַטעשי גרייט זיך... הלוואַי עס זאָל זייַן אימזיסטע שרעק. שבת צו נאַכט איז שוין געווען ראָש־חודש־חשוון און די פאַרלעצטע סטראָפעס פון במוצאי האָבן טאַקע געבעטן אויף אַ גוטן חודש און מע זאָל הערן אין דעם הויז אַ קול פון פרייד, אַ קול פון שימחה.

דער טאַטע האָט אייַנגעדרימלט אין בעט און בעריש האָט אייַנגעדריי־מלט אויף אַ שטול נעבן בעט. אין שלאָף האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט דעם טאַטנס אַ קרעכץ. ער איז אויפגעשפּרונגען פון בענקל און אַ שעפטש געטאָן: „טאַטעשי?״ עס איז נישט געקומען קיין ענטפער. ער האָט זיך שוין געוואָלט צוריקזעצן, אָבער אַ שרעק האָט אים אַרומ־געכאַפּט. ער האָט צוגעבערענגט נענטער דאָס לעמפּל וואָס האָט געברענט אין אַ ווינקל, דער רב איז געלעגן רויִק מיט פאַרמאַכטע אויגן. די שרעק האָט נאָך אַלץ נישט אָפּגעלאָזט בערישן, ער האָט צוגעבויגן זייַן אויער נענטער און געהערט דעם טאַטנס אָטעם. ערשט איצט האָט ער זיך באַרויִקט. דער דאָקטער זאָגט, אַז עס ווערט כסדר בעסער; עס מוז זייַן, אַז דעם טאַטנס מאָדנע רייד האָבן אָנגעוואָרפן אויף אים דעם פחד. ער האָט געלייענט „קריאת־שמע״ און געגאַנגען שלאָפן.

בעריש האָט זיך איבערגעוועקט פון דער מאַמעס אַ געשריי, זי האָט געפונען דעם טאַטן פאַרחלשט.

מענטשן זענען געקומען אַרייַנצולויפן, דער דאָקטער איז געקומען. ס׳איז נישט געווען קיין חלשות, עס איז שוין געווען נאָך אַלעמען. די צווייטע אַטאַקע איז געווען פאַטאַל.

מיט דער לוויה האָט מען געדאַרפט וואַרטן אַ טאָג ביז די עלטערע קינדער וועלן קומען. עס זענען געקומען נישט נאָר די קינדער. עס זענען געקומען די רבנים פון אַלע אַרומיקע שטעט; דער רב האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסן למדן, ער האָט זיך איבערגעשריבן אין שאלות־ותשובות מיט אַ סך גדולים. דאָמברווקע האָט נאָך נישט געזען אַזוי פיל רבנים צוזאַמען, אַפילו ביי די חתונות פון דעם רבס עלטערע קינדער.

מאָנטיק איז געווען דער צווייטער טאָג ראָש־חודש און מע טאָר נישט מאַכן קיין הספדים. מע האָט אַריינגעפירט דעם אָרון אין שיל און געזאָגט קאַפּיטלעך תהילים. די חדרים האָבן געבראַכט די תלמידים אין שיל און אַפילו די מלוכה־שקאָלע האָט באַפרייט די יידישע תלמידים, זיי זאָלן קאָנען גיין צו דער לוויה. קינד־און־קייט זענען געווען אויפן גוטן־אָרט. ווען שמואליק און בעריש האָבן געזאָגט קדיש, איז צווישן די מלווים נישט געבליבן אַ טרוקן אויג. אין אַ זייט, אויף זיין אַמאָליק ברעטל מיט רעדלעך, איז געזעסן קלמן. זיינע אויגן זענען געווען טרוקן, אָבער זיין גאַנצער גוף האָט געציטערט; ער האָט געפילט ווי איצט, ערשט איצט, איז ער געוואָרן פאַריתומט.

קלמן האָט זיך געראַדלט אויף זיין ברעטל דעם גאַנצן וועג פון דער לוויה און אַפילו נישט געוווסט, אַז אַ שאָפער פון דער פאַבריק איז אים נאָכגעפאָרן מיט אַן אויטאָ און געוואַרט אויף אים ביים טויער פון בית־עולם. ווען דער שאָפער איז צוגעקומען, האָט ער אים געהייסן נעמען די רביצין, און נאָך איידער דאָס איז געשען, האָט ער אַוועקגעראַדלט אַליין צו זיין הויז, ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין אַ באַזונדערער שטוב און קיינעם נישט געוואָלט זען; אַפילו קיילען האָט ער געבעטן, זי זאָל אים לאָזן אַליין.

פאַר וואָס האָט ער קיין מאָל נישט געזאָגט דעם רב וואָס ער האָט געפילט צו אים? ער האָט געחלומט, אַז ער וועט מיט אַ סך גוטס אָפּצאָלן דעם רב פאַר זיין געדולד, פאַר דער גוטסקייט וואָס ער האָט אים אַרויס־געוויזן. פאַר וואָס האָט ער געוואַרט? ווען נאָר עס איז אים אָנגעקומען אַ משוגעת, האָט ער זיך געאייַלט עס אויסצופירן, אָבער אַלץ וואָס ער האָט געטראַכט און געפילט וועגן רב, האָט ער אַפילו פאַר די ליפּן נישט אַרויסגעבערענגט. ער האָט דאָך אַפילו נישט איבערגעבעטן דעם רב פאַר יענע חוצפהדיקע רייד, ווען ער האָט געזאָגט מע זאָל אים אַרויסוואַרפן

פֿאַר די הינט. געזאָגט דאָס דעם גוטן, שטילן, האַרציקן רב... מע דאַרף אים טאַקע וואַרפֿן פֿאַר די הינט, מער איז ער נישט ווערט!

## XLIX

שמואליק, דעם רבס בכור, האָט נישט געהאַט קיין היתּר־הוראה; דער איידעם האָט יאָ געקאָנט ווערן אַ רב, אָבער ער איז געווען דער זון פֿון די רײַכע באַרענשטיינס און עס איז אים אַליין אויך געגאַנגען גוט אין מיסחר. ער איז נישט וויליק געווען איבערצולאָזן זײַנע געשעפֿטן און איבערנעמען דאָס רבנות אין דאָמבראָווקע.

אין שטאָט האָט מען געוווּסט, אַז דער רב, זכרונו־לברכה, האָט געלייגט האָפֿענונגען אויף בערישן און פֿון די קינדער־יאָרן אָן, אים געגרייט צו רבנות. מע האָט געוווּסט, אַז בעריש איז איצט נישט אַזוי פֿרום ווי זײַן טאַטע איז געווען; מע האָט אָבער געגלייבט, אַז ווען ער וועט נעמען אויף זיך דעם עול פֿון פֿירן אַ שטאָט אין ייִדישקייט, וועט ער פֿאַרגעסן אין דעם ביסל הײַנטוועלטיקייט וואָס האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט. אַ רב וועט נישט קוקן אָן אישה גלײַך אין די אויגן אַרײַן, און וועט איר נישט דערלאַנגען עפּעס דירעקט פֿון האַנט צו האַנט, כאָטש מע זאָגט, אַז בעריש טוט עס איצט. עס איז נישט געווען וועגן דעם, חלילה, קיין מחלוקה אָדער חילוקי־דעות. ראשית, האָט מען עס געוואָלט טאָן דעם רב צו ליב. שנית, מע האָט זיך דען געקאָנט דערלויבן אויסהאַלטן סײַ די אַלמנה, סײַ אַ נײַעם רב? אַז בעריש וועט ווערן רב, וועט די מאַמע וווינען מיט אים און איין שׂכירות וועט זײַן גענוג.

עס איז אָבער געבליבן איין מניעה. עס פֿירט זיך נישט אַ בחור זאָל ווערן דער מרא־דאַתרא איבער, קיין עין־הרע, אַן עדה ייִדן. מע דאַרף פֿריִער זוכן אַ שידוך. שאלות אין הלכות־טריפֿות קאָן ער דערווײַל פּסקענען, איידער ער ווערט דער רב אָפֿיציעל, און וואָס שייך אַזעלכע שאלות מיט וועלכע מע קאָן זיך נישט ווענדן צו אַ פּרײַלײדיקן, איז דאָך דאָ ר׳ מתותעס איידעם, וואָס דער רב, עליו־השלום, האָט עדות געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ וואָזשנער בן־תּורה.

מע האָט טאַקע אײַזיקן געגעבן אַן אָרט אין שיל אויף דער מיזרח־וואַנט און אים גענומען רופֿן „ר׳ אײַזיק״.



דער לוויוויטשער רב איז געקומען צו דער לוויה; מיינט עס דאָך, אַז מע האָט געוווּסט אין לוויוויטש. אָבער משה מיליקאָווסקי איז נישט געקומען, כאָטש ער האָט זיך געהאַלטן ווי דעם רבס אַ ידיד. אויך יידל טשאַרני איז נישט געקומען, כאָטש ער האָט געהאַט היתּר־הוראה פֿון רב און האָט אָפּט געשריבן צו אים אין לערנען. עס איז שוין געווען נאָך דער שיבעה ווען עס זענען אין איין טאָג אָנגעקומען צוויי בריוו, איינער פֿון ר׳ משהן און אַ צווייטער פֿון יידלען. ר׳ משה האָט שוין געהאַט געהערט, אַז בעריש וועט ירשנען דאָס רבנות, האָט ער צו די טרייסטווערטער אויך צוגעגעבן, אַז ער האָפֿט, אַז די צײַט וואָס בעריש האָט געאַרבעט אין דער מיל און געלערנט עפּעס וועגן מיסחר, וועט דעם יונגן רב ברענגען נוצן ווען ער וועט, אין אַ דין־תּורה וועגן עניני־מיסחר, דאַרפֿן אַרויסטראָגן אַ פּסק־דין. יידל, אין זײַן בריוו, האָט שוין טיטולירט בערישן „לכבוד ידידי הרב״ און בײַם חתמענען צוגעגעבן אַ ציטאַט פֿון תּהילים „כּרע כּאח לי״, דו ביסט מיר אַ חבר וואָס איז נאָענט ווי אַ ברודער. קלמן איז, ווי׳זט אויס, גערעכט געווען. יידל האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן בערישעס הצלחה אין דער מיל. איצט איז בעריש מער נישט געווען קיין קאָנקורענט און עס איז אים אָנגעשטאַנען צו האָבן אַ חבר וואָס איז אַזוי יונג געוואָרן אַ רב.

בעריש האָט נישט רעאַגירט אויף די אַלע קלאַנגען און נישט געענטפֿערט אויף די בריוו. אַלץ איז געשען אַזוי פּלוצלינג. ער האָט געוווּסט וואָס עס איז געשען און דאָך עס נישט תּופֿס געווען. די געדאַנקען זענען געשפּרונגען איינס אין אַנדערן אַרײַן, ער האָט נישט געקאָנט קיין שום זאַך דורכטראַכטן ביזן סוף, ביז אַן אויספֿיר.

קיינער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי עס איז דערגאַנגען אַפֿילו צו מרחקים די ידיעה, אַז מע זוכט אַ רביצין פֿאַרן יורש פֿון דאָמברוּוקער רבנות. עס האָבן אָנגעהויבן קומען שדכנים פֿון אַלע עקן לאַנד. אייניקע האָבן פֿאָרגעלייגט שידוכים מיט גרויסע נדנים, אַנדערע, טעכטער פֿון גרויסן ייִחוס. בעריש האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּיאָגן פֿון די שדכנים, יעדער פֿון זיי האָט געוואָלט אויסכאַפּן דאָס ערשטע „זעעכץ״.

„קיין שום זעעכץ בעת די שלושים", האָט בעריש געפונען אַ תּירוץ.

„דער טאַטעשי, זאָל זײַן אַ גוטער בעטער, וועט זיכער נישט האָבן קיין תּרעומות", האָט די רביצין זיך פּראָבירט אַרײַנמישן.

„קיין שום זעעכץ בעת די שלושים", האָט בעריש איבערגעחזרט מיט עקשנות און די רביצין האָט שוין געוווּסט, אַז מע וועט עס בײַ אים נישט פּועלן.

„קאָן מען דאָך איצט אָפּרעדן אַ זעעכץ אויף נאָך די שלושים", האָט אַ שדכן זיך געבעטן.

„נאָך די שלושים וועט מען רעדן", האָט בעריש זיך געהאַלטן בײַ דאָס זײַניקע.

קלמן האָט אַ סך געטראַכט וועגן בערישן. אויב ער וואָלט געקאָנט פרעגן דעם רב וואָס עס איז זײַן לעצטער ווונטש, וואָלט ער זיכער געזאָגט: בעריש זאָל איבערנעמען דאָס רבנות. דאָס איז אפשר דאָס אײנציקע וואָס ער קאָן נאָך טאָן פאַר דעם רב. ער וועט זײַן אַ גוטער באַלעבאָס אין דעם יונגן רבס קהילה און וועט זען, עס זאָל אים גאָרנישט פעלן.

רייזל? אויב זי וויל דווקא זלמנען, זאָל זי נעמען זלמנען. קלמן קאָליקעס הינטערליסטיקע געוואַגלעך צוזאַמענצופירן בערישן מיט רייזלען זענען געענדיקט. זאָל געשען דאָס, וואָס דער רב וואָלט זיך געוווּנטשן עס זאָל געשען. ער, קלמן, וועט זיך דערווײַל האַלטן פון ווײַטן.

אין דאָמבראָווקע האָט מען פאַרשלאָסן די טירן נאָר בײַ נאַכט, אָבער קלמנס נײַע הויז איז געווען אַזוי גרויס און אין יעדער שטוב זענען געווען אַזוי פיל טײַערע חפצים, האָט מען געהאַלטן די טיר פאַרשלאָסן. מע האָט געדאַרפט קלינגען אין אַ גלעקל אויף דער טיר, אויב מע האָט געוואָלט אַרײַנקומען. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז קלמן האָט אָנגעהאָנגען דאָס גלעקל צוליב פּאָמפּע, און אפשר איז עס געווען קיילעס אידיי. זי האָט געוואָלט עס זאָל זײַן אַקוראַט ווי בײַ איר מאַדאַם אין וואַרשע.

דאָס איז געווען אין אַן אינדערפרי ווען מע האָט זיך געריכט מתות זאָל קומען גלײַך פון שיל נאָך שחרית. דאָס גלעקל האָט געקלונגען און רייזל, וואָס איז דאָרט געווען, איז געלאָפן עפענען די טיר. ס'איז געווען בעריש. זי איז געבליבן שטיין אָן לשון.

„וואָס מאַכן זי?" האָט ער געפרעגט און אַ רויטקייט האָט פאַרפלייצט

זײַן פּנים ביז די הערעלעך פון דעם שיטערן בערדל, וואָס איז אים אָנגעוואַקסן זינט דער טאַטע איז אַוועק.

רייזל האָט נישט געוווּסט ווי צו רעדן צו אים, ער איז דאָך שוין באַלד אַ רב. קיילע האָט אים דערזעען, און דאָס גלאָז וואָס זי האָט געהאַלטן איז אַרויסגעפאַלן פון איר האַנט. „טאַלמען, דער רב איז דע־טומען", איז זי געלאָפן אַנזאָגן קלמנען.

ווען בעריש איז אַרײַן צו קלמנען, זענען אַלע נשים אַרויס פון שטוב, פון דרך־ארץ צום רב. אַפילו מתות, וואָס איז דערווײַל געקומען פון שיל, האָט זיך נישט דערוועגט אַרײַנגיין.

קיילעס רופן בערישן „רב" האָט אויך קלמנען אַרײַנגעבראַכט אין אַ ספק ווי אַזוי אים צו טיטולירן. „כ'דאַרף זיך אויפשטעלן פאַר אײַך, אָבער איר ווייסט דאָך, אַז איך קאָן נישט שטיין", האָט קלמן פאַרדעקט זײַן דילעמע מיט אַ חכמהלע.

„פאַר וואָס פּלוצלינג זיך אויפשטעלן?"

„כ'ווייס דאָך, אַז איר גייט ווערן אונדזער רב".

„איך ווייס דאָס נאָך נישט".

„גאַנץ קהל איז פאַר דעם, איינשטימיק".

„אַז איינער איז קעגן, איז עס שוין נישט איינשטימיק".

„ווער איז קעגן?" איז קלמן אַזש אונטערגעשפּרונגען אין זײַן שטול, גרייט אָנצוהייבן מיט יענעם אַ מלחמה.

„איך".

קלמן איז צוריק אַראָפּ אין זײַן בענקל, נידעריקער ווי ער איז געווען. „דער רב האָט עס אַזוי שטאַרק געוואָלט", האָט ער שטיל געזאָגט נאָך אַ ווײַלע שווײַגן.

„עס איז מיר טאַקע שווער צוליב דעם. אָבער דער טאַטעשי, ז"ל, האָט געוווּסט, אַז איך וויל נישט זײַן קיין רב; ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט, איך זאָל פאַרן קיין לוּוויטש".

„און די רביצין?"

„איך וועל נישט קענען מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך בין אַנדערש ווי איך בין, און דאָס וואָס איך בין, איז נישט גוט גענוג פאַר די חסידים, זיכער נישט פאַר דעם אַלטן ר' אהרן. ער וועט זײַן קעגן מיר כאָטש ער איז געווען דעם טאַטנס אַ ידיד".

„אַז איך וועל שטיין בײַ אײַער זײַט, דאַרפט איר פאַר קיינעם נישט מורא האָבן", האָט קלמן אַרויסגעשטופּט זײַן ברוסט.

„איך וויל נישט איבערמאַכן קהל, פּונקט ווי איך וועל נישט לאָזן, קהל זאָל מיך איבערמאַכן. עס איז מיר נישט אָנגעקומען לײַכט דאָס צו באַשליסן. דער טאַטעשי איז שוין אויפן עולם־האמת און זוכט שוין נישט קיין כּבוד אַפילו דורך זײַן זון. אָבער די מאַמעשי, זי איז נעבעך אַזוי צעבראָכן... נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז כ'קאָן נישט אַנדערש".

קלמן האָט דערפילט, אַז ער איז צופרידן פון דעם וואָס ער הערט, און געוועזן אין כּעס אויף זיך, וואָס ער איז צופרידן.

„וואָס הערט מען בײַ אײַך?"

„אַל דאָס גוטס. די צוקער־פאַבריק מאַכט גוטע געשעפטן, די מיל איז שוין באַלד פאַרטיק. מע שטעלט שוין צוזאַמען די מאַשינען".

„כ'האָב נישט געוווּסט, אַז עס האַלט שוין אַזוי ווײַט".

„עס איז שוין אָנגעקומען דער ערשטער טראַנספּאָרט מעלזעק, מע האָט שוין גענומען אָפּלייגן תּבואה, כ'זוך נאָך אַלץ עמעצן וואָס זאָל דאָרט אַרבעטן מיט מיר".

„וועגן דעם טאַקע בין איך געקומען. איך וועל רעדן מיט ר' משהן, איך קאָן נישט צוריקפאָרן קיין לויוויטש און לאָזן די מאַמעשי אַליין".

„איר זענט זיכער וועגן דעם? כ'מיין, וועגן רבנות".

„אײַזיק איז פרומער פון מיר, קען בעסער לערנען פון מיר און... ער פּסקנט דאָך שוין דאָ שאלות. די מאַמעשי וועט נישט זײַן קיינעמס עול, איך וועל געפינען אַן אופן זיך מפרנס צו זײַן און די מאַמעשי וועט זײַן מיט מיר".

„בעריש, בעריש! אויב איר ווילט ווערן אַ סוחר, מוזט איר אַרויס־ווײַזן אַ ביסל סוחרישן חוש. דער רביצין קומט אַ פּענסיע לויט יושר און אויך לויטן געזעץ. אַכיבע אײַזיק וועט טאַקע ווערן רב. אײַזיק האָט באַקומען אַ שיינעם נדן, ער האָט אויך אַ רײַכן שוואָגער. ער וועט אָפּקויפן בײַ דער רביצין דעם זכות און באַצאָלן מיט מזומן געלט".

„אַ רײַכן שוואָגער?" האָט בעריש זיך נישט געכאַפּט וועמען קלמן מיינט.

„האָט נישט קיין מורא, דער רביצין וועט קיין עוולה נישט געשען, אַז נישט איז מײַן נאָמען נישט קלמן קאַליקע".

קלמן האָט שוין אַ צײַט זיך נישט גערופן „קאַליקע", אָבער וואָס ער האָט געהערט פון בערישן האָט אים אַזוי אויפגעהײַטערט, אַז ער האָט נישט געקליבן זײַנע ווערטער.

„אָבער איך וועל נישט לעבן, נישט אויף קהלס און נישט אויף דער מאַמעשיס קעסט", האָט בעריש זיך געהאַלטן בײַ זײַנס.

„איר האָט שוין אַ פּאָסטן אין מײַן מיל, כ'האָב אײַך נישט געזאָגט?"

„באמת? אַ יישר־כּוח, פּאַניע קלמן".

„וואָס פאַר אַ ,פּאַניע קלמן', מיר האָבן דאָך שוין געשלאָסן ברו־דערשאַפט".

„יעצט זענט איר דאָך מײַן אַרבעטגעבער און איך בין אײַער ,מענטש' ".

„ברודערשאַפט איז ברודערשאַפט. כ'האָב דיך אָנגעהויבן אירצן ווען כ'האָב געמיינט אַז דו גייסט ווערן רב, אָבער... הער מיך אויס, בעריש, דו וועסט בײַ מיר האָבן אַ בעסערן פּאָסטן ווי בײַ דעם אָנגעבלאָזענעם מיליקאָווסקי. אַז מ'עט דאַרפן, וועל איך דיך שיקן אין אַ האַנדלשול. איך בוי אַן אימפּעריע", איז קלמן אַרײַן אין עקסטאַז, „איך דאַרף אייגענע מענטשן, כ'זאָל זיי קאָנען געטרויען מיט פאַרמאַכטע אויגן".

קיילע האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ: „דערלאַנגען דעם רב אַ גלאָז טיי?"

דערזען אַן אָפענע טיר, האָט מתות אויך אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ פרעגן ווען קלמן וויל פאָרן צו דער פאַבריק.

„קומט אַרײַן, שוואַער", האָט קלמן אים אַרײַנגערופן, „בעריש וועט אָנפירן מיט אונדזער מיל".

„ס'פּאַסט נישט פאַרן רב", האָט מתות געפּסקנט.

„בעריש וויל נישט זײַן קיין רב, ער וויל זײַן אַ מילנער. ווו איז אײַזיק? כ'מוז באַלד רעדן מיט אײַזיקן".

די טיר איז געווען אָפן און מע האָט געהערט אין דער אַנדערער שטוב וואָס קלמן האָט געזאָגט. ווען בעריש איז אַרויס, האָט רייזל געוואַרט אויף אים אין דער אַנדערער שטוב. „זי זענען פאַרשווונדן געוואָרן איידער כ'האָב באַוויזן צו זאָגן אַ ריכטיקן גוטמאָרגן", האָט בעריש געהאַט אַ טענה.

„בין איך דאָך צוריקגעקומען".

# L

אײַזיק האָט געהויבן מיט די אַקסלען ווען מע האָט גערעדט מיט אים וועגן דעם רבנות. „ס׳עלן זיך מאַכן צדדים, ס׳עט זײַן אַ מחלוקת. איך האָב נישט קיין כּוח צו מחלוקת״.

אָבער אײַזיק האָט נישט געקענט דאָמברוווקע. אַלע זענען דאָ געווען קרובים. ווער וואָלט דען געוווסט צו קומען אין אַזאַ העק אויב נישט איין קרוב וואָלט אַראָפּגעבערענגט דעם אַנדערן. די בעלי־דעה זענען נאָך אַלץ געווען די אַלטע, אײַנגעפּונדעוועטע תּושבים, וואָס דאָס שטעטל איז געוואַקסן צוזאַמען מיט זיי.

אין די צײַטונגען האָט מען געלייענט וועגן מחלוקת צווישן חסידים און באַלעבאַטים, צווישן אַגודהניקעס און ציוניסטן. אין דאָמברוווקע האָט מען אויך געפירט וויכּוחים, אָבער צו קיין קאַמפן איז עס נישט דערגאַנגען. בײַ וואַלן צום סיים האָט יעדער געשטימט לויט זײַנע סימפּאַטיעס, אָבער צו דער ייִדישער גמינע האָט מען דאָ געקליבן מענטשן לויט זייער שטאַנד אין שטאָט. פון צײַט צו צײַט זענען געקומען „פּרעלעגענטן״, געשיקט פון פּאַרטייען וואָס האָבן גערופן צו מיליטאַנטישקייט. דער שליח איז אַוועקגעפאָרן און עס איז געבליבן בײַם אַלטן. געווען ייִדן וואָס זענען געפאָרן צום רבין קיין גער און געחלומט וועגן עפּעגען אַ גערער שטיבל; געווען אַנדערע, וואָס האָבן געזאַמלט פאַר קרן־קימת און אונטערגעשטיצט די יונגען און מיידן פון די הכשרה־קיבוצים; געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס מע האָט זיי חושד געווען, אַז זיי שיקלען מיט איין אויג צום שכן אויף יענער זײַט מיזרח־גרענעץ.

צווישן די צוגעקומענע תּושבים זענען אפשר געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיטגעמאַכט מחלוקת ווו זיי האָבן פריִער געוווינט. דאָ האָבן אַלע געצויגן חיונה פון קלמן שווערדלס פאַבריקן אָדער געפונען פּרנסה אַרום זיי. דער פאַן קלמן האָט איצט געטאָן לויטער גוטס; מע האָט אָבער געהערט, אַז ער קאָן זײַן אַ נוקם־ונוטר. קיינער האָט נישט געוואָלט ריזיקירן מיטן שטיקל פּרנסה וואָס מע האָט דאָ געפונען, ווען די גאַנצע וועלט זינקט אין אַ טיפן קריזיס, און די אַנטיסעמיטן רײַסן אַרויס דעם מיסחר פון ייִדישע הענט מיט דער הילף פון דער רעגירונג.

דער עטאַט וואָס די גמינע האָט אַרויפגעלייגט איז געווען סאַנקציאָ־

נירט ווי אַן אָפּיציעלער שטײַער. בעלי־חשבון האָבן שוין אויסגערעכנט, אַז אויב מע זאָל דאַרפן צאָלן סײַ אַ רב, סײַ דער רביצין, וועט די גמינע מוזן העכערן דעם עטאַט אויף פינף און זיבעציק פּראָצענט. אַז דער מלוכישער שטײַעראַמט וועט זען די גמינע העכערט די שטײַערן, און די קו לאָזט זיך מעלקן, וועלן זיי אויך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. דער רבי אײַזיק איז ממש אַ שליח פון הימל, אַז דער יאַך וואָס קהל שלעפּט זאָל נישט ווערן צו שווער.

גראָד דעמאָלט האָט עס זיך אַ ריר געטאָן וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, וואָס מע האָט זיך באַמיט שאַפן אין שטאָט. אַז מע קאָן פאַרקויפן נאָר ווען מע גיט די סחורה אויסצוצאָלן אין ראַטעס, ווי קאָן מען אויס־האַלטן אָן ביליקע קרעדיטן? איז געקומען פון וואַרשע אַ פאָרשטייער פון דער קאָאָפּעראַטיוון־צענטראַלע אויספאָרשן דעם ענין אויפן אָרט. ווען מע האָט געמיינט, אַז מ׳איז שוין מיט אים אויף אַ דרך, האָט דער חשובער פּאַן פון וואַרשע געזאָגט, אַז זײַן אָרגאַניזאַציע העלפט נאָר די, וואָס העלפן זיך אַליין. אויב מע וועט דאָ אויפן אָרט שאַפן אַ פאָנד פון צוואָנציק טויזנט זלאָטעס, וועט די צענטראַלע אויך געבן אַזאַ סומע און עס וועט זײַן אַ באַנק.

ווו זאָלן דאָמבראָווקער ייִדן נעמען אַזאַ מטמון? מע האָט שוין געהאַלטן בײַם צעגיין זיך מיט גאָרנישט, ווען מע האָט געהערט, אַז דרויסן האָט זיך פאַרהאַלטן אַן אויטאָ. ס׳איז געווען נאָר איין אויטאָ אין דאָמבראָווקע און מע האָט זיך געוווּנדערט: וואָס וויל דאָ קלמן, ער דאַרף אויך אַ הלוואה?

קלמן איז געקומען מיט אַ טענה: ער איז אַ באַלעבאָס אין דער שטאָט צי נישט? וואָס הייסט, מע גייט זיך אָפּזאָגן פון אַ באַנק? דאָמבראָווקער ייִדן קאָנען נישט געבן קיין צוואָנציק טויזנט? וויפל קאָנען זיי יאָ געבן?

„אויב מע וועט צונויפֿנעמען צען טויזנט, וועט עס זײַן אַ סך”.

„אַז מײַן שוואָגער גייט ווערן דער רב פון שטאָט, וועל איך, חלילה, שטיין פון ווייטן? אויב מײַן שוואָגערס קהילה וועט געבן צען טויזנט, וועל איך אויך געבן צען טויזנט, און עס וועט זײַן אַ באַנק”.

אפשר האָט קלמן געוווּנען קהל אויפן זיכער, אָבער ער האָט עס געמאַכט אויף אַ שיינעם אופן. ער האָט עס נישט געשטעלט ווי אַ תּנאַי, „אויב מײַן שוואָגער וועט ווערן רב”, ער האָט גערעדט ווי עס

וואָלט שוין געווען אַן אָפּגעטוענע זאַך. אויף אַ שיינעם אופן קאָן מען בײַ דאָמבראָווקער ייִדן אַ סך פּועלן.

לויטן געזעץ דאַרף אַ רב אויסגעוויילט ווערן אין אַלגעמיינע וואַלן, אַכיבע עס איז נישט דאָ מער ווי איין קאַנדידאַט. עס האָט זיך געיאָוועט עפּעס אַ רבל וואָס האָט געוואָלט אַרויסשטעלן זײַן קאַנדידאַטור קעגן ווילן פון די דאָזערעס, אָבער ער האָט געדאַרפט אונטערשריפטן פון פינף און צוואַנציק עטאַט־צאָלנדיקע באַלעבאַטים און ער האָט אַזעלכע אונטער־שרײַבערס נישט געפונען.

בעריש האָט אויסגעציקלט אַ כּתב־רבנות אויף לשון־קודש און קלמן האָט אים געהאָלפן עס איבערזעצן אויך אויף פּויליש. ייִדן זענען געקומען אונטערשרײַבן, יעדער האָט געוואָלט זײַן חתימה זאָל זײַן אויף אַזאַ וויכטיקן דאָקומענט, און זאָל דער פּאַן שווערדל זען, אַז מע האָט אונ־טערגעשריבן.

ווען דער פּוילישער טעקסט פון כּתב־רבנות פאַר אײַזיקן איז צוריק־געקומען באַשטעטיקט פון דער מאַכט, האָט קלמן זיך אײַנגעשפּאַרט, מע זאָל מאַכן אַ ספּעציעלע שימחה, ווי עס פּירט זיך אין די גרויסע שטעט. דער נײַער רב האָט געבעטן דעם ניפטרס בײדע זין, די יורשים צום רבנות על־פּי דין, זאָלן זײַן בײַ דער פײַערונג און צושרײַבן צום כּתב־רבנות, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון זייער זכות פון גוטן ווילן.

די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען צום ערשטן חנוכּה־ליכטל. גאַנץ קהל איז געווען פאַרזאַמלט אין שיל ווען אַ דעלעגאַציע פון חשובע באַלעבאַטים, צוזאַמען מיטן ניפטרס זין, איז אַוועק צום נײַעם רב אין שטוב אים ברענגען אין שיל אַרײַן. בײַ דער שוועל פון דער שיל האָט געוואַרט אַ חופּה און ר׳ אַהרן, דער עלטסטער באַלעבאָס פון שטאָט, מיט אַ ספר־תּורה. ר׳ אַהרן האָט געמאַכט אַ ברכה „ברוך שחלק מחכמתו ליריאיו" און איבערגעגעבן די תּורה צום רב. דער רב האָט אַ קוש געטאָן די הייליקייט און גענומען גיין צום באַלעמער, באַגלייט מיט דער חופּה און מיט געזאַנג.

נאָכן אַרײַנשטעלן די ספר־תּורה אין אָרון־קודש, האָבן די עלטסטע פון קהל צוגעפירט ר׳ אײַזיקן צום רבס אָרט אויף דער מיזרח־וואַנט. דעם נײַעם רבס שווער, ר׳ מתּות, האָט געדאַוונט מינחה פאַרן עמוד.

צווישן מינחה און מעריב האָט דער רב געזאָגט זײַן ערשטע דרשה.

ער האָט אַ ביסל געשטאַמלט פון נישט־דרייסטקייט. ער האָט כּסדר געצויגן די האָר פון זײַן קליין בערדל, ווי ער וואָלט עס געוואָלט אויסצײַען לענגער. מילא, צו אַ דרשה פון אַלטן רב, זכרונו לברכה, איז עס נישט געקומען. אָבער אַלע האָבן געגלייבט, אַז די דרשות וועלן ווערן בעסער מיט רגילות.

אין דער ווײַבערשיל איז די נײַע רביצין געזעסן אין אַ נײַ שײַטל, אַ גרעסערס ווי עס האָט געטראָגן די אַלטע רביצין, וואָס איז געזעסן נעבן איר. איר שוועסטער קיילע האָט געטראָגן אַ גרויסן הוט וואָס האָט פֿאַרדעקט אַלע אירע האָר. נעבן קיילען איז געזעסן דעם רבס שוויגער, ציפּע און געגאָסן מיט טרערן; אירע לעפצן האָבן נישט אויפגעהערט פּרעפּלען אָפּשפּרעכענישן קעגן אַ בייז־אויג.

„מזל־טוב, רביצין", האָט די אַלטע רביצין געווונטשן פריידלען ווען דער רב האָט פאַרענדיקט זײַן דרשה. פריידל האָט זיך צעוויינט, אָנגע־כאַפּט דער רביצינס האַנט און אַ קוש געטאָן.

„נו, נו, מע דאַרף נישט. זי זענען שוין אַליין אַ רביצין".

נאָך מעריב זענען די ווײַבער אַוועק אַהיים. די מענער זענען אַרײַן אין בית־מדרש, וווּ עס איז געווען צוגעגרייט אַ סעודה־כּיד־המלך, אויפן חשבון פון גביר, דעם רבס שוואָגער.

ביידע זין האָבן אָפּגעפירט די אַלטע רביצין אַהיים. אין שיל האָט זי צוריקגעהאַלטן דאָס געוויין נישט צו פאַרשטערן יענעמס שׂימחה; אַהיימגעקומען, האָבן די טרערן אַרויסגעבראָכן אין שטראָמען.

„מע טאָר נישט אַזוי, מאַמעשי", האָט בעריש געפּרוווט באַרויקן די מוטער.

„אַ בשׂר־ודם מוז אָננעמען דעם אייבערשטנס גזר", האָט שמואליק צוגעגעבן.

„ס'איז אַזוי טרויעריק אין שטוב, איך כאַפּ זיך אויף אין דער פרי און וואַרט נאָך אַלץ צו הערן אים לערנען".

„דער טאַטעשי האָט געלעבט ווי אַ צדיק און איז ניפטר געוואָרן ווי אַ צדיק. לאָמיר אָננעמען דעם גזר דעם טאַטעשי צו ליב", האָט שמואליק געזאָגט און אויך פאַרגאָסן אַ טרער.

„גייט, גייט צוריק אין בית־מדרש. מ'עט וואַרטן אויף ענק", האָט די רביצין זיך דערמאָנט, אַז דאָרט דאַרף נאָך פאַרקומען אַ סעודה.

„כ׳וויל נישט איצט דיך איבערלאָזן אַליין, מאַמעשי״, האָט בעריש געזאָגט. „שמואליק וועט צוריקגיין״.

„גייט, גייט ביידע. אין טאַטעשיס שטוב מיטן טאַטעשיס ספרים בין איך נישט אַליין. און בעריש, אַזוי פיל גוטע יאָר זאָל איך האָבן וויפל ביסט געוועזן שענער אין די שלושים, איידער האָסט ווידער גענומען שערן די באָרד״.

נאָך דער סעודה האָבן שמואליק און בעריש אָפּגעפירט דעם רב אַהיים. ביַים רב אין הויז איז געווען אַ יונג מיידל און שמואליקן האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט אַ שמייכל געטאָן צו בערישן. „ווער איז דאָס מיידל?״ האָט ער געפרעגט ווען זיי זענען אַרויס.

„זי הייסט רייזל, זי איז דעם ניַיעם רבס שוועגערין״.

„מתותעס טאָכטער?״

„יאָ, ר׳ מתותעס טאָכטער״.

„כ׳האָב געמיינט, אַז אַלע זיַינע טעכטער זענען האָפּסלעך״.

בעריש האָט אויף דעם נישט געענטפערט. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער ווילקער גאַס, האָט בעריש געזאָגט: „כ׳בין צופרידן וואָס ביסט געקומען. כ׳דאַרף וועגן עפּעס רעדן מיט דער מאַמעשי און עס וועט לייַכטער זיַין ווען דו וועסט זיַין דערביַי״.

„ווילסט צוריקפאָרן קיין לויוויטש?״

„קיין לויוויטש? ניין. אָבער וואָס האָסט געזאָגט וועגן אַ שידוך, עס האַלט טאַקע דערביַי״.

„די מאַמעשי האָט מיר געזאָגט״.

„די מאַמעשי ווייסט?״

„זי האָט מיר געזאָגט נאָך בעת דער שיבעה, אַז לויוויטש איז מער ווי אַ פּאָסטן...״

„לויוויטש? וואָס... אָ, די מאַמעשי טראַכט נאָך אַלץ וועגן איטקאָ מיליקאָווסקי?״

„ס׳איז אויס?״

„וואָס פּאַר אַ אויס? ס׳איז קיין מאָל גאָרנישט געווען״.

„האָסט דאָך געזאָגט עפּעס וועגן אַ שידוך?״

„ס׳איז רייזל, דעם רבס שוועגערין״.

זיי זענען שוין געווען ביַים הויז, האָט שמואליק זיך אויסגעדרייט

אויף צוריק צו קאָנען רעדן מיטן ברודער אַליין. „הער מיך אויס, בעריש, זײַ נישט בייז, איך וועל רעדן מיט דיר אָפענע דיבורים. אַז דער טאַטעשי איז נישטאָ, בין איך מחויב עס צו טאָן. ווען האָסט געאַרבעט אין מי־ליקאָווסקיס מיל, איז עס געווען דעם באַלעבאָס טאָכטער. איצטער ווען דו גייסט אַרבעטן בײַ קלמנען, איז עס דעם באַלעבאָס שוועגערין. איך האָף, אַז דאָס איז נישט די איינציקע סיבה".

בעריש האָט זיך אַזש צעלאַכט; אַזוי ווייניק קען אים זײַן ברודער, אַז ער איז אים חושד, אַז ער זוכט נאָר געלט?

„וואָס לאַכסטו?" האָט שמואליק נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען.

„ווען האָסט געקוקט אויף איר, האָסטו נישט געזען די סיבה?"

„מיין נישט, בעריש, אַז כ'בין אַזאַ בטלן. אָבער שיינקייט איז נישט אַלץ".

„איר שיינקייט איז טאַקע נישט אַלץ, זי האָט נאָך אַ סך אַנדערע מעלות".

„אָבער די משפחה?"

„שמואליק, איך וועל מיט דיר אויך רעדן אָפן. דײַן שווער... כ'מיין נישט דיך צו באַליידיקן, שמואליק, אָבער דײַן שווער איז אויך נישט קיין גאָון. נאָר וואָס דען? ער איז אַ גרויסער גביר, אַ בעל־צדקה, אַ ראָש־הקהל — איך וויים דאָס אַלץ. רייזלס טאַטע קען לערנען אַ פרשה חומש, קען לייענען אין דער תורה, איז הײַיאָר געווען דער בעל־תוקע. ער איז טאַקע ביז לעצטנס געווען אַן אָרעמער בעל־מלאָכה, אָבער יעצט איז ער אַ בעל־צדקה. ער גיט טאַקע קלמנס געלט — ער האָט, כּנראה, אַ גרויסע השפּעה אויף קלמנען. עס איז בײַ זיי געוואָרן אַ הויז פון מעשׂים־טובים, אַ מלכות".

„כ'זע, אַז עס איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך".

„יאָ, כ'האָב זיך צוגעבונדן צו איר, ממש, נפשי קשורה בנפשה. און כ'וויל טאַקע דו זאָלסט זײַן דערבײַ ווען כ'וועל רעדן מיט דער מאַמעשי".

„די מאַמעשי וועט בלײַבן אַליין, אַכיבע זי זאָל קומען צו מיר".

„די מאַמעשי וועט, אם־ירצה־השם, וווינען מיט מיר. קלמן האָט ליב געהאַט דעם טאַטעשי סכּנות־נפשות און איז די מאַמעשי אויך מכבד. ס'עט איר גוט זײַן מיט אונדז".

ווען בעריש מיט רייזלען זענען אַרײַנגעקומען צו קלמנען און זיך געהאַלטן בײַ די הענט, האָט קלמן שוין געוווּסט וואָס זיי גייען אים זאָגן.
„פע, סע פּאַסט נישט פאַר אַ רבס אַ זון, פאַר אַ רביצינס שוועסטער! וואָס פאַר אַ האַלטן הענט?" האָט דער לץ זיך אויפגעוועקט אין קלמנען.
„וואָס ווען מענטשן זאָגן?"

„וואָס מענטשן וועלן זאָגן, וועלן מיר זיך זאָרגן שפּעטער; יעצט ווילן מיר וויסן נאָר וואָס עס זאָגט איין מענטש: דו", האָט בעריש אים געענטפערט.

„ס'עט דען העלפן אויב איך 'על זאָגן ניין?"

„אָבער ס'האָט געהאָלפן ווען דו האָסט געזאָגט יאָ", האָט בעריש געלאַכט.

„קלמן, מיר האָבן אויפגעדעקט דײַן גאַנצע קאָנספּיראַציע", האָט רייזל זיך אָנגערופן, „דו האָסט צוגעטראָגן מיר וואָס בעריש האָט געזאָגט, בערישן וואָס איך האָב געזאָגט".

„און נישט אַלע מאָל האָבן מיר טאַקע געזאָגט וואָס דו האָסט געזאָגט, אַז מיר האָבן געזאָגט".

„עץ ווילט מיך מאַכן פאַר אַ ליגנער?"

„פאַרקערט", האָט בעריש געענטפערט, „מיר מאַכן פאַר אַן אמת אַלע ליגנס וואָס דו האָסט געזאָגט".

„קלמן, כ'האָב דיך ליב שוין באַלד אַזוי פיל וויפל בערישן", האָט רייזל צוגעגעבן און אים אַ קוש געטאָן.

„ווען כ'האָב זיך דיר דערקלערט אין ליבע האָסטו מיר נישט געזאָגט, אַז איך האָב אַ קאָנקורענט..." האָט בעריש געלאַכט און נישט באַמערקט, אַז קלמן איז טרויעריק געוואָרן.

„דער טאַטע ווייסט שוין?" האָט קלמן געפרעגט רייזלען נאָך אַ ווײַלע שווײַגן.

„מיר האָבן נאָך קיינעם נישט געזאָגט", האָט זי געענטפערט.

„איך האָב שוין יאָ געזאָגט", האָט בעריש זיך אָנגערופן, „כ'האָב געזאָגט מײַן מאַמעשי און מײַן ברודער".

„וואָס האָט די רביצין געזאָגט?"

„די מאַמעשי זאָגט, אַז דאָס איז געשען ווען כ'האָב דאָס ערשטע מאָל געזען רייזלען בײַ אונדז אין שטוב, בײַ אײַזיקס... בײַם רבס חתונה".

„קאָן מען דאָך שוין ווינטשן מזל־טוב", האָט קלמן ווידער זיך צעשמייכלט. „וואַרט, רייזל, ביז כ'על דיר צושטעלן אַ בענקעלע ביי דיין טאַטן. ער איז אַ בעל־תפילה, אַ בעל־תוקע אין שיל, און זי לויפט אַרום מיט אַ יונגער־מאַן און פירט ליבעס..."



בעריש איז געווען אַן אָבל און מע האָט נישט געקאָנט פראַווען קיין שימחה, אָבער שמואליק איז געבליבן אין דאָמבראָווקע איבער שבת, און שבת צו נאַכט האָט מען מיט מזל געשריבן ראַשי־פּרקים. אויך די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן אָן פּאָמפּע. „כ'על ענק אָפּגעבן אַ גרויסע סעודה ביי אַ ברית", האָט קלמן צוגעזאָגט. „דו מוזסט מיר באַלד צושטעלן אַ נאָמען נאָכן רב. דו הערסט, רייזל?"

## LI

דער מאַגיסטראַט האָט רעגולער געמאַכט די צאָלונגען פאַר דער עלעקטאַריי, די מיל האָט שוין אויך געברענגט רווח און קלמן האָט שוין געפּלאַנט נייע געשעפטן.

„וואָס דאַרפסטו נאָך קאָפּ־דרייעניש?" האָט בעריש אים געוואָלט אָפּרעדן דערפון.

„ווי קאָן אַ מענטש גאָרנישט טאָן? כ'וואָלט משוגע געוואָרן".

„דאָס הייסט ביי דיר גאָרנישט טאָן? ווי לאַנג איז עס סך־הכל זינט דו האָסט איבערגענומען די צוקער־פאַבריק. דאָס געשעפט האָט געגוססט ווען דו האָסט עס גענומען אין די הענט אַריין. און איצט... מיט דער מיל האָסטו ממש באַוויזן מופתים. מענטשן וואָס האָבן עס געזען מיט אייגענע אויגן, קאָנען זיך אַליין נישט צוגלייבן, אַז אַזאַ בנין קאָן געבויט ווערן אַזוי שנעל. כ'בין זיך מודה־ומתוודה, קלמן, אַז איך אַליין האָב געמיינט אַז דו, אין דיין אומגעדולד, פּטרסט אַ סך געלט אין שיקן צו פיל אַרבעטערס צום בנין און אייגער פּלאָנטערט זיך דעם אַנדערן צווישן די פיס".

„אפשר האָב איך מער מזל ווי שכל".

„דו האָסט ביידע און דאָס איז דער סוד פון דיין הצלחה. אָבער רו זיך אַ ביסל אָפּ און האָב הנאה פון דער הצלחה".

„אפילו אין מיסחר, אז מע נוצט נישט אויס דעם פאָטענציאַל, ווי זאָל איך דאָס זאָגן, מ'איז עובר אויף בל־תשחית, מע טאָר נישט פאַר־תכליעווען אַ גוטע געלעגנהייט. נעם, למשל, די צוקער־פאַבריק. די ווייַסל־נידערונג האָט די בעסטע פירות אין לאַנד. אַז מע האָט פירות און מע האָט צוקער, איז אַן עבירה נישט צו מאַכן קאָנפיטורן, איז אַן עבירה נישט צו פּראָדוצירן צוקערלעך. די פירמע „וועדעל" וויל נישט האַנדלען מיט קיין ייִדן, וועט קומען אַ ייִד און מאַכן בעסערע צוקערלעך פון זיי. פאַרשטייסט?"

„הייסט עס, אַז דו גייסט בויען אַ פאַבריק פון צוקערוואַרג און קאָנפיטורן?"

„דו פאַרשטייסט מיך אויפן ווונק, און דאָס איז גוט. די אידיי צו מאַכן קאָנפיטורן האָט מיר געגעבן קיילע".

„אָ, כ'האָב נישט געוווּסט, אַז קיילע האָט אַ ידיעה אין מיסחר".

„זי האָט נישט. אָבער זי האָט געהאַט שׂכל אויסצונוצן די שפע פון פירות אין סאָד און דעם צוקער פון דער פאַבריק. זי האָט עס צו ערשט געטאָן נאָר פאַר זיך און פאַר דער משפחה, און עס האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס די פאָווידלעס און קאָנפיטורן האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק אין די פאַרדינסטן פון סאָד".

„אפשר איז עס טאַקע אַ גוטע אידיי".

„דאָס איז נישט אַלץ. דער אָפּפאַל אין דער צוקער־פאַבריק זענען צעריבענע בוריקעס. מע פאַרקויפט עס צו באַמיסטיקן די פעלדער. וויפל קריגט מען דערפאַר? קיי, שפיי און אַ האַלבן גאָרנישט. אָבער אַז פון די צעריבענע בוריקעס וועט ווערן פלייש... פוילן עקספּאָרטירט קאָנ־סערווירט פלייש קיין ענגלאַנד און אַפילו קיין אַמעריקע".

„ווי אַזוי קאָן פון צעריבענע בוריקעס ווערן קאָנסערווירט פלייש?"

„ווי אַזוי? גאַנץ פשוט, מע לייגט עס אַרייַן אין אַ קאָריטע, אַ בהמה עסט עס און וואַקסט. דו ווייסט דען וויפל לאָנקע מע דאַרף אויפצוהאָדע־ווען אַ בהמה? אויב מע האָט בוריקעס, דאַרף מען נישט קיין סך גראָז. דו פאַרשטייסט וואָס איך רעד? כ'על געבן די פויערים צעריבענע בוריקעס אָן געלט, אויפן חשבון פון בהמות וואָס זיי וועלן מיר צושטעלן. יעדער פויער קאָן אין זייַן שטאָל צושטעלן נאָך אַ צוויי קי. אויב איינער וועט זייַן אַמביציעז און וועלן פאַרגרעסערן זייַן שטאָל, וועל איך אים געבן

געהילץ צו בויען. אַ פּויער דאַרף נישט מער ווי די בוי־מאַטעריאַלן, די אַרבעט טוט ער אַליין און אַלע שכנים העלפן ווען אַ פּויער בויט".

„ס'קלינגט גוט, עס לייגט זיך אויפן שׂכל. אָבער ווי קאָן מען אַזוי פיל טראָגן אויפן קאָפּ?"

„בעריש, איך ווער קראַנק אויב איך טראָג נישט גענוג אויפן קאָפּ. און בעריש, איך וואַרט אויף אַ בשׂורה פון רייזלען. כ'בוי אַן אימפּעריע, כ'דאַרף האָבן אַ דינאַסטיע וואָס זאָל דאָס אַלץ ירשענען".

„מ'איז דאָך ערשט דריַי חדשים נאָך דער חתונה.

„דריַי חדשים נאָך דער חתונה האָט רייזל שוין באַדאַרפט זיַין אין פערטן חודש. כ'האָב געמיינט, אַז דו וועסט צושטעלן אַ נאָמען נאָך דיַין טאַטע צו דער יאָרציַיט".

„רייזל וויל אַ מיידעלע".

„אַ מיידל גאָר? איך דאַרף מענער, סוחרים וואָס זאָלן אָנפירן מיט די געשעפטן. דו זעסט דאָך: איציק שניַידט זיך אויף אַ גוטן רב, אָבער אין מיסחר־זאַכן איז ער אַ בטלן; לייבל איז אַ קליין קרעמערל אָן פּאַרנעם. דיַין טאַטע איז געווען אַ גוטער רב און איז שוין גאָר נישט געווען קיין בטלן. אַ חכם־מחוכם איז ער געווען, ער האָט מיט זיַין חכמה און געדולד געבענדיקט קלמן קאַליקע און אים געמאַכט פאַר אַ שטיקל מענטש".

„דו דאַרפסט נישט קיינער זאָל דיך מאַכן פאַר אַ מענטש".

„קלמן שווערדל איז אַ סוחר, אַ בעל־צדקה, אָבער קלמן קאַליקע איז אַ געמיינער יונג. בעריש, נאָר פאַר דיַין טאַטנס זון קאָן איך דאָס אויפדעקן: קלמן קאַליקע ליגט נאָך אַלץ פאַרטיַיעט טיף אין מיר און זוכט אַ שעת־הכושר אַ שפּרונג צו טאָן אויף זיַין קרבן. צוליב דעם אַליין איז כּדאי, איך זאָל זיך בעסער אַריַינלאָזן אין געשעפטלעכע אַוואַנטורעס".

„קלמן, איך קאָן נישט סובל זיַין ווי דו רעדסט אויס אויף זיך אָסור־לדבר. כ'וויל דאָס מער נישט הערן. און וועגן דיַינע געשעפטן: זיי זענען גוט דורכגעטראַכט און אויסגעפּלאַנט, ממילא זענען זיי נישט קיין אַוואַנ־טורעס".

„בעריש, דו גלייבסט צו פיל אין מיר און אין מיַינע פּלענער. געדענק דאָס: דער געשיקסטער באַרג־קלעטערער שטעלט אַ מאָל אַ פאַלשן טריט

און גליטשט זיך אויס, און וואָס העכער מע קלעטערט, אַלץ געפערלעכער ווערט עס. מיט געשעפטן איז דאָס זעלביקע, עס קאָן אַלע מאָל געשען עפּעס, וואָס מע האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען און איבערקערן דאָס גאַנצע שאַף מילך".

„טאָ נאָך וואָס דאַרפסטו עס, האָסט נישט גענוג?"

„אַז דריי־פיר אונטערנעמונגען וועלן געליגגען און אייגע וועט אַדורכ־פאַלן, וועל איך נאָך אַלץ אַרויסקומען מיט רווח. איך קאָן זיך דערלויבן צו ריזיקירן, מחמת איך קאָן זיך דערלויבן צו פאַרשפּילן. איך זאָג דיר דאָס אַלץ, ווײַל איך בוי אויף דיר, נאָר אויף דיר און אויף דײַנע קינדער וואָס וועלן געראָטן אין דיר, אָדער אין דײַן טאַטן".

„און דײַנע אייגענע קינדער? דו האָסט שוין, קיין עין־הרע, דאָס צווייטע אויפן וועג".

„אַ דינאַסטיע האָט מער ווי איין פּרינץ, און ביז די קינדער וועלן אויפוואַקסן, בוי איך אויף דיר. דו ביסט נאָך רוי אין מיסחר, אָבער דו האָסט אַ גוטן קאָפּ".

„דו האָסט אַן אײַזערנעם קאָפּ".

„ווען איך וועל מער נישט זײַן..."

„קלמן, דו ביסט נאָר אַכט יאָר עלטער פון מיר".

„רײַס מיר נישט איבער און הער וואָס איך רעד צו דיר. איך האָב אָנגעשריבן אַ נײַע צוואה, יעדער פון מײַנע שוואָגערס קריגט אַ שטיקל חלק, אָבער דו וועסט דאַרפן זײַן דער הויפּט־פאַרוואַלטער און אַפּוט־רופּס".

„דו וועסט נאָך מיך איבערלעבן".

„הלוואי, אָבער אַ געפיל האָב איך..."

„קלמן, כ׳בין נישט אין גאַנצן זיכער צי דו גלייבסט אין גאָט, וועסטו גלייבן אין אַ נאַרישן פאָרגעפיל?"

„איך רעד טעאָרעטיש, נאָר טעאָרעטיש. אויב... נו גוט, לאָמיר רעדן וועגן עפּעס פרייליכס".

„איך וויל דיר טאַקע זאָגן עפּעס פרייליכס. רייזל האָט מיר אָנגע־זאָגט צו שווײַגן ביז זי וועט זײַן אין גאַנצן זיכער, אָבער פאַר דיר קאָן איך נישט האַלטן קיין סוד. ס׳קאָן זײַן, אַז אַ קינד איז אויפן וועג".

„גוט, און עס זאָל זײַן אַ ייִנגל, אַנישט וועל איך זײַן בייז. אַנישט וועסטו איבער אַ יאָר דאַרפן צושטעלן אַ צווילינג פון צוויי ייִנגלעך, דו הערסט, בעריש?"

## LII

אוי, וואָס פאַר אַ גילגולים ער איז שוין אַדורכגעגאַנגען! פון אַ שעמעוודיק ייִנגעלע איז ער געוואָרן אַ בייזער, ביטערער קרײַטעך. ער איז אויפגעוואַקסן אַ גנב, אַ נואף און איצט איז ער אַ שיינער ייִד און אַ בעל־צדקה. מאַכט ער איצט דורך אַן איבערגאַנג צו אַ נײַעם גילגול? ער דרייט זיך אויף זײַן געלעגער גאַנצע נעכט און שטייט אויף אַ בייזער. ער ווערט צו שנעל אין כּעס און האָט שוין מער ווי איין מאָל געבערענגט קיילען צו געוויין. ער קאָן טאַקע נישט סובל זײַן קיין נאַראָנים, אָבער ער מוז זיך אויסלערנען באַהאַלטן זײַן ווידערווילן צו דער ציפּע. די בהמה איז געוואָרן נאָך פרומער ווי איר טאָכטער, די רביצין. זי איז געוואָרן אין זײַן הויז די גאַנצע משגיחה אויף כּשרות און מאַכט אַלעמען משוגע. אוי, איז דאָס געווען אַ שטות אַרײַנצונעמען שווער־און־שוויגער אין זײַן הויז. ער וועט מוזן געפינען אַ שיינעם אופן פּטור צו ווערן פון זיי.

ער האָט געבויט אַ הויז, גרויס גענוג אַלע זאָלן וווינען בײַ אים. אָבער פרײַדלס מאַן איז געוואָרן רב און מוז האָבן אַן אָפן הויז פאַר גאַנץ קהל. לייבלען מיט חיהן האָט ער באַזעצט אין אַנדער הויז, כּדי דער לאַנגער משה זאָל דאָ נישט ווערן צו פיל באַלעבאָס. בעריישן מיט רייזלען האָט ער יאָ געוואָלט בײַ זיך, אָבער עפּעס אַ געזונטער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט צו בויען פאַר זיי אַ הויז נעבן דער מיל. ס'איז ממש אַ גאַטזאַך וואָס זיי וווינען באַזונדער, איין „מעשׂה ברײַנדל" איז גענוג!

ער האָט זיכער ליב קיילען, אויב ער טוט אַזוי פיל פאַר איר משפּחה, און טוט אַלץ אין דער וועלט זי זאָל זײַן צופרידן. איז עס איר שוואַנגער־שאַפט? זינט זי איז אַרײַן אין די העכערע חדשים, וויל זי נישט טראָגן די ספּעציעלע שיך וואָס ער האָט פאַר איר געלאָזט מאַכן אין וואַרשע.

זי האָפּסלט ווידער און דער גרויסער בויך האָפּסלט מיט. רייזל וועט נישט האָפּסלען, אָבער זי וועט בקרוב אויך האָבן אַ געשוואָלן פּנים און אַ גרויסן בויך. ס'איז נישט קיין געזונטער מצב וואָס ער טראַכט אַזוי פיל וועגן איר. ס'איז אַ חרפּה מודה צו זײַן, אָבער לעצטנס קאָן ער זײַן אַ מאַן צו קיילען נאָר אויב ער פאַרמאַכט די אויגן און זעט פאַר זיך רייזלען...

מיט וואָס וועט עס זיך ענדיקן? וועט ער פאַרפאַלן ווערן אין אַ משוגעים־הויז ווי זײַן טאַטע, אָדער אַרײַנפאַלן אין מעלאַנכאָליע ווי זײַן באָבע? אפשר וועלן די נײַע געשעפטן אים אַזוי פאַרכאַפּן, אַז ער וועט פאַרגעסן אין די נישט־געזונטע פאַנטאַזיעס. אויב דער קלמן קאַליקע אין אים האַלט בײַם אויפשטיין תּחית־המתים, זאָל ער בעסער פריִער אײַננעמען אַ מיתה־משונה.

## LIII

עס איז געקומען אַ רייע פון שׂימחות. צו ערשט איז בײַם רב געבוירן געוואָרן אַ יורש־עצר. פאַרטיק געוואָרן מיט שלום־זכר, ברית און פּדיון־הבן, האָט מען שוין אויסגעקוקט אויף אַ בשׂורה פון חיהן.

בײַ חיהן איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע און אויך קיילע האָט געבוירן אַ מיידל. קלמן איז געווען אַנטוישט. קיילע איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך געריכט אויף אַ צווילינג. ער האָט זיך אָבער שנעל געטרייסט: אַ ייִנגל, אויב עס וועט האָבן דער באָבע ציפּעס שׂכל, וועט זײַן פאַרפאַלן. אָבער אַ מיידל — פאַר אַ טאָכטער וועט ער שוין געפינען אַ בחור מיט אַ קאָפּ אויפן קאַרק, וואָס זאָל קאָנען פירן גרויסע געשעפטן. עס זאָל נאָר אויסוואַקסן אַ שיינס. דערווײַל האָט עס אַ צו גרויסן, נאַקעטן קאָפּ, אַ ברייטע נאָז. אין וועמען געראָט עס אַרײַן? אויף וויפל ער ווייסט, זענען זײַן מאַמע און זײַן באָבע געווען שיינע. ער האָט דעם קינד געגעבן דעם נאָמען ליבע־רחל, טאַקע נאָך זײַן מאַמע, און זײַן טאַטנס מאַמע.

די סדרים האָט מען געפּראַוועט אַרום דעם גרויסן טיש פון רבס בית־דין־שטוב. אין דער אַנדערער שטוב זענען אין לאַנגע קישנס געש־

לאָפּן דרײַ עופעלעך. די פיר קשיות האָט געפּרעגט די ייִנגסטע, רייזל. בעתן זאָגן די פערטע קשיה, האָט דאָס עובר אַ שפּרונג געטאָן אין איר בויך, ווי עס וואָלט שוין געוואָלט איבערנעמען די מיסיע פון פרעגן די קשיות. בעריש איז געווען אַ שטיקל מנגן, און מתות און אַלע זײַנע טעכטער האָבן געהאַט מתיקותדיקע שטימעס, האָט דער סדר זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. ייִדן וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט זייערע סדרים זענען געשטאַנען הינטערן פענצטער און זיך צוגעהערט צו די שיינע געזאַנגען.

קלמנס ליבעלע איז שיין געוואָרן. בײַם געבוירן ווערן איז אַוודאי דאָס קעפּל געווען געשוואָלן, איצט האָט עס געהאַט אַ שיין קעפּל מיט געקרײַזלטע גאָלד־בלאָנדע הערעלעך און די טונקעלע אויגן זענען גאָר געוואָרן בלאָ. „די גאַנצע רייזל! זי גראָט אַרײַן אין איר מומע רייזל”, איז קלמן געווען צופרידן.

אויף איין זײַט פון דער צוקער־פאַבריק האָט שוין געאַרבעט די מיל און אויף דער אַנדערער זײַט האָט מען גענומען בויען אַ פאַבריק פון זיסוואַרג און קאָנפיטורן. קלמן האָט שוין געזוכט פאַרבינדונגען צו אימפּאָרטירן קאַקאַאָ־בעבעלעך. ער מוז אַלץ האָבן פון דער ערשטער האַנט צו קאָנען קאָנקורירן מיט „ווערעל”־שאָקאָלאַד, וואָס האָט שוין אַ נאָמען אויף דעם מאַרק.

עס האָבן זיך אויך גענומען אַרויסשיילן קאָנקרעטע פּלענער פאַר דער פליישקאָנסערוון־פאַבריק און קלמן האָט שוין גענומען פאַרהאַנדלען וועגן אָפּקויפן אַ כעמישע פאַבריק אין לוּווויטש. ער האָט געאַרבעט מיט אַן אימפּולסיווקייט און אײַלעניש, ווי ער וואָלט מורא געהאַט נישט צו פאַרשפּעטיקן...

## LIV

„דײַן קאָפּ אַרבעט בײַ טאָג און בײַ נאַכט”, האָט בעריש געמוסרט קלמנען, „אַ מענטש דאַרף אַ מאָל רוען”.

„זאָגט מען דאָך טאַקע, אַז קלמן איז נישט קיין מענטש”.

„ערנסט, קלמן. דו בויסט אַ פינאַנציעלע אימפעריע; אַז דו וועסט זיך אַרויסשלאָגן פון די כּוחות, ווער וועט מיט דעם אַלעם אָנפירן?"

„דו מיינסט, אַז נאָר אַ קאַליקע קען זײַן אַן אימפּעראַטאָר? פאַר וואָס נישט דו? זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז ביסט געוואָרן אַ רב און דאַרפסט אָנפירן אַ גאַנצע קהילה. גלייב מיר, בעריש, אָנפירן מיט פאַבריקן איז נישט שווערער ווי אָנפירן מיט אַ שטאָט יידן ווו יעדער רעדט זיך אײַן, אַז ער איז קליגער פון שלמה־המלך".

„קלמן, איך האָב שטענדיק הנאה פון דײַנע חכמהלעך, אָבער ווען איך רעד צו דיר ערנסט, ווייל איך דו זאָלסט מיך נעמען ערנסט. דו זעסט נישט אויס צו גוט, און..."

„איך קלויב זיך געווינען אויף אַ שיינקייט־קאָנקורס און דו זאָגסט מיר, אַז כ'זע נישט אויס צו גוט..."

„שוין ווידער אַ חכמהלע. דײַן פּנים איז אָפּגעצערט; מיר דאַכט זיך, אַז פאַרלירסט וואָג'. דו האָסט צוויי קינדער און דרײַ פאַבריקן, גענוג!"

„גענוג וואָס? קינדער אָדער פאַבריקן?"

„די קינדער דאַרפן אַ טאַטע און די פאַבריקן — אַ באַלעבאָס".

„עס וועלן מערצעשעם זײַן נאָך קינדער און נאָך פאַבריקן. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט: איך בוי אַ דינאַסטיע און אַן אימפעריע. וועגן מיר זאָרג זיך נישט, איך דאַרף נאָר אַ העלפט רו און אַ העלפט שלאָף וויפל אַן אַנדערער, אַ האַלבער גוף רוט בײַ מיר אַן אויפהער. לאָז נישט אַראָפּ די נאָז, בעריש. אַ געלעכטער אין אַ זײַט, איך דאַרף באמת ווייניק שלאָף און איך ווייס ווי אַזוי אָפּצושטעלן די ווינטמיל אין מײַן קאָפּ און רע־לאַקסירן ווי שבת נאָכן טשאָלנט".

בעריש איז אַוועק נישט צופרידן; קלמן האָט געזען, אַז ער גלייבט אים נישט. אָבער ער האָט טאַקע געוווסט ווי אַזוי אַרויסצוטרײַבן פון קאָפּ זלידנע אָדער מיד־מאַכנדיקע געדאַנקען. ער איז שטענדיק געווען אַ מײַסטער פון טאָג־חלומות. אין די קינדער־יאָרן האָט ער געחלומט וועגן שפּיצלעך זיך אָפּצורעכענען מיט די וואָס האָבן אים דערקוטשעט. ווען ער איז אונטערגעוואַקסן, זענען עס געווען חלומות וועגן מיידלעך, לרוב זענען עס געווען זיסע חלומות וועגן פײַערדיקע ליבעס; אָבער ווען ער איז געווען אַנטוישט, איז ער אַפילו אין זײַנע חלומות געווען פאַרביטערט און ווײַ געטאָן.

דאָס איז אַלץ אַזוי ווײַט פֿון אים איצטער ווי עס וואָלט געשען אין אַ פֿריִערדיקן גילגול. יעצט ליגט דער שליסל צו זײַנע חלומות אין דעם לעדערנעם טײַסטער אין זײַן בוזעמטאַש. דאָ, אין דער היים, אָדער אין זײַן קאַנטאָר אין דער פֿאַבריק איז געװנוג ער זאָל אַרויסנעמען פֿון טײַסטער די צוויי פֿאָטאָגראַפֿיעס: פֿון זײַן זעליקל — איין יאָר אַלט, און פֿון זיך אין דעם זעלביקן עלטער. עס איז גענוג איין קוק אויף די פֿאָטאָגראַפֿיעס און אַלע זאָרגן פֿאַרשווינדן, אַלע דאגות רוקן זיך אָפּ אין אַ זײַט. אויף ביידע פֿאָטאָגראַפֿיעס ליגן די קינדער נאַקעט מיטן תחתל אַרויף, די פּנימלעך אַרויפֿגעהויבן פֿול מיט געלעכטער, די פֿיסלעך אויפֿגעכאַפּט אין מיטן אַ שטיפֿעריש וואַרפֿן מיט די פֿיאַטעס אַרויף. דער ווײַסער חברהניק אין דער נײַער פֿאָטאָגראַפֿיע איז געקומען צו רעכט מאַכן וואָס עס איז קאַליע געוואָרן בײַ דעם פֿון דער אַלטער פֿאָטאָגראַפֿיע... בײַ אים האָט דער גורל געמאַכט אַ טעות, אָבער ער איז געווען נאָר אַ רעפּעטיציע. זעליקל איז געקומען איבערשפּילן זײַן ראָלע, דאָס מאָל אָן טעותים. קיילע דערשרעקט זיך ווען ער רופֿט דאָס קינד „קלמנדל״, „ניטע״, זאָגט זי, „ס׳איז נישט מזלדיק. בײַ ייִדן רופֿט מען נישט אַ קינד נאָך אַ לעבעדיקן טאַטן״. עט, שטותים, זעליקל איז אַ געזונט קינד און זײַן טאַטע בויט פֿאַר אים אַן אימפּעריע. זעליקל איז טאַקע אַ קלמן, נאָר מיט געזונטע פֿיס און אַ גלײַכן קאָפּ, דער בענקאַרט ווײַזט שוין אַרויס חכמה און כאַראַקטער. אַנו, זאָל עמעץ פּראָבירן צונעמען בײַ דעם יאַט זײַנס אַ שפּילעכל. דער קליינער באַנדיט וועט מאַכן קולות, אַז עס וועט לעכערן דעם באַלטן, דער טאַטע מיט די ביינער!

האָט ער טאַקע אַ מאָל געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין געדולד צו קינדער ביז זיי הייבן אָן רעדן מיט שׂכל? ווער דאַרף רייד? אַ בלינדער קאָן זען, אַז דער קליינער פּימפּערנאָטער האָט שוין איצט מער שׂכל ווי זײַן מאַמע. וועט ער זיך אַזוי צובינדן אויך צו ליבעלען? קיילע האָט טענות, אַז ער טוט אַפֿילו נישט אַ סמאַטשקע צו איר, „מע טאָן נישט האָבן נאָר ייִנדלעך״, פֿאַרענטפֿערט זי זיך.

„אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן עס זאָלן געבוירן ווערן נאָר ייִנגלעך. ווען נישט דאָס וואָס דו ביסט געבוירן געוואָרן אַ מיידל, וואָלט קיין זעליקל נישט געווען״.

קיילע האָט זיך נישט געכאַפּט אַז ער וויצלט זיך. „דו ווילסט נאָר מיידלעך? און זעליטל איז שלעכט?"

„זעליקל איז גוט און מחיהדיק און ליבעלע איז זיס ווי צוקער. דו ווייסט גאָר וואָס? יעצט ווּעסטו האָבן אַ צווילינג, אַ ייִנגל מיט אַ מיידל".

„מיטן אייבערשטנס הילף".

„כ'וויל נישט קיינעמס הילף, נאָר איך און דו".

„גיטע, טלמן", האָט קיילע זיך דערשראָקן פאַר זײַנע חוצפּהדיקע רייד און גענומען אויף זיך צו געבן נאָך אַ קילאָ ליכט פאַר דער שיל.

# LV

קיילע האָט געהאָט אַ קאַטאַר און אַן אָנגעגעצונדענעם האַלדז. זי האָט געשווענקט דעם האַלדז מיט זאַלצוואַסער און געשלונגען אַספּירין, ווי דער דאָקטער האָט געהייסן, און אויך גענומען לייענען קריאת־שמע פאַרן גיין שלאָפן.

„קיילעשי, די רביצין איז דײַן שוועסטער, נישט דו", האָט קלמן גע־לאַכט. קיילע האָט ווײַטער געמורמלט איר תּפילה. טוט זי עס ווי אַ סגולה קעגן קאַטאַר, אָדער... זי איז געוואָרן אַזוי פרום ווען זי האָט פאַר־שוואַנגערט מיט ליבעלען. „אויף וואָס בעטסטו, אויף אַ ייִנגל צי אַ מיידל?"

„אויף אַ צווילינגד", האָט קיילע געענטפערט ווען זי איז צוגעקומען צו אַן אָרט וווּ מע מעג אויסרעדן.

„וואָס עפּעס אַ צווילינג?"

„ווײַל דו ווילסט".

„ס'איז שוין עפּעס אויפן וועג?"

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

*

זעליקל האָט אין מיטן נאַכט זיך אויפגעוועקט מיט אַ געוויין און נישט אויפגעהערט שרײַען ביז אין דער פרי.

„קלמנס זונדל, וואָס האָט זיך אין דיר אַזוי צעקאָכט די יוכע?" האָט קלמן זיך כּלומרשט געבייזערט.

קיילע האָט ווידער פּראָבירט אים אָוועקזעצן אויף איר שויס. „אַ

בראָך איז צו מיר", האָט זי אויסגעשריגן, „ס'קינד גליט ווי אַ שטיק קויל".

„כ'האָב דיר געזאָגט זאָלסט זיך נישט צורירן צום קינד ווען האָסט געהאַט דעם קאַטאַר", האָט קלמן געהאַט אַ טענה, „טראָג עס נישט אַריבער צו ליבעלען".

ס'קינד האָט געגומען ברעכן. קלמנען איז דאָס האַרץ איינגעפאַלן ביי יעדן נייעם אָנפאַל, ער האָט נישט געקאָנט צוקוקן ווי זעליקל מוטשעט זיך. ער האָט געכאַפּט אויף זיך אַ מלבוש און געאײַלט מיט זײַן אויטאָ צו ברענגען דעם דאָקטאָר.

דער דאָקטער האָט באַרויִקט: „נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, ביי קינדער גייט דאָס אַוועק איינס־צוויי".

דריי טעג גענומען דעם דאָקטערס רפואות און עס איז טאַקע געוואָרן בעסער. די היץ איז שוין געהאַט אַראָפּ צו זיבן און דרײַסיק גראַד ווען זי איז ווידער אַרויפגעשפּרונגען צו ניין און דרײַסיק.

די היץ איז אַראָפּ יעדן פרימאָרגן, אָבער ביי נאַכט האָט דאָס קליינע גופעלע ווידער געגליט אין גרויסער היץ. דער דאָקטער האָט געהאַלטן אין איין באַרויִקן. אין קלמנס קאָפּ איז אויפגעלאָפן אַ משוגענער געדאַנק: „געזונט ווערן, אין גאַנצן געזונט ווערן, אָבער נישט פּאַראַליזירט ווערן. איידער עס זאָל בלײַבן אַ קאַליקע, איז גלײַכער..."

אַ שווידער איז אַדורך זײַן גוף. ער איז אַ נאַר, דער קלוגער קלמן איז אַ שטיק בהמה אויב ער רעדט זיך אײַן, אַז אַלץ וועט שטענדיק גיין גלאַטיק, אַז זײַן שטיקל ברויט וועט אַלע מאָל פאַלן מיט דער פּוטער אַרויף. ערגעץ ווו האָט דער בייזער גורל שוין אָנגעגרייט פאַר אים אַ שטרויכלונג. אויב עס איז פאַראַן אויבן עמעץ וואָס דיריגירט, שפּילט ער זיך מיט אים אַ קאַץ־און־מויז־שפּיל.

וואָרט שוין טאַקע אויף אים אַ מפּלה? אויב עס מוז קומען עפּעס שלעכטס, זאָל עס אויסגיין צו זײַנע פאַבריקן, צו זײַן עשירות. זאָל זײַן אָן אַן אימפּעריע, אָבער די דינאַסטיע זאָל נישט אָנגערירט ווערן. ער וויל מער ווי זעליקלס נאַקעט לעבן, יאָ, ווי ער האָט שוין פריִער געטראַכט: נאָר נישט קיין קאַליקע. אַ גאַנצער, געזונטער, שיינער גוף, אָדער גאָרנישט!

ער רעדט זיך אײַן אַז ער גלייבט אין גאָרנישט און דאָ זיצט ער און

טענהט זיך אויס אין זײַן געדאַנק און דינגט זיך, ווי עמעץ וואָלט געלייענט זײַנע מחשבות און געהערט זײַנע טענות. עס האַלט שוין באַלד דערבײַ ער זאָל בעטן ציפּען אָפּצושפּרעכן אַן עין־הרע. מע דאַרף ברענגען פון לוויוויטש אַ גוטן דאָקטער. יאָ, דאָס טאַקע וועט ער טאָן.

ער האָט געוואָלט שיקן קיין לוויוויטש זײַן אויטאָ ברענגען דעם דאָקטער יאַגעלסקי, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער אויטאָ איז נישטאָ; קיילע האָט געשיקט דעם טאַטן קיין זשיכלין צום רבין.

„אַ נאַר איז אַ גזר", האָט עס געקאָכט אין אים, „ס'איז מײַן סאַמאָכאָד צי נישט? פֿאַר וואָס האָסטו נישט געפֿרעגט?"

קיילע האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

„פֿאַר וואָס האָסטו מיר גאָרנישט געזאָגט?" האָט קלמן געפֿרעגט, איצט שוין מיט אַ מילד קול.

„ס'טינד איז חרוב און דו... כ'ציטער זאָלסט נישט אַ זאָד טאָן עפּעס וואָס... אין הימל הערט מען אַלץ און זעליטל דאַרף רחמים".

קיילע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעכליפּעט, קלמן האָט זיך צוגערעדלט צו איר און אַ גלעט געטאָן איר האַנט. „כ'זאָג דען, דו זאָלסט נישט שיקן אַ קוויטל צום רבין? אָבער דער טאַטע האָט געקאָנט פֿאָרן... כ'וואָלט געשיקט אַ משׂא־אויטאָ פֿון דער פֿאַבריק. פֿאַר דאָקטער יאַגעלסקי מוז איך האָבן דעם סאַמאָכאָד".

„טאַלמען טרוין, כ'ווייס נישט וואָס איך טו, ראַטעווע אונדזער טינד".

„זײַ נישט קיין נאַריש געגדזל, ס'קינד איז גאַר נישט אַזוי געפֿערלעך", האָט ער זי פּראָבירט טרייסטן. „כ'וויל אַ גרויסן דאָקטער טאַקע צוליב דיר, דיך צו באַרויִקן. כ'על טעלעפֿאָנירן, דער דאָקטער זאָל נעמען אַ טאַקסאָוווקע, אפֿשר האָט ער גאַר זײַן אייגענעם סאַמאָכאָד".

ציפּע האָט די ערשטע דערזען, אַז זעליקלס הויט איז באַשיט געוואָרן מיט רויטע פּינטעלעך, איז זי געלאָפֿן אָנזאָגן קיילען די בשׂורה: „ס'איז גאָרנישט, ס'איז מאָזלען, אַלע קינדער מוזן דאָס אַדורכגיין".

קלמן איז גראָד געווען אין דער צוקער־פֿאַבריק, איז מתות אַוועק אים אָנזאָגן די בשׂורה, אַז ס'איז גאָרנישט, נאָר מאָזלען.

„דער דאָקטער האָט געזאָגט?" האָט קלמן געפֿרעגט.

„רויטע פּינטעלעך, ווײַבער ווייסן וואָס עס איז".

קלמן איז אַוועק צו זײַן אויטאָ און פֿון דער פֿאַבריק געפֿאָרן גלײַך

צום דאָקטער און אים געברענגט צום קינד. „ס׳איז שאַרלעך״, האָט דער דאָקטער געשטעלט דעם דיאַגנאָז.

„נישט מאָזלען?״

„קיין ספק נישט, ס׳איז שאַרלעך, שקאַרלאַטינע״.

„כ׳קלער צו שיקן נאָך דאָקטער יאַגעלסקי פון לוויוויטש״.

„דער פאַן קאָן ברענגען דאָקטוירים פון לוויוויטש און פון וואַרשע, אָבער ס׳וועט אַלץ נישט ווערן מאָזלען, ס׳איז שאַרלעך״.

דעם קינדס העלדזל איז געוואָרן רוי, עס האָט נישט געוואָלט טרינקען און דער דאָקטער האָט אָנגעזאָגט אַ סך צו טרינקען. קלמן האָט איבער־געלאָזט זײַנע געשעפטן און געוואַכט בײַם קינד טאָג און נאַכט, ער וועט זיך אויף קיינעם נישט פאַרלאָזן.

עס איז ווידער געוואָרן בעסער. די היץ איז מער נישט געווען הויך, די הויט האָט זיך גענומען שיילן, אָבער דאָס העלדזל איז נאָך אַלץ געווען געשוואָלן. ווען מע האָט עס אָנגערירט, האָט דאָס קינד אַזש אַ צאַפּל געטאָן. די צונג איז מער נישט געווען אַזוי געשוואָלן און אַזוי געל, אָבער געווען רוי און רויט ווי אַן איבערצײַטיקע טרוסקאַווקע.

כאָטש דער דאָמברוווקער דאָקטער האָט נישט באַהאַלטן אַז ער פילט זיך געקרענקט וואָס מע וויל ברענגען נאָך אַ דאָקטער, האָט קלמן געשיקט נאָכן דאָקטער יאַגעלסקי. אויב דער לוויוויטשער דאָקטער זאָל נאָר באַווײַזן צו פאַרלײַכטערן אַ ביסל דעם קינדס יסורים, איז שוין כּדאַי.

דאָקטער יאַגעלסקי האָט באַשטעטיקט אַלץ וואָס זײַן דאָמברוווקער קאָלעגע האָט געזאָגט, און פאַרזיכערט אַז דאָס ערגסטע איז שוין אַריבער. דער דאָמברוווקער דאָקטער האָט געקוקט אויף קלמנען מיט נצחון.

דאָס קינד האָט מער נישט געהאַט קיין היץ, אָבער עס איז געווען ווי אָן לעבן, די הויט גרוי, די אייגעלעך אויסגעלאָשן. קלמן האָט געבראַכט שפּילעכלעך, זעליקל האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס. קלמן האָט געמאַכט קאָמישע גרימאַסעס, געקרימט זיך, געלאַכט, ס׳קינד האָט נישט רעאַגירט. „וואָס ווילסטו, רבונו־של־עולם״, האָט עס געיאָמערט אין קלמ־נען, „מײַנע פּיס האָסטו שוין לאַנג צוגענומען. דו ווילסט מער? כ׳בין גרייט צו געבן אויך אַ האַנט פאַר זעליקלס אַ שמייכל״.



דאָס קינד האָט ווידער זיך איבערגעוועקט אין מיטן דער נאַכט. עס האָט שוין נישט געהאַט קיין כּוח צו שרייַען הויך, האָט עס שטיל געהעשעט, דאָס גופל האָט געצוקט און געוואָרפן זיך מיט יעדן שלוכץ, עס האָט ווידער געהאַט היץ.

דער דאָקטער איז, ווי־ַזט אויס, געווען ברוגז און נישט געוואָלט קומען אין מיטן נאַכט: „אַוודאי אַ בייזער חלום, דעם קינד איז בעסער".

קלמן איז אַליין אַוועק צום דאָקטער. „כ׳קאָן נישט נאָכקומען אַלע משוגעתן פון עלטערן. פאַראַן נאָך קראַנקע אין שטאָט, איך מוז זיך אויסשלאָפן איך זאָל קאָנען מאָרגן אַרבעטן", האָט דער דאָקטער זיך געבייזערט.

„פּאַניע דאָקטאָזשע, זאָגט וואָס איר ווילט און עס איז אײַערס. ס׳קינד מוטשעט זיך".

נישט געקאָנט זיך אָפּטשעפּען פון קלמנען, איז דער דאָקטער געקומען מיט דער דעה צו געבן איין קוק און צוריקגיין שלאָפן. ער האָט נאָר איין קוק געטאָן אויפן קינד און אויסגעטאָן דעם מאַנטל. „קאָמפּליקאַציעס", האָט ער אַ קרעכץ געטאָן נאָך אַ לאַנגן עקזאַמינירן. ער האָט געפונען אַ געשוויר אין לינקן אויער און זיך גענומען בייזערן אויף קלמנען: „ווען מע האָט נישט געדאַרפט, האָט דער פאָן געבראַכט דאָקטוירים פון לוויוויטש; ווען עס מאַכט זיך אַן אָנצינד, לאָזט ער עס דערגיין ביז צום מוח!"

דער דאָקטער איז אַוועק, קלמן איז געבליבן זיצן צוזאַמענגעקנוילט אין זייַן שטול. אַן אימפּעראַטאָר איז ער, האָט ער זיך אייַנגערעדט, עס האָט זיך אים געדאַכט אַז ער קאָן אַ טרייסל טאָן מיט די זייַלן פון דער וועלט. וואָס טויג אים זייַן גאָלד און זייַן מאַכט, אַז ער קאָן מיט דעם נישט פאַרלייַכטערן זייַן קינדס יסורים אַפילו אויף קיין איין מינוט? ער האָט זיך געהאַט אייַנגערעדט, אַז זעליקלען וועט זייַן טאַפּלט גוט, צו קאָמפּענסירן פאַר זייַן טאַטנס יסורים. אַ גיהנום ברענט אין דעם טייַערן קעפּעלע — אַ כּפּרה אַלע זייַנע פאַבריקן, אַ העליש פייַער זאָל אייַנשלינגען זייַן גאַנצע אימפּעריע, אָבער עס זאָל אויפהערן ברענען אין זעליקלס קעפּעלע. געוואַלד, גענוג יסורים, גענוג!



אויטאָס זענען געלאָפן ברענגען דאָקטוירים און רפואות, שליחים זענען געפאָרן צו רביים, מע האָט געזאָגט תּהילים אין שיל, מע האָט אַפילו געשיקט אַ שליח קיין בילגאָרײַ בעטן אויפן קבר פון קלמנס עלטער־באָבע, די צדקת געגענדעלע. אַ יִיאוש האָט זיך גענומען אײַנעסן אין קלמנס ביינער, אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער האָט געשיקט טע־לעגראַמעס צו די באַרימטסטע דאָקטוירים: „קומט גלײַך, כ׳וועל באַצאָלן יעדן פּרײַז". ער האָט אַפילו געשיקט אַ דעפּעש צו אַ האַנדלס־פאַרבינדטן אין לאָנדאָן, יענער זאָל שיקן דעם בעסטן דאָקטער אין ענגלאַנד, און געוווּסט דערבײַ אַז עס איז נישט געבליבן גענוג צײַט אַ דאָקטער זאָל באַווײַזן צו קומען פון ענגלאַנד. בײַם זיידן חנא זענען אויך אַוועק אַ סך קינדער; האָט ער איבערגענומען אַ ירושה פון אַ קראַנק בלוט אָדער פון אַ פינצטער מזל? ניין, ניין, ניין! אויב, חלילה, זעליקל זאָל... ער וויל נישט און קאָן נישט בלײַבן דאָ אַליין...

## LVI

זעליקל איז אײַנגעשלאָפן ווי אַ פייגעלע, באַפרײַט פון אַלע יסורים. בעריש האָט אַוועקגעפירט קלמנען פון קינדס בעטל און ער האָט זיך געלאָזט. דער דאָקטער האָט אים געגעבן עפּעס צו שלאָפן און ער האָט עס גענומען. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַן אַנדערער קלמן — אַ שטילער און פאַלגעוודיקער. בעריש און מתּות האָבן אים געזאָגט וואָס צו טאָן און ער האָט עס געטאָן. בײַם קבר האָט אײַזיק פאַר אים פירגעזאָגט דעם קדיש און ער האָט נאָכגעזאָגט וואָרט בײַ וואָרט. קיילע האָט געיאָמערט, ציפּע האָט געשריגן מיט ווילדע קולות, קלמן האָט שטיל נאָכגעזאָגט די ווערטער פון קדיש און זײַנע אויגן זענען געבליבן טרוקן. קיילע איז געווען צופרידן וואָס קלמן האָט נישט אָנגעריִרט זײַן באָרד אין די שיבעה־טעג, ווי דער דין איז; דאָך האָט עס אָנגעוואָרפן אויף איר אַ פחד, נאָך אַ גרעסערן פחד האָט אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען זײַן שווײַגן.

דעם זיבעטן טאָג נאָך דער לוויה איז מען אויפגעשטאַנען פון שיבעה באַלד נאָכן אָפּדאַווענען שחרית. אַלע האָבן געמיינט אַז קלמן וועט לויפן

אין פאַבריק, אָבער ער האָט זיך גאָר אַרײַנגעלייגט אין בעט. קיילע האָט אַוועקגעטראָגן ליבעלען ווײַט פון דער שלאָפשטוב, זי זאָל מיט איר געוויין נישט אויפוועקן קלמנען, אָבער ווען זי האָט אַרײַנגעקוקט דורך אַ שפּאַרע פון דער טיר, האָט זי געזען אַז ער ליגט מיט אָפענע אויגן. ווען נאָר זי איז צוגעקומען נאָענט, האָט זי געהערט ווי ער דרייט זיך אויפן געלעגער; ווען נאָר זי האָט אַרײַנגעקוקט, האָט זי זיך אָנגעטראָפן מיט זײַן בליק. דעם אויפדערנאַכט איז קיילע געגאַנגען שלאָפן פרי. זי איז צופרידן געווען וואָס ער איז נישט געקומען אין איר בעט אין די טעג פון שיבעה, מע טאָר נישט. זי איז אַרײַן אין איר בעט און נישט אויסגעלאָשן די ליכט, הײַנט מעג מען שוין. אָבער קלמן איז געבליבן אין זײַן בעט; די ליכט האָט איר געשטאָכן אין די אויגן, האָט זי פאַר־דרייט די עלעקטרע און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין געטאָגט. זי האָט געזען אַז קלמן ליגט מיט אָפענע אויגן, איז זי אַרײַן אין זײַן בעט, ער האָט זיך אַ רוק געטאָן צו מאַכן פּלאַץ פאַר איר.

„טאַלמען, ס'טינד האָט מיר אַ טאָפּיע דעדען, אָט דאָ", האָט זי געוויזן אויפן בויך.

„ס'קינד איז טויט", האָט ער געענטפערט מיט אַ הויל קול.

„טפו, טפו, נישט דאָ דעדאַכט!" האָט קיילע אַזש אַ צאַפּל געטאָן, „ס'נײַע טינד".

קלמן האָט נישט געענטפערט.

„ווילסט אָנרירן?" זי האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער, גענומען זײַן האַנט און אַרויפגעלייגט אויף איר בויך. „וואַרט אַ מינוט, באַלד, באַלד. יעצט! דו שפּירסט?"

קיילע האָט עס אויסגעשריגן מיט פרייד און ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי זי קאָן זיך פרייען אַז... ער האָט פאַרקריצט די ציין נישט צו לאָזן דעם געדאַנק דערגיין ביז... ביז... ניין, זעליקל פוילט נישט אין דער ערד, זעליקל איז געוואָרן אַ מלאכל, זעליקל איז אַ נשמהלע, פריש און לויטער און וועט קיין מאָל מער נישט קרענקען, און וועט קיין מאָל מער נישט זײַן אויסגעשטעלט צו יסורים.

# LVII

קיילע האָט גוט געדענקט יענע פינצטערע חדשים ווען זי האָט געטראָגן מיט איר ערשט קינד. זי האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייַטן אויף אַן אייַזערן בעטל אין אַ פרעמדער שטוב, אין אַ ווייַטער שטאָט און נישט געהאַט אַפילו פאַר וועמען צו וויינען. דעמאָלט איז דאָס קינד געקומען ווי אַ שטראָף פון גאָט, יעצט קומט עס צו רעכט צו מאַכן אַן עוולה. זי מוז האָבן איר קלמן נעבן זיך, זאָל ער עס אויך פילן. זי האָט אים גערופן און ער איז געקומען צו איר אין בעט, אָבער ער איז מער נישט געווען דער זעלביקער קלמן. ער פלעגט קומען צו איר מיט אַ חכמהלע, מיט אַ קינצעלע, שטענדיק זי געמאַכט פריילעך און זי געמאַכט פילן, אַז זי איז די שענסטע אויף דער גאַנצער וועלט. איצט רעדט ער ווייניק, ער ליגט נעבן איר און זייַנע אויגן — טיף אַרייַן אין קאָפּ, קוקן ווייַטער פון איר, ווייַטער פון דער וואַנט. זי האָט שוין צוויי מאָל אים געפונען נעבן זעליקלס ליידיקן בעטל און עס דאַכט זיך איר, אַז אויף וועמען און אויף וואָס נאָר ער קוקט זעט ער אַלץ זעליקלס ליידיקע בעטל. איר האַרץ ציט זיך צוזאַמען ווען זי טראַכט פון איר ערשט־געבוירנס, אָבער עפּעס פון איר און קלמנען לעבט שוין און וואַקסט אין איר. זי וואָלט געדאַרפט אַרייַנבעטן קלמנען אין דעם גוטן געפיל, אָבער זי ווייסט נישט ווי אַזוי. קלמן איז אַזאַ געלערנטער מענטש און זי ווייסט נישט ווי אַזוי צו רעדן צו זייַן האַרץ.

קלמן האָט זיך אויך צוריקגעקערט צו זייַנע געשעפטן, אָבער עס האָט געפעלט דער אַמאָליקער ברען. ער איז אָפטער געקומען צו בעריש אין דער מיל. בעריש האָט געהאַט אַ געפיל, אַז קלמן האָט אַ ברויך צו רעדן. ער האָט געוואָלט עס אַרויסרופן און נישט געוווּסט ווי אַזוי.

„בעריש, דו ווייסט דאָך אַז זעליקל איז געבוירן געוואָרן פאַר דער חתונה", האָט קלמן איין מאָל אַ זאָג געטאָן ווען זיי זענען געווען אַליין.

„כ'ווייס".

„געבוירן געוואָרן אַ ממזר".

„חלילה! דער דין פון ממזרות איז חל נאָר אויף אַ קינד פון אַן אשת־איש, אַ פרוי וואָס האָט אַ מאַן און איז מזנה מיט אַן אַנדערן".

„כ'פרעג נישט וועגן דין. אַ קינד אָן אַ טאַטן רופט מען ,ממזר' ".

„זעליקל האָט געהאַט אַ טאַטע און רעד נישט קיין שטותים".

בעריש האָט גערעדט מיט אַ טאָן פון דעפיניטיווקייט, ווי ער וואָלט אַרויסגעטראָגן אַ פסק־דין איין מאָל פאַר אַלע מאָל. ער האָט נישט געוואָלט מער רעדן וועגן דעם און איז געוואָרן צופרידן וואָס מע האָט אים גערופן. ער איז אַרויס פון קאָנטאָר. קלמן איז געבליבן זיצן פאַרזונקען אין זײַנע מחשבות. ער אַליין האָט זיך געהאַט געווונטשן זעליקל זאָל בעסער שטאַרבן איידער בלײַבן לעבן אַ קאַליקע. קינדער זענען אַכזריותדיק. די צרות און בזיונות וואָס די קינדער אין חדר האָבן אים אָנגעטאָן ליגן אים נאָך גוט אין די ביינער. אויב זעליקל וואָלט דערלעבט צו גיין אין חדר, וואָלטן די קינדער אים נאָכגעשריגן „ממזר". זעליקל האָט געהאַט אַ גוט קעפּל, ער וואָלט אַלץ געקענט בעסער ווי די אַנדערע, און די גראָבע קעפּ וואָלטן אים גערודפט דערפאַר. ערגעץ ווו, ערגעץ ווען, וואָלט אַ ייִנגל זיך דערוווּסט וועגן זעליקלס געבוירן ווערן פאַר דער חתונה און וואָלט עס באַלד דערציילט אין חדר, אין שול, אין דער גאַס, און אין איין העלן טאָג וואָלטן אַלע חברים זיך אָפּגעקערט פון קינד און אים נאָכגעשריגן „ממזר, בענקאַרט".

צו באַשיצן אַ קינד פון בייזע חברים איז נאָך שווערער ווי באַשיצן עס פון אַ קרענק. אויב עס וואָלט געווען שלעכט זעליקל זאָל בלײַבן לעבן און מע זאָל אים רופן „קאַליקע", וואָלט געווען נישט בעסער אויב מע וואָלט אים גערופן „בענקאַרט". אפשר נאָך ערגער, די חרפה איז גרעסער מיט „ממזר". ניין, ער וואָלט נישט געוואָלט זײַן זעליקל זאָל האָבן אַזעלכע גיהנומדיקע קינדער־יאָרן ווי זײַן טאַטע האָט געהאַט.

בעריש איז צוריקגעקומען מיט אַ קונה פון אויסער שטאָט: „דער פּאַן וויל פאַרהאַנדלען נאָר מיט דיר".

קלמן האָט גערעדט מיטן קונה און בעריש האָט אים אָבסערווירט פון אַ זײַט. מיט אַ פּאָר מינוט צוריק האָט קלמן גערעדט אַזעלכע מאָדנע רייד און איצט רעדט ער מיט אַ לעבעדיקייט וואָס בעריש האָט שוין לאַנג בײַ אים נישט געזען.



די קאַשטאַנבוימער אויףביידע זײַטן וועג האָבן געוויגט זייערע צעבליטע צווײַגן ווען קלמן מיט בערישן זענען געפאָרן אַהיים. דער

ווינט האָט אַראָפּגעיאָגט די בליטן פון דיביימער און זיי צעשפּרייט איבערן שאָסיי, דער אויטאָ איז געפאָרן ווי אונטער אַ שניי, ווי אויף אַ ווייַסן טעפּעך. בעריש האָט הנאה געהאַט פון דעם שיינעם דרויסן און געהאָפט, אַז קלמן האָט אויך הנאה, ער הייבט זיך אָן אַרויסדראַפּען פון זייַן מרה־שחורה. פּלוצלינג האָט קלמן אַ זאָג געטאָן מיט אַ קול, ווי עס וואָלט געקומען פון אַ קבר: „קלמן קאַליקע האָט אַ מאָל געקענט אָפּנאַרן אַ וועלט; זיך אַליין האָט ער קיין מאָל נישט באַוויזן אָפּצונאַרן. דאָ איז דאָך דער קרבן נישט נאַרישער ווי דער אָפּנאַרער".

„קעגן וואָס זאָגסטו דאָס?"

„קעגן דעם וואָס כ'האָב געזאָגט אין דער מיל, כ'האָב זיך געוואָלט טרייסטן מיט חלשות־טראָפּנס".

בעריש האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז בעסער נישט צו ענטפערן אויף דעם. לויט דער גמרא טאָר מען נישט פּראָבירן טרייסטן אַן אָבל ווען דאָס מת ליגט נאָך פאַר אים, מחמת טרייסטווערטער, ווען יענער איז נאָך נישט בכוח זיי אויפצונעמען, מאַכן דאָס געמיט שווערער און נישט לייַכטער. ביידע האָבן געשוויגן, נאָר ווען בעריש איז אַרויס פון אויטאָ האָט ער אַ דריק געטאָן קלמנס אָרעם: „שטאַרק זיך, קלמן".

## LVIII

אין דעם טאָג ווען מ'איז אויפגעשטאַנען פון דער שיבעה, איז מתות געקומען פאַר נאַכט נעמען קלמנען אין שיל אַרייַן; אַז ער האָט געפונען קלמנען אין בעט איז ער געגאַנגען אַליין און ער האָט געזאָגט קדיש נאָכן אייניקל. דאָס זעלביקע איז געשען אויך צו מאָרגנס, קלמן איז נישט געקומען אין שיל אויך ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון בעט און געגומען פאָרן אין פאַבריק. מתות האָט געוואָלט אַ רעד טאָן מיט קלמנען וועגן דעם, אָבער בעריש האָט אים צוריקגעהאַלטן. „ווען ער וועט זייַן גרייט, וועט ער אַליין קומען", האָט בעריש געזאָגט און מתות איז געבליבן זעליקלס קדיש־זאָגער. עס איז געווען שוין נאָך די שלושים ווען קלמן האָט איין מאָל זיך באַוויזן אין שיל צו מינחה־מעריב און געזאָגט דעם

קדיש צוזאַמען מיטן שווער. צו מאָרגנס איז ער געקומען אין שיל אויך צו שחרית און פון דעם טאָג אָן געקומען יעדן טאָג. מתות איז געווען צופרידן צו זען, אַז קלמן לאָזט נישט אַדורך אַ וואָרט פון דאַווענען. קיילע האָט דערזען אַז קלמן היט זיך, נישט צו נעמען אַ שלוק מילעך איידער עס לויפן אָפּ זעקס שעה זינט ער האָט געגעסן פליישיקס, און זי האָט אויפגעהערט אַכטיק צו געבן ער זאָל נישט כאַפּן אַ פליישיק מעסער אָנצושמירן פּוטער אויף זײַן ברויט.

אין דער משפחה האָט מען גערעדט וועגן דעם פון מויל צו אויער. מע האָט זיך געפרייט וואָס קלמן איז פרום געוואָרן, אָבער מורא געהאַט צו רעדן וועגן דעם, עס איז געקומען אַזוי אומגעריכט. נאָר פריידל, די רביצין, האָט איין מאָל בײַם טיש אַ זאָג געטאָן: „קלמן קרוין, אַז ביסט שוין געוואָרן אַ ייִדישער ייִד, הער אויך אויף צו גאָליען דײַן פּנים".

בעריש האָט געוווּנקען צו איר זי זאָל שווײַגן, אָבער זי האָט צוגע־געבן: „אַ באָרד פּאַסט צו אַ ייִדיש פּנים און פּאַסט דעם רבס שוואָגער און אַ טאַטע פון קינדער".

קלמן האָט אויפגעהויבן זײַנע טרויעריקע אויגן און באַלד זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט צום טעלער וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, אָבער צום עסן האָט ער זיך נישט צוגערירט.



אַלע האָבן זיך געפרייט וואָס קלמן איז פרום געוואָרן, אָבער בערישן האָט עס געשראָקן, אפשר ווײַל עס איז געקומען צוזאַמען מיט אַזאַ עצבות. קלמן פלעגט ליב האָבן אַרײַנוואַרפן אין זײַנע רייד אַ וויץ, אַ חכמהלע; איצט האָט ער גערעדט מיט געציילטע ווערטער, לרוב נאָר געענטפערט יאָ, אָדער ניין. בעריש האָט געוואָלט אים אויפהײַטערן מיט וויצן, אָבער ער איז נישט געווען קיין גרויסער מאַדים אין די זאַכן. ווען ער איז געווען אין וואַרשע אויף געשעפט־ענינים, האָט ער אײַנגעקויפט אַ גאַנצן פּאַק ביכלעך מיט ייִדישע חכמות, ער האָט אויך געלייענט מיט התמדה די זײַטן מיט הומאָר וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די ייִדישע צײַטונגען פון ערב־שבת. זײַן אַרײַנפלעכטן וויצן אין די רייד איז קיין מאָל נישט אַרויסגעקומען אַזוי נאַטירלעך ווי בײַ קלמנען און האָבן קיין מאָל נישט אַרויסגערופן בײַ קלמנען אַ געלעכטער.

די געשעפטן זענען געגאַנגען גוט. נאָך פאַר זעליקלס קראַנק ווערן, האָט קלמן פאַרהאַנדלט מיטן פריץ ער זאָל העלפן קריגן צושטעל־קאָנטראַקטן פאַר דעם מיליטער. אין די שיבעה־טעג איז בעריש געגאַנגען אין הויף זיך טרעפן מיטן פריץ און קלמן האָט עס שוין איבערגעלאָזט אין בערישעס הענט. דער פריץ האָט פאַרהאַנדלט מיטן מלחמה־מיניסטעריום וועגן אַ קאָנטראַקט צוצושטעלן מעל פאַר דער אַרמיי. דעם טאָג האָט די פּאָסט געבראַכט אַ פּאָזיטיוון בריוו וועגן דעם. פינטשע האָט געוויזן קלמנען דעם בריוו: „כ׳מיין אַז וועגן דעם דאַרפסט דו שרײַבן צום פריץ״. קלמן האָט אַ לויף געטאָן איבער די שורות און צוריקגעגעבן דעם בריוו צו בערישן: „ענטפער וואָס מע דאַרף״.

„אויב עס וועט ווײַטער אַזוי גיין, וועט מען באַלד דאַרפן פאַרגרעסערן די מיל״, איז בעריש געווען ענטוזיאַסטיש.

קלמן האָט נישט רעאַגירט.

„דו האָסט געטאָן ווי אַ חכם וואָס האָסט געקויפט אַזאַ גרויסן פּלאַץ, מע זאָל קאָנען צובויען נאָך און נאָך. דו האָסט עס פאַרגעזען, האַ? ווען האָסט גענומען פּלאַנירן די מיל האָסטו מיר שוין געזאָגט, אַז מיר וועלן איבערשטײַגן די מיליקאָווסקיס״.

„דו ביסט דער מילנער; ווען וועסט זען אַז מע דאַרף צובויען, וועט מען צובויען״.

בעריש האָט דאָ געפונען אַ געלעגנהייט זיך צו חכמהגען: „מיך האָסטו געמאַכט פאַר אַ מילנער, פון דעם מעלשטויב ווער איך גרוי יונגערהייט; פאַר זיך האָסטו גענומען אַזעלכע זיסע זאַכן ווי אַ צוקער־פאַבריק, אַ שאָקאָלאַד־פאַבריק און אַזאַ געפעפערטע זאַך ווי אַ ווורשטן־פאַבריק״.

„איך האָב דיך געמאַכט פאַר אַ מילנער? איך האָב גאָר געוואָלט דו זאָלסט זײַן אַ רב״.

„דאָס רבנות האָב איך געמוזט לאָזן פאַר אײַזיקן, ער טויג נישט צו עפּעס אַנדערש, ער איז אַ געבוירענער רב ווי דער שווער איז אַ געבוירע־נער גלעזער״.

מתות האָט זיך מער נישט פאַרנומען מיט גלעזערײַ, נאָר בעריש האָט געהאָפט אַז קלמן וועט זיך אָננעמען דעם שווערס כבוד און זאָגן,

אַז ער איז אַ געבוירירענער שילגבאי. קלמן האָט אָבער געשוויגן און בעריש האָט זיך דערמאָנט אַ וויץ וועגן אַ גלעזער.

„אַ גלעזער האָט געהאַט אַ טענה צום שטאָט־משוגענעם: ,ערגעץ אַנדערש — אַ שטאָט־משוגענער האַקט אויס די שויבן, האָט דער גלעזער פּרנסה. דו אָבער דרייסט זיך אַרום מיט פאַרלייגטע הענט, און איך בין אַן אַ שטיקל ארבעט׳.

דער משוגענער איז פאַרשוווּנדן. עס האָט גענומען נישט לאַנג און דעם גלעזערס ווייַב איז געקומען צו לויפן זאָגן דעם מאַן, אַז דער משו־געגער האָט ביי זיי אויסגעהאַקט אַלע שויבן.

דער גלעזער איז געלאָפן אַהיים און געטראָפן דעם משוגענעם אויפן וועג. ,איך זאָג דיר אַז כ׳דאַרף פּרנסה, נעמסטו און האַקסט אויס די שויבן ביי מיר אין הויז?׳

,כ׳האָב עס געטאָן מיט שׂכל׳, האָט דער משוגענער אים געענטפערט, ,איך האָב געוואָלט זיין זיכער, אַז מ׳עט רופן דיך אַריינצושטעלן די שויבן און נישט דיין קאָנקורענט׳.

בעריש האָט געלאַכט פון זיין וויץ, אָבער קלמן האָט געשוויגן. „פאַר־ראָן סוחרים וואָס נוצן אַזאַ שׂכל אין מיסחר״, האָט בעריש צוגעגעבן, נאָר כּדי עפּעס צו זאָגן.

„כ׳קען אַזעלכע וואָס נוצן אַזאַ שׂכל אין לעבן״, האָט קלמן געענט־פערט.

בעריש האָט זיך אָנגענומען מיט מוט: „קלמן, איך האָב שוין לאַנג געוואָלט רעדן מיט דיר. דו קענסט דאָך דעם פּסוק ,וסייג לחכמה שתיקה׳, שווייַגן איז אַ צוים צו חכמה. איך האָב דאָס אַלע מאָל געטייַטשט אַז שווייַגן איז די צוים, די גרענעץ ווו חכמה ענדיקט זיך. מיר זענען זיך נאָענט, איך פלעג זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ פאַר דיר, און דו פאַר מיר. וואָס שייך האָבן אָפענע הערצער איינער פאַר דעם אַנדערן ביסטו מיר נענטער ווי מייַן לייַבלעכער ברודער. מענטשן זאָגן, אַז דער וועג צו אַ מאַנס האַרץ איז דורכן מאָגן. כ׳ווייס נישט וויפל אמת עס איז פאַראַן אין דעם, אָבער איך בין זיכער אַז דער וועג צו אַ פרייַנדס האַרץ איז דורכן מויל, כ׳מיין דורך דער צונג״.

„וואָס ווילסטו זאָל איך זאָגן?״

„קלמן, מאַך זיך נישט תמעוואטע, דו ווייסט וואָס עס מיינט זיין

אָפּן־האַרציק מיט אַ פריַינד, ,דאגה בלב איש ישיחנה', אַז עס דריקט עפּעס אין האַרץ, דאַרף מען זיך אַראָפּרעדן פאַר אַ נאָענטן".

„דו ווילסט איך זאָל זיַין מיט דיר אין גאַנצן אָפּן־האַרציק? איך בין נישט זיכער אַז דו וועסט נאָך דעם בליַיבן מיַין פריַינד".

„אַן אמתער פריַינד האָט ליב ווי אַ טאַטע זיַין קינד. אַ טאַטע האָט ליב זיַין קינד אַפילו ווען עס ווערט אַ גנב אָדער גזלן".

„איך בין ביידע".

„עס איז פאָרגעקומען אין דיר אַ גאַנצע רעוואָלוציע. דו האָסט נישט געגלייבט אין גאָרנישט און ביסט געוואָרן אַ בעל־תשובה, ווי קאָנסטו שוויַיגן וועגן דעם?"

„כ'בין נישט געוואָרן קיין בעל־תשובה, בעריש. ווי האָט גאָט געזאָגט צו רבקהן: ,שני גויים בבטנך', איך טראָג אויך אין מיר אַ יעקב און אַן עשׂו און עס גייט אַן אַ שטענדיקער ,ויתרוצצו' צווישן זיי. איך ווייס קיין מאָל נישט ווען דער עשׂו וועט קריגן די אייבערהאַנט".

„קלמן, ס'איז ביַי יעדן מענטש אַזוי. דער יצר־הרע איז שטאַרק, אָבער דער יצר־הרע איז נישט אין גאַנצן נעגאַטיוו. דו געדענקסט פון חומש, ווען גאָט האָט אַ קוק געטאָן אויף זיַין באַשאַף, ,וירא כּי טוב', האָט ער געזען אַז עס איז גוט; זאָגן די חכמים, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן יצר־הרע. אָן אַ יצר־הרע וואָלט מען נישט געהאָרעוועט צו פאַרזייען פעלדער, אָן אַ יצר־הרע וואָלטן נישט געבוירן געוואָרן קיין קינדער און די וועלט וואָלט קיין קיום נישט געהאַט. דיַינע אַמביציעס האָבן דיך געשטויסן אָנצוזאַמלען עשירות, דו רופסט עס בויען אַן אימפּעריע. אָבער מיט דיַין געלט טוסט דו לויטער גוטס".

„נישט אַלע מאָל, בעריש. דו מיינסט איך בין געוואָרן אַ בעל־תשובה? איך וויל גלייבן אין אַ ,יענע וועלט', אין אַ נשמה וואָס בליַיבט לעבן נאָכן טויט, וויַיל ס'איז מיר שלעכט אָן דעם. איך זאָג קדיש וויַיל איך וויל האָבן די אילוזיע אַז איך טו עפּעס פאַר זעליקלען. איך האָב היַינט אין דער פרי ביַים אָנטאָן די תּפילין געזאָגט דעם פּסוק ,וארשׂתיך לי לעולם', און איך האָב זיך פאַרבונדן מיט דיר אויף אייביק, און איך האָב זיך פאַרבונדן מיט דיר מיט חסד און רחמים. חסד? אַפילו קיין גערעכטיקייט איז נישטאָ. רחמים? נישט צו מיר און נישט צו מיַין קינד! עס האָט אויפגעפלאַמט אין מיר אַ חשק אַ שליַידער צו טאָן די

תּפילין פון זיך און אויסשרײַען: ניין, נישט קיין רחמים, נאָר אַכזריות, לית דין ולית דיין! בעריש, איך בין אַ נוקם־ונוטר און אַ להכעיסניק. אויב איך וואָלט טאַקע געגלייבט, וואָלט איך עס זיכער געטאָן".

„אַז דו בונטעווועסט זיך, איז אַ סימן אַז דו גלייבסט. יעדער האָט מינוטן פון סקעפּטיציזם און פון בונט. אַז דו קלערסט אַרײַן אין דעם ענין, איז אַ סימן אַז עס גייט דיך אָן און דאָס איז אַ העכערע מדרגה ווי נאָכגיין מיט פאַרמאַכטע אויגן. מע דערציילט אַז אַ חסיד האָט זיך אַ מאָל געקלאָגט פאַר דעם קאָצקער רבי אַז ער פאַלט אָפּט אַרײַן אין זינדיקע מחשבות.

‚דהײַנו'? האָט דער רבי געפרעגט.

‚כ'האָב עס מורא אַרויסצוברענגען פאַרן מויל. ווי איז מיר, אַפילו דער גיהנום וועט עס נישט אָפּווישן".

‚וואָס איז עס'?"

‚ווינד איז מיר, עס כאַפּן מיך טייל מאָל אָן ספקות אַז...'

‚אַז וואָס?'

‚אַז לית דין ולית דיין, חלילה'.

‚און אַז לית דין ולית דיין, וואָס אַרט עס דיך?'

‚וואָס עס אַרט מיך? אויב אַזוי, וואָס פאַר אַ תּכלית האָט דער גאַנצער באַשאַף?'

‚טאָ וואָס אַרט עס דיך?'

‚אויב אַזוי, וואָס פאַר אַ זין האָט די גאַנצע תּורה?'

‚און וואָס אַרט עס דיך?'

‚ווי און ווינד איז מיר, אָן דער תּורה וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס גאַנצע לעבן?'

‚אַז אַלץ דאָס אַרט דיך, ביסטו אַ כּשרער ייִד און אַ כּשרער ייִד מעג אַרײַנקלערן, מוז אַרײַנקלערן', האָט דער רבי אים באַרויִקט".

קלמן האָט געדולדיק אויסגעהערט, אַרײַנגעטראַכט פאַר אַ ווײַלע און געזאָגט מיט אַ טרויעריק קול: „דו רעדסט וועגן אַ פילאָסאָפישן סקעפּטיציזם, איך בין נישט קיין פילאָסאָף. זאָלן די כּשרע ייִדן זיך זאָרגן וועגן דער תּורה, וועגן דער וועלט, וועגן זין פון לעבן. איך וויל נאָר וויסן דעם זין פון טויט, פון זעליקלס טויט. איך בין אַ צעווייטיק־טער, פאַרביטערטער מענטש".

„וואָס מיינסטו האָב איך געפילט ווען דער טאַטעשי, זכרונו לברכה, איז פּלוצלינג געשטאָרבן? אָבער אַזוי איז דאָס לעבן. די וואָס בלײַבן...״

„בעריש, מײַן פרײַנד, דו ביסט אויפגעוואַקסן אין אַ הויז פול ליבשאַפט; איך בין פון די פריִע קינדער־יאָרן אָן געווען באַעוולט און פאַרביטערט. לויט דער גמרא שטראָפט מען פאַר זינד ערשט נאָך דעם עלטער פון צוואַנציק, איך בין געשטראָפט געוואָרן פון גאָט ווען איך בין נאָך געווען אַן אומשולדיק קינד, און פון דעמאָלט אָן כסדר און אָן אויפהער געשטראָפט געוואָרן פון מענטשן. די עוולות האָבן זיך אָנגעזאַמלט ווי אייטער אין מײַן גוף. דו ווייסט, אַ רויע ווונד אַז מע רירט נאָר אָן, פלאַמען אויף יסורים. איך האָב צוריקגעשלאָגן און זיך נוקם געווען, ביטער נוקם געווען. אויב דו וואָלטסט געוווּסט נאָר אַ העלפט פון מײַנע מיאוסע שטיק, וואָלטסטו נישט געוואָלט שטיין אין מײַנע דלת־אַמות״.

„כ׳קאָן נישט סובל זײַן ווען דו רעדסט אַזוי וועגן זיך. אויב דו האָסט אַ מאָל געטאָן שלעכטס, האָסטו עס שוין לאַנג אָפּגעווישט מיט גוטס״.

„מיט דיר האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע פאַר גוטע יאָר. אַ הײַטל האָט זיך שוין גענומען פאַרציִען איבער מײַנע אָפענע ווונדן און איך האָב אויפגעהערט זיך שרעקן אַז דער עשׂו אין מיר וועט ווידער אַרויסשפּרינגען צו דער אייבערפלאַך. זעליקלס טויט האָט צוריק אויפגעריסן אַלע אַלטע ווונדן. עס בושעוועט אין מיר אַ כעס און אַ ברוגז, עס סיטשעט דער שלאַנג אין מיר. איך שלעפּ אים אין שיל אַרײַן, איך בינד אים מיט די רצועות פון די תפילין, ווי לאַנג וועט עס העלפן? איך האָב מער נישט קיין הנאה פון מײַן עשירות און די געשעפטן גייען מיך אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. איך וואָלט אונטערגעצונדן אַלע מײַנע פאַבריקן אויב די וועלט וואָלט פאַרברענט געוואָרן מיט זיי. דערווײַל ברענט נאָר דער ווייטיק דאָ אינעווייניק. איך האָב געבויט פאַר מײַן זעליקל, איצט זענען אַלע מײַנע נצחונות נאָר זאַלץ אויף מײַנע ווונדן״.

„קלמן, וואָס טוסטו צו זיך? דו ביסט נישט דער איינציקער וואָס האָט פאַרלוירן אַ קינד״.

קלמן האָט נישט באַלד געענטפערט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פאַרמאַכט די אויגן. נאָך אַ ווײַלע שווײַגן האָט ער געזאָגט,

די אויגן נאָך אַלץ געשלאָסן: „איך בין אפשר דער איינציקער וואָס האָט פאַרדינט די שטראָף".

„קלמן, דײַן פּײַניקן זיך איז אַ קרענק. כ'זאָג עס דיר אָפן ווײַל כ'ווייס אַז דו האָסט דעם כּוח עס זיך אַרויסצושלאָגן פון קאָפּ. איין מינוט פילסטו אַז עס איז דיר געשען אַ שרעקלעכע עוולה, אין דער אַנדערער זאָגסטו אַז דו האָסט פאַרדינט די שטראָף. אויב דו האָסט טאַקע געטאָן שלעכטס, האָסטו שוין אָפּגעצאָלט מיט גוטס כּפל־כּפלים".

„דו ווייסט נישט, בעריש, און איך רעד נישט וועגן איין מאָל, וועגן איין זאַך. איין מאָל האָט דײַן טאַטע געזאָגט: „אַ ייִד וועט נישט טאָן אַזאַ זאַך", אָבער דאָס האָט געטאָן אַ ייִד, דער ייִד וואָס איז הײַנט זײַן זונס שוואָגער. דו געדענקסט צירעלעס חתונה?"

„דו מיינסט צירעלע רויטבלאַט? דו האָסט עס געטאָן, יאָ? אוי, ביסטו געווען אַ מזיק!"

„עס אַרט דיך נישט?"

„איך בין דעמאָלט קוים געווען בר־מיצווה, אָבער איך האָב געוואָלט זען צירעלען אונטער דער חופּה. כ'ווייס? אפשר איז עס געווען מײַן ערשטער אינטערעס אין מיידלעך. עס פּאַסט נישט פאַר אַ בר־מיצווה־בחור צו טאָן אַזאַ זאַך, האָב איך זיך אַרײַנגעשלײַכט אין דער פינצטע־רער ווײַבערשיל, כ'זאָל קאָנען אַרויסקוקן און זען די חופּה אויפן שיל־הויף. די חופּה האָב איך נישט געזען, אָבער איך האָב דיך געזען שלעפּן אַ זאַק און ווען די זאַך איז געשען, האָב איך דיך חושד געווען".

„און האָסט קיינעם נישט געזאָגט?"

„דעם טאַטעשי".

„וואָס האָט ער געזאָגט?"

„כ'זאָל קיינעם נישט אויסזאָגן".

„דער רב האָט געוווּסט? דײַן טאַטע איז געווען אַ צדיק, הער וואָס איך זאָג דיר: אויב עס איז געווען אַ צדיק אויף דער וועלט, איז עס געווען דײַן טאַטע".

„פאַר וואָס האָסטו עס געטאָן?"

„ס'איז אַ גאַנצע געשיכטע צו דערציילן".

# LIX

מע האָט זיך געיאָגט נאָך אים, ער האָט געוואָלט שרייַען און נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין קול. דאָס געשריי האָט געשטיקט אין האַלדז און... און ער האָט זיך איבערגעוועקט. עס האָט גענומען אַ מינוט ביז ער האָט זיך געכאַפּט אַז ער איז אין זייַן בעט אין זייַן אייגן הויז, אַז דער גערויש איז נישט אַ ברומען פון אַ ווילדער חיה, ס'איז גאָר אַ שנאָרכן, זייַן קיילע איז פאַרזונקען אין שלאָף, דער טיפער שלאָף פון די אומשולדיקע און גערעכטע.

קלמן האָט אַ קוק געטאָן אויף זייַן האַנטגעלענק, די פאָספאָרירטע ווייַזערס פון זייַן זייגערל האָבן געוויזן אַז עס איז שוין דריי בייַ נאַכט. ער האָט געשלאָסן די אויגן און פּראָבירט צוריק אייַנשלאָפן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אָוועקרייַסן זייַנע געדאַנקען פון דעם חלום. ער איז שוין געווען אין גאַנצן וואַך, אָבער די קאָשמאַרן האָבן נאָך גע־האַנגען איבער אים. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון בעט און שטיל זיך אַרויסגעשאַרט פון דער שלאָפשטוב.

ער האָט אין דער פינצטער געפונען זייַן באַליבטן שטול און אַן רעש אַרויפגעהויבן זיך און זיך אַוועקגעזעצט. אפשר גאָר זיך אַרייַנ־כאַפּן אין קיך? ער האָט בייַם נאַכטעסן כמעט גאָרנישט געגעסן. ניין, ניין, ער איז נישט הונגעריק און אַז ער וועט אָנצינדן אַ ליכט, וועט קיילע זיך איבערוועקן. זי וועט אָנהייבן פרעגן פאַר וואָס ער שלאָפט נישט, זי וועט זיך אָנהייבן פאַרען אַרום אים, און זי דאַרף איצט איר רו און איר שלאָף.

אוי, וואָס עס האָט זיך אים אַלץ אָנגעחלומט אין די פאָר שעה. נאָר בייַם סוף האָט עס זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָשמאַר, פּריִער... באַלד, באַלד, האָט זיך אים געחלומט וועגן צירלען? וואָס עפּעס פּלוצלינג וועגן צירלען, שוין אַזוי פיל יאָרן...

אַהאַ, ער האָט הייַנט גערעדט וועגן צירלען מיט בערישן, עס מוז זייַן אמת אַז וואָס מע טראַכט בייַ טאָג חלומט מען בייַ נאַכט.

צירל איז געווען זייַן ערשטע ליבע. זייַן ערשטע? עס איז דען געווען אַ צווייטע? ברייַנדל איז געווען נאָר אַ משוגעת. יאָ, ער האָט ליב

קיילען, אָבער דאָס איז אַן אַנדער מין ליבע. קינדעריש־נאַיִוו, אָבער אַמתדיק פאַרליבט איז ער געווען נאָר אין צירלען.

ער איז געווען נישט מער ווי אַ יאָר צוועלף ווען צירל האָט זיך אָנגעשטויסן אין אים אין גאַס און געפאַלן איבער אים. איז עס געווען אַ צופאַל אָדער איינס פון זײַנע שפּיצלעך?

ניין, מיט צירלען איז עס נישט געווען קיין שפּיצל. זי פלעגט זײַן אַ גלאָצערין, אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט און נישט געזען וואָס עס טוט זיך אַרום איר. איין מאָל איז זי אַרײַנגעגאַנגען אין אים און געפאַלן אויף אים.

„אוי, בין איך אַ קלאָץ!" איז זי געווען אין כּעס אויף זיך. זי האָט נאָר מורא געהאַט, צי זי האָט אים נישט אַ קלאַפּ געטאָן. זי האָט אים געהאָלפן זיך אויפזעצן און אים באַגלייט ביז אַהיים.

פון דערמאָלט אָן, האָט ער זי געגריסט ווען ער האָט זי באַגעגנט אין גאַס און זי האָט צוריקגעגריסט. יאָ, עס האָט אויך געטראָפן, אַז זי האָט אים געזען נאָך איידער ער האָט זי דערזען און זי האָט די ערשטע אים אָקעגן געטראָגן דעם גוטמאָרגן. ווען זי איז אַרײַנגעקומען אין געוועלב עפּעס קויפן, האָט קלמן געפילט, אַז זי האָט אויסגעקליבן דאָס געוועלב צוליב אים.

ער געדענקט דעם קאָליר פון יעדן קליידל אָדער בלוזקעלע וואָס זי האָט געטראָגן ביז זי איז אַוועק פון דאָמברוווקע. ער איז נאָך דעמאָלט געווען פרום און יעדן טאָג מתפּלל געווען, זי זאָל זיך באַווײַזן אין גאָס אין דעם קליידל וואָס ער האָט צום מערסטן ליב געהאַט. ווען נאָר ער האָט געקוקט אויף דעם זיידנס גרויסע אָפּשטייענדיקע אויערן, האָט ער זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון פאַרגלײַכן זיי מיט צירלס קליינע, פײַן געשניצטע אויערעלעך, ווי זיי האָבן אַרויסגעוווּנקען צו אים פון צווישן אירע ברוינע, זײַדענע האָר. ווען ער וועט זײַן רײַך — ער וועט זיכער זײַן רײַך — וועט ער אָנהענגען ברילִיאַנטענע אוירינגלעך אויף אירע שיינע אויערן, און אויף איר דינעם, הויכן, איידעלען האַלדז וועט ער, מיט זײַנע אייגענע הענט, אָנהענגען אַ קייטעלע מיט אַ מעדאַ־ליאָניק. זי וועט אים שפּעטער ווײַזן, אַז אינווייניק אין דעם מעדאַליאָניק טראָגט זי זײַן פאָטאָגראַפיע.

ניין, נישט קיין קייטעלע, נאָר אַ שנירל פּערל; מע קאָן אָנהענגען

אַ מעדאַליאָניק אויך אויף אַ שנירל פּערל. די מאַטע פּערל וועלן בעסער פּאַסן צו איר מאַטער־פּערלדיקער הויט.

טאַקע דעמאַלט, ווען עס איז אים אײַנגעפאַלן וועגן זײַנס אַ פּאָ־טאָגראַפיע אין צירלס מעדאַליאָניק, האָט ער אָנגעהויבן זיך פאָטאָגראַ־פירן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. ער האָט גענומען פאָטאָגראַפיעס נאָר ביז צו דער ברוסט און עס איז אַרויסגעקומען אַ יונג, נאָר אַ ברכה צו מאַכן. ברייטע פּלייצעס, אַ הויכער שטערן, טונקעלע, קלוגע אויגן. דעמאָלט האָט ער געלאָזט מאַכן די פאָטאָגראַפיעס נאָר פאַר זיך אַליין, ער האָט הנאה געהאַט צו קוקן אויף זיי.

צירל האָט געהאַט אַ בלוי בלוזקעלע, דאָס קעלנערל אויסגעלייגט אַרום איר האַלדז. דאָס בלויע קעלנערל האָט געמאַכט אירע אויגן נאָך בלויער און איר צוגעגעבן אַזוי פיל חן. אוי, האָט ער ליב געהאַט דאָס בלויע בלוזקעלע אויף צירלען; ער האָט געחלומט זי צו טרעפן אין גאַס און זיך געווונטשן, זי זאָל טראָגן דאָס בלוזקעלע וואָס ער האָט ליב. ער האָט אַפילו געבעטן, זי זאָל נישט וואַקסן צו שנעל און נישט אויס־וואַקסן דאָס בלויע בלוזקעלע.

אָבער ווען דאָס דאַרע מיידעלע צירל האָט גענומען וואַקסן און רײַף ווערן, איז געווען אויף וואָס צו קוקן. זי איז נישט געוואָרן צו דיק, איר גוף האָט זיך באַדעקט מיט אַן איידעלער פולקייט. אוי, וויפל מאָל ער האָט פון אַ באַהעלטעניש נאָכגעקוקט ווי רייצנדיק אירע היפטן באַוועגן זיך בײַם גיין. און אירע פיס... פיס, ווען זיי זענען נישט פאַר־שאָלטן ווי בײַ אַ קאַליקע, ספּעציעל מיידלשע פיס, קאָנען זײַן אַזוי וווּנדערלעך געפאָרעמט, אַז עס פאַרכאַפּט דער אָטעם פון בלויזן קוקן אויף זיי. דער אייבערשטער האָט בײַ אים צוגענומען דעם כּוח פון די פיס, איז ער אים שולדיק אַ פּאָר געזונטע, שיינע — אויסערגעוויינלעך שיינע פיס. ער איז דאָך געווען אַן אומשולדיק קינד ווען ער איז קראַנק געוואָרן; אויב עס איז פאַראַן גערעכטיקייט, וועט ער קריגן אַ כּלה, וואָס אירע פיס זאָלן זײַן אַזוי שיין, אַזוי וווּנדערלעך, אַזוי — אַזוי ווי צירלס!
איז צירל קלוג?

ער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט וויסן צי צירל איז קלוג, ווײַל ער האָט זעלטן אויסגערעדט צו איר אַ וואָרט. ווען ער האָט זיך אַ פרעג געטאָן צי צירל איז קלוג, האָט ער באַלד געפונען אַן ענטפער, אַז אַ

מיידל דאַרף נישט זײַן קלוג, ספּעציעל זײַן מיידל — ער האָט שוין שׂכל פאַר ביידן. ער האָט זיך געגריסט מיט צירלען, זיי האָבן געשמייכלט, אויך זי האָט געשמייכלט ווען זיי האָבן זיך געגריסט. אָבער ער האָט נישט געקאָנט צוזאַמעננעמען גענוג כּוח זי אָפּצושטעלן אין גאַס און רעדן צו איר. האָט ער מורא געהאַט צו ריזיקירן, טאָמער וועט זי נישט וועלן רעדן צו אים, און דער חלום „צירל" וועט פּלאַצן ווי אַ זייפנבלאָז?



דעמאָלט ווען דער זיידע האָט געזען בײַ אים דעם ערוך, וואָס ער האָט געקויפט מיט געגנבהט געלט, האָט ער נישט געפרעגט פון וואַנען ער האָט גענומען דאָס ספר, אָבער ווען דער פּאָסטטרעגער האָט גענומען ברענגען ביכער פּעקל נאָך פּעקל... דער זיידע האָט געזען, אַז ער איז טאָג און נאַכט פאַרטאָן אין די ביכער, אין פּויליש, דײַטש און נאָך עפּעס אַ לשון, האָט ער שוין יאָ געפרעגט: „פון וואַנען נעמסטו דאָס אַלץ?"

„אַ קאַליקע גיט מען בחינם", האָט ער בכּיוון געזאָגט אַזאַ תּירוץ, וואָס דער זיידע וועט נישט גלייבן. טאַקע דעמאָלט האָט דער זיידע גענומען האַלטן זײַן געלט אונטער אַ שלאָס.

געקויפט האָט ער בעיקר פּאַכמענישע ביכער וועגן מעכאַניק, עלעקטרע און ענלעכע. אַ צײַטפאַרטרײַב איז פאַר אים געווען דאָס לייענען ביליקע ראָמאַנען וועגן פײַערדיקע ליבעס, ווו די העלדן זענען געווען ריטערס, רײַטערס אויף פלינקע פערדלעך. אַלע האָבן זיי געפירט גע־פעכטן און דועלן און געקעמפט פאַר זייערע ליבעס. אויב ער, קלמן, וואָלט געווען אַזאַ ריטער, וואָלט ער אַלע מאָל אַרויס דער געווינער. ער האָט שנעלע, געשיקטע הענט, און אויב זײַנע פיס וואָלטן נישט פאַראַליזשירט געוואָרן, וואָלטן זיי אויך געווען שנעל און געשיקט. אָבער דער אמת איז, אַז ער איז צו קלוג צו דועלירן מיט די הענט; אין אַ דועל מיטן קאָפּ קאָן ער אויך הײַנט אַרויס דער געווינער.



איין מאָל האָט ער דערזען בײַ צירלען אין האַנט אַ בוך פון סטעפאַן זשעראָמסקי. ער האָט באַלד אײַנגעקויפט דעם נײַסטן אַרויסלאָז פון זשעראָמסקיס ווערק, און וועלכן עס איז אויך געווען זײַן נײַער ראָמאַן ערב פּרילינג, וואָס איז נישט געווען אין די פריִערדיקע אַרויסלאָזן. ער

האָט געלייענט מיט הנאה און געזען, אַז אַ גוטער ראָמאַן קאָן פאַרווײַלן נישט ערגער ווי אַ ריטער־ראָמאַן. איצט אַז ער וועט טרעפן צירלען, וועט ער רעדן מיט איר וועגן זשעראָמסקין.

## LX

דער זיידע איז קיין מאָל נישט קראַנק געווען, און גאָר נישט געווען אַזוי אַלט ווי ער האָט אויסגעזען. איין מאָל, האָט ער, ווי זײַן שטייגער איז געווען, זיך געלייגט שלאָפן אין פרײַען אָוונט, און איז מער נישט אויפגעשטאַנען.

אַלע אײַנגעזעסענע דאָמברוווקער זענען נאָכגעגאַנגען די לוויה, אָבער די נײַ צוגעקומענע האָבן אים ווייניק געקענט. צירל איז יאָ נאָכ־געגאַנגען, נישט ביז צום בית־עולם, אָבער אַ שפּאַר שטיקל וועג. ער טראַכט נאָך ביז הײַנט, אַז דאָס האָט זי געטאָן צוליב אים.

דאָס וואָלט געווען אַ גוטע געלעגנהייט צו רעדן מיט איר וועגן זשעראָמסקין, אָבער גיי רעד מיט אַ מיידל וועגן אַ בוך ווען עס איז די לוויה פון דײַן זיידן. אויב ער האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן פון זיידנס פּלוצלינגדיקן טויט, האָט אָבער צירלס גיין אויף דער לוויה פאַרגיטיקט פאַר אַלעם.

האָט ער זיך גענומען פאַרגרעסערן די קראָם, ווײַל ער האָט געוואָלט שנעל רײַך ווערן; אָדער ווײַל ער האָט געוואָלט צירל זאָל קומען קויפן בײַ אים? צירל איז איין מאָל געקומען צו אים קויפן קנעפּ. אַנשטאָט רעדן מיט איר וועגן זשעראָמסקין, האָט ער גענומען שפּרינגען, ווי אַ מאַלפּע, פון פּאָליצע צו פּאָליצע און אַרויסלייגן קנעפּ וויפל ער האָט נאָר געהאַט. ער האָט געוויזן אַזוי פיל, אַז עס איז איר שווער געווען אויסצוקלייבן; דערווײַל זענען אַרײַנגעקומען נאָך קונים. אויב ער וואָלט כאָטש געהאַט שׂכל אָנצוקלייגן אויפן טיש זשעראָמסקיס ערב פרילינג... ער האָט שוין געוווּסט, אַז זיי האָבן נאָך נישט דאָס בוך אין דער שטאָ־טישער ביבליאָטעק. צירל איז אַוועק אָן אַ שמועס, אָן אַ בוך און אפילו אָן קנעפּ.

אפשר שיקן איר דאָס בוך מיט אַ בריוול? דאָס איז דער לײַכטסטער אויסוועג.

צו לײַכט! ער וועט מוזן געפינען כּוח צו רעדן צו איר. און אויב ער וועט נישט קאָנען?

אויב ער וועט נישט קאָנען, וועט ער נישט ווערט זײַן צו רעדן צו איר. אַ שלאַק אין זײַן אייגן געביין אויב ער וועט נישט קאָנען צוזאַמענגעמען גענוג מוט עס צו טאָן!

ער איז אַרויס אין גאַס און גענומען מיט זיך דאָס בוך; ער האָט געהאָפט, ער וועט זי טרעפן אין גאַס. דערווײַל האָט גענומען רעגענען. ווען ער איז אַרויס, האָט נאָך געשײַנט די זון און פּלוצלינג אַ כליאַפּ. אַ גאַס רעגן האָט אַדורכגעווייקט זײַנע מלבושים און זשעראַמסקיס ערב פּרילינג. עס האָט אים נישט געאַרט וואָס ער האָט זיך דעמאָלט פאַרקילט, זאָל ער קרענקען ביז אַל די כאָליערעס, זאָל ער פּגרן! אָבער אַ בוך פאַרפלעקט פון רעגן קאָן ער נישט שיקן צירלען.

ער האָט אויסגעשריבן אַ נײַעם ערב פּרילינג פון וואַרשע, עס האָט גענומען אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך ביז דאָס בוך איז אָנגעקומען. ווען דער פּאָסטטרעגער האָט געבראַכט דאָס בוך, איז צירלס מאַמע גראָד געווען אין געוועלב; עס איז אים אײַנגעפאַלן צו שיקן דאָס בוך צו צירלען דורך איר מאַמען. ער האָט געוואָלט פאַרקניפּן אַ פרײַנדלעכן שמועס און געזאָגט מיט אַ געלעכטערל: „זי קויפן הײַנט ווי אויף אַ חתונה".

„ווי אויף אַ תּנאָים", האָט די נאַרישע יידענע געענטפערט, „מײַן צירעלע ווערט מיט מזל אַ כּלה".

„צירל? ס'קאָן נישט זײַן. זי איז דאָך נאָך כּמעט אַ קינד", האָט ער גענומען טענהן ווי ער וואָלט נאָך געקאָנט עפּעס בײַטן.

„זי זאָל מיר געזונט זײַן, זי ווערט שוין קינעהאָרע אַכצן, דעם צווייטן טאָג ראָש־השנה. שוין נישט אַזוי יונג".

צו ערשט האָט ער געזאָגט, אַז צירל איז נאָך כּמעט אַ קינד; נאָך דעם ווי די מאַמע איז אַרויס, האָט ער איר נאָכגעקרומט „צירעלע", ווי זי וואָלט נאָך געווען אַ פּיצל קינד. דעם נאָמען פון אַ כּלה־מויד פאַרציט מען נישט און מע פאַרזיסט נישט ווי דעם נאָמען פון אַ זײַגקינד, ווען מע שטופּט עס דעם נאָפּל אין פּיסקעלע אַרײַן.

ער האָט שפּעטער געהערט, אַז דער חתן איז צירלס אַ געשעוויסטער־

קינד, אַז זינט זיי זענען געווען קליינע קינדער האָט מען זיי אין דער משפּחה גערופן חתן־כּלה.

אויב אַזוי, פאַר וואָס האָט זי אים פאַרדרייט אַ קאָפּ? דאָס פאַלשע שמייכעלע — זיס ווי סאַכאַרין, דאָס קאָקעטירן מיט זשעראָמסקיס אַ בוך, דאָס... צירעלע, מירעלע, שמירעלע, כ'האָב דיך ליב ווי אַ גע־שווירעלע אויפן תּחתּירעלע!

✶

צירלס חתונה איז פאָרגעקומען ערשט אַ יאָר שפּעטער. פריילעכע מוזיק האָט אַרויסגעשאַלט פון די אָפענע פענצטער און זיך צעטראָגן איבער אַלע גאַסן. פּלוצלינג איז דורכן פענצטער אַרײַנגעפלויגן אַ קישן. דאָס קישן איז געפאַלן אויף דער ערד, אָבער ער האָט זיך געוואָרפן ווי עס וואָלט געווען לעבעדיק. „אַ נישט־גוטער!" האָט אַ ייִדענע אַ געשריי געטאָן און אַוועקגעפאַלן אין חלשות. אַ געשריי, אַ געיאָמער — דאָס קישן איז אונטערגעשפּרונגען. דער שמש האָט צעשפּרייט דעם חתנס נײַעם טלית און עס אַרויפגעוואָרפן אויפן קישן, דאָס קישן האָט אונטערגעשפּרונגען און אַרויס פון אונטערן טלית.

דער „נישט־גוטער" האָט דערווײַל פון אינווייניק צעריסן דאָס ציכל. עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ משונהדיק באַשעפעניש, וואָס קיינער האָט נאָך אַזוינס נישט געזען, עס האָט גענומען לויפן איבער די שטובן און געקוויטשעט ווי אַ ווילדע קאַץ.

אַ דרייסטער יונגער־מאַן האָט געכאַפּט דאָס באַשעפעניש און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געווען אַ קאַץ אויסגעשמירט מיט סמאָלע. אַז די פעדערן האָבן זיך צוגעקלעפּט צו דער סמאָלע, האָט עס טאַקע אויסגעזען ווי אַ שד.

„ווער האָט געקאָנט טאָן אַזאַ זאַך?" האָט דער רב געפרעגט און אַליין זיך געענטפערט: „אַ ייִד וועט נישט האָבן קיין יאָנדעס אָפּצוטאָן אַזאַ מעשה־נבלה". אָבער אויפן ציכל פון קישן זענען מיט סמאָלע געווען אויפגעשמירט ייִדישע אותיות, עס האָט זיך געלייענט: דרשה־געשאַנק".

✶

## LXI

דער פּריץ איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פערד און צעבראָכן אַ דיך; מע האָט אים אַוועקגעפירט קיין וואַרשע ווו ער איז געלעגן אין גיפּס. זײַן טאָכטער, מאַריאַ, איז געבליבן אין דאָמבראָווקע צו האַלטן אַן אויג אויף די געשעפטן. בעריש, וואָס איז איצט אָפט געקומען אין הויף, האָט דערציילט קלמנען אַז זי איז כיטרע ווי איר טאַטע. ווען נאָר ער דאַרף זי זען, טרעפט ער זי אויף אַ פערד, מיט אַ שפּיצרוט אין האַנט. „זי..."

„בעריש, פאַרליב זיך נאָר נישט אין דער שיקסע", האָט קלמן אים געוואָרנט מיט אַ דראָענדיקן פינגער".

„נאָר אַ האַלבע שיקסע, איר מאַמע איז געבוירן געוואָרן אַ ייִדישע טאָכטער. זי איז אַ מויד אַ ברען..."

„דו האָסט אויך זינדיקע מחשבות וועגן ווײַבער?"

„איך בין אַ בשׂר־ודם ווי דו, ווי יעדער".

„זי איז ווערט אַן עברה?"

בערישן איז נישט ניחא געווען צו רעדן וועגן פרויען מיט ווויל־יינגערישער ציניִשקייט, אָבער ער איז צופרידן געווען וואָס קלמן רעדט ווידער מיט אַ לײַכט געמיט. ער האָט מיטגעהאַלטן קלמנס טאָן און געענטפערט: „יאָ, זי איז ווערט אַן עברה".

„וואָס עס איז ווערט דאַרף מען אַרײַנכאַפּן, אַזוי פירט זיך אַ גע־ניטער סוחר".

„אויף דעם געביט בין איך נישט דער סוחר, נאָר דער קאָנסומענט, אַן איבערקלײַבערישער קאָנסומענט. און — דו האָסט מיר געהאָלפן געפינען דאָס סאַמע בעסטע".

„דעם פּריצעס טאָכטער?"

„להבדיל!"

קלמן איז געווען אַנטוישט: „דו האָסט זיך באַלעקט פריִער ווען האָסט גערעדט וועגן דער יונגער פּריצטע".

„אַ מבין בין איך, און טאַקע ווײַל איך בין אַ מבין ווייס איך, אַז איך האָב עפּעס בעסערס".

„און דו וועסט קיין מאָל נישט זוכן זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט עמעצן אַנדערש?"

„איך זאָג דען, אַז איך זוך נישט?" האָט בעריש אָנגעהאַלטן דעם לײַכטן טאָן, „אָבער, ווי זאָגט מען עס: ,אַז עסן חזיר, זאָל רינען איבער דער באָרד'. איך זוך אַ שענערע פון רייזלען און קאָן בשום־אופן נישט געפינען. אַ געלעכטער אין אַ זײַט: דער כּוח פון תּאווה איז גרויס, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל נישט קאָנען פאַרראַטן רייזלען ביז איך וועל נישט פילן, אַז זי מעג טאָן דאָס זעלביקע. אַזוי לאַנג ווי איך וועל נישט קאָנען פאַרטראָגן אַזאַ געדאַנק, וועל איך מוזן גובר זײַן מײַנע תּאוות. דער תּנא הלל האָט געזאָגט: ,וואָס דיר איז נישט ניחא, טו נישט צו דײַן מיטמענטש — דאָס איז דער תּמצית פון דער גאַנצער תּורה. איך גלייב אַז דאָס איז אויך דער יסוד פאַר אַ גליקלעכער משפּחה".

„אוי, בעריש, דו ביסט נאָך אַלץ אַ ישיבה־בחור".

„איז דאָס אַ חרפּה?"

„הלוואַי וואָלט איך עס געקאָנט זײַן".

## LXII

בעריש האָט נאָך געזוכט מיטלען אַרויסצורײַסן קלמנען פון זײַן מרה־שחורה. און פּלוצלינג זיך דערוווּסט אַז ער פאַרהאַנדלט וועגן קויפן אַ כעמישע פאַבריק אין לוויוויטש. „וואָס טויג דיר אַ כעמישע פאַבריק, און פאַר וואָס אין לוויוויטש? מיט פרעמדע הענט איז גוט פײַער צו שאַרן..."

„מיט מײַן אויטאָ קאָן איך אַרײַנפאָרן קיין לוויוויטש אין ווייניקער ווי אַ שעה. און דו — פאַרגראָב זיך נישט אין שטויב פון דער מיל, וועסט מוזן אַרײַנקוקן אין אַלע פאַבריקן. אויב עס זאָל עפּעס געשען צו מיר... איך לייג אַלע מײַנע האָפענונגען אויף דיר".



קלמן האָט צוריק איבערגענומען אין זײַנע הענט די געשעפטן מיטן הויף. דער בעריש איז טאַקע אַ מבין, האָט ער געטראַכט ווען ער האָט

זיך געטראָפֿן מיט דער יונגער פּריצטע. די ערד ברענט אונטער אירע טריט. אויב ער וואָלט געהאַט די אַמאָליקע כּוחות...

ווען ער האָט אַ מאָל, על־פּי צופאַל, געהערט ווי זי רעדט צו איינעם פֿון אירע פֿויערים, איז ער געוועזן איבעררעשט וואָס די „יאַשנאַ וויעלמאַ־זשנאַ פּאַניענקאַ", וואָס איר טאַטע האָט זי געוואָלט פֿאַרשדכנען צום זון פֿון מלוכה־פּרעזידענט, וואַרפֿט אַרײַן ווערטער פֿון וועלכע אַ מאַטראָס וואָלט רויט געוואָרן. מיט אים האָט זי גערעדט אײדל און זיך אויסגע־פּײַנט מיט אַרײַנוואַרפֿן דאָ און דאָרט אַ פֿראַנצייזיש וואָרט.

קלמן האָט איר צוריקגעצאָלט מיט אַרײַנוואַרפֿן גאַנצע זאַצן אין פֿראַנצייזיש און אַפֿילו אַ פּאָר ווערטער אין ענגליש וואָס זי האָט קוים פֿאַרשטאַנען.

„ווען און ווו האָט דער פּאַן דאָס אַלץ געלערנט?" האָט זי זיך געוווּנדערט.

„ווען? אין די נעכט. ווו? אין בעט בײַ אַ חלבן ליכטל. אַלץ פֿון ביכער, דערפֿאַר איז מײַן אַרויסרעדן נישט צו גוט, כאָטש איך האָב זיך צוגעהערט צו אוידיציעס פֿון לאָנדאָן און פּאַריז אויף מײַן קורצכוואַ־ליקן ראַדיאָ". אַ שדל האָט זיך אויפֿגעוועקט אין קלמנען און ער האָט פֿאַרשייט צוגעגעבן: „אָבער כ׳האָב אויך נישט מוותר געווען אויף אַנדע־רע זאַכן וואָס מע טוט אין בעט".

ער האָט מורא געהאַט, אַז עס וועט די דאַמע פֿאַרדריסן וואָס ער רעדט צו איר אָן דרך־ארץ. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים איבער־ראַשט, אָבער אַמוזירט: „כ׳האָב געמיינט..."

„פֿאַרקערט, די וואָיל־געבוירענע פּאַני ווייסט דאָך, אַז אויב עמעץ זעט נאָר אויף איין אויג, האָט דאָס גוטע אויג אַ שטאַרקערע ראיה. די נאַטור האָט אויך מיר קאָמפּענסירט..."

„יאָ, זי איז וווּנדערט אָן עבֿרה, זי איז ווערט, זי איז ווערט!" האָט קלמן געזאָגט צו זיך אַליין ווען ער איז דעם טאָג צוריקגעפֿאָרן פֿון הויף. קיין סאַלאָן־שיינקייט איז זי טאַקע נישט. דעם פּרעזידענטס זון זוכט אַוודאי אַ פֿרוי וואָס גייט מיט קליינע, ווייכע טריטעלעך, איינע וואָס איז לײַכט ווי אַ פֿעדער און דין ווי אַ שטרוי. די יונגע פּריצטע איז נישט קיין טײַבעלע, נישט קיין קעצעלע. אויב זי איז פֿון דער קאַץ־משפּחה, איז זי גיכער אַ טיגערין. די גלידער אויסגעהאַמערט און אַנ־

געלאַדנט מיט כּוח, די אויגן הונגעריקע וואָס זוכן אַ קרבן. אַ דאַמע דאַרף האָבן אַ מילעך־ווײַסע הויט באַדעקט מיט אַ טוי פון אומשולד, אָבער אירע רויטע באַקן, אַז ווערסט אַ שטאָך טאָן מיט אַ שפּילקע וועט דאָס בלוט אַ שפּריץ טאָן ביז צום סופיט. די וואויל־געבוירענע פּאַננע מאַריאַ געהער נישט צו די וואָס גיבן זיך אונטער, נאָר וואָס פרעסן דיך אויף...

ער האָט געוווּסט, אַז דאָס זענען סתם באַטראַכטונגען פון אַ „מבין".
ער האָט געוווּסט, אַז דאָס האָט נישט קיין שום שײַכות צו אים. קלמן איז אַ שטיק משוגענער, אָבער קיין נאַר איז ער נישט. נישט פאַראַן אַזאַ מעגלעכקייט אין דער וועלט ער זאָל זי קאָנען אָנרירן. ער איז אַ קאַליקע, נאָר אַ האַלבער מענטש. מיט וואָס וועט ער זי איבערקויפן, מיט געלט? איר טאַטע געהערט נישט צו די פאַראָרעמטע פּריצים. חוץ פון זײַן ווײַבס גרויסער ירושה־אימעניע, דערלײַגט ער נישט צו זײַנע באַציִונגען מיט מלכות, דער דרייקאָפּ. די מאַריאַ אַליין איז אויך נישט קיין שיפּע־זיבעלע. ער זאָל קאָנען אײַננעמען די פעסטונג איז אַזוי מעגלעך ווי עס איז מעגלעך ער זאָל זיך קאָנען אַוועקשטעלן אין דער פּאָזע פון אַ ריטער אויף צוויי נײַע געזונטע פיס.

פונדעסטוועגן איז ער געפאָרן אין הויף אָפטער ווי ער האָט געדאַרפט און זי איז קיין מאָל נישט געווען צו פיל פאַרנומען אים צו זען. עס האָט אים געצויגן צום הויף ווי צו אַן אָפּגרונט. האָבן די רייד געהאַט אַזאַ אַטראַקציע פאַר אים — די רייד וואָס זענען געוואָרן וואָס אַמאָל מער וואויל־ייִנגעריש?

עס קאָן זײַן, אַז אין זייער פּאַלאַץ אין וואַרשע, צווישן דעם אַדל, מוז זי רעדן איידל און אינטעליגענטיש און אַזוי רעדט מען אויך צו איר. מיט אים האָט זי אַ מעגלעכקייט אויסצולאָדן מיט רייד די יוכע וואָס עס קאָכט אָן איר טעמפּעראַמענט. אַז די תאווה גליט און צאַפּלט אין איר, קאָן זען אַ בלינדער. די מענער באַרימען זיך מיט אַזעלכע זאַכן, איר טאַטע לאָזט עס אויס צו די יונגע שיינע פּויערטעס, אָבער די וואויל־געבוירענע פּאַניענקע נעבעך...

אין רוים האָבן די פּאַטריצישע ווײַבער אָן חרפּה זיך אויסגעטאָן אין די אויגן פון זייערע שקלאַפן, ווײַל אַ שקלאַף איז נישט קיין מענטש. אַ קאַליקע איז אויך נישט קיין מענטש, זיכער נישט מער ווי אַ האַלבער

מענטש. אפשר איז דאָס די סיבה וואָס זי דערלויבט אים נוצן אַ לשון וואָס ער האָט שוין נישט באַנוצט זינט ער האָט אַרויסגעטריבן יענע מאַריאַ, די קראַנקן־שוועסטער.

און אפשר שפּרייט זי אויס אַ נעץ פאַר אים? דער פּריץ וויל זיכער צוריקקויפן די צוקער־פאַבריק וואָס איז געוואָרן אַ שמאַלצגרוב. אפשר וויל זי אים גוט אָנציִען און דערנאָך אויסנאַרן ביַי אים אַן אונטער־שריפט אויף אַ פאַרקויף־פּאַפּיר? זי האָט אים שוין עטלעכע מאָל פאַרגעלייגט אַ טרונק; וויל זי אים אָנשיכּורן?

זי וועט גיכער אַליין ווערן אַ קאַליקע ווי עפּעס קאָנען אויסנאַרן ביַי קלמן קאַליקע.

ער ווייסט, אַז עס ציט אים צו איר ווי אַ שטיין צום אָפּגרונט, און ער גייט ווידער אין הויף. עס איז קיין ספק נישט אַז זי וויל עפּעס פון אים, ער מוז דערגיין וואָס. עס איז אים איַינגעפאַלן אַרויסצורופן דעם בער פון וואַלד. זיכער אַז עס האָט צו טאָן מיט דער צוקער־פאַבריק, האָט ער אין אַ שמועס אַריַינגעוואָרפן אַ פּאָר ענגלישע ווערטער און צוגעגעבן: „ענגליש פלאָנטערט זיך אַריַין אין מיַינע רייד, וויַיל איך מוז עס איצט אַ סך נוצן. כ׳פאַרקויף אַ סך צוקער קיין לאָנדאָן".

„ס׳איז געוואָרן אַ גוט געשעפט, האַ?"

„ס׳איז נישט געוואָרן פון זיך אַליין, און עס איז נישט די זעלביקע פאַבריק וואָס איך האָב געקויפט פון דער פּאַניס פאָטער. אויב די וויל־געבוירענע פּאַני האָט ציַיט, וואָלט כדאי געווען די פּאַני זאָל אַ קוק טאָן ווי די פאַבריק זעט איצט אויס".

„אַזוי אינטערעסאַנט איז עס?"

„ווי וויַיט איז דען די פאַבריק פון הויף? די פּאַני קאָן אַפילו צוריַיטן, לאָמיר זאָגן מאָרגן נאָך מיטאָג, אַרום דריַי..."

„גוט, איך וועל קומען".

„משוגע, מטורף!" האָט קלמן זיך געזידלט אויפן וועג אַהיים. מאָרגן איז שבת. דריַי אַ זייגער וועט שוין קיינער נישט זיַין אין דער פאַבריק. אויב שוין באַוויַיזן זיך מיט זיַינע אויפטוען, פאַר וואָס נישט ווען אַלע מאַשינען אַרבעטן אויף פולער פּאַרע?

קלמן איז דעם שבת נישט געגאַנגען אין שיל. קיילע האָט אים געמוזט דערלאַנגען עסן לאַנג איידער דער בעקער עפנט דעם אויוון

אַרויסצונעמען די טשאַלנטער. ער האָט נישט געקאָנט פאָרן מיט זײַן אויטאָ אום שבת, און קומען אַזאַ מהלך אויף זײַן רעדלשטול איז נישט לײַכט. ער איז אָנגעקומען אין פאַבריק אין צײַט זיך צו קאָנען אַ ביסל אָפּרוען. דער סטרוזש האָט צוריק אָנגעצונדן די ליכט אין די גרויסע פאַבריק־האַלעס און צערוקט די פאָרהאַנגען אין קלמנס קאַנטאָר. קלמן האָט צוריק פאַרצויגן די פאָרהאַנגען און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ איבער זײַן שרײַבטיש. ער האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט וואָס ער וויל איר ווײַזן און וואָס ער וויל איר זאָגן.

זי האָט געמוזט קומען אויף איר פערד, ווײַל זי איז אַרײַנגעקומען אין אירע רײַטהויזן. אַזאַ געזונטע נקבה, זוכט זי בכיוון אים צו רייצן, ער זאָל קריגן די ניכפּה?

„דרויסן איז נאָך ליכטיקער טאָג, פאַר וואָס איז דעם פאָנם פענצ־טער פאָרהאָנגען?" האָט זי זיך געוווּנדערט.

„ס'איז הײַנט דער יִדישער שבת און מײַן שוואָגער איז דער רב; כ'וויל נישט עמעץ זאָל זען אַז כ'בין דאָ".

„פאַר וואָס האָט דער פאָן מיך גערופן אויף הײַנט? עס האָט גע־קאָנט וואַרטן ביז מאָנטיק".

„פאַר וואָס הײַנט? כ'ווייס אַליין נישט. איך וואָלט געקומען אין מיטן נאַכט זען די פאָני".

אַ וויל־געבוירענע פאַניענקע האָט זיך געדאַרפט פילן געטראָפן וואָס דער ייִד האָט די העזה צו פלירטעווען מיט איר, אָבער זי האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „נו, לאָמיר זען וואָס דער פאָן האָט דאָ אויפגעטאָן".

דאָס איז נישט געווען אַ טייל פון דער „סטראַטעגיע" וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר דעם הײַנטיקן וויזיט, אָבער ווען ער האָט זיך אַזוי גערעדלט נעבן איר און די מוסקלירטע רונדיקייטן פון איר געזעס האָבן זיך געצייכנט דורך די אָנגעצויגענע הויזן, האָט זײַן האַנט, ווי פון זיך אַליין, זיך אויפגעהויבן און אַ פעטשל געטאָן איר הינטן.

„דו קורווישער זון!" האָט זי אַ געשריי געטאָן, גאָר נישט ווי אַ וויל־געבוירענע, אויסגעדרייט זיך און גענומען אײַלן צוריק.

„די פאַני מעג זאָגן וועגן מיר וואָס זי וויל", האָט ער געסיטשעט צו איר ווען ער האָט זי אָנגעיאָגט, „אָבער מײַן מאַמע זאָל די פאַני לאָזן

צו רו. מײַן מאַמע איז געווען אַן אָפּגעהיטענע פרוי און איך בין געבוירן געוואָרן פולע נײַן חדשים נאָך איר חתונה".

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און געבליבן שטיין: „דו פּאַר־שיווער זשיד, דו גיסט עפּעס אָנצוהערן?"

אויב זי וואָלט געווען אַזוי קלוג ווי ער האָט געמיינט, וואָלט זי זיך געמאַכט נישט ווי׳סנדיק. זי איז טאַקע געבוירן געוואָרן נאָר דרײַ חדשים נאָך אירע עלטערנס חתונה, און — — ניין, זי מוז זײַן אַ ייִנגערע טאָכטער. ער האָט געוווּסט אַז ער האָט זיך פאַרדינט איר כּעס, האָט ער עס געוואָלט מילדער מאַכן: „אָנצוהערן? יאָ. נישט אַזוי ווי איך, איז מײַן עלטסטע קינד געבוירן געוואָרן צוויי יאָר פאַר מײַן חתונה".

זי האָט אים געגלייבט, אַז דאָס האָט ער געמיינט און איז צוריק־געגאַנגען צו זײַן ביורא. ער האָט איר געוויזן אויף דער קאַנאַפּע און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַזוי האָט עס זיך געדאַרפט אָנהייבן אין זײַן פּלאַן. דער פּלאַן וואָס איז געווען צוגעטראַכט מיט אַזוי פיל פּרטים האָט אים מער נישט אינטערעסירט. ער האָט זיך נישט געוואָרפן אויף איר, נישט מחמת ער האָט מורא געהאַט אַז ער וועט ענדיקן אין קרימינאַל, נישט מחמת ער האָט זיך דערשראָקן אַז עס קאָן דערפירן צו אַ פּאָגראָם, ער האָט זיך נישט געוואָרפן אויף איר ווײַל דער הייסער שוים אין אים האָט זיך פּלוצלינג געגעבן אַ קיל אָפּ. אַלע בלעזעלעך האָבן געפּלאַצט און עס איז געבליבן נאָר אַ ליידיקייט. עס ווײַזט אויס, אַז ער איז טאַקע מער נישט דער קלמן קאַליקע פון אַמאָל.

בײַם באַגלייטן זי אַרויס, האָט ער געזאָגט: „איך האָב פאַרדינט די פּאַני זאָל זײַן אין כּעס. די פּאַני קאָן מיך זידלען וויפיל זי וויל, אָבער נישט מײַן משפחה, מיר האָבן דאָך אַ בשותּפותדיקן עלטער־זיידן דאַווידזאָן".

„כ'ווייס", האָט זי געענטפערט און אַרויף אויף איר פערד.

ער וואָלט באַדאַרפט אָנהייבן זיך רעדלען אַהיים, מע וועט נישט וויסן וווהין ער איז נעלם געוואָרן, אָבער ער איז צוריק אַרײַן אין זײַן קאַנטאָר. מילא, אַז ער האָט זיך געלאָזט מיטרײַסן מיט נאַרישע טאָג־חלומות, ער איז דאָך אַ ביסל משוגע. די מעשׂה ברײַנדל האָט זיך אויך אָנגעהויבן מיט אײַנרעדענישן און טאָג־חלומות. אָבער די יונגע פּריצטע

— ער הייבט זי נישט אָן צו פאַרשטיין. „כ׳ווייס", האָט זי געזאָגט. ער איז נאָר אויסן געווען זיך נוקם צו זײַן אין איר, און זי האָט גאָר געענטפערט „כ׳ווייס".

אפשר איז דאָס דער סוד פון איר געדולדיקייט צו אים? עס ציט זי צו איר שורש?

עט, זי איז צו פיל הולטײַקע. זי קאָן אוודאי נישט טאָן קיין שידוך מיט אַדל, ווײַל מע ווייסט וועגן איר ייִדישן זיידע. אפשר האָט דאָס אַרויסגערופן אַ להכעיסדיקן נײַגער צו אירע ייִדישע אָבות. אין די שמועסן מיט איר האָט ער אָפט אַרײַנגעבראַקט ייִדישע וויצן, זי האָט הנאה געהאַט, אָבער קיין מאָל אים גאָרנישט געפרעגט וועגן ייִדן.

ער איז אַהיימגעקומען אַ מידער. מתות האָט זיך געוווּנדערט וואָס ער איז נישט געקומען אין שיל צו מינחה־מעריב. אַרײַנגעקומען, האָט מתות שוין געמאַכט הבדלה און קיילע האָט צוגעגרייט עפּעס צו עסן, מלווה־מלכּה איז דאָך אַ סעודת־מיצווה. קלמן איז אַפילו נישט געקומען צום טיש. „מײַן עלטסט קינד איז געבוירן געוואָרן צוויי יאָר פאַר מײַן חתונה" האָט ער איר געזאָגט. צו אַל די שוואַרצע יאָר, ער איז טאַקע אַ קורווישער יונג! וואָס עפּעס האָט ער אַרײַנגעמישט זײַן מלאכל, זעליקל, אין זײַנע געמיינע געשעפטן? אויב עס ציט אים צוריק צום כּף־הקלע האָט ער דאָרט די זונה, די קראַנקן־שוועסטער, האָט ער דאָרט אַלע זײַנע מעשׂים־טובֿים ביז דער מעשׂה בריינדל; זעליקלען זאָל ער לאָזן צו רו!

קיילע איז געגאַנגען פרי שלאָפן. זי האָט אים גערופן, אָבער ער איז געבליבן זיצן אין זײַן שטול. זײַן לעבן האָט זיך אויפגעמישט פאַר אים ווי די בלעטער פון אַ בוך. ווען ער האָט זיך דערמאָנט וועגן בריינדלען, האָט ער געוואָלט פאַרהאַלטן די רעדער פון זײַן זכּרון, אָבער עס איז אויפגעקומען אין אים מיט אַ קלאָרקייט ווי עס וואָלט געשען ערשט נעכטן, עס האָט זיך אויפגעוויקלט פאַר אים ווי אַ געדיכט באַשריבענע מגילה פּרט נאָך פּרט.

## LXIII

ווען ברייַנדל איז געקומען קיין דאָמבראָווקע, האָט זי נישט געהאַט געצוונגען לויבוועטער פאַר קלמנען. זי מיט יאָסלען האָבן פאַרנומען די שטוב, ווו עס האָט פריִער געוווינט קיילע. אָבער זי האָט געפילט, אַז דאָס גאַנצע הויז איז איר הויז. ווען נאָר זי האָט געוואָלט עפּעס קויפן פאַר זיך אָדער פאַר דער ווירטשאַפט, האָט יאָסל געקוקט צו קלמנען, אָבער ער האָט נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן אויף אַן ענטפער. קלמן האָט געגעבן אויף אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט. קלמן האָט בכלל געהאָלפן, ברייַנדל זאָל זייַן צופרידן. זי האָט ליב געהאַט שמועסן. אָבער יאָסל האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, האָט קלמן אָנגעהאַלטן דאָס רעדן בייַם טיש און געבליבן זיצן מיט איר אַפילו ווען עס זענען געווען קונים אין געוועלב. ער האָט זי אויסגעלערנט שפּילן אַן „אָקע", אַ „דערדל" און טייל מאָל האָט דאָס קאָרטנשפּיל זיך פאַרצויגן ביז שפּעט. יאָסלס אויגן האָבן זיך געקלעפּט, ער איז געגאַנגען שלאָפן מיט די הינער און אויפגעשטאַנען מיט דעם ערשטן קריי פון האָן. ברייַנדל האָט אים געשיקט שלאָפן און זי איז געקומען שפּעטער, נאָך דעם ווי זי האָט געענדיקט שפּילן.

מע קאָן שפּילן אין קאָרטן און שמועסן אין דער זעלביקער צייַט. קלמן האָט מודה געווען, אַז יאָסלס בריוו צו איר איידער זי איז צו אים אַ כּלה געוואָרן האָט ער, קלמן, געשריבן. ברייַנדל האָט מודה געווען, אַז אירע בריוו צו יאָסלען האָט איר עמעץ געהאָלפן שרייַבן. זי האָט באַצאָלט אַ האַלבע זלאָטע פאַר אַ בריוו. דער קלמן איז געווען אַ גוטער קאָרטן־שפּילער, ער האָט אויך פּראָבירט לייגן קאָרטן און אַרויסלייענען פון די קאָרטן אַ סך זאַכן וועגן איר. זי איז נישט זיכער געווען, צי ער לייענט עס טאַקע פון די קאָרטן, אָבער אַז ער האָט געוווּסט וועגן איר מער ווי זי האָט דערציילט איז דאָך נישט שייך לייקענען. ניין, זי האָט נישט געאַרבעט בייַ דעם פּאַן בלומענקראַנץ אין זייַן שניטקראָם, נאָר אין זייַן הויז ווי אַ דינסט. וואָס האָט זי געזאָלט טאָן, אַז די אָרעמקייט האָט זי געשטיקט. פון אַ קליידל איז נישט געווען וואָס צו רעדן, אַפילו אויף ברויט איז נישט געווען. ס'אַ ביטערער קריזיס, כאָטש גיב דייַנע הענט בחינם איז נישטאָ קיין אַרבעט. אין די גוטע צייַטן פלעגט זי

אַרבעטן מיטן טאַטן אין דער זעלביקער וועבערײַ, דער טאַטע אויף אַ וועב־שטול און זי אויף אַ שפּאַלמאַשין; אָבער אַז די מאַשינען שטייען ליידיק, האָבן די אַרבעטערס נישט וואָס צו לייגן אין מויל אַרײַן. זי האָט מער נישט געקאָנט צוקוקן צו דער מוטשעניש אין שטוב, אַנישט וואָלט זי נישט געלאָפן אין דער גרויסער שטאָט ווערן אַ דינסט.

קלמן האָט זי געטרייסט: אַרבעט איז נישט קיין חרפּה, קיין שום אַרבעט.

„געגעסן האָט מען גוט בײַ דעם בלומענקראַנץ און כ'האָב געהאַט אַ פּאָר זלאָטעס צו שיקן אַהיים. צו אַלע צרות האָט די מאַמע אָנגעהויבן קרענקען, אַנישט וואָלט איך שוין געהאַט אַנטלאָפן אַהיים".

„אַנטלאָפן? אַז דו האָסט געהאַט צו עסן און אויך געשפּאָרט?"

„ס'איז מיר סײַ ווי געווען ביטער".

„ווער האָט זיך געטשעפּעט צו דיר, דער באַלעבאָס אָדער זײַן זונדל?"

„ביידע. און דאָ זע איך אין דער צײַטונג דעם אַנאָנס: אַ יונגער־מאַן, פּאַרמעגלעך, זוכט אַ מיידל ביז פינף און צוואַנציק. זי דאַרף זײַן אַ שיינע, נדן נישט נייטיק. אינטערעסירטע שרײַבן צו רעדאַקציע ראַדיאָ, נומער..."

„דו געדענקסט דעם גאַנצן אַנאָנס אויף אויסנווייניק".

„ווען כ'האָב געשריבן האָבעך געמיינט איך וואַרף אַרויס דאָס פּאָסטגעלט, און — זעסט דאָך. זאָג מיר, קלמן, דעם אַנאָנס אין דער צײַטונג האָסטו אויך אַרײַנגעשטעלט?"

„יאָ".

„עס זענען דאָ ווייניק מענטשן ווי דו, וואָס זאָלן אַזוי פיל טאָן פאַר אַ חבר".

„מיינסט כ'האָב עס געטאָן נאָר פאַר יאָסלען? ס'איז מיר אויך גוט מיט דיר", האָט קלמן איר פאַרזיכערט.

„דו ביסט אַ גאָלדענער מענטש, קלמן. ווען נישט..."

ברײַנדל האָט נישט פאַרענדיקט וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן. קלמן האָט איר אַרויסגעהאָלפן: „ווען נישט איך בין אַ קאַליקע?"

„נישט דאָס בין איך געגאַנגען זאָגן".

„ברײַנדעלע, מיט מיר דאַרפסטו זיך נישט קרעמפּירן. איך ווייס סײַ ווי וואָס דו גייסט זאָגן נאָך אײדער דו זאָגסט עס".

„דו ביסט אַזוי געלערנט, אַזוי קלוג, דו האָסט אַן אײַזערנעם קאָפּ".

„איך הייב אָן טראַכטן, אַז פּיס זענען וויכטיקער ווי אַ קאָפּ. יעדער בהמה קוקט אויף מיר מיט רחמנות, אויב נישט נאָך ערגער. דו האָסט אַ מאָל געזען אַ ווערוועקע, ברײַנדעלע? אַ ווערוועקע האָט אַ קעפּל ווי אַ מײַזל, אָבער די ווערוועקע קאָן אויפּפּוישן דאָס שווענצל און אַ מײַזל קאָן עס נישט. דער זעלביקער מענטש וועט לאַכן, ווען אַ קאַץ וועט כאַפּן אַ מײַזל, וועט וויינען אויב די קאַץ וועט כאַפּן דאָס חיהלע מיטן שיינעם עקל. דער קאָפּ ווי דער קאָפּ, דער עיקר איז אַן אויפגעפּוישטער עק..."

„דו רעדסט זיך נאָר אַזוי אײַן, קלמן, גאַנץ דאָמבראָווקע באַוווּנדערט דיך".

„דו אויך?"

„איך נאָך מער".

„גוט".



עס איז נאָך געווען פינצטער דרויסן ווען ברײַנדל איז אויפגעשטאַנען מאַכן אָנבײַסן פאַר יאָסלען. ס'איז נאָך געווען פאַר חנוכּה, אָבער עס איז שוין געהאַט אָנגעפאַלן אַ גרויסער שניי, איז יאָסל געפאָרן קיין וואַרשע אײַנקויפן אַנשטאָט קלמנען. קלמן איז אויך אַרויס פון בעט געבן יאָסלען געלט און אינסטרוקציעס. „און קויף אַ שיינע זאַך פאַר אונדזער ברײַנדעלען", האָט ער נאָכגעשריגן יאָסלען ווען יענער איז שוין געווען אַרויס פון שטוב.

אויפגעשטאַנען פרי, איז זי דעם אָוונט געגאַנגען שלאָפן פרי, זי האָט אַפילו נישט אָפּגעוואַשן די כּלים פון נאַכטעסן, אַזוי מיד איז זי געווען. זי איז שוין געווען אין בעט, און אַפילו געהאַט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל ווען עס איז צוריק ליכטיק געוואָרן אין איר שטוב. „קלמן? וואָס איז?"

ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם נאַפטלאָמפּ אויפן טיש און זיך צוגע־ריטשעט צו איר בעט.

„וואָס איז, קלמן?"

„אוי, האָב איך אַ קאַצנקאָפּ; אין דער פרי האָב איך געהייסן יאָסלען דיר קויפן אַ שיינע זאַך און אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז איך האָב

מײַן מאַמעס צירונג. זע, איז עס נישט שיין? ס'איז דײַן. פון איצט אָן איז עס דײַן".

„וואַרט ביז יאָסל וועט אַהיימקומען".

„וואָס דאַרף איך וואַרטן, כ'קאָן ווידער פאַרגעסן. ס'איז שיין, יאָ?"

„ס'איז דײַן מאַמעס, דאַרפסטו עס האַלטן פאַר דײַן אייגן ווײַב".

„מײַן ווײַב, יאָסלס ווײַב, — ס'איז אַלץ איינס. ביסט אונדזער, זעסט דאָס נישט?"

„ביסט אַזוי גוט, קלמן. אַ שיינעם דאַנק".

קלמן האָט זיך צוגעריטשט צום טיש. „די אוירינגלעך לייג איך אַוועק דאָ, דו זעסט? דאָ אויפן טיש, די פערל מוז איך דיר אַליין אָנטאָן".

איידער ברײַנדל האָט צײַט געהאַט צו ענטפערן, איז קלמן שוין געווען צוריק בײַם בעט. אַ שפּרונג און ער איז שוין געווען אין בעט נעבן איר. ער האָט געעפנט דאָס שלעסל פון דעם שנירל פערל, זי האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און ער האָט עס פאַרמאַכט אַרום איר האַלדז.

ברײַנדלען איז קאַלט געוואָרן פון זײַן שווערן אָטעם. „אַ שיינעם, שיינעם דאַנק, קלמן, און אַ גוטע נאַכט. כ'בין שלעפעריק. קלמן, וואָס טוט זיך מיט דיר?" האָט זי אַ געשריי געטאָן, ווען זײַנע הענט האָבן גענומען קלאַמערן איר גוף.

„כ'גיי אויס פאַר דיר, ברײַנדעלע, כ'האָב דיך ליב".

„וואָס רעדסטו, קלמן? כ'בין יאָסלס ווײַב".

„ווער מײַן ווײַב".

„כ'בין געשטאַנען מיט יאָסלען אונטער דער חופּה".

„ווען נישט יאָסל, וואָלטסטו געוואָרן מײַן ווײַב? איך האָב אַרײַנגעשטעלט דעם אַנאָנס אין דער צײַטונג. געדענקסט וואָס כ'האָב דיר געזאָגט וועגן אַ מויז און אַ וועווערקע? כ'האָב דיר געשיקט יאָסלס פאָטאָגראַפיע ווײַל איך בין אַ מויז, נישט קיין וועווערקע, ווײַל איך קאָן נישט שטיין אונטער אַ חופּה, מײַנע שמאַטעדיקע פיס קאָנען נישט שטיין. אָבער כ'בין אַ מענטש, אַ מאַן!"

„מ'עט רעדן וועגן דעם מאָרגן".

„מ'האָט שוין גערעדט און דו האָסט מיר געזאָגט זיסע ריידעלעך". ער האָט אויפגעריסן דאָס העמד אויף זײַן ברוסט: „קוק, ברײַנדל, זע,

העכער פון די פיס בין איך ווי אַנדערע. ריר אָן מײַנע מוסקלען״. ער האָט געכאַפּט איר הענטל און עס צוגעשטופּט צו זײַן האַריקער ברוסט.

„מײַן לײַב גײט אויס נאָך דײַנס אַ גלעט״.

ברײַנדל האָט אַרויסגעריסן איר האַנט. „כ׳בין שלעפעריק, קלמן, כ׳קאָן נישט אויפהאַלטן די אויגן. לאָז מיך אָפּ, לאָז מיך שלאָפן, מאָרגן עמיר רעדן״.

קלמן האָט אַ שלײַדער געטאָן זײַנע פיס אַרונטער דער דעק. „זעסט? יעצט בין איך אַזוי שיין ווי יאָסל״.

„לאָז מיך אָפּ, כ׳בעט דיך״.

„יאָסל האָט געזונטע פיס, אָבער דאָ״, קלמן האָט געוויזן אויפן קאָפּ, „איז ער שוואַך. אַז האָסט אונדז בײדע, האָסטו דאָס בעסטע פון אַלעם״.

„לאָז מיך אָפּ, ווײַל...״

„שרײַ נישט, ברײַנדעלע, אונדז אָמער בײדע ליב אונדזער שיין ווײַבעלע״.

„כ׳בעט דיך, קלמן, כ׳בעט דיך״.

קלמן האָט געטאָן אַ שלעפּ אַראָפּ דאָס העמד פון אירע אַקסלען, די לײַוונט האָט זיך אײַנגעריסן. קלמנס אויגן זענען געוואָרן ווילד ווען עס האָבן זיך אַנטפּלעקט נאַקעט אירע בריסטלעך.

„יאָסל וועט דיך דערהרגענען״.

„אונדז זעמער שותּפים, איך בין אַ גוטער שותּף און יאָסל איז אַ גוטער שותּף״.

„וואָס פּלאַפּלסטו?!״

„גלײַך אויף גלײַך — אַלץ!״

„יאָסל ווייסט?״ האָט ברײַנדל אים נישט געגלייבט, „יאָסל האָט געוווּסט וואָס דו גייסט טאָן?״

„אַ מענטש גיט נישט אַוועק אַ העלפט פון אַזאַ פאַרמעגן פאַר גאָרנישט״.

„כ׳על אים אָנשפּײַען אַ פול פּנים! כ׳על אים אויסדראַפּען די אויגן! כ׳על ענק בײדע אָפּגיסן מיט וויטריאָל!״

זײַנע הענט האָבן נישט אויפגעהערט קלאַמערן איר גוף, זי האָט אַרײַנגעביסן אירע ציין אין זײַן האַנט.

„קלמנס מויל האָט זיך פאַרקרומט פון כּעס: „דו וועסט אָפּגיסן

מיט וויטריאָל? איך ׳על! די אַלע שיינע ריידעלעך, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט בײַ די קאָרטן, האָסט נאָר געוואָלט אָפּפרײַערן די קאַליקע, האַ? קלמן קאַליקע לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן! זעסט די נאַפּטלאָמפּ אויפן טיש? אַז כ׳על ווערן גוט בייז, ׳עלעך זי צעשמעטערן אויף דײַן "צי־פערבלאַט". איין לעק פון אַ פלאַם און דײַן שיין פּנימל ׳עט זײַן אַ געבראָטענער לונג־און־לעבער!״ זײַן מויל האָט געסיטשעט מיט שוים: "אַלע ווילן נאָר אויסנוצן, נאָר נעמען. קלמן קאָן נעמען צוריק. אַ שותּף איז אַ שותּף!״

דער קלאַמער פון זײַנע אָרעמס איז געוואָרן אַ ביסל לויזער, זײַן קול איז ווידער געוווען ווייך: "דו ביסט דאָ אַ נײַע, ברײַנדל. קלמן קאַליקע איז נישט אַ זידלוואָרט, קלמן קאַליקע איז אַ פירמע. כ׳פאַרמאָג מער וויפל דו ווייסט, ד׳עסט זיך באָדן אין גאָלד. די עלעקטראָווניע וועט אין צוואָנציק יאָר אַרײַנברענגען אוצרות. ווי אַזוי עס איז אין דעם קרומען הויז אַרײַנגעפלאָסן אַזוי פיל געלט? אין דעם קרומען הויז איז אויפגעוואַקסן אַ גלײַכער קאָפּ. אַלץ איז געבוירן געוואָרן דאָ, אין דעם קאָפּ״.

ער האָט אויפגעהויבן זײַן האַנט צו טײַטלען צו זײַן קאָפּ, ער האָט זי איצט לויז געהאַלטן נאָר מיט איין האַנט. עס האָט זי געשראָקן דער הייסער אָטעם פון זײַן מויל און די אײַז־קאַלטע האַנט וואָס האָט זי צוגעהאַלטן. זי האָט געוואַרט אויף אַ גינסטיקער מינוט זיך אַרויסצורײַסן.

"כ׳ווייס, איך בין זיך אַליין שולדיק, איך האָב אַליין אָוועקגעגעבן דײַן בריוו און פאָטאָגראַפיע צו יאָסלען, איך אַליין האָב געשריבן אַ בריוו אין יאָסלס נאָמען און געשיקט זײַן פאָטאָגראַפיע. פון וואַנען האָב איך געזאָלט וויסן, אַז דו ביסט... ברײַנדעלע, דו ביסט דאָך נישט קיין נאַר, אַז מירביידע ׳עלן צוזאַמענלייגן אונדזערע קעפּ, ׳עט די גאַנצע וועלט זײַן אונדזער״.

"איך האָב אַ מאַן״.

"זאָג נאָר איין וואָרט און איך וועל שוין פּטור ווערן פון דעם גולם״.

איר פויסטל האָט אים דערלאַנגט אין דער נאָז אַרײַן, בלוט האָט געגומען רינען פון זײַן נאָז איבער זײַן מויל. זי האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן כּדי אים צו צעטומלען און זיך אַרויסרײַסן; זי האָט זיך אָבער דערשראָקן פאַר דעם בלוט און נישט אויסגענוצט די רגע. אויף זײַן

צעקאַליעטשעטער מאָרדע איז צוריקגעקומען דאָס קרומע שמייכעלע, ער האָט זיך געטאָן אַ רוק אַראָפּ און מיט ביידע הענט גענומען רײַסן אירע פאַרשלאָסענע פיס. זי האָט פאַרקריצט די ציין, נאָך שטאַרקער פאַרקלאַ־מערט די פיס און מיט בײַדע פויסטן געפּויקט אין זײַן קאָפּ.

„אַ וויסטער פינצטערער קלאָג צו מײַנע שמאַטעדיקע פיס", האָט קלמן זיך אַליין געשאָלטן אין געדאַנק. ווי אַזוי וועט ער זי בײַקומען, אַז ער האָט נאָר הענט און זי האָט הענט און פיס? ער האָט זיך ווידער גענומען בעטן בײַ איר: „ברײַנדעלע, איך האָב דיך געפונען און אַרויס־געשלעפּט פון דעם בלומענקראַנצעס לאַפּעס, איך האָב אויפגעבויט אַלץ, וואָס דו האָסט דאָ. פאַר וואָס קומט יאָסלען אַלץ און מיר נאָר קלעפּ? ס'קרענקט מיך געגנוג, וואָס יעדער אידיאָט שטייט הויך איבער מיר, איך דערגרייך אים נאָר צום אונטערשטן, און ער פּ... מיר גלײַך אין מויל אַרײַן. דו קענסט דאָך מיך בעסער ווי אַנדערע. כ'גיי אויס פאַר דיר, קומט מיר דערפאַר קלעפּ?"

„כ'בין יאָסלס ווײַב", האָט זי זיך געהאַלטן בײַ ס'אירעקע.

„נאָר הײַנט, נאָר דאָס אײַנע מאָל, און ס'וועט מיר געגנוג זײַן פאַרן גאַנצן לעבן. כ'האָב נאָך קיין מאָל אפילו נישט אָנגערירט אַזאַ ווי דו. פאַר וואָס בין איך אַזוי פאַרשאָלטן?"

„אַ משוגעת איז הײַנט אַרײַן אין דיר, קלמן. איך ווייס, אַז דאָס הײַנט איז נישט דו. יאָסל איז דײַן בעסטער חבר און דו ביסט יאָסלס בעסטער פרײַנד".

„דאָס זאָג איך דאָך: פאַר וואָס זאָל יאָסל מיר נישט פאַרגינען?"

„אויב איך וואָלט געווען דײַן ווײַב, וואָלטסטו יאָסלען נישט פאַר־גינען".

„ווער מײַן ווײַב, כ'האָב דיר שוין געזאָגט, 'עסט זײַן בײַ מיר אַ קייסערינע".

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אים און אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע נעבן בעט. ווי אַ קאַץ איז ער אַ שפּרונג געטאָן און געוואָרפן זיך אויף איר איידער זי האָט באַוויזן זיך אויפהייבן. זי האָט אַרײַנגעזונקען אירע נעגל אין זײַן פּנים, זי האָט אים געקראַטשעט, געביסן און געשלאָגן מיט די פויסטן, ער האָט זי נאָר צוגעהאַלטן. „קלמן קאַליקע

קאָן נעמען קלעפּ, קלמן קאַליקע איז געווווּנט צו קלעפּ״, האָט ער געזאָגט מיט אַ ביטערן שמייכל און זיך נישט געוועקט.

זי האָט געפּויקט אין אים מיט די פויסטן ביז די הענט זענען שוואַך געוואָרן. די הענט זענען געוואָרן שווער און באַוועגט זיך שלאַבע־ריק, ווי זיי וואָלטן געווען אָפּגעריסן פון איר און זיך געהויבן אָן כּוח, נאָר דורך איר ווילן. אַן איבלעניש האָט פאַרפּלייצט איר קעל און אויך דער ווילן איז געבליבן אָן כּוח. יעדער גליד, יעדער קעמערל פון איר הויט האָט געצוקט און מיט יעדן צוק איז אויסגערינען אַ שטיק חיות. נאָר די אויגן זענען געבליבן אויפגעריסן, זי האָט געקוקט אויף זיך, ווי די אויגן וואָלטן געווען אויסער איר גוף און פון ווײַטנס, פּאַסיוו זיך צוגעקוקט צו דעם קנויל אויף דער פאַדלאָגע נעבן איר בעט.

האָט ער זיך דערשראָקן פאַר איר פּאַסיווקייט? האָט איר אָנמאַכט אים ווייכער געמאַכט? ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט און אַ גלעט געטאָן אירע האָר. אַ פּונק לעבן און אַ פּונק האָפן האָט ווידער גענומען טליִען אין איר, זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ שפּרונג ווי פון אַ פאַרצו־קערישער חיה און ער איז געקומען אויף איר. איר קאָפּ איז צוריק־געפאַלן צו דער ערד און ער האָט געגרעוועט איבער איר, טאַקע ווי אַ פאַרצוקערישע חיה.

— — — — — — — — — — — — — — — —

זי האָט געמוזט זײַן פאַרחלשט, אָדער נאָר פאַרלוירן די קלאָרקייט פון געדאַנק. ער איז געקומען אויף איר נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל. דער נאָפט אין דער לאָמפּ האָט אויסגעברענט און ער האָט זי אַלץ נישט אָפּגעלאָזט. ס׳איז שוין געווען ליכטיק דרויסן ווען ער האָט זיך אויפ־געזעצט און אַ לעצטן קוק געטאָן אויף איר. „דו ביסט שיין, ברײַנדעלע. דו זײַ גוט צו מיר, און איך וועל זײַן גוט צו דיר, און מיר׳ן אַלע האָבן אַ גן־עדן. און יאָסל דאַרף נישט וויסן פון גאָרנישט״, האָט ער צוגע־געבן ווען ער איז שוין געווען בײַ דער טיר.

— — — — — — — — — — — — — — — —

## LXIV

צו שפעט זיך צו לייגן שלאָפן, צו פרי צו עפענען דאָס געוועלב. קלמן האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן טיש, אַוועקגעלייגט דעם שווערן קאָפּ אויפן טיש און פּראָבירט כאָטש כאַפּן אַ דרימל. ער איז געווען מיד אין גאַנצן גוף, אָבער אין קאָפּ זענען די געדאַנקען געלאָפן ווי משוגע. פּלענער, פּלענער, פּלענער... די פּלענער זענען געווען אָן פיס ווי ער אַליין. זיי זענען אָבער אויך געווען אָן אַ קאָפּ, און דאָס פּאַסט נישט פאַר קלמן קאַליקע. ער מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין; דער קאָפּ איז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט. אויב ער וועט פאַרלירן דעם קאָפּ... אַלע וועלן נאָכקוקן מיט קינאה ווען ער וועט אַרויס אין גאַס מיט זיין ברײַנדעלע? נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן! אַז ער וועט אַרויס אין גאַס און זיך ריטשן אויפן הינטן, און נעבן אים וועט גיין ברײַנדל, און אויב זי וועט טאַקע ווערן זיין ברײַנדל, וועט מען נאָכקוקן מיט חוזק. עס וועט זיך שוין געפינען אַ לעב־יונג וואָס וועט זען אין איר אַ פעסטונג לײַכט אײַנצונעמען.

ברײַנדל איז אַן ערלעכע, אַ געטרײַע...

געטרײַ צו יאָסעלע גולם! אויב די קלוגע ברײַנדל האָט זיך געקאָנט אַזוי צובינדן צו יאָסלען, באַווײַזט עס, אַז די נפשות מיט די לאַנגע האָר, אַפילו ווען זיי האָבן שׂכל, ציט זיי צום זכר וואָס איז ווי אַן אָקס שטאַרק און מוסקולירט. אויב איינע פון זיי וועט זיך אַ מאָל פאַרבינדן מיט אים, וועט עס זיין נאָר כּדי אים אָפּצונאַרן. ניין, קלמן קאַליקע דאַרף נישט מע זאָל אים נאָכקוקן מיט קינאה וועגן די זאַכן. פאַר אים איז גענוג צו דערגרייכן דאָס זײַניקע שטיל, באַהאַלטן, ווי מיט קיילען, ווי נעכטן מיט ברײַנדלען. זי וועט זיך צוגעוווינען און ער וועט מער נישט דאַרפן נוצן גוואַלט, ער וועט נאָר זיין דער שטילער שותּף...

אַז ער קאָן סײַ ווי נישט אײַנשלאָפן... נעכטן איז אָנגעקומען נײַע סחורה, ער וועט בעסער אַרײַן אין געוועלב און נעמען אויספּאַקן.

אויסגעפּאַקט די סחורה און אויסגעסדרט אויף די פּאָליצעס, איז שוין צײַט געווען צו עפענען דאָס געוועלב. אַראָפּגענומען דעם אײַזערנעם פּרענט פון דער טיר, האָט אַ קונה, וואָס האָט שוין געוואַרט, געעפנט די טיר פון דרויסן.

קונים זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, קלמן האָט זיי באַדינט שטיל, אָן זײַן געוויינלעכער באַרעדעוודיקייט, אָן זײַנע שטענדיקע חכמ־כלעך; ער האָט נישט געקאָנט אויפהערן טראַכטן וועגן ברײַנדלען. איז ער פאַרליבט אין איר? עט, נאַרישקייטן, קלמן קאַליקע איז צו קלוג צו זײַן פאַרליבט. ווי אַזוי האָט ער זיך אַרײַנגעדרייט אין דעם גאַנצן עסק?

אָנגעהויבן האָט עס זיך אין אַ שפּאַס, איינס פון זײַנע געוויינלעכע שפּיצלעך. ער איז זייער פאָטאָגעניש; אויב ער נעמט זיך אַ פאָטאָגראַפיע ביז צום גאַרטל, זעט ער אויס ווי אַ יונג מיט ביינער, אַ גאַנצער קראַ־סאַוויץ. איז אים אײַנגעפאַלן אַ משוגעת זיך צו שפּילן מיט אַנאָנסן אין „שידוכים־ווינקל" פון די צײַטונגען. פון דעם האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט שדכנים און פּראָספּעקטיווע כּלות. ער האָט אַרויס־געשיקט זײַנע פאָטאָגראַפיעס און באַקומען פאָטאָגראַפיעס פון מיידלעך. די נאַרישע בריוו און די פאָטאָגראַפיעס פון מיאוסע מוידן האָט ער פאַר־ברענט, די אינטערעסאַנטע בריוו און די פאָטאָגראַפיעס פון שיינע מייד־לעך האָט ער געזאַמלט און אָנגעהאַלטן די קאָרעספּאָנדענץ.

אוי, איז דאָס געווען אַ העצע, דעמאָלט ווען ס'האָט זיך אַרײַנגעצ־שטעלט אין געוועלב אַ שדכן, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע צו זען דעם פּאַן קלמן. „אָ, איר דאַרפט צום פּאַן קלמן?" האָט ער געזאָגט צום שדכן, „איך באַדויער זייער, אָבער מע האָט אים גערופן אין מיליטער".

„ער האָט גאָרנישט דערמאָנט וועגן גיין צום מיליטער אין זײַנע בריוו", האָט דער שדכן זיך געקלאָגט און געוויזן אַ גאַנץ פּעקל בריוו פון פּאַן קלמן.

צו טרייסטן דעם שדכן האָט ער געזאָגט: „ווען דער פּאַן קלמן האָט באַקומען דעם רופצעטל צו גיין דינען, האָט ער מיר טאַקע געזאָגט, אַז ער האַלט בײַ אַ חתן ווערן. ער וועט זיך זיכער מיט אײַך פאַרבינדן נאָכן ענדיקן זײַן מיליטער־דינסט".

מיליטער־דינסט?

וואָס דען? אַלע יונגע־לײַט מיט געזונטע פיס דינען אין מיליטער. ער מוז פרעגן זײַן פאָטאָגראַפער, צי ער קאָן נישט באַרגן ערגעץ אַ מונדיר, אין אַ מיליטערישן מונדיר וועט ער אויסזען וווּנדערלעך. אפשר וועט טאַקע אויסברעכן אַ מלחמה, וועט ער דערנאָך קאָנען זאָגן, אַז

ער איז אַ מלחמה־אינוואַליד; יאָ, נישט סתּם אַ קאַליקע, נאָר אַן אינ־וואַליד, אַ העלד וואָס האָט מקריב געווען זײַנע פּיס פֿאַר זײַן פֿאָטער־לאַנד.

ניין, ער האָט זיך נישט געלייגט קיין פֿייגעלעך אין בוזעם. ווען ברײַנדל האָט זיך אָפּגערופֿן אויף זײַנס אַן אַנאָנס און געשיקט איר פֿאָטאָגראַפֿיע, האָט אים תּיכף אָנגעכאַפּט אַ חשק זי צו ברענגען אַהער, אָבער ער האָט געהאַט גענוג שׂכל אונטערצושרײַבן אין זײַן בריוו צו איר יאָסלס נאָמען, און איר צו שיקן יאָסלס פֿאָטאָגראַפֿיע.

איז ער טאַקע אויסן געווען יאָסלס טובֿה?

עס איז אים אײַנגעפֿאַלן אַרויסצושטעלן יאָסלען ערשט נאָך דעם, ווי ער האָט שוין אַ וואָך צײַט זיך אַרומגעטראָגן מיט ברײַנדלס פֿאָטאָ־גראַפֿיע. אַ דריבנע מיידעלע, אָבער אַ באַחנטס, מיט אַ קלוג שמייכעלע, מיט צוויי חן־גריבעלעך, מיט שקצישע אייגעלעך. ער האָט זי געוואָלט ברענגען קיין דאָמברוווקע פֿאַר יעדן פּרײַז, און דער פּרײַז איז געווען זי צו ברענגען פֿאַר יאָסלען. ס׳איז געווען אַ טײַערער פּרײַז. ווען ברײַנדל איז ס׳ערשטע מאָל געשלאָפֿן אין זײַן הויז...

ער האָט זיי געגעבן אַן אייגענע שטוב. ער איז געלעגן אויף זײַן קאַלט געלעגער אין געהאַקטע צרות, און אין יענער שטוב... יאָ, ער האָט זיך באַנוגנט מיט פֿאַנטאַזיעס. אויב ער וואָלט זיך נישט געהאַט אויסגעלערנט אויסלעבן זיך אין פֿאַנטאַזיעס, וואָלט ער שוין לאַנג געווען געלעגן נײַן איילן טיף אין דר׳ערד. בײַ נאַכט, אין דער פֿינצטער, איז אים נישט שווער געווען אַרײַנצוטויכן אין אַ פֿאַנטאַזיע, אָבער בײַ טאָג, ווען ער האָט געזען ווי דאָס קלוגע ווײַבעלע שמייכלט אַזוי זיס צו דעם אומגעלומפּערטן יאָסל, איז ער שיִער נישט צעפּלאַצט געוואָרן. געוואַלד און געשריגן, זעט זי נישט אַז דער יאָסל איז אַ שטיק בהמה? עס מוז זײַן, אַז שׂכל דאַרף מען נאָר צו קאַפּוזאַכן... עס מוז זײַן, אַז דער יאָסל איז אומגעלומפּערט נאָר מיט זײַנע צו לאַנגע ידיים און צו גרויסע רגליים, אָבער אַלץ אין צווישן פֿונקציאָנירט גוט...

דאָס גאַנצע שפּיל מיט די פֿאָטאָגראַפֿיעס איז אים נימאס געוואָרן. דאָס האָט ער דער ערשטער אָנגעהויבן רופֿן יאָסלען „יאָסעלע גולם״. יאָסעלע גולם האָט אַן אמתע, לעבעדיקע ברײַנדל, און זי האָט אים, ווײַזט אויס, ליב. ער, דער קלוגער קלמן, האָט פּאַפּירענע כּלות און

פּאַפּירענע ליבעס. קלמן קאַליקע, דו ביסט דער נאַר, דער גולם — דער גרעסטער גולם!

ברײַנדל איז נישט געווען בלינד צו זײַנע, קלמנס, מעלות. זי האָט געלאַכט פון זײַנע חכמהלעך, הנאה געהאַט פון זײַנע שפּיצלעך און באַוווּנדערט וויפל ער ווייסט. „קלמן ווייסט אַלץ", האָט זי געזאָגט נישט אַן שטאָלץ, ס'איז דאָך אויך איר קלמן.

אָבער לעצטע נאַכט האָט זי זיך געראַנגלט מיט אים אַזוי פאַרביסן. עקל צו אַ קאַליקע? ס'קאָן נישט זײַן נאָר דאָס. זי האָט אַפילו אַ שלעכט וואָרט קעגן יאָסלען נישט געקאָנט פאַרטראָגן. „ער'ז מײַן מאַן, ער'ז מײַן מאַן", האָט זי געהאַלטן אין איין שרײַען. מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט זי אַפילו נישט געוווּסט, אַז אַזאַ יאָסל עקסיסטירט אויף דער וועלט, און הײַנט: „מײַן מאַן, מײַן מאַן", און אַזאַ געטרײַשאַפט. אַ בראָך צו דיר, קלמן קאַליקע, אַז דו מיט דײַן גאַנצער חכמה ביסט גאָרנישט מיט נישט קעגן אַן אָפּגעריסענעם נאַר ווי יאָסל.

אוי, קלמן, קלמן, ביסט אַ קאַליקע אויך אויפן קאָפּ. דו שלאָגדערסט זיך אַרום אויפן אויסגעריבענעם הינטן און פּעכביעסט, טאַקע ווי אַ פאַר־ליבטער. וואָס וואָלט געווען, אויב ברײַנדל וואָלט איצט אַרויסגעקומען און געזאָגט: „קלמן, כ'האָב זיך איבערגעלייגט און געקומען צום שׂכל. גיב יאָסלען וואָס נאָר ער וויל, ער זאָל מיר געבן אַ גט. איך וויל ווערן דײַן ווײַב, נאָר דײַן". וואָס וואָלט געווען, אויב ברײַנדל וואָלט אַזוי געזאָגט? ער האָט דאָך אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז היות ער קאָן נישט שטיין אויף אייגענע פיס, וועט ער שטיין אויף יענעמס... ער וועט גנבענען, לקחענען, אויסשווינדלען און נעמען ב'גראַנדע צו קאָנען לעבן און לאַכן אויף יענעמס חשבון. איז ער איצט גרייט חתונה צו האָבן מיט דער ברײַנדל, אָפּשרײַבן איר זײַן פאַרמעגן, און דערנאָך...

אוי, ס'איז צו לאַכן ס'גרעסטע געלעכטער. ער, וואָס האָט באַשלאָסן בײַ זיך קיין מאָל חתונה צו האָבן, האָט געוואָלט חתונה האָבן ווען ער איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד. ס'איז געווען דעמאָלט ווען זײַן טאַטע איז פאַרשווונדן. די מאַמע האָט געוויינט און געוויינט און ער האָט פּראָבירט זי טרייסטן: „וויין נישט, מאַמעליו, איך 'על זײַן דער טאַטע". די מאַמע האָט אַוודאי עפּעס געזאָגט וועגן דעם, אַז דער טאַטע איז נישט איר טאַטע, נאָר איר מאַן, אַז זי האָט צו אים חתונה געהאַט. האָט ער

געגנטפערט: „איך ׳על זײַן דײַן מאַן, איך ׳על מיט דיר חתונה האָבן״.

גֿעדענקט ער דאָס טאַקע? איז מעגלעך, ער זאָל אַזאַ זאַך געדענקען?

ער געדענקט קלאָר און גענוי ווי ער האָט געביסן דעם זיידנס האַנט, ווען דער זיידע האָט אים געשלעפּט נאָך זיך אַרויס פון דער היים, צו פאָרן קיין דאָמברוווקע. און אפשר האָט עס אים נאָר געחלומט? אפשר איז עס געווען נאָר איינע פון זײַנע ווילדע פאַנטאַזיעס? אין זײַנע קינדערישע פאַנטאַזיעס איז ער אָפט געווען זײַן אייגענער ברודער. אַ ברודער יאָ, און אַ טאַטע נישט?

אַ חבר אין חדר האָט אים אַ קאַפּע געטאָן און אַנטלאָפן, ער איז געבליבן זיצן אומבאַהאָלפן. „ס׳עט דיר נישט געשענקט ווערן, ס׳עט דיר נישט אָפּגיין גלאַטיק״, האָט ער נאָכגעשריגן.

„קאַפּע מיך צוריק. כאַפּ מיך און שלאָג צוריק״, האָט יענער זיך גערייצט.

„ס׳עט דיר נישט געשענקט ווערן. מײַן ברודער וועט דיך כאַפּן אין אַ טונקל געסל, וועט ער דיר שוין ווײַזן״, האָט ער צוריקגעשריגן אין דעספּעראַציע.

„האָסט דען אַ ברודער, קאַליקע? אַ קרענק האָסטו, נישט קיין ברודער״.

„מײַן ברודער וועט קומען פון וואַרשע, וועט ער דיר שוין ווײַזן״.

שפּעטער האָט ער פאַנטאַזירט, אַז ער איז זײַן אייגענער ברודער, אַ ברודער אַ ריז, ער קומט פון וואַרשע, שטעלט זיך אַוועק אין מיטן גאַס, שטופּט אַרויס זײַן ריזיקן ברוסטקאַסטן און רופט אויס: „ווער עס האָט שלעכטס געטאָן מײַן ברודער קלמן, זאָל אַליין קומען אַהער צו באַקומען זײַן פּסק, אַנישט וועט ער ערגער אָפּשנײַדן...״ איצט ווייסן שוין אַלע, אַז מיט קלמנען טאָר מען זיך נישט אָנהייבן, ווײַל ווער עס טשעפּעט קלמנען...

## LXV

קלמן האָט עפּעס געגעסן און געטראַכט וועגן ברײַנדלען, וואָס האָט נאָך הײַנט גאָרנישט געגומען אין מויל. ער האָט חשק געהאַט אַרויס־

גיין אין אַ צוקערניע און קויפן פאַר איר עפּעס אַ נאַש, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון אַרויסגיין אין גאַס, ער האָט געהאַט אַן אונטערגעהאַקט אויג און צעגראַטשטע פּנים.

ער האָט אָפּגעקאָכט אַן איי, אָנגעשמירט אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, אָנגעגאָסן אַ טאָס מילך און דאָס אַלץ אַרויפגעשטעלט אויף אַ טאַץ. ער וואָלט באַדאַרפט טראָגן די טאַץ אויפן קאָפּ, ווי די מיזרחדיקע פרויען, וואָלטן ביידע הענט געווען פריי אָפּצושטופּן זיך און באַוועגן זיך. דאָס וואָלט אויך אַרויסגערופן אַ שמייכל אויף איר פּנים. אָבער ער האָט באַשלאָסן איצט צו זײַן ערנסט און פּײַערלעך. ער האָט באַלאַנסירט די טאַץ אויף איין האַנט, מיט דער אַנדערער זיך אָפּגעשטופּט און גענומען זיך ריטשן צו איר שטוב. ער האָט אויך די טיר געעפנט מיט דער טאַץ אויף זײַן אויפגעהויבענער האַנט און אַפילו קיין איין טראָפּן מילך נישט פאַרגאָסן. „נישט שלעכט פאַר קלמן קאַליקע", האָט ער חשק געהאַט זיך צו באַרימען. אָבער ברײַנדל האָט אים אַפילו נישט געשענקט קיין בליק. ער האָט אַוועקגעשטעלט די טאַץ נעבן איר בעט און אַרויס.

ברײַנדל איז ברוגז; וועט זי שווײַגן אָדער אָנמאַכן אַ גראַטשקע? ער האָט אַלע מאָל געוווּסט ווי זיך אַן עצה צו געבן מיט יאַסלען, אָבער וואָס וועט זײַן אויב דאָס ברײַנדעלע וועט אים אָנרייצן ווי אַ בייזן הונט?

עט, קלמן קאַליקע האָט זיך שוין אַן עצה געגעבן אין ערגערע סיטואַציעס.



אַ פאַרשטייער פון מאַגיסטראַט איז געקומען צו קלמנען וועגן דעם עלעקטרע־פּראָיעקט און געבראַכט מיט זיך דעם סאָלטיס פון דאָרף ווילקי. ווילקי ליגט סך־הכל צוויי קילאָמעטער פון דאָמבראָווקע, דער סאָלטיס פון ווילקי איז געקומען בעטן, מע זאָל ברענגען עלעקטרע אויך אין זײַן דאָרף. די פּויערים זענען וויליק צו צאָלן דעם באַטרעף יעדן חודש און, פאַרשטייט זיך, דעם איינמאָליקן אָפּצאָל פאַרן אינסטאַלירן די עלעקטרע אין הויז.

קלמן האָט גלײַך אויפן אָרט געגעבן דעם ענטפער: ער וועט זײַן

וויליק צו פירן די עלעקטרישע דראָטן ביז ווילקי, אָבער ער וועט נישט גיין אײַנמאָנען בײַ די פויערים, דער מאַגיסטראַט וועט עס דאַרפן נעמען אויף זיך און אים צאָלן אויף דער זעלביקער באַזע, וואָס פאַר דער עלעקטרע אין דאָמברוווקע.

די גוים זענען נאָך נישט געווען אויף יענער זײַט טיר און ער האָט שוין ווידער געטראַכט וועגן דעם, וואָס איז געשען בײַ נאַכט. ער האָט געוואָלט פאַרטרײַבן די געדאַנקען, געכאַפּט אַ שטיק רעכן־פּאַפּיר, אָפּ־געשניצט אַ בלײַער און געוואָלט מאַכן אַ חשבון וויפל עס וועט קאָסטן דאָס פירן די עלעקטרישע דראָטן ביז ווילקי, אויסרעכענען צי די דינאַמאָ, וואָס ער האָט באַשטעלט, וועט זײַן גרויס גענוג צוצושטעלן עלעקטרישע קראַפט אויך פאַר ווילקי, אָבער דאָס געמיט איז נישט געווען צו חשבונות. דער אײנציקער חשבון וואָס איז יאָ געקראָכן אין קאָפּ, איז געווען אַ חשבון־הנפש. ניין, ער האָט נישט געהאַט קיין שום פאַרגעפּיל און נישט מורא געהאַט פאַר דעם, וואָס עס קאָן געשען ווען יאָסל וועט צוריקקומען. אָבער ער האָט עפּעס געפילט ווי ער וואָלט געזעסן אין אַ קינאָ און בילדער פון זײַן לעבן לויפן פאַרבײַ פאַר זײַנע אויגן, ווי אויף אַ לענטע.

דאָס געוועלב האָט זיך אָנגעפולט מיט קונים דווקא ווען ער האָט געוואָלט זיצן רויִק און טראַכטן. ער האָט געוויזן און געמאָסטן, גענומען געלט און געגעבן רעשט, אָבער נישט געהאַט קיין הנאה פון מיסחר. ער איז געווען צופרידן ווען עס האָט שוין אָנגערוקט די צײַט צו שליסן די קראָם; ער איז געווען מיד. ברײַנדל איז נאָך אַלץ נישט אַרויס פון איר שטוב. ער וואָלט אפשר געדאַרפט איר ווידער אַרײַנטראָגן עפּעס צו עסן. אָבער ער איז געווען שלעפעריק. אַז זי וועט זײַן הונגעריק, ווייסט זי ווו צו געפינען שפּײַז. ער איז אַרײַן אין זײַן שטוב און זיך געוואָרפן אויפן בעט אין אָנטועכץ.



עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. קלמן האָט צוגעלייגט קוילן צום פײַער אין אויוון און האָט זיך גענומען צו די חשבונות וועגן ברענגען עלעקטרע צום דאָרף ווילקי. ווען יאָסל איז געקומען, האָט ער טאַקע געטראָפן קלמנען בײַם טיש אין דער לאַנגער שטוב איבער אַ פּאַק פּאַפּירן.

„שלאָפסט נאָך נישט?" האָט יאָסל זיך געוווּנדערט, „ס'איז שוין באַלד טאָג".

„אַלע שלאָפן שוין, נאָר קלמן קאַליקע מוז נאָך האָרעווען".

„דו מוזסט נישט, ס'אי דאָ געננוג. ווער האָט דיך אַזוי צעגראַטשעט?"

„ס'אי גאָרנישט, אַ קאַץ. גיי שלאָפן".



קלמן האָט אויפגעשפּיצט זײַנע אויערן צו הערן וואָס עס טוט זיך אין אַנדערן עק הויז. די טיר פון יאָסלס שטוב האָט זיך אויפגעפּראַלט און יאָסל איז אַרויסגעלאָפן. צום הויף? ער דאַרף אַוודאי גיין צום אָפּטריט. יאָסל איז אַ גולם, אָבער ברײַנדל האָט שׂכל און זי וועט שווײַגן.

אפשר וועט זײַן בעסער זי זאָל יאָ זאָגן? אַז ז'עט זאָגן, וועט עס ווערן אַן אָפּענע שותּפות.

וועט ער טאָקע געבן דעם גולם אַ העלפט פון אַלעם? אמת, ער האָט געזאָגט יאָסלען, אַז ער וועט אים מאַכן פאַר אַ שותּף. ווי האָט יענער געזאָגט: „מײַן וואָרט איז בעסער ווי אַ וועקסל. אויב איך שרײַב אונטער אַ וועקסל, אַז איך וועל באַצאָלן, און זאָג אַ וואָרט, אַז איך וועל נישט באַצאָלן, איז דאָס וואָרט בעסער ווי דער וועקסל..." ער האָט שוין גענוג געטאָן פאַר דעם גולם; וואָס האָט דער גולם דען געטאָן פאַר אים?

צוזאָגן קאָסט נישט קיין געלט. אַכיבע...

די הינטערטיר האָט אַ קרעכץ געטאָן; יאָסל איז צוריקגעקומען פון הויף. קלמנס אויערן האָבן זיך אָנגעשפּיצט, ניין, יאָסל האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט בײַ זײַן שטוב, זײַנע טריט קומען נענטער, זיי קומען אַהער!

יאָסל איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל, זײַן ברייטער גוף האָט שיִער נישט צעשפּאַרט די טירראַמען.

קלמן האָט דערזען די האַק אין יאָסלס האַנט און אַן אַלאַרם האָט אויפגעטויכט אין אים. „ווּהין שלעפּסטו די האַק?" האָט ער געפרעגט מיט אַ געמאַכטער רויִקייט און זיך אָנגעשפּאַנט, גרייט אַ שפּרונג צו טאָן.

יאָסל האָט נישט געענטפערט. קלמן האָט געזוכט אַ וועג זיך אָפּצו־טראָגן פון דאַנען. עס איז צו ווײַט, דורך די אַלע שטובן, צו דער

הינטערטיר, און צו פיל שוועלן צווישן די שטובן. דער קירצסטער וועג אַרויס, איז דורכן געוועלב. אָבער די געוועלבטיר איז פאַרשלאָסן אויף דריי שלעסער און פאַרריגלט מיט אַן אײַזערנעם פרענט. ביז ער וועט באַווײַזן דאָס אַלץ צו עפענען... ער מוז שפּילן „וואַ־באַנק", זײַן צונג איז שאַרפער ווי יאָסלס האַק. „ווי איז דיר געגאַנגען אין וואַרשע?" האָט קלמן אַ פרעג געטאָן. „זעץ דיך דאָ בײַם טיש, כ'דאַרף טאַקע רעדן מיט דיר".

יאָסל איז אַריבער די שוועל און אויפגעהויבן די האַק; קלמן איז שנעל אַרויף אויפן טיש, אונטערגעשפּרונגען, און ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין איינע פון די בעלקעס, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם באַלטן. יאָסל האָט אַ לויף געטאָן, פאַרטשעפּעט זיך אין אַ בענקל און זיך אַ וואַקל געטאָן, די האַק איז אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן האַנט און געפאַלן אויף זײַן שוך.

„נעם אַראָפּ דעם שוך, שנעל, און לייג צו קאַלט וואַסער", איז קלמנס קול געוואָרן ווייך, ווי פול מיט זאָרג.

יאָסל האָט אויפגעהויבן די האַק און זיך אַ לאָז געטאָן צו קלמנען. קלמן איז מיט דער געניטקייט פון אַ מאַלפּע געשפּרונגען פון בעלקע צו בעלקע; יאָסל איז אים נאָכגעלאָפן. אַ פּאַכע געטאָן מיט דער האַק, אָבער קלמן איז געווען שנעל און געשיקט, די האַק איז אַרײַן אין אַ סלופּ מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

יאָסל האָט געריסן די האַק אַרויס פון דעם סלופּ. אַ לאָז טאָן זיך צו דער טיר? האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין קלמנען. ניין, עס איז צו ריזיקאַליש. ער מוז דעם גולם אײַננעמען מיט גוטן. ער וועט אים מיד מאַכן ווי נעכטן ברײַנדלען, און דערנאָך... קלמן קאַליקע איז בײַגעקומען שטאַרקערע פון יאָסעלע גולם.

יאָסל האָט אַזאַ שטאַרקן שלעפּ געטאָן, אַז ער האָט זיך איבערגע־קערט ווען די האַק איז אַרויס פון דער בעלקע. קלמן האָט פאַרשטיקט אַ לאַך און ווידער אָנגעשטעלט אַ רחמנות־פּנימל. נאָך איידער ער האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, איז יאָסל ווידער געווען אויף זײַנע פיס, די האַק אויפגעהויבן. קיינער האָט מער נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט, עס האָט זיך געהערט נאָר דאָס קרעכצן פון דעם הילצערנעם אונטערשפּאַר־געבײַ און דאָס שווערע אָטעמען פון דעם געיאָגטן און נאָכיאָגער.

עס איז יאָסלען געלונגען אַרײַנצוויאָגן קלמנען אין אַ ווינקל; ער האָט איצט אויפגעהויבן די האַק פּאַמעלעך און מיט זיכערקייט. קלמנס נאָכהענגענדיקע פּיס האָבן אַ וויש געטאָן איבער יאָסלס פּנים, און נאָך אײדער דער גולם האָט זיך אויסגעדרייט, איז קלמן שוין געווען אין אַנדערן עק שטוב.

יאָסל האָט אַראָפּגעלאָזט די האַק און געבליבן שטיין, ווי צוגעוואַקסן צום אָרט. זײערע בליקן האָבן זיך געקרייצט; יאָסל האָט געקוקט אַרויף צו קלמנען, און קלמן אַראָפּ צו אים.

„יאָסל", האָט קלמן ווידער געוואָלט פּראָבירן אײַננעמען אים מיט רייד, אָבער יענער האָט ווידער אויפגעהויבן די האַק. קלמן האָט געמיינט, אַז יאָסל גרייט זיך וואַרפן די האַק; זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעשפּיזט צו דער האַק אין יאָסלס האַנט.

יאָסל האָט אַראָפּגעלאָזט די האַק צו אַ סלופּ. ער האָט מער אָפּילו נישט געקוקט צו קלמנען, נאָר מיט שווערע קלעפּ גענומען אונטער־האַקן אײנעם פון די סלופּעס. דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן יעדעס מאָל ווען די האַק האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין דעם האָלץ.

ברײַנדל איז געקומען צולויפן אין בלויזן העמד. זי איז געבליבן שטיין אין דער טיר און מיט שרעק געקוקט צו יאָסלען. יאָסל האָט ווײַטער געהאַקט. „יאָסל", האָט זי גערופן, „קום, יאָסל, מ'עט אָוועק אין דער וועלט אַרײַן".

די האַק האָט ווײַטער געסווישטשעט אין דער לופט און געפאַלן אויף דעם סלופּ מיט פאַרטויבנדיקע זעץ. „קום, יאָסל", האָט זי זיך געבעטן און מורא געהאַט צוגיין נענטער, זי זאָל נישט אַרײַן אין שווונג פון דער האַק. זי איז נישט זיכער געווען צי ער זעט זי; זי איז אָפּילו נישט זיכער געווען צי ער הערט זי, די האַק האָט נישט אויפגעהערט האַקן. זי האָט געוואָלט שרײַען, אָבער איר האַלדז איז געווען טרוקן, איר צונג שטײַף, זי האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין קול. זי האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען אַוועקגיין.

„ברײַנדל!" האָט קלמן אויסגעשריגן און זי געוואָלט צוריקרופן. די האַק איז געפאַלן מיט נאָך שווערערע קלעפּ. ברײַנדל איז צוריקגעגאַנגען צו איר שטוב.

דער סלופּ האָט זיך אײַנגעבראָכן; דאָס גאַנצע הויז האָט אַ שווערן

קרעכץ געטאָן, שטיקער קאַלך האָבן זיך אָפּגעקרישלט פֿון באַלטן, און פֿון צווישן באַלטן און בעלקעס האָבן גענומען פֿאַלן זאַכן, וואָס זענען דאָרט געווען באַהאַלטן.

„זע, געלט!" האָט קלמן געטייטלט צו אַ פּעקל רוסישע רובלס, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַ בעלקע. זאָל דער בהמה נעמען די פּאַ־פּירענע רוסישע הונדערטערס וואָס האָבן שוין איצט נישט קיין שום ווערט. „ס'איז וואַליוטע, יאָסל. נעם עס, ס'איז דײַן".

יאָסל האָט גענומען אונטערהאַקן אַ צווייטן סלופּ.

דער גאַנצער געבײַ פֿון סלופּעס און בעלקעס האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. די הענגלאָמפּ איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון אַ הוקן אין דער מיטל־סטער בעלקע, אָנגעקלאַפּט זיך אין טיש, געפֿאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און צעשמעטערט געוואָרן. ס'איז פֿינצטער געוואָרן נאָר פּאָר אַ רגע, און ס'איז באַלד ווידער אויפֿגעגאַנגען אַ ליכט — אַ שטיק פּאָדלאָגע און אַ פֿוס פֿון טיש האָבן זיך אָנגעצונדן. יאָסל איז געבליבן שטיין, די האַק אַראָפּגעלאָזט. אין דעם ווינקל וווּ קלמן האָט זיך געפֿונען איז געווען טונקל, דאָס פֿײַער איז נאָך געווען קליין. די פֿלאַמען פֿון דער פּאָדלאָגע האָבן באַלויכטן יאָסלען פֿון אונטן אַרויף און אים געמאַכט אויסזען ווי אַ געשטאַלט פֿון אַ קאָשמאַר. האָט ברײַנדל טאַקע נעכטן אים געסטראַשעט, אַז מע וועט אים בראָטן און ברענען אין גיהנום, אָדער איז איצט אויפֿגעקומען אין אים אַזאַ געדאַנק. דער מגושמדיקער יאָסל מיט דער האַק, דאָס פֿײַער... קלמן האָט אויסגעבראָכן אין אַ הוסט, דער רויך האָט אים געשטיקט. ווי דער הוסט וואָלט אויפֿגעוועקט יאָסלען פֿון אַ פֿאַרגליווערטקייט, האָט ער ווידער אויפֿגעהויבן די האַק און ווײַטער אונטערגעהאַקט דעם סלופּ.

דער אַלטער חנא האָט טאַקע געהאַט באַהאַלטן אוצרות, וואָס קלמן האָט נישט געוווּסט פֿון זיי. עס האָבן גענומען פֿאַלן פּעקלעך פֿון אַלע בעלקעס איבער אַלע עקן שטוב. איין פּעקל האָט זיך געעפֿנט און מטבעות האָבן זיך גענומען קאָלערן איבער דער גאַנצער שטוב.

„יאָסל, זע, ס'איז גאָלד!" האָט קלמן געריפֿן. ער איז איצט שוין ווילדיק געווען יאָסל זאָל נעמען די ווערטפֿולע גאָלדענע רובלס, וואָס זענען איצט געפֿאַלן ווי אַ רעגן, אָבער יאָסל האָט נישט אויפֿגעהערט אַרײַנשנײַדן די האַק אין דעם געהילץ.

דער גאַנצער רויך האָט געצויגן אַרויף צו אים און ער האָט נישט געקאָנט אויפהערן הוסטן. „נעם וויפל דו ווילסט, נעם אַלץ״, האָט קלמן אַרויסגעקייכט צווישן הוסט און הוסט, „ס׳איז אַ גרויס פאַרמעגן, נעם עס, נעם דיר דײַן ברײַנדל און גיי״.

יאָסל האָט גענומען האַקן מיט באַנײַטן שווונג.

נאָר דאָס פײַער קאָן אים ראַטעווען, האָט קלמן געטראַכט. ס׳איז שוין נאָענט צו טאָג, מ׳עט באַלד נעמען גיין אין בית־המדרש אַרײַן צום ערשטן מנין און עמעץ וועט דערזען, אַז עס ברענט. אפשר... די פּאַדלאָגע ברענט שוין נאָענט צו יאָסלס פיס; ווען דאָס פײַער וועט דערגרייכן יאָסלס פיס און זײַנע הויזן וועלן זיך אָנצינדן...

קלמן האָט ווידער זיך אַריבערגעוואָרפן פון בעלקע צו בעלקע צו זײַן נענטער צו דער טיר. דער צווייטער סלופּ אונטערגעהאַקט, יאָסל האָט זיך גענומען צו אַ דריטן. דאָס אונטערשפּאַר־געבײַ האָט מער נישט געגרייכט צום באַלטן.

דער רויך האָט שוין דערגרייכט די לעצטע שטוב. ברײַנדל איז געקומען צו לויפן און ראַפּטעם געבליבן שטיין; דאָס פײַער איז געווען צווישן איר און יאָסלען. „יאָסל, ס׳ברענט!״ האָט זי געשריגן, ווי ער וואָלט עס נישט געזען. יאָסל האָט ווײַטער געהאַקט.

„לויף אַרויס, רוף מענטשן, ער איז משוגע געוואָרן!״ האָט קלמן געזוכט הילף בײַ ברײַנדלען, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף יענער זײַט שוועל.

ברײַנדל איז אַרײַן אין דער לאַנגער שטוב, אַריבערגעשפּרונגען דאָס שטיק ברענענדיקע פּאַדלאָגע און אָנגעכאַפּט יאָסלס אָרעם. די האַק האָט אַ פלי געטאָן פון זײַן האַנט, אַרײַנגעפאַלן אין אַ גלאָזשענקל און עס צעשמעטערט. „יאָסל, יאָסל״, האָט ברײַנדל געהעשעט און גע־שלעפּט זײַן אָרעם. יאָסל האָט באַפרײַט זײַן האַנט, אַרומגעקלאַמערט בײדע אָרעמס אַרום אַ בעלקע און גענומען שלעפּן מיט אַלע כּוחות. שטיקער בראָכוואַרג זענען געפאַלן פון באַלטן, געדיכט ווי אַ רעגן. קלמן איז אַריבערגעשפּרונגען צו אַן אַנדערער בעלקע, די בעלקע האָט זיך אײַנגעבראָכן, און קלמנס הענט האָבן זיך געגליטשט אַראָפּ. ער האָט באַוויזן זיך צו פאַרהאַלטן בײַם עק פון דער איבערגעבראָכענער בעלקע און דערפילט אַ היץ אין די פיס. ער איז געבליבן הענגען איבערן פײַער,

טאָקע ווי צום בראָטן. וואָס וועט אים פריִער דערגרייכן: די האַק, צי דאָס פײַער? אויב יאָסל וועט נישט ווידער כאַפּן די האַק, וועט ער דאָ אָפּגעבראָטן ווערן לעבעדיקערהייט. צו אַל די וויסטע כאַלערעס, צום גיין טויגן זיי נישט, זײַנע פיס, אָבער צום ברענען — יאָ. די פלאַמען זענקען שוין זײַנע פּיאַטעס, און דאָס פרומע ברײַנדעלע שטייט דאָרט און קוקט און טוט גאָרנישט. נאָר אַ נס קאָן אים ראַטעווען.

טאָקע ווי אַ נס איז אַראָפּ געפאַלן אַזוי פּיל בראָכוואַרג, אַז עס האָט אַ ביסל צוגעדישעט די פלאַמען. די שטיקער קאַלך האָבן אויך צעבײַלט זײַן קאָפּ, זײַנע הענט זענען געוואָרן אַזוי שמאַטעדיק ווי זײַנע פיס, אָן אַ טראָפּן כּוח. ער...

יאָסל האָט ווידער אַ כאַפּ געטאָן די האַק און איצט גענומען האַקן אין אַ סלופּ מיט דער טעמפּער זײַט. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ יעדעס מאָל וואָס ער האָט אויפגעהויבן די האַק; ווען ער האָט זי אַראָפּגע־לאָזט, האָט דאָס גאַנצע הויז געקרעכצט. דער שטויב און דער רויך האָבן זיך אײַנגעגעסן אין קלמנס אויגן, ער האָט זיי געמוזט שליסן אויף אַ רגע. אין דער רגע האָט ברײַנדל אַרויסגעלאָזט אַ מוראדיקן קוויטש. קלמן איז געפאַלן אַראָפּ. ער האָט אויפגעריסן די אויגן, אָבער מער גאָרנישט געזען. אַ קראַך און אַ קראַך און פון דעם גאַנצן הויז איז געבליבן נאָר אַ קופּע בראָכוואַרג און אַ וואָלקן שטויב.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## LXVI

עס האָט גערעגנט אַ גאַנצע נאַכט, אָבער אין דער פרי איז די זון אויפגעגאַנגען אַן אויסגעצוואָגענע און געשפּיגלט זיך אין די וואַסער־קאַלוזשעס וואָס זענען נאָך געבליבן אין דעם געלעכערטן שאָסיי, און צוגעטרוקנט די בלאָטע, וואָס די רעדער האָבן אָנגעשפּריצט אויף קלמנס אויטאָ. קלמן איז אַרײַנגעפאָרן אין הויף פון דער צוקער־פאַבריק. דער הויף איז געווען געפלאַסטערט. אָבער דער צעמענט האָט זיך שוין געקרישלט. חזירישע באַלעמעלאַכעס! קאַליקעס! איז קלמן געווען אין כּעס. איך האָב זיי געוואָרנט, אַז דאָ וועט זײַן אַ געפאַר פון שווערע משׂא־וואָגנס.

געוויינלעך פלעגט קלמן אַליין אַרויסשטעלן פון אויטאָ זײַן ברעטל אויף רעדלעך און אַליין זיך אַריבערזעצן און צורעדלען זיך אין פאַבריק אַרײַן; ער האָט אַפילו נישט געלאָזט, מע זאָל אים העלפן. „וואָס בין איך, אַן אינוואַליד ?" האָט ער געלאַכט און אַלץ געטאָן אַליין. איצט, ווען עס זענען אין הויף געשטאַנען קאַלוזשעס וואַסער, האָט ער געוואָלט דער סטרוזש זאָל אַרויסקומען אים העלפן. ער האָט געבלאָזן מיטן האָרן. אָבער מע האָט גראָד געלאָדן אַ טראַנספּאָרט צוקער און עס איז געווען אַזאַ טומל אין הויף, אַז ער אַליין האָט קוים געהערט דאָס שאַלן פון דעם האָרן אין זײַן אייגענעם אויטאָ.

קלמן איז געווען בייז ווען ער איז אַרײַנגעקומען, אָבער ער האָט זיך צעשמייכלט ווען ער האָט דערזען בערישן. בעריש האָט געגנוג אַרבעט אין דער מיל, אָבער פאַרזעט נישט די צוקער־פאַבריק. דער אמת איז, אַז ער, קלמן, האָט אַ שאַרפן קאָפּ צו פּלאַנירן, צו בויען; אָבער צו פירן גרויסע געשעפטן דאַרף מען זײַן אַ גוטער אַדמיניסטראַטאָר, און צו דעם האָט ער דווקא נישט קיין געדולד. דער בעריש איז אים צוגעשיקט געוואָרן ווי אַ שליח פון הימל. ער איז געטרײַ און גאָר נישט פויל. ער איז דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער מיל, און טוט אויף פאַר דער צוקער־פאַבריק נישט ווייניקער ווי דער גערימטער פּאַכמאַן, דער דײַטש הענקע, וועמען ער האָט געבראַכט פון אַנדערן עק לאַנד.

בעריש האָט געוויזן קלמנען אַ בריוו וואָס איז אָנגעקומען פון לאָנדאָן. נישט ער און נישט דער הער הענקע קענען דאָס לשון, אָבער קלמן איז געווען אַ מאַדים אויף שפּראַכן. „כ'וועל זיך דאַרפן לערנען ענגליש", האָט בעריש געזאָגט.

„בעריש, וואָס וואָלט איך געטאָן אָן דיר? וועסט מיר מוזן צושטעלן אַ צווילינג יעדעס יאָר, איך דאַרף אַ סך אַזעלכע ווי דו".



ווען קלמן איז צוריק אַרויס אין הויף, האָבן דאָרט גערוישט אַזוי פיל מאָטאָרן, אַז מע האָט געקאָנט טויב ווערן. ער האָט זיך געראַדלט אויף זײַן זיצברעטל און דערזען אַז אַ ריזיקער משׂא־אויטאָ האָט זיך גענומען באַוועגן אין זײַן ריכטונג. עס ווײַזט אויס, אַז פון זײַן הויכער קאַבינע זעט אים נישט דער שאָפער, מחמת ער איז צו נאָענט און צו

נידעריק צו דער ערד. אויטאָס פון אַלע זייַטן, ווי ריזיקע מלאָכי־חבלה. קלמן האָט גענומען שרייַען, אָבער אַליין קוים געהערט זייַן געשריי. דער גרויסער משׂא־אויטאָ איז געקומען גלייַך אויף אים. ער האָט זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן לינקס, דווקא אין דער רגע האָט דער שאָפער יאָ דער־הערט דאָס שרייַען. פון האַסטיקן דרוק אויף די ברעמזעס האָט דער אויטאָ זיך אַ גליטש געטאָן אויפן נאַסן צעמענט — אויף לינקס.

„אויף אַזאַ נאַרישן אופן?" דאָס איז געווען דער לעצטער געדאַנק וואָס איז אַדורכגעלאָפן קלמנס קאָפּ.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

גאַנץ דאַמברוווקע, אַפילו די נישט־ייִדן, זענען נאָכגעגאַנגען קלמנס אָרון. עס זענען געקומען צו דער לוויה סוחרים פון וו־וויַיט און אַפילו אַ באַנקיר פון וואַרשע. ציפּע האָט געשריגן, אַז עס איז איר שולד, זי האָט נישט געננוג באַשיצט איר משפחה קעגן אַ בייז־אויג. זי האָט געריסן די גרויע האָר פון אונטער אין קופּקע, כאָטש איר אײדעם דער רב איז צו־געקומען איר זאָגן, אַז אַ ייִד טאָר נישט אַזוי. אַלע האָבן געגאָסן מיט טרערן. נאָר קיילעס אויגן זענען געבליבן טרוקן, זי האָט נאָך אַלץ נישט באַגריפֿן וואָס עס איז געשען.

דער רב האָט פּראָבירט זאָגן אַ פּאָר ווערטער בייַם אָפענעם קבר, אָבער די טרערן האָבן אים געשטיקט. מתוח האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט אויפן קול: „השם נתן, השם לקח" און נאָך אַ מאָל עס געזאָגט אויף ייִדיש „דער אייבערשטער האָט געגעבן, דער אייבערשטער האָט צוריקגע־נומען. וועד זענען מיר צו פֿאַרשטיין זייַנע וועגן". ער האָט אויפגעהויבן דעם שפּאַדל און אַרייַנגעוואָרפֿן אין קבר דעם ערשטן הויפן ערד.

אין קבר האָט מען אויך אַרייַנגעלייגט בערישעס יובעצע וואָס איז געוואָרן אויסגעשמירט מיט קלמנס בלוט בעת יציאת־נשמה. דער רב האָט געזאָגט, אַז אַזוי איז דער דין.

## LXVII

מתוח איז צו ערשט געפֿאָרן קיין לינטשיץ, פון דאָרט האָט מען אים געשיקט קיין לאָדזש. אָנגעקלונגען אין דער טיר פון דעם געגעבענעם אַדרעס און געזאָגט צו וועמען ער דאַרף, האָט מען אים געהייסן גיין

דורך דער הינטערטיר. מתּות איז צוריק אַראָפּ אין הויף, געפונען דעם אַנדערן טרעפ־געלענדער און ווידער אַרויף די צוויי שטאָק טרעפּ. דאָ האָט די טיר געעפנט זי אַליין, ברײַנדל.

„געלויבט דער אייבערשטער, אַז זי שטייען שוין אויף די פיס”, איז מתּות געווען צופרידן צו זען, אַז זי איז שוין אַ געזונטע. „זי ווייסן ווער איך בין?”

„וואָס ווילט איר?”

„זי דערקענען מיך?”

„וואָס ווילט איר? כ'בין פאַרנומען”, האָט זי זיך אָפּגעבייזערט און אים נישט געגעבן קיין פּלאַץ אַריבערצוטרעטן די שוועל.

„כ'האָב צו אײַך אַ שליחות, כ'בין פון דאָמבראָווקע”.

„כ'ווייס. וואָס ווילט איר פון מיר?”

„ס'איז אַ שליחות פון קלמנען...”

„זאָל ער אויסגעריסן ווערן. זאָל אים טרעפן אַ וויסטער שלאַק. וואָס נאָך וויל ער פון מיר?”

„ס'האָט אים שוין, נישט דאָ געדאַכט, געטראָפן, ער איז שוין נישט צווישן די לעבעדיקע”.

„זאָל די ערד אים אַרויסוואַרפן”.

„גיטע, מע טאָר נישט אַזוי. כ'האָב פאַר אײַך געלט”.

„פון אים? טפו! ס'מיגלט מיך פון זײַן געלט. כ'וויל נישט זײַן געלט און כ'וויל נישט הערן זײַן פאַרשאָלטענעם נאָמען”.

„זי זינדיקן מיט די רייד. קלמן איז געשטאָרבן אַ צדיק, און...”

ווען זי האָט דערהערט דאָס וואָרט „צדיק”, האָט ברײַנדל אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. מתּות האָט אַרויסגעשלעפּט אַ פּעקל פון זײַן בוזעם־קעשענע און עס אויסגעשטרעקט צו ברײַנדלען: „ער האָט דאָס איבערגעלאָזט פאַר אײַך”.

ברײַנדל האָט זיך צוריקגעצויגן עטלעכע טריט און אים אַרײַנגעלאָזט אין קיך.

„ס'איז שוין באַלד צוויי יאָר. ער האָט דעמאָלט געהאַט אַ בלוט־פאַרגיפטונג, מ'האָט אים אַראָפּגענומען אַ שטיק פוס, ר'איז געווען חרוב. איידער מע האָט אים אַוועקגעפירט צו דער אָפּעראַציע, האָט ער מיך

צוגערופן און געזאָגט, אַז אויב ער וועט נישט אַרויסקומען אַ לעבע־דיקער, זאָל מען אים געבן פינף טויזנט זלאָטעס".

„פינף טויזנט ?!"

„יעצט איז עס געשען פּלוצלינג, ר'האָט נעבעך גאָרנישט באַוויזן צו זאָגן. כ'אָב דערציילט דעם רב און בערישן, מײַנע אײדעמס, און זיי האָבן געשיקט דאָס געלט צו אײַך".

ברײַנדל איז געשטאַנען ווי פאַרטשמיעלעט. מתות האָט ווידער אויס־געשטרעקט צו איר דאָס פּעקל געלט: „נאַ, ציילן זי עס איבער".

ברײַנדל האָט נאָך אַלץ נישט גענומען דאָס געלט. די טיר האָט זיך געעפנט און אַ קורץ, רונדיק ווײַבל האָט אַרײַנמאַרשירט: „קטאָ טאָ, בראָנקאָ, ווער איז דאָס ?"

„ס'איז צו מיר, מאַדאַם".

„זאָל ער קומען אין אָוונט ווען דו האָסט צײַט".

„בײַ דער פּאַני האָב איך קיין מאָל נישט קיין צײַט".

„ס'געפעלט דיר נישט בײַ מיר, קאָנסטו נעמען דײַנע זאַכן און גיין".

„דאָס גיי איך טאַקע טאָן".

„ווילסט אַנטלויפן, האַ ? געב צוריק די צוואַנציק זלאָטעס וואָס האָסט גענומען פאָרויס", האָט זי געזאָגט, „האָסט געוואָלט אַנטלויפן מיט מײַנע צוואַנצק זלאָטעס".

„פּאַניע מתות, גיט איר צוואַנציק זלאָטעס פון מײַן געלט".

„די פּאַני האָט רעשט פון אַ הונדערטער ?" האָט מתות געפרעגט.

די פּאַני איז געבליבן אַן לשון ווען זי האָט דערזען דאָס פּעקל הונ־דערטערס אין מתותעס האַנט. מתות האָט צוזאַמענגענומען געלט פון אַלע זײַנע קעשענעס. עס איז נישט געווען גענוג. „ביז ברײַנדל וועט פּאַרפּאַקן אירע זאַכן, וועל איך אַראָפּלויפן אויסטוישן הונדערט זלאָטעס". ער האָט אַרויסגענומען איין באַנקנאָט און די רעשט געגעבן ברײַנדלען: „האַלטן זי דאָס, ס'איז אײַנס".

ס'איז יענע מאַדאַם, האָט מתות געטראַכט ווען ער האָט געהאָפּסלט אַראָפּ און צוריק אַרויף די טרעפּ. אַן אָרעם קינד נעבעך און האָט נישט קיין מזל. קוים זיך געשטעלט אויף די פיס צו קאָנען גיין אַרבעטן, איז זי אַרײַנגעפאַלן צו אַ מרשעת.

ווען מתות איז צוריקגעקומען, איז די מאַדאַם שוין געווען ווייכער: „דאַרפסט נישט לויפן. קאָנסט בלײַבן ביז סוף וואָך".

ברײַנדל האָט נישט געענטפערט, נאָר ווײַטער געפּאַקט. ווי מתות איז געשטאַנען און געוואַרט, האָט ער געטראַכט וועגן קלמנען. אויב אַפילו ער וואָלט נישט פריִער געטאָן אַזוי פיל מיצוות, קויפט ער זיך איצט עולם־הבא.

„בלײַב נאָך אַ וואָך ביז כ'על געפינען עמעצן".

„אַז כ'האָב צוריקגעגעבן די גאַנצע צוואָנציק זלאָטעס, האָט שוין די פּאָני אַ האַלבע וואָך בחינם". אַ שקאָציש פּײַערל האָט אויפגעבליצט אין ברײַנדלס אויגן, „די פּאָני וויל, איך זאָל בלײַבן? כ'קאָן בלײַבן אויף גוט. דער פּאַניס מיעטעק זוכט אַ כלה מיט אַ נדן. איך האָב אַ נדן".

„זע'ץ נאָר דאָס ווערעמדיקע פּיסקל וואָס דאָס האָט! אַרײַנגעקומען שטיל ווי אַ טײַבעלע און..."

„איך וואָלט עס באַדאַרפט טאָן, דער מאַדאַם אויף צעפּיקעניש, אָבער אַז כ'האָב אַזאַ שיינעם נדן, פאַר וואָס זאָל איך נעמען אַזאַ ליידיקגייער, אַזאַ פּוסטעפּאַסניק ווי מיעטעק?"

„זי וויל מיך נישט דאָ ווען זי פּאַקט, זי זאָל זיך קאָנען העלפן מיט מײַנע זאַכן, ווי זי האָט זיך געהאָלפן פון די טעפּ", איז די באַלעבאָסטע געוואָרן ביטער. „אָבער כ'על זיך נישט רירן פון דאַנען".

„אויב איך וואָלט געוואַרט נאָר אויף וואָס ז'ין מיר געבן, וואָלט איך שוין געווען מיט איין פוס אויף יענער וועלט. קלמן איז געווען אַ געמיינער יונג, אָבער צו עסן האָט ער געגעבן".

מתות האָט נישט געקאָנט סובל זײַן אירע רייד קעגן קלמנען, האָט ער זיך שנעל געזעגנט און אַוועק.

## עפּילאָג

קלמנס לעצטע צוואה איז געשריבן געוואָרן נאָר אַ חודש פאַרן אומגליק. געווען דאָרט אַ שורה „אויב עס זאָל פּלוצלינג עפּעס געשען צו מיר". איז עס געווען אַ פּאַראַגראַף, אָדער נאָר אַ קלוגע אויסגע־רעכנטקייט צוצוגרייטן אַלץ פאַר יעדער עווענטואַליטעט? אין די לעצטע חדשים האָט ער מער ווי אַלע מאָל אַרייַנגעצויגן בערישן אין אַלע זייַנע געשעפטן, געטיילט מיט אים יעדע נייַע אידיי, יעדן איינפאַל. ער האָט געגעבן בערישן אַ ליסטע פון אַלע זייַנע דעפּאָנירונגען אין די פאַרשידענע בענק, סייַ אין געלט, סייַ אין דאָקומענטן און ווערטפּאַפּירן, ער האָט אים אויך געוויזן ווו ער האַלט די שליסלען צו די אײַזערנע דעפּאָניר־קעסטלעך. ווען קלמן האָט באַשלאָסן בעריש זאָל פאָרן מיט אים קיין וואַרשע צו אָרגאַנזשירן, אַז ער זאָל צו יעדער צייַט קאָנען צוקומען צו די זאַכן, האָט בעריש זיך בייַ אים געבעטן: „לייג זיך איבער, רעד עס פריִער איבער מיט די אַנדערע קרובים". אָבער קלמן איז געווען אַנטשלאָ־סן: „איך וויל נישט איבערחזרן די פעלערן וואָס עס האָט געמאַכט מייַן זיידע חנא".

ווען בעריש איז אַרויסגעלאָפן צום אָרט פון אומגליק, האָט קלמן נאָך געזשיפּעט. בלוט האָט געשטראָמט פון די ווונדן און ביז אַ דאָקטער איז געקומען, איז שוין געווען נאָך אַלעמען, ער איז אויסגעגאַנגען אויף בערישעס הענט.

בעריש האָט דערנאָך געוואַשן און געוואַשן די הענט און עס האָט זיך אים נאָך אַלץ געדאַכט אז זיי זענען קלעפּיק מיט קלמנס בלוט. דאָס בילד פון קלמנען אין אַ קאַלוזשע בלוט איז כסדר צוריקגעקומען צו אים און אַלע געדערעם זענען אים אַרויף צו דער קעל. ער האָט נישט געקאָנט אָנרירן אַ שטיקל ברויט, נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען אַ ביסן.

בעריש האָט געזיפצט דורך זיין זכרון יעדעס וואָרט וואָס קלמן האָט

לעצטנס געזאָגט און געזוכט דערין באַשייד פון דעם וואָס איז געשען. קלמן איז געווען, ער זאָל עס מוחל זיין, אַ שטיקל באַרימער, ווי קומט עס וואָס ער האָט לעצטנס געהאַלטן אין איין זאָגן אַז ער איז געווען אַ מופקר? ווען ברײַנדל האָט זיך געוואָנדן צו דער פּאָליציי אַז קלמן האָט, חלילה, דערהרגעט איר מאַן, האָט קלמן געזאָגט אַז עס איז אַ בלבול און דאָס געריכט האָט פעסטגעשטעלט אַז עס איז אַ בלבול. די ברײַנדל האָט עפּעס געזאָגט אַז קלמן האָט זי פאַרגוואַלטיקט, אָבער אַלע האָבן איינגעזען אַז אָדער זי מאַכט ווידער אַ בלבול, אָדער עס איז עפּעס באַשעדיקט געוואָרן אין איר קאָפּ. אָבער פאַרוואָס האָט קלמן לעצטנס אַליין אויף זיך געמאַכט בלבולים? איז מעגלעך אַז דעמאָלט ווען דאָס הויז איז אײַנגעפאַלן איבער זיי איז עפּעס באַשעדיקט געוואָרן נישט נאָר אין ברײַנדלס קאָפּ? האָט עס עפּעס צו טאָן מיט דעם ווי קלמנס טאַטע איז געשטאָרבן? קלמן האָט אים אַמאָל דערציילט ווי אַזוי זיין באָבע ליבע האָט זיך גענומען אײַנרעדן אַז איר שלעכטער מזל האָט געבראַכט אומגליקן אויף אירע נאָענטע, האָט קלמן זיך אַזוי איינגערעדט נאָך זעליקלס טויט?

ניין, קלמנס קאָפּ איז געווען קלאָר און לויטער און אויסגעהאַלטן. אמת, נאָך זעליקלס טויט איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה שחורה, עס קאָן טרעפן יעדן ער זאָל אריינפאַלן אין ביטערע שטימונגען און קוקן אויף זיך אַליין דורך שוואַרצע ברילן. ער איז געווען דער איינציקער פאַר וועמען קלמן האָט זיך פאַרטרויט, דער איינציקער צו וועמען ער האָט זיך צוגעהערט, פאַרוואָס האָט ער נישט געטאָן מער אַרויסצוזאָגן די ביטערע מחשבות פון קלמנס קאָפּ. אויב דאָס אומגליק איז געקומען ווייל קלמן האָט זיך נישט גענוג געהיטן, איז עס זיין, בערישעס שולד.

בעריש איז געגאַנגען אין די פאַבריקן אַריין אַפילו אין די שיבעה־טעג, אָבער ער האָט נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך אַרום אים. די צוקער־פאַבריק האָט כאָטש געהאַט אַ פאַרוואַלטער, די מיל און די אַנדערע געשעפטן זענען געבליבן ווי שיפן אָן די רודערס. שעה נאָך שעה און טאָג נאָך טאָג איז בעריש געזעסן איבער קלמנס פּאַפּירן. זײַנע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער די שורות, אָבער זײַן קאָפּ איז נישט געווען דערביי; ער האָט פאַרגעסן וואָס ער האָט געלייענט נאָך איידער ער האָט עס באַנומען. ער האָט געוואָלט אריינציען די שוואָגערס אין דעם ,ער האָט געבעטן רייזלען זי זאָל אים העלפן, אָבער יענע האָבן נישט באַנומען די פאַרפּלאָנטערטע

געשעפטן און נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס דאָ טוט זיך. אַלץ וועט, חלילה, גיין לאיבוד, האָט ער זיך געשראָקן און אין דעספּעראַציע טע־לעפּאָנירט קיין לוויוויטש צו זיין חבר יידל טשאַרני. יענער האָט צוגעזאָגט צו קומען אויף אַ טאָג־צוויי זען וואָס ער קאָן טאָן, צו העלפן בערישן אַרויסקריכן פון דעם כאַאָס.

בעריש האָט זיך ווידער גענומען צו די פּאַפּירן, ער האָט זיך געוואָלט צוגרייטן פאַר יידלס וויזיט. „ס'איז דאָך אַזוי פּשוט", האָט ער איצט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער האָט פריִער געהאַט שוועריקייטן מיט די זעלביקע פּאַפּירן. ווען יידל איז געקומען, האָט בעריש שוין נישט גע־דאַרפט זיין הילף, ער האָט אים נאָר געפרעגט וועגן דער כעמישער פאַבריק אין לוויוויטש וואָס קלמן האָט געהאַלטן אין קויפן. אָבער יידל האָט ווייניק געוווּסט וואָס דאָרט טוט זיך.

מיט דער כעמישער פאַבריק איז געווען אַ פּראָבלעם. קלמן האָט באַצאָלט פינף און צוואַנציק טויזנט זלאָטעס פאַר אַן אָפּציע אָפּצוקויפן די פאַבריק. מע האָט געדאַרפט צוצאָלן נאָך פינף און צוואַנציק טויזנט ביז אַ געוויסן טערמין, כּדי דער קאָנטראַקט זאָל ווערן בינדיק פאַר ביידע צדדים.

„דו ווילסט דען נעמען אויף זיך נאָך אַן עול?" האָט יידל געפרעגט בערישן.

„די אָפּציע גייט אויס אין זעקס וואָכן אַרום; אויב מיר וועלן נישט צוצאָלן די אַנדערע פינף און צוואַנציק טויזנט, וועלן מיר פאַרלירן אויך די ערשטע".

„איך ווייס נישט וואָס דיר צו זאָגן".

„דו וווינסט אין לוויוויטש, אויפן אָרט איז לייכטער. אויב דו, אָדער דיין שווער, זאָלן מסכּים זיין צו ווערן שותפים... מיר וועלן אפשר גרייט זיין אויסצולייגן דאָס געלט אויך פאַר אייער חלק".

יידל האָט ליב געהאַט צו לייענען, שרייבן און פילאָסאָפירן; וואָס שייך זאַמלען פאַרמעגנס, האָט ער זיך פאַרלאָזט אויף זיין רייכן שווער. ניין, ער איז נישט פאַראינטערעסירט זיך אַריינצודרייען אין אַ כעמישער פאַבריק.

בעריש איז געפאָרן קיין וואַרשע, זיך באַראָטן מיט קלמנס אַדוואָקאַט, געפרעגט אַן עצה אויך בײַם פאַן מיכאַל שערעשעווסקי פון דער שערע־

שעווסקי־באַנק. זיי האָבן אַלע גערעדט פוןביידע זייַטן מויל, און געפונען מעלות און חסרונות, סיי פאַר יאָ אַדורכגיין מיט דער טראַנסאַקציע, סיי פאַר נישט אַדורכגיין. ער איז צוריקגעקומען אַהיים און צונויפגעבררענגט אַלע אַפּוטרופּסים און יורשים. זיי האָבן גאַר מורא געהאַט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע ריזיקע סומעס, מיט וועלכע די טראַנסאַקציע איז געווען פאַרבונדן.

אַלע זענען אַוועק, בעריש איז געבליבן אַליין און מיט דער וויסיקייט, אַז דעם באַשלוס מוז מאַכן ער אַליין. „וואָס וואָלט קלמן געטאָן?" האָט ער זיך געפרעגט.

קלמן וואָלט אַדורכגעגאַנגען מיט דעם קויף, אין דעם האָט ער נישט געהאַט קיין שום ספק.

קלמן וואָלט אַדורכגעגאַנגען מיט דער טראַנסאַקציע מחמת ער איז געווען זיכער, אַז עס איז אַ גוט געשעפט; וואָס וואָלט קלמן געטאָן אויב ער וואָלט געהאַט ספקות?

אין אַזאַ פאַל וואָלט קלמן געזוכט צו ראַטעווען וויפל עס לאָזט זיך.

אָבער ווי אַזוי? מאַכן אַ פשרה? פאַר וואָס זאָלן יענע צוריקגעבן אפילו איין זלאָטע, אַז זיי דאַרפן נאָר וואַרטן עטלעכע וואָכן און די גאַנצע פינף און צוואַנציק טויזנט וועלן געהערן צו זיי?

די כעמישע פאַבריק מוז זייַן אַ גוט געשעפט, אלא וואָס דען? ער האָט מורא, אַז ער וועט נישט וויסן ווי עס צו פירן. אפשר קאָן מען געפינען עמעצן וואָס האָט יאָ אַ ידיעה אין די זאַכן און אים פאַרקויפן די אַפּציע? איצט דערמאָנט ער זיך: קלמן האָט זיך פאַר אים באַרימט, אַז ער קאָן פאַרקויפן די אָפּציע מיט רווח. ווער זענען געווען די קונים?

וואָס קלמן וואָלט געטאָן? אויב ער וואָלט נישט געהאַט קיין קונים אויף דער אָפּציע, וואָלט ער געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער האָט!

יאָ, אַזוי וואָלט קלמן געטאָן. און אויב ער וואָלט געהאַט אַ חבר אַ גביר, מע זאָל קאָנען מיינען, אַז ער איז אַ קונה, וואָלט ער אים געבעטן ער זאָל צוגיין געבן אַ קוק, ער זאָל אַרייַנשיקן אַ פאַכמאַן און יענער זאָל שטעלן אַזעלכע פראַגעס, אַז די פאַרקויפערס זאָלן מיינען, עס איז ערנסט...

די שליחות האָט ייִדל גוט אויסגעפירט. עס איז געקומען צו אַ פשרה: קלמנס יורשים האָבן צוריקגעגעבן די אָפּציע פאַר דער צייַט און צוריקגעקריגן אַ העלפט פון דעם אייַנגעצאָלטן געלט.

✶

די געלונגענע סטראַטעגיע בײַם פּטור ווערן פון דער כעמישער פֿאַבריק האָט בערישן צוגעגעבן מער זיכערקייט אין זיך, און ער האָט ערשט איצט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט אַ ברען.

אַלץ איז געווען גרייט פֿאַר דער פֿאַבריק פֿון זיסוואַרג, אַפֿילו פֿאַכמענער. יענע האָבן שוין געהאַט געקינדיקט זייערע פּריוַוערדיקע פּאָסטנס, ווי קאָן מען זיי לאָזן אויפֿן וואַסער? דער בנין איז געוואַקסן, אויף די מאַשינען זענען שוין געווען אונטערגעשריבן באַשטעלונגען. — עס וועט זײַן, מיטן אייבערשטנס הילף, אַ פֿאַבריק און זי וועט טאַקע קאָנקורירן מיט דער פֿירמע „וועדעל", ווי קלמן האָט געחלומט.

מיט דער פֿאַבריק פֿון פֿלייש־קאָנסערוון זענען נאָך געווען אַ סך פּראָבלעמען. אָבער קלמן, עליו־השלום, איז געווען גערעכט. אַז מע קאָן דעם אָפּפֿאַל פֿון דער צוקער־פֿאַבריק פֿאַרוואַנדלען אין אַ ווערטיקן יש, וואָלט טאַקע געווען אַן עבֿירה דאָס נישט צו טאָן.

פֿאַר דעם אומגליק האָט קלמן שוין געהאַט פֿאַרהאַנדלט מיטן פֿריץ, ער זאָל האָדעווען אין זײַנע גיטער מער בהמות אויף אַ דרײַ־פֿאַכיקן קאָנטראַקט: מע קויפֿט שוין בײַ אים אַלע זײַנע צוקער־בוריקעס, מע וועט אים צוריקגעבן די צעריבענע בוריקעס אויף פֿאַשע, און אָפּנעמען בײַ אים די בהמות אויף פֿלייש. דער פֿריץ האָט געהאַט גוטע רעזולטאַטן פֿון זײַנע פֿריִערדיקע געשעפֿטן מיט קלמנען. דער פֿריץ האָט קאָנטאַקטן, אפֿשר וועט ער קאָנען העלפֿן באַקומען אַ קאָנטראַקט פֿון דער אַרמיי אויף צוצושטעלן פֿלייש־קאָנסערוון.

בעריש האָט זיך געטראָפֿן מיטן פֿריץ. יענער האָט אַ ביסל געדרייט מיט דער צונג און צום סוף געזאָגט, אַז ער וועט אַרײַנטראַכטן אין דעם ענין. פֿון דעם האָט בעריש פֿאַרשטאַנען, אַז כאָטש דער פֿריץ ווייסט, אַז ער וועט נישט דערלייגן צו דער קאָנסערוון־פֿאַבריק, וועט מען אים דאַרפֿן באַצאָלן פֿאַרן העלפֿן קריגן דעם קאָנטראַקט.

בעריש איז אַהיימגעקומען פֿון הויף אַ צופֿרידענער. קלמן האָט געוואָלט אַן אימפּעריע, וועט, מיטן אייבערשטנס הילף, זײַן אַן אימפּעריע.

קלמן האָט אויך געוואָלט אַ „דינאַסטיע" און בעריש האָט געהאַט סיבות צו גלייבן, אַז אויך די דינאַסטיע וועט וואַקסן. רייזל האָט מיט מזל געבוירן אַ יינגל, אַזוי ווי קלמן האָט זיך געווונטשן. היות ווי עס איז שוין געווען אַ נאָמען נאָך זײַן טאַטן, בײַ זײַן עלטערן ברודער, האָט

בעריש זײַן בכור אַ נאָמען געגעבן „קלמן". בײַם ברית האָט פֿריידל אָנ־געזאָגט די בשׂורה, אַז זי שוואַנגערט, גאָט צו דאַנקען, מיטן צווייטן קינד. דער ברית איז געפּראַוועט געוואָרן אין אַ דינסטיק, וואָס איז אַ מזלדיקער טאָג. אַן אימפּעריע און אַ דינאַסטיע אויף דור־דורות, אַזוי האָט בעריש געהאָפֿט. אָבער...

דאָס איז געווען דינסטיק, דעם 31סטן יאַנואַר 1933. ווען די לעצטע געסט זענען אַוועק, איז שוין צוגעפֿאַלן דער אָוונט. די קימפּעטאָרין איז אײַנגעשלאָפֿן און בעריש האָט זיך גענומען צו דער צײַטונג, וואָס ער האָט פֿריִער נישט געהאַט קיין צײַט צו לייענען. אַ גרויסער קאָפּ אויף דער גאַנצער ברייט פֿון בלאַט האָט איבערגעגעבן, אַז דער אַלטער רײַך־פּרעזידענט פֿון דײַטשלאַנד, הינדענבורג, האָט גערופֿן צו זיך אַדאָלף היטלער און אים געבעטן שאַפֿן אַ נײַע רעגירונג. רײַכקאַנצלער היטלער האָט איבערגענומען די מאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

סוף

## ביכער פון זעלבן מחבר:

**אונטער קופערנע הימלען,** דערציילונגען, בוענאָס־איירעס, 1951

**אויפן שפּיץ פון אַ מאַסט,** ראָמאַן, ניו־יאָרק, 1974

**צעוואָרפענע זאַנגען,** דערציילונגען, מאָנטרעאָל, 1976

**בלב ים,** רומן, תל־אביב, 1979

**מעשיות,** תל־אביב, 1980

**זאַמד, תהום, ברעג,** טרילאָגיע, געדרוקט אין המשכים אין „פאָרווערטס״, „לעצטע נייעס״ א. אַ.

## פּרעמירט געוואָרן:

פעפער־פּרעמיע ביים קולטור־קאָנגרעס אין בראַזיל, 1951

י. י. סיגאַל־פּרעמיע, מאָנטרעאָל, 1975

ווייסליץ־צימערמאַן־פּרעמיע, אויסטראַליע, 1976

מאַנגער־פּרייז, תל־אביב, 1977

גאָנאָפּאָלסקי־פּרעמיע, פּאַריז, 1978